## דריי לירישע דערמאָנונגען צום בר־מצווה פון מדינת ישראל

### א

די מידע געפינען זיך

כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געפיל פון יונגער, קינדישער פרייד. די פינצטערניש אין דרויסן איז שוין געווען אַ פאַרטאָגיקע, אַ דורכזיכטיקע. איז דאָס געווען בלויז די קינדישע פרייד פון אויפכאַפּן זיך פאַר־טאָג און דערשפּירן, אַז די נשמה איז דיר צוריקגעגעבן געוואָרן, אַז זי איז אַ גאַנצע נאַכט געווען אין גוטע הענט, אַז ביסט בלויז פאַרשלאָפן די שרעק און איצט בלויט אַריין דורך די פענצטער דער אָנזאָג אויף אַ לעבעדיקן טאָג? ניין, אַ טיפערע פרייד, כאָטש אַלץ אַ קינדישע, אַ לויטערע, האָט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף. פרייד האָט אויך איר באַשטימטן עלטער. כאָטש כ׳בין נאָך געווען האַלב פאַרשלאָפן, האָב איך געשפּירט אַז די פרייד איז אַ סך יינגער פון מיר.

אזוי פלעג איך זיך אויפכאַפּן קינדוויז און גלייך פילן אַ וואַרעמע פרייד אין אַלע ביינער. עפּעס איז מיט מיר געשען נעכטן אָדער אייערנעכטן, עפּעס וועט מיט מיר געשען היינט־מאָרגן. אין די טיפענישן טונקלט די סיבה פון דער גרויסער פרייד און זי רייצט זיך ווי אַ ליב רעטעניש. טרעף — און דו וועסט זען אַז דו האָסט זיך באַמת מיט וואָס צו פרייען. אָבער יאָג זיך נישט, דערווייל צעגייט די פרייד ווי אַ גוט שטיקל לאַרדעלי־טשאָקאָלאַד. מיטאַמאָל דערמאָנסטו זיך, אַז ס׳שטייען לעבן בעט נייע שטיוועלעך, וואָס דו האָסט ערשט נעכטן אָנגעמאָסטן, אָבער היינט וועסטו זיי טאָקע אָנטאָן אויף אַן אמת. און פאַרוואָס האָט מען דיך עפּעס באַזאָרגט מיט נייע שטיוועלעך? נישט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק קריגט מען נייע שטיוועלעך. אין דרויסן ווערט אַלץ ליכטיקער און אין דער ליכטי־קייט האָסטו די זכיה צו זען דאָס ערשטע ביסל ליכט פון דעם ניי־געבוי־רענעם יום־טוב, מ׳גייט נישט אין חדר, מ׳שפּילט זיך מיט חברים, ס׳איז חי־געלעבט.

מיט אַזאַ קינדישער ליכט־פרייד האָב איך זיך פאַרטאָג אויפגעכאַפּט. אַזוי ריין און לויטער איז די פרייד געווען, אַז כ'האָב מיט א שמייכל פון א דערוואָקסענעם אַ טראַכט געטאָן וועגן נייע און סקריפּענדיקע שטיוועלעך. טיף אין מיר איז געלעגן די סיבה פון דער פאַרטאָגיקער צעשטראַלטקייט און כ'האָב זיך גענומען דערגראָבן צו דער סיבה פאַמעלעך, פאַמעלעך, ווייל מיר איז אָנגענעם געווען צו ליגן און האַלב־דרימלען אין די אָרעמס פון אַ קינדער־רעטעניש.

דער וואָס איז געשטאַנען אויף יענער זייט פון מיין אויפגעוואַכטקייט און זיך ליב גערייצט מיט מיר, האָט מיר ארויסגעהאָלפן און אונטערגעזאָגט: ישראל! כ'האָב זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם ביסל הילף און ס'איז מיר געוואָרן קלאָרער, אָבער נאָך נישט אינגאנצן קלאָר. ס'איז מיר געוואָרן גוט, אָבער נאָך נישט אינגאַנצן בעסער. אויפן דנאָ ביי מיר איז נאָך געלעגן אַ סך נישט־געלייזטע פרייד. אַוודאי איז יעדער ייד מחויב זיך אויפצוכאַפּן אין דער פרי און באַלד אַ טראַכט טאָן וועגן ישראל, מיט דעם ניגון פון א מאָרגן־תפילה. דאָס איז אונדזער איינציקע יונגע יידישע פרייד. מיר, דער דור וואָס האָט עס דערלעבט, נאָך אַזוי פיל דערשטאַרבן, קאָן נישט לעבן אָן דעם טרייסטנדיקן ניגון אין אונדז, אַז מיר זענען אַ טייל פון ישראל. ווער ס'שטייט אויף אין דער פרי און בייסט זיך גלייך איין אין טאָג, ווי אין אַ שטיק טעמפּן פרישטיק, און טראַכט נישט פריער, אַז עפּעס איז געשען אַ גרויסע זאַך אין אונדזער יידיש לעבן, איז אַזאַ ייד זייער און זייער אָרעם, זייער האַרט און טרוקן און זיין לעבן זינגט נישט, נאָר רינט ווי דורך א צעלעכערטער רינע איבער א חורבה. מיר האָבן אַזוי לאַנג געבענקט נאָך ניסים — ווי קאָנען מיר פאַרפעלן צו זען די ליכטיקע האַנט פון נס? איז דאָס די פרייד וואָס מיט איר האָב איך זיך אויפגעכאפּט נעכטן פאַרטאָג?

יאָ, אָבער נאָך אינטימער און נענטער איז די שמחה. מיטאַמאָל האָט אויפגעבליצט דער גאַנצער באַשייד. ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך געקראָגן אַ טעלעגראַמע פון מיין שוועסטער: היום באנו לתל־אביב. די מידע פיס פון מיין שוועסטער לאה האָבן געפונען רו, נאָך עטלעכע יאָר אין מינכען, נאָך פינף אומגליקלעכע יאָר אין לובלין, אין וואַרשע. קינדוויז האָט זי געהאַט אַ בלאָנד און ליכטיק פּנים, מיט טייערע, בלויע יידישע אויגן. אָט די אויגן זענען פאַרפינצטערט געוואָרן, און דער

מחבל האָט נישט געזען זייער פרומע לובלינער יידישקייט. דאָס האָט זיך די מאַמע אויף יענער־וועלט געמיט, אַז די ווילדע חיות זאָלן נישט הערן איר יידיש קול און זאָלן געשלאָגן ווערן מיט בלינדעניש, ווען זיי וועלן זען איר יסורימדיק פּנים. דער גורל האָט געוואָלט אַז דווקא זי, די שוואַכסטע פון אַלע, זאָל זיך אַרומדרייען מיט איר זיבן־יעריק טעכטערל אויף דער אַרישער זייט און פאַרצייכענען די פרישע יאָרצייטן פון אַ גאַנצער אויסגעקוילעטער משפּחה.

מיין שוועסטער לאה און איר טעכטערל דבורה זענען געווען בלויז צוויי פון הונדערטער אויף טויט־דערשראָקענע יידן, וואָס האָבן געשפּילט אַן איבערמענטשלעכע ראָלע צווישן אַזוי פיל וועלף. לאה האָט פון איר ראָלע אָפּגעשפּאָרט אַ שוואַך האַרץ און די קליינע, טראַגישע קינדער־ראָליסטקע דבורה — אַ לונגען־קראַנקהייט. דבורהן האָט מען גלייך נאָך דער באַפרייאונג אַוועקגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט קינדער קיין ישראל. לאה האָט זיך געוואַלגערט קנאַפּע דריי יאָר אויף דער פאַרשאָלטענער ערד. ס׳זענען געלאָפן אַפּידייוויטס נאָך אַפּידייוויטס, אָבער איר צווייטער מאַן חיים (דעם ערשטן מאַן האָט מען אומגעבראַכט) וואָס האָט אויך דורכגעמאַכט דעם גאַנצן חיבוט הקבר פון היטלעריזם, האָט געזאָגט אַז ער וועט ליידן נאָך אַביסל, ביז ס׳וועט אים באַשערט זיין צו שטעלן אַ פוס אויף אייגענער ערד.

אין לאַגער איז געבוירן געוואָרן אַ נאָמען נאָך מיין טאַטן יצחק, וואָס איז צו 78 יאָר געפירט געוואָרן צו דער עקדה און קיין מלאך האָט נישט רחמנות געהאַט אויף דעם אויסגעשטרעקטן האַלדז פון דעם גוטן, טייערן, אַלטן און פרומען יידן.

די אויפגעוואַכטע פרייד אין מיר אין די ערשטע רגעס פון פאַרטאָג איז אינגאַנצן געלייזט געוואָרן, ווען כ׳האָב זיך פּלוצים דערמאָנט אין דעם ביסל אייגנס, וואָס איך פאַרמאָג איצט אין ישראל. חיים, לאה, דבורה, יצחק זענען איצט פאַרקניפּט מיט דעם מאָרגן פון לאַנד.

צום יאָרטאָג פון דער היסטאָרישער אונ״אַ אַנטשיידונג, האָב איך געשיקט מיין קליינער משפּחה אַ ליכטיקן, פאַרטאָגיקן גרוס פון אויפגע־וואַכטער קינדישער פרייד און טרייסט.

גוט יום־טוב ישראל! גוט יום־טוב חיים, לאה, דבורה, יצחק!

## ב

### כנסת ישראל

ואני בגולה — האָבן מיינע ליפּן געמורמלט, ווען איך האָב געלייענט, אַז מען גרייט זיך אין ירושלים, פאַר דער דערעפענונג פון „כנסת ישראל״. איך האָב זעלטן ווען געשפּירט, אַז איך בין א גלות־ייד און קנאַפּ געוואוסט דעם עול פון גלות. דער אַנטיסעמיטיזם האָט קיינמאָל נישט פאַרהויקערט מיינע פּלייצעס. אין יידן־פיינטלעכן פּוילן איז מיר די פּוילישע ערד נישט געווען פרעמד. איך בין געזעסן צווישן מיין פאָלק און עס איז מיר געווען היימיש די גערעכטיקייט אונדזערע, וואָס איז געווען א טייל פון אונדז און וואָס איז מיר געווען באַדן אונטער די פיס. דאָ אין אַמעריקע, האָב איך אַוודאי נישט געפילט דעם גלות אין מיינע ביינער.

אָבער אין יענעם טאָג האָב איך אַ גאַנצן טאָג איבערגעחזרט אַז איך בין פאַרוואָגלט אין דער פרעמד. איך שטיי אין דרויסן פון מיין פאָלקס גרויסן יום־טוב. אוודאי איז דער יום־טוב מיינער, אָבער איך האָב פּשוט נישט קיין כוח צו זיין אַזוי פון וויטנס. איך, וואָס האָב געטראָגן אין זיך א חלום פון מיינע חדר־יאָרן אָן, האָב ממש קיין כוח נישט צו שפּינען וויטער דעם ניגון, ווען עס איז שוין געשאַפן געוואָרן אַ באַשייד פאַר אונדזער נאַציאָנאַלן חלום. אַז מיר האָבן אַלע געדאַווענט און געזונגען פּסוקים, האָב איך מיטגעזונגען, אָבער איצט ווען עס עפנט זיך „כנסת ישראל״ און עס טרעט אויף אַן אמת אויף דער שטערן פון מיין פאָלק, וויל איך אויך טועם זיין די ממשות פון דער היסטאָרישער שעה.

איך ווייס נישט וואָס איך בין געווען אין טאָג ווען דער יידישער פּאַרלאַמענט איז געעפנט געוואָרן. אפשר דאָס אָרעמע קינד, וואָס קוקט אַריין דורכן פענצטער פון אַ רייכן יום־טוב? איך זע ווי עס פּרעפלען ליפּן, איך זע די פריידיקע פּנימער, מען מאַכט קידוש, באַלד וועט מען שניידן די חלה און געבן יעדן איינעם אַ המוציא מיט האָניק און מען וועט זאָגן שהחינו. איך שטיי אויף דער זייט פון פענצטער, באהויך די שויב מיט מיין אָטעם און זאָג — אָמן.

ווען ס׳האָט זיך געעפנט „כנסת ישראל״ האָב איך אויף אַן אמת פאַר־

שטאַנען אַזאַ וואָרט ווי זכיה, די אַלע, וואָס האָבן עס געזען מיט די אייגענע אויגן, האָבן געהאַט א גרויסע זכיה. מיר האָט די מדינה, פון ווייטנס, געגעבן אַ נייעם פּאַספּאָרט אויף אַ רייכער, נאַגנדיקער בענקשאַפט.

כנסת ישראל איז דאָך ביז איצט געווען די איינציקע בריק צום רבונו של עולם פאַר אַלע יידישע תפילות. די כנסת ישראל האָט זיך אַלעמאָל אויסגעטענהט מיט די הימלען און כביכול האָט אַלעמאָל געפּילט, אַז ער איז דער כנסת ישראל שולדיק אַן ענטפער. איצט איז כנסת ישראל — אַ פּאַרלאַמענט. עס איז געשען! נאָך אַ צוויי־טויזנט יאָריקן חלום דאַרף קומען די וואָר. די וואָס האָבן געחלומט זענען באַרעכטיקט צו עפענען די אויגן און זען אז דער מקוים געוואָרענער סימבאָל האָט אויך אַ גוף און נישט נאָר אַ נשמה.

ואני בגולה און איך מיט מיין פּאַספּאָרט פון נאַגנדיקער בענקשאַפט מוז נאָך היינט ווייטער חלומען, ווי איך וואָלט נאָך אַלץ געווען אַ חדר־יינגל אין פוילן. איך מוז נאָך אַרומגיין, געהילט אין תכלת פון אַלע מיינע וואונדערלעכע סימבאָלן, און טיפזיניקע משלים. איך הער ווי די כנסת ישראל וואָרקעט ווי א טויב. איך הער ווי זי וואָרקעט אויף תנ״ך־לשון און עס ווערט אַלץ גלייך איבערגעזעצט אויף רבי־לשון אין חדר.

איך הער, ווי איידער די כנסת ישראל עפנט אויף איר מויל צו דאַנקען פאַר אַלע ניסים, הייבט אויף די מוטער רחל איר קול און זי טוט באַוויינען אירע קינדער, וואָס זענען אומגעקומען מיט אַלע מיתות־משונות.

אַ מאַמע מוז וויינען! אַ מאַמע קאָן אירע קינדער נישט פאַרגעסן, אפילו אין גרויסן יום־טוב. זי פאַרשטערט חלילה נישט די גרויסע פרייד. דאָס וויינענדיקע קול טוט אונדזער יום־טוב נאָך מער דערהויבן און הייליקן, זאָל איר געווין זיין דאָס ערשטע קול, וואָס דער רבונו של עולם דערהערט פון זיין כנסת ישראל. די מוטער רחל עפנט דעם יידישן פּאַרלאַמענט.

אויב „כנסת ישראל״ איז פּאַרלאַמענט, גייט־אויף דורך די כשרע טרערן פון דער מוטער רחל אונדזער תחית המתים. אַלע אונדזערע סימבאָלן שטייען אויף, גייען ארויס פון די ספרים און הייבן אָן לעבן. דאָס ליכט גייט אויף איבערן לאַנד, דאָס ליכט פון אַ גרויסער קדושה, וואָס שטראַלט פון אַזוי פיל מיליאָנען טויטע אנשים, נשים וטף; פון אַזוי פיל טויטע פּלייצעס, וואָס האָבן אַקסל צו אַקסל, אַקסל אויף אקסל געקלעטערט,

געקלעטערט העכער, ביז זיי זענען געוואָרן די בריק פון כנסת ישראל צו הקדוש ברוך הוא.

ואני בגולה. איך שטיי מיט מיין פּאַספּאָרט פון חוץ לארץ און איך חלום. ביז איצט האָב איך אַזאַ פּאַספּאָרט נישט פאַרמאָגט. איצט איז מיין פרעמד געוואָרן לעגאַליזירט. איך בין געוואָרן אַ געזעצלעכער בירגער פון א פרעמד, וואָס האָט ערגעץ אַ היים.

איך חלום, אָבער ווי לאַנג איז דער שיעור צו פאַרחלומען די וואָר? איך וועל אָנשטרענגען מיין געהער. אפשר וועל איך פון דאָרט קאָנען כאַפּן אַ וואָרט, שיריים פון יום־טוב. מ׳קאָן אַוודאי הערן דער מוטער רחלס געוויין אויף אירע אומגעקומענע קינדער, דורך אַלע דורות. דאָס איז אין דער טראַדיציע פון טייערער, וואָרעמער גוט־יידישקייט, דאָס ערשטע קול פון כנסת ישראל צום רבונו של עולם איז — געוויין.

## ג

### זיך אָװעקגעזעצט

ישראל האָט זיך אוועקגעזעצט צווישן די פעלקער און עס איז נישט אַזוי וויכטיק די מיטגלידערשאַפט אין אונ״אָ, ווי דאָס וואָס דאָס יידישע פאָלק קאָן זיך טאַקע אַוועקזעצן. אַנדערע פעלקער זענען געוואוינט צו זיצן, אָבער פאַר אונדז איז דאָס בענקל אין דער אונ״אָ אַ לעבנס־נויטווענדיקייט. דער 59־סטער מיטגליד פון די פאַראייניקטע פעלקער איז אַריינגעפאַלן אין בענקל אַזאַ פאַרמאַטערטער, אַז מען קאָן אים גאָר־נישט פאַרדענקען, אויב ער כאַפּט אַמאָל אַ קליינעם דרימל, און לאָזט דערווייל די אַנדערע אַכט און ניינציק פעלקער אויסקעמפן צווישן זיך, די פאַרשידענע פּראָבלעמען פון א צעריסענער וועלט.

ווער האָט אונדז ביז איצט געלאָזט זיצן? אַז זיצנדיק זענען מיר בסדר געשטאַנען און שטייענדיק זענען מיר געלאָפן און לויפנדיק זענען מיר געפאַלן פון די פיס. האָט מען אונדז טאַקע צוגערוקט אַן אמתן שטול און געהייסן דעם וואַנדער־פאָלק פאַרנעמען אַן אָרט, אין דעם גרויסן פעלקער־קלוב. אויסגעמוטשעטע זענען מיר אַריינגעפאַלן אין דעם ווייכן

שטול און זיך געוואונדערט: גוואַלד, ווי האָבן אונדזערע מידע פיס געקאָנט אַזוי לאַנג אויסהאַלטן? קיין פאָלק אין דעם גאַנצן אוניווערס קאָן אַזוי נישט פילן דעם טעם פון אַוועקזעצן זיך ווי ישראל, וואָס וואַרט שוין צוויי טויזנט יאָר, אַז די וועלט זאָל אונדז דערלויבן זיך אַ קאַפּיטשקע אָפּרוען. מיר זענען ביז איצט אַזוי געווען געיאָגט, אַז ווען מען וואָלט אונדז געלאָזט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, וואָלטן מיר עס שוין געווען באַטראַכט פאַר אַ שטיקל חסד. אָבער איצט אַז מיר האָבן זיך געגעבן אַ זעץ אַוועק, וועלן מיר זיך אָפּרוען, אויף אַ לייטיש בענקל, ווינציקסטנס צוויי טויזנט יאָר, פאַר די אַלע יאָרן פון אונדזערע אומבאַשרייבלעכע יסורים.

עס איז אַ וואונדערלעך געפיל צו זיצן און פּראָווען דיפּלאָמאַטיע מיט אַלע פעלקער. ביז איצט זענען מיר געווען די כסדרדיקע אַרומ־לויפערס. מיר זענען געשטאַנען און זיך אונטערגעהערט ביי די טירן. די גרויסע דיפּלאָמאַטן זענען געזעסן ווי די שררות און מיר זענען געלאָפן און געזוכט קליינע טובהלעך. מיר האָבן אָפּט געמוזט צוזאַמענפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, כדי צו קריגן אַ קליין טובהלע, וואָס איז נישט ווערט געווען קיין אויסגעבלאָזן איי.

איצט, אַז מיר זיצן און האלטן נישט אין איין ארומלויפן, אַז מיר זענען גלייכע מחותנים מיט די פעלקער וועלן מיר איצט אויפהערן וואַרטן אויף צוגעוואָרפענע, מיקראָסקאָפּישע טובהלעך. מיר נעמען דאָס וואָרט און פאָדערן, מיר וועלן זיך אַ קאַפּיטשקע אויפהייבן און זייער ווירדיק רעדן וועגן אונדזערע רעכט און זיך באַלד ווידער בכבודיק אַוועקזעצן.

און נאָך עפּעס: ביז איצט האָט מען אונדז נישט צוגעלאָזט צו דער וועלט־שיסל, פונדעסטוועגן האָט מען אונדז געהאַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע צרות און אַלע אומגליקן, וואָס די וועלט האָט אַליין געבראַכט אויף איר אייגענעם קאָפּ. דאָס איז געווען געמיינע רשעות. זיי האָבן געפירט מלחמות, זיי האָבן זיך געריסן ביי די האָר און אַז זיי האָבן געבראַכט שוידערלעכע קאַטאַסטראָפעס אויף זיך אַליין, האָבן זיי געהאַט אַ לייכטן תירוץ — ישראל איז שולדיק.

און אַלע האָבן זיך מיט אונדז אָפּגערעכנט. מיר, וואָס זענען געשטאַנען אין דרויסן, זענען דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון דעם הויפּט־שולדיקן, כדי מען זאָל אונדז קאָנען דערלאַנגען די שווערסטע קלעפּ.

איצט אָבער אַז מיר זיצן אינעווייניק און מיר זענען דאָס ניין און

פּופּציקסטע פֿאָלק פֿון אַ קליין לאַנד און מיר האָבן שוין אַ דעה, ווערט מען אונדז נישט קאָנען צוטיילן דעם אומגליקלעכן כבוד, פֿון אַ צו־גרויסער שולדיקייט. אינעווייניק, אין דער קערפּערשאַפֿט פֿון אונ״אָ, איז ערשט קלאָר געוואָרן, אַז מיר קאָנען בלויז אויף אונדזערע קליינע פּלייצעס טראָגן אַ פּראָפּאָרציאָנעלע שולד, וואָס קאָן נישט זיין, מי יודע ווי גרויס. ערשט אינעווייניק זעט מען, אַז מיר זענען גאָרנישט אַזעלכע גרויסע אינ־טערנאַציאָנאַלע בריהס פֿון וועלט־פֿאַרניכטונג! מיר זענען אַ פֿאָלק און די וועלט וועט איינזען, אַז מיר ווילן וואָס גיכער אויפֿריכטן אונדזער לאַנד, און דערפֿאַר זענען מיר, מער פֿון אַלע אַנדערע פֿעלקער פֿאַראינ־טערעסירט אין שלום און אין אינטערנאַציאָנאַלער שלווה.

*1961*

## פֿון בעש״ט ביז ד״ר הערצלען און — ווייטער

ווען מען לייענט ד״ר הערצלס פֿאַרצייכענונגען וועגן דעם איינ־געגלויבטן דרך, וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן צו גיין אויף אים, שוין אפֿילו מיט דער היסטאָרישער אָפּווייכונג פֿון דעם אויפֿטרייסלענדיקן אוגאַנדאַ אינצידענט, מוז מען ווערן דערשטוינט איבער דער געוואַלטיק־אַנטוויקלטער פּאָליטישער רייפֿקייט, וואָס האָט באַגלייט זיין בליציקע וויזיאָנערישקייט. הערצל איז געווען אַ זשורנאַליסט פֿון זייער אַ הויכער מדרגה. ער האָט געהאַט אָפֿענע אויגן פֿאַר דער גאַנצער וועלט, ווי זי האָט געשאַפֿן טאָג־טעגלעכע געשיכטע אין זיין צייט. ווייל נאָך אַלע טייטשן, איז דאָס די בעסטע דעפֿיניציע פֿון גוטן זשורנאַליזם. אָבער צוזאַמען מיט דער אלזייטיקייט פֿון זיין גוטער זשורנאַליסטישער דורכדרינגלעכקייט, און מיט זיין פֿאַרשטיין די פּשוטע מעכאַניקע פֿון פּראָפֿעסיאָנעלער צייטונג־אַרבעט, האָט ער אויך פֿאַרמאָגט אַ לירישע ווייכקייט, וואָס האָט דעם אויסגעצייכנטן פּראָפֿעסיאָנאַל אָפּט געגעבן פֿליגל, א פּלי צו טאָן מיט אַ זאָג און אפֿילו פֿאַרויסזאָג.

ער איז אויך געווען געבענטשט מיט דער פעאיקייט צו שאַפן גוט־דורכגעגלעטע פּראָזע, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין זכרון. ער האָט געקאָנט שאַפן ציטירלעכע זאַגן. ס׳איז נישט געווען קיין צופאַל, וואָס דער אויסגעצייכנטער לירישער פּעליעטאָניסט און זשורנאַליסט האָט געשאַפן אַזעלכע געפליגלטע זאַצן, ווי „אויב איר ווילט איז עס נישט קיין לעגענדע", אָדער „אין באַזעל האָב איך געשאַפן די יידישע מלוכה".

אָבער בעת דער געוויינלעכער גוטער פּראָפעסיאָנאַל פּלאַטערט אויף מיט געדאַנקלעכע בליצן, בלויז ווי די דעקאָראַציע־פייערלעך פאַר דעם באַזונדערן אָפּגעטאָקטן אַרטיקל, די עטלעכע „ראַזשינקעס" וואָס זענען נויטיק, כדי צו געבן דער טאָג־טעגלעכער פּאַרגייענדיקער אַרבעט אַ סימן פון לעבן, האָט הערצל טאָקע טיף געגלויבט אין זיינע אויפבליצן. נישט נאָר האָט ער זיי געשאַפן, אין שענסטן זין פון וואָרט, נאָר די מאַגישע פּראָזן האָבן אים געשאַפן און זיך אין אים איינגעגלויבט און אים געפירט.

ווי דער דערוועגטסטער זשורנאַליסט וואָס ווייסט ווי אַ טיר עפנט זיך און וואָס קאָן אויך אַלע גורל־שטריקלעך וואָס באַוועגן די גדולים פון זיין צייט, און וואָס האָט אין תוך זייער אַ גוטן חוש צו פאַרשטיין און אָפּשאַצן אמתע גרויסקייט און האָט נישט קיין אָפּשיי פאַר אויפגעבלאָזנקייט און צופאַל, אין דער פינאַנץ־וועלט, ווי אויפן דיפּלאָמאַטישן געביט, האָט הערצל, דער זשורנאַליסט, נישט געהאַט קיין אינערלעכע מורא זיך צו באַגעגענען מיט די גדולים, אפילו ווען ער האָט כלומרשט זיך געגרייט דערצו מיט אַ ציטער. דער זשורנאַליסט אין אים האָט אים געפירט צו די גרויסע טירן, מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, אָן דעם מינדסטן צאַפּל פון אַ שתדלן. דאָס האָט דערשטוינט די גדולים און מעכטיקע פון זיין דור, אָבער הערצל האָט זיי געקאָנט גלייך קוקן אין די אויגן, ווייל ער האָט זיי לכתחילה גוט געקענט, דורכגעדרונגען און פאַרשטאַנען. ער איז געוואָרן דער אינספּירירטער מנהיג און פאָרשטייער, אָבער געפירט אים ביי דער האַנט האָט דער גוטער זשורנאַליסט, וואָס שרעקט זיך נישט צו זען אין יעדער גדול — אַ טעמע פאַר אַ דורכשמועס.

די אַלע שטריכן אין הערצלס גיין צום ציל, זענען נישט אַזוי באַמערק־ווערטיק ווי דער עטישער פּלאַם, וואָס האָט אין אים געגרונטפעסטיקט די אידייע פון דערלייזונג פון יידישן פאָלק און אים געגעבן דעם כוח צו

באַווירקן מיט דער איבערצייגונג, וואָס איז שטאַרקער און טיפער פון לאָגיק; וואָס מוז אַפילו אַרויסרופן דרך־ארץ ביי קעגנערס, אַז זיי שטייט פאַר נישט קיין געוויינלעכער קאַמף, ווייל ס'איז דערשינען אַ גרויסער כוח, וואָס זיינע רייד לאָזן זיך אפשר אויסלאַכן, אָבער נישט אָפּפרעגן, ווי מען קאָן נישט אָפּפרעגן מאָראַלישע ווערטן, וואָס זענען ווי וועקסלען וואָס אויב מען צאָלט זיי נישט, לאָזן זיי איבער אַ צופּ אויפן געוויסן.

פון וואַנען האָט זיך דער עטישער פלאַם גענומען צו דעם אַסימילירטן ווינער זשורנאַליסט, וואָס גראָד די יידישע פראַגע איז ביי אים אויסגע־ברענט געוואָרן אין אַזעלכע אייביקע דעקלאַראַטיווע קאַטעגאָריעס, ווי דיברות, נאָך איידער ער איז אַרויסגעקומען מיט זיין „יודענשטאַט״?

שווער צו געבן אַן ענטפער אויף דעם, סיידן מ'זאָל זיך וועלן באַנוצן מיט דעם צופעליקן צוזאַמענפאַל פון די צוויי דאַטעס, 200 יאָר נאָך דער פּטירה פון בעל שם טוב און דעם הונדערט־יאָריקן געבוירנטאָג פון ד״ר הערצל. זענען טאַקע פאַראַן פעדים וואָס פאַרבינדן די דאָזיקע צוויי גרויסע געשעענישן אין יידישן לעבן, דעם אויפפלאַם פון חסידיזם און דעם געבורט פון מאָדערנעם פּאָליטישן ציוניזם? די יידישע געשיכטע קומט אין כוואַליעס פון קאַטאַסטראָפעס און טרייסטן. חסידות איז אפשר נישט מער ווי אַ ספּעציפישע יידישע רפואה צו דער מכה פון דער צייט. דער באַגריף פון חסידות איז נישט אַנטשטאַנען מיט דעם בעש״ט, פּונקט ווי דער געדאַנק פון שיבת ציון איז נישט געבוירן געוואָרן מיט הערצלען, אָבער ביידע האָבן זייערע באַזונדערע חסידותקייטן בעסער און אייגנ־אַרטיקער פאָרמולירט און עס פאַרנוצלעכט פאַר זייער צייט. ביידע זענען געווען גרויסע און אויסגעצייכנטע היילונגען פאַר דעם יידישן גייסט.

חסידות איז אַן אייביקער באַגריף אין דער יידישער געשיכטע. נישט אַוועק איין יידישער יאָרהונדערט אָן זיין חסידות, וואָס האָט סטימולירט דאָס אָפּגעשוואַכטע יידישע לעבן. יעדע חסידות איז געווען אַ שטעלן זיך קעגן רבונו של עולם און קעגן דער נאַטירלעכער לעטאַרגיע פון א פאָלק, וואָס האָט געהאַט אויסצושטיין אַזויפיל פייניקונג. חסידות האָט תמיד אַרויסגעריסן אַ שטיקל ישועה, ווען ס'איז שוין געווען באו מים עד נפש.

ס'איז זיכער א שיין שטיקל אַרבעט דורכצואַקערן די יידישע געשיכטע און אָנווייזן אויף די וואונדערלעכע חסידות־דערשיינונגען, סיי ווען זיי האָבן אָנגענומען די פאָרמען פון אָפענעם רעוואָלט, סיי ווען זיי זענען

געוואָרן הוילע אַבסטראַקציע, אָדער ווען זיי זענען געווען געווענדעט צו דער אינערלעכער איבעראָרגאַניזאַציע פון יידישן פאָלק, אַרויספירנ־דיק אים פון אַ פינצטערניש צו אַביסל ליכט. ס׳איז אַ שיינע אַרבעט, אָבער נישט פאַר מיינע איצטיקע כוחות, איך קאָן זי בלויז אָנען, שפּירן אירע מיסטישע געזעצן, אויב ס׳איז דערלויבט זיך אַזוי אויסצודריקן. פון דעם שטאַנדפּונקט איז פאַראַן אַ גרויסע שייכות צווישן די גרעסטע קעגנ־זאַצן אין דער יידישער געשיכטע; פאַראַן אַ גרעסערע שייכות צווישן חסידיזם און משכיליזם, ווי מען מיינט; און די קרובהשאַפט פון בר כוכבא און דעם פאַלשן פייער פון דער שבתי צבי באַוועגונג, איז גאָר נישט אַזאַ ווייטע.

דאָס זענען אַלץ געווען חסידישע באַוועגונגען אין יידישן לעבן, די נויטיקע אויפהאַלטן, די רפואות פאַרן יידישן גייסט, אַפילו ווען זיי זענען בלויז געווען פאַליאַטיוון, אָדער גאָר פאַלשע, ציי באַבסקע רפואות.

דער פלאַקער פון אמונה, די פאַרגלויבטקייט אין דעם אינערלעכן ווערט פון יידישן לעבן, די שפּירונג אַז נישט נאָר איז עס אַ מוז, נאָר ס׳איז בפירוש וויכטיק אַז מען זאָל עס ראַטעווען און אויפהאַלטן, איז אין תוך חסידות. אָט די אמונה האָט געטריבן סיי דעם בעש״ט און סיי ד״ר הערצלען צו זייער ציל. זיי האָבן זיך דערגלויבט צום געדאַנק, אַז מ׳טאָר דאָס יידישע לעבן נישט לאָזן פאַרלעשן. זיי האָבן טיף געגלויבט אין דער ווערטיקער און אויסטיילעוודיקער אייגנאַרטיקייט פון יידישן פאָלק. דאָס איז חסידות, אָבער די שפּיצן פון חסידות זענען אין דער יידישער געשיכטע פאַרצייכנט מיט די גרויסע פיגורן און פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן אויפ־געהויבן די שווערקייט פון דעם געדאַנק און אים א ווילע געטראָגן ווי אַ ליבן עול און אים געגעבן דעם כוח פון איבערצייגונג.

כ׳רעד דאָ לחלוטין נישט פון דער וואונדערלעכער מקוים־געוואָרנ־קייט, וואָס איז געקומען ווי א פועל־יוצא פון הערצלס חלום. הגם אויך די דאָזיקע אנטשטייאונג איז זיכער דער חסידיזם פון אונדזער צייט, די שטאַרקונג און אונטערלענונג פאַר אונדזער פאָלק, וואָס איז אָפּגעגאַנגען מיט אַזוי פיל בלוט און אַרויס מיט טיפע וואונדן, וואָס וואָלטן זיך אַנדערש נישט געהיילט, ווען נישט די ממשותדיקע חסידות פון אונדזער דור. דאָס איז אַן ענין פאַר זיך. איך רעד אָבער בלויז פון הערצלס טראָגן די משא פון א גרויסן געדאַנק אויף די פּלייצעס, די משא וואָס דער

בעש״ט האָט געטראָגן, דעם טיפן גלויבן אַז דאָס יידישע פאָלק איז א נאַציאָנאַל־געפעס, וואָס טאָר נישט צעבראָכן ווערן.ביידע זענען געווען גרויסע בעלי חלומות און ביידע האָבן פאַרמאָגט דעם כוח צו אָרגאַניזירן זייערע חלומות.

דער בולטסטער סימן פון חסידות איז דער אָרגאַניזירטער „הויף״, דער גרויסער קהל חסידים. אין 1897 האָט שוין הערצל באוויזן צו האָבן אַכט טויזנט חסידים, אָבער ס׳האָט נישט גענומען לאנג און פון די אַכט טויזנט איז געוואָרן אַ פערטל מיליאָן.

דער באַגריף פון פאָלקישקייט איז אַדאַנק דעם ערשטן קאָנגרעס אין באַזעל געקומען צום אויסדרוק, ווען הערצלס חסידיזם האָט צוזאמענ־געבראַכט פון אַלע עקן וועלט, פרומע און פרייע יידן, מזרח־אייראָפּעער און מערב־אייראָפּעער, אַלערליי יידן וואָס האָבן ביים קאָנגרעס אין באַזעל באַלייגט אַלע זייערע שטרייטיקייטן און זיי אויסגעשמידט אין איין געדאנק פון א יידישן פאָלק, וואָס וויל, וואָס פאָדערט דערלייזט צו ווערן.

נישט וועלן וואַרטן אויף הימלישער גאולה איז געווען כאַראַקטע־ריסטיש פאַר חסידות, נישט איינמאָל האָט זיך אַ רבי פאַרעקשנט און געוואָלט שוין ברענגען דעם קץ. ווען מען האָט פאָרגעוואָרפן אַ חסידישן רבין, אַז ער ווייכט אָפּ פון די דרכים פון זיינע זיידעס, האָט ער געענט־פערט, אַז דווקא פאַרקערט, ער גייט אין זייערע דרכים, ווייל אויך זיי זענען נישט געגאַנגען אויף דעם אויסגעטראָטענעם וועג.

דער ציוניזם, ווי הערצל האָט אים פאָרמולירט, איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט סאָציאַלן יושר, מיט א זיבן שעהדיקן אַרבעט־טאָג, מיט ערשטער גרייטער הילף פאַר דער יידישער אָרעמשאַפט, וואָס וועט פריער פון די גבירים קומען אין לאַנד אַריין. בעש״טס חסידות איז אויך געווען קודם כל פארן פשוטן פאָלק, פאַר דער דערלייזונג פון דער יידישער נשמה, וואָס האָט זיך געבויגן אין דרייען פאַר דעם לערנער, פאַרן ייד וואָס איז געשטאַנען אין פּאָליש. דער בעש״ט האָט פּראָלעטאַריזירט דאָס יידישע לעבן. ער האָט באַזעצט זיין טיש מיט אויסגעגלייכטע יידן, ווי פּרץ האָט עס אַזוי טיף אַרויסגעבראַכט אין זיין „הכנסת כלה״.

יעדער חסידות־באַוועגונג אין דער יידישער געשיכטע האָט אין זיך פאַרמאָגט א שמץ פון אפיקורסות. אָן דער דאָזיקער דערוועגטקייט קעגן גליוועך און קעגן דער סטאַטיק אין יידישן לעבן, איז קיין לעבעדיקע

יידישע באַוועגונג נישט מעגלעך געווען. דעם בעש״טס חסידות איז אויך געווען אן אפּנויג פון געזעצטער און איינגעשטעלטער יידישקייט. זיין אויפשטאַנד קעגן דער געוועלטיקונג און הערשאפט פון טויטן געלערנטן וואָרט, לטובת דעם יידישן פּלאַקער און דער נאַטירלעכער פרייד, וואָס א פשוטער ייד קאָן ברענגען מיט זיין פאַרפרומטער עם הארצות, איז געווען אַ שטיק אפיקורסות פאַר זיין צייט.

הערצל האָט געזען אין דער דערלייזונג פון יידישן פאָלק, נישט נאָר אַ פּאָליטישע ישועה, נאָר אויך אַ יידישע מדינה, ווי א מעגלעכקייט צו דערגרייכן מאָראַלישע און גייסטיקע שלימות פאַר אַלע יידן. אַוודאי איז דער גוט-געשולטער זשורנאַליסט געווען אַ גרויסער פאַרלאַמענטאַריער און ער האָט געהאַט פאַר זיך די מוסטערן פון די פאַרגעשריטענע מלוכות און זייערע קאָנסטיטוציעס. ער האָט צוגעזאָגט פולע חשיבות דער יידישער אמונה, הגם ער איז געווען קעגן אַ טעאָקראַטישן שטאַט. ער האָט דעמאָקראַטיזירט דאָס יידישע לעבן און אַרויסגענומען יידישע דער־גרייכונגען און אויספּועלונגען פון די הענט פון תקיפים, אָבער דער עיקר איז אים געגאַנגען אין גייסטיקער און מאָראַלישער פּערפעקציע. דער גרויסער פּאָליטיקער, דיפּלאָמאַט, זשורנאַליסט און שאַפער פון אַ וועלט־לעך־יידישער פּרעסע פון גרויסן פאַרנעם, מיט זיין וועלטלעכן זשורנאַל „די וועלט״, האָט מער ווי איינמאָל געדערדט וועגן מאָראַלישע ווערטן און געזאָרגט פאר יידישער קולטור, קונסט און יידישן צעבליטן שאַפונגס־גייסט.

הערצלס ציוניזם איז געווען די נויטיקע חסידות-באַוועגונג פון זיין צייט, וואָס האָט געפונען דעם וואָפן קעגן אַסימילאַציע. אין אונדזער צייט איז לייכטער אַ שפּרונג צו טאָן פון יידישער אָפּפרעמדונג און גאָרנישטקייט — צו יידישן לאַנד־שטאַלץ, אָדער אפילו באַזעצונג אין מדינת ישראל. אָבער הערצלס ציוניזם, האָט געמיינט אַ גרינטלעכער קאַמף קעגן אַסימי־לאַציע, דורך געפינען זיך ווי אַ ייד, דורך מגייר זיין אַלע אָפּגעשמדטע טענדענצן אין יידישן לעבן.

דאָס איז געווען מער ווי א פונק פון בעש״ט, אַז יידישקייט איז א תוכיקער ענין. מען מוז עס דערשפּירן אין אַלע ביינער, כדי צו זיין אַ חסיד. הערצל האָט אויך באַגריפן, אַז דער תוך פון חסידות און יידישער פירערשאַפט, ליגט אין התבטלות פון אייגענעם איך, אין ענוות. ער איז

געווען גרויס און שטאַרק אין זיין וועלן, זיין פאָדערן און באשטיין; ווי דער בעש״ט, האָט ער מיט גוואַלט געריסן ישועות, אָבער מיט זיך אַליין און כלפּי דעם פאָלק איז ער געבליבן אַן עניו.

דערפאַר האָבן אפילו פרומע יידן דערקענט און דערשפּירט אין הערצלען אַ שטאַרקן רעליגיעזן כוח. אין זיין וועלטלעכקייט האָבן יידן געזען אמונה. אפילו פרומע יידן האָבן לחלוטין נישט געזען די אָפּגעזונדערטקייט פון קאָפּ, נאָר דעם יידישן קאָפּ און דאָס יידישע האַרץ. אויך דאָס איז דער כוח פון חסידות צו דערזען פרומקייט, אין די גרעסטע אָפּנייגן פון טראַדיציע, און נישט לייגן קיין אכט אויף בוכשטעבלעכקייט, נישט ווערן נתפּעל פאַר איינגעשטעלטן נוסח.

אפילו אין דער התגלות איז פאַראַן אַן ענלעכקייט צווישן דער חסידישער טראַדיציע און דער פּלוצעמדיקער יידישער אַנטפּלעקטקייט פון ד״ר הערצלען. ווען ער איז אַרויס פון זיין אַסימילירטער הינערפּלעט, און ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער „קאָדיפיצירונג״ פון זיין גרויסן חלום, איז ער אַרויס פאַר דער וועלט. זיין התגלות פון אַ זשורנאַליסטישן „באַהעלפער״ און באַדינער פון דער וועלט־פּרעסע, צו דער פול־אַנטפּלעקטקייט פון אַ גאַנצן יידישן מנהיג, איז געווען פּונקט אַזאַ וואונדער אין יידישן לעבן, ווי דאָס אַרויסקומען פון בעש״ט פון די קאַרפּאַטן־בערג, וואו ער איז זיך מתיחד געווען מיט די חיות אין וואַלד, און די פייגעלעך אויף די ביימער.

הערצל איז געקומען צו זיין געדאַנק נאָך א גרויסן גרונטעווען, נאָך זוכן טיף אין זיך און ארום זיך. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיך, האָט ער אָנגעהויבן קאַפּיטל איינס פון זיין גייסטיקער ביאָגראַפיע, נאָך דער הקדמה צו זיך, פון יאָרן אין דער פאַרוואָגלטער פרעמד. אָבער פּונקט ווי די התבודדות אין די קאַרפּאַטן האָט דעם בעש״ט שטאַרק געהאָלפן אויף זיין יידישן דרך, מיט דער וואַכער און דינער שפּירעוודיקייט, וואָס ער האָט אַנטוויקלט אין זיין איינזאַמקייט, אַזוי האָט הערצל פון זיין פאַרטומלטער איינזאַמקייט, אויסגעשמידט זיינע פאַרלאַמענטאַרישע וועלטלעכע כלי־זיין, וואָס זענען אים שפּעטער גוט צונויץ געקומען, אין זיין געראַנגל מיט דער עקשנותדיקער נישט־יידישער וועלט.

אָבער מיט זיין גאַנצן כוח צו ווירקן און צו באַווירקן האָט הערצל געהאַט זיין מחנה קעגנערס. די אסימילאַציע און די „פּראָטעסט־ראַבינערס״

האָבן אין אים געזען זייער גרעסטן שונא. דער קאַמף קעגן אים איז געווען א מוראדיקער. מ׳האָט אים באקעמפט מיט ליצנות און מיט ביטערער מסירה.

אַזוי האָט מען אויך געקעמפט קעגן בעש״ט און זיינע גרויסע נאָכ-פאָלגערס. די לאָגיק האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן, וואָס זי טרעפט זיך אָן מיט א קעגנער, וואָס פארלאָגישט אַלע סתירות אין יידישן לעבן. חסידות האָט באַפרייט דאָס יידישע לעבן פון אַ צוגעשמידטן דאָגמאַטיזם און האָט אַריינגעבראַכט אין די דלד אמות פון הלכה, אַ ברייטע פּאָעטישע צעזונגענקייט. יעדער רבי האָט געזאָגט תורה, ער האָט מער געזאָגט ווי געלערנט. ער איז געווען א פּאָעט וואָס האָט געצונדן רייד און זיי געגעבן א פייערלעכקייט, וואָס מען געפינט נישט אין דער גאַנצער וועלט-ליטע-ראַטור. חסידיזם ווערט וואָס אַ יאָר אַלץ מער דער קנין פון דער וועלט. ס׳איז שוין זייער מאָדיש צו ציטירן וואָס גרויסע רביים האָבן געזאָגט, מ׳אַנטדעקט וואָס מער אונדזערע טיפערע קאָנפּוציוסעס און לאַאָ צזעס, וואָס פאַרמאָגן אַ סך מער מאָראַליש פלייש אויף די ביינער פון גלייכ-ווערטלעריי.

דער חסידיזם איז ביטער פארזען געוואָרן. די רייד פון אונדזערע דורשטיקסטע גאָט-זוכערס זענען געווען געשלאָסן פאַר דער וועלט, וואָס האָט זיך געקוויקט מיט געצצנדינערישער עקזאָטיק פון בודאַ און קרישנאַ.

אָבער די חסידישע וועלט אַנטפּלעקט זיך וואָס מער פאַר דער גרויסער וועלט. דער קאַמף אין א וועלטלעכער התגלות מיט און קעגן מחשבות זרות, זייער באפרייאונג, דערהויבונג און תיקון, שיינט אַרויס פון די פאַרמאַכטע יידישע ספרים און אַלטע מעשיות. מען הויבט אָן דערזען וואָס די גרויסע חסידישע רביים האָבן איינגעגראָבן אין מענטש-לעכע רייד, וויפל מענטשלעכע ווארעמקייט און טיפע מענטשנליבשאפט זיי האָבן אַרויסגעכישופט פון ווערטער.

דער בעש״ט איז געווען דער ערשטער „שלום עליכם״ אין יידישן לעבן. ער האָט אויסגעגלייכט יידישע קנייטשן און זיי געהייסן טועם זיין — פרייד, חדווה. ס׳איז אַ מחיה צו זיין אַ ייד, איז געוואָרן אַ רפואה פאַר צעווייטיקטע יידישע ביינער. עצבות האָט געמוזט צוריקטרעטן פאַר דער פרייד פון שבת אַחים, יידישע זינגענדיקע, טאַנצנדיקע און פארדביקהטע ברידער.

אזוי חסידיש האָט געמוזט אויסזען דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס דעם 29־טן אויגוסט, 1897 אין באזעל, ווען יידן האָבן זיך אָפּגע־געבן „באַזעל־טוב״, ווען יידן פון אַלע ווינקעלעך פון דער ערד האָבן געוויינט פון פרייד — אויך א חסידישע חדווה — געזונגען און געקוקט צום אויבנאָן, וואו ס'איז געשטאַנען הערצל, וואָס האָט אויף זיך געזאָגט, אז ער איז דער שמש פון יידישן חנוכה־לעמפּל. דער שמש האָט געצונדן די יידישע חדווה פאר ברידער, וואָס זענען געקומען מיט קראַנקע יידישע ביינער, פון אַלערליי לענדער פון גזירות, נגישות און רדיפות.

אין 1896 האָט ד״ר הערצל פאַרעפנטלעכט אין דער לאָנדאָנער „דזשואיש קראָניקל״ אַ מין הקדמה צו זיין נאָך נישט פאַרעפנטלעכטער בראָשורע — „דער יודענשטאַט״. אָבער שוין אין דעם אבסטראקט איז געווען קענטיק דער מאָראַלישער כוח, וואָס איז נתגלה געוואָרן פאר דער וועלט. די „פּראָטעסט־ראַבינערס״ האָבן עס טאַקע גלייך דערשמעקט און אים אַטאַקירט נאָך איידער ער האָט באַוויזן אַרויסצוקומען מיט זיין באַרימ־טער בראָשורע. שוין דער אָנהויב פון דעם ארטיקל זאָגט עדות, אַז הערצל האָט באַלד אָנגעטראָפן אַ ביטערע קעגנערשאַפט. הערצל וואָרנט קעגן דער „שלעכטער יידישער טבע אויסצולאַכן און אָפּצולאַכן פון יענעמס געדאַנקען״. אין דעם ארטיקל איז נאָך הערצל נישט דער ציוניסט, ער רעדט פון אַרגענטינע אָדער פּאַלעסטינע: „מיר וועלן נעמען וואָס אונדז וועט געגעבן ווערן און וואָס די יידישע עפנטלעכע מיינונג וועט אויסוויילן״.

ער רעדט וויזיאָנעריש און פּאָעטיש וועגן אונדזער רייך, ביי יידיש לעבן און א יידישע פאָן פון „זיבן גאָלדענע שטערן אויף א ווייס פעלד״. דאָס ווייסע פעלד סימבאָליזירט אונדזער רייך, ניי לעבן און די זיבן שטערן, די זיבן גאָלדענע שעה פון אַן אַרבעטס־טאָג. „ווייל מיר וועלן מאַרשירן אין אונדזער צוגעזאָגטן לאַנד, טראָגנדיק די פאָן פון אַרבעט״. ער זאָגט אָן אַז פריער וועלן קומען אין לאַנד די אָרעמסטע יידן. די אָרעמסטע דאַרפן מיר האָבן ווי די ערשטע, „ווייל די וואָס זענען אין נויט זענען די בעסטע באַזיגערס. די רייכע און פארמעגלעכע וועלן ערשט קומען שפּעטער״.

דאָס זענען חסידישע רייד, וואָס האָבן געמוזט צינדן גלויבן.

„נישט קיין לעגענדע און נישט קיין שווינדל. יעדער מענטש קאָן זיך אַליין איבערצייגן אין דעם אמת, ווייל יעדער מענטש וועט טראָגן מיט

זיך אַ טייל פון דעם צוגעזאָגטן לאַנד, איין טייל אין קאָפּ, אַ צווייטער אין זיינע אָרעמס, און אַ דריטער אין זיינע דערוואָרבענע באַזיצונגען... אַ וואונדערלעכער דור פון יידן וועט אנטשטיין. די מכבים וועלן ווידער לעבעדיק ווערן!״

מיטן כוח פון פּאָעזיע, מיטן כוח פון געפליגלטן וואָרט, מיטן כוח פון חבדישער לאָגיק, מיט דער קראַפט פון אַרבעט, ערד, יושר און די זיבן גאָלדענע שטערן אויף אַ וויס פעלד, איז הערצל נתגלה געוואָרן פארן יידישן פאָלק, ערב זיין ״יודענשטאַט״. דערפאר ווען מען האָט געפייערט הערצלס הונדערטסטן געבוירנטאָג דעם צווייטן מאי, אין דעם יאָר וואָס פאַלט צוזאַמען אויף אונדזער יידישן לוח, מיט די 200 יאָר נאָך דער פטירה פון בעל שם טוב, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דער גאַנג פון דער יידישער געשיכטע, דער נײַנצנטער יאָרהונדערט מיט זיין שטייגער חסידות ווערט קלאָרער אין שפּיגל פון חסידות פון אכצנטן יאָרהונדערט, אַ דערפרישנ־דיקע און דערמוטיקנדיקע חסידות, וואָס גייט אויף פארן יידישן פאָלק דורך די יאָרהונדערטער און גיט זיי היסטאָרישע חדווה, כדי דורך טרייסטפולער פרייד אויפצוהאלטן דאָס יידישע לעבן, אין זיין פולער מאָראלישער ליכטיקייט פון דורות — דורך אלע דורות.

1960

## משיחס בריק

### א

אזוי לאַנג ווי כ׳וועל לעבן וועל איך נישט אויפהערן צו זיין איבער־ראַשט איבער דער ליכטיקער מקוים־געוואָרנקייט אין אונדזער לעבן. קיינער קאָן ביי מיר די פרייד נישט צונעמען. אונדזער געשיכטע האָט כסדר געקלאָגט מיט אַ לאַנגן אויסגעצויגענעם ניגון און אפילו אונדזערע האָפענונגען זענען געווען יאָמערנדיקע האָפענונגען. מיר האָבן אונדזערע

שיינע האָפענונגען באַגאַסן מיט טרערן, ווייל אויך זיי זענען געווען אַ טייל פון אונדזער קלאָג־נוסח. ליידן און גלויבן, גלויבן און ליידן, אָבער רבונו של עולם עד מתי?

זענען מיר אויסן געווען מיט די גוט־איינגעחזרטע, איינגעדאַוונטע רייד, אַז ס׳זאָל גרינגער זיין צו טראָגן דעם עול, פון יאָר צו יאָר, ביז מ׳האָט זיך אליין געעלטערט און איבערגעלאָזט בירושה פאַר קינדער און אייניקלעך נישט מער ווי אַן אָנווייזונג, אַ צוזאָג, אַ האָפענונג, אַ גלויבן. די קינדער האָבן נישט נאָר אָנגענומען דעם צוזאָג, נאָר זיי האָבן אים גענומען פאַר זיך, ווי אַ נאַציאָנאַלן עול, ווי אַ גילדענע קייט פון אונדזער שענסטן המשך. וואָס ווייניקער ממשות דאָס האָט געהאַט ווי ירושה, אַלץ שענער האָט דאָס געלויכטן און אַלץ ליכטיקער האָט ער אונדז ארומגענומען און אונדז געהאַלטן צוזאַמען, ווי גלויביקע קינדער.

דאָס איז געווען מער ווי ירושה. ס׳איז געווען אמונה, האָפענונג, אָבער קיינמאָל נישט קיין לעבעדיקע ממשות פון אַ לעבעדיקן דור. און אפילו די וואָס האָבן זיך פארעקשנט און געהאקט שטיינער, באַוואַסערט מדבריות, געבויט שאָסייען, געפלאַסטערט וועגן, געטאָן כל עבודת פּרך אין לאַנד פון חלום, האָבן קיינמאָל נישט געוואָגט צו טראַכטן, אַז אַזוי־פיל וועט אונדז מקוים ווערן — יהושע, שופטים, מלכים, צוזאַמען מיט ליכטיקע טייטשן, מיט דעם גאַנצן דאַווענען, נוסח ספרד, נוסח אשכנז, חסידיש, מתנגדיש, פון מה טובו אוהליך ביז אדון עולם, מיט אלע מעשיות פון יידישער העלדישקייט, יידישער חכמה, מיט די וואונדערלעכסטע נסים פון פרייד פון דער גרויסער איינזאַמלונג פון אַלע עקן וועלט.

ניין, די טויטע זענען נאָך נישט לעבעדיק געוואָרן, אָבער אַ גרויס פאַרדאַוונט גלויבן, וואָס איז געווען מער געזאַנג פון אַ האָפענונג, ווי ממשותדיקע האָפענונג, איז אויפגעלעבט געוואָרן און האָט באַפליגלט מיט לעבן דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס לאָזט זיך ציילן מיט פרייד. ברידער באקענען זיך צו ברידער, פאַרקויפטע ברידער, אַוועקגעגאַנגענע ברידער, פאַרשקלאָפטע ברידער, ברידער אין זיידענע העמדלעך און ברידער פון שוואַרצער, פאַרחושכטער אָרעמקייט — אַלע זענען געוואָרן ארומגעציטערט מיט לעבן, וואָס קומט אָן פון אַלע זייטן מיט געזאַנג.

אונדזער דור וואָס איז געווען אַן עדות פון אזויפיל טויט, איז אויס־דערווילט געוואָרן צו זען אזויפיל לעבן. ישראל סבא, דער אלטער ייד,

האָט אַ קוש געטאָן זיין אַלטן ספר, געזאָגט חזק, חזק און איז יונג געוואָרן, גענומען פאָרזעצן פון דאָסניי. אונדזער דור וואָס איז פאַרשאַלטן געוואָרן צו זען אַזויפיל חורבן, איז אויך געבענטשט געוואָרן צו הערן די מוזיק פון אַזויפיל אויפבוי, פון אַזויפיל אויפריכטונג.

קיינער קאָן ביי מיר נישט צונעמען די קינדישע פרייד, וואָס איך בלעטער מיט מיינע אייגענע הענט, אַ יונגע, באַנייטע יידישע געשיכטע, זי האַלט ערשט ביים עלפטן יאָר פון איר געבוירן. די אַלטע יידישע געשיכטע איז מיר גוט אריין אין די יידישע ביינער. זי איז געווען די ירושה פון האָפענונג. די גאַנצע העלדן־גאַלעריע איז געווען ירושה און אלע מיינע געבאָטן זענען געווען ירושה. אלע ימים טובים און אלע טרויער־טעג זענען געבוירן געוואָרן פאר מיר און איך האָב פון זיי געמאַכט וואָס איך האָב געוואָלט, אָפּהענגיק פון מיין געמיט, פון מיין גאָט־זוכעריי, אָדער גאָט־אַנטלויפעריי. איך האָב זיי געטייטשט און פאַר־שכלט, אָדער למעלה מן השכל, איך האָב זיי אָנגענומען ווי טראַדיציע, אָדער ווי צוואַנג און געבאָט, ווי נאַציאָנאַלן יאָך, אָדער ווי אַ רעליגיעזן חוב, ווי סימבאָלן אָדער פאַרפּשעטלונגען.

מיר איז געווען באַשערט אָנצוהויבן מיט אַן אייגענעם יונגן יום־טוב, ווייל מיין פאָלק האָט דערלעבט א גרויסן יום־טוב, וואָס לייכט מיר גלייך אין פּנים אַריין און איך קאָן אים נישט מאַכן פאר מיין שטימונג, נאָר פאַר מיין גאַנצן יש. איך קאָן אים נישט טייטשן, נאָר ער טייטשט מיך און רינגלט מיך אַרום מיט מיין, מיט אינהאַלט, מיט וואָרהאַפ־טיקייט.

דער יום העצמאות איז נישט קיין וויטע, פאַרלאָפענע און אָפּגעקילטע געשיכטע, נאָר ווארעמע, לעבעדיקע, יונגע און ערשט־מקוים געוואָרענע געשיכטע. ס'איז א טייל פון מיין לעבן, ווייל מיין לעבן איז א ניצוץ פון דעם באַנייטן לעבן פון מיין פאָלק. אַלע אַלטע ימים טובים זענען געווען אַ טייל פון מיין גלויבן. דער נייער יונגער יום־טוב איז אַרויסגעוואַקסן פון דער טראַגישער ביאָגראַפיע פון אַ דור. ער איז דערפאַר אַ טייל פון מיין ביאָגראַפיע. אַוודאי, אַלע יידן דאַרפן זיך שפירן ווי זיי זענען דערלייזט געוואָרן פון מצרים, אָבער די נייע דערלייזונג דאַרף איך נישט שפירן. זי איז געשען אין מיר. איך האָב די דערלייזונג אָנגעהויבן בלעטערן

פון סאַמע ערשטן בלעטל פון אַ נייעם גאַנג חומשים, וואָס איז דער גיל־דענער המשך פון אונדזער איינגעעלטערט לעבן.

דער יום־טוב וועט אַלעמאָל זיין יונגער פון מיר. דאָס איז דער נס — אונדזער אַלט און אויסגעפּרואווט פאָלק איז באַרייכערט געוואָרן מיט א נייעם, יונגן יום־טוב פון לעבן.

דער געטאָ־אויפשטאַנד אין וואַרשע איז געווען דער לעצטער יום־טוב פון יידישן טויט. אין יענעם פינצטערן יום־טוב פון יידישער באַפרייאונג האָבן יידן זיך גייסטיק אויפגעלייזט און זיך דערהויבן מיט דער ליכטיקער גבורה פון זייער העלדישן אונטערגאַנג. דאָס איז געווען דער קלימאַקס פון דער סאַמע גרעסטער פרייד, וואָס איז אונדז באַשערט געווען אין אונדזער גרויסער הילפלאָזיקייט. אַ טאָג פון צוזאמענדיקן און פריידיקן אונטערגאַנג, וואָס האָט אַריינגעשריבן דאָס לעצטע אַקטיווע קאַפּיטל אין אונדזער אַלטער געשיכטע. דער סוף איז געווען — טויט, גראַנדיעזער הייליקער טויט, אָבער טויט.

מיר, די לעבן־געבליבענע אבלים און יתומים, האָבן אַ קוש געטאָן דאָס לעצטע בלאַט פון אונדזער אַלטן ספר, וואָס אונדזער דור האָט מיט אַ פאַרצווייפלטער, שמשונישער קראַפט פאַרשריבן. אַזוי האָט זיך פאַר־ענדיקט אונדזער אַמאָליקע געשיכטע, נישט נאָר מיט קידוש השם פון געשאָכטענע שאָף און לעמער, וואָס איז סיווי הייליק און העלדיש, נאָר מיט גבורהדיקן קידוש השם. דער ספר איז געווען איבערגעלאָגלט מיט טרערן. דער סוף פסוק איז געווען קדוש, קדוש קדוש, אָבער נאָך דער דרייפאַכער הייליקייט איז געקומען די הייליקע שטילקייט פון — טויט!

הויב־אויף דעם אַלטן ספר, פאַרוויקל אים און שטעל אים אַוועק, גלי אים אַריין אין ארון פון אונדזער באַוואוסטזיין. אויך דאָס האָט אונדזער דור נישט דערוואַרט, נישט דערוואַרט צו זען, ווי ס׳האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אויסגעשריבן דער טרויעריקסטער טייל פון דער יידישער געשיכטע. אָבער נאָך דעם טרויעריקסטן און הייליקסטן סוף קומט נייער ליכטיקער, המשכדיקער אָנהויב. די יונגע האַנט הויבט־אָן שרייבן. מיר זענען נישט נאָר קינדער פון אונדזער דור, נאָר טאַקע ממש קינדער. מיר פרייען זיך ווי קינדער און זינגען ווי קינדער, וואָס האָבן זוכה געווען צו שאַפן עפּעס אייגנס, וואָס דאַרף נישט איבערגעגעבן ווערן ווי א ירושה

וואָס מ׳זעט נישט, נאָר וואָס האָט טאַקע ממשות. ריר זיך צו צו דעם ליכטיקן, נייעם יידישן יום־טוב, וואָס האָט אויפגעשטראַלט און וואָס ציילט זיך ערשט — דאָס עלפטע יאָר פון אונדזער גרויסער מקוים־געוואָרנקייט. שרייב דאָס אַריין אין דיין אייגענער לעבנס־באַשרייבונג, ווי אַלט דו ביסט, ביסטו אַלץ יונג, מיט אַן ערשט־געבוירענעם ליכטיקן יידישן יום־טוב, פאַר אַלע יידן אויף דער גאַנצער וועלט.

ב

די שנאה צום לאַנגן און ברייטן גלות אונדזערן איז אַ שנאת חנם. ספּעציעל אין אונדזערע טעג, ווען דער גלות איז פּלוצים דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַן אמתן חוץ לארץ, וואָס איז נישט בלויז אַ פּראַזע פון גלויבן, נאָר בפירוש, אַ געענטפערטע תפילה פון דורות — מיר האָבן אַן ארץ־ישראל, און מיר פאַרמאָגן נאָך אַלץ אַ גרויסן חוץ לארץ.

דערפאַר איז אפילו פּאָליטיש נישט קלוג צו דערנידעריקן און באַליי־דיקן דעם גלות. מדינת ישראל און דער גלות שטעלן מיט זיך פאָר דאָס יידישע פאָלק. מדינת ישראל איז דער רעזולטאַט פון אַ גרויסער גלות־אויסבענקעניש. ארץ־ישראל האָט ביי די גלות־יידן געוואוינט אין די הערצער און געזונגען אין דיביינער. אָן דער בענקשאַפט און אָן דעם געזאַנג וואָלט קיין מדינת ישראל נישט מעגלעך געווען.

דערפאַר וואָלט מען געמעגט אויפהערן וואַרפן שטיינער אויפן גלות פון אונדזער פארגאנגענהייט און אויף די איצטיקע תפוצות, וואָס צוזאַ־מען שטעלן זיי מיט זיך פאָר — יידישע געשיכטע. אין גלות איז מיט אונדז געווען דער רבונו של עולם. אונדזערע זיידעס און טאַטעס האָבן זיך מיט אים דורכגעשמועסט טאָג־טעגלעך, נישט ווי מיט אַ וויטן הימל־באַוואוינער, נאָר ווי מיט א טאַטע־פאָטער וואָס איז געווען מיט יידן אין גלות.

אין גלות האָבן יידן פאַרגעזעצט זייער מאָראַליש לעבן. אין גלות איז פאָרגעקומען די הארץ־ריניקונג און די רייניקונג פון יידישן גייסט, וואָס די נביאים האָבן אומזיסט געפאָדערט פון יידן אין אמאָליקן ירושלים.

אין גלות האָבן יידן געשאַפן פאַר זיך אַ גייסטיק ארץ־ישראל. אין גלות איז אויסגעקריסטאַליזירט געוואָרן די מאָדערנע יידישע פערזענ־לעכקייט. ס׳איז אַנטשטאַנען די פראָלעטאַרישע גייסטיקע אַריסטאָקראַטיע פון חסידיזם. עס זענען אויסגעשאַרפט געוואָרן די וואָפנס פון ראַדי־קאַליזם, און ס׳איז אויפגעקומען דאָס גרעסטע פילאָלאָגישע וואונדער פון אונדזער צייט — דאָס יידישע לשון.

דערפאַר דאַרף מען זיין געוואָרנט און נישט מזלזל זיין אין גלות, וואו די גשמיות איז געווען בלויז אַ טפל. מ׳האָט אונדז אַריינגעקוועטשט אין ענגשאַפט, וואו מיר האָבן נישט געקאָנט זיין קיין גרויסע אַרכיטעקטן, קיין גרויסע עקאָנאָמיסטן, וואו חיונה איז אָפט געווען אַ פאַרמעסט מיט די אונטערדריקערס אונדזערע, וואָס האָבן אונדז אָפט געריסן דאָס ברויט פון מויל. מיר האָבן אין דער ענגשאַפט פון גלות געבויט אין דער הויך. מיר האָבן דורך אונדזערע אַלע גלותן געבויט אַ ריזיקן בבל־טורעם, אָבער נישט מיט חוצפה, נאָר מיט בענקשאַפט צו די הימלען.

א סך עלטערע שרייבערס אונדזערע האָבן אַליין געהאָלפן מבזה זיין דעם גלות, און נישט געזען די גרויסע שטאָלצע קרוין וואָס יעדער כלומרשט־דערנידעריקטער ייד האָט געטראָגן אין גלות, ווען ער האָט מבטל געווען זיינע דערנידעריקערס און געקוקט אויף זיי ווי אויף חיות.

די שרייבערס וואָס האָבן מבזה געווען דעם גלות, האָבן נישט־ווילנדיק איבערגענומען ביי די אנטיסעמיטן זייער שנאה צום ייד און עס אריינגעשריבן אין זייערע אייגענע ביכער. זיי האָבן אַליין נישט געשפירט, אַז אויב גלות מיינט דערנידעריקונג און פארקנעכטונג, זענען זיי געווען די ערשטע קרבנות, ווייל דורך זיי האָט גערעדט דער וועלט־אַנטיסעמיטיזם, ווען זיי האָבן באַליידיקט דעם געדולדיקסטן, גלויביקסטן און בטחונדיקסטן מענטש אין דער וועלט — דעם גלות־ייד, וואָס האָט מאָראַליש זיך דערהויבן איבער זיינע שכנים, געשטאַנען הימל־הויך איבער זיין רוצח און פייניקער. דער אַנטיסעמיטיזם האָט דעם יידן געשטאָכן, אָבער קיינמאָל נישט געבראָכן.

ווען די יידן זענען אַרויס פון מצרים זענען זיי געווען קנעכט, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן דורך נסים, אָבער די יידן אַליין זענען גייסטיק נישט באַפרייט געוואָרן. ווען מיר זענען פאַרטריבן געוואָרן פון ירושלים, האָבן מיר גייסטיק „פראָפיטירט" פון אונדזערע יסורים. די יידן האָבן

אונדז נישט פאַרטעמפּט, זיי האָבן דערהויבן און געלייטערט דעם ייד פון דעם נייעם לאַנגן דור המדבר.

מיר גלויבן נאָך אַלץ, אַז מדינת ישראל איז אַ גרעסערע גייסטיקע פעסטונג ווי אַ מיליטערישע פעסטונג. דאָס איז בפירוש דערפאַר, ווייל די היינטיקע מדינת ישראל איז געבויט געוואָרן דורך דעם מאָדערנעם און געלייטערטן דור המדבר, סיי אין ארץ־ישראל גופא און סיי מחוץ־לארץ, וואו ארץ־ישראל איז געבויט געוואָרן טאָג־טעגלעך. ס'איז נישט נאָר געווען אַ נסימדיקער און געטלעכער כיבוש הארץ מיט יריחו־ווענט, וואָס פאַלן מיטן שאַלן פון שופר, הגם אַזעלכע נסים און נאָך גרעסערע זענען געשען פאַר אונדזערע אויגן, נאָר די איצטיקע מדינת ישראל איז אויך אַ רעזולטאַט פון אַ גרויסער גייסטיקער און מאָראַלישער דערהויבונג, וואָס דער גלות־ייד האָט דערגרייכט.

מיר זענען איצטער שענערע און געלייטערטע יידן, ווי ס'זענען געווען די יידן וואָס האָבן געוואַנדערט פערציק יאָר אין מדבר. אונדזער טויזנט־יאָריקער וואַנדער האָט אונדז העכער דערהויבן און טיפער אויסגעאיידלט.

די שנאה צום גלות איז די גרעסטע אומדאַנקבאַרקייט. באַפרייאונג פון גלות — אוודאי; אונדזערע אור־עלטערן האָבן זיך דריי מאָל אַ טאָג באַפרייט פון גלות, אָבער באַשפּייאונג פון גלות, מיינט זעלבסט־באַשפּייאונג.

אפילו דער מכלומרשטער פחד אונדזערער איז דאָך אָפט געווען די גרעסטע העלדישקייט. ס'האָט זיך געפאָדערט אַ סך מער מוט פאַר ז'עם ייד אין גלות צו בויען אַ הויז, פאַרפלאַנצן אַ משפחה, לייגן אַ פונדאַמענט, שלאָגן שינדלען, דעקן אַ דאַך, אַ גייסטיקן דאַך איבערן קאָפּ; בויען א צוקונפט, כדי ס'זאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן יעקבס נאָמען, מער מוט ווי צו זיין אַ טויטער העלד, שטעלנדיק אין געפאַר און איינשטעלנדיק דעם גרעסטן יידישן בטחון אין דער צוקונפט.

דאָס מעגן געדענקען די אַלע איבערהיפּערערס אונדזערע. די יידישע געשיכטע איז גאַנץ און המשכדיק און דורכאויס הייליק.

1960

# מרדכי יפהס ירושה

(„ארץ ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור")

מיר איז שווער געווען צוצוגיין צום בוך — „ארץ ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור", צום לעבעדיקן צאַפּל וואָס דאָס בוך האָט אין זיך, פון דעם שפּרודלדיקן קריטיקער און פּאָעט — וויסנדיק, אַז ס'איז שוין ירושה: אַט ערשט האָבן נאָך זיינע לעבעדיקע הענט געהאַלטן דאָס בוך, ליגנדיק אויפן שפּיטאָל־בעט, דאָס ווערק, וואָס אויף דעם האָט ער אַוועקגעגעבן די לעצטע עטלעכע יאָר פון זיין לעבן, וואָס איז נאָך געווען פול מיט אזויפיל ווילן צו טאָן און צו טאָן, און אַלץ פאַר דער גרויס־קייט, פאַר דער שותפותדיקייט פון אונדזער אַלעמענס ליבשאַפט צום יידישן וואָרט, צום סוד פון דער אייביק געטייטשטער קוואַליקער אָריגי־נאַליטעט.

מרדכי יפה האָט אויף אַן אמת, אָן שום טעאָרעטישע באַגרינדונגען, איינגעזאַפּט אין זיך אַ ליבשאַפט צום יידישן העברעאיש, וואָס אונדזער פאָלק האָט געשאַפן דורך די דורות וואָס זענען געוואָרן אונדזער אייגן־לעבעדיקע געשיכטע.

ער האָט ליב געהאַט אהבת נפש די שעפערס פון העברעאישן און יידישן קינסטלערישן וואָרט. ער האָט געקאָנט ליב האָבן אַ חבר אויפן אלטמאָדישן שטייגער, צוזאַמענגעקנופּט, ווי מ'וואָלט אָקאָרשט געלערנט אין איין חדר. טאָמער האָט ער פיינט געהאַט און ער האָט געהאַט גענוג גערעכטע און איינגערעדטע סיבות דערפאַר — האָט איין גוט וואָרט פון זיינעם אַ „שונא" אים מפייס געווען. ער האָט קיינמאָל קיינעם נישט פאַרלייקנט, מ'האָט אים קיינמאָל נישט געקאָנט איבערצייגן, אז אַ גוט ליד איז נישט קיין זכות, וואָס דאַרף ביישטיין.

ער האָט ממש שעמעוודיק גערעדט פון זיינע אייגענע אָריגינעלע דערגרייכונגען. ער איז אָבער געווען פול מיט דעם לעבעדיקן זשום פון צענדליקער נעמען פון העברעאישע און יידישע שרייבער. ער איז געווען דער געבוירענער זאַמלער אונדזערער, מיט אַ ברענענדיקער מיסיע צו באַווייזן ווי גרויס און ווי רייך איז אונדזער פאַרמעג, און ווי גרינג ס'איז

דער איבערגאַנג פון העברעאיש צו יידיש, ווי קינדער פון איין גרויסער בענקשאַפט.

מרדכי יפהס מאָנומענטאַלע אַנטאָלאָגיע פון דער העברעאישער פּאָעזיע, אין צוויי בענד, מיט זיינע פּירושים און קאָמענטאַרן, זיינע התלהבותדיקע אָפּשאַצן, פון די סאַמע עלטסטע ביז די יינגסטע העברע־אישע פּאָעטן, איז אַ קאָלאָסאַלער אויפטו, ווייל ס׳איז ביי אים ארויס־געקומען מיט דער איבערצייגנדיקייט פון אמונה, אַזביידע לשונות זענען איין אָפּשפּאָר. דער עיקר איז עס געקומען צום אויסדרוק אין זיין מייס־טערישער איבערזעצונג, וואָס טראָגט אויף זיך דעם נאַציאָנאַלן חותם פון אונדזער כסדרדיקער בהדרגהדיקער העברעאיזירונג. דאָס איז מאַטעריאַל פּאַר אַ באַזונדערער שטודיע, צו דעמאָנסטרירן דעם איבער־גאַנג, כ׳וואָלט געזאָגט דעם גרינגן איבערגליטש, פון א העברעאישער שורה אין א יידישער, ווי עס קומט אַרויס ביי יפהן. זיינע איבערזעצונ־גען זענען קינסטלערישע טראַקטאַטן אויף צו אַנטפּלעקן דעם זעט־איר־דאָך, ווי ביידע לשונות לעבן צוזאַמען, נישט נאָר אין אינהאַלט נאָר אין גייסט. דער צוגאַנג יפהס צו די העברעאישע טעקסטן איז נישט געווען ווי צו איבערזעצונגס־מאַטעריאַל, נאָר ווי צו אַ חלום פון חדר, ווען ביידע לשונות זענען איינגעשטאַנען ביים מלמד אין די הענט.

אַזוי איז אויך געווען זיין אויסוואַל פון די „צען ישראל־דיכטער פון דער העברעאישער פּאָעזיע". די איבערזעצונגען זענען דערגענצט געוואָרן פון שאַרפע, בילדלעכע און קורצע עסייען. יפה האָט געקאָנט שאַפן גוטע ריטמישע זאַצן, ווען ער האָט זיך גענומען די מי. ער איז געווען אַ מייסטער אויף קאָנדענסירן און אַריינפּרעסן אין אַ זאַץ אַזוי־פיל זאָגעוודיקייט, ווי ס׳איז נאָר מעגלעך געווען. ער האָט געטראָפן צו די ריכטיקע ווערטער און ער האָט געקאָנט לויבן מיט אַ פולער האנט, אַ פול מויל און זיך אַליין נישט טאָן קיין עוולה. זיינע מיניאַטור־עסייען וועגן שרייבערס וואָס ער האָט באמת ליב געהאַט, זענען געווען דורכ־דרינגלעכע מייסטערווערקלעך. ער האָט פאַרמאָגט אַ חוש אַזאַ פּטור צו ווערן פון טפל און שרייבן תוכיק.

אים האָט זיך נישט פויגלדיק געלעבט. ער איז בטבע געווען אַ באַהעם, וואָס האָט זיך שווער אונטערגעגעבן צו דיסציפּלין און נאָך שווערער צו זעלבסט־דיסציפּלין. ער האָט געהאַט אַ קינדיש האַרץ, און

ווען ער האָט זיך געמוזט, באין ברירה, אונטערגעבן צום לעבן, האָט ער געליטן און זיין אייגן לעבן האָט געליטן. אָבער ביי דעם אַלעמען איז געווען אַ וואונדער, וואָס דווקא ער האָט זיך אונטערגענומען דורכצופירן גרויסע ליטעראַרישע פּראָיעקטן, און דאָס גרעסטע וואונדער איז געווען, וואָס ער האָט די פּראָיעקטן דורכגעפירט.

אָפּטמאָל האָב איך געזען אין די גרויסע בנינים, די אַנטאָלאָגיעס און די פּאַרטראַכטע מאָנאָגראַפיעס, אַ ווײלן אַנטלויפן פון זיך. אים איז געווען גרינגער צו פרייען זיך מיט יענעמס אַרבעט, ווי צו דערגרונטעווען זיך צו אייגענער פרייד. ער האָט אויף זיך גענומען גרויסע נאַציאָנאַלע פליכטן, ווייל ס'איז אים שווער געווען צו טראָגן דעם אייגענעם עול פון לעבן. נאָכאַלעמען האָט ער דאָך אָנגעהויבן ווי אַ פּאָעט אין 1917, און ער האָט נאָך אין 1920 אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער, שפּעטער אַ בוך דערציילונגען, נאָר פאַר זיין אייגענער קינסטלערישער אַנטוויקלונג האָט אים געפעלט די זיך־דיסציפּלין, וואָס יעדער צו־זיך איבערגעגעבענער קינסטלער מוז האָבן. זיין ליבשאַפט צו שאַפן, באַשעפטיקן, בויען גרויסע פּראָיעקטן איז געווען אַן עכטע, אָבער ס'האָט אים אויך געדינט ווי אַן אַנטלויף פון זיך.

זיין באַזעצן זיך אין ישראל האָט א קורצע צייט אויסגעזען ווי די מזלדיקסטע זאַך וואָס מיט אים האָט געקאָנט געשען, אָבער אויך דאָרט האָט אים די שוואַכע זעלבסט־דיסציפּלין געשטרויכלט און ער האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען, נישט נאָר אויף דער גאַס, נישט אין די ד' אמות פון זיין שטוב און אין אייגן־געפלאַנצטן גאָרטן.

דער באַרימטער דראַמאַטורג יודזשין אָ'ניעל איז געווען באקאנט פאַר אַ גרויסן טרינקער. ער האָט אָבער נישט איינמאָל באַמערקט, אַז דער וואָס רעדט זיך איין, אַז מען קאָן בויען אייגענע קינסטלערישע בנינים אין אַן אַלקאָהאָלישן צושטאַנד, איז א פאַנטאַזיאָר. ווען אָ'ניעל האָט געשריבן זיינע דראַמעס איז ער געווען ניכטער. ער האָט זיך געהיילט פאַר זיין אייגענער דערלייזונג. ס'איז אַ גרויסער ספק, צי מ'קאָן אפילו אָנשרייבן אַ קורץ ליד, אין אַ צושטאַנד פון זיך־פאַרטעמפּונג.

מרדכי יפה האָט מחמת זיין שוואַכער שליטה איבער זיך, פון אַ סך שטאַנדפּונקטן, נישט געקאָנט זיך אַרויספירן, אָבער ער האָט ביי דער גאַנצער פאַרלוירנקייט, סענטימענטאַל ביז טרערן — ער האָט זייער

אָפּט און זייער גרינג געקאָנט וויינען — דורכגעפירט בשלימות נאַציאָנאַלע פּראָיעקטן, מיט דעם גאַנצן גלויביקן ברען וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין זיך.

ער האָט אַפילו געקאָנט פאַרטראַכטן. זיינע אַנטאָלאָגיעס זענען דאָך נישט נאָר דורכפירונגען, נאָר טאַקע אויסגעמוחטע פאַרטראַכטונגען און אַרבעט, אויסגעזעסענע אַרבעט. ער איז אַ צייט געווען אַ גוטער זשורנאַליסט און ער האָט אויך זיינע זשורנאַליסטישע מעלות אַריינגעטאָן אין זיין אַרבעט. איינע פון זיינע שענסטע פאַרטראַכטונגען איז געווען די לעצטע ירושה וואָס ער האָט איבערגעלאָזט — „ארץ-ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור". דאָס איז געווען אַ גרויסע אידייע פאַר אַ גרויסער, פאַרנעמיקער, אידעאַלער אַרבעט. ער האָט געלעבט מיט איר די לעצטער עטלעכע יאָר זיינע. אים איז ווידער געגאַנגען אין באַווייזן אַ גרויסע זאַך. ווי באַהעמיש ער איז געווען, האָט ער פאַרמאָגט אַן אייזערנע עקשנות, צו קאָנען צווינגען מענטשן אים צו העלפן מיטבויען. ער האָט געקאָנט שאַפן און אויספועלן מיטלען פאַר זיינע מאָנומענטן, אפילו ווען ס'האָט אויסגעזען — פּיתום ורעמסס.

וואָס האָט ער געוואָלט באַווייזן? ער זאָגט עס פשוט אין זיין אריינפיר צו דער לעצטער גרויסער אַנטאָלאָגיע זיינער, וואָס האַלט אַ 450 זייטן און וואָס דער פאַרלאַג י. ל. פרץ אין ישראל האָט אַרויסגעגעבן, אַז ער וויל — „בעיקר אונטערשטרייכן דעם צוטראַג צום לאַנד פון די יידיש-שרייבערס. זיי האָבן כסדר, בפרט אין דער לעצטער תקופה, מיט זייערע שאַפונגען אין ליד און אין פּראָזע, זיך אידענטיפיצירט מיט ארץ ישראל, און האָבן עס אויסגעדריקט אין אַ שלל קינסטלערישע ווערק". די אַנטאָלאָגיע האָט געזאָלט זיין אַ צווײ בענדיקע. דערשינען איז בלויז דער פּאָעזיע-באַנד, אָבער יפה האָט אויך געהאַלטן אין ארבעטן אויף דעם פּראָזע-באַנד, ווען זיין לעבן איז אַזוי אומגעריכט איבערגעריסן געוואָרן.

דווקא פאַר דער אַנטאָלאָגיע האָט מרדכי יפה זיך נישט געניטיקט אין אַ לענגערן אַריינפיר. די זאַמלונג פון ארץ ישראל-לידער אין דער יידישער ליטעראַטור רעדט פאַר זיך אַליין, און כ'האָב טאַקע געעצהט יפהן, ווען ער האָט מיר געוויזן זיין הקדמה, אַז ער זאָל זיך כאָטש באַגיין אָן די יעמוידס צו עטלעכע פּאָעטן, וואָס זענען פאַרטראָטן אין דער אַנטאָ-

לאָגיע. יפהן איז, ווי מיר דאַכט זיך, אַ שאָד געווען זיינע ווערטער־קרייזעלעך וואָס ער האָט אין דער הקדמה אריינגעלייגט און וואָס ער האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט, אפילו ווען זיי האָבן אַמאָל איבערגעפירט די גאַנצקייט פון זיינס אַן עסיי. אין דער הקדמה געפינען מיר אַז מאָריס ראָזנפעלד האָט דעם ארץ ישראל־מאָטיוו „נישט מליצהדיק פּאַרוואַסערט, נאָר נשמהדיק פּאַרפייערט". וועגן קאַדיע מאָלאָדאָווסקי שפּילט ער זיך מיט „וואוילקענעוודיקייט" און „וואוילחנעוודיקייט". ביי חיים גראַדען ציט אים צו נוצן אַזעלכע פּאַראַלעליזמען, ווי „אַרויסגעווייטיקט, ארויס־גענייטיקט". וועגן לייזער וואָלפן זאָגט ער, אז זיין שילדערונג איז אַ „באַזאַכטע און באַדאַכטע". אין שייכות מיט אברהם לעווס ליד, געפינט ער אַזעלכע נאָענטע ווערטער־קרובים ווי „וואונדן און וואונדער", און ביים ישראלדיקן יידיש־פּאָעט י. צ. שארגעל צעשפּילט זיך יפה און ער קריגט אַרויס אַזאַ פּאַטשערקע, ווי „דורכגעפּאָקט און דורכגעמזלט" (בלשון מזל). אין זיין הקדמה האָט ער נאָך אַזעלכע גראַמען, ווי חיבה־ליבע, שטיץ־פּונקט און באַשיץ־פּונקט, פּאַקטישקייט און פּראַקטישקייט. ס'איז קלאָר אז יפה האָט חס געהאַט אויף דער צו פאַרשווענדערישער אויסשטעלונג פון וואָרט־שפּילערייען און ער האָט אַריינגעגעבן די הקדמה, וואָס האָט געמעגט זיין אַ קורצער זאַכלעכער אַריינפיר, וואָס זיין תמצית איז ביי אים אויסגעדריקט אין איין פּאַראַגראַף:

„די יידיש־דיכטער האָבן אין זייער שירה באַזונגען ארץ ישראל, געשילדערט דאָס לאַנד אין אַלע זיינע פּראָצעסן און אין צושטאַנדן, אין אַלע מאָמענטן פון געראַנגל, קאַמף און אויפבוי. זיי האָבן אויפ־גענומען אַלע טיפן פון קיבוץ גלויות. זיי האָבן געמאָלן די לאַנדשאַפט פון ארץ ישראל, אויפגעכאַפּט דאָס לעבן פון די שטעט און דערפער, קיבוצים, מושבים און מושבות".

מען מעג נישט אינגאַנצן מסכים זיין מיט דעם געניטן אַנטאָלאָגיסט, אַז אים האָט זיך איינגעגעבן — „אַרויסנעמען יחידי־סגולהדיקע לידער, וואָס זענען קודם כל קינסטלעריש", אָדער אַז אין דער אַנטאָלאָגיע — „האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ וואונדערלעכע דערשיינונג: טענדענץ און קינסטלערישקייט האַרמאָניזירן און דערגענצן איינע די אַנדערע". ס'איז אַ גרויסער ספק, צי אין די לידער פון אליקום צונזער, למשל, איז פאַראַן אַזאַ האַרמאָניע.

פון שמחה טרערן פליסן,
לאָזט מיך האַלדזן, קושן,
רוט אייך אויס ביי מיר די ביינער, האַרצנס-געסט!

ס׳וואָלט אָבער געווען אן עוולה אַז מ׳וואָלט נישט אַריינגענומען דעם באַרימטן בדחן אין אַזאַ זאַמלונג. די אַנטאָלאָגיע הויבט זיך אָן מיט אברהם גאָלדפאַדענען און ענדיקט זיך מיט דער יונגער, עטלעכע און צוואַנציק יאָריקער יידישער דיכטערין רחל פישמאַן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין פילאַדעלפיע און וואוינט איצטער אין מדינת ישראל. גאָלדפאַדען איז געבוירן געוואָרן אין 1840 און רחל פישמאַן אין 1935, אַ שפאַן פון כמעט הונדערט יאָר. מ׳קאָן דערפאַר זאָגן, אַז דאָס איז דער צייט-שטח פון די מאָדערנע יידישע לידער וועגן ארץ ישראל און מדינת ישראל. ביי איבער ניינציק יידישע פּאָעטן האָט מרדכי יפה געפונען לידער וועגן ארץ ישראל. צווישן זיי האָב איך איבערגעציילט נישט ווייניקער פון דרייסיק יידיש-פּאָעטן, וואָס לעבן איצטער אין ישראל, און וואָס זייער זכות פאַר יידיש און פאַר אַזאַ אַנטאָלאָגיע איז גאָר-גאָר גרויס. דער רוב פון זיי האָט טאַקע צוגעטראָגן צו דער אַנטאָלאָגיע אמת-קינסטלערישע און יידיש-באַנייטע לידער.

ס׳איז באמת אַ נחת צו מישן די בלעטער פון דער לעצטער מאָנו-מענטאַלער אַרבעט, וואָס מרדכי יפה האָט אונדז איבערגעלאָזט ווי אַ ירושה. דער פּאָעטישער אריינפיר צו דער אַנטאָלאָגיע איז דאָס באַקאַנטע פאָלקס-ליד — „פּאָרט אַ ייד קיין ארץ ישראל", אָבער ס׳האָבן אויך געקאָנט גילטן די פיר שורות פון י. צ. שאַרגעל, וואָס וואוינט שוין איבער דרייסיק יאָר אין ישראל.

מיט דיר האָב איך געשאַפן יאָר נאָך יאָר
אין יום-טוב-טעג מיט דיר געטרונקען קידוש.
צינד מיט פולע לונגען פון זינגעוודיקער וואָר,
איך זינג דיין זיין אויף מיין מאַמעס לשון — יידיש.

פאַראַן אין דער אַנטאָלאָגיע אַזויפיל געזונגענע ליבשאַפט צו דער פאַראייגנטער ערד, וואָס דאָס אַליין איז אַ וואונדערלעכער צוגאָב צום יידישן וועלט-ליד. אריה שמרי זינגט —

צו דיין וואַרעמען לייב, מיין ליימיקע ערד,
וועט קומען מיט דאַנק דיין ליבלינג און זויגלינג —
נעם מיך צו, זאָל זיין ווי באַשערט,
זאָל אַרויסזוגען גראָז פון מיינע אויגן.

**און דער סאָברעניק פון דריטן דור, וואָס האָט ביידע פיס פאַר־לוירן אויפן שלאַכטפעלד, זינגט אין יעקב פרידמאַנס ליד —**

אַ סברה, מען קאָן אַ טראַקטאָר פירן אָן די פיס,
און לידלען פאַר די שאָף און רינדער.
מ'קאָן אויך ליגן אין גרינינקן פעלד
און באַגאַפן דעם אויבערשטנס וואונדער.

**ביידע פאָעטן זענען ישראלדיקע תושבים, שמרי דער עלטערער תושב. ביידע פירן דאָס יידישע ליד אויף נייע וועגן — „צו באַגאַפן דעם אויבערשטנס וואונדער".**

**ס'איז בלויז א וויטיק, וואָס ווען מרדכי יפה האָט געהאַלטן דאָס בוך, האָט ער נאָך געהאַט עטלעכע געציילטע טעג, וואָס זענען געווען זיין אייגנס, אָבער אונדז האָט ער איבערגעלאָזט אַ גרויסע לעבע־דיקע ירושה, פול מיט ליבשאַפט און געטריישאַפט צו זיין אידעאַל, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין זיין געבוירנשטעטל — דוסיאַט, ערגעץ לעבן קאָוונע, און שפעטער אין דער לידער ישיבה, און נאָך שפעטער אין אָדעס, וואו ער האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשט ליד, אונטער דער רעדאַקציע פון ביאַליק און ראַווניצקי, די גרויסע העברעאיש־יידישע לעגענדע־שפינערס פון אונדזער עבר וואָס איז בימינו געוואָרן לעבעדיקע היינטצייטיקייט. מרדכי יפה האָט אָנגעהויבן מיט א „דעקלאַמאַטאָר", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט דעם נאָוועליסט ב. עפּלבוים, אין אָדעס; און זיין לעצטע אַנטאָלאָגיע איז אַ דענקמאָל צו דער טראַדיציע פון דורכשניטלעכן יידישן פאָעט אויף זיינע וועגן פון זיין דוסיאַט, לידע, אָדעס, ניו־יאָרק — מדינת ישראל. דאָס איז אונדזער אַלעמענס טראַ־דיציע, מיט נעמען פון אַנדערע יידישע שטעט, וואָס האָבן זיך געצויגן און אַוועקגעצויגן — מיט בענקשאַפט צו ארץ ישראל. אַזוי זינגט אברהם גאָלדפאַדען אין זיין ליד, עפענענדיק די אַנטאָלאָגיע —**

צי קומסטו אָפּט אויף די קברים צו גיין
פון די אבות און העלדן פון פריער?
און אויפן באַרג ציון יעדן איינציקן שטיין
גריס, מאַמעניו, פריינטלעך, פריינטלעך פון מיר.

און דעם גאָלדענעם טעאַטערל, גאָלדפאַדענען, ענטפערט, מיט הונדערט יאָר שפּעטער, רחל פישמאַן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין פילאַדעלפיע, מיט אַ ליד, נישט פון בענקשאַפט, נאָר פון פרייד און דערגרייכטקייט אין מדינת ישראל.

אויב פון קלייבן זיסע, זוניקע טרויבן
גיסט זיך אין די אָדערן אַ פרייד —
זאָלסטו מיך לאָזן לאַכן,
אַזוי ווי מען לאָזט
אַ רעגן ווען ער רעגנט,
אַ שניי
ווען ער שנייט.

1961

## יעקב פאַטס „שמועסן מיט שרייבער אין ישראל"

כ'קען נישט נאָך אַ יידישן שרייבער, וואָס שרייבט אַזוי לאַנג ווי יעקב פאַט און וואָס איז אַזוי מיט ביידע פיס אין אונדזער ליטעראַרישער באַלעבאַטעשאַפט, אַז ער זאָל נאָך אַלץ אָנהאַלטן זיין גאַנצע און פולע ליבשאַפט צו שרייבערס און זייערע ווערק און וואָס זאָל עס אַזוי וואַרעם אויסדריקן, יעדער מאָל, ווען אים קומט אויס צו רעדן אָדער שרייבן וועגן אַ שרייבער — ממש מיט דער אומבאַרירטער גלויביקייט פון אַ נאָר־וואָס אָנגעקומענעם. אַזוי איז ער געווען אין זיינע „שמועסן מיט יידישע שרייבער", וואָס איז דערשינען מיט עטלעכע יאָר צוריק, און

אַזוי קומט צום אויסדרוק זיין וואַרעמע באַוואונדערונג אין זיינע „שמועסן מיט שרייבער אין ישראל״.

און גראָד איז אין זיינע שמועסן זעלטן צו געפינען אַ וואָרט פון איבערטרייבונג, אָדער דעם געוויינלעכן נוסח פון באלויבן אַ שרייבער. די וואַרעמקייט איז גיכער אַן אָרגאַנישע, אַן איינגעבוירענע, וואָס שטאַמט און קוואַלט פון אים אליין, וואָס זיינע שמועסן ווערן שוין ממילא אָנגעוואַרעמט, ווי נאָר ער דערזעט דעם יידישן שרייבער און ער גורלט אים אַריין אין דער גאַנצער טראַגיק פון יידישער געשיכטלעכער עקזיסטענץ. ווי ער וואָלט כסדר געהאַט אין זינען — לאָמיר זיין גוט, איינער צום אַנדערן, ווייל ס׳איז אַ רבותא צו זיין אַ יידישער שרייבער, וואָס גייט־דורך דעם גאַנצן וועג, מיט זיין פאָלק, און ווענדט נישט אָפּ די אויגן פון דער אחריות און פון דער געשיכטלעכער משא. אַזוי טראַכט פאַט פון די יידישע שרייבערס, וואָס זענען געווידמעט און איבערגעגעבן צו זייער מיסיע, וואָס זייער שרייבערישע עקזיסטענץ איז אַ מעת־לעתיקע — דעם פולן טאָג און די פולע נאַכט פון יידישן לעבן.

ווען ער איז אין מדינת ישראל געקומען צו די פופצן העברעאישע שרייבער און צו די צוויי יידיש־שרייבערס און מיט זיי פאַרקנופּט שמועסן, איז ער געקומען מיט דער זעלביקער אַנטקעגנגעטראָגענער ליבשאַפט און פארוואונדערונג, וואָס מיט איר איז ער געקומען צו די יידישע שרייבערס אין ניו־יאָרק. אויב דאָס בוך — „שמועסן מיט שרייבער אין ישראל״ מאַכט אַ קילערן איינדרוק, ווי די פריערדיקע „שמועסן מיט יידישע שרייבער״, איז עס נישט זיין שולד. די אַלכעמיע פון די שמועסן איז די זעלביקע. אָבער די שרייבערס אין ישראל זענען אין תוך אַנדערש ווי די יידישע שרייבערס אין ניו־יאָרק. ס׳איז אויך מעגלעך, אז טיף־אינערלעך האָט יעקב פאַט, בעת זיינע שמועסן, געשפּירט, אַז זיי — די העברעאישע שרייבערס, זענען שוין אויסגעזאָרגט. ער דאַרף זיך וועגן זיי נישט דאגהן. זייער עקזיסטענץ איז איינגעפונדעוועט אין ערד וואָס איז צוקונפט, בעת ביים יידישן שרייבער איז לשון אַליין אויך ערד, אָבער צוגעטראַכטע, אויסגעחלומטע און פאַרשוועבטע. מיט אַזאַ חבר־שרייבער, וואָס הענגט אין דער לופטן, מיט זיין ערד, און פליט שאַגאַליסטיש, מיט זיינע ביכער און ווערק איבער יידישע דעכער און שטיבער, איז פאַראַן מער וואָס צו רעדן און מער וואָס אַריינצורעדן.

קורץ, דער פאַנטאַסט פאַט קאָן מיט אַ יידישן שרייבער אַביסל אַ מיט־פאַנטאַזיר־טאָן, ווייל ער ווייסט גוט זיינע דאגות און זיינע אייגן און שווער־דערוואָרבענע נחתן. מיט א העברעאישן שרייבער זיצט פאַט און די פליגל זיינע זענען צוגעפּענטעט צו דער ערד. דער פארחלומטסטער העברעאישער דיכטער איז אַ רעאַליסט. ער פאַרמאָגט כך וכך, און מ׳קאָן עס איבערציילן און ציען דערפון שרייבערישע חיונה. אין פאַרגלייך מיטן יידישן שרייבער איז ער אַ שטיקל קולאַק, נישט חלילה אין חוצפּה און געוועלטיקייט, הגם דאָס אויך אַמאָל, נאָר דער עיקר אין האַרטן פאַרמאָג, דאָס וואָס מען רופט אייגענע לופט, אן אייגענער הימל, אַ לשון פון ארומגערינגלטע קינדער, אַן עולם הבא וואָס מ׳קאָן אים עולם הזהדיק גלעטן און פון אים הנאה האָבן. דער עולם הבא האָט שוין ווערטיקע קופּאָנעס. אַזאַ מערטשעם־דערלעבטער יידישער שרייבער איז פאַר פאַטן געווען א נייס, און ס׳האָט מסתמא געהאַט אַ שטיקל איינפלוס אויף דעם געקנופּט־און־געבונדן פון שמועס. דער מערטשעם פון א יידישן, אַן אונדזעריקן שרייבער, מיט וועמען פאַט האָט דורכגעלעבט אַ לעבן־לאַנג, איז א לופטיקער, אַ מנחם־מענדלדיקער, אַ נישט מקוים־געוואָרענער.

האָבן מיר פאַר זיך, אין דעם סטיל און אין סגנון פון בוך, אַ קאַפּיטשקע פרעמדקייט, וואָס קילט אַביסל אָפּ די שטענדיקע וואַרעמקייט פון דעם שמועסער און אריינשמועסער ווי מיר קענען אים פון זיין ערשט בוך. ווער ס׳וויל זען דעם חילוק, דאַרף בלויז אַ לייען טאָן זיין שמועס — זאָגן מיר, מיט דער העברעאישער דיכטערין לאה גאָלדבערג אָדער מיט שמואל יוסף עגנון, און גלייך נאָכדעם גיך אַריבערגיין צום היימישן און גוט־באַקאַנטן שמועס־נוסח מיט אברהם סוצקעווערן און מיט יוסף פּאַפּיערניקאָוון. פאַט קניפּט־אָן גיך מיט זיי דעם מאָנאָלאָג־דיאַלאָג. ער פלעכט אַרום זייערע רייד מיט זיינע און ס׳ווערט דערפון אַ וואַרעמער צוזאמענרייד.

מיט די מיינסטע העברעאישע שרייבערס נעמט לענגער, ביז ווייטער ברודער באַקענט זיך צו נאָענטן ברודער. פאַט וואַרט אויף דעם מאָמענט, און אַז ער קומט, קאָן ער מער נישט אָפּשטעלן דעם באַקאַנטן שטראָם רייד און ס׳ווערט אַ — ברודערשאַפט. אָבער ביז ס׳קומט דער דאָזיקער מאָמענט פון באַקענונג, שלעפּט עס זיך אַ קאַפּיטשקע און דער שמועס סקריפּעט־אונטער. דער אויסגעפרעגטער שרייבער רעדט א לענגערע

צייט אַליין, פֿאַט פֿאַלט אים נישט אַריין אין די רייד. די יידישע שריי־בערס קען פֿאַט אויסגעבונדן; ער קען זיי, די ליבע שלימזלניקעס, וואָס האָבן געשטעלט אויף גאַרנישט און געוואונען עפּעס אַזוינס, וואָס מען דאַרף דעראָנען און דערשפּירן. די העברעאישע שרייבערס מאַכן אין זייערע שמועסן דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן זיך גלייך געגומען צו א רעכטער מלאכה און צו א פֿונדאַמענטאַלער און לייטישער זאַך. מ'האָט זיי טאַקע אַמאָל גערופֿן „לשון־קודשניקעס", אָבער זיי האָבן געוואוסט וואָס זיי טוען.

איז דאָס אַלץ פֿאַראַן אין די „שמועסן מיט שרייבער אין ישראל", דאָ אַביסל, דאָרט אַביסל. פֿאַט געפֿינט זיך אין דער מסיבה פֿון אַרויפֿגע־אַרבעטע ברידער און ער שענקט זיי זיין גאַנצע דערשטוינונג, אַז מיטן יידישן אלף־בית זאָל מען זיך קאָנען צו אַזוינס דערשלאָגן. יעדער העברע־אישער שרייבער האָט נאָך דערצו מיט זיין שרייבן גופֿא געהאָלפֿן בויען דאָס לאַנד און ער האָט בוי־זכותן. אַ העברעאיש בוך איז שוין ממילא אַ טייל פֿון אַ מקוים־געוואָרענעם לאַנד־חלום.

שפּירט מען עס אַרויס פֿון מיינסטע שמועסן, אַפֿילו פֿון אַזאַ אייגענעם מענטשן ווי דוב סדן. ער, וואָס לעבט שוין מיט אווירא דיידיש, און זוכט פֿאַר איר אַ שטיקל ווינקל, וואָס זאָל זיך ערגעץ קאָנען איינמאָסטן, זיך איינהיימישן און נישט וואַרפֿן זיך צופֿיל אין די אויגן, איז אויך אין זיין שמועס העברעאישדיק־זיכער. וועגן אַזעלכע ווי יעקב כהן, משה שמיר און לאה גאָלדבערג, איז אָפּגערעדט

אָבער יעקב פֿאַט גייט גיך אַריין אין זיין אייגענער ראָלע. פֿאַרטיק מיט דער אומגעריכטער התפּעלות און מיט די ערשטע שטייפֿע ביאָ־גראַפֿישע טריט, ווערט פֿאַט דער זעלביקער סטיליסטיש־אריינרעדעווו־דיקער און ער הויבט־אָן זיין אַרבעט פֿון אַרומוועבן דעם שמועס אַזוי, אַז ס'זאָל פֿון יעדער מאָנאָלאָג זיך באַקומען אַ דיאַלאָג, אַז יעדער שמועס זאָל ווערן אַ קורצע ביאָגראַפֿיע, נישט אַ קורצע ליטעראַרישע אָפּשאַצונג, נאָר — שאַצונג; און בכלל אַ קאָמפּאָזיציע, וואָס זאָל קאָנען שטיין אויף אייגענע פֿיס, וואָס זאָל האָבן די לופֿט פֿון לעבעדיק־פֿאַרבראַכטע און אַוועקגעשמועסטע עטלעכע שעה.

דער סטיל פֿאַטס איז דורכאויס אַ בעלעטריסטישער:

„איך דערמאָן זיך דעם דרך־ארץ, מיט וועלכן איך האָב ארויפֿגע־

קוקט צו אים. ער האָט דעמאָלט נישט געקאָנט וויסן, אַז אָט־דאָס שוואַרצע יינגל מיטן סמוגלען פּנים, האָט זיך אָפּגעריסן פון שטענדער און געלאָפן אזש פון דער ווייטער אַסטראַווער גאַס, אין א ווינטערדיקן, שניי־ווייסן אָוונט, ווען דער פּראָסט־שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס, צו הערן די העברעאישע רייד פון דעם העברעאישן "לערער בער־קאָוויטש".

אזוי הייבט אָן פּאָט אַרויסצושיילן י. ד. בערקאָוויטשן פון זיין זכרון, און ווען מען ווערט פאַרטיק מיטן שמועס האָט מען דורכגעשמועסט שיינע עטלעכע צענדליק יאָר, אַרומגערעדט און אפילו א קאַפּיטשקע באַרעדט אַ צענדליק מענטשן, געקומען און צוריקגעקומען צו שלום עליכמען, א שמועס געטאָן וועגן אשן און עס בליצט־אויף דער שאַרפער בערקאָוויטש:

„ער האָט געלעבט בעת ער איז געווען אויף דער ערד. מיט זיין טויט איז ער גרינטלעך אָוועקגעגאַנגען".

פּאָט לאָזט נישט אָפּ קיין איין העברעאישן שרייבער, אַז ער זאָל נישט אַ נישטער טאָן, אַ שנאָפּ טאָן ארום זיין ביכער־שאַנק און זוכן א יידיש בוך. ער לאָזט אויך נישט אָפּ קיין שמועסער, ער זאָל אים בכלל נישט אַ פרעג טאָן מכּוח יידיש און ער באקומט ארויס זייער פיינע, ציטירלעכע מיינונגען, אַמאָל מיינונגען, וואָס פאַרטרויעריקן דאָס געמיט, ווי למשל ביי דער פריער־דערמאָנטער דיכטערין לאה גאָלדבערג, וואָס האָט עפּעס געהערט וועגן א יידישן שרייבער אָדער צוויי. אַזאַ דיכטערין פון איר קאַליבער פאַרמאָגט זיכער דעם נייגער זיך צו באַקענען מיט שרייבערס פון אַנדערע ליטעראַטורן, זיך צו פאַרקניפּן מיט זיי גייסטיק, אָבער מיט יידיש קערט זי זיך נישט אָן, אפילו קיין ווייטע קרובה.

למען האמת מוז מען צוגעבן, אַז אַ טייל געפּרעגטע און געשמועסטע שרייבערס זאָגן זיך אַרויס מיט א — פּאַסיווער — וואַרעמקייט וועגן יידיש. אַנדערע טוען אַפילו אַקטיוו זייער חלק פאַר יידיש, ווי אורי צבי גרינבערג — אָריגינעל־יידיש, אברהם שלאָנסקי און שמשון מעלצער — ווי מייסטער־איבערזעצערס און דוב סדן — ווי דער פּראָפעסאָר פון יידיש אין מדינת ישראל.

פאַראַן שמועסן וואָס לייענען זיך התלהבותדיקער ווי אַנדערע.

למשל, דער שמועס מיט אורי צבי גרינבערג איז ווייטיקדיק־דערהויבן, דער שמועס מיט סוצקעווערן איז ליריש אין זיינע ביאָגראַפישע מאָמענטן.

אינטערעסאַנט זענען די פּובליציסטישע מאָמענטן פון די שמועסן. חיים הזז רעדט פון די צוגעקומענע שבטים־יידן, וואָס פון זיי וועט זיך שאַפן „אַן אַנדער טיפּ ייד, אפשר אויך אַן אנדער טיפּ מענטש", אָבער פּלוצים שלאָגט ער זיך אַליין איבער און זאָגט:

„אָבער די השגחה האָט פאַר זיך איין ייד. די השגחה זאָגט נישט: איך האָב דייטשע יידן, פראַנצויזישע יידן, איטאַליענישע, פּוילישע. אלע זענען פאַר איר איין ייד".

ווען איך וואָלט באַדאַרפט זאָגן בקיצור אין וואָס באַשטייט דער אויפטו פון פאַטס שמועסן מיט שרייבער, וואָלט איך באַטאָנט, אַז ער זוכט כסדר דאָס תמציתדיקע: ער הערט, ער לאָזט רעדן, ער רעדט־אריין ער קניפּט און בינדט דאָס געוואָרענע ביים שרייבער מיט דעם אַמאָל. ער קנעט דעם ביאָגראַפישן מאַטעריאַל, אָבער די אויערן זיינע זענען אָנגעשפּיצט, ער וויל הערן ווען דער פאַרשמועסטער שרייבער וועט זיך אַרויפאַרבעטן אויף דער ציטירלעכער פּראָזע, וואָס איז די קרוין פון אַ גוטן שמועס.

פאַט קאָן נאָך זיצן ווי א חסיד, וואָס כאַפּט שיריים, אָבער דער עיקר איז ביי אים כאַפּן אַ פּערל, א טייערן געדאַנק, מען זעט ממש אַז ער איז גליקלעך, ווען ער נעמט־אָפּ ביים שרייבער דעם טיפן געדאַנק. אַמאָל קומט דער געדאַנק לייכט, אַמאָל מוז פאַט אים אָפּנעמען מיט א סך צוגרייטונג, מיט אינסטרומענטן, אַזוי צו זאָגן, אָבער ווען די אָבסטעט־ריקע איז געלונגען, קוועלט פאַט אָן און ער פאַרשרייבט. זאָגט הזז:

„מיר שטערט נישט אַז יידן זאָלן זיין אין דער גאַנצער וועלט. ווען יידן לעבן אין דער גאַנצער וועלט, דוכט זיך מיר אַז די גאַנצע וועלט איז מיינע. אַמעריקע איז דעמאָלט אויך מיינע. יידן אין ענגלאַנד? הלוואי וואָס מער. דעמאָלט איז ענגלאַנד אויך מיינע. וואָלט מען געלאָזט לעבן יידן אין רוסלאַנד, ווי מען האָט אַמאָל געלאָזט, וואָלט אויך רוסלאַנד געווען מיינע".

און סדן זאָגט: „לאָזט זיך דערקלערן מענדעלע בלויז פון דער השכלה אַרויס? ניין, איר מוזט צוגעבן צו אים דאָס מתנגדות. קאָן מען דער־

קלערן פּרצן בלויז פון דער השכלה אַרויס? אַוודאי נישט. ער איז ארומ־גערינגלט אויך מיט פּוילישער חסידות. און ביאַליק? קאָן מען אים אויסטייטשן בלויז פון דער השכלה אַרויס? ער איז געווען ארומגערינגלט מיט וואָלין, און דאָרטן איז חסידות, מיט דער וואָלאָזשינער ישיבה, און דאָרט איז מתנגדות. מען דאַרף צוזאמענגעמען אַלע עלעמענטן און פון זיי צוזאַמען ווערט אַ סינטעז".

אַזעלכע ראָזשינקעס זענען דאָ אין אַלע שמועסן, און מ'זעט באַשיינ־פּערלעך, ווי יעקב פאַט האָט זיי אויפגעכאַפּט, ווי נאָר זיי זענען צאַפּלדיק אַרויס פון די מיילער פון די זיבעצן שרייבערס.

פּאַרטיפּט זענען אַרויסגעקומען די שמועסן מיט די קריטיקערס ש. צמח און אברהם קריב.ביידע זענען שאַרפע שטראָפערס און ביידע האָבן וואָס צו זאָגן. אַגב, ביי צמחן האָט פאַט געפונען אויף די פּאָליצעס — יידישע ביכער. ער האָט זיי געזוכט אומעטום און נישט ביי אַלע העב־רעאישע שרייבערס געפונען. זאָל דאָ פונדעסטוועגן באַמערקט ווערן, אז פאַט האָט אויך אין זיינע שמועסן מיט יידישע שרייבערס געמעגט שטאַר־קער זוכן העברעאישע ביכער אויף די פּאָליצעס. מיר דאַכט זיך פונ־דעסטוועגן, אַז דאָס העברעאישע בוך ביי אַ יידישן שרייבער — איז אַ חוב צו זיך אַליין, ווייל העברעאיש קאָן איצטער איר שטעטל באַשטיין; אַ יידיש בוך ביי אַ העברעאישן שרייבער, איז אי אַ חוב צו זיך, אי אַ חוב צום יידישן לשון. האָט טאַקע אברהם שלאָנסקי, מיט כעס, צוריק־געוואָרפן דעם בלבול, אַז ער איז אַן אַנטי־יידישניק.

„מיר האָבן צוויי שפּראַכן. יאָ, צוויי שפּראַכן. די ענגלענדער, וואָס האָבן נאָר איין שפּראַך, דאַרפן אונדז מקנא זיין!"

מ'קאָן נישט און מען דאַרף נישט „די שמועסן" רעדוצירן בלויז צו אַ דורכשמועס וועגן יידיש און העברעאיש. זיי זענען אַ סך מער ווי דאָס, כאָטש פאַט פאַרגעסט נישט צו ציטירן אַ גאַנץ ליד פון דעם יידיש־וותיק יוסף פּאַפּיערניקאָוו, און מיר געפינען דאָרט אַזעלכע ביטערע שורות:

ווייל ס'האָט מיין נייע היים נישט אויפגענומען מיך<br>
צוזאַמען מיט מיין קינד: דאָס ליד דאָס יידישע<br>
און געלאָזט דערמיט אינדרויסן,

ווי אַ יורד אויף אַ שמחה, אַ נגידישער,
בין איך אין אייגן לאַנד אין מיין,
וואו כ׳לעב שוין יאָרצענדליקער,
אין לעבן נישט אַריין.

**פּאַטס שמועסן־קאָמפּאָזיציעס זענען אַ גרויסער אויפטו און אַ גוטער טריט אין דער וויכטיקער ריכטונג, צוזאַמענצוברענגען און צוזאַמענוואַרעמען די ברידער־שרייבערס פון אונדזערע ביידע לשונות, ווו ס׳איז אַ בוך העברעאישע עסייען, וועגן יידישע שרייבער, פון י. ח. בילעצקי, „בשבילי ספרות יידיש״, וואָס איז דערשינען אין הוצאת „גזית״, אין תל־אביב. אַזעלכע ביכער דאַרף מען באַגריסן, זיי זענען ווערט מער ווי הונדערטער געשריבענע אַרטיקלען מיט פּרעטענזיעס און פאַרדרוסן.**

1960

## רחל — צו איר דרייסיקסטן יאָרצייט

מיר דאַכט זיך אַז ס׳איז קיין העברעאישער פּאָעט אַזוי נישט צוזאַמענגעקנאָטן מיט דער ערד אין יידישן לאַנד ווי רחל (בלאָושטיין). ביאַליק באַטייט גייסטיקע אייביקייט און אין זיין נאָמען, זיין וואָרט ווייברירט די אווירא פון לאַנד. רחלס נאָמען פאַרמאָגט ממש אַ פיזישע אייביקייט. זי איז דאָ מיט איר גאַנצער ביאָגראַפיע.

איר אַרומנעמען דאָס לאַנד מיט דער מיידלשער פרייד, און שפּעטער מיט די טרויעריקע אויסגעשטרעקטע ווייבלעכע הענט — צום סוף, מיט צאַרן, מיט פאַרוואורף, שטילן נאָכגעבן און רעזיגנאַציע — פאַרוואַנדלט אירע 41 יאָר אין אַ ניי תנ״כיש קאַפּיטל, פון די קאַפּיטלעך וואָס זענען באמת אייגנאַרטיק מיט דער אויסקריסטאַליזירונג פון נייע יידישע פּערזענלעכקייטן. איר ביאָגראַפיע איז אַ פּאָעטישער האַלדז־באַנד באַזעצט מיט אירע אייגענע לידער. אַפילו ווען מען באַקענט זיך נישט נאָענט מיט דעם מיידל פון דער ווייטער, קאַלטער רוסישער וויאַטקאַ,

וואָס איז זינגענדיק געשטאָרבן, מער פון צען יאָר אין ישראל, דער־שפּירט מען איר פולע ביאָגראַפיע אין אירע פרייד־לידער, ערד־ און לאַנד־לידער, קרעפטיקע, מאָנערישע ליבע־לידער, טויט־לידער. ס'איז נאָך קיינער אזוי נישט געשטאָרבן זינגענדיק, ווי די יונגע פרוי, וואָס האָט אריינגעטאַנצט אין לאַנד מיט א געירשנטער און אָנשטעקנדיקער פרייד, און וואָס איז שפּעטער געוואָרן — גרויסע בלויע אויגן, אַ טובער־קולאָז־געפּייניקטער גוף און וואונדערלעכע צעשאָטענע שורות, פאַר־קרעפטיקט מיט א פערזענלעכער מוזיק.

האָב איך נישט בדעה איבערדערציילן רחלס פולע ביאָגראַפיע, וואָס איז געקומען אַ ניינצן־יאָריק מיידל קיין ארץ־ישראל און איז דורך דער ערשטער וועלט־מלחמה אָפּגעריסן געוואָרן פון איר נאַטיר־לעכן הימל און ערד און צוריקגעקומען אַ פאַרקראַנקטע, מיט אַלע סימנים פון איר איינגעצערטער בענקשאַפט. די קאָנטורן פון איר ביאָגראַפיע קאָנען גרינג געגעבן ווערן אין עטלעכע ווערטער. געבוירן אין 1890 אין וויאטקא, צפון־רוסלאַנד, אויסגעוואַקסן אין א וואַרעמער יידישער היים, אין 1909 איז זי אַוועק מיט פרייד ווי א חלוצה קיין אַרץ־ישראל; מיט פיר יאָר שפּעטער איז זי געפאָרן קיין פראַנקרייך צו שטודירן אַגראָנאָמיע; אין 1916, ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז זי צוריק־געפאָרן קיין רוסלאַנד. דריי יאָר האָט זי געליטן הונגער און נויט און ווען זי איז אין 1919 אָנגעקומען אויף דער שיף „רוסלאַן", די ערשטע שיף וואָס האָט פון רוסלאַנד געבראַכט עולים קיין ארץ־ישראל, איז זי שוין געווען א צעבראָכענער שאַרבן. די אָפּפרעמדונג איז פאַר איר געווען פאַטאַל. זי האָט זיך געראַנגלט מיט שווינדזוכט ארום צוועלף יאָר, אָבער די יאָרן פון קאַמף מיטן טויט זענען געווען אירע פּרודוקטיקסטע און שעפערישסטע. אין 1920 האָט זי פאַרעפנטלעכט איר ערשט ליד אין „השילוח". מיט אַכט יאָר שפּעטער איז אַרויס איר ערשטע לידער־זאַמלונג און צו די צען יאָר פון איר אָנהויב איז דערשינען אַ צווייט לידער־בוך. איר סוף־ליד איז געווען וועגן טויט — איר שונא און חבר העכער צען יאָר. זי וואָלט היינט, ווען מען היט אָפּ איר דרייסיקסטן יאָרצייט געווען 71 יאָר אַלט, אָבער זי איז פאַרשניטן געוואָרן אין עלטער פון 41 יאָר.

רחל איז די ערשטע חלוצה וואָס איז געוואָרן אַ דיכטערין, אפשר די ערשטע אין דער וועלט־פּאָעזיע, וואָס האָט זיך מיט איר ליד געראַנגלט

אַזוי לאַנג מיטן מלאך המות. טובערקולאָז איז באפאַלן נישט איין פּאָעט, אָבער אַזוי דירעקט באזיגן דעם טויט מיט — ליד, ווי זי האָט עס געטאָן, אַרויסשרייבנדיק פון זיך די גאַנצע נישט געזעטיקטע ליבשאַפט צום לעבן, צום לאַנד, צו אירע פרי־פאַרשוואונדענע יוגנטלעכע איבערלעבע־נישן, צו דער נישט אויסגעברויזטער פרוי אין זיך, האָט עס געטאָן בלויז איין רחל.

א סך פון אירע לידער־מאָטיוון זענען ווי אַ באַוואוסטזיניקער דורכ־שפּאַן איבער דער לענג און ברייט פון דעם לאַנד, וואו איר באשערטע אייביקע ערד איז אייגן. זי איז צוריקגעגאַנגען מיט איר ליד צו אַלע ווינ־קעלעך פון איר טיפסטער שפּירעוודיקייט און זיך אריינגעזונגען אין לאַנד מיט א דערהויבענער קינסטלערישער פשטות. זי האָט זיך כסדר אין איר ליד געראַנגלט מיט די קריינדלעך פון מליצה און תמיד געזוכט דאָס פּשוטע וואָרט. זי האָט עס נישט איינמאָל אויסגעדריקט אין פּראָזע, אז דער „צייכן פון דער צייט איז אין דעם פּשוטן אויסדרוק״. אירע קריטי־קערס האָבן געזאָגט, אַז זי איז געווען אונטער דער השפּעה פון דער רוסי־שער „אַקמאַאיסטישער״ באוועגונג אין דער פּאָעזיע, אַ מין אָפּצווייג פון רוסישן סימבאָליזם; אַז איר זענען געווען נאָענט די רוסישע דיכטערין אַננאַ אַכמאַטאָוואַ און דער פראנצויז פראַנסיס זשאַם. זי האָט אָבער געקעמפט קעגן די צוויי סכנות פון דער פּאָעטישער שולע — פון איין זייט דער צו־שטאַרקער פּראָזאַאישער עלעמענט, פון דער צווייטער זייט צופיל אויסדרוק־קאָקעטסטווע. נאָר מער פון אַלץ האָט זי זיך געהאַלטן אין אויסהיטן פון דער העברעאישער מליצה, קעגן דער צוציעניש פון שיינע צירונג־ווערטער, ווי דער בליאַסק פון איידלשטיינער. זי איז געווען פון די ערשטע העברעאישע פּאָעטן, וואָס האָט מיט פּשוטע ווערטער דורכ־געראַנגלט אן אייגענע לעבעדיקע שורה. אירע ווערטער זענען נישט אויסטערליש נאָר פּשוט־גערעדטע. אירע לידער זענען געוואָרן באַרימט דערפאַר ווייל די ערשטע שורות גיבן גלייך אַ נעם מיט דער אינטימיטעט פון א ווייטיקדיקער בענקשאַפט נאָך אַ לעבעדיקער וויזיע, וואָס די קראַנ־קייט אירע האָט געפרעסן טאָג־טעגלעך. וואונדערלעכע פּשטות האָט זי דערגרייכט אין אירע קלאָרע און אומגעקינצלטע ליבע־לידער, וואָס זענען צו יענער צייט געווען א זעלטנהייט אין דער העברעאישער פּאָעזיע. אין דער יידישער פּאָעזיע האָט שוין דעמאָלט געשריבן אַזעלכע לידער

ציליע דראַפּקין, אָבער ביי רחלן זענען די פּרויען־לידער אַרויסגעקומען פאַרצאַפּלט מיט מוזיק, אויפן אָרט פון אָפּגעדעקטע רייד.

ביאַליק האָט מספּיד געווען רחלען ווי א גרויסע אבידה פאַר דער העברעאישער ליטעראטור אין לאַנד, ווי איינע „פון דעם נייעם כאָר, דער כאָר פון מרים, פון מרימס טעכטער", וואָס האָבן דער העברעאישער פּאָעזיע צוגעגעבן „נייע מאָטיוון און קלאַנגען". ביאַליק האָט אַרויס־געבראַכט, אַז אין רחלס ליד איז געווען אַן עכאָ פון די נשמות, וואָס זענען דורכן גורל באַשטימט פאַר אַ קרבן, ווי „דאָס געזאַנג פון יפתחס טאָכטער, וואָס איז אַוועק קלאָגן מיט אירע חברטעס אין די בערג". דערמיט האָט באַליק אפשר אומבאַוואוסט צוריקגערופן רחלס עטלעכע שורות, וואָס אין זיי זינגט רחל, אַז אירע יסורים און איר טויט „זאָלן ווייכער מאַכן דעם צאָרנדיקן גאָט, ווי דער טויט פון יפתחס טאָכטער".

פאַרשטייט זיך, אַז ווער עס וויל זיך באַקענען מיט רחלס לידער, וואָס אַ גרויסע צאָל פון זיי זענען אויסגעהאַלטענער, ווייבלעכער, שטאַרקער און מוזיקאַלישער ווי די לידער פון עמילי דיקינסאָן, וואָס האָט זיך מיינסטנס אויסגעצייכנט מיט אירע בליציקע פּסוקים, מוז גיין צום קוואַל פון רחלס געזאַנגען. אָבער איך בין אויסן מיט דער איצטיקער קורצער אָפּשאַצונג, צו געבן דעם יידישן לייענער אַ וואונק, אז אויך אין יידיש קאָן מען דערהערן אַן עכאָ פון רחלס לידער, און מ׳קאָן אין אַ זאַמלונג פון נישט־תמיד געראָטענע איבערזעצונגען דאָך געפינען אַ רמז אויף רחלס גרויסקייט ווי אַ העברעאישע דיכטערין.

מיט אַ יאָר פינף צוריק איז אין פאַרלאַג „קיום" אין אַרגענטינע, אדאנק דער דאָרטיקער פּיאָנערן־פרויען־אָרגאַניזאַציע, דערשינען אַ זאַמלונג פון רחלס לידער, איבערגעזעצט פון זלמן שזר. דאָס קליינע ביכעלע איז אַרויס נאַקעט, אָן שום באגלייט־באַמערקונגען, אומגעריכט ארייננגעוואָרפן אין שויס פון יידישע לייענערס, אָן אַ ריכטיקער ביאָ־גראַפיע, אָן אַן אַריינפיר און אָן נויטיקער אָפּשאצונג. אָבער ביי די אַלע חסרונות איז עס דער איינציקער שליסל אויף יידיש צו די לידער פון דער באַליבטסטער העברעאישער דיכטערין. די פראַגע איז: מיט וויפל אמת־פּאָעטישן כוח האָט דער אָריגינאַל באַוויזן זיך דורכצולייכטן? אַדאַנק רחלס פּשוט וואָרט פאַרמאָגט די זאַגעווודיקייט פון טייל לידער אַ שאָטן פון אָריגינאַל און א הויך פון רחלס געמיט.

**ס׳גייט איצטער נישט אין פאַרגלייכן די איבערזעצונגען מיט די אָריגינעלע לידער, נאָר גיכער אין זען די איבערגעזעצטע לידער, ווי „מרימס געזאַנגען“ אויף יידיש.**

**אין די לידער פון קראַנקייט זענען אויף יידיש אויך ארויס בשלום און דורכגעגליט מיט זעאונג עטלעכע פּאָעטישע שורות —**

אַריינשרויפן אין פינצטער שרייענדיקע אויגן
אויסשטרעקן אין פוסטקייט בענקענדיקע הענט,
אויפהאָרכן אין ציטער ווען וואו אַ בלאַט געפלויגן,
און וואַרטן אויף אַ וואונדער, אַ וואונק פון שטומע ווענט.

**דער איינציקער שטרויכל איז דער „ווען וואו“, אָבער די שורות אָטעמען מיט שפּאַנונג. אָדער אַזעלכע קאַשמאַרע שורות —**

אויגן — לעכער, הויט און ביינער,
קומט און זעצט זיך אויף מיין בעט,
אַ מין אַנזאָגער אַזוינער —
אַ שטאָפּעט.

**און אין זעלביקן טאָן אין אַן אַנדער ליד —**

אָ, ווי איז מיר, די תאווה שטאַרקט זיך,
די האַנט זי ציט זיך פון זיך אַליין,
צו די ווערטער וועלכע פינקלען
ווי בריליאַנטן און איידלשטיין.

**דאָס זענען נישט קיין לידער־שורות, נאָר ביאָגראַפישע עטאַפּן וואָס ברענגען אונדז נענטער צו רחלס אייגן־דערוואָרבן ליד. אָבער אָט איז אַ ליד וואָס אַפילו דורך דער איבערזעצונג פון אַזעלכע האַרטע ווערטער ווי „ליידנדע האַרץ“ און „שמאַכטנדער גוף“, שעפּטשעט זיך דורך רחלס שאַרף ליד —**

אָט דאָס ליידנדע האַרץ,
אָט דער שמאַכטנדער גוף,

וועלן זיך צעשיטן אין זעמדלעך מיליאָנען
פון ערדישע כוחות וואָס שפּריי־רעגן מאָנען
און רייסן זיך פריילעך אַרויף,
בענטשט דער ערשטער רעגן, וועל איך ווייט זיך שטרעקן,
דורך די שפּאַלטן פון מיין ארון,
און אין מענטשנס אויגן מאָטע
קוקן פון די פעלדער זאָטע
מיט מיינע אויגן — קאָרן.

אין אָריגינאַל זינגט רחל בעיני — עשבים, פשוט — אין מיינע אויגן גראָז, נישט קאָרן, וואָס איז סיוּוי אַ שלעכטער גראם צו ארון. דאָס ליד פאַרמאָגט רחלס געמיט, כאָטש דער איבערזעצער זלמן שזר האָט זיך דערלויבט צופיל פרייהייטן. וואָלט ער געטריי איבערגעזעצט — עשבים, וואָלט עס אונדז אויך געוויזן, ווי אין דעם געמיט פון אַ שפּעטערדיקן יידישן ישראל־פּאָעט, אריה שמרי, האָבן געזונגען רחלס שורות, ווען ער האָט אין זיין ליד, „אַ דאַנק צו דער ערד״, געזונגען צום „וואָרעמען לייב״ פון דער „ליימיקער ערד״ און זיך געבעטן ביי איר —

נעם מיך צו, זאָל זיין ווי באַשערט,
זאָל אַרויסזונען גראָז פון מיינע אויגן.

פונדעסטוועגן, ווי געזאָגט, דערשפּירט מען אין שזרס איבערזעצונג דעם אינהאַלטלעכן, אויב נישט דעם פּאָעטישן אָטעם פון רחלס ליד. דאָס באַרימטע ליד „ואולי״ קומט אַרויס צו־האַמעטנע, גלייך מיט דער ערשטער שורה —

אפשר איז די גאַנצע זאַך אַ ליגן.

אַ פּראָסטער ליגן איז אַבסאָלוט נישט אין דער שטימונג פון רחלס פיל־געזונגענער בענקשאַפט צום כנרת.

טרויעריק־ביאָגראַפישן מאַטעריאַל קאָן מען אויך געפינען אין אַזעלכע שורות, ווי — „גיב נאָך מיר דיין טעכטערל אַ נאָמען, אָן אָנדענק צו פאַר־בינדן, ס׳איז אומעטיק אַזוי אינגאַנצן צו פאַרשווינדן״, אָדער „אַ יינגעלע

וויל איך אַ זונעלע קליין״. דאָ און דאָרט גיבן אַ בליאַסק אַזעלכע טיפּע שורות צום געליבטן —

האָסט מיר ווי געטאָן — אויך דאָס איז גוט.
ליכטיקע שויבן האָט יעטווידער ווי.

אין שורס איבערזעצונגען פינקלען אויך דורך אַזעלכע לידער ווי „חוני המעגל״ וואָס דער נייער דור זאָגט אים שוין נישט קיין שלום; אָדער עטלעכע בליציקע ליבע־לידער, וואָס דערמאָנען אין דער אומגע־ריכטער געפּרעסטקייט פון דער פריער דערמאָנטער אַמעריקאַנער דיכטערין עמילי דיקינסאָן. עס דאַרף דערמאָנט ווערן אַזאַ ליד ווי — „אינעם גאָרטן פון מיין האַרצן״, וואָס ענדיקט זיך —

פון פרימאָרגן ביז אין אָוונט
ווייס מיין גאָרטן נישט קיין רו,
דאָס צעזינגען זיך דאָרטן
דיינע פייגעלעך און דו.

אין אָריגינאַל איז דער געליבטער פריער אַליין דאָ אין גאָרטן. דער טראָפּ איז אויף אים, וואָס זינגט „דורך טויזנטער פייגעלעך״. אין א צווייט ליד באַקלאָגט זיך רחל אויף איר אויסגעזונגענקייט און זי פרעגט —

ווערסט מיין שטומקייט הערן,
און דו האָסט דאָך מיין רעדן נישט געהערט.

רחל האָט געזען איר צעמורשטן און ענגן גורל ווי „אַ מילבעלעס וועלט״, וואָס די ריזיקע האָנט פאַרטרויערט און פאַרקרימט זיינע וועגן. פאַראַן אין בוך גאָר שלעכטע איבערזעצונגען — שאַלט איז געגראַמט מיט „אָן אַ האַלט״. אָדער אַזאַ שורה ווי — „אַמאָל איז געווען א מיידל אַ בריאה״, וואָס גראַמט זיך מיט „זריעה״. אָבער דאָס בוך „רחלס לידער״ איז פאָרט אַ נוצלעך בוך. אַז מען לייענט ביז דער לעצטער שורה פון דער יידישער זאַמלונג פון רחלס געקליבענע לידער — „וואָס איך האָב פאַרלאָרן — בלייבט אויף אייביק מיין״, מעסט מען אָן דעם פולן אמת פון

דער שורה אויף די יידישע איבערזעצונגען, אַז אַפילו ווען דאָס אמת גרויסע פאַרמעגן איז פאַרלוירן געגאַנגען אין שזרס איבערזעצונג, איז פאָרט מקוים געוואָרן, אַז דאָס „פאַרלוירענע״ זוכט זיך אָפּ און טראָגט דעם שאָטן־חותם פון אַ גרויסער דיכטעריןן, וואָס האָט מיט אירע לידער זיך איינגעשאָפּט אייביקייט און פאַרוואַנדלט איר צען־יאָריקע שרעק פאַרן סוף — אין זעטיקער שעפערישקייט.

1961

## יוסף פּאַפּיערניקאָווס לידער

יוסף פּאַפּיערניקאָווס נייעסטע לידער־זאַמלונג — „די זון הינטער מיר״, דערשינען אין ישראל, אין פאַרלאַג י. ל. פרץ, איז איינגעטיילט אין זיבן סעריעס און די ערשטע סעריע גיט דעם שליסל צו פּאַפּיערניקאָווס קינדהייט אין וואַרשע און צו זיין פּאָעטישער קינדהייט, פונוואַנען דער פּאָעט איז אַרויסגעוואַקסן. טייל לידער פון דער ערשטער סעריע זענען געשריבן געוואָרן אין וואַרשע, און ס'איז קלאָר אַז זיי געהערן צום פּאָעטס פריסטע לידער. יוסף פּאַפּיערניקאָוו איז צום ערשטן מאָל געקומען פון זיין געבוירנשטאָט קיין ארץ־ישראל, אין 1924, פאַרבליבן פינף יאָר אין לאַנד, צוריקגעפאָרן אויף פיר יאָר קיין פוילן, ווידער געקומען מיט 28 יאָר צוריק און שוין פון דעמאָלט אָן פאַרבליבן אין לאַנד, אין האַרץ פון איר אימפּעטיקער געשיכטע.

אין דער הקדמה צום נייעם צוזאַמענקלייב פון זיינע לידער, איראָ־ניזירט דער פּאָעט פּאַפּיערניקאָוו איבער „יענע קריטיקערס און רעצענ־זענטן, ביי וועמען אַ דאַטע אונטער אַ ליד איז דער „שליסל״ צום ליד און צום דיכטער גופא״. פּאַפּיערניקאָוו טראָגט, ווייזט־אויס, אַ האַרץ אויף די קריטיקערס און ער וואָלט זיי געוואָלט שווערער מאַכן צו דערטאַפּן דעם שליסל. ער איז אָבער אַ יידישער גזלן, זאָגט ער פונדעסטוועגן גלייך אויס, אז זיין ערשטע סעריע איז אפשר דער בראשית פון זיין פּאָעטישן וועג — אויב נישט דער סאַמע אָנהויב. געהערן די לידער אין ציקל —

„די היים פון מיין וויג" צו די יונגע לידער, ווען דער פּאָעט איז נאָך געווען צוזאַמען מיט זיין גאַנצער ביימערדיקער משפּחה, אין שטאָמיקן יידישן פּוילן —

מיין משפּחה איז אַ וואַלד פון ביימער אַלערליי:
דער טאַטע אַ דעמב,
די מאַמע — אַ סאָסנע,
די פעטערס זיינען אָלשינעס,
די מומעס — יאָדלעס —
און מיר, די קינדער, קלאַגנדיקע ווערבעס.

אַזוי עפנט פּאַפּיערניקאָוו די נייע לידער־זאַמלונג, וואָס איז שוין ביים פּאָעט דאָס ניינטע בוך. מען דאַרף אים דאַנקען וואָס ער עפנט פּאָרט דאָס פענצטערל פאַרן קריטיקער צו וואַרפן אַ קריטיש־ביאָגראַפישן בליק אויף דעם גאַנג פון פּאָעט. דער דיכטער פאַרלירט גאָרנישט פון דער דאָזיקער פאַרלייכטערונג, אדרבא, ער געווינט עפּעס דערפון און דער קריטיקער אָדער רעצענזענט דאַרף נישט פאַרלירן אומזיסטע צייט אויף בלאָנדזשען.

שרייבט דאָך פּאַפּיערניקאָוו אַליין אין זיין הקדמה־ליד צום גאַנצן בוך, אַ מין שפּריכוואָרט —

מען גייט נישט אַרויס פון דער אייגענער הויט,
מען בלייבט וואָס מען איז פון געבורט ביזן טויט.

אַ באַווייז איז טאַקע גלייך דאָס ערשטע ליד אין בוך, וואָס שטאַמט, ווי מיר ווייסן שוין, פון די פריסטע לידער. און וואָס זעען מיר פון דעם אָן חשק געגעבענעם שליסל? מיר זעען די אויסרעכענונג פון די אַלע פאַרשידענע ביימער, וואָס פאַר אַ וואַרשעווער יידישן יונגנמאַן איז עס אַ חידוש. אָבער די באַטאַנישע נויגונג איז אים געגעבן געוואָרן ווי אַ ספּעציעלע מתנה; און אין דעם נייעם בוך לידער איז שוין פאַראַן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג, וואָס הייסט „ביימער", פון אַלערליי ביימער: אַ פּאַלמע, ציפּרעס־ביימער, אַן איילבירט־בוים, אַן אייקאַליפּטוס א טייטל־

בוים, אַ פייגנבוים. דער פּאָעט פון די פוילישע ביימער איז זיך ממש מחיה, וואָס ער האָט באַרייכערט זיין ביימער־ליבשאַפט מיט אַזעלכע טראָפּישע און עקזאָטישע ביימער, וואָס שוין מיט זייערע נעמען גופא באַצייכענען זיי די איבערפלאַנצונג פון א יונגן ייד. גלייך אין דעם ערשטן ליד געפינען מיר אויך אַ רמז אויף דעם פּאָעטס קרובהשאַפט מיט אברהם רייזענען, גיכער מיט דער רייזען־טראַדיציע, וואָס ווערט נאָך עד־היום פאָרגעזעצט אין דער יידישער פּאָעזיע.

אגב דער אַמעריקאַנער פּאָעט ראָבערט פראָסט, וואָס איז נישט לאַנג צוריק געווען דער פאַרבעטענער גאַסט אין מדינת ישראל, איז אויך אַ „רייזעניסט“, און די גרויסע הנאה וואָס מען האָט פון אים, באַשטייט אין זיין קאָנען זאָגן פּאָעטישע גלייכווערטלעך. ער זינגט אַ ליד און דערזינגט זיך צו א המצאה, צו אַן איינפאַל, וואָס סומירט דאָס ליד און וואָס לאָזט זיך לייכט ציטירן. פראָסט גיט נישט אויף אַנדערע וויכטיקע פּאָעטישע מעלות, וואָס אברהם רייזען האָט אויף זיי אפשר נישט שטאַרק מקפּיד געווען, אָבער ראָבערט פראָסטס ליד דערלויפט צו אַן אונטערגעצויגענעם קלוגן סך־הכל.

ס'קאָן זיין, אַז אין תוך איז עס גאָר די היינע־טראַדיציע, וואָס פּאָעטן פון אַנדערע לשונות און פעלקער האָבן נישט־ווילנדיק איבער־גענומען. אויב מען וויל, האָט עס היינע גענאַשט ביי אַ טייל העברעאישע פּאָעטן פון דער שפּאַנישער עפּאָכע. דאָ גייט נישט בלויז אין דעם אַפּאָ־ריזמישן קנייטש, אָדער אין דעם געזאָגטן געזאַנג, וואָס קאָן קאָנדענסירן אַ קלוג וואָרט און עס אַרומרינגלען מיט כישוף פון מוזיקאַלישער עברי. אַ סך פּאָעטן האָבן עס געטאָן, אָבער די ספּעציפישע שפּיציקע פּקחות, וואָס היינע האָט אריינגעבראַכט אין דער „ריינער“ פּאָעזיע, שפּרודלט איצטער אין די לידער פון דעם ניי־ענגלענדער ראָבערט פראָסט, וואָס זענען פאַר אונדז קיין נייס נישט, ווייל זיי זענען א מין פארשפּעטיקטער רייזעניזם. אַן אַמעריקאַנער לייענער וואָס האָט הנאה פון ראָבערט פראָסטס לידער, וואָלט זיכער אָפּגעשאצט אַ גוטע איבערזעצונג פון רייזענס כאראַק־טעריסטישע לידער. מען האָט, אסור, באַדאַרפט ספּעציעל אימפּאָרטירן ראָבערט פראָסטן, כדי די ישראל־יוגנט זאָל זיך באַקענען מיט דער געשטאַלט פון אַזאַ מין פּאָעט, ווען זיי האָבן עס געקאָנט דורכפירן, אָן הוצאות, און באקענען די צאַבּרעס מיט די איינפאלערישע לידער פון

יוסף פּאַפּיערניקאָוו, וואָס איז זיכער דורך און דורך פּאָעט, אין דער רייזעניסטישער טראַדיציע.

אין דעם ערשטן אַרויספּאָר־ליד, זעען מיר, ווי איך האָב שוין באַמערקט, אַז פּאַפּיערניקאָוו רעכנט־אויס געדולדיק זיין ביימער־משפּחה. אָבער ער דעררעדט זיך צו דער המצאה, אַז די קינדער זענען — די קלאָגנדיקע ווערבעס. דער טאַטע איז דער דעמב און ווען ער גיט אַ קרעכץ, „צעוויגט די סאָסנע זיך": און מיר געדענקען דאָך, אַז די סאָסנע איז די מאַמע. ביי א. לוצקין לעבן די אַלע פּלאַנצן און ביימער אין אַן אייגענער אַלעגאָריע, אָן אַ נויטיקן מוסר השכל, אָבער די רייזען־טראַדיציע שלאָגט־אויס אַ מאָראַל פון די אַלע „טויטע" זאַכן, וואָס זענען אַ פּאָעטישער משל אויף די לעבעדיקע.

נאָך קלאָרער איז די רייזען־טראַדיציע אין די אַנדערע לידער פון דער יוגנט־סעריע, פון „היים און וויג" —

דער טאַטע, די מאַמע, איין שוועסטער, פינף ברידער,
ס'איז מיטאָג, אכט טעלער, אכט לעפל, ווי רידער.

אָדער אין אַזעלכע שורות:

אַזוי זיינען אַלע געוואַקסן פאַרזעגט און פאַרשניטן,
און ס'האָבן זיך אָפּטמאָל געשלאָגן אַכט קעפּ, אָן אַכט ווענט.

דאָ האָט איר שוין די שפּראַכלעכע המצאה, שלאָגן זיך קאָפּ אין וואַנט, געצפּלט אויף אכט.

אויב ס'איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי פּאָעטישע לופט, לעבט אין איר יוסף פּאַפּיערניקאָוו אַ פול לעבן. ס'איז נישט בלויז וואָס ער זוכט אויס־צוזינגען פון זיך דעם איינגעירשנטן ביטערן דלות —

ווער ס'האָט געהאַט אַ היים אַזאַ ווי איך,
אַ קינדהייט אָט אַזאַ, ווי איך און איר,
נאָך דעם וועט שוין אַ לעבן לאַנג אַזוי
דער טרויער נאָכגיין, ווי ער גייט נאָך מיר.

ס'איז אויך נישט וואָס דער פּאָעט זאָגט אונדז נאָך שאַרפער, אַז „ווערנדיק איינזאַם און שטום, אין מיין היים אין מיין קאַלטער, געוואָרן

פון אומעט, פון טרויער און צער — אַ פּאָעט". פון דעם אַליין ווערט מען נאָך נישט קיין פּאָעט, כאָטש אַ צאָל יידישע פּאָעטן האָבן זייערע פּאָעטישע ביאָגראַפיעס צוגעשריבן צום איינגעדענקטן זיפץ פון דלות און הונגער.

יוסף פּאַפּיערניקאָוו איז כולו פּאָעט און ער לעבט זיך איינגאַנצן אויס אין זיין ליד. נישטאָ אין זיין קעניגרייך פון ליד קיין רמז אויף אַ קאָנטאַקט מיט עפּעס אַנדערש, אַ חוץ מיט זיין אייגן ליד, קאָנצענטרירט אויף דער מעגלעכקייט פון זיין ליד. אין זיינע שורות שפּירט זיך די אומגעדולד צו פאַרוואַנדלען אַלץ אין לידער, נישט צו פאַרטאַכליעווען קיין איין אָנרעג. פּאַפּיערניקאָוו, ווי יעדער אויף־זיך־קאָנצענטרירטער דיכטער, שפּירט אַז אַלץ איז געבוירן געוואָרן פאַר זיין הנאה וועגן צו שאַפן פון זיי און אַרום זיי — לידער.

די זון האָט ביים אונטערגיין אונטערגעצונדן אַ הויז,
און ס'שפּאַרט פון די פענצטער פון אַלע, די שריפה אַרויס.
עס שמעלצן זיך פלאַמיק די שויבן, אַן בראַזג, אָן געקלאַנג,
און ס'צינדן זיך אָן מיר די אויגן און ס'האַרץ — מיט געזאַנג.

אָן אַנדער, נישט אַזאַ מעת־לעתיקער פּאָעט, וואָלט אפשר אויך הנאה געהאַט פון דעם שריפהדיקן אונטערגאַנג, אָבער ער וואָלט אַ טראַכט געטאָן, אַז ס'איז שוין „דאָ־געווען", ס'איז שוין זיכער ערגעץ באַזונגען געוואָרן אין טויזנטער וואַריאַציעס. ביי פּאַפּיערניקאָוון איז עס אַן ערלעכע, איינמאָליקע און אויפן מאָמענט ערשטמאָליקע פּאָעטישע געשעעניש, און אויגן און האַרץ צינדן זיך גלייך ביי אים — מיט געזאַנג.

— אָט־דאָס מיין איך מיט פּאַפּיערניקאָווס פּאָעטישער לופט. ער איז אָבער בטבע אַ מנגן (יונגערהייט, דערציילט ער אונדז אין אַ ליד, איז ער געווען אַ משורר ביי אַ חזן) און ער וואַרפט זיך אַרויף אויף יעדער שפּירונג מיט געזאַנג. אַלץ אין דער וועלט איז — פּאָעזיע —

גאַסן,
געסלעך,
ברייטע,
שמאָלע,
גלייכע,

קרומע —
ליגן אין דער פינצטערניש צעלייגט,
און שלאָפן —
צוגעדעקט מיטן שוואַרצן הימל.

מ׳קאָן זיין זיכער אַז די אויסגעשטעלטע שורות האָבן אין פּאַפּיער־ניקאָוון אויפגעזונגען. ער האָט געהערט די מוזיק פון די באַזונדערע ווערטער, צעשטעלט שורותווייז. ער לאָזט זיך נישט אַראָפּשלאָגן פון וועג. דער שטן פאַרפירט אים נישט מיט אַריינרעדן אינמיטן דערינען, אַז ס׳איז אפשר נישט קיין גרויסער אויפטו, וואָס גאַסן שלאָפן צוגעדעקט מיט שוואַרצן הימל. ער לעבט אין אַן אַטמאָספערע פון שטענדיקער אַריינגע־זונגענקייט און ער איז געטריי זיך, דעם אייגענעם דאַך פון זיין ליד, מיט אַזויפיל אָפּגעזונדערטער אַרויסגעזונגענקייט צום דרויסן, וויפל דער דאַך באַשערט.

דאַך פון זיין ליד איז ביי מיר נישט גלאַט אַזוי אַ צוגעטראַכט בילד. פאַראַן אַ סעריע לידער אין דעם נייעם בוך, וואָס הייסט טאַקע „לידער אויפן דאַך". דער דיכטער וואוינט אין אַ דאַך־שטיבל און ערשט דאָרט קאָן ער זיך אַרומזינגען מיט אַן אייגענער וועלט, ווען די ווייבער פאַר־שטעלן אים נישט די ליכטיקע שיין מיט זייער וועש.

יוסף פּאַפּיערניקאָוו זעצט אויך פאַר די רייזען־טראַדיציע מיט דעם מאָראַלישן אַקצענט אויף די קליינע רציחות, וואָס פון זיי שטאַמען די גרעסערע וועלט־רציחות —

ס׳האָט אַ יעגער פאַר וואוילטאָג געשאָסן
און פון ערגעץ געצילט און געטראָפן,
און אַ הירש האָט מיט בלוט זיך באַגאָסן,
און פאַרבלוטיקט — געלאָפן, געלאָפן.

אָבער צווישן זיך לעבן שטומע באַשעפענישן אויך נישט „ווי די טייבעלעך". אויפן דאַך ממיתן זיך ביי אים טויבן —

און כ׳האָב נישט איין מאָל אויפן דאַך ביי מיר
געפונען שוין אַ טייבעלע אַ טויטס,

מיט רויטע שפּורן פון רציחה אויף דער ווייסקייט,
וואָס איז שטייף געלעגן ווי אַ שנייקויל.

יוסף פּאַפּיערניקאָווס „מאַראַלישע" לידער זענען אפשר זיין שענסטער ביישטייער צו דער יידישער פּאָעזיע. זיין ליד וועגן הונט וואָס פירט אַ בלינדן איז איינס פון זיינע בעסטע לידער. דער הונט פירט „ביים שיין פון טאָג דעם האַר פון נאַכט" —

אַ הונט וואָס פירט אַ בלינדן —
איז דער הינטישסטער, דער טרויעריקסטער הונט,
פון וועמענס אויגן ס'טריפט מיט מענטשלעכן צער,
ווי אייטער פון אַ בלוטיקנדיקער וואונד.

נאָר אין דעם פּאָעט וואָס קען אַמאָל אַזוי פאַרטיפן דעם בלינדן האַר פון דער נאַכט, קען אויך אויפזינגען דער פאָלקסטימלעכער רייזען. —

איך — האָב וואַרעמקייט געברענגט איר,
זי — האָט קעלט אויף מיר געוויינט,
און אַ גרויסע, גרויסע ליבע
האָב איך אויפן ווינט געזייעט.

דער גרינג אָנגעסטראָיעטער זינגער דערציילט אונדז אַזוי וועגן זיין שאַפונג־פּראָצעס —

קלאַנגען און פאַרבן,
פאַרבן און קלאַנגען,
און איך — טראָג כסדר
דעם אָנרעג און ציטער
פון שטילקייט און שטורעם —
צו גרויסע פאַרלאַנגען,
וואָס ווערן אין לידער
צעשאָטן אויף שפּליטער.

ביים הייסן און אומגעדולדיקן פּאָעט מוזן אַ סך פאַרלאַנגען צעשאָטן ווערן אויף שפּליטער און לידער אַליין ווערן אַוודאי צעשפּליטערט.

כ׳בין פול איצט, פול
מיט קלאַנגען
פון געזאַנגען
אַלערליי —
פון וואָס ס׳איז שווער מיר
צו באַפרייען זיך פון זיי,
און זיי — פון מיר.

**אין דער לידער־סעריע „ביי מיר״ איז צום קאָנטיקסטן דער רייזען־מאָטיוו, מיט די המצאהדיקע שורות און פאָלקסטימלעכע רייד אין דעם ליד „אַ זייגער״ —**

אַ שטוב־זייגער ווי אויף צו לאָזן
מיך הערן די טריט פון פאַרגאַנג.

**אין אַן אַנדער ליד וואָס ער זינגט — „מיין האַרץ איז ווי אַ צימער אַן אַ קאָרידאָר״... מען דאַרף בלויז אַנקלאַפּן אין איר, נאָר לייכט און דין... אָדער אין אַ ליד וועגן דער וועלט —**

נישט מיינע — די וועלט, און נישט מיינס איז דאָס לעבן וואָס כ׳לעב.

**די בעסטע, שאַרפּסטע לידער געפינט מען אין ציקל — „לידער אויפן דאַך״. די לידער זענען איראָניש־ביאָגראַפיש, אָן ווייכן רחמנות אויף זיך. זיי מאַכן דערפאַר אַ שטאַרקן איינדרוק. די לידער זענען אויך נייער דערמיט וואָס דער פּאָעט דערלויבט זיך צו זיין „אומפּאָעטיש״ —**

דאַכט זיך, וואָס? נישטיקע פאַר קלייניקייטן, שאַלאַמויזן:
אַ פאַרוואַשן העמדל, אַ פאַר ווינדעלעך,
אַ ציכל, ווינטערהויזן,
וואָס אַ שכנה האָט צעהאַנגען פאַר מיין פענצטער־ראָם
פאַרשטעלן מיר דעם ים, דעם גאַנצן ים.
און — אויס אים, אויס!
אַבי מען זאָגט: דער ים איז גרויס, אומענדלעך גרויס.

**דער לעצטער אַקאָרד איז ווידער דאָס דערפינדערישע פון דעם רייזען־געמיט, וואָס דערזאָגט זיך זינגענדיק צו אַן איראָנישן — עט!**

**אָט איז אַ גאַר־קלאָרער רייזען־מאָטיוו —**

ס׳געדענקט שוין נישט פון דאַכשטיבל מיין טיר,
ווען עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין איר.

**פאַראַן אין בוך אַ טרויעריק ליד פון פאַרלאָזענער איינזאַמקייט, וואָס איז שוין אַ סאָציאַלער אָנקלאַג אויף חברים פון פּאָעט, וואָס וואוינט שוין איבער דרייסיק יאָר אין לאַנד —**

איך ליג דעם אַכטן טאָג שוין קראַנק אין דאַכשטיבל ביי מיר,
און שוין דעם אַכטן טאָג, ווי ס׳האָט קיין לעבעדיקע האַנט
נישט אָנגערירט דאָס הענטל פון מיין טיר.

**זיין גאַנצע אָרעמקייט פון פּוילן און זיין גאָרע איינזאַמקייט האָט פּאַפּיערניקאָוו מיטגעבראַכט און פון זיי מיט אַ זעלטענער געטריישאַפט קנעט ער שוין עטלעכע און פערציק יאָר דאָס יידישע ליד, אין דער טראַדיציע פון אונדזער חומשדיקן מייסטער אברהם רייזען, וואָס האָט תמיד באַחנט זיינע לידער מיט קלוגע און טרויעריקע פּסוקים.**

יידיש איז דאָס ליים, דאָס רויע ליים
פון וואָס די אָרעמקייט קנעט אויס
די ציגל צו אַ הויז,
די ציגל צו אַ היים.

פון ליים געקנאָטן ווערט דאָס יידיש וואָרט,
וואָס איז מיט גורלדיקס געפּאָרט —
צייט וואָרט איז וואָרט.

און ווי דער טעפּער קנעט פון ליים,
קנעט אויס פון רוי־ערד
טעפּ און קריגעלעך,
און פּילט זיי אָן מיט טרויער —
קנעט און פורעמט פונעם ליים
אַ יידישער פּאָעט —
זיין ליד, זיין יידיש,
וואָס איז אָרעם, נאַקעט,
אָבער — שטראַליק, מלכותדיק — אויף חידוש.

דאָס ליד איז זיכער נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער צעבליטער יידישער פּאָעזיע, אָבער עס איז ביי פּאָפּיערניקאָוון אַן ערלעכער אַריינבליק אין מלכות פון אייגענער לידער־שאַפונג.

1961

## אברהם לעווס חלוצים-לידער

ס׳טרעפט נישט אָפט, אַז לידער פון אַ פּאָעט, געזאַמלט אין אַ בוך, זאָלן זיך לייענען אַזוי צוזאַמענדיק, ווי די לידער פון דעם יידישן פּאָעט אברהם לעוו, אין זיין בוך „ביימער אין ווינט״, אַרויסגעגעבן דורך דעם פאַרלאַג י. ל. פּרץ, אין תל־אביב. מען האָט נאָך ביז איצטער אַזוי קלאָר נישט דערזען דאָס פּנים פון דעם פּויער־פּאָעט, ווי אברהם לעוו רופט זיך: און כאָטש זיין איינגעאַקערטע ליבשאַפט צו דער ארץ־ישראל־ערד האָט תמיד אַרויסגעקוועלט פון זיינע באַזונדערע לידער, זינגען־אויס אַלע לידער אין זיין נייעם בוך אַ געשוואוירענעם לויב, צו אַלע פרימאַרגנס פון דעם פּאָעטס פערטל־יאַרהונדערט פון קיבוצישן לעבן.

ס׳איז אַ מין פּאָעטישער קאַלענדאַר, פון אַ פאַרפּויערטער יידישער פאַרעקשנטקייט צו בלייבן מיטן יידישן וואָרט אויף יידישער ערד און נישט צו בענקען נאָך שטאָטישע גליקן, אפילו נישט נאָך פּאָעטיש־באַהע־מישע גליקן פון אַ פאַרבראַנפנטן וועלט־שמערץ.

אין זיין קליינעם אַריינפיר צו די לידער זאָגט אונדז אברהם לעוו, אַז אין דער זאַמלונג גייען אַריין בלויז זיינע „קיבוציש־חלוצישע מאָטיוון״, פון די יאָרן 1935—1960. די דאָזיקע לידער זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשידענע זשורנאַלן, און דער פּאָעט האָט זיי צוזאַמענ־גערופן פאַר אַן אסיפה — אין אַ בוך, וואו די לידער פילן זיך שטאַרק היימיש, ווייל זיי דערציילן זיך און דעררעדן זיך צו גאָר אַ סך זעטיקע דערמאָנונגען, און זיי באַשטעטיקן די זוניקע געזונטקייט פון יידישן וואָרט און יידישן געזאַנג.

אברהם לעוו איז לויט סטאַנדאַרטן פון יידישע פּאָעטישע מעטריקעס

נאָך אַ יונגער מענטש. ער איז נאָר וואָס געוואָרן אַ בן חמישים, און שוין באַלד דרייסיק יאָר ווי ער זינגט יידיש צום יידישן לאַנד, און ביידע האָבן נישט דערלייגט צום עסק. כ׳וואָלט געזאָגט, אַז דאָס בוך, וואָס איז דערשינען צו זיין געבוירנטאָג, איז בפירוש אַ יום־טוב פאַר דעם אויפגעגאַנגענעם יידישן וואָרט, וואָס אַזעלכע פאַרעקשנטע יידישע פּאָעטן האָבן פאַרדוקאַעט: דווקא אין ארץ־ישראל, דווקא אויף ערד, דווקא אין קיבוץ און איבער אַלע דווקאס — דאָס ציכטיקע יידישע וואָרט.

כ׳מוז זאָגן, אַז כ׳האָב נאָך אַזוי שטאַרק נישט דערשפּירט דעם זכות פון לעווס לידער און זייערע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער פּאָעזיע און ישראלדיקער ערד, ווי אין די לידער פון בוך „ביימער אין ווינט״, אַזעלכע לידער זענען טוּאונגען, נישט נאָר לידער, נאָר אַפילו מצוות. זיי זענען ווערט מער, ווי צענדליקער פּראָפּאַגאַנדע־אַרטיקלען און הונדערטער סקאַרבאָווע רעדעס. זיי רופן נישט, שלעפּן נישט, נאָר זיי זענען — דאָ, מיט אַן איבערצייגנדיקער דאָאיקייט. ס׳איז גוט וואָס דאָס בוך לידער הויבט זיך אָן מיט שורות, וואָס אברהם לעוו האָט געשריבן, מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק —

אַ דאַנק און אַ לויב
פאַרן בלוי פון מיין שויב,
וואָס ליכטיקט און קלאָרט,
פאַרן געבערדלטן גערשט,
פאַרן ליד וואָס דערהערט,
פאַרן וואָרט.

ס׳איז גוט וואָס דאָס בוך שליסט זיך מיט אַ ליד געשריבן, 25 יאָר שפּעטער, אַלץ אין קיבוץ, די אַלטע חלוצים זענען שוין גרוי, אָבער —

מען שפּאַנט מיט עקשנות געלאָדן,
מען שפּאַנט פונעם פעלד ווי די ריטערס;
אויף פינגער עס קלעפּט נאָך דער באָדן,
אַן אָפּשפּריץ פון זוניקע שפּליטערס.
די נאַכט פאַלט צו האַסטיק און פלוצים
אַ שאַקאַל האָט זיך ערגעץ צעשריגן,
זיי גרויען די אַלטע חלוצים
פון אַט דער פינפטער עליה.

און אינצווישן, צווישן דעם אָנהויב און סוף, זענען זיך א סך פאַר־לויפּעניש פאַרלאָפן און דורך די לידער קאָן מען, ווי פון אַ קאַלענדאַר רייסן בלעטל נאָך בלעטל און קריגן דעם אַראָמאַט פון די געשעענישן; און אַלץ דורך דער פּאַנאָראַמע פון קיבוץ.

אפילו די לידער וואָס ס'געשעט אין זיי גאָרנישט, זענען אויך קליינע דראַמעלעך פון טאָג און נאכט, פון אַ שמעטערלינג, אַ מילב און פון טוי. דער טויט פון שמעטערלינג ווערט אויך אַריינגעוועבט אין דער דראַמע פון אַ פערטל יאָרהונדערט זען און באוואונדערן.

מיט ליכט איז דער דרויסן באַגאָסן,
מיט ליכט און מיט ראָזעווע פאַרבן —
אַ שמעטערלינג האַלט איצט ביים שטאַרבן.
די פליגעלעך שטייף און פאַרלאָשן,
דאָס גופל — אַ צוק און אַ פיבער
און בייגט אויפן בלימל זיך איבער.

ס'ווערט יום־טובדיק פון די לידער, ווען מען דערהערט דאָס ביאָגראַ־פישע קול פון אַ יידישן יונגנמאַן, וואָס האָט דערפירט זיין יידישע געטריישאַפט און זי פאַרוואָרט מיט מעשימדיקע יאָרן פון לעבן —

געדעקט אַ דאַך, געשטעלט אַ טיר
דורך שווייס און בלוט.
כ'טאַפּ אָן די ווענט מיינע די פיר,
און זע: ס'איז גוט!

אַזעלכע שורות זענען צו־פשטותדיק בלויז, ווען מען איז זיי נישט מצרף צום געלעבטן יידישן וואָרט פון פּאָעט, ווען מען דערשפירט נישט דעם פעלד־געריך —

אויף מאָרגן, ווען ער גייט ארויס צוריק אין פעלד,
עס שמעקט פון אים, ווי פון דעם אור־זיידן,
פון יעקבן, מיט אהל, מיט געצעלט.

ווען מען דערטעמט אַ סך, ווי פשוט די יידישע רייד גראַמען זיך אריין אין דער יידישער לופט, ווערט מען ביי זיך אויפסניי פאַרגלויבט אין כוח פון יידישן וואָרט.

דער פּאָעט אברהם לעוו האָט נישט ליב די „רייסעניישן און פּאַרטייען־שטרייטן". ער האָט פיינט די „לייט פון לופט, מיט טעקעס לעדערנע אונטערן אָרעם, מיט פולע בייכער רייד". אים זענען אויך פרעמד די „מעקלערס", (ער מיינט די פּראָפּאַגאַנדע־מעקלערס), די „רעדנערס און דברנים". זיינע לידער פאראמתן א סך מער ווי פוסטע רעדעס און אויפרופן.

מ'קאָן אַזוי שפּאַצירנדיק דורך די לידער אין בוך, צוזאַמענשטעלן אַ מיניאַטור־ביאָגראַפיע, פון א פויער־פּאָעט, וועמען ס'איז פרעמד דער „פוסטער געפּלאַפּל ביי שוימיקע גלעזער".

אַ גלי־ווערעמל גליט, ווי אין אַ טונקעלן רעמל.
דער הונט, דער ברוינער,
פּאַרשטעקט זיין וועלפּישע מאָרדע אין דִי קני
און דרעמלט.

אַ טאָג פון מי.
אויפן בריקל אויפן שטיינערנעם, ביז שפּעט
זיצט דער פויער־פּאָעט
און וועבט זיין ליד.

דער דאָזיקער ערלעכער געוועב איז אין אברהם לעווס בוך דורכאויס איבערצייגנדיק. מער ווי אין זיינע אַנדערע לידער, וואו ער איז נישט מיט ביידע פיס אין זיין חלוציש־קיבוצישע לידער, און דווקא, ווען מען לייענט זיי און מען זאָגט זיי, אין דעם פּאַרענדיקטן אויסהעפּט פון אַ פערטל יאָר־הונדערט: אָט איז דער זון, וואָס איז שוין אלט זיבן יאָר.

ס'איז וואָר ?
ער איז דער ערשטער דור,
מיין יינגעלע מיט שווארצע האָר
אין אויגן בלוי —
באַפליגלט מיט בטחון.
ער ציטערט שוין נישט פאַרן גוי
דעם שכן.

דאָס בוך איז אינטערעסאַנט, ווי אַ פּאָעטיש מעשה־ביכל פון אַ יידישן יונגנמאַן, וואָס איז אָנגעקומען און געפונען. באַזונדערע לידער זענען אפשר צו גרוי —

לאַנד,
באַווייז מיר דעם וועג,
פיר, ווי אַ קינד פאַר דער האַנט,
צו ליכטיקע טעג.

דערפאַר אָבער ווען מען לייענט זיי אַלע, ווי אַ גאַנצע ביאָגראַפיע, דערשפּירט מען די ערלעכע איבערפלאַנצונג פון יידישע פיס, יידישע הענט און יידיש לשון.

גוט איז קאָנען זען, פאַרשטיין
פונעם זיין דעם זינען;
אויפן שווערן וועג צו גיין,
פאַרלירנדיק — געפינען.

כמעט רייזעניסטישע שורות. אפילו מיט זייך דערשפּיצן זיך צו אַ תמציתדיק גלייכוווערטל. אָבער די דאָזיקע שורות זענען געזונגען אויף יידישער ערד. דאָס ווערטל ווערט — קיום.

מען הויבט אָן איינזען, אַז נישט נאָר ברענגען אַזעלכע פאַרעקשנטע יידישע פּאָעטן באַנייטע יידישע מאָטיוון, אפילו אין זייער איבערגעזאָגט־קייט, נאָר זיי האָבן דעם יידישן ליד געבראַכט — נייַ לעבן, נייע געדייאונג. ס׳איז געוועזן אַ גרויסער אויפטו איינצופּאַקן אַלצמיטאַנאַנדער און אַוועק מיטן יידישן ליד, אויף דעם געבענקטן באָדן. הערט נאָר וואו דאָס יידישע ווייסע האנדל־ציגעלע איז דערפאָרן:

די קוקורוזע איז שוין געל,
און יעדעס בלאַט פאַרמאָגט איר קלאַנג,
איך שטופּ זיך דורך די שורות זייטיק.
אין צווייטן פעלד,
אַ יעדע זאַנג
איז פול־ און צייטיק.

געבענטשט גייט־אויף דער קאָרן
אויף שטרויעלעך אויף פרומע
וואָס וויגן זיך אַהין־אַהער.
דורך אַלע יאָרן,
האָב איך באַנומען
די ברכה פון דער ערד,
די ברכה וואָס די ערד
באַהאַלט אין לייב פאַרנוריקט,
און דורך דיין מי דו קאָנסט געפינען:
אַ געלן מייער,
אַ רויטן בוריק,
אַ ציבעלע א גרינע.

**דער פּאָעט גיט זיך אויך אָפּ אַ פּאָעטישן דין וחשבון —**

אוודאי בין איך מיד,
און אויסגעמאַטערט איז מיין גאַנג
דאָ צווישן בייטן,
נאָר דורך אַלע יאָר מיין ליד,
מיין יידישער געזאַנג
מיך טוט באַגלייטן.

**אָט פאַר דעם קומט אַזאַ פּאָעט, ווי אברהם לעוו, גרויס אַנערקענונג. ווי זאָגט ער אונדז —**

אַוועק שוין זענען
פינף און צוואַנציק יאָר
אין געזאַנג און אין עבודה.

**דאָס זענען טײַערע צוויי ווערטער, דווקא אין דער שותפות פון געזאַנג מיט עבודה, ווייל אפילו דאָס יידישע באגלייטנדיקע געזאַנג איז אויך געווען — עבודה. דאָס יידישע וואָרט האָט זיך באַצייטנס באַוואָרנט, ווען ס׳האָט געשיקט אַזעלכע יונגעלייט קיין ארץ ישראל. איז דאָס אפשר דער תיקון פארן יידישן וואָרט, וואָס וועט פון דאָרטן שטאַרקן, פעסטיקן און אפשר גאָר ראַטעווען דעם זעלטענעם אָפּשפּאָר פון גלות — דאָס ליכטיקע יידישע לשון?**

**דאָס לשון איז געקומען צום טאַפּאַל־בוים, ציפּרעס־בוים, באַנאַנע־בוים, און אַלץ איז „אינגאַנצן גרין און כולו־מונטער". דער כולו־מונטער איז חל אויפן דערפרישטן יידישן וואָרט, וואָס האָט אַפּגעזוכט אויף אייגע־נעם באָדן, דעם נאַטירלעכן ברודער, דעם „כולו", די פולע מאָס פון — „כולו־מונטער".**

**פאַראַן אין בוך טרויעריקע לידער פון מלחמה, קינדער געפאַלענע אויפן שלאַכטפעלד. פאַראַן נאָך א טרויעריק ליד פון א יונגן פאָטער, וואָס די מלחמה האָט אים צוגענומען די ראיה. ער שפּילט זיך מיטן קינד, דאָס קינד צעברעכט אים די שוואַרצע ברילן —**

דער טאַטע זעט נישט, ווי זיין זונעלע האָט בעתן שפּיל
אַ פינגערל צעשטאָכן אָן זיין בריל
און גייט אָפּ מיט בלוט.
די מאַמע וויינט.
דעם טאַטנס פּנים איז פאַרשטיינט.

**דאָס ליד איז פון די נייערע לידער, געשריבן אין 1956, דער טרויער איז נישט כולו־טרויער, ווייל ס'ליכטיקן אנטקעגן די דאָזיקע לידער — די טעג און נעכט אין קיבוץ, די פרייד פון אַרבעט אין די יידישע קאָמונעס, פון ליבשאַפט און — יידשאפט, און איבער אַלץ דער צונויפזאמל —**

אין מיין קיבוץ, אויפן גרינעם פעלד,
זיך שפּילן קינדערלעך פון גאָר דער וועלט,
אנטלאָפענע פון גיהנומדיקע היימען
פון איראַק, מצרים און תימן.
קוק אָן דאָס זונעלע מיט אויגן
שוואַרצע דאָ אַנטקעגן דיר:
דאָס איז דאָך ניסים פון אלזשיר,
און דער איז גאָר פון פּערסיע;
עס גייט אַרום דאָ וועגן אים אַ ווערסיע:
גרענעצן געגנבעט און צופוס געגאַן,
דאָס לאַנד האָט אים צו זיך געצויגן.
ער אַליין דערציילט: געפלויגן אין אַן עראָפּלאַן,
און פייער גליט אין זיינע ברוינע אויגן.

דער וואונדערלעכער טעפּיך ווערט פאַרביקער, און דאָס יידישע ליד זינגט פון שלום און לעבן —

ברען אויס מיט אַ פלאַקער
דעם פרעמדן און אייגענעם האַס,
אַז דער, וועלכער בייגט זיך ביים אַקער,
זאָל פילן די זיסקייט פון לאַסט.

1961

## אַ יידישע דיכטערין אין מדינת ישראל

ריקודה פּאָטאַש איז אַ יידישע דיכטערין, וואָס וואוינט שוין באַלד דרייסיק יאָר אין ישראל און זי שרייבט דאָרט יידישע לידער, וואָס זענען געקנאָטן פון העברעאיש און כסדר געטונקען אין העברעאיש. אמאָל וואַרפט זי אַריין גאַנצע העברעאישע פראַזן און אויסדרוקן, וואָס זי וויל פאַרהייי־מישן צווישן די יידישע שורות. מ׳קאָן זאָגן, אַז אירע יידישע לידער זענען העברעאיש און ארץ ישראלדיק אין געמיט. און ביי איר איז עס נישט קיין מעטאָד אָדער אַ באוואוסטזיניקע טעכניק, נאָר אַזאַ איז איר גאַנצע פּאָעטישע דיקציע.

ריקודה פּאָטאַש האָט שוין ביז איצט אַרויסגעגעבן דריי ביכער לידער. איר ערשט בוך איז דערשינען אין לאָדזש, מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, אַ צווייט בוך אין לאָנדאָן און אָט איז דערשינען איר ניי בוך לידער — „מולד איבער תמנע״ אין ירושלים, וואו די דיכטערין וואוינט און ארבעט אין דער בצלאל קונסט־ביבליאָטעק. דאָס בוך איז שיין אַרויס־געגעבן, שיין אויסגעשטעלט און דער פארלאג וואָס האָט עס אַרויסגעגעבן הייסט „הוצאת ספרי תרשיש״. געדרוקט האָט זיך דאָס יידישע בוך לידער אין דער דרוקעריי פון דער גרויסער העברעאישער צייטונג „הארץ״, אין אַן אַטמאָספערע וואָס איז פּאַסיק פאַר דעם העברעאיזירטן יידיש, מיט וואָס ריקודה פּאָטאַש וויל אויסזינגען איר ליבשאפט צום לאַנד. אַ שאָד בלויז, וואָס קיינער האָט נישט גוט אַכטונג געגעבן אויף די גרייזן, ווייל

פאַר אַ בוך לידער פון 102 זייטן איז דאָ פאַראַן אַ צו־גרויס עשירות פון גרייזן, וואָס שטערן די הנאה פון שיינעם שריפט און פון גוטע פּאָעטישע שורות.

ריקודה פּאָטאַש האָט געשריבן אַ צאָל לידער, וואָס זייערע שורות האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען און זיי האָבן זיך צוזאַמענגעטייטשט. די דיכטערין ווערט באַפאַלן פון אַ סך בילדער, ווי אין אַ חזיון, און זי גיט זיך איבער אירע זעאונגען מיט אַ צעציטערטן ריטם פון וואָרט. און ס'איז אַ מזל־זאַך — אַמאָל געלינגט איר צו איבערצייגן דעם לייענער, אין דעם וואָס זי האָט געזען, און פון די זעאונגען קומט אויך ארויס אַ קאָנקרעטע גאַנצ־קייט. אָבער אָפטער באַפאַלן איר די בילדער מיט אַזאַ אָנפלי, אַז זי צעשטאַמלט זיך — מוזיקאַליש. מ'זעט אַז ס'האָט דער דיכטערין פאַר־כאַפּט דער אָטעם. זי וויל דורכן זען עפּעס זאָגן, אָבער איבער די ווערטער האָט זי שוין קיין שליטה נישט.

געווען אַמאָל אַ צייט, ווען מ'האָט גערעדט וועגן שרייבן „אויטאָמאַ־טישע" לידער. די אַמעריקאַנער דיכטערין געטרוד שטיין, וואָס האָט זיך אויסגעוואָרצלט פון אַמעריקע און געבליבן וואוינען אין פּאַריז, פלעגט אין אירע יונגע יאָרן עקספּערימענטירן מיט אויטאָמאַטישע לידער. זי פלעגט נעמען אַ בייגעלע פּאַפּיר און שרייבן וואָס ס'איז איר איינגעפאַלן. ס'האָט געזאָלט הייסן, אַז זי שרייבט לידער, נישט געבנדיק דעם מוח קיין געלעגנהייט זיך אַריינצומישן און „קאַליע"מאַכן.

אַ סך לידער קומען אַרויס פון ריקודה פּאָטאַשס לידער־שמידעריי, אַזוי הייס און צעשמאָלצן, אַז זיי האָבן נישט קיין געלעגנהייט צו ווערן אַ ווערטער־געצייג, וואָס לידער זענען מחויב צו זיין, נאָר זיי זענען צעשמאָלצענע פּאָעזיע, וואו וואָרט, קלאַנג, אימפּעט, געמיט, בילד, טייטש, אַלץ בלעזלט זיך און קאָכט זיך.

דאָס איז נישט נאָר אַ פּועל יוצא פון דער דיכטערינס טעמפּעראַמענט, אָדער פון איר עכטער און הייסער ליבשאַפט צום לאַנד און צום ספּעציעלן קלימאַט פון איר העברעאיזירטן יידיש, נאָר אויך און אין אַ גרויסער מאָס, וואָס אפילו אירע רואיקע לידער זענען היסטעריש. זיי מאַכן דעם איינ־דרוק פון הייסע אויטאָמאַטיש־געשריבענע פּאָעטישע שורות, וואָס זענען געבויט אויף דעם מאָמענטאַנעם אומקאָנטראָלירטן אימפּולסיוון איינפאַל.

אין דעם נייעם בוך „מולד איבער תמנע", איז די גרעסטע צאָל לידער

פון אַזאַ הייסן שטאָף. אירע טעמעס זענען אַמאָל גאַנץ קאָנקרעטע, דער טויט פון איר ברודער, דער טויט פון איר מוטער, די שיינע געזונטע יאָרן פון איר פאָטער, וואָס איז קיין עין הרע אַ בן־שמונים און וואוינט אויך אין מדינת ישראל, אָבער דער אינהאַלט פון די לידער דרייט זיך מיינסטנס אַרויס פון אירע הענט און ס׳וועדט פון אים בילדער־שורות, וואָס פליען מיט אַן אימפּעט. גערטרוד שטיין האָט שטודירט פּסיכאָלאָגיע און אירע „אויטאָמאַטישע״ עקספּערימענטן זענען געווען אַ פאַרזוך אַרויסצו־ברענגען אַבסטראַקטע שורות, ווי אַבסטראַקטע מאָלעריי, אָבער ביי ריקודה פּאָטאַש האָט עס זיכער נישט צו טאָן מיט קיין קאַלטע און אויסגערעכנטע וויסנשאַפטלעך־פּאָעטישע עקספּערימענטן. פאַרקערט, אירע „אויטאָמאַ־טישע״ שורות זענען אָנגעגליט מיט דעם ערשטן־בעסטן איינפאַל און מיט דעם ערשטן דערזע און דערהער.

אָבער די לידער אירע האָבן אַ געוויסן קאָליר און אין דעם צוזאַמענ־פלאַטער פון די שורות איז פאַראַן אַ מין ווערטער־פלאָרע פון ארץ ישראל. מען זעט, אַז די דיכטערין וויל פאָרט עפּעס דערגרייכן, אַרויסשטאַמלענ־דיק אויף גיך איר מוזיקאַלישע עברי, זי וויל איבערגיסן אַלטע תנ״כישע געפילן, אויף נייע ישראלדיקע מאָטיוון. איז דער ווילן אַליין, אַפילו אַן גרויסע דערגרייכונגען, דער סימן פון אירע לידער, וואָס לאָזן זיך דער־קענען מיט זייער אייגנאַרטיקן פּרעפל.

אינטערעסאַנט, אַז די דיכטערין אַליין איז צייטנווייז באַוואוסט ביי זיך, אַז זי איז צו־הייס און אימפּעטיק פאַר רייד. זי רעדט פון איר שטומ־קייט און זי בעט זיך —

גלי מיך אין דיין קופער
שטעמפּל מיין ליד
און לאָז אַריין מיך
אין דיין יצירה
ווי איך האָב דיך אַריינגעלאָזט
אין מיין שטומקייט —
גאָט.

— — — — — — — — — — — —

און קופּער מיך אויס
אין דיר
תּמונע.

זי האָט אין דעם ליד עטלעכע שיינע שורות — ווי „קנעט מיך אַריין און מיש מיך אויס מיט זייער אוראַלטן קיזל" אָבער זי ווערט נישט קיין קיזל־שטיין און נישט פאַרקופּערט, נאָר אירע שורות בלייבן מיינסטנס — שמעלץ.

נישטאָ קיין גרויסע פּראָבלעמען אין ריקודה פּאָטאַשס לידער. כ׳זאָג עס נישט לשם חסרון, אָבער אַ סך לידער אירע זענען שוין אַביסל צו עלע־מענטאַר און זיי פאַרלאָזן זיך צופיל אויף דעם הייסן אָטעם, וואָס מיט אים דעקלאַמירט זי זיי ארויס פון זיך. אויב מ׳זאָל זיי קאָנען כאַפּן און דעק־לאַמירן ווי די דיכטערין אַליין האָט זיי אויסגעזונגען, וואָלט מען אפשר בעסער געכאַפּט זייער מוזיק.

געלע ערד,
ברוינע ערד,
ערדענע ערד,
מלכות פון וויסטעניש
מלכות פון וויסטעניש
זיצט אויף אַ גאָרן פון רויטער שקיעה.
דער הימל איז אַזוי נידעריק.

כ׳בין זיך משער, אַז די דיכטערין האָט אין דער איבערחזרונג פון ערד אַריינגעטאָן אַ סך געפיל און זי האָט אויך געזען דעם „גאָרן פון רויטער שקיעה", אָבער ווען דאָס ליד דאַרף געלייענט ווערן פון אן אנדערן נישט פון דער דיכטערין און נישט מיט דעם אָטעם ווען ס׳איז נאָר־וואָס געשאַפן געוואָרן, ווערט דערפון נישט מער ווי אַ געפּלאַפּל.

אָט איז נאָך אַ מוסטער פון אַזאַ הייסן געפּלאַפּל —

די קופּערנע גראָבן
מיט קופּערנע בויגן
פליען געפלויגן.
אַ זאַמד־רעגן וויכער,

מיט זאַמדיקע טיכער
אַ פּאַטאַ מאַרגאַנאַ
פון געל־רויטע ווינטן.

אוודאי האָט די דיכטערין עפּעס געזען און אפשר אויך עפּעס גע־מיינט איבערצוגעבן, מיט איר „פליען־געפלויגן", נאָר ס'איז די מוזיק פאַר נישט צוגעפּאַסטע ווערטער, אָדער בעסער געזאָגט, פאַר די ערשטע ווערטער וואָס זענען דער דיכטערין געקומען אויף דער צונג.

די גאַנצע ערשטע סעריע איז געווידמעט די קופּער־גראַבנס.

אין תמנער קופּער־גראַבנס —
ס'שלעפּן קוישן לעצטן קופּער
טויטע פּוס־טריט אויסגעשוויצטע אויסגעבריטע.
שטייט אַ וויג אינמיטן וועג
און וויגט און וויגט
די אַלטע טעג —
נישט דערוויגט קינד און קייט
שטייט די וויג און וויגט און גייט.

אָט האָבן מיר אַ פולע שטימונג, אָבער די שטימונג איז נאָך נישט „אָנגעשטימט" מיט די ריכטיקע רייד. עפּעס האָט אין דער דיכטערין געברומט אַ ניגון, אָבער ווי נאָר ס'האָט זיך צעזונגען אין — אַ וויג אינ־מיטן וועג איז דערפון געוואָרן אַ זינגלאַז קינדער לידל, פון אַ וויג וואָס אי זי שטייט, אי זי וויגט, איז זי גייט. ס'איז נישט בלויז דאָס נישט זיין אָפּגעהיט מיט לשון. ווען ריקודה פּאָטאַש דערציילט אונדז —

אַז דער שומר —
זאָגט אַן אָטעמדיקע תפילהדיקע תפילה
פאַר דער וויסטער תמנה
פאַר איר קופּערנער קהילה.

האָט איר דאָס „מים אחרונים וואַסער" פון דער „תפילהדיקער תפילה", גראָד אַרויפגעפּירט אויף אַזאַ שיינעם זאָג ווי — אַ „קופּערנע קהילה". אָבער איר אַרט בכלל נישט וואָס זי לאָזט אויפן וועג פּאָעטישע

שטעכלקעס און שטעכנדיקע שטיינדלעך, ווייל זי לויפט ערגעץ מיט אימפעט, צו אַ „קופּערנער מנורה״, אַ „צווייטע אשמורה״, איר אַרט אויך בשום אופן נישט, וואָס ביי איר באַקומט זיך אַן „אין סוף פון ענדן״, אַבי ס׳האָט זיך צוזאַמענגעגראַמט מיט „לענדן״ און אַבי ס׳זינגט וואָרעם. און אויב זי האָט נישט געטראָפן מיט די ווערטער איז — מה בכך. אַבי מ׳קאָן זען, אַז דאָס ליד, האָט געהאַט אַ דאַברע מאַזעלע, וואָס איז אונטערוועגנס צעשמאָלצן געוואָרן.

רוף איך זאַמד,
רוף איך זעמדער,
רוף איך בוים
רוף איך צווייגן
רוף איך מאָרגן
רוף איך אָוונט
ענטפערט קול
דעם ווידערקול.
קלאַפּט דאָס קול
אין שטיינער
נישטאָ דאָ־קיינער!

אוודאי הייסט דאָס ליד „ווידערקול אין תמנע״, אָבער וויפל מאָל איז דער שיער צו רוף־רופן אין אַזעלכע אויסגעשטעלטע קורצע שורות? דאָס ליד לויפט נאָך ווייטער אוועק און רופט נאָך אַלץ. —

רוף איך מיך
מיין גוף ווערט ווינט
צערינט מיין עכאָ און פאַרשווינדט.

ריקודה פּאָטאַש רופט רייד און זי נעמט זיך נישט צום האַרצן, וואָס עס ווערט פון זיי — ווינט, אבי דער ווינט איז א הייסער, א כאמסינישער און אַז ער פאַרמאָגט אין זיך דעם ווינטישן געוואוי, וואָס האָט אין דער דיכטערין געשטורעמט בעת זי האָט בלינד געזען אירע שורות, איינהערנ־דיק זיך אין זיי, אָבער נישט לייענענדיק די שורות צוזאַמען, ווען זיי ווערלן זיך

קומען אויסשטעלן אין אַ ליד. זי פּאָלגט נישט אָפּט דעם אָנזאָג פון איר אייגענעם „תהילים־צווייגל“, פון קאַפּיטל ל״ט. —

כ׳האָב דיר צוגעזאָגט צו היטן מיין צונג,
פון אַן איבעריק וואָרט וואָס איז נישט
אויסגעטראָגן אין מיין אינגעווייד.

ס׳איז נישט אַזוי וואָס זי טראָגט נישט אויס אירע רייד, נאָר וואָס זי ענגט זיי אַן הענדום־פּענדום, אויף אַ מאָמענטאַנעם פלאַטער, א מוזיקאַ־לישן געשעפּטש, אַ פּלוצימדיקע דערזעעניש. —

דערנאָך האָט די לבנה
מיט ווייסע מילך
געוואַשן מיך, געפּאַיעט
ס׳זאָל שטיל ווערן מיין העשען
כ׳בין איינגעשלאָפן
אויף לבנהס הענט
ס׳איז געקומען אַ שטערן
אויסגליען מיין טרויער.

דאָס פּאָלקסטימלעכע, פאַרסלאַווישטע וואָרט „געפּאַיעט“ פּאַסט זיך נישט פאַר דער לבנה, און ס׳לייגט זיך נישט, אפילו נישט אויפן פּאָעטישן שכל, אז מען קאָן איינשלאָפן אויף לבנהס הענט, אָדער אַזאַ בילד, ווי אין אַ וויטערדיק ליד — „סע גייט אַרויס אַ מראה ווערן אַלע גרוי און שאַרע“. אָבער ריקודה פּאָטאַש האָט עס נאָר־וואָס אַרויסגעטויכט פון אומקאָנטראָ־לירטע טיפענישן און זי מוז עס זאָגן, אַקוראַט ווי זי האָט עס געזען.

און דאָך ווען מען לייענט די לידער צוזאַמען און מען באַקענט זיך מיט אַלע געזאַנגען און אַלע ריטמען פון דער ירושלימער יידישער דיכ־טערין, אַנטוויקלט מען אַפילו אַ ליבשאַפט פאַר ריקודה פּאָטאַשס חנעווו־דיקע־חסרונות, פאַר דעם אָריענטאַלישן געזאַנג פון א יידישער פּאָעטעסע אין לאַנד פון ישראל. אין בוך זענען אויך פאַראַן עטלעכע גוטע און גאַנצע לידער, ווי „מיין מאַמע שרייבט אַ בריוו“; „די באַלאַדע פון הינדל־חנהס תפילה“, אָדער אַזאַ פרעכטיק ליד, ווי „מיין מאמעס שיך“, וואָס הויבט זיך אָן מיט אַזעלכע ריטם־מוזיק־רייד, און מיין־פאַרקנסטע ווערטער —

פון אַלע מאַמעס זאַכן נאָך איר טויט
פאַרבליבן איז איין קאַסטן אַ פאַרמאַכטער
אין טרויעריקן רויט,
און אין קאַסטן אַ פאַרמעג:
אירע שיך
פון אַלע טעג.
זי האָט געהאַט כל נדרי לאַטשן
אין וועלכע נאָר אַ מלאך גייט
און לאַטשן ווייכע, ווייסע, דינע,
צוגעפּאַסט צום קלייד.

1960

## יעקב פרידמאנס לידער

**אין מדינת ישראל, לעבט איצט אַ מנין יידישע פּאָעטן, וואָס די וועלט־פּאָעזיע פאַרמאָגט נישט אַזעלכע, אין קראַפט פון אויסדרוק, אין שיינקייט פון וואָרט און אין דער באַנייאונג פון פּאָעטישן געזאַנג. אָבער זייער הויפּט־מעלה באַשטייט אין דער פאַרפלאַנצונג פון יידישן וואָרט אויף אייגענער ערד, וואָס צו איר זענען די יידישע פּאָעטישע רייד צוגעפּאַלן מיט אַ זעלטענער אויסגעבענקטער וואַרעמקייט. די דאָזיקע פּאָעטן האָבן מיט דעם כוח פון זייער טאַלאַנט באַוויזן ווי דער העברעאישער חן פון יידיש האָט זיך אויך דערוואַרט אויף אַן אייגענער גאולה. ערשט אין מדינת ישראל דערשפּירט מען דעם זכות פון יידיש, אַז ס'איז נישט נאָך אַ לשון צווישן פאַרשידענע גלות־לשונות, נישט אַ לשון, וואָס ציילט זיך ווי איינס אין דעם דרייצן־אויפן־טוץ פון איבערגענומענע פרעמדקייטן, נאָר אַ באַזונדער העברעאיש געזאַנג, וואָס איז דורכגעיידישט געוואָרן אין גלות פון מזרח־ און מערב־אייראָפּע.**

**די יידישע פּאָעטן, וואָס זענען געקומען אין לאַנד ווי איבערפלאַנצערס פון יידישן ליד, האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט גרויסע נישט־אָפּפרעגלעכע**

זכותן פאַרן יידישן וואָרט. מען דאַרף בלויז הערן זייערע קלוג־אויסגעצ־שטעלטע שורות און מען דערשפּירט ווי אייגן די ווערטער זענען, ווי לעבעדיק זיי זענען מיט אַ פרייד פון דערבענקטער און בטחונדיקער אויסוואָרטעניש. זיי האָבן קיין איין רגע נישט פאַרלוירן, נאָר כסדר זיך פאַרזאָרגט מיט אַזוי פיל צידה לגאולה, אַז ס'איז אין יידישן לאַנד אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ גרויס היסטאָריש פאַרמעג, וואָס מען דאַרף פשוט זיין אַ ליידיקער פאַרטאַכלעווער און אויסברענגער עס צוריקצווייזן.

איינער פון די גרויסע יידישע פּאָעטן אין מדינת ישראל איז יעקב פרידמאַן, וואָס איז געקומען אין לאַנד מיט אַן עלף יאָר צוריק און האָט זיך באַזעצט אין דאָרף בית דגון. יעקב פרידמאַן האָט געבראַכט קיין מדינת ישראל אַן על פּי נס געראַטעוועטן גוף און אַ גרייטן פּאָעטישן באַגאַזש. דורך די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען פאַרשפּאַרט אין אַ לאַגער אין טראַנסניסטריע. ער איז אַ רבינס אַ זון, און די דאָזיקע יידיש־פרינצלעכע זכרונות האָבן זיך קיינמאָל נישט אָפּגעטאָן פון זיין וואָרט, וואָס איז דערהויבענער, קלעטערנדיקער און גלייכצייטיק אינטימער פון געוויינלעכן וואָרט. ער איז אַ זינגער, אָבער אויך אַ תורה־זאָגער מיט אַ ניגון; אַ פרעגער פון קשיות, אַ טייטשער, אויסטייטשער, צווייפלער און פריידיקער דערגייער, וואָס בלייבט שטיין פאַרן טויער און איז זיך מסתפּק מיט כמעט דערגרייכן און דעראָנען דעם אמת.

מיט אַ זיבן יאָר צוריק איז אין תל־אביב דערשינען יעקב פרידמאַנס בוך לידער — „פּאָסטעכער אין ישראל", וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. דער אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס פאַרדינט אַ דאַנק פאַר אונטערטראָגן דעם פּאָעט אַ מתנה צו זיין פופציקסטן געבוירנטאָג — פרידמאַנס אַ ניי בוך לידער: „די לעגענדע נח גרין", אַרויסגעגעבן פון קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק.

דאָס בוך באַשטייט פון עטלעכע לענגערע פּאָעמעס און באַזונדערע קלענערע לידער. די לעצטע פּאָעמע הייסט „די לעגענדע נח גרין" און יעקב פרידמאַן האָט דאָס בכיוון גענומען פאַר דער פּאַנאָראַמע פון אַלע זיינע לידער, אָנרופנדיק דאָס גאַנצע בוך מיטן נאָמען פון דער פּאָעמע. נח גרין איז אַ צווייאיקער, איינער וואָס דרימלט נאָך צווישן די חולמים; ער איז אָנגעקומען אויף זיכערער ערד, ער האָט אָבער פאַר דעם צווייפלער

אין זיך נאָך נישט געשאַפן די רעאַליטעט פון זיין אייגענעם זיין, אַפילו נישט פון געבוירענער עקזיסטענץ. ווער איז ער — דער טאַטע פון קינדער, מאַן פון אַ ווייב, האַדעוועזר פון בהמות? איז ער טאַקע שוין — ער, דער, וואָס דער באַשאַפער האָט אים „מיט גרויס חכמה אויסגעטראַכט"?

ס'איז אַ מין האַמלעטיזם, וואָס פרעגט — בין איך, אָדער בין איך נישט? אָבער ווען מען זאָגט עס אַזוי פשוט, קריגט מען נישט דעם טעם פון דער פיינער צעזונגנקייט, פון דער רעזאָנירטער תמימות, פון דעם וואוילן לשון, וואָס פרידמאַנס ליד רעדט. יעקב פרידמאַן פאַרמאָגט איבער אַלץ אַ טייער מויל. נישט אַלע זיינע לענגערע פּאָעמעס זענען גלייך געראָטן, אָבער זיי לאָזן זיך הערן. פון אַנדערע ענלעכע לאַנגע לידער וואָלט מען מיד געוואָרן, אָבער פרידמאַנס לאַנגע לידער, אַפילו ווען ער פאַרשוועבט מיט זיי ווער־ווייס־וואו, פאָלגט מען נאָך און מען וויל הערן ביזן סוף. „די לעגענדע נח גרין" האָט אָבער אויך די מעלה, וואָס די פּאָעמע איז דורכאויס רירעוודיק און אַלע געזעענע בילדער לעבן מיט אַן אייגענער פרייד. די פּאָעזיע קאָן מען טועם זיין, זי צעקריכט נישט הינטער אַ וואָלקן פון אויסגעטראַכטע רייד. אַפילו די אויסטראַכטענישן לייגן זיך אויפן שכל.

אין דער פּאָעמע „די לעגענדע נח גרין" זענען אויך פאַראַן „געחנדלטע" שורות, ווי „גאָט, ברוך הוא, קושט די ווערטער פון מיין ליד, וואָס בליען ווי קאַרשן אויפן בוים פון מיין מויל". אַ בוים פון מויל איז אַפילו מילדלעך אַביסל אַ צו־שווערע לאַסט. אָבער אַזעלכע שורות איז מען מוחל דעם פּאָעט, ווייל זיין לשון איז גאַנץ און נאַטירלעך און נישט צוגעקינצלט צום גראַם.

איך געדענק דעם ריח פון דער שטילעניש אין דער ערשטער נאכט
פון ערב־ליד, ערב־נאָמען
בלויענישן ווי בלעטער פון אַ קנאָספּ
טוליען זיך ציטערדיק אונטער ווייסן שנייאיקן פראָסט
און פאַרכטן זיך צניעותדיק צו ווערן בלומען.

דער באַשאַפענער נח גרין געדענקט נאָך דעם „ריח פון דער שוואַרצער וואַרעמקייט אין טיפעניש פון פידל", איידער ער איז געוואָרן ניגון, „אויסגעשפּילטער ניגון, ניגון מיט געשטאַלט און פּנים".

אַלע אַבסטראַקטע און דורכזיכטיקע בילדער, וואָס ביי אַן אַנדערן וואָלטן זיי געוואָרן פוסטע פּאָעטיזאַציעס, ווערן ביי פרידמאַנען צוגענאָגלט צו לעבן, צו קאָנקרעטער ערד.

נח גרינס ווייב איז אַ פול געשטאַלט, גוף, אַנטקעגן דעם דעקאַרטישן רעטעניש פון נאָך־נישט באַוויזענער עקזיסטענץ:

נח, זאָגט זי, נעם דעם לאָמטערן
און גיי מעלקן די ציגן, ס׳איז מעלק־צייט, נח! זי רעדט פון חלום.
און די ציגן מיינע מעקען אין שטאַל און קיינער וויס נישט,
אַז איך, נח גרין, ליג גאָר אין גאָטס ערשטער פידל,
אַ שלאָפנדיקער ניגון.

אָבער ווען נח גרין ווערט צוריק נח גרין, אַנטקעגן דעם אויפגעגאַנ־גענעם טאָג, קאָן דער פּאָעט אים געבן אַזאַ האַפטיקן יידיש, געבראַכט פון גאַליציע, זיין געבוירנאָרט, פון מילניצע, און פאַרגעדענקט און צוגע־קרעפטיקט דורך טשערנאָוויץ און דורך אַלע ווייטערדיקע נע־ונדן —

בעת מיין ווייב צעעפנט די אויגן אַנטקעגן
די פורפורנע הימלען פון טאָג,
שעפטשע איך ווי אַ שולדיק יינגל:
רחל, איך בין ווידער דאָ, בנאמנות.
זי קוקט מיך אָן פאַרחידושט:
ביסט דען ערגעץ געווען, נח סערדצע?

דער פּאָעט זעט דורכן חלום פון טאָפּלטקייט, ווי —

מיינע קינדער זיצן אויף די פייגנביימער און די פייגל
אַנטלויפן ניט — זיי זענען היימיש מיט זיי, פּיפּסען זיי און לידלען.
זיי געדענקען נאָך, מסתם, די צייט
ווען מען איז אינאיינעם געשלאָפן אין גאָטס פידלען,
זמר לעבן זמר. מיינע קינדער מיט די פייגל אויף די פייגנביימער
קושן זיך אין די פיסקעלעך,
זיי ווייסן נישט דעם חילוק צווישן מענטש און פייגל.

נח גרין איז דער סימבאָל פון דעם גערעאַטעוועטן ייד, וואָס קאָן נאָך אַלץ זיך נישט דערוואונדערן צו דעם, וואָס איז אים אַלץ באַשערט — צו דער מנוחה, צום ניגון, וואָס איז אַרויס פון גאָטס פידל.

פאַראַן אין בוך אַ לענגערע פּאָעמע, „יונתן", וואָס נעמט אויף דאָס שווערע פּראָבלעם פון אַ ייד, וואָס דאַרף דורכפירן די מיסיע זיך נוקם צו זיין אין אַן אַראַבישן דאָרף. די פּאָעמע ראַנגלט זיך מיט דעם גאַנג צו אַ נייער עקידה און איז פול מיט געזאַנג. דער צענטראַלער מאָטיוו ווערט קלאָר אַרויסגעזאָגט דורך דעם פעלדזן־פעסטן באַפעלער אַריה־צבי —

וואויל, וואויל, האָסט פיינט, ברודער, די עבודה פון ממיתן.
איז פרעג איך דיך: און געממיתט ווערן איז באַטעמטער?

דאָס איז די בלוטיקע פּראָזע פון דער פּאָעמע, אָבער דער פּאָעט יעקב פרידמאַן האָט פאַר דעם געפונען אַ פּאָעטישע שייד.

אַלץ קומט אַרויס פון זיין פידל. דורך דעם געזאַנג שפּאַנען רעיונות, זכרונות, די יידישע קדושה, וואָס ראַנגלט זיך מיט דער נייער אחריות־דיקער קדושה צו היטן יעדן שפּאַן ערד, היטן נייע לעבנס. אינמיטן דער שליחות זעט יונתן שיינקייט, אויסטערלישע שיינקייט, וואָס „קעניגט מיט אַ קעניגלעכן טרויער".

דער רעיון פּלאָנטערט זיך — „פּאַרטיליק, אָדער ווערסט פּאַרטיליקט". דער טלויזער מקובל קומט מיט זיין תפילה, אַז —

זאָל בעסער מיין בלוט זיין דאָס פּאַרגאָסענע,
איידער איך, דער פאַרגיסער, חלילה.

דעם פּאָעטס זיידע שפּאַנט צו דער אייביקער עקידה —

און יונתן דערזעט:
ווי אַ ריזיקער מזבח, פלאַקערט אויף דעם שייער
און אין די פלאַמען דערינען
די אַראַבישע שומרים,
פארשפּינט אין פורפורנע שפינען.

ווי דער געראַנגל זאָל נישט געלייזט ווערן, איז גוט וואָס דער פּאָעט באַגלייט דעם גאַנג צו דער „נייער עקידה" פון נקמה מיט אויסגעזונגענע שורות, וואָס פאַרווייטיקן דעם יידישן זיג איבער דעם אראבישן דאָרף.

װי ריזן אַטעמען די סעדער אין די אָרעמס פון נאַכט.
יונתן רייסט אָפּ אַ פּרי און איז טועם.
און בשעת ער עסט, דוכט אים,
אַ קאַרליקל טאַנצט אין זיין האַרץ
און גלעקלט: ככל הגויים.

**יעקב פרידמאַנס קלענערע לידער אין זיין נייעם בוך זענען טיף־מוזיקאַליש און די מיינסטע פון זיי בייסן זיך אויך אין קאָנקרעטע טעמעס. אוודאי זינדיקט ער אויך אַמאָל מיט גאַלאַנטעריע, ווי —**

לבנה־שיין גייט אום אין זאַקן פון זייד

**אָדער —**

גאָטס בלויע טויערן

**אָבער בדרך כלל איז זיין ליד, מיט אַלע אַקאָמפּאַנירונגען, ערדיש און ממשותדיק. אין זיינע פריערדיקע לידער־ביכער האָט יעקב פרידמאַן געוויזן אַ צו־נאָענטע נייגונג צו געוויסע יידישע פּאָעטן, אָבער אין דעם בוך „די לעגענדע נח גרין" איז ער כמעט אַ באַפרייטער פון השפעות. כ׳זאָג כמעט, ווייל דאָ און דאָרט זינגט דורך א שורה, אַ בילד פון אַנדערע ווייגגערטנער. כ׳וויל אָבער באַטאָנען, אַז ער פאַראייגנט עס תמיד און וואַרעמט עס אָן מיט זיין אייגענעם געמיט. בולט איז אין דעם בוך דער איינפלוס פון מ. ל. האַלפּערן, ווי אין ליד „פּנחסל חקרן" —**

דרשנט פּנחסל אַזוי צו זאָגן: גוף איז גוף.
איז גיב דעם פליש זיין חלק און קאַנטשע.
אַ בולקע מיט פּוטער און זיסע קאַווע —
וואָס דאַרף דען מערער באַנטשע?

**בכלל פאַסט נישט פאַר יעקב פרידמאַנען דער טאָן פון געמאַכטער נאַאיוויטעט, ווייל אַפילו סאַטיריש קאָן אויך פרידמאַן זינגען אויף אַן אופן, וואָס דאַרף נישט אַרונטער פון דער מדרגה, ווי אין פיינעם ליד — „אַ חבר דערציילט".**

**איבער אַלץ קיניגט דאָס טייערע לשון, וואָס יעקב פרידמאַן ברענגט צו דער יידישער ערד, וואָס רעדט זיך ווי די אבות אונדזערע וואָלטן עס גערעדט, פּאַשענדיק די שאָף אין אַלע חומש־לאַנקעס.**

דיין ברכה פירן מיר, די זאַטקייט פון פעלדער
און גערטנער און בינשטאָקן.
און גוט איז אונדז:
חוץ דער זון דיינער, חוץ דיין גשם און טל
האָבן אויך די הענט אונדזערע (וואָס זענען אויכעט דיין)
געהאָלפן צייטיקן די פירות.
צי טאָרן מיינע אויגן נישט אָנגיסן זיך
מיט פייכטקייט פון שירה?
צי טאָר מיין האַרץ נישט טאַנצן,
ווי אַ יונגער זוועוריק אין געצוויג
און שעפּטשען די ברכה:
געלויבט צום האָר דעם באַשאַפער פון ליבשאַפט?
און וואָרהאַפטיק, די בערג הייבן די קנעכלען
און פאַרוואַרפן די ליכטיקע קעפּ צום טאַנץ
און די בלאָענישן נידערן צו זיי
און פאַרוויקלען אַ ציטערדיקן קראַנץ
פון גאַרעניש... אין טיפע ברונעמער
קוועלט דער טאָג ווי אַ חתן,
וואָס גייט דער כלה אַנטקעגן.

**אַ וואונדערלעכער געמיש פון תהילים און שיר השירים און דוד אָדער שלמה וואָלטן עס אויך געקאָנט נאָכזאָגן מיטן לשון פון יעקב פרידמאַנס שורות.**

1960

## „די פונקען פון תיקון“

**אריה שמריס פּאָעמע „די פונקען פון תיקון“, אַרויסגעגעבן אין גרויסן אלבום־פאָרמאַט, אין פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, מיט צייכע־נונגען פון דעם פּאַריזער יידישן מאָלער בען, הויבט זיך אָן מיט אַן אַריינפיר, וואָס דער פּאָעט רופט, זייער ריכטיק, אין סטיל פון גאַנצן**

בוך — פּתיחה. שמרי וואוינט שוין איבער דרייסיק יאָר אין ישראל און ער האָט שוין ביז איצטער אַרויסגעגעבן דריי לידער־ביכער, וואָס האָבן אים אַוועקגעזעצט אויבנאָן, נישט נאָר פון באַנייטן און פאַרטושבטן יידישן ליד אין ישראל, נאָר אויך פון דער יידישער פּאָעזיע אויף דער וועלט. דווקא זיינע זייטיקע ישראל־לידער, מיט זייער באַגרייפלעכער יידישער היימישקייט האָבן פאַרוועלטלעכט זיינע לידער און געגעבן אונדזער יידישער פּאָעזיע אַלט־נייע אויסגעהאַפּטע מאָטיוון. זיין ישראלדיק פאַר־דבקהטער פּייזאַזש איז אַן אינעווייניקסטער, נישט אַ טוריסטישער, נאָר אַן איינגעזעסענער.

דער חידוש פון שמריס לידער איז תמיד באַשטאַנען, ווי ביי אַ קליינער צאָל אַנדערע ישראלדיקע יידישע פּאָעטן, דער עיקר אין דער פולער אויסגעצערטלטקייט פון יידישן וואָרט, אין דער אויסגעכאַוועטקייט און אין דעם פּאָעטיש־דראַמאַטיש־דראַטלאָזן קאָנטאַקט מיט דעם וואוקס פון יידישן וואָרט אומעטום. פאַראַן אין זיין ליד דער משפחהדיקער אַראָמאַט פון אַלע טריאומפן פון יידישן לשון, אַפילו אין זיין איינזאַמקייט און אָפּגע־ריסנקייט פון אַ לייענער־קרייז. ווי ס׳האָט זיך געיידלט, אַזוי האָט זיך געאַרץ־ישראלט. אויך שמרי און טעלעכע פון זיינע גאָר־געציילטע חברים האָבן אַנטוויקלט דאָס לשון, אין דער פולער אָפּגעהיטקייט פון אָנגע־שטרענגטן זכרון. דער זכרון אַליין איז געוואָרן פרייד פון ליד און פול מיט וואונדער, און אַ שטענדיקער אַרויספאָדער צו אַן אַרומלעבונג, אין יחידות פון וואָרט, מיט גערעדטע יידישע רייד, מיט זייערע טראָפּן, איבערשטעלונגען, קאָמבינאַציעס און פריילעכע איבעראַשונגען.

שמריס נייע פּאָעמע איז אינגאַנצן געווידמעט דעם זכרון, די לעבעדיקע געדעכענישן, און זיי זענען אַ שליסל צו דער לאַבאָראַטאָריע פון דעם אָריגינעלן פּאָעט. ס׳איז כדאי צו זאָגן — אָריגינעלן, גרויסן יידישן פּאָעט, ווייל אין מדינת ישראל איז שוין פאַראַן אַ צאָל אַזעלכע גרויסע יידישע פּאָעטן און זיי מעגן עס וויסן; ס׳מעג זיי אַנטקעגנקומען די דאָזיקע פאַרדינטע אָנערקענונג, כדי זיי זאָלן זיין באַוואוסט ביי זיך אַז זיי זענען אַ יש, אַ פעסטונג וואָס איז מוטל אויף זיי אָפּצוהיטן; אַז זיי זענען עיקר פון אונדזער גאַנצן עיקר, און מער נישט קיין שרעקעוודיקע שפּראָצונג. ס׳איז בפירוש דאָ פאַרוואָס זיך איינצושטעלן און פאַרוואָס צו קעמפן מיט גרויס אָנהאַלט.

אין דער פּתיחה דערציילט אונדז דער פּאָעט, אַז זיין ליד איז אַ געדענק־ליד, נאָך דער פאַרשניטענער היימשטאָט זיינער — קאַלושין, אין פּוילן, נאָך דער גאַנצער עדה, ווי זי פינקלט־דורך דער געשטאַלט פון דעם רבין, רבי מאיר שלום, אַן אייניקל פון לובלינער חוזה און דעם ייד הקדוש פון פּשיסכע.

„נאָך פון אַנהויב פון דאָזיקן יאָרהונדערט און לאַנגע יאָרן נאָך זיין פּטירה — האָבן יידישע פּנימער אויף זיך געטראָגן זיין שיינענדיקן חותם, און אויך אויפן יונגן דור — די ווידערשפעניקע זין און אייניקלעך, איז געווען צו דערקענען די איידעלע יניקה. פון אמונה און דביקות האָבן אַרויסגעשפּראָצט נייע מחשבות און דרייסטע מעשים".

די פּאָעמע איז אַ געדענקטע — פון זיידנס געדענקעניש, וואָס ער האָט דערציילט דעם אייניקל „וועגן דרך פון זיין גרויסן מורה־דרך". זכרון פון זכרון — און דאָך איז אין דער געדענקטער אריבערגיסונג נישט נאָר גאָרנישט געגאַנגען לאיבוד, נאָר ס'איז נאָך צוגעקומען אַ מיט־דער־צייט־אַרומגעשנייטע איינגעוועלטערטקייט. שמרי טראָגט־איבער די דער־ציילטע זכרונות צו זיך, צו „די מעשים פון נייער יצירה", ער באַהאַלט די זכרונות אין אַן אייגענעם פּאָעטישן יד־ושם, אָבער נישט איידער ער באַגילדט זיי מיט דעם טרויער פון אַ נייער גבורה, אַ גבורה וואָס ווייסט איר — „גאַנג דורך יסורים צו ליכט און לעבן".

אַ לויב צו די יידישע פּאָעטן פון אונדזער דור, וואָס שטעלן־איין און זינגען נישט קיין אוניווערסאַלע לידער, נאָר יידישע לידער וואָס בעטן זיך אויסגעזונגען צו ווערן, איידער ס'ווערט פאַרזיגלט דער קוואַל. ס'איז אַ צוגרייט, אַ שטאַרקונג פאַר די קומענדיקע דורות, אַ קראַפטיקע ירושה, וואָס ווערט איבערגעלאָזט בעל כרחו. מען ווערט זיך קעגן דעם, מען שטעלט זיך אַנטקעגן, אָבער וואָס מער אַזעלכע תוכיקע, טיף־יידישע ווערק, אַלץ גרעסערע דאמבעס ווערן אויפגעשטעלט און אַלץ מער וועט מען צוריקקומען צו דעם. אָט־דער דראַנג און גאַנג צו זיך, צום לעבן־געבליבענעם און רירעוודיקן יידישן זכרון, געהערט צו די גרויסע עטישע מעשים פון אונדזער דור. די דאָזיקע פּאָעטן ווייסן גאַנץ גוט, ווי לייכט ס'איז צו זיין אוניווערסאַל, מיט די עטלעכע אַבסטראַקטע און איבערגע־ניצעוועטע טעמעס, אָבער זיי אַנטלויפן דערפון, צו דער גרויסער יידישער אַל־תחומיקער אוניווערסאַלקייט.

איינער פון אונדזערע עטישע פּאָעטן פון אונדזער צייט איז אריה שמרי, און אין זיין ניי ווערק — „די פונקען פון תיקון" קריגן מיר דעם תיקון פון אַ לעבעדיקן פּאָעטישן זכרון, וואָס קומט צו אונדז מיטן לשון פון גערעוקשאַפט, געבויט און באַמייסטערט, ווי אַ ניי מאַנסבילש טייטש־חומש, וואָס זאָגט זיך מיט דער הייליקער ריינקייט פון ווערטער, וואָס זענען געבליבן פארשניטן אָן מיילער, אָבער וואָס בליען מיט אַ ניי לעבעדיק בליעכץ.

די פּאָעמע באַשטייט פון זעקס לידער־סעריעס, אַ פּאָעטישן אַריינפיר און אַ פּאָעטישן לאַמענט, צום סוף. ס'נעמט כמעט אַ העלפט בוך ביז דער פּאָעט געפינט דעם שליסל צו דער גאַנצקייט פון זיין ליד. ער הויבט זיך אויף פּאַמעלעך. אין אָנהויב בייסט דער פּאָעט אײַן בלויז די געזאָגטע רייד. ער פּרואווט־אויס די אייגענע כוחות, ער איז אַביסל צו־געטריי זיין זכרון. ער זאָגט תורה, אָבער ער זינגט נישט אַרויס די תורה פון אייגענעם געמיט און אַריין אין אונדזערע הערצער. ס'נעמט אַ גוטע העלפט פון בוך, ביז דער פּאָעט דערשפּירט אַז ער האָט שוין אָנגעוואָרפן די אַלגעמיינע שטריכן פון ווערק און ער גיט זיך אַ דערהייב, אויף פליגל פון באַזונדערע עפּיזאָדן־לידער און געשטאַלטן, וואָס ווערן סקולפּטורעסקע סימבאָלן, ווי פּאַראַדאָקסאַל ס'זאָל נישט קלינגען.

אין דער ערשטער סעריע הערט מען דעם געגיי צום נייעם רבין, וואָס וויל נישט געקרוינט ווערן, ביז ער דערהערט דאָס באַפעלערישע קול פון פּשיסכע.

בעכער צו בעכער, עמער צו עמער,<br>
און אַזאַ ליכטיקייט אין יענעם ווינקל.<br>
דעם רבינס פּנים איז געוואָרן שענער<br>
און אַריבער יידע האָט איין קרוין געפינקלט.<br>
איין דימענט האָט געמיניעט — די שמחה־טרער אין אויגן.<br>
איין גלאַנץ פון מים־יין אין עמער־בעכער.<br>
דער באקריינטער האָט זיך איינגעבויגן<br>
און דער שואב מים איז געוואָרן העכער.

די באַזונדערע לידער אין דער ערשטער העלפט פון בוך זענען באַקאַנטע מאָטיוון פון דער יידישער פּאָעזיע, צופיל אַרומגעווערטערט און איבערגעווערטערט —

הייל די ספיקות מיט אחריות,
טייל נישט אויס פון כלל דיין נאָמען;
טייל פאַר יעדן מים חיים
און שפּאַלט די סענקען פון דיין נשמה.

אַ סענק איז אַביסל צו־האַרט פאַר נשמה. דער פּאָעט שוועבט נאָך אומזיכער איבער דעם אַנגעפּליגלטן מאַטעריאַל. ער מיינט נאָך אַז ער דאַרף בלויז רעגיסטרירן מידות, פּארגופן די תורה. זיינע ווערטער זענען צו־עקזאקט —

אברהם, אברהמל, ביסט שטויב און ביסט בלאָטע
פון הארץ ביז קאַפּאָטע.
דו וועסט אַריינגיין צום פּשיסכערס אַ נכד,
אָפּגעבן שלום און דאַווענען אחד.

דער פּאָעט האָט נאָך, ווי מיר זעען, צופיל אָפּשיי פאַר זיין מאַטעריאַל. ער מיינט אַז ער מוז געטריי פאַרצייכענען דיאַלאָג און רייד. ער האָט נאָך נישט צוגעריכט זיך צום לשון, מיט דעם גאַנצן כישוף פון זיין צעשפּיל און דערפאַר האָט זיך דער געדאַנק אויך נאָך נישט באַפרייט פון אַנגעצייכנטע פּענטעס.

אמת, האָט געזאָגט דער אַלטער אהרון און געדעכעט:
כ׳האָב ערשט נעכטן געזאָגט נעכען:
וויפל איז דער שיעור צו קייען און צו זופן?
וויפל איז דער שיעור צו קאָרמען און צו שטופן?

אין דער סעריע „דער פּשיסכער דרך" גרייט שוין דער פּאָעט זיך אויפצוהויבן —

עס גייען די אשמורות און אָט איז שחר.
אויף דער סגי־נהור שמייכלט איצט אַ וואַכער
און עס פּויקט די זון מיט שטראַלנדיקע פינגער
בראשית — אין דער פרי — די וועלט ווערט יינגער.

אין די לעצטע דריי לידער־סעריעס, וואָס זענען איינגראַווירט אין דער גאַנצקייט פון דער פּאָעמע, דערפּליט אַריה שמרי צו די הייכן, וואָס

„די פונקען פון תיקון" האָבן אַנטוויקלט פאַר זיך, ווי יעדער גרויס ווערק וואָס דערצילט זיך צו אַן אייגענער שלימות. די לידער זענען געזונגען פון חסידישע מעשיות, אַ דערהויבענע, פרצדיקע, פּאָעטישע חסידות. דער רבי גייט צום ייד מיט זיין תורה, וואָס קומט פון אַ טיפן קוואַל און בינדט זיך „מיטן ציטער פון בראשית" — דער נאָמען פון אַ ליד (זייט 86).

ער האָט זיך איינגעשרומפּן גאָר קליין,
די תורה פון צימצום צו זאָגן,
מיט אַ פייער ווי זון אין געהיים,
נאָך איידער עס הויבט אָן טאָגן.

און דער רבי גייט צום ייד. זיין האַרץ גייט־אויף ווען ער זעט דעם ערשטן ייד לויפן צו השכמה —

און שטיל, מה טובהדיק, זאָגן דריי —
שוואַלב און רבי און דער פּראָסטער ייד,
לויב פון שחרית אויף א וועלט, וואָס פריט
פון אַ פעדעמל, שטראַלעכל קוים,
און וויקלט ארויס די העכסטע קרוין.

פון דער באַזונדערער אָפּטיילונג וואָס טראָגט דעם נאָמען פון בוך — „די פונקען פון תיקון", וואָלט מען באַדאַרפט ברענגען ציטאַטן, פון יעדער ליד באַזונדער.

כ'וועל זיך מוזן באַגנוגענען מיט אויסרעכענען באַזונדערע עפּיזאָדן און ציטירן דאָ און דאָרט. דאָס ערשטע ליד איז „דער אורח", אַ לאַמעד־וואָווניק, פאַרשטעלט ווי אַן אַלטער ציגיינער, און דער רבי דערקענט אים און גיט אים שלום. דאָס צווייטע ליד איז וועגן אַ זינדיקן ייד. דער רבי הויבט אים אויף פון דער ערד אויף די פליגלען פון קבלת שבת. מיר ווערן אַריינגעפירט אין דער „טשיינע", וואו יידן „פּלוידערן הבלים און פאַרשפּילן זיך מיט אַ קערטל". דער הדרת פּנימדיקער זקן דערשיינט פּלוצים, מאַכט אַ שהכל און לאָזט איבער „אַ ראָד פון ליכט, אַ גרויסע טיער — אין מיט". מיר פאַרשטייען די מעשה פון רבינס „ידידות מיט רב נעטעלע" —

גרויס ווי אַ שרעטעלע —
אויף מעשים טובים אַזאַ ריז.
וויפל צרות און וויפל ביטערניש האָט ער פאַרזיסט.

**ס׳זינגט דער תיקון פון אַ צעריסענעם שלום בית, ערב שבת —**

דער פרייטיק האָט געשפּעטיקט,
פאַרשמעקט די שטאָט מיט צימערינג און פעפער,
און ליכט האָבן געוואַרט שוין אויפן בענטשן.
נעכע האָט געבעטן ביים באַשעפער:
פאַרשעם מיך נישט פאַר מענטשן.

**ס׳גייט־אויף אַ גאַנצע געשטאַלטן־גאַלעריע. דער אָפּגעהיטענער סופר און זיין פּלונית; דער משכיל דער זייגערמאַכער, מיט וועמען דער רבי שליסט חברשאַפט.**

קען דען אַ בן אדם זיין וועג געניוי געניויען?
קען דען אַ בן אדם זיין אייגן האַרץ געטרויען?
ס׳איז אַ מעשה מיט אַ זייגער — יאָרן לאַנג אַ גאַנג,
און פון זיין קאַליע ווערן הויבט זיך אָן זיין געזאַנג.

**„די פּטירה״, די לעצטע אָפּטיילונג, עפנט זיך מיט אַ פינצטערן אָנזאָג.**

נייע צייטן, טויבן שוויגן,
הייליקייטן — אויפגעציטערט.
אויף די יאָדלעס זילבערצווייגן,
שאַרט זיך סודיק אַ געוויטער.
ביסטרע פייגל, בייזע שאָרכן,
שוואַרצע פליגל — איינגעריסן
און גאָר נייע, נייע אורחים,
ווער זיי זענען, ווער זאָל וויסן?
טיף געהיימע, נישט באַנעמלעך,
און די מראהס שווער און ביטער.
אינעם שולהויף — פרומע פלעמלעך
צאַנקען מיד מיט פּחד־ציטער.

**ס׳שאַרט זיך אַריין דער יידישער רעוואָלוציאָנער. פאַן און טלית פירן אַ וויכוח. אַ ייד באַווייזט זיך פון ערגעץ מיט אַ מאַלפּעלע און —**

קיינער ווייס נישט, ווער דער איינער,
אַט דער ייד מיט מאַזל־שטופּל,
אַט די רעשטעטע פון ביינער
מיט אַ מאַלפּעלע מטופּל.

**דער ייד מיטן מאַלפּעלע ווערן ביים פּאָעט „צוויי קדמונים", דער ייד — „דער נביא פונעם פייער". ער פאַרשטייט ערשט איצטער, אַז —**

ער מיט פּיאות — פייער־שלאַנגען,
און די מאַלפּע מיטן קייטל.
ביידע זענען מיטגעגאַנגען
אויפן טויטוועג ניט־צעשיידטע.
מיטן מאַרק און מיט די געסלעך,
גאַט און ייד און אַלץ, וואָס טייער.
ס׳ברענט אין אויג איצט אומפאַרגעסלעך,
אַט דער נביא פונעם פייער.

**ס׳שטאַרבט דער אַלטער אַבאַ, דער ווידוי־זאָגער, און דער רבי אַליין מאַכט אים צו די אויגן און זאָגט קדיש. דאָס גאַנצע גרויס געמעל פאַרענדיקט אַריה שמרי מיטן רבינס פּטירה —**

פאַראָבלט איז די מלכה־שבת אָנגעקומען,
דורכן גאַנצן קהל דורכגעגאַנגען,
האָבן אַלע הערצער, פאַרווייגטע, פרומע
אַרויסגעטרערט מיט זמירהשע געזאַנגען.
וויינענדיק האָט מען געזונגען זמירות,
ווייל שמחת שבת טאָר מען נישט פאַרשעמען.
און דאָרט אין אַלקער, הינטער דער טיר איז
געשלאָפן דער נפטר מיט פאַרשאַרצטע ברעמען.

**די פּאָעמע, אויסגעזונגען אויף ישראל־ערד, פאַרזינגט אַריה שמרי, מיט אַ „הספד — אַ געזאַנג", און ס׳איז בפירוש ביידע, ווייל די זכרונות ווערן אַריינגעשפּונען אין דעם געזאַנג פון דעם נייעם פּאָדעם, וואָס איז „גאַנץ און לויטער".**

אָ, זע מיין דאָרף — די קוזניע־פונקען,
פון אַלטע קוזניעס — אַ ברודערליכט.
דאָס ליד אין פלאַם איז נישט פאַרזונקען,
עס שפּאַרט מיט אייזן פון טיפסטער שיכט.
דער האַמער גייט מיט ליד אַקעגן
און רייסט די קאָרעס פון דער ערד.
אָ, זע מיין דאָרף מיט טויזנט וועגן —
ווי אַ נייע זאַנג וואַקסט אויס און ווערט.
מיליאָנען אויגן אויף די זאַנגען,
און טרערן שיינען מיט גאָלד און גין.
בלינד ווי סאָווע — ווער ס׳זאָגט: פאַרגאַנגען
און זעט נישט די שטערן אין באַגין.
זיי שיינען נאָך פון וויטן דרך,
די וועגן גייען — אַרום, אַרום.
זע, יידן זע איך, פייגל הער איך
און אַ יינגל פירט זיי צו דער זון.

**וועד ס׳זעט נישט דעם אויפגאַנג פון יידישן ליד, אין אַזאַ פּאָעמע פון אריה שמרי, ווער ס׳זעט נישט דעם „גאָלד אין גין" פון יידישער שעפערישער טרייסט —**

בלינד ווי סאָווע — ווער ס׳זאָגט: פאַרגאַנגען
און זעט נישט די שטערן אין באַגין.

1960

## דערציילונגען פון א. מ. פוקס

**א. מ. פוקסעס דערציילונגען האָט מען מיט יאָרן צוריק, זאָגט מען, געלייענט מיט פאַרגעניגן און מען וועט אים מסתמא, אין יאָרן אַרום, אויך לייענען מיט אַ געוויסן אינטערעס, אָבער איצטער, אין דעם בין־הזמנים, צווישן אַמאָל און מיט יאָרן שפּעטער, דאַרף מען זיך אָנטאָן אַ כוח**

אים צו לייענען. ער פאַרמאַטערט מיט איין קליינער דערציילונג, און אַז מען שטרענגט זיך אָן און מען לייענט דורך זיינע אַ לענגערע דערציילונג פון וואַסערע צוויי צענדליק זייטלעך, שפירט מען ווי מען וואָלט געהאָ־רעוועט איבער אַ שווער בוך און נאָך דערצו, בעת מעשה, געטראָגן אַ שווער פעקל אויף די פּלייצעס.

א. מ. פוקס, אַ געבוירענער אין גאַליציע, האָט פאַרבראַכט אַ צוויי צענדליק יאָר אין ווין און מער ווי צען יאָר אין לאָנדאָן. זינט 1950 וואוינט ער אין מדינת ישראל. אויב כ׳בין זיך נישט טועה, איז ער אַפילו געווען אַ קורצע צייט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. ער האָט אויך פאַרבראַכט עטלעכע יאָר אין ניו־יאָרק, וואו ער האָט געקראָגן באַגרענעצטע אָנערקענונג צווישן די דעמאָלטיקע „יונגע". ער איז געווען אַ זשורנאַליסט, אַ קאָרעס־פּאָנדענט, אַ קריטיקער, אַ רעדאַקטאָר פון זשורנאַלן, אָבער מיט זיך אַליין איז ער געווען און פאַרבליבן ביי בעלעטריסטיק. זיינע גרויס־שטאָטישע און פאַרשידנלענדערדיקע דערפאַרונגען האָבן אים נישט אָפּגעפרעמדט פון זיינע באַליבטע העלדן, די גאַליציאַנער יידן, זייער לשון, זייער פאַרנעם און באַנעם, זייער ווידערשטאַנד צו אַ גויאישק־באַהערשט לעבן. פוקסעס יידן זענען פאַרגרעבט אין זייער איידלקייט, זיי פאַרמאָגן נישט קיין ניואַנסן. די מענער די ווייבער, די בחורים, די מיידלעך זענען ווי יידישע גויים, מגושמדיק און סענזועל.

א. מ. פוקסן איז גוט מיט זיינע מענטשן, ער קען זיי גוט און ער קאָן זיי ראשרייבן פון אַלע זייטן, פּראָפילִיק און פול־פּנימדיק. ער האָט ווייניק וואָס צו דערציילן פון זיי, אָבער דערפאַר קאָן ער האַלטן שבת אויף זיי; ער מאַכט פון אַ וואָרט אַ קוואָרט און ער ווייזט בריהשאַפט, אויפשטעלנדיק מיט זיינע דערציילונגען אַ דאָרף מיט יידן, וואָס פאַזירן פאַר דער אייביקייט, מיט זייערע אַלע מינעס און האַוואַיעס, מיט זייער הילוך און קליינע השגות.

אין פאַרלאַג „דער קוואַל" פון ישראל לאָנדאָן, איז נאָר וואָס דערשינען אַ גרעסערע זאַמלונג פון א. מ. פוקסעס דערציילונגען אונטערן נאָמען — „די נאַכט און דער טאָג", אויפן נאָמען פון דער ערשטער דערציילונג, וואָס עפנט דאָס בוך און דער לעצטער וואָס שליסט דאָס בוך. מלך ראַוויטש און רחל אייזענבערג האָבן צוגעגרייט דאָס בוך צום דרוק, אָבער זיי דערציילן אונדז נישט וועגן זייער מעטאָד פון אָפּקלייב. א. מ. פוקס ווערט

פאַרגעשטעלט פאַרן לייענער דורך יצחק באַשעוויס, וואָס שטעלט פוקסן אַוועק מיט שלום עליכם און פּרץ, און נאָך אַ צוויי־דריי אַנדערע „אין אַ צייט פון דער טרויעריקער פאַרשוועכונג פון אונדזער ליטעראַטור, ווען פּוסטע מענטשן באַוואָרפן אונדז מיט אומצייליקע לויזע און פּוסטע ביכער״. טרויעריקער פאַרשוועכונג איז אַ שטאַרק וואָרט, אָבער באַשעוויס זינגט דאָס זעלביקע לידל אַ וואָך איבער אַ וואָך און זיינע טאַלאַנטן וואָס ער לויבט געוויינטלעך און וואָס מאַכן אים פריילעכער „די טרויעריקע פאַרשוועכונג״ גיבן נישט באַשעוויסן קיין דיפּלאָמע נישט פאַר מבינות און אַפילו נישט פאַר עלעמענטאַרער אויפריכטיקייט.

דער אמת איז אַז א. מ. פוקס איז ווייט נישט אין דער טראַדיציע פון שלום עליכמען און פּרצן. ער איז אַ קינסטלערישער נודניק, וואָס קוועטשט אַרויס פון דער קלענסטער דערציילונג אַ ים מיט פאַרגלייכן, בילדער, שילדערונגען, געדיכטע נאַטור־באַשרייבונגען, אַז ס׳ווערט איבערדריסיק צו קריגן אַזויפיל, ווען מען וואָלט זיך באַגנוגנט מיט אַ סך ווייניקער.

ווען די יידישע ליטעראַטור איז געשטאַנען נענטער צו פוקסעס געשטאַלטן, האָט מען געקאָנט דורכטראָגן אַזאַ שווער־באַלאָדענע דער־ציילונג און אַרויסקומען פון איר מיט עטלעכע געלוינטע ראַזשינקעס. מען וועט די דערציילונג, ווי פריער געזאָגט, לייענען מיט יאָרן שפּעטער, פון אַ וואַקס־מוזיי שטאַנדפּונקט; אַלץ וועט זיין פאַרוואַקסן און פאַרוואַקסט, פאַרגליווערטער פון אַלץ וועט זיין דער גאַנצער איבערגעלאָדענער שרייב־מעטאָד.

א. מ. פוקס זויגט אויס דעם ווי אויף דעם ברייטסטן שטייגער. ס׳איז כמעט נישטאָ ביי אים קיין איין זאַץ וואָס זאָל נישט האָבן קיין ווי. דאָס ווייב, אין דער ערשטער דערציילונג, „די נאַכט״, שטעלט זיך אַוועק גרייט צו „כאַפּן קלעפּ פון איר מאַן — ווי אַ הון פאַרן האָן, וואָס דאַרף זיך אויף איר זעצן מיט פאַרהוילענעם תענוג פון באַשאַף״. די קולות פון דער שטוב זעצן אַרויס — „ווי דאָס ברומענדיקע דונערן פון קעסל־פּויק אין מיטן פון אַ ליאַרעמדיקער כלי־זמר קאַפּעליע״. נאָך די קלעפּ דערפילט זיך דאָס ווייב „דערפרישט און געשטאַרקט ווי נאָך אַ הייסער באָד״.

אין דער ערשטער דערציילונג נעמט אַ טאַטע נקמה פאַר זיין פאַרגוואַל־טיקטער טאָכטער. ער דערהרגעט דעם פאַרגוואַלטיקער, אָבער אין דער גאַנצער שווער־סאָפּענדיקער מעשה ווערט, מחמת די הונדערט מאָס רייד,

צערונען די מאָראַלישע אַטמאָספערע. די גאַנצע נקמה מאַכט אַ שווערן איינדרוק. אָט איז איין פּאַראַגראַף וואו דער ווי טרעט אויף א צענדליק מאָל — „ווי א לעבעדיקער שאָטן״; „ווי אין א פארגליווערטן טייך״; „ווי אַ צעריסן פּנים״; „ווי אָן אַ קאָפּ״; „ווי אין אַ שווארצער מיטה־דעק״; „ווי אַ הון וואָס באַהאַלט דאָס קעפּל אונטערן פליגל״. פוקס געטרויט נישט דעם לייענערס פאַנטאַזיע, ער מוז כסדר געפינען ווי־פאַרגלייכן, כדי צעקייען יעדער זאַג. די וויס לויפן — צעקרימטע צווייגן, ווי אָפּגעבראָכענע הענט; „ווי קיילעכדיקע הייפטן קרויט; „ווי אין אַ ווייסן שאָפן־פעלץ איינגעדעקט״. פוקס מוז זיך אויף שריט און טריט אַרויסהעלפן, ממש אין יעדער פּאַראַגראַף, מיט אַ ווי־קוליע.

די צווייטע דערציילונג „אין קעלער״ איז אַן אַלטמאָדיש שטיק מעבל. אַן אַלטער „בלוט־זויגנדיקער״ באַלעבאָס עקספּלאָאַטירט עטלעכע עלטערע מיידלעך ביי זיך אין קעלער־פאַבריק. איין עלטער מיידל שפּילט אַ ראָלע אין דער דריטער דערציילונג — „די קליינע מאַניע״, זי רעדט זיך איין אַז זי וועט פאַנגען דעם ראַבינער מאַקס לעבענהאַרץ. זי כאַפּט אים אָבער מיט זיין געזעצלעך וייב. די מאַנאַלאָגן זענען אומנאַטירלעך־אויסגעצויגן. פוקס פאַרדעקט מיט רייד אָן ממשות, די הילפלאָזיקייט פון זיין דערצייל־מעטאָד. דער הער לעבענהאַרץ נוצט אויס די פאַרעלטערטע מאַניע און פוקס נעמט אַרויס פון זיין סקלאַד דעם ליבן פאַרגלייך, וואָס מיר האָבן שוין געשלאָסן קאַנטשאַפּט מיט אים אַביסל פריער — „ווי אַ הון ווען ס׳דראַפּעט זיך אויף איר דער גלוסטיק־אָנגעדרודלטער האָן״. דער סוף פון דער דערציילונג איז אַ קינדישער. פוקס קאָן נישט אָנהויבן און נישט אויסלאָזן, ער קאָן בלויז געדיכט אָנוואַרפן דעם מיטן — און אים שווער מאַכן דעם וועג, אַז ער זאָל זיך קוים קאָנען באַוועגן.

„די פּלאָגערס״ איז ווי די מיינסטע דערציילונגען אין בוך אין גאנצן קיין דערציילונג נישט, נאָר אַ זאַמלונג פון קאַלאַמבורן און שפּיצלעך, פון גאַליציאַנער „פּלאַגערס״, וואָס צערן זיך, ערב דעם פריזיוו, כדי נישט צו דארפן דינען. „גאַליציאַנער יידן״ איז אויך נישט מער ווי אַ בילדל. אַ גאַליציאַנער ייד רעכנט זיך אָפּ מיט אַן אַנטיסעמיט. אַ ניינציק־יאָריקער מלמד כאַפּט התפעלות פון די קלעפּ, וואָס דער שטאַרקער ייד דערלאַנגט:

„גוט, גוט, אַזוי, וואויל, אַ טייערער זעץ, כ׳לעבן, אונטערן

לינקן אויג, אַ שיינער פּלעם, גליַיך איבערן רעכטן אויער, אָ, אָ, דאָס הייסט אַ קנאַק אין דער מאָרדע".

דער אַלטער מלמד שפּילט די ראָלע פון אַ געשולטן פּויסטן־עקספּערט, אָדער אַ ראַדיאָ־באַריכט־אָפּגעבער פון אַ „פּרייז־פּייט" ציילנדיק און שילדערנדיק מיט גרויס התפּעלות די קלעפּ.

אין דער לענגערער דערציילונג „דער אַלטער וואָלף" דערוועגט דער שטאַרקער יידישער בחור שייקע, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַ וואָלף. ער כאַפּט פון וואָלף איין ביס נאָכן אַנדערן אָבער ער מאַכט זיך נישט וויסנדיק. דער דיאַלאָג איז אַן איינגעפּאָרענער: „די באָבע יענטע האָט זיך געמיט, וואָס מיינסטו, כ'האָב מיר אפשר ווייניק די אויגן אויסגעוויינט דורך די נעכט און געבעטן גאָט פאַר מיין קינדס לעבן, ווייניק פאַרשטערטע שבתים און יום־טובים געהאַט מיט צרות און אַנגסטן און אַז, וו...

אויף דער דערציילונג פאַרשווענדעט א. מ. פוקס אַ סך כוחות. ער לאָזט דעם זיבעציק־יאָריקן טאַטן זיך ראַנגלען מיטן זון, ווי אין גאָגאָלס „טאַראַס בולבאַ", כדי אויסצופּרואוון דעם זונס גבורה. דער טאַטע האָט זיך אויך אַמאָל פאַרמאָסטן מיט דעם אַלטן וואָלף און געכאַפּט דעם ריכטיקן ביס, אָבער דער זון לייגט דעם אַלטן וואָלף אַוועק.

א. מ. פוקס האָט אַ סך כוחות, אָבער ס'פעלט אים דער כוח פון אַן אמתן דערציילער. אַלע זיינע יידן זענען אומהיימלעכע פאַרשוינען. די אַטמאָספעריע אַרום זיי איז אַ שווערע, אַן אַנגעלאָדענע, זיי זענען פיזיש אָפּשטויסנדיקע, זיי לעבן ווי חיות, אַפילו מיט דעם ביסל גאָט צווישן זיי. די שוועל צו פוקסעס אַן אַזוי־גערופענער דערציילונג איז ממש נישט אַריבערצוטרעטן. א. מ. פוקס לאָזט דעם לייענער נישט דורך אַזוי גרינג, און קומט שוין דער לייענער אַריבער דער שוועל, איז אים נישט מקנא צו זיין. ער דאַרף זיך גוט אָנליידן. דער שרייבער בריהט זיך שטאַרק, ער טראָגט משאות, ער מאַכט קאָזשעלקעס, ער ווייזט אַרויס בקיאות אין „פּסיכאָלאָגיע" פון חיות און עופות, ער לאָזט נישט דורך קיין איין גרעפּץ פון דער נאַטור, ער באַשילדערט זי, מיטן כוח פון „ווי" פון אַלע זייטן, ער רעדט און טראַכט פאַר חיות, פאַר פייגל, פאַר ווערעם, פאַר ביימער, פאַר געוויקסן. דער לייענער קריגט אַ גאַנצן אומגעבעטענעם קאָנצערט און ס'איז אים שווער זיך ארויסצוגנבענען. ס'פעלט אן אינטים, וואָרעם

וואָרט. מען וויל זיך נישט באַקענען מיטן מחבר גופא. ער אנטלויפט פון יעדער דערציילונג אָן אַ זיי־געזונט.

אָט איז אַ דערציילונג „האַרבסט אין סאַד". אַלע פּירות ווערן באַמאָלן מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט, וואָס רופט אַרויס באַוואונדער, אָבער די דערציילונג אַליין הינקט אונטער. דער סאַדאָווניק שרעקט זיך פאַר רויבערס אין פינצטערן וואַלד און ס'געשעט טאַקע אַז רויבערס באַפאַלן דעם אַלטן ר' זעליק, אָבער איינער אַליין ספּראַוועט ער זיך מיט אַלע גזלנים.

„דער געשלעג דויערט אַזוי עטלעכע רגעס ביז די רויבער אַנטלויפן צעמזיקטע, צעשלאָגענע, צוריק אין וואלד־טיפעניש און ווערן נעלם אין דער נעפּלדיקער קילער נאַכט־פינצטערניש... ר' זעליק גיט אָפּ, אין זיין פרומען האַרץ, אַ לויב און דאַנק דעם אויבערשטן, וואָס האָט אים געהאָלפן ניצול ווערן פון די גזלנישע הענט".

א. מ. פוקס פאַרמאָגט אייגענע מאַניעריזמען, וואָס ער איז מיט זיי נישט צו שפּאָרזאַם. ער האָט אַ ווערטל — „ווי וואויל", וואָס ער קאָן אויסשפּרייטן א טוץ אויף אַ זייטל. אים געפעלט צו נעמען דעם פרע־פיקס „גע" און מאַכן מיט אים ווערטער־קאָמבינאַציעס. דער „גע" איז טאַקע אַמאָל א גרויסע הילף. אָבער אין דער איינציקער דערציי־לונג „האַרבסט אין סאַד" אַרבעט פוקס מעשים מיט דעם „גע" און אין איין פּאַראַגראַף דערלאַנגט ער אונדז אַזעלכע „גע־קינצלטע" ווערטער — געשטויב, געקלאַפּ, געטענצל, געהויכט, געצווייג, געביל, געדריל, געבלימטע. און איבער דער לענג פון דער דערציילונג געפינען מיר „גאַנצע געשוועגדער" — געשטראַל, גענעפּל, געפלימער, געקוויטשל, געבלאָז, געהויכט. ס'איז אַביסל צופיל געטרענצלט פאַר איין דערציילונג. אַז ער פאַלט אַריין אין התפעלות פאַר די גע־מעגלעכקייטן, קאָן ער זיך נישט אָפּשטעלן. ער שפּרייט אויס זיין מאכט אפילו איבער רוים און צייט. אין בוך, טרעפן מיר אויך עטלעכע מאָל אַזאַ וואָרט ווי „געצייט".

די געבריהשסטע דערציילונג אין בוך איז — „דער ליכטיקער וועג". ס'איז אַן אַלטע טעמע, אומדאנקבאַרקייט פון אַ מענטש צו פערד. פאַראַן אַ דערציילונג וואָס איז געווען פּאָפּולער אין אַלע כרעסטאָמאַטיעס, וואו אַן אַלט פערד קלינגט דעם קעניגס גלאָק פון גערעכטיקייט און רופט זיין באַלעבאָס צו אַ משפּט. הונדערטער אַזעלכע דערציילונגען זענען דאָ

אין דער וועלט־ליטעראַטור. ס׳איז אוודאי קיין עוולה נישט וואָס א. מ. פוקס האָט די טעמע געוואָלט איבערניצעווען.

אַן אָרעמער ייד טרייבט אַרויס זיין אַלט פערד. דאָס פערד וויל זיך איינבעטן ביי פאַרשידענע באַלעבאַטים, אָבער ס׳גייט נישט. ס׳איז אַ קלוג און טראַכטנדיק פערד, א פּראָלעטאַריש פערד, וואָס האָט פיינט „די פריצישע פערד, די קנעכטישע נשמות, וואָס ציען נישט דעם נוצלעכן אקער״. דאָס פערד וויסט בפירוש אז ס׳וועט קומען א צייט, ווען ס׳וועלן מער נישט זיין קיין רייכע פּריצים וואָס וועלן אויף די שיינע פערד „האָפּער־דיק־צעטענצלט רייטן מיט פעטע הינטנס״. דאָס פערד פוקסעס איז אַן אמתער פערדישער פילאָזאָף. דאָס יידישע פערד איז אפילו גוט באַהאַוונט אין שבת־זונטיק־ענינים. ער ווייסט, אַז אַ פויערל מוז מען פירן „זונטיק אין דאָרף אריין צום קלויסטער״. ווען דאָס פערד „זעט סאָלדאטן דערשפּירט ער גלייך, אז ס׳אָטעמט פון זיי מיט פאַרדאָרבונג״. ס׳איז א פרום פערד, וואָס ווען אים דאַכט זיך, אַז ער האָט שוין געפונען אַ היים פאַרגעסט ער נישט צו זאָגן — „געלויבט זאָל זיין דער באַשעפער פון די ברואים״.

די תפילה העלפט אים אָבער נישט און ער ווערט אויפגעפרעסן פון דריי וועלף אין טיפן וואַלד. ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי קורץ — אויפ־געפרעסן. פוקס זינגט אויס אַ גאַנצע פּאָעמע, ווי די דריי וועלף „ליק־ווידירן״ דאָס פערד. ער באַשרייבט עס מיט אַלע בלוטיקע איינצלהייטן און ס׳לייגט זיך כמעט אויפן שכל, אַז דער מחבר איז געווען דערביי און ארונטערגענומען א רייכן פילם פון יעדער באוועג אין דעם בלוטיקן געראנגל, ביז דעם לעצטן צוק.

„די געדערעם לייזן זיך אויף, שטויסן אַרויס דאָס לעצטע מיסט. דער רחמים־בליק אין גרויסן, שוואַרצן, פערדישן אויג צאַנקט, ווערט פאַרלאָשן פונעם לעצטן טויט־ציטער, בעת די וועלפישע ציין רייסן שוין שטיקער הייס פלייש פון זיין לייב. די חיות רעות לויפן, שפּרינגען אין רעדל, די ווידלען איינגעקלעמט צווישן די לאַפּעס, אין ווילד־באַרוישטן זאַט־טאַנץ, מיט אונטערגעהויבענע, שוואַרץ־פאַרבלוטיקטע, קרומע מאָרדעס וואָס צוקן און שלינגען. ווי פון א קרבן תמים שפּריצט הייס דאָס רויטע בלוט צום גאָלדיקן זון־פלאַם איבערן וואַלד״.

זאָל מען נישט מיינען, אַז די אויספּאַנטאַזירטע באַשרייבונג איז נישט

געשריבן מיט אַ סך טאַלאַנט, אָבער ס׳איז אומהיימלעכע ליטעראַטור, נאַאיוויטעט געמישט מיט משל און נמשל און אַזויפיל שרייב־פאַרשווענ־דעניש, אַז ס׳ווילט זיך אויסשרייען: אַביסל וויניקער וואָלט אויך געווען צופיל.

די קורצע דערציילונגען „דאָס הימל ליכט", „דער יורד", „דער נאַכט־מענטש", „די אַלטע שטוב", „דער אַלטער נוח", „דער ציון־ייד" זענען גלאַט אָנגעוואָרפן, אָן אַן אינהאַלט, אָן אַן אָנהויב, אָן אַ סוף. די גאָר קורצע, נישט־געראָטענע דערציילונגען מאַכן דעם איינדרוק ווי אָנגעשטאָפּט מיט וואַטע. אין „דער נאַכט־מענטש" ליגט דער קליינער שימעלע אויף זיין געלעגער און ער דערמאָנט זיך אין פּסח, אין שמחת־תורה, אין שבת און יום־טוב, אין חנוכה, פּורים, הושענות, כּפּרות־שלאָגן, קורץ, אין דער גאַנצער הייליקער אויסשטאָפּעכץ כדי צו מאַכן פון אַ קורצער דערציילונג אַ שטיקל לייט:

„זיי גייען, איילנדיק אַרויס פון מצרים, אהרון הכהן אין די גילדענע קליידער, דאַרע לוויים שאַלן אין זילבערנע שופרות און טראָגן אויף די אַקסלען דעם גילדענעם מִשכן און פאָרויס שפּאַנט משה רבינו, מיט דער לאַנגער, ווייסער באָרד, דעם שטעקן אין דער האַנט, וואָס שפּאַלט דעם ים־סוף" און אז. וו.

דאָס בוך ענדיקט זיך מיט קונציקער קונסט. אַ דערציילונג אויף קנאַפּע צען זייטן וואָס איז הוילע נאַטור־שילדערונג. דער מחבר איז שוין נישט אין גאַליציע, נאָר אין ישראל. דער טאָג גייט־אויף ס׳איז אַ לויב צום אויפגייענדיקן פרימאָרגן־צירק — טוי, ווערעמל, פלאַנץ, שאַקאַל, אייזל און אַנדערע לעבעדיקע זאַכן. א. מ. פוקס זיצט ווי אַ באָרוועסער פאַסטוך און שפּילט אויף א פייפל. ער איז אָבער א פאַסטוך וואָס גיט אונדז נישט קיין מינוט רו. איבערלייענען די צען זייטן איז נאָך שווערער ווי אָנשרייבן זיי. דער מחבר כישופט פון אונדז אַרויס דאָס לעצטע ביסל כוח. כ׳וועל בלויז געבן איין־איינציקן פּאַראַגראַף, ווי אַ מוסטער פון דער קונסט־פאַרשווענדעניש:

„ווי אימהדיקע ריזנקעפּ ווערן אַנטפּלעקט די גרוי־פאַרהילטע נעבערג־קופּאָלן הויך דערהויבן אונטערן שטערן־פאַרבלאַסטן הימל־קיילעך און פאַוואָליע נידערט דער בלייכער טוי־נעפּל אַראָפּ צו דעם שאָטנדיק־פאַרדרימלטן ערד־געשפּרייט. ער איז אַזוי געדיכט און דעמפּיק

באַלאַדן — אַז ער באַדעקט ווי א טייך דאָס טונקל־פּאַרקנוילטע געוויקס פון גרינסן אוןביימער און די באַפּלאַנצטע טאָלן. עפּעס אַ שטומער געריזל איז דאָרט פאַרבאָרגן אין דעם לעבעדיקן געווימל. ווי מיט פאַרשמאַכטע לעפּצן זויגן דאָס חיות פון גרעזער און בלעטער, כאַפּטעס און פעלד־געפלאַנץ די פערלדיקע ראָסע־טראָפּנס, ביז זיי ווערן פאַרגאָסן מיט פרישע נעץ, ווי מיט רעגן־פּלייץ. די פרוכטן זענען געזעטיקט מיט יוירנדיקע זאַפטן, דאָס געשפּראָץ בייערט זיך און וואַקסט פון די צעווייכטע ערד־קרישלען און די דאָרשטיקע ערד ווערט פאַרפולט אָנגעטרונקען מיט הימל־ראָסע ביז אין טיפסטן וואָרצל־געפלעכט פון איר באַפרוכפּערטער טראַכט. אין בלוילעכן שאָטן־טונקל פון דעם פאַרטאָגיק־געבלייכטן נעפּל־געברייי לויכט אַ טריבער געשימער, גלייך די ערד־שפּעלטלעך זענען אָנגעזאַפּט מיט אַ פעטן געפּליס. עס איז קיל און מאַט־ווייס ווי מילך און ערטערווייז איז עס גילדן־ברוינלעך און קלעפּיק, מיט אַ זיסן טעם, ווי האָניק־זוים. אַלץ העלער ווערט די געטונקלטע גרויקייט פאַרמעקט מיט גרינלעך־בלאָסן ליכט־שיין און די דערוואַכטע ערד שיילט זיך אַרויס פונעם נעפּל־דיק־צערויכערטן שלייער־געהיל, ווי א געצייטיקטע פרוכט פון א שאָל. זי אָטעמט פריש און האַרב פאַרשמעקט מיט ווייַן, אתרוג און געבלי און ווי די ברכה פונעם פאַרשניטענעם גאָטבונד גייט־אויף אַ זייל פון געווירצנדיקן געדעמפּעכץ צום הימל".

כפלט דעם פאַראַגראַף, וואָס פאַרנעמט אַ האַלב זײַטל, אויף צוואָנציק, און איר וועט דערשפּירן דעם טעם פון דער גאַנצער דערציילונג, וואָס איז דורכאויס אזא געמוּחטער — געשפּיל, געשמעק געזע און געטאַנץ פון ווערטער, געשטאַלטן איינס אויפן אנדערן, מיט אַקראָבאַטישער גענויט־קייט. ס'איז אַ קונץ צו טראָגן אויף די פּלייצעס אַזאַ משא און ס'איז שווער אַזוי צו שרייבן און הונדערט מאָל שווערער — צו לייענען. דערפאַר זאָג איך אַז לייענען וועט מען א. מ. פוקסן ערשט אין יאָרן אַרום, ווען מען וועט קומען זוכן אַזעלכע זאַכן, מיט אויסגראָבעניש־געצייג און אַרכעאָלאָגישן נייגער. ס'וועלן קומען גרויסע יידיש־עקספּערטן און זיי וועלן שטודירן דיאַלאָג און ארויסהערן פון פוקסעס שמועס דעם גאַליציאַנער קנייטש און זיי וועלן אויך באוואונדערן די אמאטאריש־איינגעגעסענע ערודיציע, וואָס שטעקט אין פוקסעס ידיעות, איבער ביאָלאָגיע, זאָאָלאָגיע און קריכאָלאָגיע פון אַלע רמשים, פליגעלעך און ווערעמלעך.

די געזאמלטע דערציילונגען „די נאַכט און דער טאָג" זענען דערפאַר אינטערעסאַנטע דאָקומענטן און דעם פאַרלאַג „דער קוואַל" קומט אַ דאַנק פאר ארויסגעבן אַזאַ בוך מיט אַ בליק אויף דער ספּעציעלער אייביקייט, וואָס מיט איר איז דאָס בוך פאַרזאָרגט.

1961

## ש. וואַרזאַגערס ראָמאַן — „ברויט"

ש. וואַרזאַגער, אַ טאַלאַנטירטער פּאָעט פון דער יונג ישראל־גרופּע, האָט געוואָלט אויספּרואוון זיינע כוחות אין דער פּראָזע, און דער רעזול־טאַט איז זיין בוך „ברויט", וואָס איז דערשינען אין „י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק" אין תל־אביב. דער נאָמען פון בוך איז פאַרבונדן מיט דער פּרנסה פון אברהם און שרה, וואָס זענען מסתמא אויך סימבאָלישע נעמען, פאַר אַן איינגעפלאַנצטער משפחה, וואָס דערנערט זיך בצמצום פון באַקן ברויט און וואָס דאָס שטיקל ברויט קומט זיי אָן שווער און ביטער. דאָס בוך באַשטייט פון צוויי טיילן. דער ערשטער טייל, דער גרעסערער, שילדערט די משפחה ברויט־בעקערס אין פּוילן און דער צווייטער — „ביי דער וואָלגע", באשרייבט וואו אברהם און שרה האָבן זיך געראַטעוועט, נאָכדעם ווי היטלערס באַמבעס האָבן אָנגעהויבן חרוב מאַכן די יידישע ישובים.

וואַרזאַגערס בוך איז צוזאמענגעשטעלט פון אַ צאָל קליינע קאַפּיט־לעך, און יעדער קאַפּיטל איז פאַר זיך אַ באַזונדערע קאָמפּאָזיציע. דער מחבר באַציט זיך צו זיינע קלענערע קאַפּיטלעך מיט באַזונדערער צוגע־טיילטער אויפמערקזאַמקייט, ווי ס׳וואָלט אויף אים נישט געוואַרט קיין גרעסערע אַרבעט, נאָר ווי אים וואָלט גיכער געצויגן צו די באַזונדערע באַשטאַנד־טיילן פון זיין ווערק. אייגנטלעך איז אַן אומרעכט צו מאַכן אַזאַ באַמערקונג, ווייל דער מחבר האָט אונדז נישט צוגעזאָגט קיין פאַרגאנצטע נאָוועלע. אפשר איז אים טאַקע געגאַנגען אין דער אויסאַרבעטונג פון די קלענערע עפּיזאָדן, ווי זיי וואָלטן געווען לידער פון א לענגערער פּאָעמע,

וואָס איר גאַנצקייט באַשטייט טאַקע אין דער אַרבעט, וואָס ליגט אין יעדער פערז און וואָס מ׳קאָן טאַקע לייענען פערזנווייז און הנאה האָבן.

„ברויט" קאָן נישט צופרידנשטעלן יענעם לייענער, וואָס וועט נישט נעמען אין באַטראַכט דעם צוזאָג, וואָס ליגט אין די זייטלעך פון דעם אָריגינעלן ווערק, און וואָס ווייזט בלי ספק, אז דער מחבר פאַרמאָגט אַ סך גרויסע מעלות פון א בעלעטריסט. ווען מען זאָל לייענען „ברויט" ווי א בוך פאַר זיך אַליין, מיט דעם גאַנצן מידת הדין, וואָלט מען עס געמוזט פאַרמשפּטן ווי אַן אומרייף ווערק, וואָס פאַרמאָגט אפילו דערווידערנדיקע סימנים פון בלאָנדזשענדיקער אָנהייבערישקייט. אָבער דער פּראָזע־פּרואוו פון דעם פּאָעט שלמה וואַרזאַגער האָט אויך גענוג דערשטוינענדיקע קינסטלערישע דערוועגונג, אַז עס גיט דעם לייענער, וואָס לייענט נישט נאָר דאָס בוך, נאָר אויך דעם מחבר, א געפיל אַז מיר האָבן פאר זיך אַ קינסטלער, וואָס זיין איינציקער טעות באַשטייט אין דעם, אז ער האָט זיך צוטרויליך דערוועגט צו בלאָנדזשען, קלעטערן און דורכפאַלן — פאַר אַלעמען אין די אויגן.

ס׳קאָן געמאָלט זיין אַז וואַרזאַגער האָט אפשר נישט באַדאַרפט אַרויסקומען מיט אַזאַ נישט פאַרטיק בוך. כּאַראַן עטלעכע קאַפּיטלעך וואָס זענען פשוט אומפאַרשטענדלעך. ווען דער מחבר וויל עפּעס דערציילן, אָדער אונטעריאָגן די האַנדלונג, איז ער שטומפּיק אויף דער עברי. ער איז דערוויל זייער אַ שוואַכער דערציילער. ווען דער ערשטער טייל ענדיקט זיך מיט היטלערס אָנפאַל אויף פּוילן, ווייסן מיר נישט פון וואַנען ס׳האָט זיך גענומען דער גזר. ס׳ווערט אַזוי אָפּגעכאַפּט און אָפּגעפּרעפּלט, אַז אַ פאַרזיגלטער אויוון זעט אויס צו זיין אַ גרעסערע טראַגעדיע, ווי דער אָנהויב פון גרויסן אומקום.

דער צווייטער טייל, „ביי דער וואָלגע", איז בכלל געשריבן אָן געזונטע שרייבערישע כּוחות. וועגן דער טראַגיק פון יענער גערעטעוועט־קייט האָבן מיר געלייענט פּובליציסטישע אַרטיקלען, וואָס זענען אַ סך רושמדיקער, ווי די צען קאַפּיטלען, וועגן לעבן פון אברהם און שרה און זייער טאָכטער פריידקע אין קאָלכאָז.

און דאָך, אויב מען לייענט דעם ערשטן טייל אויפמערקזאַם און מען האָט דעם כּוח מוחל צו זיין אַ סך, גאָר אַ סך חסרונות; אויב מען נעמט דאָס ווערק ווי אַן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון אַ יונגן פּראָזע־קינסטלער,

קאָן מען דערפון אַפילו גלייך אויסשלאָגן אַ מאָמענטאַנע הנאה. איך האָב שוין לאַנג נישט געלייענט אַזאַ רוי ווערק, מיט אַזויפיל בולטע קינסטלע־רישע סימנים, וואָס צווינגען זיך ארויף אויף דעם געדולדיקן לייענער.

אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, איז שלמה וואַרזאַגער אַ כעלמער (אַ לאַנדסמאַן פון אַ צווייטן פּאָעט און בעלעטריסט, ב. אַלקוויט־בלום); און אין זיין ערשט פּראָזע־ווערק באַשרייבט ער זאַכן און מענטשן וואָס זענען אים נאָענט. ס׳איז שוין אַן אַלטער כלל, אַז ערשטע פּראָזע־ווערק זענען געוויינלעך אויטאָביאָגראַפיש, און דערפון נעמען זיך מייגסטנס די גרויסע מעלות און די חסרונות פון אַזעלכע ווערק. דער מחבר וואַרפט זיך אַרויף אויף דעם וואָס ער געדענקט, ווייסט און קען און ער פארכליניעט זיך דערמיט אַזוי שטאַרק, אַז ער פארשפּאַרט אויסטראַכטן דעם קינסטלערישן אמת, ווייל דער געדענקטער אמת איז בלויז רוי־שטאָף פאַרן שרייבער, גוטער אָנוואורף. ערשט ווען דער בעלעטריסט אַנטוויקלט דעם כוח פריי זיך צו באַוועגן צווישן די שטיקער געדענקענישן זיינע, ווען ער נעמט זיך אונטער איינצושטעלן אַ קינסטלערישע אָרדענונג, אַ שייכות צווישן מענטשן און מעשים, דעמאָלט וואַקסט ער אויס און פון זיין רוי־שטאָף ווערט — קונסט.

אין וואַרזאַגערס ווערק זענען נאָך פאַראַן אַלע סימנים פון אָפּהענ־גיקייט אין די מאָדעלן פון זיין זכרון, ער האָט מורא פון זיי אַוועקצוגיין. ער באַשרייבט זיין שטאָט מיט אַן אומרירעוודיקער געטריישאַפט. פונדאַנען נעמט זיך די אומבאַוועגלעכקייט פון זיין דערציייל־קונסט. עס געשעט כמעט גאָרנישט. מ׳קאָן דעם סיפּור המעשה פון דעם גאַנצן ווערק אויס־שעפּן מיט עטלעכע שורות. וואַרזאַגער פאקט אויך אויס פאַר אונדז אַלע לאָקאַליזמען פון זיין געגנט, און כאָטש ער גיט אונדז צום סוף פון בוך אַ פּאַרטייטש־צעטל פון פרעמד־ווערטער, פאַרטייטשט ער נישט די חנעוודיקע פרעמד־ווערטער פון זיין שטאָט, וואָס נויטיקן זיך אויך אין אַ באַזונדערן גלאָסאַר.

און ווידעראַמאָל — און דאָך — און דאָך וואָלט איך זיך געקריגט מיט יעדער איינעם, וואָס וואָלט דאָס בוך „ברויט" מבטל געווען, ווי אַן אַבסאָלוטן דורכפאַל. וואָלט וואַרזאַגער געקומען פרעגן, צי ער זאָל זיין „ברויט" אַרויסגעבן, וואָלט מען אים אפשר געמעגט עצהן, ער זאָל וואַרטן ביז עס וועט זיך בעסער אויסבאַקן, אָבער היות ער האָט קיין עצות נישט געפרעגט,

און טייל קאַפּיטלען ווייזן, אַז ער האָט זיך געמעגט פאַרגינען נישט צו פרעגן קיין עצות ביי קיינעם, מוז מען עס באַטראַכטן ווי אַ פאַרטיקע זאַך און אויף דעם סמך פאַרלאַנגען און דערוואַרטן פון מחבר ווייטערדיקע גוטע בעלעטריסטישע ווערק.

זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז באַרימטערע און דערפאַרענערע בעלעטריסטן פון אים פאַרמאָגן נישט זיינע קינסטלערישע חושים און קינסטלערישע מכשירים, זיי האָבן אָבער יאָ אַ סך מער וואָס צו זאָגן און וואָס צו דערציילן. אַנדערע גאָר גרויסע קינסטלערס ווייסן אויך מער פון אים וויפל אַרבעט מען דאַרף פּטרן אויף אַ זייטל פּראָזע; זיי ווייסן וואָס עס מיינט אַזוינס צופּיל. צופילקייט קאָן זיין פּונקט אַזאַ חסרון ווי צו ווייניק, אָדער צו מאָגער. ביי וואַרזאַגערן קומט אַמאָל אַרויס אַ זייטל פּראָזע צו פעט אָנגעשמירט און צו באַקונסט. ער האָט געדולד פון אַ פּרוסט, אָבער אים פעלט דער חוש צו דערהויבן און דראַמאַטיזירן געוויינלעכע שטילע דערשיינונגען.

אָבער אַ חוץ די לאָקאַליזמען האָט וואַרזאַגער אַ פולן מוח מיט יידיש לשון, מיט ווערטער און באַגריפן, וואָס אַז מען לייענט זיי ביי אים אין בוך, זעט מען ערשט, אַז מ׳קאָן זיך און מען טאָר זיך אָן זיי נישט באַגיין. אמת, אין בוך איז פאַראַן בלויז איין אינטערעסאַנטער כאַראַקטער — די מאַמע שרה, אַלע אַנדערע זענען שלאַברע, נאָכגעלאָזן און לאָז־מיך־געמאַך־מענטשן, אָבער אין די באַזונדערע קאַפּיטלען, ווען דער מחבר פאַרטיפט זיך אין זיין אַרבעט, און ער פאַרנעמט זיך עפּיזאָדיש מיט אַ באַזונדער קליינער געשעעניש, באַלייכט ער מיט קינסטלערישער עלעגאַנץ יעדער שורה.

מען זעט אַז אַ פּאָעט שרייבט פּראָזע. ער שרייבט געזונטע ברויט־מיט־פּוטער־פּראָזע, נישט די ווייכע, צעיוירענע פּאָעזיע אין פּראָזע. ס׳איז קלאָר אַז נאָר אַ פּאָעט קאָן אַזוי שרייבן.

לייענט מען די 27 קאַפּיטלען פון ערשטן טייל ווי באַזונדערע עפּיזאָדן, מוז מען אויסשטעלן אַ וועקסל דעם מחבר און זיין זיכער אַז ער וועט סילוקן, ווי נאָר ער וועט פּטור ווערן פון די חסרונות, וואָס ער האָט פאַרשלעפּט, ווי אַ באַשרייבער פון צו־באַקאַנטע און צו גוט פאַרגעדענקטע זאַכן.

פאַראַן אין ווערק אַן אימפּרעסיאָניסטישער אָטעם, וואָס דערהויבט דעם קינסטלערישן ווערט פון יעדער באַזונדערן קאַפּיטל. פון איין זייט פאַרמאָגט דער מחבר אַ סך באַשרייב־געדולדיקייט. די קאַפּיטלעך זענען קורצע, אָבער זיי מאַכן דעם איינדרוק פון אויסגעשפּילט ביזן דנאָ, ווי קיין אַנדער קאַפּיטל וואָלט נישט געוואָרט אין דער ריי. פון דער אַנדער זייט האָט דער מחבר אַ טבע צו אימפּולסיוויזירן זיינע זאַצן. די קינסטלע־רישע געדולדיקייט ראַנגלט זיך מיט אַ באַזונדערן אימפּעטיקן ציטער, וואָס טייל פּאַראַגראַפן פאַרמאָגן, און דער רעזולטאַט איז אַן אָריגינעלער קינסטלערישער פּראָזע־ריטם.

וואַרזאָגער איז ווי יעדער געבוירענער בעלעטריסט אַ גרויסער ווייסער. וואָס ער זעט ווייסט ער און וואָס ער ווייסט זעט ער גוט: ברויט באַקן איז ברויט באַקן, פערד־רייטן, וואַסער־טרעגעריי, אונטערוועלט; ער ווייסט ווי „איינצופעדימען" די אַלע זאַכן — אין דער טיף. אין די זאַכן איז ער טאַקע באמת פּרוסטיש, דערביי געדענקט ער און פּאַסט־צו די בעסטע יידישע פאָלקס־ווערטלעך, וואָס באַשיינען זיינע זייטלעך פּראָזע:

אַ געוועלבל איז אַ טיר צו גאָט — מען דאַרף עס אָפּן האַלטן; אַ שעה פאַר שבת איז נאָך נישט שבת; אין אַן ענגער שטייג געראָטן די געגנדז.

אָבער דער עיקר איז טאַקע דאָס לשון, וואָס דינט אים אַזוי שטאַרק, אַז מען ווערט אָפט דערשטוינט. ער איז נישט און דאַרף נישט זיין קיין באַנייער פון לשון, ווייל דאָס אַלץ וואָס ער געדענקט און ווי ער געדענקט עס, מאַכט וואַרזאָגערן פאַר איינעם פון די ווירטואָזן פון אונדזער נוצלעכן טאָג־טעגלעכן יידישן לשון. אָפטמאָל ווען מען הויבט ביי אים אָן זוכן חסרונות, איז מען גענויגט עס איינצוועגס אַרויפצולייגן אויף דער צו רייכער שפע פון לשון, וואָס ער באַזיצט און באַווייזט.

„אַ הויכער שטאַרקער מאַנסביל. די קאַראַמיסל זענען גלייך געלעגן אויף זיין אַקסל. די צוויי עמער — ווי שאָלן פון אַ הענגענדיקער וואָג. די רעכטע זייט פּלייצע, וואו די קאַראַמיסל האָבן געקוועטשט, איז געווען עטוואָס גאַרביק; אין דער מיט אַ טאָלעכל, די טיף פון קאַראַמיסל. דאָס וואַסער האָט ער געשעפּט פון ברונעם וואָס אין מיטן הויף. אַ פיר־קאַנטיקער האָלצגעשטעל, פּאָפּעריק — אַ גראָבער וואָל. אַרום וואַל וויקלט זיך אַן אייזערנע קייט מיט צוויי הענגענדיקע קעסלען, די גרייס פון בירפעסלעך.

דעם וואָל באַוועגט אַ גרויסער ראָד מיט האַלצפּלעקער־הענטלעך. אַ פּולער קעסל אַרויף, אַ ליידיקער אראָפּ".

און אָט ווי דאָס ברויט באַקט זיך:

„דער אויוון גליט. דאָס פייער צישעט, קנאַקט. בלוי־ווייסע צינגער לעקן די סקלעפּיעניע. די לעצטע שפּאַלעס האָלץ פלאַקערן, קרעכצן און פאַלן זיך פונאַנדער. דאָס קליינע סוטערינעלע איז אַ העלפט אָפּגעגאָסן מיט רויטן שיין. אין דער ליכטיקייט באַוועגט זיך אַ לאַנגער שאָטן: אַ האַלבער אויף דער וואַנט, אַ האַלבער אויף דער סטעליע. אָט שפּרינגט דער שאָטן אין דייזשע אַריין, אָט בייגט ער זיך איבערן אויוון. צוויי הענט ווי איילשטאַנגען הויבן זיך, לאָזן זיך אַרונטער. אָט הענגט ער פּאַרקאַפּויערט, ברענט זיך, שניידט זיך, קנייטשט זיך איין אין די ברויט־פּאַליצעס, לייגט זיך אויפן מעל".

ווי שורות פון לידער קאָן מען ציטירן פון יעדער קאַפּיטל אין ערשטן טייל:

„און אַז קיין פיש איז נישטאָ, איז גוט אַ הערינגל איינגעדישעט אויף באַבעלעך, פאַרריבן מיט אַ לעפל בוימל, איז גוט אַ ציבעלע. היינט דער טשייניק — אַ פּאַראַוואָז, אַ מעכיניע, אַ גאַנצע פּאָסעסיע. דער טשייניק אויף דרייסיק גלעזער איז געווען ווי אַ לעבעדיקע זאַך, ווי דאָס דרייצנטע באַשעפעניש אין שטוב. אַ גאַנצע וואָך גייט ער נישט אַראָפּ פון דער פּייערקע. פּאַרעט און בלאָזט זיך, סיקעט און פּאַרסקעט. פריידקע פּאַרפּעלט אים נישט אַלע פרייטיק אָפּצופּוצן. זי רייבט אים מיט אַ שטיקל נאַסער קלאָטשע אין זאַמד. מאַסאַזשירט אים אויס אַלע אברים... אַ גלעזל טיי אויפן טיש, אַ גלעזל טיי אין די הענט מאַכט וואַרעמער, מאַכט ליכטיקער אויף דער נשמה. איז נישטאָ קיין סענץ, פאַרבריט מען אַ שטיקל ציקאָריע. נישטאָ קיין ציקאָריע, ברענט מען צו אַ קאַסטקע צוקער. אַ גלעזל טיי דערהאַלט דאָס חיות... ווער ס'האָט די טיי אויסגעקלערט, זאָל פון גן־עדן נישט אַרויס".

די אומבאַהאָלפנקייט וואַרזאַגערס ליגט מיינסטנס אין שילדערן מענטשן. מענטשן מוז מען שילדערן נאָך טיפער און לעבעדיקער, ווי מען שילדערט אַן אויוון, אָדער אַ טשייניק, און וויפל לשון מ'זאָל אויף אַ מענטש נישט פאַרשווענדן, בלייבט ער אומבאגרייפלעך, אויב מען ווייסט נישט ווי מ'זאָל זיך קערן און ווענדן, צו דער פּאַרטיפּטער אויפמערקזאַמקייט פון לייענער.

פּיוויש, דער חתן, דרייט זיך אַרום ווי אַ מהיכא תיתי געליבטער און ווערט פּונקט אַזוי הילפלאָז פאַרפאַלן. דער יונגער רעוואָלוציאָנער מאירקע איז נישט מער ווי אַ שאָטן, און דאָס גאַנצע לעבן אין קאַלכאָז, אין דער השכות פון פאַרפאַלענע קינדער, פאַרמאָגט נישט דעם ביטערן טעם פון דער צייט. בכלל זענען אין „ברויט" פאַראַן בלויז באַזונדערע יידן, ווי די באַזונדערע קאַפּיטלעך, אָבער נישטאָ קיין צוזאַמענדיקע יידן, וואָס זאָלן אונדז געבן דעם טיפן שניט, ווען היטלערס אַרמייען נעמען זיך דערנענ־טערן.

גרויסע חסרונות און גרויסע מעלות אין אַ ווערק, וואָס וועט ביי אַ סך גוטע לייענערס אַרויסרופן געגנוג צוטרוי און אַ שטאַרקע האָפענונג, אַז שלמה וואַרזאַגער וועט נאָך באַרייכערן די יידישע ליטעראַטור מיט קינסטלערישע פּראָזע־ווערק, וואָס זייער אָנשאָטענונג איז שוין פאַראַן אין אַ סך זייטלעך פון דעם ווערק „ברויט".

1960

## וואַרשעווער ישראל-לידער

ל. אַליצקיס נייע לידער אין בוך „מיין האַרצרייזע", זענען אַלע — אַ חוץ די לעצטע פיר — זיינע געזונגענע בענקשאַפטן, אין דעם געוואונענעם געראַנגל מיט זיך, זייענדיק אין פּוילן נאָך אַ פאַראַיאַריקן באַזוך אין מדינת ישראל. דער דאָזיקער באַזוך, אויף דער פאַרבעטונג פון דער „אגודת הסופרים העברים", האָט פאַרפעסטיקט ל. אַליצקיס באשלוס זיך צו באַזעצן אין מדינת ישראל, וואוהין דער דיכטער איז געקומען גרייט מיט זיינע לידער, וואָס האָבן אים געצויגן עולה צו זיין מיט זיין משפחה.

ל. אַליצקי איז איינער פון די פּראָדוקטיווסטע יידישע שרייבערס, אויב נישט דער פּראָדוקטיווסטער פון די צוויי יאָרצענדליקער. אין משך פון צוועלף יאָר, פון 1947 ביז 1959, האָט ער אין פּוילן, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַרויסבאַפרייט פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, פאַרעפנטלעכט ניין

אייגענע ביכער, זיבן איבערזעצטע ווערק און דערצו נאָך עטלעכע ביכער־זאַמלונגען, וואָס זענען באַנוצט געוואָרן ווי כרעסטאָמאַטיעס אין די ייִדישע שולעס אין פּוילן. ביז 1947 האָט ער אָבער אויך נישט געשוויגן. ער האָט ארויסגעגעבן עטלעכע ראָמאַנען און דערציילונג־זאַמלונגען. ער האָט געשריבן אַלץ וואָס עס האָט זיך געלאָזט, אַפילו משלים. ער האָט איבער־געזעצט פון רוסיש, העברעאיש, פּויליש און אַנדערע לשונות, אָבער אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט האָט ער אייגענע לידער אָנגעהויבן שרייבן אַ סך שפּעטער ווי פּראָזע. ווי אַ בעלעטריסט האָט לייב אָליצקי שוין געהאַט אַ נאָמען אין דער ליטעראַטור אין 1924. ש. ניגער האָט אים גלייך דעמאָלט „אויפגערופן" און געהאַט צו אים ערנסטע טענות, הלמאי ס׳פעלט אין זיין ווערק „קינסטלערישער טאַקט".

אַזוי איז בפירוש פאַרצייכנט אין „לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור" און מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז פון די געציילטע ביאָגראַפיעס, וואו ס׳ווערן אויך געגעבן נעגאַטיווע ראיות פון דער אָנגענומענער קריטיק, שטאָט בלויז באַקרעפּטיקטע מעלות. כ׳ברענג דעם פאַקט בלויז ווי אַ באַווייז אַז לייב אָליצקי איז שוין מיט אַ קנאַפּע פערציק יאָר צוריק געווען אַ באַקאַנטער בעלעטריסט, וואָס האָט אַפילו דערצערנט די קריטיק. זיין ערשט בוך מיט משלים איז דערשינען אין לאָדזש אין 1949 און פון דעמאָלט אָן האָט מען שוין געזען אָפטער לייב אָליצקיס אָריגינעלע איבונגען אין פערז און אויך אייגענע לידער.

ס׳איז נישט קיין געוויינלעכע דערשיינונג, אַז אַ ייִדישער פּאָעט זאָל, זיבצדיק אין וואַרשע אָדער לאָדזש, שרייבן לידער צו מדינת ישראל, און זאָל זיי טאַקע זוכה זיין צו זען געדרוקט אין אַ בוך, וואָס איז דערשינען אין אַ ייִדישן ישראל־פאַרלאַג. דאָס איז אַ בלאָט פון אונדזער נייער נאַציאָנאַלער „ביאָגראַפיע"; און וואו דער טראָפּ זאָל נישט פאַלן, אויף ישראל־לידער אין וואַרשע, אויף אַ ייִדיש־פאַרלאַג אין ישראל, אויף דעם עולה זיין פון אַ ייִדישן פּאָעט, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין סאָוויעט־רוסלאַנד און געקומען קיין פּוילן, וואו ער האָט געשריבן מיט אַן אויסגע־הונגערטן פיבער — וועט עס אַלץ זיין דורכגעדרונגען מיט דער ייִדישער ניי־צייט און כאַראַקטעריסטיש פאַר אירע פאַרוואַנדלונגען און איבערראַ־שונגען.

מעג מען דערפאַר זיך אָפּשטעלן אַביסל לענגער אויף דער ביאָגראַפיע

פון דעם בעלעטריסט און פּאָעט לייב אָליצקי און צוגעבן, אַז ער איז דער עלטסטער פון דריי ברידער, וואָס אַלע דריי זענען געוואָרן דיכטער. ברוך אָליצקי, דער מיטלסטער ברודער, איז אומגעבראַכט געוואָרן אין אַ געטאָ; מאַטעס אָליצקי, דער ייִנגסטער, וואוינט ביי אונדז אין ניו־יאָרק און ער זוכט זיך נאָך אַרום אין אינטערעסאַנטע לידער; און לייב אָליצקי האָט זיך נאָר־וואָס באַזעצט אין מדינת ישראל און גלייך צוגעטראָגן, ווי ער זאָגט אונדז אין דער הקדמה צו זיין נייסטן בוך — „באַשיידענע ישראל־ביכורים". ער איז נישט געקומען מיט ליידיקע הענט; ער האָט פּאַקטיש זיך באַזעצט אין לאַנד, ווי נאָר ער איז צוריקגעקומען קיין פּוילן פון זיין באַזוך אין דער מדינה. אַ קיילעכדיק יאָר האָט ער פאַרווילט זיין בענקשאַפט מיט לידער, מיינסטנס דערמאָנונגען פון באַזוכטע ערטער.

לייב אָליצקי איז געזעסן אין פּוילן און איז דאָרט געווען אַקטיוו אַ צוועלף־דרייצן יאָר. קיינער האָט נישט קיין רעכט צו פרעגן און צו מאָנען ביי אונדזערע גייסטיקע און פיזישע נע־ונדניקעס קיין חשבון, פאַרוואָס זיי האָבן זיך צו־לאַנג געזאַמט אויף זייערע פּאָזיציעס. דער פאַרקער אַרויס פון יענע לענדער איז זיכער נישט געווען קיין צו־פרייער — און די וואָס זענען געבליבן לענגער זיצן אויף די ערטער, האָבן מסתמא געהאַט זייערע אייגענע חשבונות, אָדער אייגענע יסורים. מען האָט אפשר בלויז אַ שטיקל רעכט זיך נאָכצופרעגן ביי די פאַרבליבענע, אויף דעם וואָס ניגער האָט נאָך אין 1924 אָנגערופן — „קינסטלערישער טאַקט", ווען ער האָט עס געמאָנט ביי לייב אָליצקין דעם בעלעטריסט.

נאָך אַלעמען מאָנען מיר דאָך אַלע דעם סאַמע מינימום ייִדיש־קינסט־לערישן טאַקט, ווען מיר באַווייגען די סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבערס. מיר אָנערקענען אַלע דעם קלעם זייערן און מיר זענען גרייט צו אָנערקענען אַפילו דעם גלויבן וואָס זיי האָבן געהאַט, אָבער ביי דעם אַלעמען גריבלען מיר זיך פאָרט — צו דערגיין וויפל „קינסטלערישן טאַקט" האָט יעדער איינער פון די סאָוויעטישע שרייבערס אַרויסגעוויזן; ווי ווייט איז ער אַוועק פון כלל ישראל און מיט וויפל שמחה איז ער אַוועק.

דאָס זעלביקע קאָן געזאָגט ווערן וועגן די ייִדישע שרייבערס, וואָס זענען געבליבן שטעקן אָדער לעבן אין פּוילן. זיי דאַרפן סוף־כל־סוף אויך געמשפּט ווערן, מיט דער מאָס פון ייִדישן קינסטלערישן טאַקט; און מיט

דעם גאַנצן לכף זכות, וועט פאַרט בלייבן זייער אייגן וואָרט און זייערע אייגענע מעשׂים, וואָס וועלן אויף זיי עדות זאָגן.

אַז די יידישע שרייבערס אין פּוילן האָבן אַליין געהאַט טענות צו זיך, קאָן מען זען פון דעם ענטפער, וואָס לייב אַליצקי גיט אונדז אין זיין הקדמה צום נייעם לידער־בוך. ער ענטפערט אויף דער קשיה, צי ער האָט גלייך געטאָן וואָס ער איז געבליבן זיצן אין פּוילן:

„צי איז עס גוט אַזוי געשען? איך מיין אַז יאָ. דער קליינער יידישער ישוב אין פּוילן, אין זיין גרויליקער עלנטקייט און פאריתומטקייט, נאָכן אומקום פון אַלע זיינע נאָענטסטע, האָט זיך זעליש געגוויטיקט אין אַ יידישן שרייבער, אין זיין שעפעריש געדרוקט און לעבעדיק וואָרט. און ס'איז געוועזן דער חוב פון דעם יידישן שרייבער מיט אים צו בלייבן. מיר ווילט זיך טראַכטן, אַז איך האָב אין פּוילן געטאָן אַ גוטע, נוצלעכע אַרבעט פאַר דער יידישער און אויך, ווי אַן איבערזעצער, פאַר דער העברעאישער ליטעראַטור".

איצטער אַז ס'איז קלאָר געוואָרן, זאָגט אונדז לייב אַליצקי, אַז דער יידישער ישוב אין פּוילן, „וואָס איז געבויט אויף גלותדיקן זאַמד... צעשיט זיך ווי זאַמד דורך אַ רעשעטע", האָט דער דיכטער באַשלאָסן, אַז די צייט איז געקומען עולה צו זיין.

כ'האָב גלייך אין אָנהויב געלאָזט וויסן, אַז דאָס בוך — „מיין האַרץ־רייזע" איז פאַר מיר נישט קיין געוויינלעך בוך לידער, נאָר אַ בלאַט פון אונדזער נייעם יידישן קאַלענדאַר און ס'איז דערפאַר באַרעכטיקט דער דאָזיקער לאַנגער פּאָראַויסיקער צוגאַנג, איידער מען באַקענט זיך נאָך מיט די לידער גופא. מ'דאַרף בפירוש דערשפּירן דעם קלימאַט, וואָס אין אים זענען די ישׂראל־לידער אין פּוילן געשריבן געוואָרן. זיי זענען פאַרבונדן מיט אַ גאָר־וויכטיקן ענין. אַ יידישער שרייבער האָט באַוואוסטזיניק נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיינע ברידער, ביז ער האָט זיך נישט איבערצייגט, אַז דער יידישער אומגליק־ישוב אין פּוילן צעפאַלט. אמת, דאָס גיט ערשט אויפסניי אַ גוטע טענה די פאַרבליבענע יידישע שרייבערס אין פּוילן, אַז דווקא ווען אַלץ צעפאַלט „געטרייסלט פון פיינטלעכע שטאַרקע הענט", ווילן זיי נישט זיין די ערשטע זיך צו ראַטעווען און אנטלויפן. בלייבט נאָך אַלץ די זעלביקע מאָס פון קינסטלערישן טאַקט, וואָס לויט דער מאָס וועלן גאַנצע יידישע קינסטלערישע ביאָגראַפיעס געמאָסטן ווערן, דווקא אין

זייער פּארוואָגלטקייט. צי זענען זיי געווען און געבליבן די אויפהאַלטערס און באַגייסטערערס פון יידישן לעבן, אָדער ווער פון זיי איז חלילה אַליין געווען אַ טייל פון די „פיינטלעכע שטאַרקע הענט״, וואָס האָבן געהאָלפן גייסטיק טרייסלען און צעטרייסלען דעם אומגליק־ישוב, מיט פאַרפירערייען, וואָס קיינער האָט אויף זיי נישט אַרויפגעצוואונגען ?

נישט גרינג קומט־אָן לייב אָליצקין צו פאַרלאָזן פּוילן. די בעסטע לידער אין בוך זענען דווקא די סאָנעטן, מיט דעם געזעגן־וואָרט צו פּוילן. ס׳איז גוט וואָס דער דיכטער געזעגנט זיך נישט צו־לייכט. ס׳וואַרפט אַ בעסער ליכט אויף זיינע ישראל־לידער. מיט אַלע זייערע חסרונות זענען זיי נישט די געוויינלעכע הוראַ־לידער פון אַנדערע ענלעכע דיכטער־עולים, וואָס פאַלן גלייך קושן די ערד (די פּראָפעסיאָנעלע קושערס, וואָס דאַרפן נישט לאַנג וואַרטן איבערצוקושן זיך און איבערגיין פון איין שטייגער קושעריי צו אַן אַנדערער).

איך פיר פון דיר מיט זיך דיין האַרבסטיק גאָלד,
דער צאָל־אַמט קאָן נישט, וועט עס נישט פאַרווערן ;
אויף מיינע אויגן פירן אומבאַצאָלט
פון ווייסל פריש־און־צאַפּלדיקע שטערן.
דיין אומשולד איז עס, פּוילן, כ׳האָב עס האָלט,
ווי כ׳האָב די גאָרע שיינקייט דיינע גערן,
כאָטש... ס׳האָט דיין ערד זיך נישט פאַרשטאָלט,
ווען ס׳האָבן זי פאַרפּלייצט מיין בלוט און טרערן.

ס׳איז אַ שיינער סאָנעט, דער שענסטער פון אַלע זעקס סאָנעטן צו פּוילן, און דאָס איינציקע וואָרט וואָס איז מיר נישט פּאָעטיש קלאָר, איז דער — „פאַרשטאָלט״. כ׳ווייס נישט, צי דאָס איז טאַקע דאָס ריכטיקע וואָרט וואָס דער דיכטער האָט אונדז געוואָלט זאָגן, ווען די ערד איז פאַר־פּלייצט געוואָרן מיט אונדזער בלוט און טרערן. וואָס וואָלט שוין, משטיינס געזאָגט, אַרויסגעקומען, ווען די ערד וואָלט זיך יאָ פאַרשטאָלט ? אין זעקסטן סאָנעט ווערט דערמאָנט דער געטאָ־אויפשטאַנד.

ביסט, ליכטיק פּוילן, היינט מיין פאָלקס פאַרחושכסטער בית־עולם.
פון איס בלענדט בלויז די יידישע נקמהדיקע האַנט.

אויך אין דעם סאָנעט איז פֿאַראַן אַן אויסדרוק, וואָס דאָס גאַנצע ליד פֿאַרדייעט נישט. דאָס איז דער דיסאָנאַנס פֿון אַזאַ וואָרט ווי „געניוש".

צוויי סאָנעטן וואָס זענען שוין געשריבן געוואָרן אין תּל־אָביב, זענען געווידמעט אַ פֿאַרבליבענעם פֿריינט אין פּוילן. מיט די לידער רופֿט דער פּאָעט אַליצקי זיין פֿריינט צום נס פֿון דער ייִדישער מדינה, נאָכדעם ווי טמא־הענט האָבן פֿאַראומרייניקט ביים פֿריינט אין האַרץ דעם טעמפּל —

האָסט אָפּגעפּילט אין האַרץ אַ גאָט אַ שיינעם,
אַ געטש געשאָפֿן זיך אין זיין געשטאַלט,
און טריי געדינט מיט פֿרייד און מיט געוויין אים,
ווייל דורך זיין בליק גאָט האָט זיך געשטראַלט.
דו האָסט געזען אים שטראַלנדיק פֿון דרויסן
און אויף די קני געשטעלט זיך פֿאַר דעם ריז.
די צייט האָט אים צעוואַלגערט און צעשטויסן,
נאָר קלאַמערסט אַלץ אַרום נאָך זיינע פֿיס.

דאָס זענען פּאָלעמישע לידער און זיי געהערן צו דער קאַטעגאָריע פֿון נוצלעכע לידער, כאָטש זייער בילדלעכקייט איז אַן אָפּגעטראָגענע, ווי „אין האַרץ דער טעמפּל" און „די זעלע" און „דער לעצטער פֿונק האָט נישט פֿאַראַטן". לייב אַליצקי האָט מיט זיינע משלים זיך דער־וואָרבן אַ לייכטע, צו־לייכטע פּערז־בריהשאַפֿט. אָבער אויב אין אַ פֿאַבל מעג מען זיך אפֿשר דערלויבן לויפֿן צום מוסר השכל און נישט אַכטונג געבן וואָס עס טוט זיך אויפֿן וועג, מוז מען אין ליד זיין פֿאַר־זיכטיקער. פֿאַראַן אין בוך געראָטענע און באַמייסטערטע לידער, אָבער די מיינסטע לידער קלינגען אַביסל ווי אַרויסגעזונגען פֿון אַלטע און פֿאַרעלטערטע לידער־ביכער.

מיין זיידע יעקב מאיר איז געווען אַן עושר,
נאָר האָט נישט קיינמאָל געשטאַלצירט דערמיט פֿאַר לייט;
בלויז אונדז מיט שטאָלץ פֿלעגט ווייזן אין אַ שעת הכּושר
זיין שקל פֿון יהודה המכּבים צייט.

**— אָדער**

ווי איינזאַם ס׳פּילט זיך עס אַליין אַ ייד,
קוים טראָגט ער נישט אין האַרץ זיין מאמעס ליד,
וואָס זיין מעלאָדיע תּמיד אים באַגלייט,
ביז ער זיך מיטן לעבן נישט צעשיידט.

**ווען דאָס בוך וואָלט געווען פול מיט די דאָזיקע „פאָלקסטימלעכקייטן", וואָלט נישט געווען פון וואָס צו רעדן. צום גליק זענען, ווי געזאָגט, אויך פאַראַן עטלעכע קרעפטיקע לידער, און אַזעלכע לידער פרעגן טאַקע — בתמיה, ווי קומט עס, וואָס דער פּאָעט האָט זיך נאָך נישט אויס־געלערנט מבחין צו זיין צווישן אָפּגעטראָגענע שורות און אייגענע רייד.**

**גוטע לידער אין בוך זענען אַרום באַזוך אין בית ביאַליק. אין פּאָעט זינגען אויף טענות צו זיך און ער פאַרזינגט זיי מיט טרייסט —**

ווייל אויפן שייטערהויפן פון דיין הייליקן באַגער
צום פאַלק זיך אומצוקערן, ווערט פאַרברענט אויף אַש דיין זינד.

**אין די לידער וועגן ירושלים געפינט מען אויך גוטע שורות, כאָטש לייב אַלצקי ווערט פאַרפירט פון גראַם, ווי אין זיין צוויט ליד צו ירושלים, וואו ער גראַמט אַ צעבלענדטע, מיט אַ האַלבירטע און געשענדטע. אפילו אויף דער צעטיילטער ירושלים איז נישט חל אַזאַ שאַרפער אויסדרוק. אַמאָלליידט זיין ליד פון דער דריי־גראַמען־סכעמע וואָס פאַרמאַטערט, ווי קונציק דער פּאָעט זאָל זיך נישט באַריהן.**

לעם כותל המערבי וויין איך,
פון זיינע שטיינער בין אַ שטיין איך,
און גלייך ווי זיי וועך לויטער־ריין איך.

**פאַראַן אויך אין בוך אַ בייז און ביטער ליד וועגן אַן „אַלע כאַדאַש",** וואָס האָט געמעגט אויסגעלאָזט ווערן, ווייל דער ניי־געקומענער דיכטער דאַרף נישט שפּריצן מיט אַזאַ פייערדיקן מוסר —

און שטיק זיך: ווי סע אַוועקט מיט פאַרראַט און צואה.

**דאָס לעצטע טייערע וואָרט גראַמט זיך מיט בלויע.**

דאָס בוך מיט גערעאַטענע און ווייניקער געראָטענע לידער ווערט אינטערעסאַנט, ווען מען נעמט עס ווי אויטאָביאָגראַפישע לידער פון אַ היינט־צייטיקן יידישן פּאָעט. אפילו די בעסטע לידער אַליצקיס לאָזן נישט איבער קיין עכאָ, ווייל זיי זענען נישט ארויסגעהידושט ממעמקים, נאָר די שורות ליגן אויף א פלאַכן טעלער. אָבער אַז מען נעמט זיי אין שייכות מיט דער צייט, און מיט אַלץ וואָס זי האָט אָנגעהויקערט אויף יידישע מענטשן פון גייסט, אויף זייערע וואָגלעניש, וואַנדלעניש און פאַרוואַנדלעניש, קריגט דאָס בוך „מיין האָרץ־רייזע" אפילו אַ היסטאָרישן באַטייט. פאַראַן אַ סאָנעט אין בוך, וואָס דערציילט אונדז וועגן חרם אויף דעם דיכטער, ווי נאָר מ'האָט דערשנאַפּט אַז ער טראָגט זיך ארום מיט געדאַנקען עולה צו זיין. א צווייט ליד ענטפערט אויף אַלע אָנפאַלערישע פּראָפּאַגאַנדע־טענות, אַז ס'וועט דעם נייעם עולה פון פוילן נישט זיין צו־גוט.

צי קערט מען זיך דען אַהיים זיך זעטיקן מיט מילך?
מיט האָניק לויטערן די חלה צו באַשמירן?
די היים, אַז ווי זאָל נישט זיין, איז גוט און בילך,
און אַלע וועגן פונעם האָרץ צו איר אונדז פירן.

בילך איז אַ נייער קנייטש, געבוירן פון אַן אומגעריכטן גראַם, ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם בוך און פאר לייב אַליצקיס מעטאָד אַרויסצוצווינגען וואָסער אפילו פון אַ שטייניקן גראַם. לאָמיר האָפן אַז לייב אַליצקי וועט זיך דורכוואָרעמען מיטן לאַנד און אויף אַן אמת געפינען אייגענע פאַרטיפונג, מיט דעם וואונדער־יידיש, ווי ער ווערט אויסגעזוונגען אין די לידער פון די גרויסע יידישע ישראל־פּאָעטן, וואָס האָבן פאַרן יידישן לשון געפונען נייע זכותן אויף אייביקייט.

1961

## לעווין קיפּניס „אונטערן טייטלבוים"

ווען יידיש האָט גענומען מאַכן אַ מחיצה צווישן זיך און דייטש, האָט זי קודם כל איינגעזען אַז דאָס לשון אונדזערס מוז זיך פאַרפרומען, אַז נישט וועט זי תמיד זיין אין סכנה צוריק פאַרשלונגען צו ווערן פון די

צעלאָזענע שכנים און קיינמאָל נישט קריגן די ריכטיקע געלעגנהייט זיך צו שאַפן אין יחידות, זיך פורעמען און זיך לייטישן פאַר יידישע מיילער. מיר זענען לכתחילה געבענטשט געוואָרן מיט דער שענסטער אָפּשיידונג וואָס איז אונדז באַשערט געווען — דאָס לשון פון תנ״ך און פון וואָכעדיקן און יום־טובדיקן דאַווענען. אפילו אין סאמע ערשטן פאַרדייטשטן טייטש־חומש זענען העברעאישע ווערטער אַריין און גלייך פאַרנומען ריכטיקע פּאָזיציעס.

ערשט ווען יידיש האָט זיך דערזען אין דער היימישער שכנות פון אַזויפיל באַשירעמדיקע ווערטער, האָט אונדזער לשון גענומען פאַרשטיין אויף וואָס עס איז געקומען אויף דער וועלט, וואָס עס מוז מתקן זיין און ווי שטאַרק יידיש מוז זיך אָנהאַלטן אין די העברעאישע ווערטער, כדי ס׳זאָל פון דעם באשערטן זיווג אַרויסקומען אַ ניי, געריייניקט און אויסגעקלויבט לשון, וואָס וועט איבערלאָזן הינטער זיך די גראַמאַטיש־מושטירטע טומאה פון רייד.

ווען מען אַנאַליזירט ווי יידן האָבן מיט זייער שפּראַך־חוש געוואוסט אַקוראַט, וואָס צו טאָן מיט די העברעאישע ווערטער און ווי זיי האָבן זיי אַריינגעפּאַסט ווי דיאַמאַנט־שפּריצלעך, מוז מען צוגעבן, אַז ס׳איז פאַר די אויגן פון פעלקער מיט אַלטע לשונות פאָרגעקומען אַ געניאַלע בראשיתדיקע שאַפונג.

דער שפּראַך־חוש פון אונדזער נאַציאָנאַלער מייסטערשאַפט האָט גאָר אַ סך אויפגעטאָן אויך מיטן סלאַווישן עלעמענט, און דאָס איז פאַר זיך אַליין אַ ניי וואונדער, ווי אונדזער לשון איז זיך באַגאַנגען מיט סלאַווישע ווערטער און באַגריפן, ווי מען האָט זיי דעאַלקאָהאָליזירט, געניכטערט און איינגעוויגט, סיי אין קלאַנג און סיי אין יידישן אויסרייד.

אָבער העברעאיש איז אונדז געווען אַ שוץ־וואַנט, אַ פעסטונג, אַ באָדן, אַ גייסטיק ארץ־ישראל, וואו די סאמע לעבעדיקסטע און נויטיקסטע ווערטער זענען אויפגעהאַלטן געוואָרן, פּשוט ווייל א ייד האָט זיך אָן זיי נישט געקאָנט באַגיין; מיט גאָט און מיט ברידער־יידן, און ווייל זיי זענען פאַרן לשון גופא געווען אַ שמירה קעגן אַ גוט־אויג פון דרויסן. ס׳איז נאָך קיינמאָל אין דער וועלט פון לשונות נישט פאָרגעקומען אַזאַ אינסטינקטיוו קאַליע מאַכן פון אַן איבערגעזויפט לשון, כדי עס מתקן צו זיין. דער תיקון איז געווען — העברעאיש, די ווירטואָזיטעט פון יידישן

מויל האָט זיך דערמיט מייסטעריש געשפּילט און אַרויסגעשלאָגן נייע עשירות.

פאַרלאַג „מתנות" האָט ארויסגעגעבן אַ בוך קינדער־מעשׂיות פון דעם העברעאישן שרייבער לעווין קיפּניס, וואָס איז אין א געוויסן זין נישט ווייניקער ווי סענסאַציאָנעל. וואו שטעקט די סענסאַציע? לעווין קיפּניס איז בארימט אין מדינת ישראל, ווי איינער פון די אָנגעזעענסטע שרייבער פאַר יונגע קינדער, פאַר די שולעס, קינדער־גאָרטנס און פאר די היימען. ער איז איינער פון די שפּילעוודיקסטע שרייבערס, וואָס פאַרשטייט דאָס קינד און ווייסט ווי־אַזוי אים צו דערציילן אַ מעשׂה, וואָס זאָל נישט בלויז זיין דערציערישׂ, נאָר אויך פאַרווײַלעריש.

ווען קיפּניס איז קוים אלט געווען 19 יאָר האָט ער זיך באַזעצט אין מדינת ישראל. ער איז איצטער אַלט 67 יאָר, מיינט עס אַז ער וואוינט שוין באַלד א האַלבן יאָרהונדערט אין דער יידישער מדינה, העט־העט פריער איידער זי האָט געקראָגן אַ בענקל צווישן די פאַראייניקטע פעל־קער. לעווין קיפּניס איז געווען א פּיאָנער, וואָס האָט געשריבן פאַר די יונגע קינדער־שולעס און פאקטיש צוזאמען מיט די קינדער אויסגעאַרבעט דעם סטיל פון א דורכשמועס מיט זיי; ער האָט זיך שפּראכלעך מיט זיי צוזאמענגערעדט און ער האָט אַרויסגעגעבן צענדליקער העברעאישע קינדער־ביכער, מיט מעשׂות און לידער.

וואו זשע שטעקט פּאַרט די סענסאַציע? אָט אין דעם איינגעזעסענעם העברעאישן שרייבער האָט פּלוצים אויפגעוואַכט דער חשק צו שרייבן קינדער־מעשׂיות אויף יידיש. די ערשטע ניינצן יאָר, וואָס לעווין קיפּניס האָט פאַרבראכט אין אוקראינע, האָבן פּלוצים אויך געפאָדערט זייער תיקון. אַ סך אין דעם איז אויך שולדיק ליפע לעהרער, דער רעדאקטאָר פון „קינדער־זשורנאַל", וואָס האָט אין לעווין קיפּניסן געוועקט דעם איינגעשלאָפענעם חשק צו שרייבן יידישע קינדער־מעשׂיות. ליפע לעהרער האָט פאַרעפנטלעכט זיינע מעשׂיות אין „קינדער־זשורנאל", און ס׳איז זיי באַזונדער און איינציקווייז געווען אַ נחת צו לייענען.

איצטער איז דערשינען די זאַמלונג „אונטערן טייטלבוים" און דער מחבר לעווין קיפּניס ווידמעט מיט שטאָלץ זיין „ערשט בוך אין מאַמע־לשון" דעם אָנדענק פון זיין מאַמען. האָבן מיר איצטער דאָס ערשטע יידישע בוך — „אונטערן טייטלבוים" פון אַ העברעאישן תושב, אין אַ מחיהדיקן יידיש,

מיט דער זעלביקער ליבשאַפט צו יעדער זאַך, ווי אַ נישט־איבערגעריסע־נעם העברעאישן דורכשמועס מיט קינדער, פאַר וועמען ס'איז אַמאָל נויטיק געווען צו שאַפן דעם ריטם פון דער קינדער־מעשה און קינדער־לידל — איז דאָס נישט אַן אמתע סענסאַציע? און די סענסאַציע ווערט נאָך גרעסער ווען מען זעט ווי אין דעם געהייליקטן „בריוו" צו דער מאמען, וואָס דאָס בוך שטעלט מיט זיך פאָר, איז נישט פאַראַן דער מינדסטער סימן פון א צוריקקום נאָך אַן אָפּפרעמדונג. געקומען צום יידישן וואָרט און שוין אָנגע־הויבן דעם שפּיל לויט אַלע כללים פון שפּראַך־ליבשאַפט. די ערשטע מעשה הויבט זיך גלייך אָן, ווי קיפּניס וואָלט גאָר קיינמאָל נישט געווען אַוועק פון מאַמע־לשון.

„הויך־הויך, ווייט־ווייט, דאָרט וואו הימל און ערד טרעפן זיך, האָבן זיך באגעגנט ניי־יאָר און פאַרביי־יאָר".

מיט ניי־יאָר און פאַרביי־יאָר עפנט לעווין קיפּניס זיין ערשטע מעשה — „אַ זיס יאָר", וואָס איז אַ ראש־השנה־מעשה, און איז פאַר זיך אַליין אַ באַרייכערונג, ווייל שרייבערס פאַר דערוואָקסענע האָבן ביי אונדז שוין לאַנג אויפגעהערט שרייבן יום־טוב־מעשיות. אָט־די קינדער־מעשה איז אַ וועגווייזערין, ווייל ס'איז אַ שיינע סעקולערע ראש־השנה־מעשה, פאַר־פלאַנצט און באַזעצט אויף דער ערד, מיט פּרדסים און ביימער.

טאַקע אין דער זעלביקער ערשטער מעשה פאַרגעסט מען גלייך אַז מ'האָט דאָ צו טאָן מיט אַן איבערגייער פון איין לשון צום אנדערן, אָדער מיט א נישט־איינגעפאַרענעם פּרואוו. חלילה, די שיינע מעשה זינגט ווייטער, ווי די בינען פון בינשטאָק:

„באגעגנט אים א בינשטאָק אין בלומענפעלד, און אַ גאַנצע אַרמיי געל־גאָלדענע בינען זשומען אַרום און אַרום; זייערע גרויסע אויגן בלישטשען און דין, דין־גלעזערנע פליגל גלאַנצן. האָבן די בינען ארומ־גערינגלט ניי־יאָר מיט געזאַנג: זיי... זיי... זיי... זיי געבענטשט, ניי־יאָר! זיי... זיי... זיי... זיי געבענטשט, זיס יאָר... זאָגן די בינען: פון בלום צו בלום זענען מיר געפלויגן, זיסן טייערן זאַפט האָבן מיר געזויגן, פון פרי ביז אָוונט האָבן מיר געאַרבעט, געקייט, געקנאָטן און צוגעגרייט קיכעלעך מיט האָניק; נעם אונדזער האָניק צו פארזיסן דאָס יידישע לעבן".

קיפּניסעס יום־טוב־מעשיות שמעקן בפירוש מיט יום־טובדיקייט, מיט ניי יום־טוב, פון פעלד און ערד. לעווין קיפּניס איז אויך אַ מאַדים אויף

רעדן מיט קינדער אין גראַמען און די גראַמען זאָלן נישט ווערן ווי שווע־רער וואַקס אין די אויערן; „זיסער פייגנבוים, ברייט־צעשפּרייטער פייגנ־בוים! גיב מיר נישט קיין פייגן, איך וויל צווייגן. א סוכה האָב איך אויס־געבויט מיט אַ דאַך, איצט דאַרף איך סכך".

פאַראַן אין קיפּניסעס קינדער־מעשיות אַ תנ"כישער הויך, אָבער נישט שווער סטיליזירט, נאָר גרינג אָנגעשאָטנט:

„כ'בין געגאַנגען צום ציפּרעס־בוים, כ'האָב געבעטן דעם פייגנבוים, צום איילבוים האָב איך זיך געווענדט, און צום רויט־גאָלדענעם מילגרוים, אָבער זיי אַלע האָבן מיר נישט געגעבן פון זייערע צווייגן. אפשר וועסטו מיר שענקען פעכער־צווייגן פאַר מיין סוכה?"

ס'לאָזט זיך ציטירן און ציטירן, ווייל פונקט ווי די קינדער־מעשיות זענען נישט קיין אָנשטעל, אַזוי איז אויך נישט קיין אָנשטעל דאָס לשון. ס'איז גערעדט צום קינד אויפן באָדן פון אַ צוזאַמענקומען, אויף דער גרענעץ וואו קינד און דערוואַקסענער טרעפן זיך און פאַרשטייען זיך, אָן אַרונטערבייג אָדער אַרויפקוק.

אפשר זענען טייל מעשיות קיפּניסעס איבערגעזעצט פון העברעאיש. איז דאָס וואונדער ערשט גרויס, ווייל אַלץ איז ארויסגעקומען אָריגינעל־יידיש און קוואַליק־יידיש. די דאָזיקע אימפּאָרטירונג פון מדינת ישראל האָט זיך געלוינט. תוצרת הארץ שיקט אַהער צו אונדז קינדער־מעשיות אויף יידיש, וואָס זענען שיין און נוצלעך און א רייכער בייטראָג צו דער יידישער קינדער־ליטעראַטור.

קיפּניסעס מעשיות פאַרמאָגן דעם אַראָמאַט פון ארץ־ישראל — די אווירא. אָבער זיי זענען נישט קיין פּראָפּאַגאַנדע, נאָר געשמאַקע גרוסן. אַ חמשה עשר־מעשה דערציילט אונדז פון שקדיהס געבוירנטאָג, דאָס מאנדלביימל ציטערט אַז ס'וועט בלייבן שטיין נאַקעט. אַלע וועלן קומען צו אים מיט ווינטשעוואַניעס, אָבער דאָס ביימעלע וועט זיך שעמען מיט זיין נאקעטקייט. נאָר אַז שקדיה כאַפּט זיך אויף איז ער „באַדעקט מיט הונ־דערטער טויזנטער בלי־בלומען, ווי ווייס־ראָזע שמעטערלינגען".

די שפּילעוודיקייט פון דעם מעשה־דערציילער איז אַזאַ געראָטענע און נאַטירלעכע, אַז אַפילו דערוואָקסענע פאַרגעסן זיך לייענענדיק און האָבן הנאה פון דעם פלאָדנדיקן יידישן לשון, פון אַזעלכע אחרית־הימים־גראמען, ווען „עראָפּלאַנען וועלן פליען איבער די דעכער, זשומען און רעשן און

וואַרפן פון אויבן המן־טאַשן, מיט מאַנדעלעך, פאַרפל און פלאָדן״. מען פאַרלייענט זיך אפלו מיט די צרות פון אונדזער חד־גדיא, וועמענס דירהלע דער בייזער וואָלף האָט פאַרכאַפּט.

„חד גדיא, דו גייסט אומזיסט! דיין לאַנד איז פּוסט, דיין באַרג איז וויסט. דער בייזער וואָלף האָט פאַרכאַפּט דיין דירהלע, אַ גרויסן שלאָס אויפ־געהאָנגען אויף דיין טירעלע״.

די יידישע חיות און עופות לעבן א גוטן טאָג אין די מעשיות — „אונטערן טייטלבוים״, דאָס ציגעלע, די קוואַקע, די הינדעלעך, די קי. און דער גאַנצער חמשה עשר מיט מאַראַנצן, באָקסער, פייגן, ראָזשינקעס מיט מאַנדלען, איז אויך פאַרפלאַנצט כמעט אויף יעדער זייטל. אָבער דער עיקר איז די היימישקייט וואָס לעווין קיפּניס, דער אַלטער העברעאישער דערציער, ווייזט ארויס, ווען ער גיט זיך א צעשפּיל מיט יידישע ווערטער.

„מאַנדלבוים — מיט זיינע לאַנגע־דראַנגע בלעטער; וויינשטאָק — מיט זיינע ברייט־צעשפּרייטע בלעטער, פייגנבוים — מיט זיינע פליוש־האָריקע בלעטער, באָקסערבוים — מיט זיינע גלאַטע־וואַטע בלעטער, מילגרוים — מיט זיינע גאַנץ־גלאַנצנדיקע בלעטער״.

און ווען ס׳גייט אַ רעגן אין ירושלים, „רופט מאַמע פרומע אירע קינדער צו זיך און צעטיילט זיי דאָס געשיר פון קיך: נעם פּעסעלע אַ פּעסעלע, נעם יאַנקעלע אַ קעסעלע, נעם העשעלע א פלעשעלע, נעם בערעלע א קריגעלע, נעם וועלוועלע אַן עמערל, נעם זעלדעלע א טעלערל, נעם ניסעלע אַ שיסעלע, נעם פערעלע אַ טעפּעלע״. דאָס איז די דערפרישנ־דיקע מוזיק פון יידישע קינדער; נעמען, וואָס מען הערט זיי שוין נישט מער און וואָס קיפּניס האָט זיי אונדז באַדאַרפט דעמאָנען, אַזש פון מדינת ישראל.

כ׳האָב שוין גענוג ציטירט. אָבער ס׳איז כדאי צו ברענגען נאָך איין זאַץ פון דער לעצטער מעשה אין בוך — „די קליינע פליערקע״: „ווען די מאַראַנצן־קינדערלעך וואַקסן אויס, לערנט די מאַמע־בוים ווי זיך צו באַגיין מיט מאַראַנצן:

„קומט גוטע לייט, וואָס איר האָט פיל געטאָן פאַר מיר, געגראָבן די ערד אַרום מיר און באוואסערט מיינע וואָרצלען אין די הייסע טעג — קומט און נעמט מיינע שיינע גאָלדענע מאראנצעלעך. אָבער זייט פאַר־זיכטיק... רייסט נישט פליק־פּלינק, ווייל איר וועט זיי צעשטעכן מיט

אייערע נעגל; שאָקלט מיך נישט און טרייסלט נישט די מאַראַנצן, זיי זאָלן פאַלן ווי א האָגל פון הימל, ווייל זיי וועלן זיך צעקלאַפּן, צעשלאָגן און צעפּלאַצן".

כ׳האָב אָנגעהויבן מיט דעם בראשית פון יידיש, נישט גלאט אין דער וועלט אריין. דער צוריקקום צו יידישן קינדער־לשון פון אן עלטערן העב־רעאישן שרייבער איז סימבאָליש פאַר דעם וואונדערלעכן זיווג. דייטשע יידן, אפילו גאַנץ וואַזשנע אַמעראַצים האָבן אָפּט אַריינגעבראָכט העברע־אישע ווערטער אין זייער דייטש, ווען זיי האָבן געוואָלט רעדן פאַרשטעלט. אַזאַ שווער וואָרט ווי „מבולבל" האָבן דייטשע יידן גענוצט אין זייער טאָג־טעגלעכן שמועס. וואָס ביסטו חרש? (אַרויסגערעדט גאַליציאַנעריש — „כאַירעש") איז געווען א געוויינלעכע פראגע, ווען מען האָט אויסגערעדט עמיצן וואָס האָט נישט דערהערט.

דאָס זענען אַלץ רמזים אויף דעם ערשטן שאַפונגס־פּראָצעס, ווען יידיש האָט זיך גענומען אויספורעמען און גלייך געזוכט דעם אָנשפּאַר אויף העברעאיש. מען קאָן זיך פאָרשטעלן ווי שיין ס׳האָט אריינגעזונגען אַזאַ וואָרט ווי — „קול". דייטשע יידן האָבן עס פארצערטלט מיט דעם „כען" — קולכען. שפּעטער ווען דאָס וואָרט האָט אַוועקגעוואַנדערט קיין רוסלאַנד און פּוילן און אָנגענומען די לאַמעד פאַר פאַרקלענערונג און צערט־לעכקייט, איז דאָס קול נאָך ווייכער געוואָרן מיט אן „ע" און מיט אַ „ל". פון קולכען איז געוואָרן „קעלכל". אָבער דאָס פאָלקס־אויער האָט עס אַלץ שענער און בעסער צוגעפּאַסט צום יידישן מויל און עס ממש געמאַכט פאַר אַ פולן קלאַנג פון קינדישער זיסקייט — קעלעכל. אין זיין מעשה — „חזנדל" נוצט לעווין קיפּניס דאָס קעלעכל. „ער ווייסט, אַז ער האָט אַ שיין קעלעכל".

אָט דאָס קינדערישע, יידישע קעלעכל האָט לעווין קיפּניס גוט געדענקט פון זיינע ערשטע ניינצן יאָר, אין דעם אוקראַינער שטעטל — אושאָמיר. מיט דעם קעלעכל האָט ער געשריבן זיינע יידישע קינדער־מעשיות, דאָס קעלעכל קלינגט אין אַלע זיינע מעשיות און איז אן אָנזאָג אויף דער שפּראַכ־לעכער ברידערונג פון העברעאיש און יידיש.

און ווייל דאָס איז אונדז געקומען פון מדינת ישראל ווי א געשאַנק פאַר יידישע קינדער, איז עס ביי אונדז אַ ליטעראַרישע סענסאַציע וואָס דאַרף פארצייכנט ווערן.

1961

## אַ קריגער איז אויפגעשטאַנען

צוויי פאַרלאגן, דער „ציקאָ"־פאַרלאַג אין ניו־יאָרק און דער פאַרלאַג „יידבוך" אין בוענאָס איירעס, האָבן בשותפות אַרויסגעגעבן אַ דין בוך פון אַ 120 זייטן — „דער קריזיס פון מאָדערנעם העברעאיש", א זאמלונג פון עסייען, וואָס זענען אָריגינעל געשריבן געוואָרן אויף העברעאיש און זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש פון יוסף גאַר. ביי אונדזער טרו־קעניש פון איבערזעצערישער ליטעראַטור אויף יידיש, רופט אין פלוג ארויס גרויס וואונדער, וואָס גאַנצע צוויי פאַרלאַגן האָבן זיך אָנגעגורט און אַרויסגעגעבן די איבערגעזעצטע עסייען פארן יידישן לייענער. ערשט ווען מען לייענט די ניין עסייען, פאַרשטייט מען אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן לשם פּראָפּאַגאַנדע פאַר יידיש אין מדינת ישראל, ווייל דער שרייבער פון די פּראָפּאגאנדיסטישע אָפּהאנדלונגען איז א טשיקאווער ייד, א העברעאישער שרייבער, אַ געשוואוירענער לאַנג־יאָריקער העברעאיסט, וואָס איז אויף דער עלטער געוואָרן אַ הייסער און לײדנשאַפטלעכער קעמפער פאַר יידיש אין ישראל. דער נאָמען פון דעם נעאָפיט איז — ק. כצנלסון, וועמענס פלאַמיקע אַרויסטריטן פאר יידיש זענען אפילו באַשולדיקונגען קעגן יידישיסטן, הלמאי זיי האָבן זיך באַגנוגנט מיט צו ווייניק. כצנלסון וויל אין זיי אויך אַריינבלאָזן אַן אָטעם פון רעוואָלט ; ער, דער ניי־באַקערטער, איז עס דער מאַקסימאַליסט ווען ס׳קומט צו יידיש, בעת די גרעסטע קעמפערס פאַר יידיש, איינגעשלאָסן די גאַנצע יידישע שרייבער־משפחה אין ישראל זענען מסתפקים במועט. זיי שטעלן ארויס נעבעכדיקע פאָדערונגען, זאָגט ער.

ס׳איז נישט קיין נייעס, אַז אַ ניי־באַקערטער וואָס דערזעט ליכט, זאָל זיך נעמען איינרעדן, אז ער איז דער איינציקער פאָרויסשפּאַנער און אַלע זענען צוריקגעשטאַנען אָדער אָפּגעשטאַנען פון קאמף, אָבער אַ סענסאַציע איז עס פאָרט. אַן ערשט־געקומענער, אין דער ראָלע פון א מוסר־זאָגער צו קאמף־תושבים, איז אַ ראָלע וואָס מען האָט ליב צו זען שפּילן. דערפאַר, פון שטאַנדפּונקט פון אַ קוריאָזער דערשיינונג, קאָן מען גוט פאַרשטיין, פאַרוואָס מען האָט זיך גלייך אַ נעם געטאָן און איבערגעזעצט די העברעאיש־יידישיסטישע עסייען. ס׳איז בלויז נישט פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס ביידע פאַרלאַגן האָבן באַדאַרפט פאַרענדיקן

זייער קורצע הקדמה מיט דעם פּראָפּאַגאַנדיסטישן אויספיר און מוסר־השכל: „זאָלן ק. כצנלסונס אויפרודערנדיקע רייד דערגיין צום טראַכטנדיקן יידיש־לייענענדיקן עולם אויך".

מיר דאַכט זיך אַז אין די אַלע עסייען איז נישט פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס דאַרף אויך אויפרודערן אַ יידיש־לייענענדיקן עולם, סיידן די אויפרודערונג זאָל גאָר זיין אַן אומגעריכט־פּאַרקערטע, אַז אַזאַ צוגעקומענער קאַמף פאַר יידיש אין מדינת ישראל איז פאַרמשפּט צו פרוכטלאָזיקייט און איז דערצו נאָך אפשר אויך געפערלעך.

דער קאַמף פון אלטן יידישיזם, פון א יידיש ווי בלויז לשון, קעגן העברעאיש וואָס האָט זיך געמאַטערט צו ווערן אַ לשון, איז שוין לאַנג דיסקרעדיטירט געוואָרן אויף אַ סך פראָנטן. די שפּעטערדיקע יידיש־קעמפערס האָבן איינגעזען, אַז יידיש פאַרמאָגט א סך א רייכערן ארסענאַל מיט טענות פאַר זיינע עקזיסטענץ־רעכט, ווי בלויז צוליבן טרוקענעם פאַקט וואָס עס איז אַ גערעדטע יידישע שפּראַך. אין פאָלק אַליין האָבן תמיד געלעבט מעכטיקע אַסימילאַטאָרישע כוחות, וואָס האָבן כסדר אונטערגעגראָבן די דאָזיקע רעד־באַוויזן. זיי האָט צום אומגליק שטאַרק ארויסגעהאָלפן היטלער, וואָס האָט פאַרשניטן אַזויפיל הונדערטער טויזנטער יידישע מיילער, וואָס האָבן גערעדט יידיש.

אָבער יידיש האָט, מיטן אויפשטייג פון אַ געזונטער, ברייטער, אהבת ישראלדיקער ליטעראַטור, זיך אַליין דערזען אין ליכט פון אַ גרויסער נאַציאָנאַלער המשכדיקייט, פול ווי אַ מילגרוים מיט טייערע אומאָפּפרעגלעכע זכותן.

דער נייער היציקער קאַמף פאַר יידיש פון ק. כצנלסון גייט ווידער אויפן וועג פון מלחמה קעגן העברעאיש. אמת, ער קריגט דאָ א נייעם קנייטש. כצנלסון קעמפט, זאָגט ער, קעגן מאָדערנעם העברעאיש און ער פאָדערט מען זאָל אים אָפּשאַפן און איינפירן יידיש ווי די הערשנדיקע שפּראַך אין מדינת ישראל.

מען וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז ווען א געוועזענער הייסער העברעער און רעוויזיאָניסט פאַרפירט א מלחמה קעגן מאָדערנעם העברעאיש, איז עס אייגנטלעך אַן אינערלעכער קאַמף, וואָס מ׳קאָן בלויז „הנאה האָבן" פון אים — פונדערווייטנס. אָבער ווען אין וואָגן פון קאַמף קעגן לעבן אין ישראל, קעגן איר לעבעדיק לשון, וואָס טריפט פון די מיילער פון צענ־

דליקער טויזנטער קינדער, איז אויך איינגעשפּאַנט דער יידישיזם אין אַ נייער פאַרשלייערונג, ווערט עס שוין אַן אויסטערלישער קוריאָז. דער גייר־באַקערטער חזרט איבער, אין זיינע בעסערע עסייען, אַלע גוטע און געדעכטע טענות פאַר יידיש, וואָס עס האָבן אַרויסגעבראַכט באַוואוסטע יידישע שרייבערס, וואָס האָבן זיך לאַנג פאַר אים אָנגענומען פאַרן כבוד פון יידיש. כצנלסון מאַכט זיך אָבער נישט וויסנדיק אַז מען האָט עס אַלץ געזאָגט פאַר אים; און אפשר ווייסט ער טאַקע נישט, אַז יידיש איז נישט געווען אַזוי עלנט, ביז ער איז דערשינען ווי דער אַדוואָקאַט, פּראָקוראָר, ריכטער און דעקרעטן־אַרויסגעבער. פאַראַן אין דעם היציקן און העפטיקן קאַמף אַ מאַנגל פון פשוטן דרך־ארץ פאַר די וואָס האָבן טאַקע ממש די ציינער אויפגעגעסן און זיך איינגעשטעלט פאַר יידיש, צענדליקער יאָרן איידער ער האָט זיך באַוויזן אויף דער קאַמף־אַרענע.

ק. כצנלסון, דערציילט מען אונדז, איז געבוירן געוואָרן אין באָברויסק, אין 1907. ער איז געקומען קיין ישראל אין עלטער פון זעכצן יאָר. ער איז געוואָרן אַן אַקטיווער רעוויזיאָניסט, אָבער אין 1954 האָט ער פאַרלאָזט דעם רעוויזיאָניזם און געמאַכט אַ רושם מיט זיינע פּאָליטיש־פּובליציסטישע רעוויזיעס. מיט אַ צוויי יאָר צוריק האָט ער זיך פּלוצים באַוויזן ווי אַ קעמפער פאַר יידיש. זיין קול איז דערגאַנגען צו אונדז, אָבער וואָס מער מען האָט זיך באַקענט מיט זיין סטראַטעגיק און מיט זיינע נישט באַגרינדעטע לינגוויסטישע אויספירן, אַלץ הייסער איז ער געוואָרן. כצנלסון האָט דערוואַרט גלייך געקרוינט צו ווערן ווי דער גענעראַליסימאָ פון יידיש, אָבער ווען ער האָט געזען אַז זיינע מלחמה־פּויקן רופן נישט אַרויס קיין גרויסן ענטוזיאַזם אין די רייען פון אַלטע, אויסגעפּרוּאווטע און ציל־באַוואוסטע יידיש־קעמפערס, איז ער אַריין אין אַ גרימצאָרן קעגן די יידישיסטן וואָס האָבן אים, ווי ער האָט דערקלערט, ביטער אַנטוישט.

אין זיינע ניין עסייען זענען דאָ און דאָרט, ווי געזאָגט, צעזייט גוטע געדאַנקען, אַרויסגעזאָגט מיט טעמפּעראַמענט, אָבער די געדאַנקען רופן אַרויס אַ געפיל, אַז כצנלסון מיינט ער איז דער קאָלומבוס פון יידיש־ליבשאַפט. ס׳שטאַרקט זיך דער איינדרוק, וואָס מער מען לייענט אים, אַז ער איז אויף גאָרנישט אָנגעשפּאַרט; ער איז נישט באַקאַנט מיט דער נייער יידישער ליטעראַטור, אירע טענדענצן און צושטייער צו דער שטאַרקונג פון יידיש. ס׳איז זייער מאָדנע וואָס אין אַלע זיינע ניין עסייען ווערן

דערמאָנט העברעאישע שרייבערס, אָבער אַחוץ מענדעלען ווערט נישט דערמאָנט קיין איין יידישער שרייבער.

ווען מען טענהט זיך אויס מיט צאַברעס וואָס לעבן זיך אויס אין „מאָדערנעם העברעאיש" און מען ברענגט זיי נישט די גרויסע געזונטע לעבעדיקע ראיה פון א לעבעדיקער יידישער לעטעראטור, באַרויבט מען זיך אליין פון די בעסטע אַרגומענטן לטובת יידיש.

ליבשאפט צו דער יידישער ליטעראטור איז פון קנאַפּן ווערט, אויב ס׳איז נישט באַגלייט דורך אַן אמתער אויפריכטיקער ליבשאפט צום יידישן לשון. אָבער ליבשאַפט צום לשון איז א קופּערנע מטבע, אויב ס׳איז נישט איינגערעמט אין א ליבשאַפט צו דער יידישער ליטעראטור. ווען ס׳קומט אָנצואווייזן אַז יידיש איז נישט נאָר אַ שפּראַך נאָר אַ ציוויליזאַציע, איז דאָך דער גלענצנדיקסטער באַווייז פאַר דער לעבעדיקייט פון יידיש — די ליטעראַטור וואָס דאָס לשון האָט באַוויזן צו שאַפן אין משך פון בלויז הונדערט יאָר. ווען עס קומט צו אָט דער גרויסער טענה, קומט אָפּ כצנלסון מיט אָפּגעפּרעפּלטע גענעראַליזאַציעס.

כ׳האָב אָקאָרשט געלייענט אין אַ בונדישן זשורנאַל, וואו מען האַלט אַן אויג אויף יעדער אָנפאַל אויף יידיש, אַ מאמר וועגן ניגערן. אין דעם מאמר דעררעדט זיך דער שרייבער צו אַ קלימאַקס, אַז נאָך ניגערן איז פּאַקטיש גאָר נישטאָ. אַלץ האָט אויפגעהערט — די ליטעראַטור, דער שרייבער, דער דרך־ארץ צום שרייבער. ס׳איז ממש געוואָרן אַ מדבר. פרעגט זיך א קשיה, אויב נאָכן טויט פון אַ וויכטיקן, זאָל זיין דעם וויכטיקסטן, יידישן קריטיקער, האָבן גלייך די ליטעראַטור און די ליטע־ראַטור־קריטיק אויפגעהערט צו עקזיסטירן, אויף וואָס דאַרף מען אַ יידיש לשון, וואָס האָט אויסגעשטרעקט די קאָפּיטעס און עקזיסטירט מער נישט, ווי אַ ציוויליזאַטאָרישער כוח, דורך זיין ליטעראטור, זיינע שרייבערס און אָפּשאַצערס? דאָס איז נישט נאָר חוצפּה, נאָר אַ זיך באַזיגערישע און אונטערגראָבערישע חוצפּה, ווייל עס באַרויבט יידיש פון עקזיסטענץ־רעכט — אַ גערעדט לשון, אָן אַווירקעוודיק שרייבעריש וואָרט.

דערפאַר אויב אַלע כצנלסונס טענות זענען בלויז געווענדט צו אַ פּרוכטלאָזן קאַמף קעגן מאָדערנעם העברעאיש און נישט פאַר יידיש, ווי אַ באַרעכטיקט לשון, וואָס קאָן און דאַרף און מוז עקזיסטירן צוזאַמען מיט העברעאיש, און אויב ער שטעלט נישט אַרויס דעם סאמע איבערצייגנ־

דיקסטן זכות — די ידישע ליטעראַטור, איז די גאַנצע סטראַטעגיק ארויס־געוואָרפן — געצעדט צו זיך אין אַרבל, באַגלייט פון עטלעכע נייגעריקע אונטערהערערס.

כצנלסון עקספּלואַטירט זייער שטאַרק דעם לינגוויסטישן מאָמענט, וואָס דער מאָדערנער העברעאיש נעמט אַריין ידישע עלעמענטן, אָבער דאָס איז דאָך דווקא אַ באַוויז, ווי שטאַרק דער נייער העברעאיש נעמט זיך אָן אין לעבן, אַז ער שעמט זיך נישט זיך צו קרעפטיקן מיט שפּראַך־וויטאַמינען. דאָס מיינט אָבער לחלוטין נישט, אַז ער ווערט ליידיקער, נאָר פולער און זעטיקער.

כצנלסון טרעט אויך אַרויס קעגן דער נייער העברעאישער ליטע־ראַטור, קעגן אירע שרייבערס, אַז עס פעלט זיי „שטויס־קראַפט", „אַז די העברעאישע ליטעראַטור האָט נישט געבראַכט מיט זיך קיין טרייסט". אָבער ער אַטאַקירט גלייכצייטיק אויך די יונגע ידיש־ליטעראַטור און אירע שרייבערס אין מדינת ישראל. ער הרגעט אַוועק אַלע זיינע העלדן און ער בלייבט אַליין אויפן טויטן שלאַכטפעלד.

כצנלסון קריטיקירט שאַרף בן־יהודהס „פאַבריק פון ווערטער", זיין „לעוואַנטינישן העברעאיש", ער מאַכט שוין איינוועגס חוזק פון זיין זון, אַפילו פיזיאָנאָמיש. אָבער אַזעלכע קאַמף־מעטאָדן קאָנען זיכער נישט געווינען קיין חשיבות פאַר ידיש אין מדינת ישראל.

כ׳בין אויך נישט אַזוי שטאַרק איבערצייגט, ווי כצנלסון וויל האָבן, אַז דער רעוויזיאָניזם איז „אויסגעוואַקסן פון ידיש־באָדן", פונקט ווי כ׳בין נישט איבערצייגט, אַז אַזעלכע אויסדרוקן ווי „הוא מסתובב בלי עבודה", זענען אַ גערעכטע טענה קעגן מאָדערנעם העברעאיש, אדרבא, עס שטאַרקט און מאַכט נוציקער דאָס טאָג־טעגלעכע לשון.

כצנלסון איז אַ מיסטיקער און ער רעדט וועגן „מיסטישן טויער פון העברעאיש". ביי אים איז העברעאיש בלויז אַ רעליגיעזער ענין און מדינת ישראל — אַ מיליטערישער ענין. ער זידלט דעם מאָדערנעם העברעאיש און ער רופט עס אָן אַ „הינקענדיקע שפּראַך", אָבער גיי זידל יעדער מעת לעת, וואָס לאָזט זיך אויס פון אַזעלכע טענות און זידלערייען און שפּאַנט פאָרויס אין לעבן פון אַ פאָלק. ער טוט גאָרנישט אויף מיט איבערדרייען דעם שינעל אויף דער לינקער זייט און אָנרופן דעם מאָדערנעם העברעאיש

— זשאַרגאָן; מיט די געוואָרפענע זשאַרגאָן־קוילן וועט מען גאָרנישט דערגרייכן.

ס׳קלינגט אוודאי זייער ברייט, ווען כצנלסון שטעלט אַרויס די פאָדערונג — אַז יידיש זאָל באַשטימט ווערן „די איינציקע אָפּיציעלע שפּראַך אין דער מדינה״, אָבער נאָכדעם ווי מען קומט שוין אַרויס מיט אַזאַ פאָדערונג, וואָס פאַר אַ ממשות קאָן מען דערפון אויסשלאָגן?

כצנלסון איז אַ רעליגיעזער ייד און ער באַמיט זיך צו ווייזן אַז „יידיש איז אַ רעליגיעזע שאַפונג״, בעת — „דער גאָט פון מאָדערנעם העברעאיש איז זייער אַ קליגערישער און כיטרער גאָט״. מילא, זענען מיר מוחל די דאָזיקע טעאיסטיק פון אַ קליגערישן גאָט. אָבער דער געדאַנק פון זוכן שלום מיט רעליגיעזע יידן אויף דעם באָדן פון יידיש, איז אויך נישט ניי; מען האָט עס שוין נישט איינמאָל אויסגעפּרואווט. „די רעליגיעזע יידישקייט דאַרף אָנערקענען אַז יידיש איז אַ יידישע רעליגיעזע שאַפונג, וואָס איר קדושה, ווי איטלעכע יידישע קדושה, שפּאַרט זיך אָן אויף דעם שטיין פון סיני״. אַזוי שרייבט כצנלסון. נו, איך בין אַזוי ווייט נישט געגאַנגען אין מיינעם אַן ארומרייד וועגן אַ דערנענטערונג מיט די רעליגיעזע עלעמענטן, אָבער לדוגמא וועל איך ברענגען אַן אויסצוג פון איין ענטפער וואָס איך האָב געקראָגן. ס׳שרייבט מיר אַ רביצין, חנה לעווין, פון דעטראָיט. זי שרייבט גראָד אינטעליגענט און זייער אַ „וועלט־לעכן״ יידיש, אָבער אָט וואָס זי האָט צו זאָגן:

חשובער מר. י. גלאַטשטיין,

...איר אַליין זאָגט — מ׳רעדט פון דערנענטערונג מיט רעליגיעזע עלעמענטן, ווייל ביי זיי הערשט אַ וואַרעמע באַציאונג צו יידיש — און ווייטער: „דאָס בעסטע און שענסטע אין יידישער ליטעראַטור איז דאָך יידישקייט אין שענסטן זין פון וואָרט״.

דאָס אַליין זאָגט עדות, וואָס איז שוין לאַנג באַוואוסט, אַז אין יידישער וועלטלעכקייט און ביי יידישע שרייבער איז „יידיש״ דער עיקר, דער תכלית, דער קולט, און צוליב דעם איז כדאי זיך דערנענטערן מיט רעלי־גיעזע יידן, אין דער צייט, ווען ביי די רעליגיעזע יידן איז יידיש אַ מיטל פון רעדן, פון אויסדריקן זיך אין שריפט, אָבער נישט דער תכלית, נישט קיין קולט און אַוודאי נישט דער עיקר. דעם גרויסן עיקר, וואָס רעליגיעזע, אָדער ריכטיקער, תורה־יידן, פאַרמאָגן איז ג־ט און זיין תורה.

איז ווי־זשע איז מעגלעך די אַבסאָלוטע דערנענטערונג, ווען דאָס וואָס ביי רעליגיעזע יידן איז נאָר אַ מיטל און אַמאָל צופעליק, ווייל יידיש איז נאָך נישט דער אויסדרוק־מיטל ביי אַלע יידן. פאַראַן גענוג יידן, די עדות המזרח, אמת פרימיטיווע מענטשן, אָבער גוטע יידן; זיי דריקן אויס זייערע געדאַנקען און געפילן אין אַנדערע שפּראַכן, און ביי וועלטלעכע איז די פאָרם פון אויסדרוק אין יידיש, יידישע שפּראַך דער עיקר?

מ׳קאָן נישט באַשולדיקן אַן ערלעכן ייד, ווען ער קאָן נישט לייענען די יידישע ליטעראַטור. ערשטנס האָט ער זאַכן וואָס זענען פאַר אים וויכטיקער און, צווייטנס, איז דאָך אין דער ליטעראַטור פאַראַן גענוג, מיט וואָס אַ פרומער ייד קאָן בשום אופן נישט שלום מאַכן, ווי איר אַליין זאָגט. אַפילו ביי ביאַליקן — און ביאַליק איז דאָך דורך און דורך געקנאַטן פון יהדות — זענען דאָך דאָ גענוג, וואָס זענען דאָך פרעמד דעם יידישן וועלט־באַנעם.

אַ סך פון אונדזער לעצטער צייט, וואָס ווילן די פאַרזעצונג און זוכן דעם וועג צו דעם המשך און קיום, דערמאָנען מיך אין אברהם רייזענס ווערטער: „און פאַרבענקט האָט זיך דער שטערן נאָך דעם אַלטן, אַלטן וועג, נאָר ער האָט שוין ווייט פאַרבלאָנדזשעט, נישט געוואוסט דעם וועג צוריק״.

אַנטשולדיקט וואָס איך האָב געוואָגט.

מיט אַכטונג, חנה לעווין.

**הכלל, הרבנית חנה לעווין וויל אויך נישט קיין דערנענטערונג און זי זאָגט זיך אָפּ אַפילו אויף להבאדיקער דערנענטערונג, מיט דעם ציטאַט פון רייזענען, אַז מיר האָבן שוין אַזוי ווייט אַוועקגעבלאָנדזשעט אַז ס׳וועט אונדז שוין גאָרנישט העלפן.**

**איך בין איבערצייגט, אַז ס׳זענען פאַראַן אַ סך סאָלידערע און דערפאַר אויך ווירקזאַמערע און ווירדיקערע מעטאָדן, אין קאַמף פאַר דער חשיבות פון יידיש אין מדינת ישראל, ווי די הייסע סטראַטעגיק פון דעם שפּאָגל־נייעם קעמפער פאַר יידיש, וואָס נוצט אַלטע דורכגעפאַלענע מעטאָדן פון אַ מלחמה קעגן העברעאיש. די מלחמה פאַרקליידט זיך איצטער ווי אַ קריג קעגן מאָדערנעם העברעאיש. ק. כצנלסון ווישט־אָפּ אַלץ וואָס איז ביז איצטער געטאָן געוואָרן, כדי צו דערנענטערן ביידע לשונות אין דער**

יידישער מדינה, אָבער ער וואָלט אַ סך געלערנט פון אונדזער דערפאַרונג. אמת, אונדזער קאַמף איז נישט אַזוי סענסאַציאָנעל, אָבער דערפאַר איז ער חשיבותדיק און כסדר אויף דער וואַך, מיט לאָגישע פאָדערונגען וואָס וועלן זיכער אַמאָל נאָכגעגעבן ווערן, אויב מען וועט די מאָנונגען פאַר יידיש נישט מישן מיט אַן אַרויסגעוואָרפענעם קאַמף קעגן העברעאיש.

## שלמה שנהודס יידישע לידער

*שלמה שנהוד* געהערט צו אונדזער גאָר קליינער משפחה פּאָעטן, וואָס שרייבן יידישע און העברעאישע לידער. וואוינען וואוינט ער אין מדינת ישראל. ווען ער איז געקומען מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק פון זיין גאַליציאַנער שטעטל קיין ארץ־ישראל, האָט ער געאַרבעט שווער און ביטער, אָבער ער האָט אויסגעהאַלטן און פאַרבליבן אין לאַנד. פון אַלע זיינע עבודות קשות האָט ער פונדעסטוועגן אָפּגעשפּאַרט אַביסל צייט און געשריבן לידער.

זיין ערשט ליד איז געווען אויף יידיש און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט 22 יאָר צוריק אין זשורנאַל „נייוועלט״, וואָס איז דעמאָלט דערשינען מער־ווייניקער רעגולער און האָט געדינט ווי אַ באַזונדער קליין פעסטונגל פאַר יידיש אין לאַנד. אַרום זשורנאַל האָבן זיך גרופּירט אַ צאָל יידישע שרייבערס, וואָס האָבן געחלומט אויפצוהאַלטן אויך יידיש אין ארץ־ישראל. זיי זענען געווען די ערשטע צו שענקען ארץ־ישראלדיקע חשיבות צום יידישן לשון און זיי זענען געשטאַנען אין חברשער פאַרבינדונג מיט יידישע שרייבערס פון דער גאַנצער וועלט, דער עיקר פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

אין אָט דעם גוט־באַקאַנטן וועכנטלעכן זשורנאַל פון די לינקע פועלי ציון איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן *שלמה שנהודס* ערשט ליד, און אין זעלביקן ביטערן יאָר, וואָס איז געוואָרן דער אָנהויב פון היטלעריסטישער וועלט־פאַרטיליקונג, האָט שנהוד אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער, וואָס ער האָט אָנגערופן „צווישן בלוי און ים״. ערשט אין *1947* מיט אַכט יאָר שפּעטער, האָט ער זיך גענומען באַווייזן מיט העברעאישע לידער און העברעאישע עסייען. זיין זאַמלונג העברעאישע לידער „שירי העצב הקורן״ (לידער פון שטראַלנדיקן טרויער) איז דערשינען אין 1956. די דאָזיקע

לידער זענען אויסגעשפּילט און אויסגעזונגען געוואָרן ווי אַ טייל פון דעם פּראָגראַם, אין צענטן יום־טוב פון מדינת ישראל. אין חג העשור האָט מען די געשאַפענע לידער־קאַנטאַטאַ געהערט זייער אָפט אין מדינת ישראל, ווייל אין איר איז אויסגעדריקט געוואָרן דער זיס־ביטערער געמיש פון באַפרייאונג־זיג און פון די געפאַלענע יונגעלייט, מיט זייערע געבויגענע טאַטע־מאַמע, אין היסטאָרישן פּאַראַד.

עס דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז שלמה שנהוד איז אַן אויסגעצייכנטער איבערזעצער. ער האָט איבערגעזעצט פון יידיש אויף העברעאיש אַ זאַמלונג דערציילונגען פון א. מ. פוקס; „דער מאַמעס שבתים" פון חיים גראַדע; מיין בוך „ווען יאַש איז געקומען", און אַ באַנד לידער פון יהואש. זיינע איבערזעצונגען זענען שטאַרק געלויבט געוואָרן פאַר דעם אופן ווי ער האָט איבערגעגאָסן יידיש און דאָס לשון נישט פאַרהעברעאיזירט, נאָר אין עברית געוויזן די גרויסע עשירות פון יידיש, דעם ריטם און די מאַגיק פון יידישן לשון. ער האָט זיך אויך אַריינגעטיפט אין דעם סטיל פון יעדער באַזונדערן שרייבער און אַרויסגעבראַכט זייער אייגנאַרטיקייט, דורך איינהערן זיך אין די מעגלעכקייטן פון אונדזער קרובהשער צווייישפּראַכיקייט.

דאָס איז בקיצור די ביאָגראַפישע צוגרייטונג צו זיין בוך יידישע לידער, וואָס איז דערשינען אין תל־אביב, אין דעם נייעם העברעאיש־יידישן פאַרלאַג „מנורה". דאָס בוך הייסט „מיט חלום איבער תהום". ס'איז אַ בוך פון איבער 200 זייטן, זייער שיין אַרויסגעגעבן, מיט אַ בילד פון מחבר און אילוסטרירטע סעריעס פון דעם צייכענער שמעון פּאַגעלמאַן. „מיט חלום איבער תהום" איז אַ זאַמלונג פון אַלע יידישע לידער, וואָס שנהוד האָט געשריבן און טיילווייז פאַרעפנטלעכט. ער האָט אַפילו איינגעשלאָסן אַ זייער גראָטענע איבערזעצונג פון זיינע אייגענע העברעאישע „לידער פון שטראַלנדיקן טרויער", וואָס זענען אפשר די קרעפטיקסטע און אויסדרוקפולסטע לידער אין בוך.

שנהוד איז אַ מאַדים אויף גראַמען און געזאַנגנקייט. ער קאָן זיך שפּילן מיט יידישע ווערטער און זיך אַפילו פאַרשפּילן. ער איז פול מיט בריהשע דערפינדערישקייטן, אָבער ס'געשעט אַז ער פאַרשוימט און פאַרשפּריצט מיט זיי דאָס גאַנצע ליד.

שנהוד באַנעמט זיך זייער איידל מיט זיינע לידער. ער האָט ליב דינקייטן, ער האָט ליב זיך דורכצוסודען מיט זיינע לידער, דורכשעפּטשען

זיי און טונקען זיינע שורות אין קאָלירן. דער רעזולטאַט איז צו־אָפט, אַז זיי שעמערירן פאַר די אויגן, פלאַטערן פאַר די אויערן, און כאָטש מען דערשפּירט געוויינלעך און מען האָט הנאה פון אַ צאָל שורות, מוז מען זיך גוט אָנשטרענגען צו הערן — אַ וואָרט.

פאַראַן אַ סך שיינע שורות אין זיין אָפּטיילונג „לידער פון דער שויב אַרויס". שנהוד האָט זיך מתעסק געווען מיט דעם געשפּיל אויף זיינע שויבן, פון דער פרי ביז ביינאַכט. מען דאַרף האָבן גאָר אַ סך געדולד אַזוי פּאָעטיש־וויסנשאַפטלעך צו שטודירן די אייגענע שויב, אין איר מיניען זיך. ווען מען פאָרשט אַזוי די אייגענע שויב, אין צענדליקער לידער, ווערט מען מיטגעריסן — אין דעם עקספּערימענט פון לאַנגוויל. אָבער אַלע עקספּע־רימענטן זענען אין פּראָצעס פון אַרבעט גאַנץ לאַנגווייליק; מען דאַרף זיי קאָנען אויסשטיין און אויסזיצן. פון די דאָזיקע שויב־עקספּערימענטן איז שנהוד אַרויסגעקומען מיט אָריגינעלע שורות און אַפילו מיט אַ צוויי־דריי גוטע לידער. אָבער ווידעראַמאָל, שנהוד האָט אַזוי ליב דעם שפּיל, אַז די רייד אין שפּיל ווערן דורך זייער פאַרשווענדערישער מוזיקאַלישקייט, אָפט פאַרטויבט און פאַרשפּילט.

און אַמאָל רייסן זיך דורך שווערע ווערטער, ווייל דער דיכטער ווערט מיד פון זיין אייגענעם קוים־געהערטן פליסטער.

די ערשטע דרינזשעט זריחה אויס,
מיט שקיעה — צווייטע זשומעט
די דריטע אינדערמיטן
שייבלט מיט מיין אומעט.

דאָס שיינע בילד אין אַזאַ געזעען וואָרט ווי „שייבלט", ווערט אויפגע־ריסן פון אַזעלכע קנאַלן ווי „דרינזשעט" און „זשומעט". און פון אַזאַ העברעאיזם ווי „זריחה", וואָס צוזאַמען מיט שקיעה ווערט דערפון צוויי ווייבער.

דאָ וואָלטן שנהודן צונויף געקומען ביידע אויערן, ווען שנהוד וואָלט נישט געווען אומגעדולדיק צו פאַנגען קלאַנגען און געזאַנגען און גלייך — דערלאַנגען. עס זענען אָבער אויך פאַראַן, ווי פריער געזאָגט, עטלעכע שיינע לידער אין דער לויב־סעריע —

לאָמיר אָפּשטויבן די שיך:
די וועגן זענען הייליק דאָ
פאַר ריינעם טראָט.
זע אַנטקעגן אונדז, צו זיך,
האָט שויב שוין איינגעזאַמלט דאָ
שטערן אויף אַ סוד.
שאַ! אין שימער פון בריליאַנטן־ליכט
וועט מיט הויכן שפּרייז אַדורך
דער טראָט פון גאָט.
לאָמיר אָפּשטויבן די שיך —
און ווערן איינגעסודעט דאָ
אין שויבן־סוד.

**דאָ איז די דינקייט פון ליד עכט און אויסגעהאַלטן און דאָס ליד — רעדט. דאָ זענען נישטאָ שנהודס דרייפאַכע און פירפאַכע גראַמען, וואָס פאַרשפּריצן דאָס קול פון ליד, ווי —**

און קיינער ווייסט נישט: ווער פון וועמען איז פאַרווירט דאָ
און קיינער ווייסט נישט: ווער וועמענס דראַאונג שפּירט דאָ.
און קיינער ווייסט נישט: ווער וועמען אַלאַרמירט דאָ.

**אין אַזעלכע שורות מאכט דער דיכטער א פאַרזוך צו זאָגן און רעדן, אָבער ער פאַרגראַטעסקט זיינע רייד מיט גראַמערייען. שנהוד האָט אויך אַ נייגונג צום יוצר־סטיל, צו די האַרטערע פּיוטים —**

שמיד מיך שויב צום פארשפּיגלונג צו — צום טיף־בלויען
וועלבּרוים ווידער
האָט אין פאַרפרילינגצייט — אין תקופה פון שטייגן העכער הימלען,
מיין שויב זיך געשטעלט צווישן מיר און דער וועלט
פארכאַפּטע אין פיבער,
אַלרוים סוד צו אַנטפּלעקן,
געטריבן פון שנאה־געטרייב מיט פליצשטראָם פון שרעקן.

**דער שפּראַך־חוש האָט דאָ שנהודן אָפּגעטאָן אַ שפּיצל און אים באַפוילן אויפצוהויבן שווערע שטיינער, ווי אין יענע טעג, ווען ער האָט געאַרבעט ביים האַפן אין חיפה. און אָט איז אַביסל גרינגערער פּיוט, נישט אַזוי אָך־קוצדיק —**

ווייל דער מענטש איז — דער אין־סוף אַליין.
דער מענטש איז — פאַרבייאיק געביין.
דער מענטש איז — פאַרוועלק און אויס.
דער מענטש איז — פון קיום די שויס.

**אַ ביישפּיל פון ווערטער־געווירבל:**

נשמה־לאַנדשאַפט, וואָס כוח פון נאַרונג געבערט זי — אַ וואָר
פון וואונדער,
אַ וואָר שבלב, אַ וואָר אין באַוואונדער,
אַ וואָר אין פאַרדראַנג — נאָר ס׳בליט דאָרט געזאַנג.
משונה! זאָגט איר פאַרוואונדערט ביז גאָר.
פאַרוואָר און פאַרוואָר
דערגייט איר צום סוד, ווערט איר געוואָר:
זי איז דאָ.
אויסער איר — נישטאָ מער קיין וואָר.

**מיטן נאָמען פון בוך איז דער דיכטער שלמה שנהוד אויסן געווען אונדז צו זאָגן, אַז איבערן תהום פון אונדזער דערשראָקן לעבן שפּאַנט ער מיט חלום. ערגעץ אין אַ ליד זינגט ער, אַז ווען ס׳דונערט אַטאָם־שנאה איבערן קאָפּ „וועבן די טעג מיר אַן איינציקע וואָר מיר, די טעג — די וואָר פון טרוים".**

**דאַרף מען פאַלגן דעם דיכטער, וואָס דערקלערט אונדז, אַז מען זאָל נישט זוכן דאָס ליד „אין זיינע גלאַנצן, זוך עס וואו דו ביסט אינגאַנצן". אין זיינע אייגענע איבערגעזעצטע „לידער פון שטראַלנדיקן טרויער". געשריבן צווישן 1946 און 1950, געפינען מיר דעם פּאָעט אין זיין גאַנצקייט —**

דאָ שפּירט מען דעם גואל אויף די וועגן,
ווען זיין טראָט פאַרזאַמט זיך אַפילו,
מ׳יט ביקס היינט מיר גייען אים אַנטקעגן,
ער אונדז — מיט שופר פון גאולה.

**דאָס זענען ווערטער, וואָס ווערן — רייד, און מען דאַרף נישט האָבן קיין פּאָעטיש טרייבל צו זיי — זיי צו דערהערן. די לידער זענען אַביסל צו־דעקלאַמאַטאָריש, אָבער דערפאַר זענען זיי טאַקע אויסדערוויילט געוואָרן, מען זאָל זיי פאַרלייענען אין טאָג פון יום־טוב און אין טאָג פון געדענקען די קרבנות.**

ווייל צום טרויער, וואָס קוקט דורך טויערן ווי רינגען,
גייט טרויער זיין גאַנג מיט געזאַנג.
זינגען די שוועלן, די ביישטיידלעך זינגען —
מיט שטאָלץ קלינגט אונדז אָפּ דאָס געזאַנג.

**די לידער פון שטראַלנדיקן טרויער פאַרמאָגן דעם פּאָעטס גאנצקייט.**

ביים אויפמארש פון פרייד דורך די גאַסן געצויגן —
דו מיט דער פאָן אין ווי דורכגעגליט.
ווי קאָן מען דען האַלדזן אַפילו מיט אויגן
דיך — אין שיין פון דיין טרויער געהילט.

**דאָס רעדט דער פּאָעט אַזוי צו דער מאַמען, וועמענס קינד ס׳איז געפאַלן אין מדבר. ער זעט זי —**

אויף אַ ראָג אָפּגעזונדערט,
פארשטילט אין דיין ווי,
צו דער פאָן זיך פאַרנויגן.

**אָבער אַפילו אין דער סעריע גיט זיך שנהוד אַן אומגעצאַמטן צעזונג מיט געזאַנג, וואָס קלינגלט איינס נאָכן אַנדערן — הימל אים — גלימער אים — תחילה אים. צילען אים. באַהענגען אים — ברענגען אים — שורה נאָך שורה.**

**שלמה שנהוד איז אַ פּאָעט, וואָס פארדינט מען זאָל אים מדריך זיין און אָנווייזן, אַז זיין „גאַנצקייט" ליגט נישט אין די אויסגעבלומטע שפּיל־קלאַנגען, נישט אין די „בלומען־אַקאָרדן" (שנהודס אַן אויסדרוק) ווי אין אַזעלכע טאַנצנדיקע שורות —**

צווייגן,
וואָס שטייגן,

אויף בלומען,
ווי טרעפּ.
שטאַפּלען זיך,
צאַפּלען זיך
צו צו מיין פענצטער.
אַרום אַלץ און אַרום מיר
געבלאַנק
און געגלימער.
נאָר ס'שאַרט זיך אַן אומעט
אין מיר
און פון מיר,
באַהויכט דעם געשימער.

**סיי די גראַמען, סיי דאָס לשון — געשימער־געגלימער, דערמאָנט זייער שטאַרק אין דעם יונגן יהואש. ווען ס'שאַרט זיך אַזאַ טענצלדיקער אומעט, מיט אַזעלכע גראַמען, דאַרף מען צו אַזאַ אומעט נעמען אַ שטעקן און אים פאַרטרייבן.**

**שנהוד ווערט גאַנץ, ווען ער איז גאַנץ מיט זיך. ער האָט לידער פון אַ שפּיטאָל, וואו ער איז געלעגן און איז געווען מער אויף יענער וועלט, ווי אויף אונדזערער. ווען ער איז געזונט געוואָרן, איז אים געלונגען צוריקצושפּירן די שפּיטאָל־אַטמאָספערע. אין דער שפּיטאָל־סעריע „לידער פון דער ווייסער שטילקייט" געפינען מיר אָריגינעלע לידער. נישט פון „בלומען אַקאָרד", נאָר פון אַזעלכע גרענעץ־לידער, אויף דער סאַמע גרענעץ פון טויט, האָט שנהוד געשאַפן אייגענע, גאַנצע לידער. אָט זענען עטלעכע שורות פון דעם ליד — „בלוט־טראַנספוזיע" —**

איך ליג אונטער מעסער־שניט,
און פיל האַלב אין שלאָף:
עס וואַנדערט וואו־אוועק
דאָס בלוט פון מיין גוף.
אין נעפּלדיקן אַנען —

אין פאַרגיי,
אין פאַרשווינד —
טראָגן קעמערלעך,
געפעסן,
אָדער־געריף
(ווי אויף ווינט)
אין פאַרפלאָטער,
פאַרוויי —
תפילהדיק,
ווי ווײ;
בלוט, אונדזער בלוט,
נישט פאַרלאָז אונדז אַצינד.

אינטערעסאַנט, אַז דאָ איז דער גראַם אַ פאַלשער. גוף און שלאָף איז אַ גראַם פון גאַליציע מיט ליטע. אָבער דאָס ליד לײַדט נישט דערפון.

אָנגעהויבן מיט ביאָגראַפישע נאָטיצן, וועל איך דערמיט פאַרענדיקן. שלמה שנהוד איז סך הכל אַלט — 49 יאָר.

1961

## רחל פישמאַן

די ייִנגסטע אין דער גרופע „יונג־ישראל" האָט שוין אויך געזאַמלט אירע לידער אין אַ בוך. אמת, ס'איז אַ דין ביכל פון אַ פופציק זייטן, אָבער ס'איז געבונדן, שיין אַרויסגעגעבן און ס'זעט אויס אַמעריקאַניש, ווײַל די אַמעריקאַנער פּאָעטן זאַמלען אויך זייערע לידער אין קליינע ביכלעך. מען נעמט אָן אַז מען טאָר נישט איבערלאָדן און איבערשפּאַנען דאָס געדולד פון דעם פּאָעזיע־לייענער. סײַדן דער פּאָעט איז זאַט מיט יאָרן און רעפּוטאַציע, דעמאָלט האָט ער די פּריווילעגיע צו זאַמלען זײַנע לידער אין דיקע בענד.

אָבער די ייִנגסטע פון „יונג־ישראל" איז נאָך געווען יונג. זי איז נישט אַלט קיין גאַנצע דרייסיק יאָר. איר נאָמען איז רחל פישמאַן, אַן אַמעריקאַנער געבוירן ייִדיש מיידל, וואָס האָט זיך מיט אַן אַכט יאָר צוריק באַזעצט אין מדינת ישראל און אָנגעהויבן שרייבן ייִדישע לידער. אַ שאָד וואָס דער י. ל. פּרץ־פֿאַרלאַג, וואָס האָט דאָס לידער־בוך אַרויס־געגעבן, האָט נישט צוגעגעבן עטלעכע ביאָגראַפֿישע דאַטן וועגן דער יונגער דיכטערין, וואָס וואָלטן זיך אויך געלייענט ווי אַ שיין, יונג ליד פון אונדזער צייט, מיט אַ באַזונדער קריינדל פאַרן ייִדישן לשון, וואָס איז אויפגעצויגן געוואָרן אין אַ ייִדיש הויז אין אַמעריקע, אַוועק מיטן גוטן ווילן און קלאָרן שכל קיין ישראל און דאָרט גענומען זינגען, איינזאַ־מנדיק אין זיך דעם אַראָמאַט פון ישראל־לופט און זון און ערד.

רחל פישמאַנס ערשטלינג־בוך הייסט — „זון איבער אַלץ" און דער נאָמען פאַסט שטאַרק צו די שפּילעוודיקע זוניק־פריידיקע שורות. רחל איז באַוואוסטזיניק־מאָדערן; אירע לידער ווייזן אויף יעדער טריט און שריט, אַז זי קען גוט נוסח־פּאָעזיע און זי האָט אויסגעקליבן פאַר זיך דעם נייסטן נוסח, וואָס האָט אַגב אַ שטאַרקן אַמעריקאַנער טעם, באַחנט מיט איינגעייִדישטן העברעאיש.

און די לידער זענען אַלע יונג — אַן בושה, אַן פאַרענטפער און אַן וועלט־ און ייִד־שמערץ. זי גנבעט אַריין דאָ און דאָרט אַ גראַם, אָבער ער מאַכט נישט קיין טומל, ער טאַנצט אַריין גרינג־פוסיק. די בילדער זענען אייגענע. זי איז מיט ייִדיש געקנופּט און געבונדן, ממש קנעפּל שבקנעפּל, אָבער מיינסטנס מיט אַ סך טאַקט. זי שפּילט זיך קענעוו־דיק מיטן ייִדישן וואָרט, אי פאַלקסטימלעך, אי עקסטראַוואַגאַנט.

רחל פישמאַנס לידער זענען יונגע לידער פאַר דערוואַקסענע. מיר האָבן נאָך, דאַכט זיך, נישט געהאַט אַזעלכע ייִדישע לידער, כ׳מיין פאַר דעם ספּעציעלן עלטער. זיי זענען צוואַנציקער לידער, וואָס מען האָט ביי אונדז גאָר־גאָר ווייניק געשריבן. מיר זענען גלייך אַריבער פון קינדער־לידער צו לידער פאַר גרויסע; פון קלאַס־צימער גלייך צו דאגת ייִד. רחל פישמאַן שרייבט לידער פאַר צוואַנציק־יאָריקע, לידער פון פריידיקן דרויסן, פריידיקן שלאָף־צימער און זוניקע גלידער, דאָרשטיק מיט אָנגעטרונקענער וואַרעמקייט און דינער עראָטיק. אירע

לידער שרייען נישט, נאָר שפּילן זיך מיט איינזאַמקייט און צווייזאַמקייט — „עס קענען דיינע לידער אָן ווערטער אַלעמען איבערשוויייגן”. זאָגט אונדז די דיכטערין.

נישט פאַראַן קיין גרויסער אינטערעס מיט מענטשן, נישט מיט זייער לעבן און נישט מיט זייער שטאַרבן. פאַראַן בלויז אַן אָנדייט אויף באַהאַלטענע אייגענע טרערן און דאָס געזאַנג פון אָפענעם געלעכטער, כדבעי, ווי ביי גאָר יונגע מענטשן, וואָס טוען אַלץ ערשטיק און עקספּע־רימענטאַל, אויף זיך, אויף אייגענע טעג און נעכט.

רחל פישמאַן איז איינפעלעריש אין אירע לידער. כ׳זאָג איינפּע־לעריש און נישט איינפאַלעריש, ווייל ס׳ווילט זיך מיר אויך אַ שפּיל טאָן מיטן וואָרט ווי זי. כ׳וויל אָנדייטן אַז אירע איינפאַלן פאַרפעלערן אַמאָל איר ליד, אָבער איין זאַך קאָנען די איינפאַלן נישט צונעמען פון ליד — דעם חן פון יונגשאַפט.

מיר האָבן זיך היינט
איינער דעם אַנדערן
אויסגעמאַטערט —
די זון און איך,
מיר אַרבעטן ביידע
אין וויינגאָרטן.

אָדער —

איך בין דורכגעזונט,
און אויסגעזונט
און אָפּגעזונט.
פראַל מיך אויף,
וועט פון מיין אינעווייניק
אַרויסשיסן
דער הייסער זון־קערן.
איך שלינג איין אַזוי פיל זון.
איך לאַך און גלי צוריק דער זון
זודיקע סיגנאַלן.
אַלע מיינע ווינקלען אין דעם ליכט.

נאָר כ׳האָב ניט מורא.
און אָנגעזונטע
איז מיר אַלץ איינס
צי איך שטראַל,
צי איך ווער באַשטראַלט.

אין דעם ליד איז פאַראַן זון און יונגשאַפט, באַטעמטער וואָרט־הונגער און עטלעכע פעלערן — ווי „אַרויסשיסן״ אָדער „פון מיין אינעווייניק״.

רחל פישמאַן האָט אַזוי ליב יידיש, אַז זי היט זיך נישט אויס פון גראַטעסקן וואָרט־שפּיל, ווי „קוילעסט״ און „קולות׳ט״. אָבער זי דער־רעדט זיך שטענדיק צו אַ בילד.

ניט צו דערטאַפּן מיט דער צונג,
ניט מיט די פינגער פאַרזוכן
אַזאַ פרייד.
ניט צו פארשטעלן מיטן העמד,
ניט מיטן אָטעם צו שטילן
אַזאַ פרייד.

ס׳וואָלט געווען אינטערעסאַנט דורכצופירן אַ פאַרגלייך אין אַן עקסקורסיע צווישן רחל פישמאַנס לידער און ענלעכע געמיט־לידער פון — ציליע דראַפּקין. ס׳וואָלט אונדז געגעבן דעם מהלך פון עטלעכע צענדליק יאָר פּאָעזיע און ס׳וואָלט אויך געווען אינטערעסאַנט צו זען די עוואָלוציע פון מאָראַל אין יידישן ליד. רחל פישמאַנס עראָטיק איז לגבי ציליע דראַפּקינס — מאָנאָגאַמיש. דער אַקצענט איז נישט אויף עראָטיק, ווי אויף דעם אָביעקט. ווען איך וואָלט ווידער געווען אין אַ שטימונג זיך צו שפּילן מיט ווערטער, ווי רחל פישמאַן, וואָלט איך געזאָגט אַז אירע לידער זענען מאָנאָגאַמיש.

שמייכל, פאַרשמייכל און צי מיך אַריין
אין טיפענישׁ הוילער.
שטייגן

זאָל ביי אונדז אַ זיסער דופק,
שטייגן, שטייגן זאָל דער זיסער וויין.

**און שורות פון אַן אַנדער ליד —**

שפּאַר זיך נענטער אָן אין מיר,
מאַך די אויגן צו.
ס׳איז סיוּוי
מיט אַ ליכטיקייט
פאַרזיגלט אונדזער רו.

**אירע אָנגעוואַרעמטע און זוניקע לידער זענען ניי אין דער יידישער פּאָעזיע. אָט איז אַ שאַרפזיניק און אָריגינעל ליד:**

ים מיך אַרום,
כוואַליע מיך דורך —
און דערנאָך,
כאַטש דו זאָמדסט מיך אַוועק,
בלייבט מיין אויער אַ מושל,
ווו עס דונערט זכרון,
וואו עס פּערלט דיין קול.

**ווער קאָן זאָגן נאָכן איבערלייענען אַזאַ קליין ליד, אַז רחל פישמאַן איז גישט אַ דיכטערין פון וועמען מען קאָן אַ סך דערוואַרטן און פון וועמען מ׳וועט אָט־אָט מוזן אַ סך פאָדערן און מאָנען?**

**די יונגשאַפט פון אירע לידער און די באַרעכטיקונג פון נאָמען פאַר דער גאַנצער לידער־זאַמלונג איז פאַראַן אין אַלע אירע לידער, וואָס זענען געשריבן מיט איינגעהערטער קלוגער פאַרזיכטיקייט אין שורה און אין וואָרט —**

תרי״ג זיסע עבירות,
תרי״ג זאַפטיקע פריידן,
קלייב איך מיט די פּירות.
קלייב איך —
פאַר אונדז ביידן.

און אַ לעצטער באַווייז פון איר אינטימיטעט מיט רמז אין ליד, מיט איידעלן פּאָעטישן אָנצוהער —

האָסט
קאַלטע אויערן.
אויף מיינע האָר
שפּאַר אַן אויער צו.
וועט ער זיך דערוואַרעמען.
דאָרט לויערן
זונען
אויף דיין קומען.
לייג אַן אויער צו
צו מיין מויל
וועט ער זיך דערוואַרעמען.
לאָז דויערן, דויערן,
אַלע זונען
זאָלן שטומען.

ווי געזאָגט, הייסט דאָס דינע ביכל פון דער יונגער דיכטערין — „זון איבער אַלץ", און כאָטש רחל פישמאַן שפּילט זיך מיט דער זון כמעט אין יעדן ליד, גיבן־צו די זון־וואַריאַציעס אירע צום ליד פרישע וואַרעמקייט און ליכטיקייט. אירע לידער זענען לידער פון אונדזער יידישער צייט, ווען אַ יונג מיידל איז אַוועק מיט איר יידיש ליד קיין מדינת ישראל און עס דאָרט פאַרפלאַנצט אויף „פולע טעג, לאַנגע מינוטן, עד בלי די". רחל פישמאַנס לידער זענען נישט קיין צייט־לידער, זיי זענען גיכער יאָרן־לידער, לידער פון און פאַר אייגענע יונגע יאָרן. דאַרף מען וואַרטן אויף די יאָרן וואָס וועלן זיך צייטיקן, ווען די זון וועט אַזוי נישט בלענדן און די דיכטערין וועט דערזען אַרום זיך — נאָך לעבן, נאָך לעבנס, און נאָך מענטשן.

## דאָס איז געווען נוסח אשכנז

מרדכי וו. בערנשטיין האָט אונדז שוין געגעבן דריי ביכער אין דער סעריע טויזנט יאָר נוסח אשכנז. דאָס נייסטע — „דאָס איז געווען נוסח אשכנז", איז אַביסל אַנדערש ווי די פריערדיקע דערמאָנטע, וואָס אין דעם בוך איז מער ווי אין די אַנדערע צוויי — „אין לאַבירינטן פון תקופות" און „נישט דערברענטע שייטן" קאָנטיק דער רעדעוודיקער, כ׳וואָלט געזאָגט דער אויסטייטשעוודיקער און אָראַטאָרישער סטיל פון דעם שרייבער. דער שרייבער שטייט כמעט — סטיליסטיש — פאַר דעם לייענער און ער פירט אים ביי דער האַנט, רעדט אין אים אַריין און ווייזט אים אָן אויף פאַרשידענע געדאַנקען, וואָס זענען אים, דעם שריי־בער, אָקאָרשט באַפאַלן און ער סדרט די געדאַנקען, אמפערט זיך מיט זיי און גלייכט זיי אויס.

ס׳איז אַ טשיקאַווער סטיל, ווי דאָס בוך וואָלט זיך געשאַפן פאַר די אויגן פון לייענער, ווי ס׳וואָלט זיך נאָר־וואָס אָפגעקאָכט און זידנדיק פאַרטיק געוואָרן. כ׳זאָג עס נישט לגנאי, איך וויל בלויז פאַרצייכענען דעם טעמפעראַמענט פון דעם שרייבער מרדכי וו. בערנשטיין, וואָס האָט מיט זיין — „דאָס איז געווען נוסח אשכנז" געשאַפן אַ באַוועגלעך בוך, וואָס שטראָמט־אָפּ קאַפּיטלעכווייז.

נאָכן אומברענגען פון יידן אין אייראָפּע האָט מרדכי וו. בערנשטיין פאַרבראַכט עטלעכע יאָר אין דייטשלאַנד און דאָרט האָט ער געזוכט און געגנישטערט די פאַרבליבענע צייכנס און סימנים פון טויזנט יאָר יידיש לעבן. ער איז פון דאָרט ארויסגעקומען מיט דריי ביכער. בקיצור, האָט זיך בערנשטיין פאַרנומען, ווי ער זאָגט אונדז אַליין אין זיינע ערשטע צוויי ביכער, מיט די „צעזייט און צעשפּרייטע שיריים, וואָס זענען צעוואָרפן איבער הונדערטער ערטער אין דייטשלאַנד... אַן עקס־

פעדיציע צו די ברעגעס פון ריין און מאַין, אַהין וואו עס איז געשטאַנען דאָס וויגל פון דער אשכנז־תקופה" און מיט די גייסטיקע שאפונגען פון דער דאָזיקער תקופה, „די שטומע עדות פון דער גייסטיקער עפּאָפּייע פון דייטשישן יידנטום".

דאָס דריטע בוך — „דאָס איז געווען נוסח אשכנז" איז שוין אַ מין פּאָלעמיש בוך. מרדכי וו. בערנשטיין וויל אונדז ווייזן די אינערלעכע פּאָרמען, די באַשטאַנד־טיילן פון דעם נוסח אשכנז און אים גייט אויך אין וועלן באַווייזן און איבערצייגן — „פאַרוואָס האָט זיך טאָקע דער דאָזיקער נוסח אָנגענומען און געוואָרן דאָמינירנדיק ביים פּאָלק".

לעבנדיק אין אַ שפּאַניש־רעדנדיקער מדינה, וואו דער מחבר שטויסט זיך אָן, אין גוזעלשאַפטלעכן לעבן, אויף אַנדערשקייטן פון ספרדישע יידן לגבי די אשכנזישע, אפילו אויף צוזאמענשטויסן און אויפמישן יחוס און זיך בלאָזן איינע קעגן די אַנדערע, האָט דער מחבר טיילוויז געבויט זיין ווערק אויף דעם אויפגאַנג און אָפּגאַנג פון די צוויי גרויסע היסטאָרישע תקופות אין דער יידישער געשיכטע. דער נוסח אשכנז האָט זיך טאָקע אָנגעהויבן אין דייטשלאַנד, אָבער ער האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער דער מאַפּע פון א גרויסן גלות. פון דייטשלאַנד אַרויס איז געוואָקסן דער זיפץ — גלות, גלות, ווי גרויס דו ביסט. בערנשטיין וויל אַרויסברענגען דעם מהות פון דעם נוסח, זיינע עסענצן און אָנווייזן, אויף דעם דאָמינירנדיקן „אַראָמאַט" אין איצטיקן יידישן לעבן אפילו, ווי ער זאָגט אין זיין אַריינפיר, „ביים ירדן און כנרת, אין מדינת ישראל, דאָמינירט אַלץ דער נוסח אשכנז".

צי ס'איז טאָקע נויטיק געווען צו פאַרפירן אַ דיסקוסיע מיט די ספרדישע יידן און צי אַזאַ דיסקוסיע איז פּרוכטיק אין דער פאָרשונגאַרבעט פון אונדזער געשיכטע, איז פּראָבלעמאטיש. נישט קריגנדיק זיך מיט אונדזערע ספרדישע ברידער, וואָלט זיך בערנשטיינען סיווי איינגעגעבן, אויף זיין טרויעריקן שפּאַציר איבער טויזנט יאָר נוסח אשכנז, אַרויסצוהויבן די מאָמענטן פון קדושה, סיי אין דער טאָגטעגלעכקייט פון אַמאָליקן יידישן קהילה־לעבן אין דייטשלאַנד, סיי אין די גוואַלטיקע קרבנות וואָס אשכנז־יידן האָבן געבראַכט; און מיט וואָס פאַר אַ הערלעכער דערהויבונג די קרבנות זענען געבראַכט געוואָרן, ווען די צוררים האָבן עס געפאָדערט.

אגב, ווערט באַטאָנט אַין מרדכי וו. בערנשטיינס ווערק, אַז נאַציזם איז נישט קיין שפּאָגל־נייע דערשיינונג אין דייטשלאַנד, אַז די יידן האָבן זיך גלייך דערוואָרבן רוצחישע שכנים, וואָס האָבן צו די איינגעוואַנדערטע אויסגעלאָזט זייער גאַנצע יוכע. זיי האָבן אונדז געהאַלטן ווי לעבעדיקע משכנות, זיי האָבן וואויל געשמייכלט צו אונדז מיט גנאָד ווען ס׳האָט זיך זיי געלוינט און גלייך געשאַרפט פאַר אונדז דאָס מעסער, וואָס האָט געבלאַנקט דורך זייער כלומרשטער גוטסקייט. אפילו די פּאַרפילאָזאָפירונג, מ׳שטיינס געזאָגט, פון יידן־שנאה איז נישט קיין נייעס ביי די דייטשן. זיי האָבן פאַקטיש געברענט די טריט פון יידישן פאָלק און „קריסטלעך" מקיים געווען ליבשאַפט צום גר, וואָס האָט זיך באַזעצט צווישן די דייטשן, זוכנדיק אביסל רו.

אָבער מרדכי וו. בערנשטיין זינגט אויך אויף פאַר אונדז דעם היסטאָרישן ווידערשטאַנד פון אשכנזישע יידן, וואָס האָט ביים סאַמע קראַטער פון דייטשישער רציחה איינגעשטעלט און פאַרפעסטיקט א נוסח אשכנז, וואָס איז געווען א קאַראַנטין, אַ גייסטיק־סאַניטאַרע באַוואָרעניש, וואָס האָט מבטל געווען דעם רוצח.

די געשיכטע פון יידן אין דייטשלאַנד קרישלט זיך, ווען זי דערגייט צו די מאָמענטן פון גייסטיקער אָפּשוואַכונג. דער נוסח אשכנז ווערט מוטנע און דייטשישע יידן הויבן־אָן נאָכלאָזן און אויפגעבן. בערנשטיין זוכט און ברענגט־אַרויס די נשמה פון נוסח אשכנז, ווי דער נוסח האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין פוילן, רוסלאַנד, ליטע, גאַליציע, דיביידע אַמעריקעס, אין די פאַראייניקטע שטאַטן און די לאַטיין־אַמעריקאַנישע רעפּובליקן, און קיין מדינת ישראל, וואו דער אשכנזישער ייד האָט דערטריבן זיין עקשנות און פעלדזן־פעסטקייט ביז גאולה. אָבער מיר וויסן וואויל אַז אין מדינת ישראל האָט שוין אָט־אָט דער נוסח ספרד נומעריש אָפּגעפּייערט אַ זיג. אפשר וועט בערנשטיין אונדז אַמאָל אויך ווען איבערצייגן, אַז אפילו דער איצטיקער נוסח ספרד איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון דער אשכנזישער וויטאַליטעט. אָדער איז בערנשטיינס — „דאָס איז געווען נוסח אשכנז" אַ וואָרענונג טייער צו האַלטן דעם נוסח אשכנז און אים באַשיצן, כדי ער זאָל נישט אַוועקגעשווענקט ווערן פון דער צוקונפט פון יידישער געשיכטע.

בערנשטיין אָפּערירט מיט אַ סך ציטאַטן, אָבער זיין בוך מאַכט אַ

פּאָפּולאַריזאַטאָרישן איינדרוק. ס׳איז פונדעסטוועגן אַ גוט בוך צו לייענען. ס׳איז אַ שטאַרקונג פאַרן געמיט און אַ זעלטן־שיינער שפּאַציר דורך די תקופות פון יידישער געשיכטע, וואָס אפילו ווען דער מחבר לעבט זיי נישט איף קינסטלעריש, מאַכט ער זיי אָבער לעבעדיק וואַרעם מיט אַ סך גוטע רייד. טיילן פון קאַפּיטלעך לייענען זיך ווי פייערדיקע רעדעס, אַנדערע ווי קינות, אָבער אין דעם גאַנצן צוזאַמענשטעל פון בוך שפּירט זיך דעם מחברס שטאָלץ מיט יידישער געשיכטע, ווי זי האָט זעלטן פאַרגעסן דעם גייסטיקן דראַנג צו שפּינען איר ריינלעכקייט, ארומגערינגלט פון טמאים און רוצחים.

ס׳איז ווייט פון א טיף ווערק וועגן דער גרויסער, טויזנט־יעריקער עפּאָכע. די פאַרטונקלונג־מאָמענטן אין דער יידישער געשיכטע ווערן נישט דערגראָבן ביזן גרונט. ס׳קאָן גאָר זיין אז נוסח אשכנז אַליין איז נישט געווען גענוג, אַז ער האָט זיך ערשט געמוזט שטאַרקן דאָס האַרץ מיט נוסח יידיש פוילן, נוסח ליטע, נוסח גאַליציע, נוסח רומעניע, נוסח אַמעריקע. אפשר איז נוסח אשכנז אַליין ווייניק געווען, ווייל אָט איז דאָך געקומען אַ צייט ווען דער גאַנצער נוסח האָט אָנגעהויבן פאַלן פון די פּיס. אָבער מיטמאַכנדיק דעם שפּאַציר מיט דעם מחבר, ווילט זיך נישט פרעגן קיין קשיות, ווייל ס׳איז אַן אָנגענעמער שפּאַציר, אפילו ווען דער מחבר רעדט צופיל, וואַרפט מיט סברות, באמערקונגען, דערציילט מעשיות און שלאָגט זיי איבער מיט איבעריקע רייד. ס׳איז, ווי כ׳האָב פריער געזאָגט, אַ באַוועגלעך בוך, וואָס לויפט מיטן אימפּעט פון בערנשטיינס אָראַטאָרישקייט, פון זיין רעדנערישקייט.

נוסח אשכנז באשטייט אייגנטלעך פון צוויי מאָמענטן; דער ייד ברענגט קיין דייטשלאַנד אַ סך אייגנס און ער הויבט גלייך אָן נעמען פון אַלץ וואָס ער הערט און זעט. ער שאַפט אַ סינטעז פון זיינס און פרעמדס און ער הויבט־אָן אפילו פורעמען אַ לשון. אָבער ערשט אין די יידישע ישובים אויסער דייטשלאַנד איז דעם אזוי־גערופענעם אשכנזישן ייד געלונגען צו שאַפן דעם געזונטן צוזאמענקנעט פון אייגנס און פרעמדס, דעם קלוגן יידישן באַלאַנס.

מיר האָבן אין פוילן און אין רוסלאַנד זיך געלערנט קאָכן מאכלים פון אונדזערע קריסטלעכע שכנים, אָבער מיר האָבן נישט טריף געמאַכט אונדזער קיך. מיט רוסישע און פוילישע יידן איז פאָרגעקומען דאָס

פאַרקערטע ווי מיט ר׳ מאירן, וואָס איז נאָכגעגאַנגען די טריט פון אלישע בן אבויה. די יידן אין פוילן האָבן בלויז פאַרזיכטיק געגומען די שאַלעכץ ביים פרעמדן, אָבער דער תוך איז געבליבן — אונדזערער. אין דייטשלאַנד האָבן די יידן זיך צו־שטאַרק איבערגענומען מיט דעם תוך פון די שכנים. אַז ס׳האָבן נאָך געלעבט די גרויסע גאונים־ עקשנים, וואָס האָבן געבויט דאַמבעס קעגן אַפפרעמדונג, האָט זיך נוסח אשכנז געהאַלטן, אָבער ווען ס׳איז געקומען דער דורכברוך, איז אַ סך עיקר אַוועקגעשווענקט געוואָרן. נוסח פוילן און נוסח ליטע, נוסח גאַליציע און נוסח רומעניע, נוסח — אַמעריקעס זענען אויך באַזונדערע גרויסע כוחות און מ׳קאָן זיי נישט צו שטארק־וויסנשאפטלעך דעקן מיט דעם אלגעמיינעם נוסח אשכנז.

אָבער מרדכי וו. בערנשטיין מאַכט אַ שטאַרקן אָנשטרענג און ער מאָביליזירט אַ סך ראיות פאַר נוסח אשכנז אין דעם דריטן בוך פון דער טרילאָגיע וואָס איז דערשינען אין פאַרלאַג „יידבוך" אין בוענאָס איירעס.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען די נעמען פון טייל קאַפּיטלעך, ווייל שוין די נעמען גיבן אונדז דעם טעמפּעראַמענט פון שרייבער־רעדנער: „על נהרות ריינוס", וועגן די ערשטע יידישע ישובים ביים רהיין; „הייליקע קהילות", מיט ציטאַטן פון אַ היינטצייטיקן יידישן פּאָעט, סעגאַלאָוויטש —

מיט עלטער־פאַרעלטערטע זײַטן,
געווען אַ געמיש פֿון מאָדערן

אין דעם קאַפּיטל זוכט מרדכי וו. בערנשטיין די שייכותן פון אַמאָליקן פרומען קידוש השם מיט „מעשה לעקערט" און „עקידת זיגעלבוים". ער זוכט זיי אָבער צו־פרי אין אָנהויב פון בוך. ער גיט אונדז אַ צעטל פון קלענערע יידישע קהילות אין דייטשע שטעט, מיט אַ צעטל פון גירושים, קרייץ־צוגן, קלאָג־לידער, קינות און סליחות, וואָס זענען פאַרבליבן פון יענע צייטן. ס׳איז אַ רייך צעטל, אַ שפע פון קהילות און אַ חשבון פון אָפּמעקונגען און פארטיליקונג, מיט זעלטענע אילוסטראַציעס, וואָס גיבן א בילד פון די יידן־טויערן, וואָס האָבן

געפירט צו די גאַסן וואו נוסח אשכנז האָט זיך געוועבט דורך די יאָר־הונדערטער.

און אָט איז אַ קאַפּיטל וואָס הייסט פּשוט — „אויף קידוש השם״. ס׳ווערן געבראַכט לעגענדעס פון יענער צייט. אַ קאַפּיטל וועגן „רבנו גרשום מאור הגולה״, מיט זיינע תקנות, און רעפּראָדוקציעס אפילו פון די תקנות, ווי זיי זענען אויפגעהיט געוואָרן אין דער פראַנקפורטער שטאָטישער ביבליאָטעק. ס׳קומען קאַפּיטלען וועגן יידישן געזעלשאַפט־לעכן לעבן, וועגן יידישע חברות אין דייטשלאַנד, יידישע פאַרלאַמענטן אין מזרח־אייראָפּע, בעל־מלאכישע און פועלים־חברות, פאַראיינען און געזעלשאַפטן, וועגן פּנקסים, די קולטור־באַוואוסטזיניקע שפּורן, וואָס האָבן געפירט צו דער אַנטוויקלונג פון גאַנצן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער אויסשפּרייטונג פון נוסח אשכנז, איבער לענדער און דורות.

דאָס בוך „דאָס איז געווען נוסח אשכנז״ איז אָנגעפּיקעוועט מיט מעשיות און לעגענדעס און ס׳איז אַ געמיש פון פאָלקלאָר, סברות, פּובלי־ציסטיק, עסייאיסטיק, אָנגענומענער שיין־שרייבעריי וואָס אָטעמט מיט דעם מחברס רעדנעריש קול.

די אינטערעסאַנטסטע קאַפּיטלעך הויבן זיך אָן פון — „אשכנז צעשפּרייט איבער דער וועלט״, ווען מרדכי בערנשטיינס שפּאַציר הויבט־אָן דערגיין צו אונדזער צייט און עס ווערט לעבעדיקער מיט געשיכטע, ווי מיט לעגענדע. א שיין קאַפּיטל איז — „פּוילן — די הויפּט־אכסניה פון נוסח אשכנז״. די באַזעצונג אין פּוילן הויבט זיך אָן מיט פּריווי־לעגיעס צו יידן. געווען אפילו דעמאָלט סטאַטוטן, וואָס האָבן באַשטראָפט שענדערס פון יידישע בית־עולמס, שטיינער־וואַרפערס אויף בתי מדרשים, און אפילו אַזעלכע קריסטן וואָס זענען נישט געקומען צו הילף יידן, ווען יידן האָבן בײַנאַכט זיך געניטיקט אין הילף. קריסטלעכע שכנים וואָס זענען נישט געקומען צו הילף דעם יידן אויף זיין געשריי האָבן געמוזט צאָלן שטראָף. אָבער מיר ווייסן דאָך ווי יידן האָבן געענדיקט אין פּוילן, וואָס היטלערס אייגענער „נוסח אשכנז״ האָט אויסגעקליבן פאַר זיינע טויט־פאַבריקן, און גוט אויסגערעכנט אויף דער הילף, וואָס ער האָט געקראָגן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג.

דאָס לעצטע קאַפּיטל הייסט — „יידיש — די בריק פון אשכנז דורך

די תקופות און תפוצות". דאָס איז אַ מוסטער פון דעם פובליציסטישן טייל פון מרדכי וו. בערנשטיינס ווערק.

„וועלן מיר גיין ווייטער — אפילו ווען דער חשבון איז געווען קלאָר, אָפן אויפן טיש, אַז מען וועט פאַרשפּילן, אויך דאַן האָט מען זיך נישט אָפּגעזאָגט פון קאַמף און פאַרטיידיקונג. דער בעסטער באַווייז איז די גרעסטע גבורה־עפּאָפּייע פון אונדזער דור — דער ווידערשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ. על פּי חשבון, על פּי שכל הישר און אַלע אַנדערע כללים, זענען די געטאָ־קעמפער, קליין אין צאָל און שלעכט באַוואָפנט, געווען פאַרשפּילטע. אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז זיי זענען פאַר דער געשיכטע, פאַר דער יידישער געשיכטע פריער פאַר אַלץ, גאָר ארויס ווי ריזיקע זיגערס".

„פריער פון אַלץ" און „ריזיקע זיגערס" זענען נישט קיין גוטע ביישפּילן פון אַן אָפּגעהיטענעם „נוסח־יידיש". ס'זענען פאַראַן שטעלן פון שרייעוודיקן פּאַטאָס וואָס פּאַסט זיך אָבער פאַר דעם „קול" פון בוך. וואָס מיר איז נישט געווען צום האַרצן ביים לייענען דאָס בוך איז דאָס מלמדישע קנעלן מיטן לייענער:

„אַט אזוי זענען מיר געגאַנגען, טראָט ביי טראָט, תפוצה ביי תפוצה, תקופה נאָך תקופה, איבער די טויזנט יאָר אשכנז. נישט אומעטום האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעטייטלט מיטן פינגער: אַהאַ! זעט! ביי „זיי", די ספרדים, איז עס געווען אַנדערש. עס איז דאָך אונדז נישט געגאַנגען אין אַן אשכנזי־ספרד־געפעכט; אין האָבן זיגערס און באַזיגטע".

אָבער דאָס ווערק בלייבט אַ וויכטיקער אויפטו און נישט געקוקט אויף דעם ספּעציפישן סטיל, וואָס איז אפשר אין ריטם פון דער גאַנצער פּאָפּולאַריזאַציע, לייענט זיך דאָס בוך מיט גרויס אינטערעס און דער מחבר פאַרלירט נישט אויף זיין טרויעריקן שפּאַציר זיינע מיט־שפּאַצי־רערס. דער זין פון בוך ווערט אויסגעדריקט אין אַ זאַץ פון „סוף־וואָרט":

„צוזאַמען מיט די מיליאָנען געגאַנגען אויף די פּיין־וועגן פון דעם דור. איך האָב צוגעזען און מיטגעמאַכט די אַלע פּיינען — קערפּער־לעכע און גייסטיקע. האָט די השגחה, דער נס, געוואָלט, אַז איך זאָל פון דעם דאָזיקן עמק הבכא אַרויסקומען און ווידער זען ווי די טרוקענע ביינער האָבן אָנגעהויבן מאַסנוויז זיך ארויסהויבן פון זייער יאָמערטאָל.

פאַר מײַנע אויגן איז פאַרגעקומען אויף דער וואָר די מיסטעריע פון דעם נביא יזחקאלס אויפגעלעבטן ביינער־טאָל".

„פאַרגעקומען די מיסטעריע" איז נישט דאָס שענסטע, וואָס מ'קאָן זאָגן וועגן דעם חזיון, אָבער מיט די אַלע „זשורנאַליזמען" איז מרדכי וו. בערנשטיינס „דאָס איז געווען נוסח אשכנז" ווערט צו שטיין אין א גוטער יידישער ביכער־שאַנק.

1961

## „געקליבענע לידער" פון יעקב גאָטליב

דער פּאָעט יעקב גאָטליב איז פאַרשניטן געוואָרן אין עלטער פון פיר און דרייסיק יאָר, און די לעצטע עטלעכע יאָר פון זיין לעבן האָט ער געשוויגן אָדער געשריבן לייכטע לידלעך, אין דער סאָוויעטישער טורקמעניע, וואוהין ער איז פאַרוואָרפן געוואָרן. ס'איז דערפאַר אי שווער אי ווייטאָגדיק צו שרייבן וועגן אַזאַ פּאָעט, וואָס האָט געהאַט אזויפיל גרויסע מעגלעכקייטן און וואָס וואָלט זיכער פאַרנומען אַן אָרט אויבנאָן פון דער יידישער פּאָעזיע, ווען ער וואָלט נישט געשטאָרבן פון טיפוס אין 1945, ווען די וועלט האָט זיך ווידער געעפנט פאַר די אומ־גליקלעכע פּאָעטישע נע־ונדניקעס, וואָס האָבן „איבערגעוואַרט" דעם היטלעריזם אין סאָוויעטישן גן־עדן.

דאָס בוך „געקליבענע לידער" פון יעקב גאָטליב איז דערשינען אין מאָנטרעאָל, אַ דאַנק דער הילף פון אַ גרופּע פריינט און דער מי פון גאָטליבס עלטערן ברודער, דעם פּאָעט, דערציילער און קריטיקער נ. י. גאָטליב. ס'איז א זאמלונג פון די פיר לידער־ביכער וואָס יעקב גאָטליב האָט באוויזן ארויסצוגעבן אין זיין היימשטאָט קאָוונע, און פון זיינע לייכטע לעצטע לידער וואָס זענען אין בוכפאָרם נישט דערשינען. נ. י. גאָטליב האָט גוט געטאָן, וואָס ער הויבט אָן די געזאַמלטע לידער מיט די שפּעטערדיקע לידער פון זיין ברודערס דריטן בוך, „אַ ווערבע ביים טייך", די רייפערע לידער וואָס ווייזן אונדז וואָס דער יונגער פּאָעט האָט

געקאָנט טאָן, ווען ער האָט זיך אויסגעלערנט צו באַמייסטערן זיינע שורות און מקפּיד זיין אויף אַן אייגענער בילדלעכקייט. סך־הכל איז דער פּאָעט דעמאָלט געווען אַלט די גאַנצע 25 יאָר, אָבער זיין פּאָעטישע דיקציע איז שוין געווען אַ מער־ווייניק קלאָרע און די ברייטע שורה זיינע האָט געהאַט אַן אייגענעם טאָן. אָבער גראָד דאָס צווייטע בוך — „קולות פון דער ווייט", וואָס איז דערשינען אין קאָוונע, מיט דריי יאָר פריער, ווען יעקב גאָטליב איז געווען 22 יאָר אַלט, גיט אונדז אַ שליסל צו די גרויסע מעגלעכקייטן, וואָס זענען געווען גרייט אנטפּלעקט צו ווערן אין יעקב גאָטליבס ליד, וואָס האָט זיך געריסן צום וואָרט, צום זאָגעוודיקן וואָרט.

אָבער לאָמיר גיין מיט אַ סדר. די זאַמלונג וואָס דער עלטערער ברודער האָט צוזאַמענגעשטעלט הויבט זיך אָן מיט די לידער פון „אַ ווערבע ביים טייך". דער יונגער יעקב איז שוין דעמאָלט געווען דער באַרימטסטער פּאָעט אין דער ליטע. זיין ערשט בוך לידער איז דער־שינען, ווען ער איז אַלט געווען צוואַנציק יאָר און געקומען איז ער גלייך מיט אַ סך צוזאָג, ממש אַ יונגער פּאָעטישער עילוי. ס'איז געווען אַ ביכל לידער פון 48 זייטן און געהייסן האָט עס „גאָלד און בלוט" דאָס יאָר איז געווען 1931 און איך גיב דאָס יאָר פון בוך בכיוון, ווייל דער צוואַנציק־יאָריקער יעקב גאָטליב ווייזט שוין דעמאָלט אַרויס, אין זיין ערשטן בוך, אַן אומגעהויערע באַקאַנטשאַפט מיט דעם מאָדערנעם יידישן ליד פון אַמעריקע און פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, און מיט דער נייער יידיש־פּאָעטישער לעקסיק, נישט ווי אַ נאָכמאַכער, הגם דאָ און דאָרט זענען קענטיק איינפלוסן, נאָר ווי אַן אַריינזאַפּער, ווי אַ מתמיד, וואָס האָט אַ סך געלערנט און גלייך געגומען אָנווענדן דאָס געלערנטע אויף זיינע אייגענע כוחות. זיינע גראַמען זענען נאָך נישט קיין רייכע, אָבער ער העלפט זיך אַרויס מיט האַלבע קלאַנג־גראַמען, מיט אַסאָנאַנסן; די בילדלעכקייט זיינע איז אַן אָריגינעלע, הגם זי קומט נאָך ניט פון טיף־געזעענקייט.

די פּאַנאָראַמע איז ליטע, די אומעטיקע ליטע, וואָס רייזן האָט באַזונגען און וואָס אַ סך שפּעטערדיקע יידישע פּאָעטן האָבן באַזונגען, אָבער גאָטליב ברענגט גלייך עפּעס אייגנס אין זיינע ערשטע גרויסע פּייזאַזש־לידער. ער הויבט טאַקע אָן מיט — „ס'איז אומעטיק מיר אויף

דיין ערד, אָ, ליטע לאַנד״, אָבער ער קאָן שוין אויך שרייבן אַזעלכע צוויי שורות ווי —

דיינע לידער, ווי די פייגל אינעם וואַנדער־וועג
ריכן פליענדיק נישט אָן די נעסטן פון מיין גוף.

„נעסטן פון מיין גוף״ איז אַ פיין בילד, אַביסל געקליגלט, אָבער ס׳איז אַ דיכטערישע געקליגלטקייט. די פייגל־לידער פאַרטשעפּען נישט די נעסטן פון יונגן פּאָעטס גוף. דאָס ערשטע בוך פאַרמאָגט שוין אויך אַ פיינע מוזיקאַלישקייט. ס׳איז לייכט צו פאַרשטיין פאַרוואָס די יידישע קאָוונע האָט איר יונגן פּאָעט באַלד מיט זיין קומען אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. יעקב גאָטליב איז פאַרליבט אין ליטווישן פּייזאַזש און ער טרינקט אים, ער זוכט שפּורן פון גלויבן, ער רעדט שוין פון ליבע ווי אַ יונג־אַלטער און ער שרייבט אַזעלכע אויסגעקלאָרטע שורות:

די זון האָט זיך אַריינגעזונגען אין דער ערד.
איר ליכט האָט אויסגערונען שוין. די נאַכט פאַלט־צו.
אָ, זאָל דיין נאָענטקייט היינט זיין דער שאַרפער שווערד,
וואָס שניידט אָפּ נאַכטיש איינזאַמקייט מיינס פון מיין רו.

דאָס צווייטע בוך „קולות פון דער וויט״ איז אַ לאַנגע פּאָעמע, אַ וואַלד־פּאָעמע — יעקב גאָטליבס אַמביציעז ווערק. ער האָט שוין דעמאָלט געשריבן קריטיק־עסייען און מען האָט געזען אַז דער יונגער פּאָעט, אין זיינע אָפּשאַצונגען פון אַנדערע יידישע פּאָעטן, ווייסט וואָס ער פאָדערט פון אַנדערע און ממילא פון זיך. אין זיינע עסייען האָט ער אַרויסגעוויזן אַ סך קילע ליבשאַפט, זיין לויב האָט נישט אַריבערגע־שוימט, נאָר זי איז געווען אַרויסגעדרונגען פון אַן אינערלעכער פאַר־שטענדלעכקייט. דער זאַגעוודיקער טאָן פון זיינע עסייען האָט זיך אַריינגעריסן אויך אין זיין פּאָעמע, וואָס ער האָט געשריבן דורכאויס אין פרייען פערז. יעקב גאָטליב האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַלע צאַמען און ענגע יאַקעס און ער האָט געוואָלט נישט נאָר זינגען, נאָר טאַקע זאָגן אויך.

און אין דער פּאָעמע, אין דעם ברכי־נפשי צום וואַלד, אין דעם געזאַנג וואָס פלאַטערט צווישן שילדער און אויסגעשריי, זעט מען

ערשט דעם כוח וואָס יעקב גלאַטשטיין האָט פאַרמאָגט. מען זעט אַז די יידישע פּאָעזיע האָט אין אים פאַרלאָרן אַ פּאָעטישע פּערזענלעכקייט, פון די וואָס ציילן זיך באַזונדער און ווייניק.

דאָס יאָר איז 1933. היטלער בושעוועט שוין אין דייטשלאַנד, אָבער קיינער כאַפּט נאָך נישט ווי גרויס דער משחית וועט וואַקסן. אָבער אָט הערן מיר אין דער וואַלד־פּאָעמע, וואו דער דיכטער איז געפאָרן זיך אָפּרוען און איינזאַפּן געזונט — אַזעלכע פאַרגעאָנטע שורות —

געשריי פון ישובֿימלעך אָרעמע, איינגעזונקענע אין טרויעריקייטן,
לעצטע רעשטלעך פון דורות, אַלטע, פאַרוואַרלאָזטע,
וואָס גייען־אויף מיט אַ פלאַם־פייער
אין הימל אַרויף:
געשריי פון פאָלק אין זיין אומקום
אין בלוטיקן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט,
וואָס שפּאַנט ווי דער מיטלאַלטער, פינצטער און גרויס
איבער אַלע גרענעצן פון אונדזער ערד.

עס איז פינצטערע נבואה. פון דער וואַלד־שיינקייט וואַקסט אויס פאַר דעם 22־יאָריקן בחור די וויזיע פון שוידער און ער הערט דעם „גרויסן וואָגזיניקן געשריי פון אונדזער צייט" —

בלוט!
בלוט!
און דער געשריי ווי אַ טייך גייט אויף דיר,
אויף דיר, מיין פאָלק.

דאָ וואָלט זיך געוואָלט עפּעס זאָגן וועגן פּאָעטישער נבואה. אַ יידישער פּאָעט, דווקא אַן אַנגעזעענער, וואָס האָט אַליין אַריינגעשריבן אַ צאָל גאָלדענע לידער אין גרויסן בוך פון אונדזער נאַציאָנאַלער פּאָעזיע, האַלט אין איין אָפּחוזקן פון יידישן ליד און עס מאַכן צו קליינגעלט. אָבער זעט וויפיל קדושהדיקער פאַראויסזע ס'איז פאַראַן אין די שטימונגען פון אַ יונגן יידישן דיכטער, וואָס זעט דורכן וואַלד די ברענענדיקע יידישע וועלט.

איך קוק אַריין אין דיינע קומענדיקע טעג,
ווי אין פאַרנאַכטלעכע בלוטנדיקע שקיעה־רינגלען,
ווי אין אַ טונקעלן, שוואַרצאַפּלדיקן ברונעם.

**און ווייטער —**

ווייל יעדער יאָרהונדערט גייט אַדורך,
ווי אַ געוויטער אויף דיין פעלד.
ס׳בלייבט דיר נאָר צו בויען אַ היים
אין אַ ריס אַ תהומיקן פון אַן ערד־ציטערניש.

**דאָס לשון איז דאָ ביאַליקיש און די אויסדרוק־קראַפט פון יונגן דיכטער — איבעראַשנדיק.**

און די קליינע פעלקערלעך, צווישן וועלכע מיר וואוינען,
וואָס טוען נישט אָפּ זייער חסד פון אונדז
און קוילענען אונדז ניט מיט א שטומפיקן מעסער,
זענען געזונט ווי די שטיינער.
די ערד ענטפערט־אָפּ צום ריטם פון זייער טראָט.
און פויל ווי די פליטן אויף זייערע וואַסערן,
וואַנדערן די געדאַנקען אין זייערע קעפּ.

**נישט נאָר איז פאַראַן וויזיע אין דער לאַנגער פּאָעמע, נאָר דער פּאָעט נעמט־אויף אַלע פּראָבלעמען פון אונדזער דור — גרויסצוגיק און מיט אַ זעלטענער שטאָלצער רייפקייט פון אַ פּאָעט אַ שופט, וואָס איז זיכער אין זיינע כוחות.**

אָבער די זין פון מיין שטאַם,
וואָס זענען פרעמד צו אונדזער טרויער
און צו אונדזער שיינקייט,
וואָס וויקלען זייערע וואָכעדיקע לייבער
אין די רייכע פעלן פון חיות
און קלינגען מיט דעם פרעמדן לשון
און האַנדלען מיט לייב, מיט גאָט, מיט וואָרט —
זענען ווי די פליגן אינעם שפּינגעוועבס,

אײַנגעוועבט אין זייער מיאוסקייט.
זיי לייגן צו דאָס האָלץ צום פֿייער,
וואָס פֿאַרלענדט אונדז און ווערט גרעסער.

**ווי געזאָגט, די זאַמלונג פֿון די „געקליבענע לידער" הויבט זיך אָן מיטן דריטן בוך „אַ ווערבע ביים טײַך", וואָס איז שוין דערשינען אין יאָר 1936, אין קאָונאַס (קאָוונע). דאָרט געפֿינען מיר אַ סך געצאַמטע, אויסגעזונגענע לידער, אָבער אין דער לאַנגער וואַלד־פּאָעמע האָט דער דיכטער דווקא געוואָלט אַ רעד טאָן און מיר זעען ערשט, וואָס יעקב גאָטליב האָט זיך געקליבן זאָגן אין זײַן געזאַנג, וואָס האָט אָנגע־הויבן ווערן אײגענער און אויסדרוקפֿולער אין דעם געוואַונענעם צמצום.**

ערגעץ וואַרטן שטעט אין שטומען הונגער
אויפֿן אָנקום פֿון דײַנע אויסלייזנדיקע הענט.
טאָ ברען דײַן לעבן, ווי שטרוי אין פֿלאַמען־צינגער,
און צעאַש אים, ווי שטויב אויף דײַנע ווענט.

**פֿאַראַן אַ סך ענלעכע לידער אין בוך וואָס ווײַזן יעקב גאָטליבס חלומות פֿון דערלייזונג, פֿון גוי־ייִד ברודערשאַפֿט, פֿון פֿאַרלוירענעם און צוריקגעוואונענעם גלויבן, פֿון פֿאָטער־געשטאַלט וואָס קומט מאָנען און טרייסטן. אָט זענען שורות פֿון אַ דיאַלאָג מיטן בלאָנדן קריסטלעכן שכן —**

אָ, לאָמיר עפֿענען די געצעלטן ביידע:
איך — מיט אַזויפֿיל חורבן, מיט אַזויפֿיל ווײ
און חלום הינטער זיך.
דו — מיט אַזויפֿיל פֿעלד, מיט אַזויפֿיל האָריזאָנט
און חלום הינטער זיך.
לאָמיר זיך איבערופֿן, איבערשרײַען,
ווי פֿייגל צווײ, וואָס טרעפֿן זיך
אינאַוונט — אין די טיפֿע הימל־רוימען,
מיט געשרײ פֿון מענטש און פֿלאַנץ אין אונדז.

**גאָטליב מישט אַמאָל זײַנע בילדער „ווי פֿייגל צווײ" און „מיט געשרײ פֿון מענטש", אָבער בדרך־כלל זענען זײַנע בילדער אָפּגעהיט.**

גראַד אין זיינע לעצטע לידער, פון 1940, באַמערקט זיך אַ שורה־מידקייט, אפשר אַ פּועל־יוצא פון פיזישער מידקייט. די סאָנעטן זענען אויך נישט פון די סאַמע געראָטנסטע לידער וואָס יעקב גאָטליב האָט אונדז געגעבן.

אין דער הקדמה צום בוך וואָס דער עלטערער ברודער נ. י. גאָטליב האָט געשריבן, ווי אַן אַריינפיר צו דער זאַמלונג, געפינען מיר אַ קורצע און זייער איינגעגעבענע אָפּשאַצונג איבער די לידער פון דעם פרי־אַוועקגעריסענעם ברודער. די אָפּשאַצונג איז געשריבן איינגעהאַלטן און אָן שום איבערטרייבונגען. וויל איך דערפאַר זאָגן קלאָר, אַז די יידישע פּאָעזיע האָט אין יעקב גאָטליבן פאַרלוירן איינעם פון אירע שענסטע צוזאָגן. ווען ער האָט אויפגעהערט שרייבן לידער, איז ער נאָך קיין דרייסיק יאָר נישט אַלט געווען. ער האָט זיך נאָך געמוטשעט אין דער סאָוויעטישער טורקמעניע פיר יאָר, אָבער אים האָט זיך דאָרט נישט געשריבן. ער פלעגט מיט וויטאָג תמיד זאָגן: "וואָס איך טאָר שרייבן, וויל איך נישט, און וואָס מיר ווילט זיך שרייבן, איז מיר נישט דערלויבט". האָט ער דערפאַר די לעצטע פיר יאָר געשוויגן און בלויז געשריבן „לייכטע לידער, אין ציוניסטישן גייסט, אויף העברעאיש, פאַר חברים חלוצים, וואָס האָבן די לידער מיטגענומען אויף די סאָוויעטישע פראָנטן און געזונגען זיי מיט טרערן אין די אויגן, מיט רוסישע מעלאָדיעס", ווי עס דערציילט יעקב גאָטליבס פרוי, וואָס האָט זיך געראַטעוועט און וואוינט איצטער אין ישראל. דער טיפּוס האָט געמאַכט אַ סוף צו די איבערגעריסענע חלומות פון אַ פּאָעט, וואָס האָט נאָך געהאַט אַ סך צו געבן, ווי עס זאָגן עדות צענדליקער לידער און די „געקליבענע לידער". וועל איך פאַרענדיקן מיט עטלעכע שורות פון יעקב גאָטליבס אַ ליד צום פרי־געזעגנטעם „הער טויט", וואָס איז דאָ —

אינעם גערוך פון פעלדישן טוי
אין טונקעלער פרייד פון מאַן און פרוי
ווי דער אָקעאַן זיינע כוואַליעס אין רויש,
וויגסטו און פאַרוויגסט די ערד אין דיין שויס.
איך זע דיך נידערן פון הימל אַראָפּ,
ס׳פינקלט די בלוט־רויטע קרוין אויף דיין קאָפּ.

דעם הער־טויט האָט יעקב גאָטליב געזען דיכטעריש, ווען ער איז נאָך געווען אין די ערשטע צוואַנציקער, אָבער דער טויט האָט אים אויף אַן אמת אָנגעיאָגט מיט ניין יאָר שפּעטער. דאָס אַרויסגעגעבענע בוך לידער איז אַ ווירדיקע מצבה.

1960

# קלאָג־לידער פון טערעזין־לאַגער

פּאַראַיאָרן האָט דער יידישער רעגירונג־מוזיי אין פּראָג אַרויסגעגעבן אַן אַלבום־בוך, מיט קונסט־צייכענונגען און לידער, וואָס קינדער אין טערעזין־לאַגער האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך, איידער זיי זענען פון טערעזין, אָדער טערעזיענשטאַט, אָפּגעשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים, וואו זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן. דורך טערעזין זענען דורכגעגאַנגען פופצן טויזנט קינדער און בלויז הונדערט פון זיי זענען געבליבן לעבן.

טויזנטער צייכענונגען און הונדערטער לידער וואָס די קינדער האָבן געמאָלן און געשריבן, אונטער דער אויפזיכט פון לערערס, זענען אויפגעהיט געוואָרן און פון דעם דאָזיקן טראַגישן איבערבלייב האָט דער פּראַגער יידישער מוזיי אָפּגעקליבן אַ צאָל קונסט־אַרבעטן און לידער און זיי אַרויסגעגעבן אין אַ פּראַכט־אויסגאַבע. אַ סך קינדער האָבן אַרויסגעוויזן גרויס טאַלאַנט, און די זאַמלונג איז אַ לעבעדיקער דענקמאָל נאָך דער שעפערישקייט וואָס האָט אויפגעהאַלטן די קינדער, אין עלטער פון צען ביז זעכצן יאָר, דורך די יאָרן 1942־44, ביי די שוידערלעכע אומשטענדן פון הונגער, פּייניקונג און טויט, ביז די ווילדסטע מערדערס פון אַלע צייטן האָבן זיי פאַרשניטן.

די ערשטע אויסגאַבע איז געווען אין טשעכיש, אָבער דער יידישער מוזיי האָט דאָס אַלבום־בוך אויך איבערזעצט אויף פראַנצויזיש, דייטש און ענגליש און פאַרשפּרייט אין די טויזנטער עקזעמפּלאַרן. די איבער־זעצונג פון די לידער וואָס איך ברענג דאָ, האָב איך געמאַכט פון דעם ענגלישן טעקסט. כ'האָב זיך באַמיט נישט צו קינצלען און זיך צו האַלטן

געטריי צום טעקסט. עטלעכע שורות, דאָ און דאָרט, זענען אין דעם ענגלישן טעקסט פאַרנעפּלט, ווי איך בין זיך משער, ווייל די ענגלישע איבערזעצערס האָבן אפשר נישט ריכטיק פאַרשטאַנען די אָריגינאַלן, וואָס די קינדער האָבן געשריבן אויף טשעכיש אָדער דייטש. איך האָב די פאַרנעפּלטע שורות געזוכט קלאָרער צו מאַכן, אָבער נישט אויסצו־טייטשן, כדי נישט צוצוגעבן אָדער אַוועקנעמען פון די הייליקע שורות. כ׳האָב זיך באַמיט אָנצושטויסן וואָס זיי מיינען.

ס׳איז צו באַוואונדערן ווי מאָדערן די לידער זענען אין בילד און אין באַנעם. די קינדער זענען סטימולירט געוואָרן צו שרייבן, אָבער זיי האָבן, מיט עטלעכע אויסנאַמען, געשריבן פון זיך און פון דעם אַרום. די לערערס האָבן מיט זיי געלערנט כללים און פאַר זיי געלייענט מוסטערן פון באַקאַנטע פּאָעטן. די טאַלאַנטירטע תלמידים האָבן עס איינגעזאַפּט, אָבער זיי האָבן נישט נאָכגעמאַכט, זיי האָבן עס אַלץ אָנגעווענדעט אויף זייער ביטערער טאָג־טעגלעכקייט און געוויזן, אַז אמתע פּאָעזיע איז דער העכסטער אמת.

פּאַקטיש זענען אַלע לידער וועגן דעם ערב־טויט לאַגער, פון וואַנען די וועגן האָבן געפירט קיין אָשוויענטשים. די מאָגערע באַמערקונגען וועגן די לידער האָב איך גענומען פון די באַגלייט־נאָטיצן אין דער זאַמלונג. בלויז איין ליד — „שמעטערלינגען״ איז געשריבן פון אַ יונגן בחור, וואָס איז שוין אַלט געווען 21 יאָר. ער האָט איבערגעלאָזט אַ גאַנץ פּעקל לידער, וואָס געפינט זיך אין אַרכיוו פון פּראַגער מוזיי. אַ סך שורות זענען אומקלאָר, אָבער כ׳האָב זיי איבערגעלאָזט אין זייער פאַרנעפּלטקייט.

## דער שמעטערלינג

דער לעצטער, דער סאַמע לעצטער,
אַזאַ ריינער, אַזאַ העלער, אַזאַ שעמערירנדיקער געל
אפשר ווען דער זונס טרערן וואָלטן געזונגען
אַנטקעגן אַ ווייסן שטיין...
אַזאַ, אַזאַ געל,
ווערט גרינג געטראָגן אַרויף־אויבן, הויך.

ס׳איז אַוועק. כ׳בין זיכער, ווייל ס׳האָט געוואָלט
קושן דער וועלט אַ גוטן־טאָג.

זיבן וואָכן אַז איך לעב שוין דאָ,
איינגעטוונעט אינעווייניק אין דער געטאָ.
אָבער כ׳האָב דאָ געפונען מיינע אייגענע.
די דאַנדעליאָן רופט מיך,
און די ווייסע קאַשטאַן־לעכט אין הויף,
נאָר כ׳האָב מער נישט געזען נאָך אַ שמעטערלינג.

יענער שמעטערלינג איז געווען דער לעצטער.
שמעטערלינגען לעבן דאָ נישט
אין דער געטאָ.

**(פּאַוועל פרידמאַן, געבוירן דעם 7־טן יאַנואַר 1921. דאָס ליד האָט ער געשריבן דעם 4־טן יוני 1942, אומגעקומען אין אַשוויענטשים דעם 29־טן סעפּטעמבער 1944).**

## טערעזין

דאָס שווערסטע ראָד ראָלט איבער אונדזערע שטערנס,
זיך איינצוגראָבן טיף ערגעצוואו אין דעם אינעווייניק
פון אונדזערע זכרונות.
מיר האָבן דאָ געליטן מער ווי גענוג,
דאָ אויף דעם שטיק ערד פון פּיין און בושה.
ס׳האָט דאָ געפעלט דער צייכן פון בלינדקייט,
וואָס זאָל באַשיצן די אייגענע קינדער.

אַ פערטל יאָר פון וואַרטן, ווי שטיין איבער אַ זומפּ,
פונוואַנען ס׳קאָן יעדער רגע אַ שפּראָץ טאָן אַ קוואַל.
דערווייל פליסן די טייכן אַוועק אין אַנדער וועג,
אין אַנדער וועג.

מען לאָזט דיך נישט שטאַרבן,
מען לאָזט דיך נישט לעבן.

און די קאַנאָנען רעוון נישט, די ביקסן בילן נישט
און דו זעסט דאָ נישט קיין בלוט,
גאָרנישט, בלויז שווייגנדיקן הונגער.
קינדער גנבענען דאָ דאָס ברויט און מאַנען, און מאַנען, און מאַנען
און אַלע וואָלטן געוואָלט שלאָפן, שוויגן
און בלויז ווידער איינשלאָפן.

דאָס שווערסטע ראָד ראָלט איבער אונדזערע שטערנס,
זיך איינצוגראָבן טיף ערגעצוואו, אין דעם אינווייניק
פון אונדזערע זכרונות.

**(דאָס ליד איז אונטערגעשריבן „מיף" און די דאַטע פון ליד איז געצייכנט — 1944. קיין אַנדערע פרטים זענען נישט באַקאַנט).**

## נאַכט אין געטאָ

נאָך אַ טאָג איז אַוועק אויף תמיד,
אין אָפּגרונט־גרוב פון צייט.
ווידער האָט עס פאַרוואונדעט אַ מענטשן,
אין געפאַנגענשאַפט ביי זיינע ברידער.
נאָך זון־פאַרגאַנג בענקט ער נאָך באַנדאַזשן,
נאָך ווייכע הענט צו שיצן די אויגן,
פון די שרעקן וואָס סטאַרטשען דורכן טאָג.
אָבער אין דער געטאָ איז פינצטערניש אויך פריינטלעך,
צו מידע אויגן וואָס אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי געמוזט צוקוקן.

דער פאַרטאָג קריכט נאָכאַמאָל דורך די געטאָ־גאַסן,
אַרומנעמענדיק אַלע וואָס גייען זיין וועג.
בלויז אַן אויטאָ, ווי אַ גרוס פון אַ לאַנג־פאַרגאַנגענער וועלט,
שלינגט איין די פינצטערניש מיט פייערדיקע אויגן,

יענע זיסע פינצטערניש, וואָס פאַלט אויף דער נשמה
און היילט די וואונדן, באַלויכטענע דורכן טאָג.

איבער די גאַסן קומט ליכט און רייען מענטשן,
ווי אַ לאַנגע שוואַרצע לענטע, באַזוימט מיט גאָלד.

(נאָמען פון קינד אומבאַקאַנט. געצייכנט איז בלויז די
דאַטע — 1943).

## אין טערעזין

ווען אַ ניי קינד קומט,
זעט אים אַלץ אויס פרעמד.
וואָס, אויף דער ערד דאַרף איך ליגן?
עסן שוואַרצע קאַרטאָפל? ניין, נישט איך.
איך מוז בלייבן? ס'איז דאָ שמוציק.
די דיל. נאָ, זע, כ'האָב מורא פאַר זיין שמוץ.
און איך דאַרף עס אויף דעם שלאָפן.
איך וועל דאָך אינגאַנצן שמוציק ווערן.

דאָ הערט מען קולות און געוויינען.
און אַ, אַזויפיל פליגן.
יעדער איינער ווייסט: פליגן שפּרייטן קראַנקייט.
אוי! עפּעס האָט מיר אַ ביס געטאָן!
איז עס נישט געווען אַ וואַנץ?
דאָ אין טערעזין, לעבן איז אַ גהינום
און ווען איך וועל צוריק אַהיימפאָרן,
קאָן איך נאָך נישט זאָגן.

(דאָס סאַטיריש ליד איז געשריבן אָריגינעל אין גראַמען
קענטיק פון זייער אַ יונג קינד, אָבער אָן גראַמאַטישע גרייזן.
ס'איז אונטערגעשריבן „טעדי", די דאַטע פון ליד איז
געצייכנט — 1943. מען גלויבט אַז דאָס קינד איז אַלט
געווען אַ צען־צוועלף יאָר).

## די פאַרמאַכטע שטאָט

אַלץ האַלט זיך קוים, ווי שאָקלענדיקע, געהויקערטע אַלטע פרויען.
יעדער אויג שיינט מיט שטענדיקן וואַרטן
און אויפן וואָרט — „ווען?"
דאָ זענען דאָ ווייניק סאָלדאַטן.
בלויז די אָראָפּגעשאָסענע פייגל דערציילן פון מלחמה.
גלייבסט יעדער שטיקל נייעס וואָס דו הערסט.
די געביידעס זענען איצטער ענגער,
גוף שמעקט נענטער צו גוף.
און די בוידעמער שרייען מיט ליכט, לאַנגע, לאַנגע שעהן.

היינט אָוונט האָב איך געשפּאַנט איבער די גאַסן פון טויט.
אויף איין וואָגן האָבן זיי די טויטע אַוועקגענומען.

פאַרוואָס זענען אַזויפיל מאַרשן דאָ געפּויקט געוואָרן?
פאַרוואָס אַזויפיל סאָלדאַטן?

אָבער
אַ וואָך נאָכן סוף,
אַלץ וועט דאָ בלייבן ליידיק.
אַ הונגעריקע טויב וועט דאָ פּיקנדיק זוכן ברויט.
אינמיטן גאַס וועט שטיין
אַ ליידיקער, שמוציקער
טויטן־וואָגן.

(דאָס ליד איז פאַרבליבן אין אַ שרייב־מאַשין־קאָפּיע. ווייטער איז אַלץ אומבאַקאַנט).

## טערעזין

אַ שטיק שמוץ און קויטיקע ווענט.
אַרום און אַרום שטעכיקע דראָט,
און דרייסיק טויזנט נפשות וואָס שלאָפן,

וועלן אַמאָל אויפוואַכן,
און זען אַמאָל
זייער אייגן בלוט — פאַרגאָסן.

איך בין אַמאָל געווען אַ קליין קינד,
מיט דריי יאָר צוריק,
דאָס קינד וואָס האָט געקענט נאָך אַנדערע וועלטן.
אָבער איצטער בין איך מער נישט קיין קינד,
ווייל איך האָב זיך אויסגעלערנט פיינט האָבן.
איך בין אַ דערוואַקסענער מענטש איצטער,
איך האָב דערקענט פּחד.
בלוטיקע ווערטער און אַ טויטער טאָג,
זענען דאָך עפּעס אַנדערש ווי קינדערישע שרעקן.

פונדעסטוועגן גלייב איך נאָך אַז איך שלאָף בלויז היינט,
אַז איך וועל זיך ווידער אויפכאַפּן אַ קינד,
אָנהויבן לאַכן און שפּילן.
איך וועל צוריקגיין צו קינדהייט.
זיס ווי אַ שמעקעדיקע רויז,
ווי אַ גלאָק וואָס וואַכט אויף פון חלום,
ווי אַ מאַמע מיט אַ קראַנק קינד,
וואָס האָט עס ליב מיט ווייטאָגדיקער ליבע פון אַ פרוי.
ווי טרויעריק דערפאַר איז יוגנט וואָס לעבט
מיט שונאים, מיט תליה־שטריק.
ווי טרויעריק די קינדער אויף דיין שויס
צו זאָגן: דאָס איז פאַר גוטס, דאָס פאַר שלעכטס.

ערגעצוואו, ווייט אַוועק, אָט דאָרט,
שלאָפט זיס די קינדהייט,
אָט לענגאויס יענעם וועג, צווישן ביימער,
זע דאָרטן דאָס הויז,
וואָס איז געווען אַמאָל מיין שטאָלץ און פרייד.

דאָרט האָט מיך מיין מוטער געבוירן אין אַזאַ וועלט,
אַז איך זאָל קאָנען וויינען.

אין ליכט־פלעמל ביי מיין בעט, שלאָף איך,
און אַמאָל וועל איך מסתמא פאַרשטיין,
אַז איך בין געווען אַזאַ קליינע זאַך,
אַזוי קליין ווי אָט דאָס ליד.

די דרייסיק טויזנט נפשות וואָס שלאָפן,
צווישן די ביימער וועלן אויפוואַכן,
עפענען אַן אויג
און ווייל זיי זעען אַ סך,
וועלן זיי נאָכאַמאָל איינשלאָפן.

**(דאָס ליד איז דורך אַ געוועזענעם לערער אין טערעזין דערקענט געוואָרן, אַז דעם יונגן פּאָעטס נאָמען איז געווען — האַנוש האכענבורג, געבוירן אין פּראָג, דעם 12־טן יולי 1929. ער איז אומגעקומען אין טערעזין דעם 18־טן דעצעמבער 1943).**

## קאָנצערט אויפן אַלטן שולע־בוידעם
**(געשפּילט פון גדעון קליין)**

ווייסע פינגער פון דעם קברות־מאַן שלאָפן שווער אויף אונדז,
אַוועק אַ האַלבער יאָרהונדערט,
זינט עמיצער האָט אַפילו באַרירט אָט די פּיאַנע.
זאָל זי נאָכאַמאָל זינגען,
ווי מ׳האָט זי געצוואונגען טאָן נעכטן.
כישוף־הענט וואָס באַרירן קוים אָדער וואָס דונערן.
דער שטערן פון דעם מענטשן איז שווער ווי דער הימל
איידער ס׳רעגנט.
און די פּרוזשינעס
אונטער דער משא פון אויפרודער האָבן פאַרגעסן צו קרעכצן.
אַוועק אַ האַלבער יאָרהונדערט זייט ס׳האָט עמיצער

אַפּילו אָנגערירט אָט די פּיאַנע.
אונדזער גוטער פריינט צייט האָט אויסגעזויגן, אויסגעליידיקט
יעדע פיגור,
ווי אַ האָניק־בין וואָס האָט לאַנג גענוג געלעבט
און געטרונקען גענוג האָניק, אַז זי קאָן איצטער ערגעצוואו
טריקענען אויף דער זון.
אונטער די געשלאָסענע אויגן זיצט נאָך אַ מענטש,
אונטער געשלאָסענע אויגן, זוכט ער צווישן די ביינדלעך,
ווי צווישן די אָדערן וואָס בלוט פליסט דורך זיי רואיק,
ווען דו קושסט זיי מיט אַ מעסער און לייגסט צו אַ געזאַנג.

און דער מאַן האָט נעכטן אויפגעשניטן אַלע אָדערן,
עפענענדיק אַלע אָרגל־רערן,
און באַצאָלט אַלע פייגל זיי זאָלן זינגען.

כאָטש די שטרענגע פינגער פון קברות־מאַן
שלאָפן שווער אויף אונדז, —
געבויגן אין זיין טויט־פורעם,
ביסטו ווי בעטהאָווען,
דיין שטערן איז געווען אַזוי שווער
ווי דער הימל איידער ס׳רעגנט.

**(נאָמען פון יונגן פּאָעט אומבאַקאַנט, די אינספּיראַציע פאַרן זעלבסטמאָרד־קאָנצערט איז אויך פאַרהוילן, אָבער דאָס פּרעכטיקע ליד לעבט פאַר זיך אַליין אָן אויפקלערונגען).**

## ווייטאָג שלאָגט פונקען אויף מיר, דער ווייטאָג פון טערעזין

פופצן בעטן, פופצן קאַרטלעך מיט נעמען.
פופצן מענטשן אָן אַ משפּחה־בוים.
פופצן קערפּערס פאַר וועמען עינויים זענען רעצעפּטן און פילן.
בעטן וואָס איבער זיי גיסט זיך דאָס רויטע בלוט פון דורות.
פופצן קערפּערס וואָס ווילן דאָ לעבן.

דרייסיק אויגן זוכן שטילקייט.
גאָלע קעפּ גאַפן פון תפיסה אַרויס.
די הייליקייט פון יסורים, וואָס איז נישט מיין דאגה.

די מחיהדיקע לופט, טאָג־איין טאָג־אויס,
שמעקט מיט אומהיימלעכקייט און קאַרבאָל.
די קראַנקן־שוועסטערס טראָגן טערמאָמעטערס.
מוטערס וואָס בענקען נאָך אַ שמייכל.
עסן איז דאָ אַזאַ לוקסוס.
אַ לאַנגע, לאַנגע נאַכט און אַ קורצער טאָג.
אָבער סיי ווי וויל איך נישט פאַרלאָזן
די באַלויכטענע צימערן און די ברענענדיקע באַקן.
קראַנקן־שוועסטערס וואָס לאָזן איבער נאָך זיך אַ שאָטן,
צו העלפן די קליינע חולאים.
איך וואָלט דאָ געוואָלט בלייבן אַ קליינער פּאַציענט,
וואַרטנדיק אויף דעם דאָקטאָרס טעגלעכע באַזוכן.
ביז נאָך לאַנגע, לאַנגע טעג,
וואָלט איך צוריק געזונט געוואָרן.

דעמאָלט וואָלט איך געוואָלט לעבן
און גיין צוריק אַהיים.

**(די דאָזיקע שפּיטאָל־אימפּרעסיע מיט דעם לאַנגן טרויעריקן נאָמען איז פאַרבליבן אָן אַן אונטערשריפט. ס'איז אַ ליד פון אַ קליינעם פּאַציענט אין געטאָ, וואָס האָט גיכער געוואָלט לעבן אין שפּיטאָל, איידער אויף דער אומגעזונטער פריי).**

## צו אָלגאַ

הער!
דער פייף פון שיף האָט זיך נאָר וואָס געהערט
און מיר מוזן אָפּשווימען,
אַרויס צו אַן אומבאַקאַנטן האַפן.

מיר וועלן שווימען אַ לאַנגן, לאַנגן וועג
און חלומות וועלן ווערן אַן אמת
אָ, ווי זיס איז דער נאָמען מאַראָקאָ!
הער!
איצט איז צייט.

דער ווינט זינגט לידער פון ווייטן אַוועק.
גיב נאָר אַ קוק אַרויף צום הימל
און טראַכט פון די פּיאַלעטן.
הער!
איצט איז די צייט.

(דאָס ליד איז געשריבן פון דער זעכצן־יאָריקער אַלענאַ סינקאָוואַ. זי איז צווישן די גליקלעכע הונדערט, פון די 15 טויזנט קינדער אין טערעזין, וואָס איז געבליבן לעבן).

## „טאָגבוך פון ווילנער געטאָ"

וועגן דעם ווילנער געטאָ איז שוין א סך געשריבן געוואָרן און מען הערט נישט אויף צו שרייבן. דאָס אַרומנעמענדיקסטע ווערק פון ד"ר מארק דוואָרזשעצקי האָט אויך נישט אויסגעשעפּט אַלץ וואָס די יידן אין דער ווילנער געטאָ האָבן דורכגעלעבט, און באזונדערע באַשרייבונגען פון לעבן־געבליבענע קרבנות גיבן צו אַ סך פּרטים, וואָס ווייזן אונדז דער עיקר, אז ווילנע איז געבליבן ווילנע אויך אין דער געטאָ, אַז דער יידיש־געזעל־שאַפטלעכער פּולס האָט געקלאַפּט ווי לאַנג די כוחות האָבן אויסגעהאַלטן און אַ סך לענגער, ווען די כוחות זענען שוין ממש אויסגעגאַנגען.

דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט „ייוואָ" האָט אַרויס־געגעבן אַ טאָג־בוך פון אַן אומגעקומענעם, וואָס וועט זיכער בלייבן א קלאַסיש ווערק אין אונדזער חורבן־ליטעראַטור און אַ קוואַל פון אומאויס־שעפּלעכער אינפאָרמאַציע פאַר די, וואָס וועלן אַמאָל שרייבן די גרויסע געשיכטע פון דעם אומגעקומענעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום, אָדער

מאַטעריאַל פאַר די צוקונפטיקע יידישע בעלעטריסטן, וואָס וועלן געבן דעם חורבן אויך א קינסטלערישע פאַראייביקונג.

הערמאַן קרוק איז געווען דער עלטערער ברודער פון דעם ייוואָ־דירעקטאָר פנחס שוואַרץ. ער איז אומגעקומען אין 1944 אין אַן עסטלאַנדישן לאגער, אָבער ער האָט פאַרבראַכט פיר יאָר אין ווילנע, און פון יוני 1941 ביז יולי 1943, די צוויי ביטערע יאָרן פון דער ווילנער געטאָ, איז ער געווען דער כראָניקער און ער האָט געטריי פאַרצייכנט אין א טאָג־בוך קורצע באַמערקונגען, אויפכאַפּנדיק דאָס לעבן אַרום זיך, מיט דעם פולן באַוואוסטזיין, אַז אפילו ווען ער וועט אומקומען, מוז דער פנקס, ווי הערמאַן קרוק אליין האָט גערופן זיין טאָג־בוך, דערגיין צו דער וועלט. הערמאַן קרוק איז אַ לענגערע צייט געווען אַ ביבליאָטעקאַר אין ווארשע און ער האָט דערפאר אַנטוויקלט א חוש פאַר קאטאלאָגירן געשעענישן, און צו דיסציפּלינירן די פעדער, אַז ער מוז דערציילן אי דאָס סאַמע וויכטיקע פון טאָג־טעגלעכן פאַרלויף, אי די קלענערע דורכלעבענישן, וואָס זענען אויך נויטיק פאַר דעם גאַנצן בילד.

דאָס טאָג־בוך פון הערמאַן קרוק איז טאַקע דערגאַנגען צו דער וועלט, אָבער גאָר פיין און מאטערנישן. די כראָניק פון צוויי יאָר ווילנער געטאָ האָט זיך געריסן פון באהעלטענישן, וואו די 757 מאשין־געשריבענע זייטן זענען געווען באגראָבן. אין 1948 זענען קיין ניו־יאָרק אָנגעקומען 380 זייטן, אָבער ערשט אין 1959 האָבן אַנדערע 130 זייטן דערגרייכט דעם יד ושם אין ירושלים. דער גאַנצער מאַנוסקריפּט איז קיינמאָל נישט געפונען געוואָרן. צוזאמען האָבן זיך אָפּגעזוכט 510 זייטן און דער געניטער פאָרשער מרדכי וו. בערנשטיין, האָט דעם מאַנוסקריפּט צוזאמענגעשטעלט און אויסגעפילט די בלויזן, מיט וויכטיקע באַמערקונגען און אויפקלערונגען. ס׳פעלט דער סוף פון טאָג־בוך, און ס׳פעלן אינמיטן גאַנצע זייטלעך און שורות, אָבער בערנשטיין האָט דאָס טאָג־בוך רעסטאַווירט און ס׳איז אין אים פאַראַן גענוג קלאָרקייט, וואָס שאַפט אַ פול בילד פון דער ווילנער געטאָ. דעם פנקס האָט הערמאַן קרוק אָנגעהויבן צו פירן דעם 23־טן יוני, 1941, און דאָס לעצטע זייטל פון פנקס, וואָס הייסט „טאָג־בוך פון ווילנער געטאָ״, פאַרענדיקט זיך — דעם 14־טן יולי 1943.

פנחס שוואַרץ גיט איבער די ביאָגראַפיע פון זיין עלטערן ברודער, וואָס איז באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען הערמאַן קרוק. ביז דעם אויס־

ברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז הערמאַן קרוק געווען דער ביבליאָטעקאַר פון דער „גראָסער־ביבליאָטעק" אין וואַרשע, און ער איז אויך געווען דער סעקרעטאַר פון דער איינפלוסרייכער „קולטור־ליגע". אומגעקומען איז ער אין דעם נאַצישן טויט־לאַגער — קלאָגע.

הערמאַן קרוק האָט געלעבט גאַנצע פיר יאָר אין ווילנע, דורך די אַלע בייטנדיקע רעזשימען — באָלשעוויקעס, ליטווינער, נאַציס. אָבער די לעצטע צוויי יאָר האָבן שוין אָנגעהויבן אַרומוויקלען דעם געטאָ מיט דעם פּחד פון אומקום. אָט די צוויי יאָר האָבן דערפאַר אַרויסגערופן אין הערמאַן קרוקן די אחריות צו פירן אַ טאָג־בוך. ער האָט זיינע פאַרצייכע־נונגען געשריבן אויף אַ שרייב־מאַשין אין דריי קאָפּיעס. איינע האָט ער באַהאַלטן אין דער ביבליאָטעק אויף סטראַשון גאַס. איינע האָט ער געגעבן אַ גלח אויף צו באַהאַלטן, און אַ דריטע האָט ער באַגראָבן אין אַ בלעכענעם קעסטל. געפונען די ערשטע זייטן פון טאָג־בוך האָט דער פּאָעט און פּאַר־טיזאַן אברהם סוצקעווער. די בלעטער זענען אויפגעקליבן געוואָרן ווי שמות, זייטנווייז, ביז מ׳האָט פון זיי צוזאַמענגעשטעלט די דאַטירטע המשכדיקייט פון געראַטעוועטן מאַנוסקריפּט.

צוויי הויפּט־מאָמענטן שווימען אַרויס פון דעם טאָג־בוך, ווען מען לייענט אים און מען לייענט זיך אַריין, אין דער טאָג־טעגלעכקייט פון די פאַרצייכנטע מאָמענטן. ערשטנס, אַז ביים גאַנצן מאַרטירערטום פון יידן אין דער ווילנער געטאָ, איז אין געטאָ איינגעשטעלט געוואָרן — אַ לעבן, צווייטנס, אַז דאָס איינגעשטעלטע לעבן איז געווען אַ יידיש לעבן, מיט דער גאַנצער באַוואוסטזיניקער אימפּולסיוויקייט פון ווילנער יידנטום. אין דער ווילנער געטאָ האָבן געלעבט אַרום צוואַנציק טויזנט יידן, און געמוסטערט איז דאָס געטאָ־לעבן געווען אין געשטאַלט פון דער פולער עיר ואם בישראל, ווען ווילנע האָט געבליט מיט יידישער שעפערישקייט און יידישער גאונות.

נאָך עפּעס, מחמת דער איינגעוואָרצלטער באַוואוסטזיניקייט און קול־טיווירטער חשיבות פון יידן אין דער ווילנער געטאָ, איז דער פּראָצעס פון בהדרגהדיקער פאַרטיליקונג געווען אַ לאַנגזאַמער. די צוררים האָבן זיך באַצויגן אַ סך פאָרזיכטיקער ווי אין אַנדערע געטאָס, ווייל דער שטאַר־קער און לעבעדיקער בטחון פון ווילנער יידן האָט די בעסטיעס און פּייני־קערס געצוואונגען נישט צו שפּילן קיין אָפענע קאָרטן דעמאָלט ווען זיי זענען שוין געפאָרן איבער די רוקנס פון די יידן אין אַנדערע געטאָס.

אוודאי זענען אין הערמאַן קרוקס טאָג־בוך פֿאַראַן שטעלן וועגן דער יידישער פּאָליציי, וואָס פאַרקלעמען דאָס האַרץ, אַז אפילו איינצלנע יידן זאָלן קאָנען דעגענערירט ווערן. אָבער אפילו די יודען־ראַטלערס האָבן זיך אויך געמוזט באַציען אָנשטענדיקער, מיט א קולטור־פּייגנבלעטל, ווייל אויך זיי זענען טיילווייז נייטראַליזירט געוואָרן דורך דעם לעבעדיקן דראַנג פון די געטאָ־יידן.

ס'וועט קלינגען איראָניש — און מען דאַרף עס טאַקע נעמען מיט מער ווי איין שטויבעלע זאַלץ, אָבער מען קאָן זאָגן, אַז מחמת די יידן אין ווילנער געטאָ האָבן באוויזן איינצושטעלן א יידיש לעבן, האָט זיך זיי, פאַרגלייכלעך, געלעבט בעסער ווי אין אַנדערע געטאָס. דער געלעבט איז געווען אָך און וויי, אָבער יידן האָבן פּאָרט לענגער געלעבט אין אַ יידי־שער ראַם.

ס'איז דערפאַר קיין וואונדער נישט, וואָס מען געפינט אין טאָג־בוך פאַרצייכענונגען פון אַ גרויסער צאָל קולטור־פייערונגען, געפּראַוועטע ימים־טובים, אָרגאַניזירטע אויסשולונג פון יידישע קינדער, ביבליאָטעקן און אפילו פארקויף פון ביכער, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן.

דעם 24־טן יוני 1941, האָט הערמאַן קרוק פאַרצייכנט אָט די ווערטער: „מיין פיין האָט קיין ווערטער נישט. דער היינטיקער טאָג האָט פון מיר געמאַכט אַ זקן. ניין, נישט קיין זקן, איך וויל זיין יונג, שטאַרק און דויער־האַפט. איבערהאַלטן. איך וויל און וועל עס איבערהאַלטן".

ווייטער אין זיין טאָג־בוך דערציילט הערמאַן קרוק, אז ס'איז דער־גאַנגען צו דער געטאָ אַ ליד פון א רוסיש קינד, פול מיט יאוש און פּעסי־מיזם, אָבער אַ ניין־יאָריק יידיש געטאָ קינד אין ווילנע האָט אויף דעם געענטפערט מיט אַ ליד פון ליכטיקן בטחון.

אָט דער ווילן „איבערצוהאַלטן" און צו זיין „דויערהאַפטיק" איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידישער געטאָ־באַפעלקערונג, אפילו נאָכדעם ווי ס'האָבן זיך שוין אָנגעהויבן איבערפאַלן און רויבערייען פון די כאַפּונעס, ווען גאַנצע גאַסן האָבן געשריגן: „לעצטנס האָט זיך אָנגע־נומען און עס שרייען נישט נאָר די געטראָפענע, נאָר די געשרייען כאַפּן באַלד איבער די שכנים, און די גוואַלדן דערטראָגן זיך פון שכן צו שכן און פון הויף צו הויף. עס קומט אָפּט אויס, אז עס שרייט אַ גאַס". אָבער אין געטאָ קושן זיך האלבפרעמדע מענטשן. „די שמחה איז זייער גרויס...

אַבי מען לעבט!" מען הויבט זיך שוין אָן וויצלען, שאפן נייעם פאָלקלאָר, יידענעס טייטשן שוין אויס, אַז געטאָ שטאַמט, אייגנטלעך פון גטן זיך מיט די אייגענע היימען.

אין ניי־יאָר 1942, פאַרשרייבט דער טאָג־בוך פאַרצייכענער: „איך בין אָבער פול מיט בטחון, פול מיט האָפענונג אין דער גרויסער נייער צייט, וואָס עס ברענגט מיט זיך דאָס נייע יאָר 1942".

דעם 20־טן יאַנואַר 1942 איז אין געטאָ געשאַפן געוואָרן אַ „פאַר־באַנד פון ליטעראַטן און קינסטלער", און דער דאָזיקער פארבאנד האָט טאַקע פונקציאָנירט און געטאָן וויכטיקע אַרבעט.

אָבער כדי מען זאָל וויסן אין וואָס פאַר אַן אַטמאָספער ס'איז אויס־געקומען יידן צו לעבן מיט בטחון, לייענען מיר דעם 5־טן פעברואַר, 1942, אַז „היינט האָט די געסטאַפּאָ אַרויסגערופן צו זיך צוויי מיטגלידער פון יודענראַט און זיי געמאָלדן: „ביי יידן טאָרן פון היינט אָן נישט געבוירן ווערן קיין קינדער".

אין געטאָ זענען נאָך דעם צענטן מערץ 1942 געווען שולעס מיט אַ טעגלעכן באַזוך פון 700 יידישע קינדער, אין צען גרופּעס. באַשעפטיקט זענען געווען צוואַנציק לערערס.

און אָט קומען מיר צו אַ פאַרצייכענונג: דעם 6־טן מאַי, 1942, וועגן אַ „דיכטער־אָוונט מיט סוצקעווערן". סוצקעווער האָט געלייענט זיין ניי געשאַפן ליד „דאָס קבר־קינד", און ס'איז געווען אַן „אָוונט פון גרויסער שעפערישער באַגייסטערונג". דער יידישער לייענער אין דער געטאָ האָט געשלונגען ביכער. די צאָל אויסגעלייענטע ביכער וואַקסט כסדר.

דעם 25־טן יולי 1942 איז פאַרגעקומען אַן אָוונט לכבוד „יונג ווילנע". ס'זענען געקומען 200 מענטשן צו דער פייערונג און מען האָט געהאַלטן לאַנגע רעדעס, ווי ס'פירט זיך ביי אַלע יידישע אָוונטן, בכל תפוצות ישראל.

אין געטאָ האָט עקזיסטירט א „געטאָ־פּאָליטעכניקום". 19 יוגנטלעכע האָבן ביים ערשטן אַרויסלאָז באקומען דיפּלאָמען פון א פאַרענדיקטן קורס אין שלאָסעריי און עלעקטראָטעכניק. קרוק שרייבט לאַקאָניש, אַז ד גראַ־דואַנטן מאַרשירן פאַרביי צו קריגן זייערע דיפּלאָמעס — „אָן שיך, מאָגערע און האַלב־פאַרפייניקטע. פון מאָרגן אָן ווערן זיי שוין אלע אַרבע־טער. אין געטאָ הייסט דאָס א גליק".

דעם 12־טן סעפּטעמבער איז געווען ראש השנה. מענטשן האָבן געזוכט איינע די אַנדערע, כדי זיך צו ווינטשן. דער יידישער געטאָ־שעף גענס האָט פּאַנאַנדערגעשיקט גליק־וואונטשן צו די יידישע אינסטיטוציעס: „לשנה טובה תכתבו"! איך באגריס אַלע געטאָ־איינוואוינער צום נייעם יאָר. איך ווינטש אַלעמען געזונט, רואיקייט און אַ גליקלעכע צוקונפט".

אַזוי האָט אין ראש השנה תש"ג געווונטשן דער הויפּט פון דער יידישער פּאָליציי אין דער געטאָ, אַ ייד, וואָס איז געווען דאָס גרעסטע מענטשלעכע רעטעניש מיט זיינע מיאוסע מעשים און טובות פאַר יידן, אַ ייד, וואָס איז געקומען יום כיפור אין שול אַריין זיך אויסבעטן אַ „גליקלעכע צוקונפט".

נישט געווען קיין איין יידישער יום־טוב, וואָס איז נישט אָפּגעהיט געוואָרן אין געטאָ. אַלע פאַרשידענע שיכטן פון דער יידישער געזעל־שאַפט פון אָרטאָדאָקסישן ביז דעם סאָציאַליסטישן פליגל האָבן נישט פאַר־געסן די יידישע ימים טובים, יעדער אויף זיין שטייגער. אָט איז אַן אינטערעסאַנטע פאַרצייכענונג, אַז דעם 24־טן יאנואַר איז אין לאָקאַל פון דער רעליגיעזער קיך אין געטאָ, שאַוועלסקאַ 5, „פאַרגעקומען אַ סיום פון מסכתא קידושין. מיט רעדעס זענען דאָ אַרוסגעטראָטן א ריי רעליגיעז־געשטימטע מענטשן".

און היות ווי ס'איז נאָר וואָס ביי אונדז געפייערט געוואָרן דער חודש פאַרן יידישן בוך, איז כדאי איבערצוגעבן, אַז אין געטאָ זענען אויך פאַר־געקומען ביכער פארקויפן. פון יוני 1942 ביזן 1־טן מערץ 1943 זענען פאַרקויפט געוואָרן 3996 ביכער. יידישע — 2349; העברעאישע — 471, און 449 ספרים.

אַז ס'רעדט זיך וועגן העברעאישע און יידישע ביכער, איז אינטערע־סאַנט צו באַמערקן, אַז דער שרייבער הערמאַן קרוק איז געווען א הייסער בונדיסט. עטלעכע פּאַרטייאישע באַמערקונגען זיינע בין איך נישט אימ־שטאַנד צו קאָנטראָלירן, אָבער בדרך כלל איז ער נוטה צו אומפּאַרטייאישקייט אין זיינע באַמערקונגען. הייס ווערט ער אַרום אַן אַקציע צו „העברעאיזירן" די יידישע קולטור אין דער געטאָ. אָבער ס'וויזט אויס, אַז דער געטאָ איז טאַקע געגאַנגען אויף רעדלעך איבער דעם דאָזיקן שפּראַכן־ריס. פונ־דעסטוועגן האָט מען געשפּילט דוד פּינסקיס „דער אייביקער ייד" אויף

העברעאיש, און הערמאַן קרוק דערציילט אונדז, אַז ס׳איז געווען אַ שיינע פאָרשטעלונג. אין געטאָ איז פאָרגעקומען א גרויסע קונסט־אויסשטעלונג, און אָט איז א טראַגישע זייטיקע באמערקונג, וואָס גיט א שניט: „צום מיינסטן אויפמערקזאַמקייט ציען צו די צייכענונגען פון ניין־יאָריקן יינגל ס. באַך. דאָס קינד ווייזט אַרויס אויסערגעוויינלעך טאַלאַנט, „ממש אין יעדער ליניע״.

וואו איז איצטער דאָס קינד מיט דעם אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט? וואו זענען די טויזנטער יידישע קינדער, מיט צוזאָגנדיקע טאַלאַנטן אויף אַלערליי געביטן?

אַ קילאָ מצות אין געטאָ האָט געקאָסט 300 רובל, אזוי ווי זעקס קילאָ ברויט. פונדעסטוועגן „איז, דוכט זיך, נישטאָ קיין שטוב וואו עס זאָלן נישט זיין קיין מצות״. דאָס איז א באַשרייבונג פון פסח דעם 19־טן אפריל 1943, ווען אין ווארשע איז פאָרגעקומען דער געטאָ־אויפשטאַנד. די בשורות וועגן ווארשעווער אויפשטאַנד דערגרייכן ביסלעכווייז ווילנע און הערמאן קרוק באמערקט: „ווי מיט א שטעקן איבערן קאָפּ — וואַרשע״.

וואָס נעננטער מיר קומען צום סוף פון הערמאַן קרוקס מיט נסים אָפּגעראַטעוועטן טאָג־בוך, פאַרלירט דער געטאָ „אַלע אילוזיעס״. דעם צווייטן פסח אין געטאָ לייגט מען אַריין דעם „גאַנצן אייפער״ אין דעם יום טוב. די רעליגיעזע קיך פראווועט א סדר פאר 100 יידן. דער יוגנט־קלוב האָט אַ סדר. ציוניסטן נוצן די רעליגיעזע קיך אויף אַ סדר. אַפילו דער יידישער אזוי־גערופענער געטאָ־פּאַרשטייער — גענס — פּראַווועט אַ סדר. סדרים זענען אָרגאניזירט געוואָרן פאר דער שול־יוגנט, באזונדערס פאר עלטערע שילער און יינגערע שילער. ס׳פּראווועט אַ סדר די העברעאישע סטודיע מיטן העברעאישן כאָר, און די יינגל און מיידל־אינטערנאַטן פון „ילדים״.

הכלל דער ווילנער געטאָ מאַכט דעם לעצטן אָנשטרענג צו אָטעמען דורך אַלע אירע לעבעדיקע אָטעם־פּאָרן. אָבער די פארצייכענונג פון סדר ענדיקט הערמאַן קרוק מיט דעם דאָזיקן יאָמער:

„די סוועגציאָנער און אָשמענער יידן, וואָס זענען פאַרבליבן אין ווילנער געטאָ, ווען דעם היינטיקן סדר זיכער אדורכשווימען אין אייגענע טרערן״.

## „נאָך דער באַפרייאונג“

איבער דעם בוך „נאָך דער באַפרייאונג“ פון יאָנאַס טורקאָוו, וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורכן „צענטראַל פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע“, איז נישט שייך צו שרייבן קיין קריטיק. דער גאַנצער טערמין קריטיק פאָרט זיך נישט מיט אַזאַ ווערק, וואָס מ'קען קוים געפינען אַ פאַסיקן טערמין דערפאַר. דער מחבר אַליין רופט עס זייער שטיל און באַשיידן — זכרונות, אָבער די 25 קאַפּיטלען פון יאָנאַס טורקאָווס בוך וואָלטן געווען אויף אַזוי פיל זכרונות, ווען מ'וואָלט די דערמאָנונגען זיינע געקאָנט כאַראַקטעריזירן, ווי דערוואַרטע אָדער אַפילו אומגעריכטע געשעענישן אין מענטשלעכן לעבן. דאָס זענען אָבער נישט קיין געשעענישן און זיי קומען אַבסאָלוט נישט אַריין אין דעם אָרביט פון לעבן. אַ סך גערעכטער צום ווערק וואָלט געווען, ווען מען וואָלט עס גערופן אַן איכה, אַ נאַציאָנאַלער קלאָג־און־אָנקלאָג־אַקט, גוט דאָקומענטירט, פון אַ מענטשן וואָס האָט עס אַלץ דורכגעלעבט און אויפגעהאַלטן נישט אַזוי דעם פערזענלעכן זכרון, ווי דעם העכערן, אחריותדיקן נאַציאָנאַלן זכרון.

יאָנאַס טורקאָוו האָט ביז „נאָך דער באַפרייאונג“, אַרויסגעגעבן פיר ביכער, וואָס זענען קלאַסיש אין אונדזער חורבן־ליטעראַטור. ער האָט אַליין געלעבט אין דער געטאָ און ער האָט געשילדערט די שוידער־יאָרן און דעם אויפפלאַקער פון ווידערשטאַנד. ער האָט אויך געשטעלט אַן אייביקן מאָנומענט די אומגעקומענע יידישע אַקטיאָרן און טעאַטער־לייט, מענטשן פון זיין און זיין פרויס פּראָפעסיע. אָבער די געטאָ איבערלעבענישן און אַלץ, וואָס ס'איז אַ היטלער־קרבן אויסגעקומען דורכצוטראָגן, זענען שוין אַזוי אַריינגעשניטן געוואָרן אין באַוואוסטזיין פון אונדזער דור, אַז ס'איז שוין כמעט געוואָרן די נאַטירלעכע געשיכטע פון אונדזער רעשטל דערלעבטע יאָרן. מיר צינדן אָן זעקס ליכט, מיר האלטן רעדעס, מיר פאַרצייכענען אַ סימבאָלישן טאָג, מיר לעבן עס שוין אַליין דורך ווי אָפּקילנדיקע געשיכטע. ערגער איז וואָס מיר פאַרשטייען עס שוין באַלד, אָדער מיר האנדלען ווי אזא גזר און אזא אויסראָטונג וואָלט טאַקע געווען פארשטענדלעך און מיר זוכן טרייסט־פעדים, אין דעם גאַנצן געוועב פון אזא אומזיניקער פארטיליקונג.

קומט יאַנאַס טורקאָוו און גיט אונדז אין זיין פינפט בוך דעם גרעסטן קלאַפּ. ס׳איז שוין נאָך דער באַפרייאונג, 14 יאָר נאָך דער באפרייאונג! וואָס איז טאַקע געשען נאָך דער באפרייאונג? דאָס וואָס איז געשען איז ערשט אזוי ביטער און וויסט, אזוי אומפאַרשטענדלעך, אז אויפסניי דער־מאָנט מען זיך אין דעם חורבן און עס ווערט אויס געשיכטע, עס פּלאָגט און מאטערט און מאָנט.

כ׳האָב פריער געזאָגט, אז יאַנאַס טורקאָווס ווערק איז נאַציאָנאַלער זכרון. ס׳איז אָבער אויך אוניווערסאַלער. ער שטעלט אַוועק די נייע קלאָרע פראגע, וואָס איז דער מין מענטש?

גוט, מיר וועלן שוין ווי עס איז פאַררעדן די אויפגעהעצטע חיה־יאָרן. מיר וועלן זיי פאַרוויינען, באקלאָגן און פאַרצייכענען מיט געדענק־דאַטעס. אָבער נאָך דער באפרייאונג? יאָ, וואָס איז געשען נאָך דער באפרייאונג?

לייענט דאָס דאָזיקע בוך, ס׳איז בפירוש א מוז. נאָך דער באפרייאונג זענען קיין לובלין אָנגעקומען הונדערט געראַטעוועטע יידן, פון זיי פופציק לובלינער יידן, פון די קנאַפּע פופציק טויזנט פאַר דער מלחמה. לובלין איז בלויז אַ משל, אָבער אַ ריכטיקער משל. די באָלשעוויקעס האָבן באַפרייט לובלין פאַר אַנדערע פוילישע שטעט. די ערשטע פויליש־באַפרייטע רעגי־רונג איז איינגעשטעלט געוואָרן אין לובלין. איידער די היטלער־אַרמייען זענען פאַריאָגט געוואָרן, האָבן מיליאָנען פּאָליאַקן געהאָלפן דעם דייטשן זיגער צו ליקווידירן די יידישע באַפעלקערונג. אָבער דאָס איז דאָך געווען פאַר דער באַפרייאונג. דער זיגער און דער באַזיגטער האָבן זיך געאייניקט אויף איין פריינטשאַפטלעכן אָקט — אויסראָטן יידן, העלפן זיי אויסזוכן, דערקענען יידישע אויגן, זיי איבערגעבן דעם שונא — דורך די שרעק־יאָרן פאַר דער באַפרייאונג!

דאָס ווילד־אומפאַרשטענדלעכע הויבט זיך ערשט אָן, ווען דאָס באַזיגטע פוילישע פאָלק, הויבט אָן אָפּאָטעמען אביסל פרייער. קיינער פאָדערט מער נישט ביי אים קיין מלחמה־קאָנטריבוציע, געצאָלט מיט יידישע קעפּ, וואָס דאָס פוילישע פאָלק האָט געצאָלט מיט שמחה.

איצטער, אַז אין פוילישע שטעט קומען צוריק רעשטלעך וואָס זייער אויסזען אַליין קאָן רירן די פאַרשטיינערטע גזלנישע הערצער; איצטער נאָך דער באפרייאונג ווערט א פאָלק, וואָס האָט אליין געליטן פון דעם דייטש, אויפנעמען מיט בושה און טיפער חרטה די וויינענדיקע רעשטלעך

פון אַזויפיל פאַרשניטענע שטאָמען. מענטש וועט דערזען מענטש, מ׳וועט זיך פאַלן אויף די העלדזער, אַפילו דער פוילישער עשיו וועט וויינען אויף יעקבס האלדז...

אין 25 קאַפּיטלעך דערציילט אונדז יאַנאַס טורקאָוו, וואָס עס איז געשען אין פוילן נאָך דער באפרייאונג. ווידער הויבט ער אויף, נישט־ווילנדיק די אַלטע פראַגע, ווי איז עס מעגלעך אז אַ גאַנץ פאָלק זאָל אַזוי צעיושעט שנאַפּן און זוכן יידיש בלוט, ווען פון די מיליאָנען זענען שוין געבליבן עטלעכע טויזנט, וואָס האַלטן זיך קוים אויף די פיס, וואָס זענען צוריק־געקומען זוכן, ווער אַ ווייב, ווער אַ קינד, אַ טאַטן, אַ מאַמען, א קרוב, א פריינט?

יאַנאַס טורקאָווס בוך איז אַ מגילה פון צער און פּיין וואָס וואָלט באַדאַרפט ווערן וועכנטלעכער לייען־מאַטעריאַל ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. איז דערפאַר נישט שייך צו שרייבן קיין קריטיק איבער אַזאַ בוך. מען וואָלט אפשר גאָר באַדאַרפט געפינען אַן אופן, ווי צו קאָנדענסירן די קאַפּיט־לעך און אויסשעפּן אַלץ, נישט אויסלאָזנדיק קיין איין עפּיזאָד, כדי כאָטש צו שאַפן די אטמאָספערע פון בוך, וואָס איז נישט קיין מעשה־בוך, נאָר אַ רעגיסטער פון הונדערטער באקאנטע נעמען, צענדליקער וויכטיקע דאָקו־מענטן, צוזאמענגעוועבט אויף דער קאַנווע פון א גרויסן שרעקלעכן פרעג־צייכן. היתכן, ווי אזוי איז עס מעגלעך?

צופיל יידן האָבן זיך געראַטעוועט, שרייען פּאָליאַקן מיט באַדויערן. ס׳הויבט זיך אָן אַ באַנדיטישער געיעג אויף דעם פּאַטעטישן יידישן איבער־בלייב, באַזונדערע אָרגאַניזירטע אָנפאַלן אויף הייזער, וואו דערשראָקענע יידן וואוינען; פּאָליאַקן ווערן געוואַגטער און ס׳הויבן זיך מיטאַמאָל אָן אַ סעריע גוט־אָרגאַניזירטע פּאָגראָמען. ס׳פאַלן נייע, פרישע הונדערטער יידישע קרבנות. מען באפאַלט אפילו יידישע קינדער־היימען, מיט געראַ־טעוועטע יידישע קינדער. דאָס געשעט אלץ נאָך דער באַפרייאונג!

פון דעם ערשטן קאַפּיטל, ווען יאַנאס טורקאָוו, מיט זיין פרוי דיאַנאַ בלומענפעלד קומען אין דער באפרייטער לובלין, זוכן אַ דאַך איבערן קאָפּ און כאָטש זיי האָבן פאַרשטעלטע פוילישע נעמען, דערקענט מען אין זייער אָפּגעריסענעם הילך, אז זיי זענען יידן — פון יענעם מאָמענט אָן, דורך אַלע אַנדערע 24 קאַפּיטלען, ברענט די פוילישע ערד אונטער יידישע פיס.

אין די באפרייטע פוילישע געביטן האָט מען געוואָרפן פלוג־בלעטלעך,

אז „ידן ווער טרעפן א שווערע שטראָף. עס וועלן זיי דעמאָלט נישט העלפן און נישט ראַטעווען זייערע געענדערטע פאַלשע נעמען, זייערע איינגעהאַנדלטע פוילישע מעטריקעס. אַלע זענען זיי אונדז באַקאַנט!"

מען האָט ערשט געגומען זוכן נייע אויסראָטונגס־שטראָפן פאַר היטלערס ידן. „יונג פוילן" האָט געמאָרדעט ידן אויף די גאַסן און לעבן די אומגעבראַכטע קרבנות, איבערגעלאָזט אַ צעטל, אַז דער „פאַרשאָלטענער ייד" איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.

הימל־שרייענדיק טראַגיש איז דאָס קאַפּיטל פון די געראַטעוועטע ידישע קינדער. אין מיידאַנעק זענען על פּי נס געראַטעוועט געוואָרן אַכט קינדער. „א ידיש קינד האָט מען באַלד געקאָנט דערקענען נאָך די טרויעריקע אייגעלעך, בלאַסן פּנימל און אויסגעדאַרטן גופל. אַ קינד וואָס האָט צו יענער צייט געשמייכלט און זאָרגלאָז געשטיפט איז נישט געווען קיין ידיש קינד"... לויט דער צאָל געראַטעוועטע ידישע קינדער אין פוילן, זעט מען ווי ווייניק „רעטערס" דאָס פוילישע פאָלק האָט אַרויסגעגעבן.

אַ סך געראַטעוועטע קינדער, וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אין פוילישע היימען, האָבן נישט געוואָלט צוריקגיין צו די „זשידעס", זייערע ידישע עלטערן, וואָס האָבן זיי אָפּגעזוכט. אַנדערע קינדער, וואָס זענען שוין יאָ צוריקגעקומען האָבן געהאַלטן אין איין אָנרעדן זייערע דערקענטע עלטערן צו שמד, „ווייל זיי האָבן גוט געוואוסט פון דער סביבה אין וועלכער זיי האָבן געלעבט, ווי פיינט מען האָט ידן".

יאַנאַס טורקאָוו האָט געשפּילט א וויכטיקע ראָלע אין דער גייסטיקער און פיזישער צוזאמענהאַלטונג פון די רעשטלעך. און ער איז געווען דער פאָרזיצער פון „ידישן ליטעראַטן, זשורנאַליסטן און ארטיסטן פאַריין". ער איז אויך געווען א מיטגליד פון „צענטראַל קאָמיטעט פון פוילישע ידן", נאָכדעם ווי מען האָט גענומען איינשטעלן א שטיקל ידיש לעבן אין שאָטן פון טויט־שרעק. יאַנאַס טורקאָוו איז געווען גוט באַקאַנט אין ידישע, און נישט־ידישע געזעלשאפטלעכע קרייזן, אויך פון פאר דער מלחמה, און ס'איז געווען נאַטירלעך, אז אים זאָל אָנפאַרטרויט ווערן א פירנדיקע ידישגעזעלשאַפטלעכע ראָלע אויך אין דעם באַפרייטן פוילן. יאַנאַס טורקאָוון איז דערפאר אויסגעקומען צו שטיין אין קאָנטאקט מיט א סך פּראָמינענטע פוילישע פערזענלעכקייטן. ער איז נישט קיין „גרינער" אין געזעלשאפטלעכן לעבן. ער שאצט אָפּ דעם גאַנצן געראַנגל פאר מאכט אין דעם נייעם

קאָמוניסטישן פוילן, דעם אומצוטרוי פון רוסישן קאָמוניסט צו די פוילישע איינשטעלערס פון דער נייער אָרדענונג, דאָס נישט וועלן איינרייסן זיך מיט דעם אנטיסעמיטיזם, כדי נישט צו שטערן די קאָמוניסטישע „האַר־מאָניע". „וואָס וואָלט איר געוואָלט", פרעגט טורקאָוו א הויכער קאָמוניס־טישער באאמטער, „אַז מיר זאָלן שיקן 18 מיליאָן פּאָליאַקן קיין סיביר?" ער גיט צו, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז אַן אַכצן מיליאָניקער פאַקט, אָבער דער קאָמוניסטישער מיניסטער האַלט נישט פאַר „פּראַקטיש" אָפּצושטעלן דעם אַנטיסעמיטיזם.

מען מוז שטאַרק באַוואונדערן דעם קאָלאָסאַלן מעטאָדישן זכרון פון שרייבער און זיין צוגעגרייטע דאָקומענטאַציע. ער איז אַן אויסגעצייכנ־טער אָפּקלייבערישער דערציילער פון וויכטיקע פאַקטן און עפּיזאָדן. אָבער ער איז אויך אַן אויסקלייבער און אַוועקשטעלער פון געשעענישן אין אַ ליכט, וואָס פאַרענטפערט טאַקע נישט די קשיא, וואָס די נייע גרויל־יאָרן פון נאָך דער באפרייאונג האָבן ארויסגערוקט, אָבער יאָנאַס טורקאָוו באַלייכט די פראגעס גופא און ער שטעלט אויף זיי אַן דעם גאַנצן פּראַ־זשעקטאָר פון דער צייט, וואָס ער האָט דורכגעגריבלט ווי א ייד, אויף וועמענס פּלייצעס ס'איז געפאלן א טאָפּלטער עול, — אַ פּערזענלעכער און געזעלשאַפטלעכער.

אויב איר מיינט, אַז די מענטשלעכע חיה איז געווען אַ סך מער געצאַמט צווישן די רויטע באַפרייערס, האָט איר אַ טעות:

„נאָך דער באַפרייאונג האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה פון צרות. הונדערטער פרויען האָט מען געמוזט אַריינגעמען אין די שפּיטאָלן, וועלכע זענען געווען איבערפולט מיט קראַנקע, געשוואָלענע פון הונגער אָדער פאַרגוואַלדיקטע דורך די רוסישע באַפרייער".

דער סאָוויעטישער אָפיציר, אַ ייד, זיצט אין סאָוויעטישן אַמט און האַלט אין איין קרעכצן און רעדן צו זיך אַליין: „אוי, ווי נישט צו מיר נעבעך". ווען יידן פרעגן אים, וואָס ער קרעכצט אַזוי, ענטפערט ער:

„איר ווייסט גאָר נישט וואָס פאַראַ שונאי ישראל דאָס זענען. זיי טוען מיר אָן געבראָטענע צרות".

אַן עפּיזאָד וואָס לאָזט איבער אַן אומגעהויערן איינדרוק איז דאָס אַריינקומען פון „אַ יונגער פרוי, מיט אַן אָפּגעראַזירטן קאָפּ, אויסגעמאָ־גערט ביז צו די ביינער, אָנגעטאָן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער־קליידער",

אין דער לובלינער ראַדיאָ־סטאַציע. „דאָס באַשעפעניש״, איז געווען די גערעכטעסטע באַגאַבטע פּיאַניסטין אַדעלאַ באַי, אַ שוועסטער פון יאַשאַ חפצס אַקאָמפּאַניאַטאָר, עמנואל באַי.

ווען זי איז אַריין אין ראַדיאָ־סטאַציע און דערזען אַ פּיאַנאָ, איז זי גלייך צוגעפאַלן צום אינסטרומענט און פאַרגעסנדיק אירע צרות, גענומען שפּילן פון זכרון אָן נאָטן — ליסט, שובערט און דעביוסי, און פון אירע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן, טרערן פון פרייד. איצט לעבט די געראַ־טעוועטע אין אַמעריקע.

ס׳איז טאַקע נישטאָ קיין ביסל טרייסט אין דעם גאַנצן ניי־געשאַפענעם גיהנום פון נאָך דער באַפרייאונג. כ׳האָב עס באמת געזוכט מיט ליכט און געפונען אַ פונק, און ס׳איז כדאי דעם ליכטיקן מענטשלעכן פלאַטער צו דערמאָנען. דער „צענטראַל־קאָמיטעט פון די פּוילישע יידן״ האָט געזוכט ווי צו באַקעמפן די כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם מיט בריוו צו דער פּוילישער אינטעליגענץ. זאָלן די פּוילישע אינטעלעקטואַלן זיך אָפּרופן און לאָזן הערן זייער וואָרט. דערציילט אונדז יאַנאָס טורקאָוו, אַז אויף אַכציק אַרויסגעשיקטע בריוו אַזעלכע, האָט מען באַקומען בלויז נײַן ענטפערס. און דער רירנדיקסטער פון אַלע איז געווען דער לאַנגער ענטפער פון דעם פאַרשטאָרבענעם פּוילישן טעאַטער־קינסטלער סטעפאַן יאַראַטש.

איך וועל ברענגען בלויז אַ קליינעם אויסצוג פון זיין רוף צום פּוילישן פאָלק:

„אַזוי האָט אויף אונדז געווירקט דאָס אומשולדיקע בלוט פון די וואָס זענען אומגעקומען מיט דער איינציקער האָפענונג, אַז זיי זענען קרבנות פון אַ קאַמף פאַר אַ וועלט מיט מאָראַלישע ווערטן? ! אַזוי שנעל האָט זיך די גיהנומדיקע היטלעריסטישע תורה. געשטיצט פונעם טייוול, פאַר־פעסטיקט אין אונדז? איז דאָס אַ רעזולטאַט פון דער לערע וואָס עס האָבן אייך געגעבן אייערע מוטערס, אין אייער קינדהייט, מיטן געפיל פון שטאָלץ אַז איר געהערט צו דער קריסטלעכער וועלט? איך ווייס לײדער, אַז עס זענען נישטאָ קיין ווערטער אָדער אַרגומענטן, וועלכע וואָלטן דער־גרייכט אייערע חושים. אָבער אפשר וועט דאָך דער געשריי פון פאַרצווייפ־לונג, איבער דער דערנידערונג פון דער מענטשהייט אַפּעלירן צו אייערע הערצער און איר וועט פאַרשטיין, אַז דאָס וואָס איר טוט, איז אַ שאַנדע פאַר פּוילן און אַ שאַנדע פאַרן מענטש״.

אַט דער נאָבעלער אויפרוף פון אַ פוילישן קריסט, צום פאַרחיהשטן געוויסן פון זיין פאָלק, איז אין כאַראַקטער פון יאַנאָס טורקאָווס בוך „נאָך דער באַפרייאונג", וואָס דעקט אויף די שאַנדע פאַר פוילן און די שאַנדע פאַרן מענטש, דורך די יאָרן ווען פוילן האָט שוין מער נישט געהאַט קיין אָנגעלייגטן שותף צו דער „לייזונג" פון איר יידן־פּראָבלעם.

1960

## דער שליח־ציבור פון אומגעבראַכטע יידישע קינדער

ביים אייכמאַן־משפּט האָט אַלעמען אויפגעטרייסלט דאָס באַזונדערע קאַפּיטל וועגן דער אָרגאַניזירטער אויסראָטונג פון אַ מיליאָן יידישע קינדער, אָדער ווי ש. גילינסקי, פון דער „אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע", האָט ערב דעם פּראָצעס אויסגערעכנט און וואָס זעט אויס צו זיין נענטער צום אומגלויבלעכן אמת — אַנדערטהאַלבן מיליאָן קינדער. ווער זענען געווען די דאָזיקע קינדער? וואָס פאַר אַ שוידערלעכן אָנווער האָט דורך דער פאַרטיליקונג פון די יידישע קינדער, געהאַט דאָס יידישע פאָלק און די גאַנצע אומבאַרמהאַרציקע וועלט? דורך דעם טערעזיענשטאָטער לאַגער, וואָס איז געווען אַ מין ערב־אומברענג פאַבריק, זענען דורכגעגאַנגען אַ 15 טויזנט יידישע קינדער, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אַ זכר נאָך זיך — הונדערטער לידער און קונסט־צייכענונגען. דער פּראַגער יידישער מוזיי האָט נישט לאַנג צוריק אַרויסגעגעבן אַן אַלבאָם מיט דער אָפּגעקליבענער ירושה פון די דאָזיקע קינדער, וואָס האָבן ביז די לעצטע טעג, איידער מען האָט זיי אָפּגעשיקט צו די פאַרניכטונגס־לאַגערן, נישט אויפגעהערט צו טראַכטן שעפעריש, צו חלומען, צו זוכן שיינקייט, צו קלייבן ווערטער, צו זען דעם שימער פון קאָלירן, צו זוכן דעם הימל דורך די שטעכיקע דראָטן, וואָס האָבן זיי אָפּגעצאַמט פון דער וועלט.

אָבער די הונדערטער טויזנטער יידישע קינדער האָבן נאָך זיך אויך איבערגעלאָזט אַ ירושה פון צוויי טאָג־ביכער, וואָס גיבן דעם שליסל צו דער הימל־שרייענדיקער אבידה. די דאָזיקע צוויי טאָג־ביכער רעדן אין

נאָמען פון די יונגע קינדער, יינגלעך און מיידלעך, מיט דעם קאָלעקטיוון קול פון אַלע אומגעבראַכטע, זייער ריינקייט און גייסטיקער דערהויבנקייט, וואָס דאָס דייטשע פאָלק האָט געוואָלט איינגאַנצן פאַרטיליקן, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דער טויזנט־יאָריקער הערשאַפט פון אוממענטש און טייוול.

די וועלט איז באַקאַנט מיט דעם צאַרטן קול פון דעם יידישן מיידעלע אנא פראַנק. אָבער מ׳קאָן כמעט גאָרנישט דאָס קול פון דעם יידישן יינגל, דוד רובינאָוויטש, דעם דאָרפישן בחורל פון דער פּוילישער קעלצער געגנט, וואָס איז געטריבן געוואָרן צו פאַרצייכענען טאָג־טעגלעך זיינע געפילן און איינדרוקן, פון 21־טן מערץ, 1940, ביז דעם 1־טן יוני 1942, ווען דודלס טאָג־בוך איז איבערגעריסן געוואָרן אַרום דריי חדשים פאַר זיין טויט. ער איז מיט טויזנטער אַנדערע יידן, אין אויגוסט, 1942 געטריבן געוואָרן פון באָדזענטין, קיין סוכעדניאָוו און פון דאָרט קיין טרעבלינקע.

דוד רובינאָוויטש איז אַלט געווען צוועלף יאָר, ווען ער האָט אָנגע־הויבן פירן זיין טאָג־בוך, אין דאָרף קראַינאָ, וואוהין זיינע עלטערן זענען געקומען פון קעלץ, און וואו די רובינאָוויטשעס האָבן איינגעאָרדנט אַ מילכיקעריי. דאָס טאָג־בוך ענדיקט זיך דווקא מיט פרייד, וואָס דער קראַנקער טאַטע, וועמען מען האָט געכאַפּט פאַר צוואַנג־אַרבעט, קומט אַהיים אַ צעבראָכענער, צוריק צו זיין משפחה אין דער באָדזענטינער געטאָ, וואו די יידן פון דאָרף וואוינען אין שרעק. אָבער דאָס איבערגעריסענע טאָג־בוך איז אַ שטומער עדות אויף דעם גיהנום, וואָס דודלען איז באַשערט געווען צו טיילן מיט הונדערטער יידישע משפּחות, ווען ער האָט שוין מער נישט געקאָנט שמועסן מיט זיין טאָג־בוך.

דוד רובינאָוויטשעס טאָג־בוך איז נישט קיין מאַטעריאַל פאַר אַ דראַמע אָדער פאַר אַ פילם, אָבער דערפאַר זענען די שטילע און מיטפי־לנדיקע פאַרצייכענונגען פון דעם יידישן דאָרפישן בחורל דראַמאַטיש ביז גאָר מיט דעם שטילן רעליגיעזן טאָן פון די באַמערקונגען, מיט דעם ווירדיקן אריבערטראָגן פון אייגענע און כלל־צרות פון אַ יונגן ייד, וואָס טראָגט אויף זיך אַ גרויסן עול און טייל פון דעם אומגליק פון זיין קהילה. דאָס טאָג־בוך האָט דער צוועלף־יאָריקער דוד געפירט אין אַ דאָרפישן פּויליש. דאָס דאָרף קראַינאָ איז געווען זיין לעבן. ער האָט ליב געהאַט דאָס פעלד, דעם וואַלד, די קו, די שטוב־חיות און דעם פוקס וואָס ער האָט באַגעגנט אין וואַלד. ווען דאָס אומגליק איז געקומען, האָט ער אין

זײן טאָגבוך, מיטגעשוידערט מיט די אַנטוויקלונגען און כסדרדיקע צוואַנג־אַקציעס, וואָס זענען אין דאָרף אָנגעגאַנגען אַביסל פּאַמעלעכער ווי אין די גרעסערע שטעט. זײן טאָג־בוך, געפירט אויף פינף שול־העפטן, איז צופעליק געפונען געוואָרן אין 1959, און ער איז גלײך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין וואַרשע, וואו די פאַרבליבענע רײד פון דעם ייִדישן ייִנגל האָבן געמאַכט אַ טיפן רושם. אויף ייִדיש איז דאָס טאָג־בוך אַרויסגע־בראַכט געוואָרן דורכן וואַרשעווער פאַרלאַג „ייִדיש בוך", אין דער איבער־זעצונג פון דעם באַקאַנטן קריטיקער און דיכטער ד. ספֿאַרד.

מאַריאַ יאַראָכאָווסקאַ, אין וועמענס האַנט דאָס טאָג־בוך איז אומ־גערעכט אַרײַנגעפאַלן, האָט זיך באַמיט אויסצוגעפינען פּרטים וועגן דוד רובינאָוויטשעס עלטערן. דודס פאָטער איז געווען אַן אָרנטלעכער ייִד. דודס מאַמע, טויבע, האָט געהאַט אַ מין היימישע אַפּטייק און זי האָט, אין אַ דאָרף וואו ס'איז קיין רופא נישט געווען, געהיילט אומזיסט די קריסטלעכע און ייִדישע שכנים. דודל האָט זיך גוט געלערנט אין דער דאָרף־שולע, און ביזן אויסברוך פון דער מלחמה איז ער אַריבער פון זעקסטן קלאַס פאָלקס־שול אין זיבעטן. זײן פּויליש איז געווען אַ גוטער, און זײן גראַמאַטיק אין אָרדענונג. זײן סטיל איז געווען דאָס פאָלקישע דאָרפישע לשון פון דער קעלצער געגנט.

אין זײן טאָג־בוך אַנטוויקלט דוד ביסלעכווײַז, אויף אַן אומגעקינ־צלטן אופן, זײן אײגענעם כאַראַקטער, און מען דאַרף גאָרנישט זײַן קיין גרויסער פּסיכאָלאָג, אַז מען זאָל דערזען די נשמהדיקע געשטאַלט פון דעם טײַערן ייִדישן בחורל, וואָס איז ראוי צו זײַן דער הייליקער שליח־ציבור פאַר אַלע אומגעקומענע ייִדישע ייִנגלעך. לאָמיר געדענקען, אַז אין די פאַרצײכענונגען איז נאָך פאַראַן בלויז דער אומקלאָרער פּחד, אַז ער אַלײן איז אין טויט־סכנה. ער האָט זיך דווקא אויסגעטענהט מיט זיך אַלײן, און נישט דערוואַרט, אַז זײַנע געשריבענע העפטלעך זאָלן אַרײַנ־פאַלן אין פרעמדע הענט. וויפל צאַרטקייט, מענטשן־ליבשאַפט, פרומקייט, טיפער אוניווערסאַלער צער און נאָבילִיטעט האָט דאָס דאָרפישע ייִדישע ייִנגל פאַרמאָגט! פון די דערפער האָבן דײַטשע בעסטיאַלישע זין געשיקט בריוו קיין דײַטשלאַנד צו טאַטע־מאַמע און געליבטע, וואָס זענען דאָקו־מענטן פון מאָראַלישער געזונקענקײט, בלוטדורשטיקייט און חיהשער פאָרנאָגראַפיע. אָבער דאָס קול פון אַ ייִדיש ייִנגל, וואָס איז דערגאַנגען צו

דער וועלט, ציטערט מיט פרומער ליבשאַפט און מענטשן־וואַרעמקייט.

דאָס איז דער נס און דער טריאומף פון יידישן גייסט! די גאַנצע יידישע חורבן־ליטעראַטור, די אינעווייניקסטע און דרויסנדיקע, די געלי־טענע און מיטגעליטענע, איז פול מיט קדושה און מיט דערהויבענער מענטשלעכקייט, וואָס אין איר זכות איז כדאי אַז די וועלט זאָל באַשטיין, כדי זי זאָל זיך דערייניקן צו דער קרישטאָל־קלאָרקייט פון דעם שענסטן און הייליקסטן קרבן אויף דער גאָרער וועלט.

דודל רובינאָוויטש גייט אויף קיין איין רגע נישט אַראָפּ פון דעם דרך־הישר פון זיינע אייגענע שטילע און איידעלע זאַצן. ער האָט שוין אַן אוניווערסאַלן אויסבליק און ער פאַרצייכנט דעם 12־טן אויגוסט 1940, ווען ער איז נאָך אַ צוועלף־יאָריק יינגל.

„אַז איך דערמאָן זיך, וואָס פאַראַ מלחמות עס קומען פאָר אויף דער וועלט, וויפל מענטשן עס פאַלן פון קוילן, פון גאַזן, פון באָמבעס, פון עפּידעמיעס און פון אַנדערע שונאים פון די מענטשן, איז פאַרליר איך דעם ווילן צו אַלץ".

דאָס יידישע בחורל טראַכט שוין אין טערמינען פון „שונאים פון די מענטשן". ער איז שוין אַפילו אַ גאַנצער עקאָנאָמיסט און ער ווייסט צו שרייבן, אַז: „פאַר דער מלחמה האָט יעדער געהאַט זיין אַרבעט, כמעט קיינער איז נישט געווען אַרבעטסלאָז. אין די היינטיקע מלחמות זענען ניינציק פּראָצענט אַרבעטסלאָז און נאָר צען פּראָצענט אַרבעטן".

אין 1941 איז ער שוין אַ דרייצן־יאָריקער בחור, אָבער מיט וויפל קינדישער מילדקייט רעדט ער פון „טאַטעשי", פון דער מאַמען, פון דעם פעטער, קוזינען, קרובים און באַקאַנטע. ער זאָרגט זיך איבער די מענטשן וואָס שטאַרבן און פון די — „וואָס עסן קאַרטאָפל־שאָלעכץ און אַנדערע זאַכן וואָס רופן אַרויס פאַרשידענע קרענק". דאָס דאַרף איז נאָך אַלץ אַ שטיקל גן־עדן, אין פאַרגלייך מיט דעם וואָס קומט שוין פאָר אין די שטעט. דער דייטש אָבער האָט זיין חשבון, ער דערגרייכט, ער קומט אָן!

דעם 17־טן יאַנואַר 1941, פאַרצייכנט שוין דודל, אַז ס'הערשט אַ שרעקלעכע פּאַניק, „ווי עס זאָלן דאַרפן אָנפאַרן באַנדיטן". די דייטשע זשאַנדאַרמעריע קומט אָן. „פאַר די עטלעכע טעג האָב איך פאַרלוירן אַזוי פיל כוחות, אַז אין דריי חדשים ווייס איך נישט צי זיי וועלן מיר צוריק־קומען".

דער יונגער דוד איז אַ נאַטור־קינד, און ער לעבט מיט דער אינטימער נאַטור פון זיין קליינעם דאָרף. דעם 29־טן יוני שרייבט ער:

„היינט האָבן ווי־עס־איז זיך אויפגעהערט צו הערן די שאָסן, בלויז פון צייט צו צייט דערטראָגט זיך אַ דונער. פון צפון קומט אָן אַ וואָלקן, פון וועלכן עס דאַרף אַ גאָס־טאָן אַ רעגן, נאָך וועלכן עס לעכצן אַזוי די מענטשן און אַלערליי געוויקסן, וואָס לעבן נאָר. דער וואָלקן איז אָנגעקומען און עס האָט אַ גאָס־געטאָן דער באַגערטער רעגן. ער איז געפאַלן איבער אַ שעה, און דאָס איז אַביסל צו־ווייניק פאַר דער דורשטיקער ערד".

דער 13־יאָריקער דוד הויבט אָן צו באַגעגענען דעם טויט. ער זעט ווי מען גראָבט אויס אַ טויטן דייטש, וואָס איז געפאַלן אין דער מלחמה און ער זעט — „אַלע טיילן פון קערפּער, די ביינער, דעם קאָפּ באַזונדער, די הענט באַזונדער, דער גוף באַזונדער און די פיס". עס פאַלן יידישע קרבנות. אַ יידישע פרוי ווערט דערשאָסן „אָן שום סיבה". דייטשן דערשיסן אַ גאַנצע משפּחה, אַ פאָטער, דריי זין און אַ טאָכטער, ווייל זיי „האָבן אויסבאַהאַלטן פּוטערס, און מען באַגראָבט זיי אין איין גרוב, אויף זייער אייגענעם הויף".

דער פּוילישער דאָרף־סטאַראָסטע קומט צום טאַטעשי טרינקען בראָנפן, ווייל ער איז דורכגעפרוירן, און דער סטאַראָסטע אַרבעט זיך אַרויף אויף אַזאַ מין אָפּצאָל פאַר דעם ביסל משקה, אַז „אַלע יידן דאַרף מען אויסשיסן, ווייל זיי זענען שונאים". דודל איז אַזוי אויסער זיך פון דער שיכורער שלאַנגישער פּוילישער שנאה, אַז ער שרייבט מיט רירנדיקער תמימות:

„ווען איך זאָל וועלן אַפילו אַ טייל אָנשרייבן, בין איך נישט אימשטאַנד דאָס וואָס ער האָט גערעדט ביי אונדז".

מען טרייבט יידן צו צוואַנג־אַרבעט. דודל אַרבעט אויך און מען זוכט צו פאַרמיאוסן יידן און צו העצן קעגן זיי מיט אויפגעקלעפּטע קאַריקאַטורן און ווילדע בלבולים־אויפשריפטן. מען שלאָגט יידן מערדערלעך. די פּוילישע וועכטער לאַכן און דוד פירט עס אַריין אין זיין טאָג־בוך.

„מיר האָט אַזש דער קאָפּ אָנגעהויבן ווי טאָן פון דער חרפּה, וואָס די יידן אין דער היינטיקער צייט לעבן איבער. זאָל גאָט געבן, אַז די דאָזיקע חרפּה זאָל זיך וואָס שנעלער ענדיקן". דוד איז אַ פרום יידיש יינגל. מיר געפינען אין טאָג־בוך, אַז ער איז געוועזן אין שול שמחת תורה,

שבועות האָט ער שוין געדאַווענט אין שול אָן דעם טאַטן. מען האָט דעם עלטערן רובינאָוויטש פאַרשלעפּט צו שווערער אַרבעט. דוד ווײנט ווען ער זעט נאָך טאַטעס מיט זין אין שול, די טאַטעס ווייזן די זין וואו מען האַלט אין מחזור, און ער האָט נישט דעם טאַטן ביי זיין זייט.

פאַראַן אַ פּאַטעטישע פאַרצייכענונג פון זון־פאָטער באַציאונגען, אין דער מוראַדיקער צייט. דער נערוועזער טאַטע, וואָס דאַרף ממש פון אונטער דער ערד פאַרזאָרגן די משפחה אין אַזאַ ביטערער צייט, שלאָגט דודלען פאַר גאָרנישט. דוד, ווי יעדעס קינד אין אַזאַ לאַגע, איז זיכער אַז דער טאַטע האָט אים נישט ליב. שפּעטער, ווען דער טאַטעשי ווערט אַוועקגעריסן פון אים, האַלט ער אין איין חרטה האָבן אויף דעם חטא, וואָס ער האָט גאָר געקאָנט שרייבן אַזאַ זאַך:

„כ'האָב אים נאָכגעקוקט, אַזש ביז ער איז פאַרשוואונדן אויף דעם שייד־וועג. ערשט איצט האָב איך אויסגעבראָכן מיט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין און איך האָב דערפילט, ווי שטאַרק איך האָב אים ליב און ער מיך, און ערשט איצט האָב איך דערפילט, אַז דאָס וואָס איך האָב אָנגעשריבן דעם ערשטן מאַי, אַז ער האָט מיך נישט ליב אַפילו, איז אַ פולשטענדיקער ליגן און ווער ווייסט צי איך וועל נישט באַצאָלן דערפאַר וואָס איך האָב אים חושד געווען, און ס'איז נישט אמת".

ער האָט אַ צאַרטע פּען, דודל. ער האָט ליב אַרויסצוברענגען דאָס גוטע. דעם 13־טן מערץ, אין 1942, ווען מען טרייבט יידן אַרויס פון דאָרף קיין באָדזענטין, שרייבט ער: „כאָטש מיר זענען ערשט געקומען צו פאָרן, זענען מיר נישט ווי קיין פרעמדע אין באָדזענטין, יעדער באַהאַנדלט אונדז זייער גוט, ווי ברידער".

וועגן א מיידל וואָס די דייטשן דערשיסן אומזיסט־אומנישט זאָגט ער מיט אַן אומגעוויינלעכער ייִנגלשער אידלקייט: „אַזאַ מיידל ווי אַ בוים, אַז זי זאָל קאָנען ווערן דערשאָסן וועט שוין סיידן קומען די ענדע פון דער וועלט", וועגן יסורים און פייניקונגען פון אַ שכנישער פאַמיליע, באַמערקט ער מיט דער יידישער צניעות פון אַ נתן האַנאָווער: „בעסער נישט שרייבן וועלכע טאָרטורן זי איז דורכגעגאַנגען צוזאַמען מיט איר מאַן".

די פולע געשטאַלט פון דעם יידישן ייִנגל, וואָס דערשיינט פון די

בלעטער אין דוד רובינאָוויטשעס טאָג־בוך, איז אַ הייליקער דענקמאָל צו די אומגעבראַכטע יידישע קינדער. נישטאָ קיין איין וואָרט אין טאָג־בוך, וואָס זאָל נישט צויבערן מיט נשמהדיקער ריינקייט פון דורות קדושים וטהורים.

1961

## דער פּאָעטישער דענקמאָל

כ׳האָב שוין געלייענט אַ פינף יידישע איבערזעצונגען פון דער פּאָעמע „באַבי יאַר" און כ׳ווייס אַז עס זענען שוין אונטערוועגנס נאָך איבערזעצונגען, ווייל דער אינטערעס אין דער פּאָעמע וועט זיך אַזוי גיך נישט אויסשעפּן. אָט ליגט פאַר מיר דער „דבר" און מיר לייענען שוין דאָרט אויף דער שפּיגל־זייט זייער פּראָמינענט אַן איבערזעצונג פון יעווגעני יעווטושענקאָס רושמדיק ליד.

על באַבי יאַר אין מצבות־זכרון.
מדרון תלול — כמצבת־קבר גסה.
אימה אחזתני.
שנותי היום — שנות העם היהודי עצמו.
נדמה לי — איש יהודה אני,
נודד על פני מצרים עתיקה.

דער עיקר גיט אַ שלאָג די שורה — „איש יהודה אני". אַ יונגער 28־יאָריקער סאָוויעטישער פּאָעט, אַ רוס וואָס האָט נישט קיין טראָפּן יידיש בלוט אין זיך, נעמט אויף זיך יידישקייט, אונדזער גאַנץ היסטאָריש מאַרטירערטום, בלאָנדזשענדיק איבער דעם וועלדל, וואו פערציק טויזנט יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן, אַ סך פון זיי זענען באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט. אין באַבי יאַר האָבן די נאַציס געהאַט גוטע אַרויסהעלפערס — אוקראַינער וואָס האָבן זייער געטריי דורכגעפירט די פאַרטיליקונג פון יידן.

יעווטושענקאָ רירט גלייך אָן דעם עצם פון דער שוידערלעכער טראַגעדיע, מיט דער ערשטער שורה פון זיין פּאָעמע, אַז איבער באַבי יאַר זענען קיין דענקמעלער נישטאָ. דאָס איז נישט גלאַט אַזוי אַ פּאָעטישע שורה, נאָר אַ מוטיק וואָרט אין אַ דיסקוסיע, וואָס איז פאַרשטומט געוואָרן דורך א וואונק פון אויבן. מען האָט אַ סך מאָל זיך מִשתדל געווען אַז מען זאָל אויף דעם אומברענג־פּלאַץ שטעלן א מאָנומענט, זאָל כאָטש זיין אַ באַמענלאָזן מאָנומענט, אַן אַנאָנימער, וואָס זאָל אַפילו נישט דערמאָנען אַז די קרבנות זענען געווען יידישע. אָבער אויך אַזאַ דענקמאָל איז נישט דערלויבט געוואָרן. מען האָט „באַבי יאַר" געוואָלט אָפּמעקן, פאַרגעסן. קומט אַ יונגער רוסישער פּאָעט און נישט נאָר עפנט ער די דיסקוסיע וועגן דער פאַרשעמונג פון די אומגעבראַכטע קרבנות, וואָס זייער ברודער־קבר ווערט באַוואוסטזיניק געשענדעט מיט געצוואונגענער אָפּמע־קונג און פאַרגעסעניש, נאָר ער האָט דעם כוח אויסצושרייען, אַז דער באַפעל נישט צו מאַכן פון באַבי יאַר אַ דענקמאָל אויף דורות, איז אַ המשך פון דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט געפירט צו דער שרעקלעכער הריגה.

דאָס איז קלאָר פון די שורות, ווען דער פּאָעט עפנט צוריק די פאַרשטומטע דיסקוסיע און ווייזט־אָן אויף דער יידישער טראַגעדיע, אויף די רוסישע פּאָגראָמען, וואָס האָבן דערצויגן אַרויסהעלפערס פון נאַציס און וואָס דער פּאָגראָמישער גייסט הערשט נאָך איצטער איבער באַבי יאַר, וואו מען לאָזט די אומגליקלעכע קרבנות אָן דער מינדסטער אָפּצייכענונג.

אין פלוג קאָן מען זיך אַביסל באַליידיקן פון דעם גאַנצן טומל אַרום דער פּאָעמע. איין יונגער רוס האָט אויסגעשריגן זיין פּראָטעסט קעגן אַנטיסעמיטיזם און ס׳קערט זיך אַ וועלט. נישט שוין זשע נויטיקן זיך יידן אין דעם באַלזאַם פון עטלעכע רוסישע שורות קעגן אַנטיסעמיטיזם ? און מען מאַכט אַזאַ גערודער אַרום דעם ליד, ווי ס׳וואָלט געווען די גרעסטע געשעעניש ? איז דער תירוץ, אַז ס׳איז טאַקע אַ גרויס געשעעניש, פון מער ווי איין שטאַנדפונקט, און וואָס מער מען אַנאַליזירט די געשעע־ניש, אַלץ וויכטיקער טרעט אַרויס דער ליכטיקער אויפבליץ פון אַזאַ פּאָעמע, וואָס האָט נישט נאָר געמאַכט אַ רושם אויף יידן, נאָר ממש אויף דער גאַנצער וועלט. די פּאָעמע „באַבי יאַר" האָט עלעקטריזירט און דורכ־

געציטערט מיט איר אויפריכטיקייט און פּאַטאָס. ס׳איז פון יענע לידער וואָס די שעה רופט זיי אַרויס און וואָס גיט זיי אַ מיסיע, אַז זיי זאָלן טאָן אַ דינסט, וואָס קיין געוויינלעכע לידער זענען נישט אימשטאַנד צו טאָן.

דערצו זענען נויטיק געוואַלטיק דראַמאַטישע אומשטענדן. מיליאָנען רוסן, זענען פאַרבייגעגאַנגען „באַבי יאַר“ און ווער ווייסט וויפל פון זיי האָט דאָס געוויסן אַ ביס געטאָן. קיינער האָט זיך אָבער נישט דערוועגט אויסצושרייען דעם ווייטיק פון די פארשעמטע קרבנות. איז געקומען אַ יונגער פּאָעט און נישט נאָר אויסגעשריגן זיין ווייטיק, נאָר אַרויסגעשריגן פון זיך אויך דעם נאַציאָנאַלן ווידוי פון אַ פאָלק, וואָס האָט עקספּערי־מענטירט מיט נאַציזם אויף יידן אַ סך פריער פון היטלערן און זיך געוואָרפן אויף יידן מיט געשריי — שלאָג יידן, ראַטעווע רוסלאַנד! דערביי האָט ער אויפגעהויבן די מיט־גוואַלט־אָפּגעשטעלטע דיסקוסיע און גלייך אָנגעקלאַפּט אַזש צו כרושטשאָוון אין קרעמל, מיט דער ערשטער שורה —

נאַד באַבים יאַראָם פּאַמיאַטניקאָוו ניעט.

אין קרעמל קלאַפּט נישט אָן אַ ליאַדע ווער מיט אַזעלכע מאָנענדיקע שורות. וויאַזוי האָט פּאָרט יעווטושענקאָ זיי באַוויזן אָפּצודרוקן אין דער „מאָסקווער ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ“, וואָס איז דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דעם אַל־סאָוויעטישן שרייבער־פאַריין? ס׳איז שווער צו ענטפערן אויף דעם, אויב מיר ווילן נישט אָננעמען, אַז ס׳הערשט פּאָרט איצטער אין סאָוויעטן־פארבאַנד אַביסל מער וואָרט־פרייהייט ווי אין סטאַלינס צייטן. און וואָס דריקט זיך אויס די דאָזיקע פרייהייט פון אויסדרוק? עס מיינט פשוט, אַז דער מוטיקער אמת־מענטש האָט אַ בעסערע געלעגנהייט צו קומען צום אויסדרוק און ריזיקירן מיט אַלץ וואָס זיין מוט קאָן אים פאַר־שאַפן. אין סטאַלינס צייטן איז אָט־דער מוט נישט געווען בנמצא. קיינער האָט נישט געקראָגן די געלעגנהייט צו זיין אַ העלד, ווייל מען האָט אים ליקווידירט און באַשפיגן איידער ער איז געקומען צום אויסדרוק. אגב, איז אין דעם באַשטאַנען פּאַסטערנאַקס טעות. ער האָט געמיינט, אַז ער מעג שוין ריזיקירן און אויב נויטיק באַצאָלן פאַר זיין מוט, אָבער פּאַסטער־נאַק האָט זיך אין זיין בוך פאַרמאָסטן אויף דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. ער האָט זי פאַרמינערט און פאַרלייקנט, און דערצו האָט די וועלט פּאַס־טערנאַקן קיין טובה נישט געטאָן, וואָס זי האָט זיין „זשיוואַגאָ“ אַזוי אויפ־געבלאָזן.

יעווטושענקאָ איז נישט פון היינט אַן אַ מוטיקער מענטש. מען האָט שוין געהאַט פון זיין מוט געזנוג אויסצושטיין, ווען ער איז נאָך געווען א קאָמסאָמאָלעץ. אויב איך בין זיך נישט טועה, האָט מען אים אפילו אויסגעשלאָסן אויף א צייט פאַר זיך נישט לאָזן דיסציפּלינירן און נישט גיין אין שפּאַן. כ׳האָב ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק געבלעטערט אַן אַנטאָלאָגיע פון סאָוויעטישער פּאָעזיע. יעווטושענקאָ איז אַלט געווען 24 יאָר, ווען די דיקע אַנטאָלאָגיע איז דערשינען, אָבער ער איז דאָרט פּראָמינענט פאַרטראָטן מיט פיר לידער. אין איין ליד „רעוונאָסט" — קנאה, איראָנירט דער פּאָעט איבער א פּיפּיקן חבר זיינעם, וואָס ווייסט ווי צו לעבן און צו ליבן, ווי זיך דורכצושטופּן אויף דער וועלט, בעת ער, דער פּאָעט, איז אַ שלימזל און ער פאַרטשעפּעט זיך תמיד און ווערט געשטרויכלט. אין אַן אַנדער ליד, ערגעץ אַנדערש, רעדט ער פשוטער, אַז זיין מאַמע האָט אים נישט איבערגעלאָזט קיין עשירות, אַ חוץ מוט און דעם דראַנג זיך איינצושטעלן פאַרן אמת.

ס׳איז דערפאַר נישט געווען קיין צופאַל וואָס אַזאַ פּאָעט האָט נישט געקאָנט פאַרבייגיין באַבי יאַר אָן אַן אַויסגעשריי און אָן אַ פּראָטעסט. יעווטושענקאָ האָט מסתמא מער ווי איינמאָל גע׳האַט דעם מוט צו דיסקוטירן מיט חברים וועגן דעם טרויעריקן פאַקט, וואָס באַבי יאַר איז געבליבן אָן אַ מאָנומענט. ביי אים אין געדאַנק האָט דער נישט-געשטעלטער דענקמאָל געקראָגן פאָרם. די גראָזן אין „באַבי יאַר" האָבן מיט זייער שורשען געמאָנט און די „ביימער-צווייגן זענען געוואָרן די ריכטער" —

— מאָלטשאַ זדיעס קריטשיט

דער גאַנצער געשוויג פון באַבי יאַר שרייט און דער פאַרבאָטענער דענקמאָל איז גלייך געשטעלט געוואָרן, ווען די דאָזיקע שורות זענען זיך צוזאַמענגעקומען און יעווטושענקאָ האָט געקאָנט, ווי אַ רוס, פון די סאַמע טיפענישן אויסשרייען, אַז ביי יעדן אַנטיסעמיט איז ער פאַרהאַסט ווי אַ ייד, און אַז דער אינטערנאַציאָנאַל וועט ערשט דעמאָלט קאָנען אויף אַן אמת אַ דונער טאָן, ווען ס׳וועט באַגראָבן ווערן דער לעצטער אַנטיסעמיט.

אין דער פאַרעפנטלעכונג פון יעווטושענקאָס פּאָעמע האָט אויך געהאַט אַ האַנט דער רעדאַקטאָר פון „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ", דער פּאָעט טוואַרדאָווסקי, אויך נישט קיין שיפּע-זיבעלע, ווען עס קומט צו מוט,

וואָס האָט שוין נישט איינמאָל אַדורכגעלאָזט שאַרפע שורות אין זיינע לידער, ווי אין זיין פּאָעמע וועגן סטאַלינס אַכזריות, וואָס זייער ווייניק אַנדערע סאָוויעטישע שרייבערס וואָלטן זיך דערוועגט צו פאַרעפנטלעכן.

אָבער דער מוט פון רעדאַקטאָר און פון יונגן, זייער פּאָפּולערן פּאָעט איז זיכער באַזירט אויף א פונדאַמענט, לאָמיר זאָגן, פון אַ שטימונג, פון אַ מורמל, אַז מען מעג, מען דאַרף אַ רעד טאָן וועגן יידישן אומגליק; און אַ באַבי יאַר אָן יידישע מצבות מעג ווערן דער סימבאָל פאַר דעם איינגעשטומטן געוויסן פון יענע ערלעכע סאָוויעטישע מענטשן, וואָס קאָנען מער דעם וויטיק נישט שטומען אין זיך.

אמת אין „ליטעראַטורא אי זשיזן״, דער אָרגאַן פון די רוסישע שרייבערס, נישט פון דעם גאַנצן אַל־סאָוויעטישן שרייבער־פאַרבאַנד, זענען גלייך דערשינען אַטאַקעס אויף יעווטושענקאָן, הלמאי ער האָט באַרירט די געפערלעכע טעמע פון אַנטיסעמיטיזם אין סאָוויעטן־פאַרבאנד. דער קריטיקער סטאַריקאָוו און דער דיכטער מאַרקאָוו האָבן געזידלט יעווטושענקאָן, אַז ער איז באַגאַנגען אַ פּראָוואָקאַציע, אַז ער האָט כאָטש באַדאַרפט דערמאָנען אויך די ליכטיקע קעמפערס קעגן אַנטיסעמיטיזם.

יעווטושענקאָ האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ער וועט נישט גוט אָפּשניידן. ער איז לכתחילה געווען איבערצייגט, אַז דער ענין באַבי יאַר און רוסישער אַנטיסעמיטיזם איז אַ געפערלעכע טעמע, אָבער ער האָט זיך צו איר צוגערירט מיטן גאַנצן יוגנטלעכן כוח זיינעם. איצטער האָבן מיר שוין אַ דיכטערישן דענקמאָל און בייזע קריטיק אויף אים. די פראַגע איז, צי וועט די בייזע קריטיק אומוואַרפן דעם דענקמאָל און טאָן שלעכטס דעם דענקמאָל־שטעלער? יאָ, יעווטושענקאָ און טוואַרדאָווסקי האָבן גוט געוואוסט, ווען זיי האָבן באַשלאָסן דאָס ליד צו פארעפנטלעכן, אַז זיי וועט אויסקומען אָפּן צו דועלירן מיט דער קריטיק, וואָס אויף איר האָבן זיי זיך זיכער געריכט און וואָס זיי האָבן אפילו געוואָלט אַרויסרופן.

יעווטושענקאָס אַקט איז דערפאַר מוטיקע, רעוואָלוציאָנערע האַנדלונג, פון דעם שטייגער וואָס מען האָט אַמאָל געזען אין די צאַרישע צייטן, מעשים פון דער רעוואָלוציאָנערער פערזענלעכקייט, וואָס זענען פאַרשוואונדן מיט די טרויעריק־באַרימטע מאָסקווער פּראָצעסן. די פּראָצעסן האָבן די רעוואָלוציאָנערע פּערזענלעכקייטן דערנידעריקט און באַשפּיגן און זיי געשטעלט צו שאַנד און שפּאָט פאר דער גאַנצער וועלט.

ס'איז שוין איצטער פאַראַן אין סאָוויעט־רוסלאַנד דאָס ביסעלע פרייהייט, וואָס מאַכט מעגלעך דעם אויפקום פון דער מוטיקער רעוואָלוציאָנערער פערזענלעכקייט, וואָס קאָן כאָטש גיין קעגן שטראָם, וואָס די שטראָף זאָל נישט זיין.

דערפאַר איז די פּאָעמע באַבי יאַר אַזוי אויפגענומען געוואָרן, ווייל זי איז געווען סימבאָליש פאַר דעם אויפשטייג פון וואָרט־מוט. פּאַסטערנאַק, דער משומד, האָט נאָכאַלעמען זיך באַוואָרנט מיט אַ קאַפּיטשקע יידנהאָס. ער האָט גערופן דאָס יידישע פאָלק זיך אַליין אָפּצומעקן פון דער וועלט און אָננעמען קריסטנטום, כדי זיך אַרויסצודרייען פון מאַרטירערטום.

דער רוס יעווטושענקאָ מאַכט נישט אַזעלכע געשעפטן און באַוואָרנט זיך נישט מיט זיין קריסטלעכן צד, ווען ער וויל אויסדריקן מוטיקע געדאַנקען. ער וויל דווקא אויף זיך נעמען יידישע מאַרטירערשאַפט. ער ווערט אַ ייד און ער שטעלט די יידישע קרבנות פון קריסטלעכע פּאָגראָמען אַ דענקמאָל פון אַ רוס, וואָס איז אַ ייד ווי לאַנג אַנטיסעמיטיזם לעבט נאָך אויף דער וועלט.

די פּאָעמע איז דער צווייטער גוטער גרוס פון סאָוויעט־רוסלאַנד, נאָך דער דערשיינונג פון דעם יידישן צוויי־חודשלעכן זשורנאַל — „סאָוועטיש היימלאַנד". אין דריטן נומער פון זשורנאַל, ווערן מיר געוואויר, וועט דערשיינען אַ יידישע איבערזעצונג פון יעווטושענקאָס פּאָעמע. דאָס וואָלט אויך געווען מוט. מען דאַרף פאַרשטיין, אַז די יידישע פּאָעטן זענען געווען געווען גענוג אָנגעלערנט, אַז זיי זאָלן זיך שוין פאַרגינען אַזאַ רעוואָלוציאָנערן מוט, ווי יעווגעני יעווטושענקאָ האָט באַוויזן. ס'איז גוט וואָס אַ רוס האָט די יידן געוויזן דעם וועג צו מער פרייהייט און צו מער יידישן אויסדרוק. פון די צוויי מתנות, וואָס מיר האָבן לעצטנס געקראָגן פון סאָוויעט־רוסלאַנד, איז „באַבי יאַר" אפשר נאָך אַ יידישערע מתנה ווי „סאָוועטיש היימלאַנד", וואָס מיידט נאָך אויס פאָרזיכטיק א הויכן און קלאָרן יידישן אויסגעשריי.

1961

## משה בראָדערזאָנס שריפטן

שמואל ראָזשאַנסקיס אָפּקלייב פון משה בראָדערזאָנס שריפטן, וואָס איז דערשינען אין דער רייכער ווערק־אָפּקלייב־סעריע, פון יוסף ליפשיץ־פאָנד, ביים אַרגענטינער קולטור־קאָנגרעס, גיט אונדז אַן אַלזייטיק בילד פון דעם אָריגינעלן פּאָעט, און צי מ'איז יאָ מסכים מיט ראָזשאַנסקיס אויס־פירן אין זיין קריטישער עסיי, אָדער נישט, דערזעט מען דעם טראַגישן וועג פון אַ פּאָעט־נאָוואַטאָר, וואָס איז געקומען צום יידישן וואָרט מיט יוגנטלעכן ברען און אַוועק מיט דעם טרויעריקן סך־הכל, נאָכן אָפּזיצן זיבן יאָר אין סאָוויעטישע טורמעס, מיט אַ פאַרשלאָסן מויל.

וויל איך עפענען דאָס מויל
עפּעס וויל איך זאָגן,
כ'וויל אַנטלויפן פונעם גרויל,
וואו די אויגן טראָגן —
ווערט דאָס מויל פאַרקרומט מיר באַלד,
שטאַר די ווערטער ווערן.

פון פריילעכער צעזונגענקייט, מיט זיך־פאַרשווענדערישער שעפע־רישקייט אויף אַלערליי געביטן, דורך אויפפראַלן טיר און טויער פון יידישער וואָרט־מעגלעכקייט, איז בראָדערזאָן דערגאַנגען צום „שטאַרן" וואָרט. ער איז א יאָר נאָך דער באפרייאונג פון מאָסקווע געשטאָרבן אין וואַרשע, און קורץ פאר זיין אומגעריכטן טויט האָט ער געשריבן —

מיט טויט איך פיר אַן אייביקן אַ שווערן קריג,
ער גייט אויף מיר פון אַלע זייטן, אַלע עקן.

אין די אויסגעקליבענע שריפטן געפינען מיר בראָדערזאָנס שפּילעווי־דיקע לידער פאַר דערוואָקסענע און פאַר קינדער, זיינע דראַמאַלעטן, מעשהלעך און זיין סעריע פון פופציק לידער, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט פאַרן אַנטלויפן פון פוילן, אין 1939 — פערזן וואָס זענען ווי געשעפּט פון זעלבן קוואַל, וואָס האָט אויפסניי אויפגעפרישט סעגאַלאָוויטשעס פּאָעטישע כוחות. ס'איז טראַגיש אז מ'דאַרף רעדן פון אָט־די קינות אין

פּאָעטישע טערמינען פון אויפפרישונג, אָבער סיי סעגאַלאָוויטשעס קלאַג־לידער, סיי בראַדערזאָנס אָנונג פון דעם כליון, וואָס טראָגט זיך אויפן יידישן פאָלק, אין זיין סעריע פון פּופּציק לידער, האָבן פאַרט געגעבן צוויי פאַרגלייכגילטיקטע פּאָעטן אַן אומגליקלעכע געלעגנהייט זיך אָנצו־גורטן מיט נייע כוחות. דער פּאָעט און עסייאיסט אליעזר גרינבערג האָט ברייטער אָנגעוויזן אויף דער דערשיינונג, אין אַן אָפּהאַנדלונג אין חודש־זשורנאַל „צוקונפט״, וועגן ז. סעגאַלאָוויטשן און דעם קדוש יצחק קאַצע־נעלסאָן.

אונטער דער רעדאַקציע פון שמואל ראָזשאַנסקי איז דעם פּאָעט בראַדערזאָן געטאָן געוואָרן אַן אמתער חסד של אמת. מיר קריגן דאָ אַ פול געשטאַלט פון פּאָעט, וואָס איז אָנגעלאָפן מיט אימפּעט און אַ וואָרף געטאָן דעם אַרויסרוף פון אַ פריילעכער „צעזונגענער כאַליאַסטרע״, וואָס האָט זיך טאַקע געשטעלט הינטער אים און געגומען מיטלויפן. אַ סך ליבהאָבערס פון יידישן וואָרט זענען אָנגעלאָפן אויף דעם וואונדער פון אַן אויסטערלישן יידישן פּאָעט, מיט אַלע טעאַטראַלישע דעקאָראַציעס, און מ׳האָט נאָכגעזאָגט זיינע שורות, נישט אַנאַליזירנדיק וואָס דער פּאָעט ברענגט מיט זיך אַ חוץ דעם וואוילקלאַנג און וואוילגעזאַנג.

דאָ אין דעם אָפּקלייב געפינען מיר זיינע ערשטע לידער, זיינע לייכט־פּראָבלעמאַטישע דראַמאָלעטן, וואָס ער האָט געשריבן פאַר זיין אייגענעם טעאַטער. ער האָט אין זיינע לידער אויך שטענדיק געגעבן אַ פאַרשטעלונג. בראַדערזאָן האָט געשפּרודלט מיט פיל־שעפערישקייט אויף אַ סך געביטן און אין די אויסגעקליבענע שריפטן געפינען מיר אַלערליי מוסטערן, שוין מיט נאָטן צו אַ סך חנעוודיקע קינדער־לידער, וואָס זענען געוואָרן זייער פּאָפּולער אין אַלע קינדער־שולעס.

מיר האָבן דאָ אויך עטלעכע פריינטלעכע אָפּשאַצונגען איבער משה בראַדערזאָנען, פון י. י. טרונק, לעאָ קעניג, ש. ניגער, מלך ראַוויטש, איציק מאַנגער, י. מ. ניימאַן און אַ גוטע בראַדערזאָן־ביבליאָגראַפיע, צוזאַמענגע־שטעלט פון דעם איינציקן גרויסן ביבליאָגראַף אונדזערן, יעפים ישורין, וואָס טוט זיין אומבאַדאַנקטע אַרבעט בשלימות און מיט אַ זעלטענער פרומקייט.

ס׳איז נאָך איצטער נישט די ריכטיקע צייט אויף אַן אמת אָפּצושאַצן דעם פולן ווערט פון בראַדערזאָנס פּאָעטישן צוטראָג. שמואל ראָזשאַנסקי

פאַרלויפט דעם וועג אין זיין אַריינפיר וואָס איז פאַר זיך אַליין זייער אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט — ער קריגט זיך באַצייטנס מיט די וואָס האָבן נישט קיין גרויסן צוטרוי צו „שפּראַך־ווירטואָזן". דער אומצוטרוי צו די ווירטואָזן איז אָבער אַ גאַנץ־באַרעכטיקטער — אויב כ'פאַרשטיי אַקוראַט וואָס ראָזשאַנסקי מיינט מיט שפּראַך־ווירטואָזיטעט. אויב מיר זאָלן אָננעמען אַז שפּראַך־ווירטואָזן זענען די וואָס עס קומט זיי, ווי ער זאָגט, גרינג אָן „אַרויסצוברענגען דאָס וואָרט", מעג מען זיך צו זיי באַציען מיט אביסל אומצוטרוי. מען מעג אַ פרעג טאָן וואָס ווערט פון דער גרינגקייט און שפּילעוודיקייט. אויב אַ ליד לייענט זיך צו־גרינג, פון אָנהויב ביזן סוף, און עס פאַרמאָגט נישט קיין פאַרטשעפּ־מאָמענטן, איז עס אַ ליד פון אַ צווייטער אָדער דריטער מדרגה. אַ ליד דאַרף צווינגען דעם לייענער זיך צו פאַרזאָמען אַביסל. אפילו דאָס ליד פון הוילער מוזיק מוז האָבן אָט־די מאָמענטן פון אָפּשטעל. דער לייכטער גאַלאָפּ פון א ליד איז נישט קיין צו־גוטע רעקאָמענדאַציע פאַרן דיכטער.

אויב ווידער מען זאָל זאָגן, אז א שפּראַך־ווירטואָז איז דער וואָס באַגייט זיך מייסטעריש מיט לשון, מעג מען אים אויך קוקן אויף די פינגער און זוכן צו דערגיין אויף וויפל זיין שפּראַכישקייט איז אַן אינטעגראַלער טייל פון ליד און אַ באַרייכערונג פון ליד.

אָבער וואָס עס זאָל נישט זיין דער נענטערער און קילער אָפּשאַץ פון משה בראָדערזאָנס לידער, וועלן די „אויסגעקליבענע שריפטן", וואָס דער קולטור־קאָנגרעס אין ארגענטינע האָט אַרויסגעגעבן, דינען ווי א קורצער וועג צו בראָדערזאָנס שאַפונגס־וועלט, סיי צו זיינע מאָמענטן ווען אים האָט זיך איינגעגעבן אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די אויסערלעכע דעקאָראַציע פון האָמאָ־פּאָעטיקוס, סיי ווען ער האָט צעשפּרודלט און צעשפּריצט זיין טאַלאַנט אויף פארשידענע געביטן.

אגב וויל איך דאָ אָנווייזן אויף בראָדערזאָנס טעות אין דער דעפיניציע פון דער אַלטער יאַפּאַנעזישער פּאָעטישער פאָרם — „טאַנקאַ". די טאַנקאַ האָט גאָרנישט צו טאָן מיט גראַמען, נאָר מיט דער צאָל זילבן, טייל שורות זענען זיבן־זילביקע און אַנדערע פינף־זילביקע. די לעצטע שורה איז אַ זיבן־זילביקע. בראָדערזאָן גראַמט בלוי־טוי, פרומער־קרומער־זומער: אָבער דאָס מאַכט נישט דאָס ליד פאַר אַ „טאַנקאַ".

בראָדערזאָנס וועג ליגט צווישן אַזעלכע שורות, ווי

אויב איך בין יונג,
וועל איך נאָך מער זיך יינגערן.
אָן אויפגעפלאַמטער פון יעטווידער פונק,
פאַרליבט אין יעדן שטערן־וואונק,
פאַרליבט אין יעדן ווערטער־קלונג,
אין יעדע — סודי־סודות־זינגערן.

**און שורות, ערב דעם גרויסן פאַרלענד —**

אין יאוש מיינעם, פאַר דער שפלות, פאַר דער געפאַלנקייט פון מענטש־מחבל,
איך פאַל אַוועק אין אומנחמהדיקייט פון די חושך־נעכט.
אָ, ליבער גאָט, שיק דאָ אַראָפּ אויף אַלעמען אַ מבול,
אויף אָפּצושווענקען אַלץ וואָס איז פארווילדעוועט און שלעכט.

**די איבערגעטריבענע פאַרליבטקייט אין „יעדן ווערטער־קלונג" איז, וואָס אַן אמת, צוזאַמענגעפאַלן מיט דעם באַרג־אַרויף פון נייעם יידישן ליד, אָבער דער קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער וועט אַן פּניות זוכן פעסטצושטעלן, נישט נאָר מאָמענטן, נאָר די פּאָזיטיווע בלייבעוודיקע דערגרייכונגען בראָדערזאָנס; און פאַר אים וועט דער אָפּקלייב פון בראָדער־זאָנס שעפערישן מהלך זיין א גוטער און נויטיקער שליסל.**

1961

## דער „קייסער" אין געטאָ

**אין זיין בוך „דער קייסער אין געטאָ" פאַרזיכערט אונדז ירחמיאל בריקס צווישן זיינע אָפּטע, זייטיקע און באַרעדעוודיקע באַמערקונגען, אַז — „פאָלקס־זינגער זענען קינסטלער און זייערע שאפונגען ברענגען פיל מאָל מער נוצן פאַרן פאָלק, ווי לידער פון פּראָמינענטע דיכטער". כ'האָב נישט געלייענט בריקסעס ערשטלינג — אַ בוך לידער, וואָס ער האָט ארויסגעגעבן עטלעכע חדשים פאַר דעם חורבן פון יידישן פוילן. און איך**

ווייס נישט, צי ס'איז געווען פאַלקסגעזאַנג. דער נאָמען פון בוך לידער „יונג־גרין־מאַי" קלינגט זיכער נישט ווי אַ צוזאָג אויף פאָלקסלידער. דער־פאַר אָבער קאָן מען זיך ארויסהעלפן מיט דעם מחברס אייגענער פעסט־שטעלונג וועגן פאָלקסזינגער און זאָגן, אז זיין „דער קייסער אין געטאָ" איז פאָלקסשרייבעריי, אָננעמענדיק אפילו ירחמיאל בריקס הנחה, אַז עס ברענגט נוצן פאַר דעם פאָלק. מען דאַרף אָבער נישט גיין צו ווייט און מיט אים אבסאָלוט נישט מסכים זיין, אַז עס ברענגט מער נוצן, ווי לידער אָדער קינסטלערישע ווערק פון „פּראָמינענטע דיכטער".

דער „קייסער אין געטאָ" ווערט באַצייכנט אויפן שער־בלאַט ווי א נאָוועלע, און עס איז, קאָן מען זאָגן, דער היפוך פון א נאָוועלע. דאָס בוך איז אַ זאַמלונג פון עטלעכע צענדליק עפּיזאָדן, וואָס שילדערן דאָס חושכ־דיקע לעבן אין דעם לאָדזשער געטאָ. דער מחבר זאָגט אונדז אין זיין נאָכ־וואָרט, אַז ס'איז בלויז אַ האַלב ווערק, און אַז ביז צו דער ליקווידאַציע פון דעם געטאָ לויפן נאָך עטלעכע הונדערט זייטן. אָבער אין דער ערשטער העלפט געפינען מיר גענוג באַשרייבונגען, וואָס ווייזן ווי אַזוי יידן האָבן זיך געקליגט צו לעבן ביי באַדינגונגען, וואָס זענען געווען אויסגערעכנט זיי אומברענגען מאַסנווייז. דער לאָדזשער געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן אין אויגוסט 1944, און דאָס איז, אויף וויפל מיר ווייסן, דער פאַרגעסנסטער געטאָ, וואָס האָט פונקציאָנירט לענגער ווי אנדערע געטאָס. די דייטשן האָבן אַ סך פריער ליקווידירט די געטאָס אין אַנדערע טיילן פון פּוילן, אָבער דער לאָדזשער געטאָ איז געווען נאָענט צום בית עולם, און די דייטשן האָבן, ווייזט אויס, געהאָפט, אַז ער וועט זיך אַליין ליקווידירן, מיט זיין גלייכן און קורצן וועג צום טויט.

כ'וואָלט בפירוש נאַראַיעט בריקסן, אַז ער זאָל אין די ווייטערדיקע אויפלאַגעס פון בוך אַראָפּנעמען די ליטעראַרישע מאַרקע — „נאָוועלע" — פון דעם דאָזיקן ווערק, כדי מען זאָל נישט דערוואַרטן, לכל הפחות, קיין אַרכיטעקטאָנישע גאַנצקייט, אָדער קינסטלערישע פּלאַנירונג, וואָס איז גאָר עפּעס אַנדערש פון שרייבן אַ צאָל באַזונדערע קאַפּיטלען און זיי צוזאַמענ־שטעלן אין א מער־ווייניקער לאָגישער אָרדענונג. אַ נאָוועלע פאָדערט קינסטלערישע אָרדענונג, אָדער — אויב איר ווילט — קינסטלערישע אומאָרדענונג. ירחמיאל בריקס מאַכט נישט דעם מינדסטן פאַרזוך צו שרייבן אַ גאַנצע נאָוועלע פון יענע שוידער־טעג אין דעם לאָדזשער געטאָ,

און מען וואָלט באַגאַנגען קעגן אים אַן אומרעכט, אויב מ׳זאָל, חלילה, נעמען ביי אים אויפמאַנען קינסטלערישע וועקסלען.

ס׳איז שווין גלייכער זיך צו לאָזן פירן פון דער הקדמה, וואָס דער דיכטער און עסייאיסט ב. י. ביאַלאָסטאָצקי האָט געשריבן צום בוך — „דער קייסער אין געטאָ". מען מעג דעם דאָזיקן אַריינפיר נעמען ווי אַ באַוואָרעניש־שליסל, אַז מען וועט אויפנעמען דאָס בוך מיט וואַרעמקייט, אויב נישט מיט דער זעלביקער הייסקייט, וואָס ביאַלאָסטאָצקי אָטעמט־אָן אויף דעם ווערק, ביי דער סאַמע שוועל. א גרויסער חסרון איז דאָס, וואָס דער אַריינפיר רופט אויך דאָס בוך נאָוועלע, און דאָס קאָן שטרויכ־לען דעם לייענער.

מען מעג, אפשר מוז מען גאָר, אויפנעמען אַזאַ בוך פון א פיל געלי־טענעם ייד מיט וואַרעמקייט. מיר דאַכט זיך, אַז ס׳זענען פאַראַן גענוג לעבן־געבליבענע קרבנות פון נאַציזם, פאַר וועמען ירחמיאל בריקס איז אַ שליח־ציבור. ער האָט דעם נויטיקן שרייב־דראַנג, און ער האָט אַ גוטן און קלאָרן זכרון. זיין „קאַץ אין דער געטאָ" האָט געמאַכט אַ רושם, און ס׳איז בריקסן געלונגען צו דערמעגלעכן דעם אָפּנעם און פארקויף פון גאַנצע פיר אויפלאַגעס — און מיר אַלע ווייסן וואָס פאַראַ זעלטנהייט דאָס איז אויף דעם יידישן ביכער־מאַרק.

בריקס פאַרמאָגט אַ גוט פובליציסטיש אויג, און אין זיינע עפּיזאָדן זעען מיר, אַז ער האָט שאַרף אויפגענומען דאָס טאָג־טעגלעכע אין דעם לאָדזשער געטאָ, די באַשפּייזונג, די קראַנקייטן, די אַרבעטס־באַדינגונגען, די — ביי די אומשטענדן — געשאַפענע ווערטלעך און אַפילו וויצן. דאָס זענען אַלץ נוצלעכע זאַכן, און מען וועט זיי אַוודאי אויסזוכן און עס אַלץ איינקוואַרטירן אין די ריכטיקע רובריקן, מיט דאַנק און אָנערקענונג צו בריקסן.

ירחמיאל בריקס הייבט אָפּילו אָן מיט אַ „העלד", וואָס מען זעט אים פּאַקטיש אין יעדן קאַפּיטל. זיין נאָמען איז שמחה בלושטיין און ער איז אַן אָנוואוּנק אויף דעם מחבר אַליין. ס׳זענען פאַראַן נאָך עטלעכע פּערסאָ־נאַזשן, וואָס שפּאַצירן דורך די עפּיזאָדן, אָבער זיי זענען גיכער געזאָגטע טיפּן, ווי געשילדערטע אין דער טיף. זיי פּאַסן זיך אַריין אין די אַלגעמיינע פּאָלקס־באַשרייבונגען, וואָס מ׳וואָלט אויף זיי געקאָנט אַרויפשטעלן אַ דאַטע

פון טאָג און יאָר, און דאָס בוך וואָלט אפשר געוואונען דערפון, ווי טאָג־בוך־פאַרצייכענישן.

יאָ, פאַראַן נאָך אַ׳ אויבערהעלד, אָדער אפשר נאָר אַן אונטערהעלד — דער „קייסער״ אַליין, מרדכי חיים רומקאָווסקי, וואָס האָט, מיטן כוח פון די דייטשן, רעגירט איבער דעם לאָדזשער געטאָ מיט אַן אײַזערנער האַנט. אָבער וועגן אים וועל איך רעדן אַביסל שפּעטער, ווײַל אויב כ׳האָב שלום געמאַכט, אויף אַ באַגרענעצטן אופן, מיט די נייטראַל־פאַרצייכנטע עפּיזאָדן, מיט דער אַזוי־גערופענער כראָניק פון די געשעענישן אין דעם געטאָ, איז מיר אַ סך שווערער שלום צו מאַכן מיט דעם ייד רומקאָווסקי, ווי ער ווערט פאַר אונדז געשילדערט אין בוך „דער קייסער אין געטאָ״.

דאַרף מען קודם־כל פעסטשטעלן, אַז אין „דער קייסער אין געטאָ״ געפינען מיר אַ סך לעבעדיקן מאַטעריאַל. ס׳איז אַלץ אָנגעוואָרפן און פלאַנירט, ווייזט אויס, בלויז אין שליסל פון בריקסעס זכרון. דער אַלגעמיי־נער אײַנדרוק איז פון אַ געזעמל קאַפּיטלען, צונויפגערופן פון מחבר. עס זענען פאַראַן אין בוך אַ סך אומנויטיקע איבערחזרונגען, און גאַנצע זייטן גייען אַוועק אין ניוועץ, ווײַל זיי זענען נישט אָפּגעקליבן — און דאָס איז אפשר דער גרינטלעכסטער חילוק צווישן קונסט און פאָלקס־שרײַבן. דער קינסטלער וואַרפט־אָפּ און דער פאָלקס־שרײַבער ווייסט נישט פון די „קונצן״. וואָס אויף דער לונג און אויף דער צונג, קומט אויף דער פּען.

פונדעסטוועגן דאַרף מען צוגעבן, אַז פון דעם גאַנצן ווערק שווימען אַרויס פּאַטעטישע מאָמענטן, און אַפילו גאַנצע סצענעס, ווי דעמאָנסטראַ־ציעס אין דעם געטאָ, אויפשטאַנדן נישט קעגן דעם דייטש, נאָר קעגן דער אײַנגעשטעלטער „יידישער״ אָרדענונג. מען הערט שמועסן, אַביסל צו לאַנגע רעדערייען און צו ווערטערלעך־געדענקטע, אָבער מען הערט יידישע רייד, יידישע וויכוחים און יידישן אויסגעדריקטן בטחון, ביים סאַמע טויער פון אומברענג.

לגבי פאָלקס־שרײַבערײַ פעלט מיר אין בוך אַביסל „פּייכטקייט״; עס איז צו טרוקן. גראָד דער פאָלקס־מענטש האָט ליב זיך אָנצוציגדן און באַלעבן זײַנע רייד מיט פּאַטאָס. אויב מען זאָל וועלן צושרײַבן אַ כוונה צו דעם דאָזיקן אופן, אַז דער מחבר האָט באַוואוסטזיניק נישט געוואָלט מחלל זײַן זײַן מאַטעריאַל מיט וואָסערע נישט איז באַפּוצונגען אָדער מיט

טיפערער אַריינדרינגונג אין די מעשים פון זיינע מענטשן, מוז מען זאָגן, אַז בריקס איז שוין געווען אַביסל צו פאַרזיכטיק.

קומען מיר איצטער צו דער אַקס, וואָס אויף איר, קאָן מען זאָגן, דרייט זיך דאָס ווערק — „דער קייסער אין דער געטאָ". אין זיין נאָכוואָרט באַוואָרנט זיך ירחמיאל בריקס מיט אַזאַ פאַרלויפן דעם וועג. ער שרייבט:

„איך האָב מיך נישט געלאָזט פאַרפירן פון דעם היינטיקן קאַזיאָנעם פּאַלשן איינשטעל פון די מכלומרשטע אוהבי ישראל, וואָס זיי באַמיען זיך צו פאַראייביקן דעם גרעסטן חורבן פון יידישן פאָלק אין אַ פאַלש ליכט. איך האָב זיך געלערנט פון אונדזערע אַלטע הייליקע ספרים. ירמיה האָט נישט מורא געהאַט צו דערציילן אין איכה, אַז אַ מאַמע האָט נעבעך, צוליב הונגער — אין חורבן ירושלים — געשאָכטן איר קינד, עס אָפּגע־בראָטן און געגעסן... ווייל אַזוי איז דער מענטש, און דער ספר דאַרף שילדערן דעם מענטש מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות — אַרויס־ברענגען דעם אמת. אַזוי האָב איך געפּרואווט טאָן, ווי אַ יידישער שרייבער, לעבנדיק אין מיטן דעם חורבן".

קעגן דעם יידישן שרייבער, וואָס האָט געלעבט, ווי ירחמיאל בריקס, אין מיטן דעם חורבן, קאָן מען נישט אַרויסשטעלן קיין טענות, פאַרוואָס ער האָט נישט צוריקגעהאַלטן די אָדער יענע פּרטים פון זיינע איבער־לעבונגען. אַזאַ שרייבער האָט אַלע רעכט אויף זיינע דערמאָנונגען, און אויב ער וויל אונדז פאַראומערן די טעג מיט נאָכטראַכטונגען, איז דאָס זיין מיסיע, זיין שליחות אונדז צו דערציילן.

דער נביא פון איכה באַקלאָגט די מאַמעס, וואָס זייער הונגער־משוגעת האָט זיי געטריבן צו עסן די אייגענע קינדער, און ער האָט אונדז נישט געשוינט; ער האָט אונדז נישט פאַרשפּאָרט די דאָזיקע איינצלהייטן פון דעם גרויסן נאַציאָנאַלן חורבן.

אָבער קודם־כל מוז מען גוט געדענקען, אַז איכה איז אַ גרויס קינסטלעריש ווערק, דיסציפּלינירט און איינגעשלאָסן אין פאַרשידענע „באַפּוצונגען", וואָס דער מחבר בריקס זאָגט, אַז ער האָט געוואָלט אויס־מיידן. דער מקונן האָט אויסגענוצט די ענגסטע און שווערסטע ראַמען און צאַמען, דעם אלף־בית־שליסל, געדאָפּלט און געדרייפאַכט אין די שענסטע קלאַנגען און נאָכקלאַנגען, וואַריאַציעס פון ווערטער און זייערע ניואַנסן און עכאָס. דווקא איכה איז דער בעסטער באַוויז, אַז פאַר אַ

קלאָג־ליד זענען גראָד נויטיק פֿאַרשידענע „באַפּוצונגען”, כדי עס צו פֿאַרזיכערן מיט אײביקײט.

מען קאָן אויך נישט ברענגען קײן ראיה פֿון איכה, אַז מען דאַרף נאָכן חורבן „שילדערן דעם מענטש מיט אַלע זײַנע מעלות און חסרונות”. בײַם גרויסן מקונן רײַסט זיך אַרויס דער װײטיקדיקער זיפֿץ אויף דעם אומגליק, װאָס דער שונא האָט געבראַכט, דעם נביא איז נישט געגאַנגען אין שילדערן, נאָר אין באַװײנען.

אָבער איך נעם אָן, אַז אַ שרײַבער, װאָס האָט דורכגעמאַכט דעם חורבן האָט אַ רעכט צו שילדערן דעם מענטש, מיט אַלע זײַנע מעלות און חסרונות, און אָננעמענדיק די דאָזיקע הנחה, מוז מען קאָנסטאַטירן, אַז דאָס װערק „דער קײסער אין געטאָ” איז אָנגעשריבן אין שליסל פֿון קאָנטראַסטירנדיקן שװאַרץ און װײַס. דער „קײסער”, רומקאָװסקי, איז כולו שװאַרץ, און דער שמחה בלושטײן, דער באַשרײַבער, איז כולו װײַס. קײן ניואַנסן זענען נישטאָ. מיט קײן אײן מעלה װערט רומקאָװסקי נישט באַשאָנקען; ער איז דורכגעלעכערט מיט װילדע חסרונות.

בין איך אַפֿילו גרײט צוצוגעבן, אַז אַזאַ איז טאַקע געװען דער „קײסער” פֿון לאָדזשער געטאָ, און דער מחבר האָט זיך גענוג אָנגעליטן פֿון אים אין דעם לאָדזשער געטאָ. ער האָט זיך אַפֿילו געמעגט אָפּרעכענען מיט אים און אים אַרויסשטעלן אין זײַן גאַנצער שװאַרצקײט און אונטער־װעלטישקײט. אָבער עפּעס דאַרף געשען, װען מען רעכנט זיך אָפּ מיט דער פּען און נישט מיט אַן אַנדער געװער. ס׳דאַרף אַרויסקומען אַ גאַנצער מענטש, װי זאָגט דער מחבר אַלײן, מיט אַלע זײַנע מעלות און חסרונות.

װיפֿל עדות עס זאָלן זיך נישט אָפּזוכן, אַז רומקאָװסקי און זײַנע אַרויס־העלפֿערס זענען טאַקע געװען אַזעלכע שװאַרצע מחבלים קעגן ברידער ײדן, װעל איך נישט גלויבן, ביז מען װעט מיר נישט דערלאַנגען דעם דאָזיקן „קײסער” מיט אַ פּאַרטיפֿער װיזיע, מיט אַן אַרײַנדרינג אין דעם קלײנעם מעכאַניזם פֿון די אַנטמענטשטע ײדן — און מיט װײטיק, װאָס אַזױנס איז געשען און געקאָנט געשען.

ירחמיאל בריקס שטעלט אונדז פֿאַר אַ ײדישן גיהנום. אָפּטמאָל פֿאַרגעסט מען גאָר, אַז הינטער דעם גאַנצן גיהנום זענען געשטאַנען די דײַטשן. אין „דער קײסער אין דער געטאָ” קומט אויס, אַז ײדן האָבן געליטן — פֿון ײדן, און אַז ײדן זענען געװען די צוררים קעגן זײערע

אייגענע ברידער. די דייטשן זעט מען כמעט נישט. דייטשן האָבן איבער־געגעבן יידן — אין יידישע הענט און יידן זענען געוואָרן די אומברענגערס.

דאָס האָט אַבסאָלוט גאָרנישט קיין שייכות מיט דעם „איינשטעל פון די מכלומרשטע אוהבי ישראל". ס'האָט גיכער צו טאָן מיט אַ נישט־באַגרינדעטן באשולדיקונגס־אַקט קעגן דעם יידישן מושל אין דעם געטאָ. פאַראַן אין בוך איינע פון די זעלטענע אָנגעוואַרעמטע שטעלן, און דאָס איז גראָד וועגן דעם „קייסער", איידער ער איז נאָך געקומען צו זיין טרויעריקער ממשלה. רומקאָווסקי איז דעמאָלט אַ „גלות־ייד, אויסגעמאָטערט און צעבראָכן פון יידישע צרות". ווי אַזוי איז פון דעם צעבראָכענעם ייד געוואָרן אַזאַ אויסוואורף? ווי אַזוי האָט ער געשאַפן אַרום זיך אַ יידישע אויסוואורף־אַטמאָספערע? ירחמיאל בריקס גיט אונדז נישט דעם ייד אין זיין יחידות מיט זיך. פאַרקערט, ער ווייסט יאָ, אַז יעדעס מאָל, ווען ער האָט אָנגעטאָן יידן־ברידער צרות, האָט זיך דער עטלעכע און זעכציק־יאָריקער „קייסער" געזעטיקט מיט יונגע מיידלעך.

איך נעם דערפאַר נישט אָן די שילדערונג פון אַ יידיש־געשאַפענעם גיהנום אין דעם לאָדזשער געטאָ. אַפילו ווען אַ יידישער שרייבער איז פון דאָרט צוריקגעקומען און זיך אַרויסגעריסן פון אַזאַ יידישן גיהנום, וואו ער האָט געלעבט אַ פיר־פינף יאָר, וויל איך מיט אַזאַ גרוס פון דאָרט נישט לעבן, בפרט ווען דער גרוס איז קינסטלעריש נישט איבערצייגנדיק און נאַציאָנאַל שווער אַריבערצוטראָגן.

בלייבט פונדעסטוועגן „דער קייסער אין געטאָ" אַ נוצלעך בוך, מיט אַ צאָל קאַפּיטלען, מיט פאָלקסטימלעכע אויסדרוקן, פאָלקלאָריסטישע פאַרצייכענונגען, געזונגענע געטאָ־לידער; און דער עיקר, ווען בריקס פאַרגעסט אין זיין באַרעכטיקטער שנאה צום „קייסער" רומקאָווסקי, און ער רעדט דורכן מויל פון בלושטיינען:

„אויסערלעך זענען מיר אויס ווי מתים, אָבער אינערלעך האָבן מיר איינגעהאַלטן דעם צלם אלוקים".

כ'וויל האָפן, אַז אין דעם צווייטן באַנד פון „דער קייסער אין דער געטאָ" וועט ירחמיאל בריקס פאַר אונדז אויך אַנטפּלעקן דעם „צלם אלוקים" פון די רומקאָווסקיס, און דעם טראַגישן גראָטעסק פון אַ יידישער מלוכה אין דעם לאָדזשער געטאָ, ערב דעם שוידערלעכן חורבן.

## די געמיינע קשיה

דער אַפּריל־נומער פון חודש־זשורנאַל „קאָמענטערי“, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון דער אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע, האָט אונדז צום חודש, ווען ס׳ווערט אָפּגעהיט דער יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, אונטערגעטראָגן אַן אַרטיקל, וואָס הויבט ווידער אויף די אומפאַרשעמטע און געמיינע פראַגע, פאַרוואָס די זעקס מיליאָן יידן האָבן זיך „געלאָזט“ אומברענגען און הלמאַי זיי זענען געגאַנגען „ווי שעפּסן צו דער שחיטה“.

אַז מען טראַכט זיך אַריין אין די פיר־פינף יאָר, וואָס די מיליאָנען יידן האָבן דורכגעלעבט, ביז די נאַציס האָבן זיי באַפרייט פון איבערלעבן און זיי פאַראַשט, פאַרברענט, אויסגעשאָסן, פאַרגאַזט אָדער זיי גלאַט פאַרפּייניקט צום טויט; און אויב מען האָט נאָר אַ שטיקל מענטשלעכע פאָרשטעלונג־קראַפט, מענטשלעך אין זין פון אַ טראָפּעלע מיטפילנדיקער מענטשלעכקייט, דאַרף מען באמת זיין אומפאַרשעמט, אַז מען זאָל זיך דערלויבן פרעגן אַזאַ פראַגע, פאַרוואָס אַלע יידן האָבן נישט געשטעלט אַזאַ ווידערשטאַנד, ווי די וואַרשעווער העלדן פון דער געטאָ.

די פראַגע איז שוין אָבער אַ סך מאָל געשטעלט געוואָרן און זי איז אַפילו געוואָרן זייער באַרימט ביים אייכמאַן־פּראָצעס. נאָר וואו און ווען מען האָט אַזאַ קשיה געפרעגט, האָט עס תמיד אויפגעשווידערט — מיט דעם גראָבהויטיקן און ברוטאַלן משפט אויף די קרבנות, וואָס אַזאַ פראַגע באַהאַלט אין זיך. דער משפט שמעקט מיט סדום, ווייל אויב די אומגע־בראַכטע קרבנות האָבן נישט באַפרידיקט די יינגלשע ביקסל־העלדיש־קייט פון די פראַגע־שטעלערס, זענען זיי כמעט אויפן זעלבן ברעטל מיט די רוצחים, אָדער אפשר נאָך ערגער — עפּעס אַן אומווירדיקער מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס ס׳איז נישט כדאַי זיך נעמען שטאַרק צום האַרצן זייער אומברענגונג.

אַז ס׳פרעגן אַזאַ פראַגע שלעכט־דערצויגענע ישראל־קינדער, קאָן מען דעם ענטפער אויף אַזאַ קשיה באַטראַכטן פון שטאַנדפּונקט פון איבער־דערציאונג, אָבער אַז דערוואַקסענע יידן אָדער גויים שענדן מיט אַזאַ ווילדער פראַגע דעם אָנדענק פון די פאַרהייליקטע קרבנות, ווערט ביטער אויפן האַרצן, מחמת ס׳ווערט קלאָר, אַז די פראַגע־שטעלערס

האָבן דעם טרויעריקן מוט צו ווערן די פּראָקוראָרן איבער די זעקס מיליאָן מיט געוואַלד אויסגעריסענע און אויסגעפּליקטע שטאַמען אונדזערע.

דאָס אַרטיקל אין „קאָמענטערי" איז אַ לאַנגע רעצענזיע איבער אַן ענגליש בוך, וואָס הייסט „דער אומברענג פון אייראָפּעישע יידן". דער מחבר פון דעם בוך, וואָס האַלט אַרום 800 זייטן, איז ראַאול הילבערג. כ'האָב דאָס בוך נישט געלייענט און כ'האָב קיינמאָל נישט געהערט דעם נאָמען פון אַזאַ שרייבער. אָבער כ'האָב יאָ געלייענט די לענגערע רעצענזיע אין דעם חודש-זשורנאַל פון דער אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע. דער רעצענזיע-שרייבער איז דער גוט-באַקאַנטער ענגלישער היסטאָריקער ה. ר. טרעוואָר-ראָפּער, אַ שאַרפער אַנטי-נאַצי און אַנטי-טאָינבי און בכלל אַ גלענצנדיקער שרייבער, אָבער אויך ער לאָזט זיך אַריינשלעפּן אין דער ווילדער קשיה — פאַרוואָס די אייראָפּעישע יידן האָבן נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד. די רעצענזיע איז געשריבן אַזוי, אַז מען ווייסט נישט קלאָר צי דער מחבר פון בוך שטעלט די אייראָפּעישע יידן צו אַ האַרבן משפּט, אָדער טרעוואָר-ראָפּער אַליין דערוועגט זיך צו פאַרמשפּטן די אייראָפּעישע יידן.

## אומזיניק און האַרצלאָז

ס'איז אַזאַ אומזיניקע און האַרצלאָזע פראַגע, אַז פון וועמען זי זאָל נישט קומען מוז עס אַלץ אויפטרייסלען ביזן ביין, און דער זשורנאַל „קאָמענטערי" האָט געמעגט צושרייבן כאָטש עטלעכע שורות צו דער רעצענזיע און שטעמפּלען די ברוטאַלע פראַגע מיט אַ מענטשלעכן קאָמענטאַר. ווייל פרעגן פרעגט מען די דאָזיקע קשיה ממש ווי אין דער הגדה, מעשה חכם, וואָס גריבלט זיך כלומרשט אין דער נאַציאָנאַלער פּסיכאָלאָגיע פון יידישן פאָלק, אָדער ווי אַ רשע, וואָס גיט אַ מאַך מיט דער האַנט: אויב זעקס מיליאָן יידן האָבן זיך געלאָזט אויסקוילן, זענען זיי מער נישט ווערט געוועזן. ווי אַ תם, וואָס פרעגט תמעוואַטע, הלמאַי די יידן האָבן זיך נישט פאַרטיידיקט, אָדער אַנטקעגנגעשטעלט, אָדער ווי שאינו יודע לשאול, וואָס האָט נישט קיין שכל צו עפענען דאָס מויל, אָבער בנוגע די אייראָפּעישע יידן איז ער אויך אַ שטיקל פרעגער, וואָס בעבעט אַרויס, אַז נאָך אַלעמען פאַרוואָס האָבן זיך די יידן טאַקע געלאָזט פירן צו דער שחיטה?

אָבער דער אמת איז, אַז יעדער פרעגער, וואָס קאָן אַרויסברענגען פון זיך אַזאַ פראַגע, איז אַ געמיש פון אַלע בנים, מיט אַ היפּשער דאָזע פון רשעות. דער חכם מאַכט זיך תמעוואַטע און ער פרעגט כלומרשט אומשולדיק, אָבער אין האַרצן מוז מען זיין אַ רשע, אויב נאָך אַלע באַשרייבונגען ווי אַזוי די דייטשן האָבן סיסטעמאַטיש דורכגעפירט זייער פּלאַן אויסצוראָטן דאָס אייראָפּעישע יידנטום, קאָן מען נאָך ביי זיך פועלן צו מאָנעןביים אומגעבראַכטן אייראָפּעישן יידנטום — ווידער־שטאַנד.

די קריסטלעכע אידעאָלאָגן טיילן זיך לעצטנס אין צוויי קאַטע־גאָריעס: אויף טאָינביס, וואָס לויבן דעם גלות־ייד, כדי זיי זאָלן קאָנען אויסרעדן אַלדאָס בייז אויף דער יידישער מדינה, און אויף טרעוואָר־ראָפּערס, וואָס זענען פול מיט לויב פאַר דעם מדינת־ישראל ייד, כדי זיי זאָלן קאָנען מאַכן צונישט דעם ייד אין גלות. צווישן דיביידע — האָבן מיר אַ שיין פנים.

טרעוואָר־ראָפּער פאַרוואַנדלט זיך פשוט אין אַן אידיאָט, ווען ער פירט דורך אַ פאַרגלייך צווישן די פאַרטיידיקונג־כוחות פון מדינת ישראל, וואָס פאַרמאָגט אויך גוטע אָנגריף־כוחות, ווען זיי זענען נויטיק, און דער אומבאַוואָפנטער שוצלאָזיקייט פון אייראָפּעישן יידנטום. ווען די אייראָפּעישע יידן וואָלטן טאַקע געווען וואָפן־באַוואוסטזיניק, וואָלטן זיי, דורך זייער לאַנגער געשיכטע, באַדאַרפט זיין אין אַ פערמאַנענטן באַוואָ־פנטן צושטאַנד, אַנטקעגן דער רשעות פון גויים. איז ערשטנס, וואו וואָלטן זיי געהאַלטן אַזאַ גרויסן אַרסענאַל? צווייטנס, וואָס וואָלט געווען דער אויסגאַנג פון אַזאַ ווידערשטאַנד? קיין איין ייד וואָלט היינט נישט געלעבט אויף דער וועלט און ס׳וואָלט קיין מדינת ישראל נישט געווען. די שטילע, דיסציפּלינירטע, צוריקגעהאַלטענע יסורים־טרעגערס און יסורים־פאַרטראָגערס, די קעמפערס אנטקעגן טעג און נעכט אין אַ גויאישער וועלט, האָבן מיט זייער שווערן קאַמף פון פאַרטראָגן מיט בטחון אַלע רדיפות און אינקוויזיציעס — אויסגעקעמפט אַ לעבעדיקע מדינת ישראל און נישט קיין טויטע העלדישקייט, וואָס וואָלט שטאַרק אַפּעלירט צו גויאישע היסטאָריקערס.

## זיי האָבן נישט געגלויבט

וואָס שייך די יידן אין די געטאָס, וואָס האָבן נישט געגלויבט, אַז די דייטשן וועלן דורכפירן די ווילדסטע מערדערייען אויף אַזאַ מאַסשטאַב — האָט דען די וועלט זיך געקאָנט פאָרשטעלן אַזעלכע גוט־אָרגאַניזירטע טאָטאַלע רציחות?

נאָך עפּעס: מיר האָבן אַלע געלייענט די באַריכטן פון די באַרימטע סטאַליניסטישע פּראָצעסן, ווי די גרויסע, געשולטע רעוואָלוציאָנערן, נישט גלאַט דורכשניטלעכע דערשראָקענע מענטשן, זענען סיסטעמאַטיש דעגראַדירט געוואָרן דורך הונגער, פּייניקונגען, אוממענטשלעכע באַליידיקונגען, אַז זיי האָבן געבעטן אויף זיך דעם טויט און מיטגעשפּילט אין דער טראַגעדיע פון זייער אייגענער דערנידערונג.

דער דייטש האָט עס געמאַכט נאָך גרינטלעכער ווי סטאַלין. ער האָט ביסלעכווייז צוגענומען ביים לאַגער־ייד דעם כוח און דעם ווילן צום לעבן. הונגער אַליין קאָן דאָך טרייבן מענטשן מיט שנאה צום טויט. אָבער מיר ווייסן דאָך, אַז דער דייטש האָט מיט אַ סך אַנדערע אויסגערעכנטע מעטאָדן, מיט אמתער דייטשער פילאָזאָפיע געוואוסט ווי צו פאַרפּייניקן דעם מענטש אין דעם ייד און ווי אין אים אַרויסרופן די פרייד פון וועלן זען דעם טויט וואָס גיכער.

די גאַנצע וועלט איז געזעסן רואיק ווען דאָס איז געשען, אָבער איז דען אַזוי שווער — אויף עטלעכע רגעס אין טאָג — אַריינצולעבן זיך אין דער דאָזיקער וויסנשאַפטלעכער פאַרטיליקונג און מיטלעבן מיט די צום טויט־געשטופּטע, אַז ס׳זאָל אַוועק דער ווילדער וויסנשאַפטלעכער אַפּעטיט צו פרעגן באַרבאַרישע קשיות, אויפן חשבון פון די זעקס מיליאָן קדושים?

און ווען יידן וואָלטן געהאַט עטלעכע צינד־פלעשער און זיי וואָלטן יאָ געשטאָרבן מיט דעם „כבוד”, ווי ס׳ווילט זיך די אַלע כבוד־זוכערס אויפן חשבון פון אַ פאַרפּייניקט פאָלק, וואָלט דען דער אומגליקלעכער קאַמף נישט אַרויסגערופן פּעטע שמייכלען ביי די גרויסע היסטאָריקערס, וואָס פאַרכלינען זיך מיט היסטאָרישע מלחמות און פאַרצייכענען טויטע העלדישע שלאַכט־פעלדער.

אַפילו אין דעם אייגנאַרטיקן יידישן לעקסיקאָן פון די טויט־פאַבריקן געפינט מר. טרעוואָר־ראָפּער, מיט דער הילף פון מחבר פון בוך, גאַנצע פּשטלעך פון גרייט זיין צום טויט. ער פּאַרזוכט איינגאַנצן דעם גאַלגאַן־הומאָר אין גיהנום, דאָס שטעלן זיך איבער די רוצחים מיטן כוח פון אַ ווערטל.

דער משפּט איבער די אומגעבראַכטע יידן איז באמת אַ משפּט סדום אויף אַ ריזיקן מאַסשטאַב. די שופטים, וואָס טוען אָן די קיטלען און זעצן זיך משפּטן, כדי צו פאַרמשפּטן די יידן, וואָס האָבן זיך „געלאָזט" שלעפּן צום טויט, פאַרמאָגן פעטע הערצער און פאַרפעצטע מוחות. דאָס בעסטע וואָס מען קאָן זאָגן אויף זיי איז, אַז זיי האָבן נישט די מינדסטע פאַנטאַזיע צו כאַפּן וואָס אין יענעם טאָל פון טויט האָט זיך אָפּגעטאָן; דאָס ערגסטע, וואָס מ׳קאָן זאָגן אויף דעם, אַז אין אַזעלכע קשיות שטעקט אַ באַהאַלטענער פונק פון נאַצישער גלייכגילטיקייט צו דער גרויסער פאַרטיליקונג פון אַ הייליק, אומשולדיק פאָלק, וואָס האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דער מין מענטש האָט טאַקע אַרויסגעוווערעמט פון זיך דעם מין דייטש, וואָס האָט עס אַלץ דורכגעפירט.

און צום סוף — „קאָמענטערי" האָט נישט געטאָרט געבן אַזאַ ביטערן צושטייער צו די טעג, ווען מיר היטן אָפּ דעם געטאָ־אויפשטאַנד, וואָס איז נישט קיין אויפשטאַנד אין עלעמענטאַרן זין, נאָר טעג פון געדענקען אַלע קדושים, וואָס זענען געווען גרעסערע טאָג־טעגלעכע העלדן, ווי די טרעוואָר־ראָפּערס האָבן דאָס האַרץ און די געפילן זיך פאָרצושטעלן.

## יידיש לשון — יידישע חכמה — יידישער תיקון

ווען יידיש האָט זיך גענומען אויסקריסטאַליזירן ווי אַ באַזונדערע שפּראַך, האָט זי אין איר אַנטוויקלונג זיך באַנוצט מיט יידישער חכמה. ווער ס'האָט אויערן און הערט זיך צו צום אופן, ווי יידיש האָט גלייך גענומען לעבן אויף אייגענע קעסט, זעט אין דעם אַ ניצוץ פון מעשי בראשית.

יענע אוראַלטע צייטן, ווען דער מענטש האָט גענומען געפינען ווערטער פאַר זיינע אומקלאָרע געדאַנקען, זענען בכלל אַרומגעוויקלט מיט וואונדער. אין דער באַשאַפונג פון ווערטער האָט דער מענטש אַריינ־געלייגט זיין גאַנצן דראַנג צו געפינען אויסדרוק פאַר דער רויער פאַרשטאַנדיקייט, וואָס האָט אים אַליין געוועקט פון דרימל און פון דעם דומם־צושטאַנד, אין וועלכן דער אדם האָט זיך דעמאָלט געפונען. מיט דער הילף פון ווערטער האָט דער מענטש געזוכט זיך צו פאַרשטענדיקן מיט זיינע מיטמענטשן, אָבער מיט ווערטער האָט ער אויך געזוכט זיך צו פאַרשטאַנדיקן. ער האָט אין יעדער וואָרט געוואָלט הערן עכאָס פון די בליצן פון פאַרשטאַנד, וואָס האָבן אַלץ קלאָרער און קלאָרער גענומען אויפבליצן אין אים.

קודם־כל האָט דער אור־מענטש גענומען אַריינלייגן אין ווערטער דעם גאַנצן וואונדער זיינעם פאַר די נאַטירלעכע כוחות, זיין גאַנצן פּחד פאַר עקזיסטענץ, וואָס האָט באַשווערט זיינע פּלייצעס. ער האָט אויך מיט ווערטער אויסגעדריקט די קינדישע באַוואונדערונג פאַרן לעבן. אַ קינד פּלאַפּלט אַזוי לאַנג און קומט צוריק צו די זעלביקע קלאַנגען מיט אַזויפיל מאַטערניש, ביז עס קלאָרט אויס פאַר זיך און פאַר די אַרומיקע — אַ וואָרט.

אַזוי האָט דער אור־מענטש געפּאַנגען קלאַנגען און זיי אַזוי לאַנג

אַרומגעאיידלט, ביז זיי האָבן באַקומען דעם אויסדרוק פון פּחד און וואונדער, וואָס ער האָט געהאַט פאַר דער וועלט, וואָס האָט אויף אים אַרויפגעלייגט אַזויפיל מי און מאַטערניש.

אין דעם וואונדער פון וואָרט האָט דער מענטש אויך אַריינגעלייגט זיין גאַנץ געפיל פאַר שיינקייט, מוזיקאַלישקייט, צייכנערישקייט; זיין געפיל פאַר קלאַנגפולקייט, זיין ווילן שילדערן מיט ווערטער די אינער־לעכע וועלט און דאָס ווילן נאָכמאַכן יעדער צאַפּל און פלאַטער פון רויש.

ווען פון ווערטער זענען געוואָרן קלוגע זאַצן, האָט דער מענטש דערגרייכט אַ גרעסערע מאָס מוזיקאַלישקייט און אַ העכערן גראַד — חכמה. ער האָט זיינע געדאַנקען גענומען אָרקעסטרירן, און ער האָט אין דער אָרדענונג פון ווערטער און אין זייער בויג און קנייטש, אַנגעהויבן איבערגעבן די האַרמאָניע פון לעבן און די „גראַמאַטיק" פון עקזיסטענץ.

ער האָט אין שפּראַך געזוכט מוזיקאַלישע געזעצמעסיקייט: די פעסטע טאָג־נאַכט געזעצן, די סעזאָנען, דעם בלי און פאַרוועלק און דעם צוריק־אויפבלי; די פונדאַמענטאַלע געזעצן פון עקזיסטענץ און אַפילו אירע שטורמישע און דונער־און־בליציקע אויסנאַמען האָט ער אַלץ אַריינגעטאָן אין דעם קנייטש פון ווערטער, אין דער גראַוויטאַציע און צוזאַמענהאַלטעוודיקייט פון קלאַנגען אין אַ זאַץ.

ס'רעדט זיך דאָ פון די פאַרשידענע שפּראַך־גרופּירונגען און פון די אייגנאַרטיקע טעמפּעראַמענטן פון שבטים, וואָס האָבן מיט ווערטער געטאָן, אויף באַזונדערע אופנים די זעלביקע זאַך, זוכנדיק שיינקייט, און קלאַנג און האַרמאָניע אין דער אָרדענונג, אין דעם אויסשטעל און אין דעם פּאַראַד פון זילבן.

אָט די מעטאָדן, אין דער באַזונדערקייט, אין די פאַרשידענע, ספּעציפישע נייגונגען און טבעס שטעלן מיט זיך פאַר דעם אָרקעסטער פון לשונות, וואָס לויט אַ נישט־גאָר פּינקטלעכער ציילונג, האָבן זיי שוין דערגרייכט די צאָל פון דריי טויזנט, אַ חוץ פאַרשידענע טויזנטער דיאַלעקטן אין לשונות, נאָך אַלץ אין אַ רויער אומאָרדענונג. אַזעלכע דיאַלעקטן פאָדערן פון די הערערס און רעדערס אפשר אַ גרעסערע אָנשטרענגונג, ווייל זייער אָרדענונג פון מיין, ווערב און אַפילו פון קלאַנג־ענלעכע ווערטער, מיינען אַ סך זאַכן מיטאַמאָל, און דעם צו־הערערס אויער דאַרף ברענגען אין אָרדענונג דעם כאַאָס פון די אַרויס־

גערעדטע רייד, אָפּטמאָל דורך אַ קנייטש, אַ גרימאַסע, אַ זשעסט, אָדער ספּעציעלער אקצענטירונג.

אַפּילו איצטער האָט נאָך דער פּראָצעס פון שפּראַך־שאַפונג נישט אויפגעהערט. פאַרשידענע פעלקער וואָס טרעטן אַרויס אויף דער ברייטער אַרענע פון לשון, מוזן אַליין אויסברייטערן זייער ווערטער־אוצר און אים צופּאַסן צום נייעם לעבן. מען טוט אפשר, אויף אַ באַוואוסטזיניקן אופן, דאָס זעלביקע וואָס די אור־מענטשן האָבן געטאָן, ווען זיי האָבן געזוכט אַרויסצושלאָגן פון קלאַנגען געוויסע שפּראַך־חיונה, אויף דעם טאָג־טעגלעכן לשון.

מיר ווייסן ווי העברעאיש ווערט באַרייכערט טאָג־טעגלעך, אָבער די באַרייכערונג נוצט, אין עצם, די שוין־איינגעשטעלטע לאָגיק פון לשון. זי זוכט איר אייגענע קלאַסישע דערפאַרונג, אָדער זי פּאַסט־צו די ווערטער צום קינדס מויל; און אָפט נוצט עברית דעם קינדס מויל, זיין דערפינדערישקייט אין וואונדער־אויסדרוקן און פּאַסט עס אַריין אין דער געזעצמעסיקייט און געזעצטקייט פון דער איינגעשטעלטער שפּראַך.

אָבער פאַראַן אויך, אין דער היינטיקער צייט, שפּראַכן, וואָס דאַרפן פּשוט אויסטראַכטן און צוטראַכטן ווערטער. ס'ווערן געבוירן נייע לשונות, וואָס גיבן אונדז אַן אַריינבליק אין דער מיסטעריע פון שפּראַך־באַשאַפונג, ווייל אַפילו אין אַבסאָלוט אויסטראַכטן קאָן דער מענטש נישט אַרויסקריכן פון דער אייגענער הויט. ער שאַפט ווערטער מיט די זעלביקע חושים, וואָס מיט זיי האָט דער אור־אָדם געשאַפן זיינע ווערטער, מיט דער איינהערעוודיקייט אין דער רעזאָנאַנץ פון יעדער באַזונדער וואָרט.

אין דרום־מזרח אַזיע ווערט איצטער געשאַפן אַ שפּאָגל־ניי לשון — פּשוט קינסטלעך געשאַפן. יעדער שעה, גיט מען איבער, קומט צו אַ ניי וואָרט פאַר ניינציק מיליאָן מענטשן, וואָס האָבן ביז איצטער גערעדט צוויי הונדערט פאַרשידענע דיאַלעקטן.

דאָס מאַלאַי־לשון, וואָס ווערט גערעדט אין אינדאָנעזיע, ווערט קולטיווירט, אויסגעברייטערט און פאַרבעסערט. מאַלאַי און אינדאָנעזיש זענען ענלעך, אָבער גלייכצייטיק אַזוי פאַרשידן, אַז דיביידע פעלקער אַרבעטן איצטער אויף דער קולטיווירונג פון איין לשון, וואָס זאָל אַרויס

פון דעם געטומל פון זייערע דיאַלעקטן. מען וויל שאַפן אַ סטאַנדאַרט־לשון פאַר בײדע פעלקער.

אינדאָנעזיע איז געוואָרן אומאָפּהענגיק נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער קיין אייגן נאַציאָנאַל לשון האָט דאָס אינדאָנעזישע פאָלק קיינמאָל נישט געהאַט. אַ זיבן פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָט גערעדט מאַלאַיש. דער רוב פון דער באַפעלקערונג, צעשפּרייט אויף דריי טויזנט אינדזלען, האָט גערעדט אויף צוויי הונדערט דיאַלעקטן.

איצטער שאַפט זיך פּאַקטיש פאַר אַלעמענס אויגן אַ ניי לשון. דאָ גייט נישט אין שאַפן אַן אַלפאַבעט פאַר אַנאַלפאַבעטן, וואָס פאַרמאָגן בלויז נישט קיין געשריבן לשון, ווי ס׳איז געשען מיט עטלעכע אַזיאַטישע פעלקער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. נאָר ס׳איז אַ פיל־גרעסערער פאַרמעסט — צו שאַפן גערעדטע ווערטער פאַר מיילער.

דער אינדאָנעזישער „ועד הלשון" טראַכט אויס נייע ווערטער. צי ער טוט עס אויף דעם זעלביקן שטייגער ווי דער העברעאישער ועד הלשון, באַנוצנדיק קלאַסישע וואָרצלען, אָדער אויסזוכנדיק אַלטע ווערטער פאַר נייע באַגריפן, צי מען שאַפט גאָר ווערטער פון „דער לופט", איז מיר נישט באַקאַנט, אָבער מען ווייסט אַז די אינדאָנעזישע שפּראַך־קאָמיסיע האַלט־אָפּ זיצונגען אַלע צוויי וואָכן, און יעדער סעסיע „געבערט" נייע ווערטער, אָדער אַפילו גאַנצע פראַזן. דאָס נייע לשון איז אויך אָפן און נייגעריק פאַר איינפלוסן, וואָס שטראָמען אַריין פון אַנדערע קוואַלן. נייַנציק מיליאָן מענטשן „הערן" זיך איצטער איין, ווי מען קען פאַר זיי אויס אַ געמיינשאַפטלעך לשון. דער פּראָצעס וועט איצט זיכער אָנגעווענדט ווערן אויף דער צוזאַמענשמעלצונג פון דיאַלעקטן אין דער באַפרייטער אַפריקע.

יעדע שפּראַך פאַרמאָגט געלעכטער און די גראַמאַטיק פון געלעכטער — הומאָר, אָבער יידיש פאַרמאָגט נאָך דערצו פּיקחות, וואָס דאָס איז אַ גאָר־באַזונדערער בייטראָג צום וועלט שפּראַכן־אַרקעסטער. וואָס די השגחה איז אויסן געווען מיט פאַרוואָגלען יידן צווישן רוצחים און זיי לאָזן זיך איינהערן אין ווערטער, וואָס פון זיי האָבן יידן מיט עקשנות גענומען שאַפן אַ לשון, קאָן מען פאַרשטייט זיך נישט באַגרייפן. ווי מען קאָן נישט משפּטן דעם דרך פון געשיכטע און אַוודאי און אַוודאי נישט די מיסטיק פון יידישער געשיכטע. אפשר איז אונדז באַשערט געווען מתקן צו זיין

אַ רשעותדיקן שפּראַך־ניגון. אַ סך ליבהאָבער פון דייטשן לשון ווייזן אָן, אַז דייטש ווערט וואָס אַ יאָר אַלץ מער פאַרדאָרבן און פאַרוואולגאַריזירט. זיי ברענגען אַרויס אַז דער פּראָצעס גייט שוין אָן יאָרן און אַז די פאַרדאָרבונג פון דייטשן לשון איז פאַרויסגעלאָפן דעם היטלעריזם מיט אַ סך יאָרן, אַזוי אַז נישט נאָר דאָס דייטשע פאָלק, נאָר דאָס דייטשע לשון איז געווען גרייט, אין זיין געזונקענקייט און געפאַלנקייט פאַר דער הערשאַפט פון אַשמדאַי. מען ווייזט אָן אַז צענדליקער דייטשע ווערטער זענען געוואָרן ווילד, אויסגעלאַסן, גראָב און אוממאָראַליש. היטלער און געבעלס האָבן דעם דייטשן לשון, מיט זייער מאָרד־פּראָפּאַגאַנדע דערלאַנגט אַ טויט־קלאַפּ, זשאַרגאָניזירנדיק די מאָראַל פון זייער שפּראַך.

אַלע גערמאַנישע לשונות האָבן דערפאַר אויף זייער שטייגער „געראַטעוועט" דייטש. אָבער יידיש האָט עס אפשר מתקן געווען, איידער דאָס האַרץ פון דייטשן לשון איז פאַרוועמט געוואָרן. ווער ווייסט, אפשר אין הונדערט יאָר אַרום, וועט אַ גערייניקט דייטשיש פאָלק רעדן — יידיש. צוזאַמען מיט אמתער תשובה און חרטה וועט עס זיך וועלן אויסלייזן פון דעם דייטשן גרילץ, און פון אלץ וואָס איז טמא געוואָרן אין דער דייטשער שפּראַך; פון איר גאַנצער אוממענטשלעכער גראַמאַטיק, פון אירע האַרט־לייביקע זאַצן, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו פינקלען בלויז ווען היינע האָט אין זיי אַריינגעבלאָזן אַ יידישן אָטעם.

ס'וועט זיכער קומען אַ צייט, און מען וועט שטודירן אויף אַן אוניווערסאַלן אופן, די פילאָלאָגישע פאַריידישונג פון דייטש, דאָס מגייר זיין אַ שפּראַך, די מאָראַליזירונג פון אַ לשון — מיט כשרע יידישע מיילער; אַפילו דאָס נערוועזע פּאַראַימפּעטונג פון דעם דייטשן ווערב און פון זיין טעמפּער און פאַרזויפטער געדולדיקייט.

ווען יידן האָבן געשאַפן יידיש, זענען זיי נישט געווען קיין פּרע־היסטאָרישע מענטשן. זיי האָבן געקנאָטן דאָס לשון, לויט פעסטע כללים פון שפּראַך־שאַפונג. זיי האָבן אויף אַ יידישן אופן איבערגעשאַפן די ווערטער און דעם זאַץ־בוי, מיט אַ בליציקער און שפּיציקער חכמה, מיט אַן איינגעבוירענער און וואַרעמער פיקחות.

ביז גאָר אינטערעסאַנט איז דערפאַר דער אופן, ווי יידיש האָט געוואוסט מאַכן דעם למדנישן צוריקטריט פון דייטש, ווי זי האָט געמאַכט דעם ויברח, אָנגעהויבן שטעלן טריט און איינקלאַמערן דייטש צווישן

העברעאישע ווערטער. די זעלטענע מוזיקאַלישקייט וואָס איז דורך דעם באַשאַפֿן געוואָרן, און דער אייביקער שידוך צווישן יידיש און העברעאיש וואָס איז דורך דעם געשלאָסן געוואָרן, איז באמת אַ וואונדער־טייל פֿון אונדזער גלות־געשיכטע.

1961

## אַ קליין קאַפּיטל

ראָבערט פֿראָסטס גרויער קאָפּ, אין פֿראָסטיקן ווינט, ביי דער איינשווערונג פֿון דעם יונגן קענעדי, האָט מיך דערמאָנט אין אַ קליין קאַפּיטל, וועגן לידער און געזעץ, וואָס האָבן זיך מיט יאָרן צוריק געראַנגלט אין אַ ניו־יאָרקער קלאַס־צימער. דער אַלטער פּאָעט איז אויף אַ מאָמענט דערהויבן געוואָרן; ער איז עטלעכע מינוט געווען קעניג ביי אַ גרויסער היסטאָרישער געשעעניש, אָבער די וואַשינגטאָנער ווינטן האָבן ביי אים געריסן די בלעטלעך פֿון די הענט און די צוגעגרייטע גראַמען האָבן זיך נישט אַריינגעגראַמט אין דער פּאָליטישער ענדערונג פֿון לאַנד, וואָס גאַנץ אַמעריקע האָט זיך אין איר באַטייליקט מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם. דער פּאָעט איז גיך אַראָפּ פֿון דער סצענע, דאָס געזעץ האָט איבערגע־נומען, און דער מאַרש פֿון מיליטער האָט זיך אָנגעהויבן אויף לאַנגע, לאַנגע שעהן.

ווען איך האָב שטודירט יוריספּרודענץ, האָט מען מיך מכבד געווען מיט געזעצן פֿון אייגנטום, קאָרפּאָראַציעס, קאָנטראַקטן און צוואות. איך האָב עס געקייט אָן חשק און בין געבליבן גלייכגילטיק צו די אַלע טרוקענע געשעפֿטן און פּראָצעסן. מײַנער אַ לאַנדסמאַן, פֿאַר וועמען כ׳האָב זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ און אים איבערגעגעבן מיין ביטערע אַנטוישונג אין אַמעריקאַנער אַדוואָקאַטור, האָט מיר אַלץ געוואָלט איינרעדן, אַז אויב מע האָט אַמאָל געלערנט גמרא, מוז מען הנאה האָבן פֿון די אַלע יורידישע פּשטלעך, עלעהיי חזקת הבתים אָדער שנים אוחזין.

אָבער אין דער גמרא איז געזעץ געווען פֿאַר מיר ווי ריינע מאָטע־

מאַטיק, וואָס האָט זיך ביי מיר אין קאָפּ נישט אָנגעקנופּט מיט פּראַקטישע נאַרישקייטן. מען האָט זיך געאַמפּערט און הנאה געהאַט פון דער שפּיל פון שכל. אָבער די אַלע מוסטער־פּראָצעסן, די „קעיסעס" וואָס איך האָב געלערנט אין ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט, האָבן אין מיר אַרויסגערופן די מורא, אַז אַט עפּן איך אַן „אָפיס" און עס פאַלט טאַקע אויף אַן אמת אַריין אַ קליענט, וואָס נעמט מיר דרייען אַ קאָפּ מיט זיין ביסל אייגנטום, וואָס איך דאַרף עס באַשיצן און פאַרטיידיקן קעגן פרעמדע כאַפּערס, אָדער פאַרטיידיקן וואָס ער האָט פאַרכאַפּט.

מיין אַנטוישונג האָט זיך שוין גענומען דערפון, וואָס כ'בין געקומען קיין אַמעריקע מיט אַ פּאַרטיקן באַגריף פון אַן אַדוואָקאַט, ווי אַ גרוזענבערג, אָדער אַ קאַראַבטשעווסקי, וואָס האָבן מיט זייער אַדוואָקאַטור הייס געקעמפט פאַר גערעכטיקייט. איך האָב זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַ גרוזענבערג זאָל קומען אין געריכט און זיך איינשטעלן פאַר די רעכט פון אַ מיליאָנערסקער קאָרפּאָראַציע. דער טשוואָק פון אַדוואָקאַטור איז ביי מיר געווען — די לעצטע רעדע צו די געשוואוירענע; די ווערטער וואָס קומען־אַרויס פון האַרצן און דרינגען גלייך אין האַרצן אַריין; די נעילה־רעדע, ווען אין געריכט איז טויט־שטיל און מען וואַרט מיט אַ ציטערדיק האַרץ, אַז עס זאָל געטאָן ווערן גערעכטיקייט. קאָן מען זיך פאָרשטעלן אַז אַ קאַראַבטשעווסקי, וועמען מ'האָט גערופן „דאָס גאָלדענע מויל", האָט ווען־עס־איז געהאַלטן אַ פלאַמיקע רעדע, וועגן דער אויס־טייטשונג פון אַ צוואה?

האָב איך זיך אין אוניווערסיטעט באַלד גענומען ראַטעווען מיט לידער. בעת אַלע סטודענטן האָבן געקוקט דעם פּראָפעסאָר אין מויל אַריין און פאַרצייכנט זיינע רייד, האָב איך גאָר אָנגעוואָרפן לידער. איך האָב זיי אָבער געשריבן מיט לאַטיינישע אותיות, כדי נישט אַרויס־צורופן צופיל אויפמערקזאַמקייט, אַז איך פאַרשוועך דאָס ערנסטע קלאַס־צימער מיט — פּוסטע חלומות.

לעבן מיר איז געזעסן, אָפּגעשיידט זאָל ער זיין, ראַביי קאַץ, וואָס איז שוין שיינע עטלעכע יאָר אויף יענער וועלט. דער זייער שאַרפער און פּראַקטישער ראַביי איז שוין דעמאָלט, ווי אַ חבר־סטודענט, געווען דער ראַביי פון טויטן־הויז אין סינג־סינג. פאַרוואָס ער האָט דווקא געוואָלט אויך אויסשטודירן אויף אַדוואָקאַט, איז מיר נישט געווען קלאָר.

אויף וואָס האָט נעבעך געטויגט די אַדוואָקאַטור פון אַ ראַביי, אין די לעצטע רגעס פון א צום טויט געפירטן יידישן מערדער? אָבער פאַרפאַלן. ראַביי קאַץ האָט ביי מיר נישט אָנגעפרעגט. ער איז געווען מיין קלאַס־שכן — אַ בענקל לעבן אַ בענקל — און אַז כ׳האָב געוואָרפן אויף אים אַ זייטיקן בליק, האָט זיך ביי מיר די טויטקייט אין קלאַס־צימער פאַרבונדן מיט דעם טויטן־הויז, וואו ראַביי קאַץ איז געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט; אפשר נישט אין דער זעלביקער אָפּטקייט פון די קריסטלעכע גייסטלעכע, אָבער גענוג אויף אונטערצושטרייכן, אַז אין דער סטאַטיסטיק פון מערדערס האָבן מיר יידן זיך אויך גענומען אַריינרייסן, נישט פאָרנע־מענדיק פונדעסטוועגן קיין אָנגעזען אָרט, ווי ס׳איז אונדז „געקומען״ לויט דער פּראָפּאָרציע פון אונדזער געציילטער איינוואוינערשאַפט אין נייעם לאַנד.

האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז מיין שכן אין קלאַס, ראַביי קאַץ, האָט פאַרשפּעטיקט און ער האָט אַ כאַפּ געטאָן מיינע „נאָטיצן״ כדי צו זען וואו מ׳האַלט. אָבער מיינע נאָטיצן, וואָס זענען געווען שטיקלעך און ברעקלעך, אָנזאָגן און צוזאָגן אויף לידער, האָבן אַליין נישט געוואוסט וואו זיי האַלטן אין דער וועלט. זיי האָבן זיך נאָך נישט צעשטעלט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין און אַרומגעפלאָטערט, אָבער מיט געזעץ האָבן זיי אבסאָלוט נישט געהאַט קיין שייכות.

דער ראַביי האָט געהאַט אַ פלינקן קאָפּ און ער האָט גלייך געכאַפּט מיט וואָס פאַר אַ ליידיקער אַרבעט איך פארנעם זיך. האָט ער מיך באַטראַכט מיט אַ טויטן־הויז־רחמנות, און מיך געקרוינט מיטן נאָמען — „דזשעהאָאַש״. דער „דזשע״ איז נישט געווען קיין לאָגישער, ווייל „יעהאָאַש״ וואָלט געווען ריכטיקער. אָבער ער האָט נישט געוואָלט בלויז אַרויסווייזן באַהאַוונטקייט, אַז ער קאָן דעם נאָמען פון אַ באַרימטן יידישן פּאָעט, נאָר אין דעם ווייכן „דזשעהאָאַש״ האָט ער אויך אַריינגעלייגט אַן אינטאָנאַציע — און מען האָט באַדאַרפט הערן ווי ער האָט עס ארויסגע־רעדט — פון אַ מין האַפענונגסלאָזיקייט און שלימזלדיקייט, וואָס כ׳וועל זיך שוין דערפון קיינמאָל נישט אַרויסדרייען. דזשעהאָאַש־נאָטיצן אין אַ קלאַס־צימער פון יוריספּרודענץ האָט פאַר אים געמיינט, אי אַ פארשווע־כונג, אי אַ פאַראורטיילונג פון גורל, אַ פאַרמשפּטקייט, וואָס מ׳קאָן שוין מער נישט אַפּעלירן, ווייל עס זענען די לעצטע טריט, וואָס ער האָט

אַזוי גוט געקענט ווי דער לעבעדיקער באַגלייטער און לעבעדיקער צוריק־קומער.

פון דעמאָלט אָן האָט ער געוווּסט פון מיינע נאָטיצן. איך ווידער האָב א סך מאָל געהאַט פינצטערע חלומות. ס'האָט זיך מיך נישט איינמאָל געחלומט, אַז פאַר אַ שלעכט ליד בין איך אַריינגעפאַלן אין טויטן־הויז און ראַביי קאַץ איז מיך געקומען טרייסטן. ער האָט מיך געשטאַרקט און געזאָגט, אַז אַ משורר דאַרף האָבן מוט און שטאַרבן מיט אַ שמייכל. היינט ווייס איך אַז די שטראָף איז גאָרנישט אַזאַ שטרענגע. פאַרקערט, פאַר אַ גאַנצן באַנד שלעכטע לידער ווערט מען זייער אָפט באַלוינט מיט — אַ פיינעם באַנקעט.

געווען איז דאָס אין דער טרוקענער צייט, ווען עס זענען אין אַמעריקע נאָך נישט געווען קיין פּאָליטישע פּראָצעסן און עס זענען דערפאַר אויך נישט געווען קיין גרויסע נאַציאָנאַל־באַרימטע אַדוואָקאַטן. מיינער אַ פריינט, אַ סטודענט אין קלאַס, איז דווקא יאָ געווען אַ שטיקל קרבן פון פּאָליטישער פאַרפאָלגונג. ער איז געווען איינער פון די סאָציאַליסטישע אסעמבלי־לייט, וואָס זענען אַלע ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער ניו־יאָרקער אסעמבלי, נאָך אַ פייערלעכן סאָציאַליסטישן זיג ביי די וואַלן. זיי זענען טאַקע דערווילט געוואָרן מיט גרויס טריאומף, נאָר מען האָט זיי גלייך באַזייטיקט, אויף אַ סקאַנדאַליעזן אופן, אָבער ס'איז גיך איינגע־שטילט געוואָרן און ס'איז נישט געקומען צו קיין פּאָליטישן פּראָצעס וואָס זאָל זיך ציען חדשים און זאָל זיך ענדיקן מיט אַ רעדע צו די געשוואוי־רענע, אַז דער טאָג פון פרייהייט וועט קומען און די אומגערעכטע וועלן מוזן אָפּגעבן דין וחשבון.

געווען איז דעמאָלט באַרימט איבערן גאַנצן לאַנד דער אדוואָקאַט קלאַרענס דאַראו, אָבער ער איז נישט געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן אַמעריקאַנער יוריסט. ער האָט זיך טאַקע אַ סך מאָל, אין זיין קאַריערע, אָנגענומען פאַר געררודפטע, און זיין געריכט־טאַקטיק און רעדעס האָבן אָפּגעקלונגען איבערן לאַנד. דער עיקר האָט ער זיך קונה־שם געווען ביי דעם מאַלפּע־פּראָצעס, וואו דאַרווין איז אייגנטלעך געזעסן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק און דאַרווינס אָנקלאָגער איז געווען דער באַרימטער דזשענינגס ברייען.

אָבער די אַדוואָקאַטישע פּערזענלעכקייט פון אַ דאַראָו איז פאַרשאַטנט

געוואָרן, דורך די סענסאַציאָנעלע גט־ און מאָרד־אַדוואָקאַטן. עס זענען טאַקע באַרימט געוואָרן אַ סך קרימינעלע אַדוואָקאַטן, אָבער זייערע קליענטן האָבן נישט געקאָנט אַרויסרופן קיין צו־שטאַרקע באַגייסטערונג. זיי זענען נישט געווען קיין פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, און דער אַדוואָקאַטישער קאַמף פאַר אַזעלכע קליענטן, וואָס איז אָפטמאָל געווען גאַנץ דראַמאַטיש, איז גיכער געווען פאַר אַ מענטשן, וואָס דער עולם איז געווען איבערצייגט אַז ער איז שולדיק, און דער אַדוואָקאַט האָט אים דערפאָלגרייך אויסגעקויפט פון טויט. געוויינלעך זענען אַזעלכע סענסאַציאָנעלע גענגסטערס און מערדערס געווען שטיין־רייך און ווען זיי זענען אַריינגעפאַלן, האָבן זיי דעם אַדוואָקאַט געמוזט געבן מער ווי מעשר פון זייערע „שוואַרץ־פאַרהאָרעוועטע" פאַרדינסטן.

ערשט ווען איך בין שוין לאַנג געווען אַרויס פון אוניווערסיטעט, אָן אַ דיפּלאָם, האָבן זיך פּלוצים גענומען מערן פּאָליטישע פּראָצעסן אין לאַנד, און וואָס נענטער צו אונדזער צייט, אַלץ מער זענען זיי געוואַקסן אין צאָל. ס'איז געקומען דערצו, אַז מ'האָט גענומען פאַראינטערעסירט ווערן אין דער פּערזענלעכקייט פון אַדוואָקאַט, וואָס קעמפט פאַר העכערע ענינים, אַפילו פאַר דעם כבוד פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, און נישט דווקא פאַר אַ פּונקט אין אַ געשעפט־קאָנטראַקט. שפּעטער איז אונטערגעקומען דער באַרימטער היס־פּראָצעס, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ סענסאַציע איבער דער גאַנצער וועלט. אין דעם פּראָצעס זענען געווען פאַרוויקלט אַזויפיל וויכטיקע פּראָבלעמען און פון אַזויפיל פאַרשידענע ווינקלען, אַז דאָס איז ממש געווען דער ערשטער אַמעריקאַנער פּראָצעס, וואָס האָט מיר אַ צופּ געטאָן, הלמאי איך האָב נישט פאַרענדיקט מיין קורס, ווען איך בין שוין געווען אַזוי נאָענט; הלמאי כ'האָב דערלויבט אַז מיין „דזשעהאָאַשעריי" זאָל מיך אַראָפּפירן פון גלייכן וועג.

אין דעם היס־פּראָצעס איז די אויפמערקזאַמקייט פון לאַנג געווען קאָנצענטרירט אויף דער גרויסער דראַמע פון צוויי געוועזענע פריינט; ס'האָט אויפגעדעקט אַ טיפע אַמעריקאַנער טראַגעדיע פון בריליאַנטענע יונגעלייט, וואָס האָבן אין פאַלשע האָפענונגען פון וועלט־דערלייזונג געפונען אויסדרוק פאַר דער עקספּאַטריאַציע, וואָס איז איינגעוואָרצלט אין יעדער אומרואיקן יונגנמאַן — צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון זיין געבוירן. די שפּאָגלנייע עקספּאַטריאַנטן פון די סוף צוואָנציקער, אָנהויב דרייסיקער, פון אונדזער

יאָרהונדערט זענען גרייט געווען צו „פאַרלאָזן“ זייער לאַנד, דורך איבער־געבן עס אין די הענט פון ביטערן שונא, וואָס איז אין זייערע אויגן געווען דער וואָס פירט זיי אַרויס פון זייער געבוירן־לאַנד און הויבט־אויף זייער געשטאַלט פאַר דער וועלט. די יונגע רעבעלן האָבן נישט געשפּירט אַז זייער רעבעלישקייט איז מיאוסער פאַרראַט, און דערפאַר איז אַזוי לייכט געווען פאַר די פריינט צו פאַרראַטן איינער דעם אַנדערן און מסרן איינער אויפן אַנדערן, אַז ס׳האָט אונטערגעגראָבן אונדזער גאַנצן צוטרוי צו דער ייִדענער יוגנט פון לאַנד און צו אירע מידות.

אין דעם היס־פּראָצעס האָט אויך אַרויסגערופן אויפמערקזאַמקייט אַ גרויסער אַדוואָקאַט — סטרייקער. ער האָט אַלעמען איבערראַשט מיט זיין שטאַרקער פּערזענלעכקייט און מיט זיין זין פאַר דראַמע. מען האָט אים באַוואונדערט פאַר זיין האַלטונג אין געריכט, און פאַר דעם אופן ווי ער האָט אויסגעפרעגט דעם פאַלשן פריינט וויטעקער טשעמבערס. טשעמ־בערס האָט זיך געקאָרטשעט אונטער דעם האָגל פון סטרייקערס גוט־צוגעגרייטע שאַרף־צונגן, וואָס האָבן אַרויסגעצוואונגען אַקוראַט די ענטפערס וואָס ער האָט געוואָלט. ס׳איז געווען א פיינער, קינסטלערישער דיאַלאָג, וואָס דער אַדוואָקאַט האָט געשאַפן, פאַר זיך און פאַר טשעמבערסן.

ביי דעם פּראָצעס האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע אונדזער גוט־באַקאַנטער ניקסאָן, ווי דער אָנקלאָגער פון היסן. ערשט נישט לאַנג צוריק האָט ער פאַרלוירן אין זיין דעבאַטע מיט קענעדין. אַזוי האָט באַשלאָסן א קליינע מערהייט פון אַמעריקאַנער פאָלק.

די אַמעריקאַנער געריכט־זאַלן און קאָנגרעס־פאַרהערן האָבן אָנגעהויבן וואָס מער און מער צו דערמאָנען אַ צאַריש געריכט, ספּעציעל אין מעק־אַרטיס צייטן, ווען מעקאַרטי האָט זיך אַליין געזאַלבט ווי דער באַשיצער פון אַמעריקע, קעגן קאָמוניסטישע שאָטנס אונטער די בעטן.

מיר האָבן אויך געהאַט אַ פּראָצעס קעגן עלף קאָמוניסטן און אַ גאַנצע גרופּע אַדוואָקאַטן, ווייט פון אַמעריקאַנער אַדוואָקאַטן־דורכשניט, האָט זיך געראַנגלט מיטן געזעץ. די דאָזיקע אַדוואָקאַטן האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זייערע מעטאָדן, וואָס זענען נישט תמיד געווען צום האַרצן דעם ריכטער, אָבער די אַדוואָקאַטן האָבן אַרויסגעוויזן א סך פעאיקייט און בליציקייט, אין קאַמף מיטן געריכט.

אין אמעריקע איז רייף געוואָרן די פערזענלעכקייט פון פּאָליטישן

אדוואָקאַט, אויף דעם אַמאָליקן, אַלטן רוסישן שטייגער. אומזיסט, הייסט עס, בין איך אַנטלאָפן פון די צוואות און קאָרפּאָראַציעס און געלאָפן — צו לידער. ווען איך וואָלט נאָר געהאַט אַביסל געדולד, וואָלט איך אפשר אויך געשטאַנען אין א געריכט און געהאַלטן אַ פּאָליטיש־דראַמאַטישע רעדע צו דער זשורי.

ס׳האָט זיך נאָך אַזוי געמאַכט, אַז ביים באַרימטן פּראָצעס פון די עלף פירנדיקע קאָמוניסטן, האָט פיגורירט אַן אַדוואָקאַט מיטן נאָמען — גלאַטשטיין. אָט־דער נאָמען איז מיר גאָר דערגאַנגען די יאָרן. ער איז זיכער נישט מיינער — נישט קיין קרוב און נישט קיין גואל, אָבער איך האָב פּאַקטיש געהערט, ווי דער גלאַטשטיין האָט מיר פאַרגעוואָרפן, אַז איך האָב קיין שכל נישט געהאַט מיט דעם אויסוואַל פון מיין פּראָ־פעסיע. איך האָב אין מיין נאַאיוויטעט געמיינט, אַז אַמעריקע וועט אייביק זיין א פרידלעך לאַנד, פון אייגנטום־רעכט, קאָרפּאָראַציעס און צוואות. און אָט האָבן מיר דערלעבט א פאַרביקע עפּאָכע פון אַ סך פּאָליטישע פּראָ־צעסן, און אין איינעם פון די פּראָצעסן האָט געשפּילט די ראָלע א יונגער גרוזענבערג, אַ גלאַטשטיין, אָבער דער גלאַטשטיין איז אפילו נישט מיינער קיין שוועסטער־קינד.

דער גלאַטשטיין, וואָס איז יאָ מיינער א גאָר־גאָר נאָענטער קרוב, איז נאָך היינט אַן אויף אייביק פאַרפאַלענער „דזשעהאָאָש״. ער זיצט נאָך אַלץ און שרייבט לידער און זיין גאַנצע דערגרייכונג באַשטייט אין דעם, וואָס זיין פּראָפעסיע איז באַערט געוואָרן מיט אַ שטיקל ראָלע ביי דער איינשווערונג פון פּרעזידענט קענעדי. אָבער די ווינטן האָבן ביים אלטן חשובן פּאָעט געריסן די בלעטלעך און אים געשטעלט אין אַ הילפלאָזער לאַגע, אַרויסווייזנדיק די שלימזלדיקייט פון פּאָעט, ביי אַ גרויסן נאַציאָנאַלן יום־טוב.

1961

## דעם 90־טן יובל פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע געווידמעט

לכבוד דעם פאַרזעענעם 90־יאָריקן יובל פון דער יידישער פּרעסע אין אמעריקע, וויל איך פאַרצייכענען אַ שמועס וואָס איך האָב אַמאָל

געהאַט מיט אַ כינעזישן רעדאַקטאָר און וואָס איך שרייב אָפּ פון זכרון, מיט דער גאַנצער עקזאָטיק, מיט אלצמיטאַנאַנדער. דאָס איז געשען אין יענער צייט, ווען ס׳איז נאָך נישט געווען קיין קאָליר־צעטיילונג פאַר בינע, נישט קיין רויטע און נישט קיין שוואַרצע. אונדזערע שכנים, פון כינעזישן קוואַרטאַל, נישט ווייט פון „מאָרגן־זשורנאַל״, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער באַוערי, האָבן באַטראַכט אונדזער צייטונג ווי דאָס סאמע מאָדערנסטע אין צייטונג־וועזן, און זיי זענען אָפט געקומען צו אונדז זען, ווי ס׳קלאַפּט און עס אַרבעט.

אַזויווי איך בין אַ צייט געווען דער שטאָטישער רעדאַקטאָר פון „מאָרגן־זשורנאַל״, איז אויף מיר אויסגעפאַלן צו ווערן דער ווייזער און פירער פאַר דעם כינעזישן רעדאַקטאָר וואָס איז זיך געקומען צו אונדז לערנען. צווישן אונדז האָט זיך פאַרקניפּט אַן אמת־כינעזישער שמועס; און מיט דער גאַנצער עקזאָטיק איז עס געווען אַ שמועס, וואָס פון אים האָב איך אויך עפּעס געקאָנט לערנען, אַז וואָס שייך אָפּפרעמדונג פון אַלטע קולטורן און אַלטע קוואַלן, איז ווי ס׳יידלט זיך אַזוי כינעזלט זיך, אָדער פאַרקערט.

מיין שכן פון כינעזישן קוואַרטאַל איז געווען פול מיט באַוואונדערונג פאַר דער נייעס־מאַשין, וואָס האָט אויסגעקלאַפּט די לעצטע געשעענישן. ער האָט נאָכגעפאָלגט די אומגעזעענע האַנט, וואָס האָט געשריבן שורה נאָך שורה, אַרויפגערוקט דאָס פאַרשריבענע זייטל און אָנגעהויבן אַ ניי זייטל פּאַפּיר.

דער כינעזישער רעדאַקטאָר האָט געוואָלט וויסן ווי אָפט מיר קריגן די צוגעשטעלטע נייעס, ווייל ער האָט אויך געוואָלט קריגן די „יונייטעד פרעס״־ביולעטינען, ווי נאָר זיי ווערן אָפּגעבאַקן.

ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ פּאָר סאַמעטענע אויגן, גענומען אַ „מאָרגן־זשורנאַל״ און באַטאַפּט צערטלעך, געדרייט פון אַלע זייטן מיט גרויס פאַרזיכטיקייט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַז די אותיות וועלן אַרויספאַלן.

— ווי אַלט איז יידיש ? — האָט ער געפרעגט.

— אָ, אַ טויזנט יאָר.

— ס׳קאָן נישט זיין אַז אַזאַ אַלט פאָלק ווי יידן זענען זאָלן האָבן אַזאַ

יונגע שפּראַך. טויזנט יאָר? און ער זאָגט אַרויס טויזנט יאָר מיט אַזאַ גרינגשעצונג, ווי ס׳וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ שנעק.

כ׳האָב אים געגעבן אַן עלעמענטאַרע לעקציע וועגן דער אָפּשטאַמונג פון יידיש. כ׳האָב אים דערמאָנט אונדזער אַלטע שפּראַך העברעאיש, כדי זיך אויסצופּיינען פאַר אים, אַז מיר זענען חלילה נישט פון נעכטן, און אַז טויזנט יאָר איז אויך ביי אונדז אַ קאַצנשפּרונג.

— פונדעסטוועגן — האָט ער אַריינגעוואָרפן — האָבן יידן מסתמא פאַרעלטערט דאָס יידישע לשון. אַן אַלט פאָלק, אַז עס נעמט עפּעס אין מויל אַריין, מוז עס ווערן אַלט.

— אַזוי איז עס, — האָט ער טריאומפירט. — יידיש מוז שוין דערפאַר און צוליב דעם אויך אַלט זיין שיינע עטלעכע טויזנט יאָר, — האָט אים געצויגן צו אַלטקייט.

איך האָב זיך דערמאָנט אַז כינעזער האָבן גרויס דרך־ארץ פאַר אַלטקייט און דערפאַר, האָב איך פאַרשטאַנען, האָט ער נישט געקאָנט ליידן, אַז יידן זאָלן קאָקעטירן מיט אַ טויזנט־יאָריקער יונגשאַפט.

— און וויפל לייענערס לייענען יידישע צייטונגען?

— אַ, צענדליקער טויזנטער.

— און וואָס לייענען די אַנדערע, די מיליאָנען יידן?

— זיי לייענען ענגליש.

— כ׳ווייס אַז זיי לייענען ענגליש, אָבער וואָס לייענען זיי ווען זיי ווילן לייענען?

כ׳האָב גענומען פינטלען מיט די אויגן, אַ סימן אַז איך האָב נישט געכאַפּט אַקוראַט דעם געדאַנק, וואָס מיין כינעזישער שכן האָט געוואָלט אַרויסברענגען.

שווערלעך, זייער שווערלעך האָט ער מיר גענומען מסביר זיין, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן, ביז כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געמיינט צו פרעגן, וואָס לייענען זיי ווען זיי ווילן לייענען יידיש, כדי זיך פילן נאָענט און היימיש.

— די מיליאָנען יידן וואָס לייענען ענגלישע צייטונגען און לייענען נישט קיין יידישע צייטונגען, ווילן נישט לייענען קיין יידיש.

— ס׳איז אוממעגלעך, — האָט ער אויסגערופן מיט אַזאַ איבערצייגט־קייט, ווי איבערצייגט ער איז געווען אַז יידיש איז עלטער פון טויזנט יאָר.

— ער איז זיכער, — האָט ער געזאָגט, — אַז די מיליאָנען יידן וואָס לייענען נישט קיין יידיש, ווילן פונדעסטוועגן לייענען יידיש, אויך ווען זיי ווילן נישט.

דאָס איז געוואָרן אַ רעכט ביסל קאָמפּליצירט און איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט נאָכפאָלגן זיין כינעזישן געדאַנק. אויף וויפל איך האָב פּאַרט עפּעס געקאָנט באַגרייפן, איז עס געווען אומגעפער, אַז ווען לייענען האָט געמיינט ביי אים, ווען לייענען עפּעס, וואָס איז נאָענט און אייגן; און אפילו ווען יידן לייענען ענגליש, ווילן זיי אַלץ לייענען יידיש, און די יידן וואָס ווילן נישט לייענען קיין יידיש, ווילן פונדעסטוועגן דאָך לייענען עפּעס נאָענטס, אפילו ווען זיי ווילן כלומרשט נישט.

— דאָס הייסט — האָט דער כינעזער מיר אויפגעקלערט וועגן מיינע יידישע נישט־לייענער, אָדער די נישט־לייענער פון יידיש — אַז בעת זיי לייענען נישט קיין יידיש, בענקען זיי דערנאָך. ווייל ענגליש לייענען זיי טאַקע, אָבער יידיש ווילן זיי לייענען, אָדער זיי ווילן נישט לייענען.

און ביים כינעזער איז ווען לייענען יידיש און נישט־ווען לייענען יידיש געווען אלץ איינס, ווייל ס׳דרייט זיך אַלץ אַרום יידיש. ער האָט מיר געגעבן אַ משל פון זיינע רייכע כינעזישע אימפּאָרטירערס, וואָס האָבן זיך דערוויטערט פון דער כינעזישער צייטונג, אָבער אפילו ווען זיי לייענען נישט קיין כינעזישע צייטונג, ווילן זיי פּאַרט לייענען כינעזיש. זיי בענקען און זיי זענען זייער־טרויעריקע מענטשן, האָט ער מיר געזאָגט מיט אויפריכטיקן מיטגעפיל. זיי ווייסן גאָרנישט פון כינע, זיי לייענען שטיקלעך און ברעקלעך אין די ענגלישע צייטונגען און זיי בענקען. טרויעריקע מענטשן!

— וויפל יידן רעדן יידיש אין אַמעריקע?

כ׳האָב מורא געהאַט אַז מיין כינעזישער שכן הויבט ווידער אָן, פון סאַמע אָנהויב, שטעלן קשיות, אין כינעזישן סטיל, אָבער איך האָב אויף אים געוואָלט מאַכן אַן איינדרוק און אים אַ זאָג געטאָן — אַ צוויי־דריי מיליאָן!

אָבער צוויי־דריי מיליאָן איז ביי אים געווען ווי אַריינגעוואָרפן עטלעכע פּעניס אין אַ געלעכערטער קעשענע. ער איז אַלץ נישט געוואָרן נתפּעל און אָנגעהויבן ווידער פרעגן זיינע כינעזיש־סטיליזירטע קשיות:

— און וואָס רעדן די מיליאָנען יידן וואָס רעדן נישט קיין יידיש? זיי שווייגן?

ביי אַ כינעזער איז רעכט, אַז אַ מענטש זאָל גאַנצע טעג אַרומגיין און שווייגן. איך האָב אים ווידער דערקלערט, אַז יידן, וואָס רעדן נישט קיין יידיש, רעדן ענגליש און — אַ סוף, אַן עק!

— וואָס רעדן זיי ווען זיי ווילן רעדן?

ס'איז שוין געווען אַביסל איבער מיין געדולד מיט אַ שמיצל, אָבער איך האָב אים שוין דאָסמאָל אַביסל מער פאַרשטאַנען. מיט דעם באַגריף רעדן, האָט דער כינעזער געמיינט — אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן. וואָס טוען יידן, מיינט ער צו פרעגן, ווען זיי ווילן זיך יידישלעך אַראָפּרעדן פון האַרצן.

האָב איך אים פאַרזיכערט, אַז די יידן וואָס רעדן נישט קיין יידיש, ווילן בפירוש נישט רעדן דאָס לשון. אָבער ס'איז געווען אַרויסגעוואָרפן, ווייל ביי אים איז נישט־רעדן אויך געווען א מדרגה. נישט וועלן רעדן האָט אויך געמיינט ביי אים — וועלן.

ס'איז א וועלן נישט רעדן, האָט ער מיר ווידער געגעבן צו פאַרשטיין. בים כינעזער איז אויסגעקומען, אַז אַזאַ ייד וואָס וויל נישט רעדן יידיש, גייט אַרום גאַנצע טעג און מיידט אויס צו רעדן יידיש, און דערפאַר, איז ער אַ טרויעריקער מענטש, און דערפאַר איז אויף אים אַ ביטערער רחמנות.

מיר האָבן אַ סך כינעזער, — האָט ער אַרויסגעבראַכט דעם פאַר־גלייך, — וואָס רעדן אויסגעצייכנט ענגליש, און גאַנצע טעג רעדן זיי נישט קיין כינעזיש. ווען זיי ווילן רעדן כינעזיש, רעדן זיי אויך ענגליש. און ווען זיי ווילן נישט רעדן קיין כינעזיש, רעדן זיי אַלץ ענגליש.

— און אַזעלכע כינעזער זענען טרויעריקע מענטשן!

— טרויעריקע מענטשן, — האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — אַזעלכע כינעזער האָבן מורא צו זיין איינזאַם, ווייל אין זייער איינזאַמקייט הויבן זיי אָן צו טראַכטן כינעזיש, און זיי שרעקן זיך, אַז זיי קאָנען נאָך חלילה אָנהויבן רעדן כינעזיש אויפן קול, אָדער זיי קאָנען נאָך אַ כאַפּ טאָן אַ כינעזישע צייטונג און זי לייענען. פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונ־טערגאַנג ווילן זיי נישט לייענען און נישט רעדן כינעזיש, מיט אַזאַ מורא־דיקער בענקשאַפט, אַז עס איז אַ רחמנות.

ווי עס יידלט זיך, אַזוי כינעזלט זיך. ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן פאַרשטיין מיין כינעזישן שכן און קאָלעגע פון דער פּראָפעסיע און כאַפּן זיינע מאָדנע באַגריפן. זיינע כינעזער זענען מיר אויסגעקומען זייער באַקאַנט, און איך האָב גענומען איינזען, פאַרוואָס ער האָט אַזאַ טיפן רחמנות אויף די כינעזער וואָס ווילן נישט לייענען כינעזיש. כ׳האָב אויך פאַרשטאַנען פאַרוואָס די כינעזער וואָס לייענען יאָ כינעזיש, ווילן וויסן גאַנצע 24 שעה אַ טאָג, וואָס עס הערט זיך און ווי עס לעבט זיך אין כינע.

דאָס נישט וועלן לייענען כינעזיש, מיינט, האָב איך פאַרשטאַנען, נישט נאָר אַנטלויפן פון שפּראַך, נאָר אַן אַנטלויפן פון לעבן, פאַקטיש דעזערטירן, וועלן צעברעקלען און צעשטויבן די אייגענע אייגנאַרט און אייגענע לעבע־דיקע נייעס, אויף עטלעכע קאַלטע שורות אין אַן ענגלישער צייטונג. עס מיינט, אייגנטלעך, אי פאַרלאָזן טאַטע־מאַמע, אי נישט וועלן קריגן פון זיי אַ בריוול.

— וואָס לייענט אַ כינעזער, וואָס וויל לייענען כינעזישע נייעס, און ער לייענט נישט קיין כינעזישע צייטונג? בין איך אַריבער צו פראגע־שטעלן.

— ער לייענט ענגליש.

— כ׳מיין וואָס לייענט ער ווען ער וויל לייענען און ער וויל דאָך נישט לייענען?

מיין כינעזישער קאָלעגע האָט געשמייכלט אַ צופרידענער, ווייל ער האָט איינגעזען, אַז איך האָב שוין אָנגעהויבן טראַכטן כינעזיש.

— אַ רחמנות! האָבן מיר ביידע אַרויסגעזונגען.

מיר האָבן זיך וואַרעם געזעגנט און ביים געזעגענען זיך איז אים נאָך איינגעפאַלן צו פרעגן, ווי אַלט איז די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע. איך האָב פּשוט מורא געהאַט צו זאָגן דעם אמת, ווייל וואָס איז ביי אַ כינעזער 80, 90 און אַפילו קיילעכדיקע 100 יאָר? אויף איין צאָן.

— די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע איז שוין אַלט 2000 יאָר, האָב איך אָפּגעטאָקט אַ ציפער, כדי צו מאַכן אויף אים אַן איינדרוק.

— ווי קאָן עס זיין, האָט ער געפרעגט, און פאַרקנייטשט דעם גערונ־צלטן שטערן, אַז יידיש איז דאָך ערשט אַלט אַ טויזנט יאָר?

— די ערשטע 200 יאָר, האָב איך אים דערקלערט, האָט מען אין סאַראַזאָנס „אידישע גאַזעטן" געשריבן דייטשמעריש. אָבער געצל זעלי־קאָוויטש איז געווען דער ערשטער צו שרייבן אַ ריינעם יידיש, מיט 503

יאָר צוריק, כאָטש ער האָט נאָך אויך אַריינגעהאַקט אַ „דיזן״ אָן „אָבוואָל״ אָדער אַ „וואָנדערן״.

צום אַרויסגיין, האָב איך דעם כינעזער פֿאַרגעשטעלט פֿאַר אונדזער אַרכיוו־היטער, דעם אַלטן יוסף מאַרגאָשעס ז״ל, דעם ייִד מיט דעם שיינעם הדרת־פּנים און דער לאַנגער, מאַיעסטעטישער באָרד. דער כינעזער איז געווען שטאַרק צופֿרידן צו זען אַן אמתדיקן ייִדן, און נישט אַ ליאַדע צוציק, וואָס פֿייערט ערשט אַ 50 אָדער 60־יאָריקן יובֿל.

## שיילאָק — פֿאַר אַ נאָווינע

אַן אינטערעסאַנטע ליטעראַרישע ספּעקולאַציע האָט אַרויסגערוקט דעם באַרימטער אַמעריקאַנער אַקטיאָר אָרסאָן וועלס, וואָס האָט, ווי באַוואוסט, זיך אָפּגעזאָגט צו שפּילן שיילאָק, כאָטש ער האָט שוין געהאַט פֿאַרענדיקט אַלע פּלענער פֿאַר דער אויפֿפֿירונג, מיט אים אין דער הויפּט־ראָלע. נאָכפֿאָלגנדיק זיין ביישפּיל, האָט מען אויך אויפֿגעגעבן צו שטעלן שעקספּירס „סוחר פֿון ווענעדיג״ אין פּוילישן מלוכה־טעאַטער, וואו אַן אַקטיאָר האָט שוין אויך געשאַרפֿט זיין מעסער צו קריגן דאָס באַרימטע פֿונטעלע קריסטלעך פֿלייש.

ס׳ווייזט זיך אַרויס, אַז אָרסאָן וועלס האָט נישט גלאָט זיך צוריק־געצויגן פֿון דער ראָלע, פֿאַרבינדנדיק עס מיט דער פּלוצימדיקער עפּי־דעמיע פֿון סוואַסטיקעס איבער דער גאַנצער וועלט, נאָר ער האָט אָנגע־שריבן אַ לאַנגע וואַרעמע דערקלערונג, וואָס איז באמת אַ מייסטער־ווערק און אַ וויכטיקער דאָקומענט פֿון אונדזער צייט. וועלס זאָגט אָפֿנהאַרציק, אַז ער האָט זיין גאַנץ רייף־קינסטלעריש לעבן געחלומט צו שפּילן דעם ייִד שיילאָק, אָבער די ווילדע אויסברוכן פֿון האַקנקרייצן, היטלערס שנאה־צייכנס אויף שולן און ייִדישע בית־עולמס, האָבן אים איבערצייגט, אַז אין אונדזער ביטערער און קראַנקער צייט, מעג שיילאָק שלאָפֿן אויף דער ביכער־פּאָליצע און מען דאַרף אים נישט אַרויספֿירן אויף דער בינע.

אין דער גרויסער דיסקוסיע אַרום שעקספּירס ווערק, וואָס פֿלאַקערט־אויף פֿון צייט־צו־צייט, צי ס׳איז יאָ אַן אַנטיסעמיטישע דראַמע, אָדער

נישט, האָב איך, געוויינלעך — מיט מיין ממש אומקאָנטראָלירטער שוואַכ־קייט פאַר דעם ריז, אויף וועמען פלאָבער האָט געזאָגט, אַז ער איז גאָר־נישט געווען קיין באַזונדערער שרייבער, נאָר א גאַנצער קאָנטינענט — תמיד גענומען אַ מיטעלן שטאַנדפּונקט. איך האָב נישט געקאָנט און נישט געוואָלט האָבן שעקספּירן צווישן די שונאי ישראל, האָב איך אים פאַר־טיידיקט, אָבער נישט די שיילאָק־דראַמע גופא, וואָס איז אגב פון זיינע אומגע־ראָטנסטע, אַ פאַרזעעניש פון יענער צייט, ווען שעקספּיר, וואָס האָט לחלוטין נישט געקענט קיין יידן, האָט געמוזט גיין אויף דעם אויסגעטראָ־טענעם וועג און שילדערן אַ ייד, ווי מען האָט אים דעמאָלט געזען אויף אלע בינעס פון דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט.

שעקספּירס „סוחר פון ווענעדיג" איז געשפּילט געוואָרן ווי אַ קאָמעדיע, צו ציען געלעכטער פון עולם, וואָס האָט דערלעבט א נקמה אין דעם יידישן פּראָצענטניק, ווען די איידעלע פּאָרשיאַ, די אדוואָקאַטין פון דעם צעלאָ־זענעם קריסטלעכן פוסטעפּאַסניק, קומט אַרויס מיט דעם נאַרישן שפּיצל, אַז לויטן קאָנטראַקט מוז טאַקע דער ייד קריגן דעם פונט קריסטלעך פלייש, ווען דער קריסט האָט אָנגעזעצט דעם חוב, אָבער ער מוז דאָס פלייש אויפּמאָנען, אָן אַ טראָפּן בלוט.

איז עס טאַקע אַ ווילדע און משונהדיקע נקמה, און בכלל אַ שפּיל, מיט אַ סך הינקעדיקער און לאַנגווייליקער פּראָזע, — נאָר מיט אַן אָבער, — דער אָבער באַשטייט אין דעם, אַז אויך אין דער אויסגע־טראַטענער קאָמעדיע־דראמע האָט שעקספּיר זיך ארויסגעוויזן ווי איינער פון די גרעסטע און מענטשלעכסטע קינסטלערס, וואָס האָט אַפילו דעם יידן געגעבן אַ פּלאַטפאָרמע, און אויף אַ מאָמענט אים געשאָנקען דעם טריומף פון אַזעלכע רייד, וואָס האָבן אים דערהויבן איבער אַלע זיינע קריסטלעכע אָפּלאכערס, און זענען געווען נישט נאָר אַ נקמה אין דעם קריסטלעכן בעל־חוב, נאָר אויך אין דעם גאַנצן טעאַטער־עולם, וואָס איז געקומען אויף דער שמחה צו זען, ווי דער יידישער פּראָצענטניק קריגט זיין שטראָף.

שיילאָק איז בכלל געלעגן אין די הענט פון דער באַרימטער פּלע־יאַדע אַקטיאָרן, וואָס האָבן אים געשפּילט און זיך געשאָפן אַ נאָמען, ווי גרויסע שיילאָק־אַקטיאָרן. טייל האָבן אַקצענטירט דעם אנטיסעמיטישן בורלעסק און געשאַרפט רוצחיש דאָס מעסער פאַרן פונט פלייש. אַנדערע

אַקטיאָרן האָבן אָבער געלייגט דעם טראָפּ אויף שײלאָקס טריומף, ווען ער ווארפט אין פּנים אַריין זיינע באַליידיקערס — ווערטער ווי הייסע קוילן, נביאישע רייד, וואָס קיין דראַמאַטורג, אַ חוץ שעקספּירן, האָט זיך נישט אין יענער צייט דערוועגט אַריינצולייגן אין מויל פון אַ יידן. דער באַרימטער מאָנאָלאָג, צי האָט דען נישט קיין ייד אויגן, הענט, גלידער, חושים, ליידנשאַפטן, און אַז מיט זיין גאַנצן נקמה־דורשט פאָלגט שײלאָק נאָך דעם קריסטלעכן ביישפּיל פון נקמה נעמען אין אַ יידן, איז געווען, פאַר יענער צייט, שעקספּירס אייגענער קינסטלערישער טריומף. אויב ער האָט די גאַנצע צייט געשריבן אַ בורלעסק, איז מיט אים געשען ווי ס׳ווערט דערציילט וועגן דעם באַרימטן יידישן דראַמע־צושטעלער, משה ריכטער, וואָס האָט זיך אַוועקגעזעצט שרייבן ערלעכן שונד און פּלוצים דערזען אַז ער שרייבט קונסט — אַזוי האָט שעקספּיר פּלוצים רעבעלירט קעגן דער צוואַנג־קאַריקאַטור פון זיין צייט און מיט־אַמאָל, מיט זיין וואונדערלעכן געפיל פאַר גערעכטיקייט, געגעבן דעם ייד לשון פון רעכנשאַפט קעגן זיינע קריסטלעכע גאָרנישטן און קעגן דעם גאַנצן קריסטלעכן שנאה־קלימאַט און געבנדיק שײלאָקן לשון האָט ער אים דערהויבן הימל־הויך איבער זיינע אָפּלאַכערס.

דער גאַנצער איינפאַל, די נקמה פון באַשטיין אויף אַ פונט פלייש, ווי דער מאָמענט פון דעם יידס טריומף, איז שעקספּירס אייגענער דער־לייזערישער נקמה־געפיל, אין די ווילדע אַנטיסעמיטן. אַ יידן וואָלט גאָרנישט איינגעפאַלן צו נעמען אַ מעסער און ווערן שניידן לעבעדיק פלייש (אבר מן החי?) אָדער גלאַט פארגיסן מענטשלעך בלוט, נאָר ס׳איז שעקספּירס נאַטירלעכע קריסטלעכע נקמה אין די אַנטיסעמיטן. אַזוי וואָלט ער זיך נוקם געווען, ווען מענטשן וואָלטן אים כסדר דערנידעריקט ווי שײלאָקן. לייגט ער דאָך טאַקע אַריין שײלאָקן אין מויל דעם אויסדרוק — „קריסטשען עקזעמפּל“, אַז די בלוטיקע נקמה איז — אַ קריסטלע־כער ביישפּיל. דער ייד, הייסט עס, האָט זיך ביי גויים אָפּגעלערנט פיזיש זיך נוקם צו זיי אין אַ שונא. די געמיינהייט וואָס איר לערנט מיך, זאָגט קלאָר שײלאָק, וועל איך דורכפירן.

אַפילו אין זיין נקמה־דורשטיקייט, ווייזט אונדז שעקספּיר, טוט דער ייד נישט קיין יידישן אַקט, נאָר ער טוט וואָס קריסטן טוען, אין זייער

ווילדער צערייצטקייט, וואָס האָט קיינמאָל נישט קיין באַרעכטיקונג, ווי שײלאָק האָט יאָ, ווען ער וויל זיך אָפּרעכענען מיט זײַנע שונאים, וואָס האָבן אָפּגעלאַכט „פון שײלאָקס פאָלק". יאָ, אַפילו די גרעסערע עוולה פון אָפּלאכן און באַליידיקן שײלאָקס פאָלק, נישט נאָר דעם יחיד, פאַרגעסט נישט שעקספּיר, ווען ער גיט פּלוצים אַ קערעווע די גאַנצע קאָמעדיע אין אַ ריכטונג, וואָס מען וואָלט אין יענער צייט קיין אַנדערן דראַמאַ־טורג נישט מוחל געווען — שײלאָק האָט נישט נאָר אייגענע, יחידישע ווערדע, נאָר אויך נאַציאָנאַלע ווערדע און ער איז זיך נוקם פאַר דעם באַליידיקטן כבוד פון זײַן פאָלק.

דערפאַר זאָג איך, אַז „שײלאָק" מעג טאַקע דרימלען זײַן אַלטן חלום, אויפן בוידעם פון אַלטע ראָלעס, וואָס פּאַסן זיך נישט פאַר אונדזער צייט, אָבער שעקספּיר קאָן פאָרט אַרויסקומען פון דעם משפּט אַ ריינער און גרויסער קינסטלער, וואָס אַפילו ווען ער האָט געגעבן דאָס קריסט־לעכע יידן־געשטאַלט, האָט ער זיך קינסטלעריש נוקם געווען אין די אַלע וואָס האָבן אים, דעם גרויסן לעבעדיקן מענטשן־קענער, אונטער־געוואָרפן אַ פאַפּירענעם ממזר, וואָס ער האָט באין ברירה, ווי אַ קריסט פון זײַן צייט, געמוזט אויפהויבן און אין אים אַריינבלאָזן אַ קינסטלערישן אָטעם.

דאָס איז פּאַקטיש געווען דער שטאַנדפּונקט פון דעם ענגלישן עסייאיסט טשאַרלס לעם, וואָס איז אַליין נישט געווען קיין גרויסער יידן־פריינט. ער פאַרגלייכט אין זײַנס אַן עסיי, וועגן שעקספּירן, שעקס־פּירס „ייד" און מארלאָוס „ייד". ער ווייזט אָן, אַז נאָך מאַרלאָוס ייד אויף דער בינע ווערט מען ווילד אויפגעהעצט, אָבער שעקספּיר האָט זײַן ייד פאַרנאָבלט און געהאָלפן אידעלער מאַכן דעם ענגלישן טעאַטער־גייער, ווייל ער האָט אים נישט געוואָלט געבן קיין שוואַרץ און ווייס פאָרשטע־לונג פון קריסטלעך־יידישע באַציאונגען, נאָר ער האָט געגעבן דעם ייד קרעפטיק לשון און אים געלאָזט אָנקלאָגן זײַנע קריסטלעכע דערנידע־ריקערס מיט ביבלישן פּאַטאָס.

מיר איז אויסגעקומען צו לייענען אַ לענגערן אויסצוג פון אָרסאָן וועלסעס בריוו וועגן זײַן באַשלוס נישט צו שפּילן שײלאָקן אין אַ צייט פון אויפגעוואַכטע האקנקרייצן — אין דעם יוני־העפט פון דייטשן זשורנאַל „יודאַאיקאַ", וואָס דערשיינט אין ציריך, שווייץ. די דאָזיקע

יידיש־דייטשע פּערטליאַר־שריפט איז שוין אין איר 16־טן יאָרגאַנג. אין זעלביקן נומער געפינען מיר אַן אַרטיקל מיט אַן אויפקלערונג — „פאַרוואָס מען עסט כרפס אין דער סדר־נאַכט"; נישט גלאַט אַ קליינע אויפקלערונג, נאָר אַן אָפּהאַנדלונג, אויף גאַנצע צוועלף זייטן, וואָס וויל האָבן, אַז כרפס איז געווען פאַרבונדן דירעקט און סימבאָליש מיט ארץ־ישראל, ווי אַן ערד־פּרוכט, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן מיט מרור, ווען מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער ערד, און ערשט איצטער קריגט כרפס צוריק זיין אַלטע באַדייטונג אויף דער ערד פון מדינת ישראל.

אָבער, ווי זאָגט מען, נישט דאָס בין איך אויסן. דאָס איז בלויז אַ זייטן־באַמערקונג וועגן דעם אינטערעסאַנטן זשורנאַל, וואָס דערשיינט אין דער שווייץ.

דער בריוו פון אָרסאָן וועלס וועגן שיילאָק קומט גראָד ווי אַ קאָרעספּאָנדענץ פון אַמעריקע. אָרסאָן וועלס האָט געזאָלט שפּילן שיילאָק אין אַ לאָנדאָנער פאָרשטעלונג פון דעם „סוחר פון װענעדיג". ער מאַכט אָוועק מיט דער האַנט די העלדישקייט פון זיין באַשלוס. ער זאָגט אַז זיינע אייגענע טעאַטער־פּלענער זענען וויכטיקער וויכטיק, ווי די סיבות וואָס האָבן אים געטריבן צו באַשליסן אויפצוגעבן די ראָלע נאָך וועלכער ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט.

שעקספּירס שיילאָק, זאָגט אונדז אָרסאָן וועלס, האָט בלויז איינמאָל געוואָלט ווייזן זיין מאַכט און זיין נקמה. אָבער ער קאָן נאָך, אין אונדזער צייט, אַרויסרופן ביי פּסיכאָפּאַטן מיאוסע געפילן. זאָל־זשע שיילאָק מיט זיין יידישער קאַפּאָטע, זיינע גאָלד־דוקאַטן און זיין פונט פלייש בלייבן אין דער ביכער־שאַנק, ביז שולן וועלן ווידער זיין געזיכערט — נישט פאַרשמירט צו ווערן מיט אומזויבערע הענט.

„ערשט־אַ זענען זעקס מיליאָן יידן אומגעבראַכט געוואָרן — פאַרענדיקט אָרסאָן וועלס זיין דאָקומענט־בריוו, — איך וויל זיך פאָר־שטעלן וואָס שעקספּיר וואָלט דורכגעלעבט ווען ער וואָלט דאָס געוואוסט. ווי וואָלט איך געוואָלט אַז שעקספּיר זאָל איצטער לעבן, כדי ער זאָל אָנשרייבן אָט־די געשיכטע".

דאָס איז די ליטעראַרישע ספּעקולאַציע וואָס דער באַרימטער

אַמעריקאַנער אַקטיאָר וועלס אַנטוויקלט פֿאַר אונדז. אַזעלכע ספּעקולאַציעס זענען תּמיד — ספּעקולאַטיוו און מ׳קאָן זיי דרייען אַהין און אַהער, און אַלע מיינונגען קאָנען לאָגיש פּאַרטיידיקט ווערן. וואָס וואָלט שעקספּיר געטאָן מיט אַ נייעם שײַלאָק, דעם אבֿל פֿון זעקס מיליאָן יידן? וואָס פֿאַר אַ פּראָזע וואָלט ער אים געגעבן? און ווי וואָלט די קריסטלעכע וועלט אַרויסגעקומען, אין דעם טראַגישן וויכּוח מיט דעם ייד פֿון אונדזער תּקופֿה? אויב ער האָט באַשאַנקען זיין שײַלאָק מיט אַזעלכע רייד, וואָס וואָלט שעקספּיר געלאָזט רעדן דעם ייד פֿון אונדזער דור, און וואָס פֿאַר אַ נקמה וואָלט ער אויסגעטראַכט פֿאַר די אָפּגעזוכטע אייכמאַנס?

איך בין גענויגט מסכּים צו זיין מיט אָרסאָן וועלסן, אַז ווען שעקספּיר וואָלט געלעבט, וואָלט ער פֿאַרפֿינצטערט די קריסטלעכע וועלט מיט אַזאַ גרויסן יידישן מאָנאָלאָג, אַז עס וואָלט אַלעמען אויפגעטרייסלט.

און דער באַווייז אַז ער וואָלט עס געטאָן איז דווקא זיין שײַלאָק, וואָס דורך אים און מיט אים האָט ער געזוכט זיך נוקם צו זיין אין זיינע קריסטן, וועמען ער האָט געלערנט עלעמענטאַרע מענטשלעכע עבֿרי — האָט נישט דער ייד אויגן, הענט, גלידער, חושים, ליידנשאַפֿטן?

1960

## עקזיסטענציאַליזם און — דער ייד

אַנטיסעמיטישע שרייבערס האָבן מיך שוין לאַנג אויפֿגעהערט צו איבעראַשן, אָדער מיר צו פֿאַרשאַפֿן האַרץ־ווייטיק. אַז כ׳דערשפּיר די נאַקעטע און ברוטאַלע כּוונות פֿון דעם אַנטיסעמיט, ווערט מיר די שרייבערישע צורה זיינע אַזוי אָפּשטויסנדיק, אַז זיין שרייבן גייט מיך מער נישט אָן; ער ווערט מיר מוקצה און איך עס זיך מער נישט אָפּ ס׳האַרץ פֿון דעם וואָס ער שרייבט. איך ווייס אַז כ׳האָב צו טאָן מיט

אַ דעגענעראַט, אַ פֿאַרברעכער, אַ פּאָטענציעלן מערדער, אָדער אַ ספּעציפֿישן עם־הארץ, וואָס וויל דווקא פֿארשטאָפּן דעם מוח זיינעם, ווען עס קומט צו יידן.

פֿאַרדריסן, פֿאַרדריסט מיך ביזן ביין אַ שרייבער אין ווען כ׳דערזע נישט דעם אַנטיסעמיט, נאָר וואָס מאַכט דווקא אַן ערנסטן פֿאַרזוך צו דערקענען דעם יידן, אָבער ער פֿאַלט־אַריין ממש אין אַן אַטאַוויסטישער נעץ פֿון איינגעוואָרצלטע פֿאַראורטיילן, וואָס דערפֿירן אים מסוכן־נאָענט צום אַנטיסעמיט, ווען ער וואָלט אפֿשר זיך אָפּגע־זאָגט צו געבן די האַנט, אָבער פֿון ווענס צוגאַנג צום ייד־פּראָבלעם ער אליין איז נישט פֿריי.

דער פֿראַנצויזישער שריפֿטשטעלער און פֿילאָזאָף סאַרטר, דער פֿאָטער פֿון דעם שטאַרק־צעפֿויקטן עקזיסטענציאַליזם, האָט אָנגעשריבן אַן אָפּהאַנדלונג איבער אַנטיסעמיטיזם, בעסער געזאָגט, וועגן דעם אַנטיסעמיט. איז דאָס געווען אַ וואונדערלעכער פּאָרטרעט, אַזוי אַז יעדער שונא ישראל האָט אין דעם פּאָרטרעט געקענט קלאָר זען זיין אייגענע מיאוסע צורה אין אַ שפּיגל, וואָס האָט געוויזן אַ חיה מיט אירע שטשי־רענדיקע ציין. ער האָט גענומען אַלע אַנטיסעמיטיזמען און צוזאמענגע־שטעלט פֿון זיי דעם „אידעאַלן" מאָנסטער אַנטיסעמיט. ער האָט דעם אַנטיסעמיט געלאָזט פֿאַזירן פֿון אַלע זייטן און אים פֿיין אָפּגעפּאָרטרעטלט, אז מ׳האָט אים געקאָנט דערקענען אַן אָפּגעשוונדענעם. איז דאָס געווען אַן אויסגעצייכנטע אַרבעט, אפֿשר צווישן די בעסטע וואָס אַ קריסט האָט ווען עס איז באַוויזן. די צרה איז אָבער, וואָס סאַרטר האָט צום פּאָרטרעט נאָך צוגעשריבן עטלעכע קאַפּיטלען און ער האָט איבערגעפֿירט אַן אויסגעצייכנטע אָפּהאַנדלונג. דער פּאָרטרעט רעדט פֿאַר זיך אַליין, אָבער אין די עטלעכע צוגעטשעפּעטע קאַפּיטלען רעדט שוין סאַרטר אַרום זיין אייגענעם פֿאַרשוין.

דער סוף איז אַז כאָטש ער וויל אים טאַקע באַרעדן, דינגט ער אַ סך אַראָפּ פֿון אָנגעצייכנטן פּאָרטרעט, ווייל ער דערטרינקט דאָס גוטע וואָס ער האָט געזאָגט אין אַ ים פֿון לויזע רייד. ער דעררעדט זיך צו אַ בילד פֿון דעם וואָס ער רופֿט אָן — אַ נישט־אויטענטישער ייד, און אין דעם נישט־אויטענטישן ייד לייגט סאַרטר אַריין גאָר אַ סך אייגענע

פאַראורטיילן, וואָס ווייזן אַז דער באַציל פון אַנטיסעמיטיזם, מ׳זאָל אָפּגעהיט ווערן, איז אַזאַ מזיק, אַז אַפילו ווען ער דרימלט, טוט ער אויך אָפּ זיין אַרבעט, ווי נישט אים מיינט מען. כ׳וויל דאָ, פאַרשטייט זיך, אונטערשטרייכן הונדערט מאָל, אַז כ׳באַשולדיק חלילה נישט סאַרטרן אין אַנטיסעמיטיזם, נאָר עטלעכע פאָראורטיילן זענען אים אַליין פאַרבליבן, און ער האָט זיך קיינמאָל נישט גענומען די מי זיי אויסצוואָרצלען — און אַלץ דערפאַר וויל די דרימלענדיקע פאָראורטיילן זיינע שלאָפן רואיק אין אַ טעאָרעטיש בעטל.

סאַרטר האָט באַגרינדעט דעם עקזיסטענציאַליזם מיט אַזוי־גערופענע פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען, דראַמען, נאָוועלן, וויל ער אויך דאָס יידישע פּראָבלעם אַוועקלייגן אויף דעם סדום־בעטל פון זיין פילאָזאָפיע. איז די צרה מיט דעם יידישן פּראָבלעם, אַז ס׳איז אַזוי גרויס, אַזוי ברייט און אַזוי לאַנג ווי דער גלות, און דער עקזיסטענציאַליזם איז אַפילו נישט קיין קינדער־וויגל פאַר דעם יידישן פּראָבלעם. סאַרטר קען אפשר זייער גוט דאָס מיאוסע פּרצוף פון שונאי ישראל; ער קען זיינע אַלע דריידלעך און ער ווייסט אַז אויסן איז ער צו מאַכן אַ פּאָגראָם, נישט מער און נישט ווייניקער. ער איז אַ מערדער און אַ פאַרברעכער פון נידעריקסטן סאָרט. יאָ, דער אָריגינעלער שריפטשטעלער סאַרטר קען אים אויסגעצייכנט; ער האָט אים גוט אויסשטודירט, אָבער ער קען נישט צו־גוט דעם אַנטיסעמיטס אומשולדיקן קרבן. ווען ס׳קומט צו יידן און יידישקייט איז ער אומוויסנדיק, — כ׳וויל נישט זאָגן אַן עם־הארץ, — אָבער עס זענען דאָ גאָר אַ סך זאַכן וואָס ער ווייסט נישט, און ווייל ער ווייסט נישט שפּירט ער נישט, ווי ער אַליין פאַלט אָפּטמאָל אַריין אין אַ פאַסטקע, וואָס פון איר דרייט ער זיך אַרויס מיט סתירות. ווייל בטבע איז ער אַן אָנשטענדיקער מענטש, וואָס האָט פיינט דעם אַנטיסעמיט בתכלית השנאה, נאָר ער קומט צום יידישן פאָלק מיט אַ צוגעשניטענער טעאָריע, וואָס פּאַסט זיך אַפילו נישט פאַר ליטעראַטור, אַ פּשיטא שוין פאַר דעם יידישן פּראָבלעם.

וועגן עקזיסטענציאַליזם האָט מען שוין זייער אַ סך געשריבן, אָפּט פּאָלעמיזירט, און די פּאָלעמיקערס זענען געווען גערעכטלעך, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, ווייל סאַרטר אַליין איז אויך גערעכטלעך.

ער איז זיך גאַנץ אָפּט סותר, אַזוי אַז מען קאָן נישט כאַפּן גענוי וואָס סאַרטר וויל אייגנטלעך פון דער מענטשהייט. אויבנאויף איז סאַרטרס פילאָזאָפיע אַ פאַרשלייערטער פּעסימיזם, כאָטש סאַרטר אַליין לייקנט עס און ער זאָגט, אַז זיין פילאָזאָפיע איז „האַרטער אָפּטימיזם".

די מענטשהייט ליגט אין פעסל. די נאַטור פון מענטש איז שלעכט. ס'איז פינצטער און ביטער די עקזיסטענץ אונדזערע. אָבער מיר זענען שוין דאָ און מיר זענען אירע קרבנות. דאַרפן מיר מאַכן מיט די פיס און שווימען. וועלן מיר מאַכן מיט די פיס וועלן מיר זיך אַביסל ראַטעווען — ווייל קיין גרויסע גליקן זאָגט אונדז סארטר נישט צו — וועלן מיר זיך אונטערגעבן, וועלן מיר אונטערגיין. סאַרטר איז אַן אַטעאיסט, ער לייקנט אין א השגחה, ער גלויבט אָבער אין דעם מענטשנס בעל כרחו־דיקער בחירה.

ס'איז נישט קיין פרייער אויסוואַל, ווייל דעם צושטאַנד זיינעם האָט ער זיך נישט אויסגעווילט, נאָר ער איז אין זיין לאַגע אַריינגעפאַלן, מוז ער איבערגוואלד מאכן זיין אויסוואַל. ווען מ'האָט סאַרטרן שאַרף קריטיקירט אַז זיין פילאָזאָפיע פירט צו פינצטערער און מעלאנכאָלישער אומאַקטיוויטעט, האָט ער געענטפערט, אַז יעדער מענטש איז אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט און ער דאַרף, העל־פנדיק זיך, אויך העלפן ראַטעווען די געזעלשאַפט, נישט חלילה פון דער געוואָרענער באַדינגונג, נאָר אין דער באַדינגונג, אין וועלכער מיר אַלע געפינען זיך. סארטר גלויבט אויך אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און אין קלאסנלאָזער געזעלשאַפט. ער וואַרפט זיך פון סטאַליניזם צו אַנטי־סטאליניזם. קיין האָניק לעקט ער נישט פון די קאָמוניסטן אין פראַנקרייך, אָבער ער ווערט אויך אַטאַקירט פון אַנטי־קאָמוניסטן, רעליגיעזע מענטשן, און דעמאָקראַטן, אַזוי אַז סאַרטר איז אַלע מאָל באַשעפטיקט אָפּצושלאָגן טענות פון אַלע זייטן. מע מוז צוגעבן אַז ער איז אַן אויסגעצייכנטער פּאָלעמיקער און שאַפער פון גלייכווערטלעך, הגם אים איז נאָך אַלץ נישט געלונגען אויפצוקלערן זיין אייגענע פילאָזאָפיע פון — וויסט־און־פינצטער.

ווען ער האָט געצייכנט דעם פּאָרטרעט פון אַנטיסעמיט, אין אַ בוך וועגן „אַנטיסעמיטיזם און דער ייד", האָט זיך דער שונא ישראל זייער

פֿיין געפּאַסט פאַר דער עקזיסטענציאַליסטישער ראַם, ווייל דער רשע מרושע און פּאָגראָמטשיק האָט זיך אַריינגעלייגט אין אַ באַדינגונג און ער ליגט דאָרט און ס׳איז אים גוט ווי די וועלט. ער איז גייסטיק אַ שטיק דומם, און ער צעפּירט זיך די הענט, ווען ס׳קומט צו אַ פּאָגראָמל. ער איז פאַרדאָרבן און געמיין און ער האָט די פאַרדאָרבנקייט דערהויבן צו אַ באַרעכטיקונג. דער ייד איז נישט נאָר שלעכט, נאָר דער אויסדרוק פון שלעכטס, און דער אַנטיסעמיט איז דער ריטער, וואָס וואָרצלט אויס שלעכטס. דער אַנטיסעמיט האָט נישט קיין מורא, ווייל די פאַרטיידיקערס פון ייד זענען קיינמאָל נישט אַזעלכע ליידנשאַפטלעכע פאַרטיידיקערס, ווי ליידנשאַפטלעך עס זענען די פּאָגראָמטשיקעס. ס׳איז אים גוט, דעם אויסוואורף, ווייל זיין מאָרד־לוסט איז אַפילו דערהויבן געוואָרן צו אַ מיינונג. ער האָט זיך אַזאַ מיינונג, וואָס קאָן אַפילו דעבאַטירט ווערן אין דער געזעלשאַפט, אין ציימונגען, אין ביכער. ער האָט אַ מיינונג, וואָס איז אַ מין פּאַראָל פאַר דער גאַנצער וועלט. ער קאָן זיך ברידערן מיט די העכסטע און אַריסטאָקראַטישסטע מענטשן, ווייל זיין שנאה צום ייד גיט אים אַ פּאָזיציע. דער אנטיסעמיט איז איבערן שטאַט, ווייל ער רעדט איין, אַז ער באַפרייט זיין לאַנד פון שלעכטס.

ווען ס׳קומט צום אַנטיסעמיט רעדט סאַרטר, נישט נאָר ווי אַ מאָדערנער קריסט, נאָר אַפילו ווי אַ מאָדערנער ייד. ער שאַצט גאַנץ גוט אָפּ דעם לעבלעכן צוגאַנג פון דעמאָקראַט צו דער יידן־פּראַגע. ער זעט אַז אַפילו דער דעמאָקראַט וויל ליקווידירן דאָס יידישע פּראָבלעם, דורך ליקווידירן דעם ייד אין דעם מענטשן.

אויף אַזוי פיל איז סאַרטר אויסגעהאַלטן. אָבער ווען ער האָט זיין אָריגינעלע אָפּהאַנדלונג גענומען אויסציען און ער האָט דערפון געמאַכט אַ בוך, וואָס דער שאָקען־פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן, האָט סאַרטר געוויזן, אַז ער, דער עקזיסטענציאַליסט, פאַרשטייט לחלוטין נישט די טיפע באַדייטונג פון דער יידישער עקזיסטענץ. ערגעץ־וואו לאָזט ער אַפילו פאַלן אַ וואָרט, אַז דורך אַזאַ מין דערהויבונג און אידעאַליזירונג פון יידישקייט, שפּילן מיר אַליין אַריין אין די הענט פון די אַנטיסעמיטן. נו, וואָס מיר וועלן נישט זאָגן, וועלן מיר אַריינשפּילן אין זייערע בלוטיקע הענט. סאַרטר האָט אַפילו מורא פאַר דעם ציוניזם. ער וויל די

שונאי ישראל נישט געבן קיין וואָפן. דערמיט איז ער זיך שוין אַליין סותר, ווייל לויט זיין אייגענעם פּאָרטרעט פון אַנטיסעמיט זעען מיר, אַז ס׳איז נישטאָ מיט וועמען צו האַנדלען. דער אַנטיסעמיט הערט גאָר־נישט וואָס מיר זאָגן, ווייל ער שאַרפט כסדר זיין מעסער.

אין די ראַמען פון די באַטראַכטונגען איז אוממעגלעך זיך אָפּצו־שטעלן אויף סאַרטרס אַלע טעותן, וואָס זענען נישט נאָר טעותן פון צוגאַנג, נאָר גייסטיקע פּגמען. אין סאַרטרס צוגאַנג צו דער יידישער פראַגע זעט מען, אַז אויך ער האָט זיך נאָך אינגאַנצן נישט אויסגעהיילט פון אַ סך קראַנקהאַפטיקע מיינונגען וועגן יידן. אַזאַ דעבאַטע מיט סאַרטרן וואָלט אפשר געווען אַרויסגעוואָרפן, ווייל פאַלן סארטרס טענות — פאַלט די גאַנצע עקזיסטענציאַליסטישע פעסטונג, וואָס דער אימפּול־סיוועך שרייבער האָט אויפגעבויט. ער פאַלט פּשוט אַריין אין אַבסורדן, וואָס גרילצן אין די אויערן. כ׳האָב מיינע אויגן נישט געגלויבט, ווען כ׳האָב געטומען לייענען אויפן קול און געהערט די גרילצנדיקייט פון זיינע פּשטלעך.

קיינער וועט מיך חלילה נישט באַשולדיקן, אַז מיר איז ליב דער אַסימילאַטאָרישער ייד, אָבער ווען סאַרטר נעמט זיך צו אים און נעמט שילדערן זיין פּאָרטרעט, צייכנט ער שוין אויך איינוועגס זיין אייגענעם קראַנקהאַפטיקן און ירושהדיקן צוגאַנג צום יידישן פּראָבלעם. נישטאָ קיין ייד, דאָס האָט דער אַנטיסעמיט אים אַזוי „באַדינגט״, אַזוי אַז אַ מענטש מיט אַ קרומער נאָז און מיט לאַנגע אויערן, ווערט פּלוצים אַ ציל־ברעט פאַר אַ האַס. וויל דער ייד אַנטלויפן פון זיין באַדינגלעכקייט (פון זיין עקזיסטענציאַליזם!) ווערט ער אַן אומאויטענטישער ייד און אַ צעבראָכענער נפש. וויל ער בלייבן אין דער יידישקייט, וואָס איז פאַר אים אָנגעצייכנט געוואָרן, נעמט ער אויף זיך אַ מאַרטירערטום. אָבער וואָס פאַר אַ מאַרטירערטום? אייגנטלעך אַן אומזיסטיקע, ווייל דער ייד האָט, לויט סאַרטרן, נישט קיין נאָרמאַלע געשיכטע, קיין עכטן היסטאָרישן זכרון, אַ חוץ פון ליידן. דעם יידס עקזיסטענץ איז אַ לאַנגע פּאַסיוויטעט, אַ היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט, אַזוי טענהט ער.

אָבער לאָמיר הערן וואָס טוט אַזוינס אַן אנטלויפערישער ייד? אַלץ וואָס ער טוט האָט די כוונה אומבאַוואוסטזיניק צו באַקעמפן דעם אַנטי־

סעמיטס לײדנשאַפטלעכן און נאַציאָנאַליסטישן האַס. אַז אַזאַ ייד ווערט אַן אַטעאיסט, זאָגט סאַרטר, מײנט ער אײגנטלעך נישט צו באַקעמפן דעם רב, נאָר דעם גלח (סאַרטר האָט משמעות נישט געלייענט אונדזער אַפּיקורסישע ליטעראַטור, אַפילו פון די ערשטע אַנאַרכיסטישע צייטן). טאָמער שאַפט ער זיך אײן געלט, איז עס דערפאַר ווייל געלט איז אוניווערסאַל, אומפּערזענלעך און אינטערנאַציאָנאַל. ער קעמפט פאַר געלט, ווייל מיט געלט מוז ער נישט קומען אין געזעלשאַפט ווי אַ ייד, נאָר ווי אַ מענטש, פילאָזאָפירט סאַרטר. דאָס איז אַ שטיקל געמיש פון מאַרקסיזם און אַנטיסעמיטיזם.

דער ייד איז אַ שטרענגער ראַציאָנאַליסט און שכל־מענטש, ווייל דאָס איז אַ קאַמף קעגן דער אומשכלדיקייט פון יידן־פאַרפאָלגונג. קלייבט ער זיך גלייך אויס אַזאַ פילאָזאָפיע, וואָס זאָל זיין אַ וואָפן קעגן אַנטי־סעמיטיזם.

סאַרטר דערגייט צו אַזעלכע נאַרישקייטן, אַז ער ווייזט ווי דער „אומאויטענטישער ייד" אַנטוויקלט אַפילו אַ באַזונדערע באַציאונג צו זיין אייגענעם קערפּער. דער פראַנצויז האָט אַ צניעותדיקע באַציאונג צו זיין קערפּער. דער ייד מאַכט נישט קיין וועזן פון זיינע באַהאַלטענע טיילן, ווייל ער האָט מורא אַז די צניעות שמעקט מיט לײדנשאַפט און ער איז דאָך, כידוע, שטענדיק אַ קעמפער קעגן דעם אַנטיסעמיט, וואָס האַסט מיט לײדנשאַפט.

סאַרטר פאַרגעסט זיך און ער שרייט־אויס צום אַנטיסעמיט: זעט וואָס איר האָט געטאָן צום ייד; ס'הייסט דער ייד איז טאַקע היפש מכולה, אָבער וואָס איז ער נעבעך שולדיק? דער ייד, דאָס הייסט, דער אַסימילירטער ייד, פאַרמאָגט נישט קיין טאַקט, און סאַרטר באַמיט זיך אויך דאָס צו פאַרטיידיקן און פאַרגלעטן. ער חזרט אָבער איבער אַ סך פון די אַנטיסעמיטישע באַשולדיקונגען: ער וואַשט אונדז כלומרשט ריין און ווייזט פאַרוואָס מיר זענען אַזוי, פאַרשטייט זיך, אין ליכט פון דער עקזיסטענציאַליסטישער פילאָזאָפיע. דערווייל גייען מיר אַרויס פון די אַלע זאַכן מיט אַ „שיין" פּנים, אַזאַ יאָר אויף אַלע שונאי ישראל. און אַלץ דערפאַר, ווייל סאַרטר גלויבט טאַקע, אַז יידן פאַרמאָגן אַ סך פון די חסרונות, וואָס אַנטיסעמיטן שרייבן אונדז צו. ער דעררעדט

זיך אפילו צו דעם, אַז אַ פראַנצויז באַזיצט זיין קערפּער, אָבער יידן האָבן נישט קיין קערפּערס, דער אויספּיר דאַרף זיין, אַז זייער טראָפּ אויף גייסט איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַן אומבאַוואוסטזיניקער קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט אונדז אויסגעטראַכט ווי יידן.

מיר שניידן־אָפּ גאַנץ נישקשה אין לעצטן קאַפּיטל פון סאַרטרס לענגערער אָפּהאַנדלונג איבער אַנטיסעמיטיזם. ער איז פּאַר אַ הייסער אַטאַקע אויף יידן־האָס. ער איז אויך דערפאַר אַז ס'זאָלן געגרינדעט ווערן קריסטלעכע קערפּערשאַפטן קעגן אַנטיסעמיטיזם; אַז ס'זאָל אפילו עקזיסטירן אַן אינטערנאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט. זאָל דער אַנטי־סעמיט וויסן, אַז ס'איז דאָ אַ גרויסע באַוועגונג קעגן אים. אַלץ איז גוט און פיין און סאַרטרס האַרץ, ווי מען זאָגט, איז אויפן ריכטיקן אָרט. דער רעזולטאַט איז — אַן אינטערעסאַנט בוך פון אַ פיינעם שריי־בער, מיט צוויי ביטערע און פריקרע קאַפּיטלען, וואָס ווייזן, ערשטנס: אַז סאַרטר אַליין באַגרייפט נישט טיף גענוג די יידישע עקזיסטענץ (און וועגן דעם וואָלט מען געקאָנט דעבאַטירן מיט אַ שרייבער, וואָס האָט זיך אַליין אָנגערופן — אַ האַרטער אָפּטימיסט), און צווייטנס: אַז טאָמער פאַלן מיר יידן שוין אַריין אין ריכטיקע הענט, ווערן מיר קרבנות פון אַ — דזשימדזשיק. סאַרטר איז אַ באַשאַפער פון אַ טעאָריע, האָט ער אונדז געוואָלט לייגן שלאָפן אין אַן ענג און אומבאַקוועם בעט פון זיין צוגעשניטענעם עקזיסטענציאַליזם. ער רעכנט זיך כלומרשט אָפּ מיט דעם נישט־אויטענטישן, אָדער אַנטלויפנדיקן ייד, אָבער ער וואַרפט אַרויף אויף זיינע פּלייצעס אַנטיסעמיטישע בלבולים, וואָס ער אַליין האָט פון זיך קיינמאָל נישט אויסגעוואָרצלט.

1961

## שרייבערישע בריוו

ווען סאָמערסעט מאָהעם איז אַלט געוואָרן 85 יאָר — היינט איז ער שוין עלטער — האָט ער געבעטן אַלע זיינע פריינט צו פאַרברענען זיינע

בריוו, דערקלערנדיק דערביי אַז ער אַליין וועט אויך טאָן דאָס זעלביקע מיט זיין פּריוואַטער קאָרעספּאָנדענץ, ווייל ער וויל נישט מען זאָל זיך גראָבן אין דעם טייל פון זיין אינטימען שרייבן. צי זיינע פריינט וועלן אים פאָלגן איז אַ פראַגע, אָבער דער קלוגער לעבעדיקער ענגלענדער וויל נישט מען זאָל נאָך זיין טויט אים לייענען פון די שטיקלעך און ברעקלעך, וואָס זענען געווען די שניצלעך פון זיין שרייב־טיש, און אָפטמאָל אַפילו נישט פון שרייב־טיש, נאָר דער געוויינלעכער שמועס מיט מענטשן, נאָענטע און ווייטע.

נישט אַלע שרייבערס קאָנען שרייבן בריוו און נישט אַלע שרייבערס ווילן זיין שרייבערס בעת זיי שרייבן בריוו. פאַראַן אָבער אַזעלכע שרייבערס, וואָס ווי נאָר זיי נעמען די פּען אין האַנט, ווערן זיי גלייך שרייבעריש. נישט אלעמאָל איז די קאָמבינאַציע פון שרייבערישקייט אין בריוו־שרייבעריי אַ געלונגענע. אפילו אַ שרייבער האָט אַ רעכט זיך נאַריש צו מאכן און ווערן סענטימענטאַל, ווען ער שרייבט געוויסע בריוו; ווען ער מיינט אַז ס׳וועלן זיי נישט לייענען קיין פרעמדע אויגן. ווען מען נעמט און מען אַנטפלעקט אַזעלכע בריוו פאַר דער וועלט, טוט מען דעם שרייבער נישט קיין גרויסע טובה. מען כאַפּט אים אין מאָמענטן, ווען ער האָט געמיינט אַז ער איז מיט זיך אַליין.

אָבער אַמאָל זענען טאַקע שרייבערישע בריוו אַ צוגאָב צום שרייבערס ווערק, אַן אמתע אַנטפלעקונג. דער קינסטלער ווערט נענטער, אינטימער און דערקענטלעכער. מען דערזעט אים בעסער און מען באַקענט זיך מיט אים אַזוי, אַז זיינע ווערק ווערן ערשט ליבער און אייגענער. בריוו פון באַרימטע שרייבערס זענען אָפטמאָל שטיקער ביאָגראַפיע, וואָס דערציילן אַ סך מער ווי טרוקענע לעבן־באַשרייבונגען. ס׳איז גאַנץ מעגלעך אַז פאַר אַזעלכע בריוו האָט טאַקע דער ענגלישער נאָוועליסט מאָהעם מורא; ער וויל נישט מען זאָל נאָכדעם ווי ער וועט אַוועק פון דער וועלט, אַריינרייסן זיך צו אים, אין די פאַרשידענע שלאָפצימערן פון זיין לאַנגער און רייכער ביאָגראַפיע און כאַפּן גאַנצע שטיקער באַטעמטע רכילותלעך. מיט זיין פאַרבאָט אויף זיינע בריוו זאָגט ער, אַז מער ווי ער האָט זיך אַליין, באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק, באַשריבן דורך זיינע ווערק, וויל ער נישט זיך אויסטאָן פאַר דער

וועלט. ער האָט אַ רעכט צו צענזורירן די באַהאַלטענע ווינקעלעך פון זיין ביאָגראַפיע, וואָס דערשיינען אין זיינע בריוו.

בערנאַרד שאָו האָט נישט אָנגעזאָגט אַז מען זאָל זיין אַזוי געוואָרנט מיט זיינע בריוו. ער איז געווען אַ מענטש פון סענסאַציע, מיט אַן איינ־געבוירענעם טעאַטראַלישן חוש, תמיד צו זיין אין צענטער פון דער בינע און שפּילן פאַרן עולם. אַרט אים נישט מסתמא אויף יענער וועלט, וואָס מען האָט איצטער אַרויסגעגעבן זיינע בריוו צו אַ יונגער אַמעריקאַנער אַקטריסע, וואָס האָט מיט אים געפירט אַ הייסע קאָרעספּאָנדענץ. איר אייגענער זון האָט איצטער, נאָך זיין מוטערס טויט, פאַרעפנטלעכט אין בוך־פאָרם דאָס פּעקל בריוו, וואָס בערנאַרד שאָו האָט געשריבן צו איר, און אפילו אָן אירע ענטפערס, וואָס זענען פאַרלוירן געגאַנגען, זענען די בריוו פון דעם אַלטן פאַרליבטן און פאַרזיכטיקן געליבטן — ער איז געווען עלטער פון דער אַקטריסע מיט גאַנצע פערציק יאָר — פּיקאַנט און פעפערדיק. פון די בריוו איז שווער אַרויסצולייענען, צי די אַקטריסע האָט טאַקע „פאַרפירט" דעם אַלטן שאָו. די קאָרעספּאָנדענץ צווישן זיי האָט זיך אָנגעהויבן ווען שאָו איז שוין געווען אַ מאַן אין די זעכציקער; ווען ער איז שוין אלט געווען ניינציק יאָר האָט די אַמעריקאנער אַקטריסע מאָלי טאָמקינס זיך אַלץ געריסן צו קומען צו אים קיין ענגלאַנד און וואוינען מיט אים. שאָו האָט איר געוואָרנט אַז זי זאָל נישט דערוואגן צו קומען און אים מאַכן צו נאַר פאַר דער וועלט, אויף די עלטערע יאָרן.

בערנאַרד שאָו איז אין זיינע בריוו פונקט אַזוי קלוג און שאַרף ווי אין אַלץ וואָס ער האָט געשריבן. ער איז אַפאָריזמיש און שפּילעוודיק. ער איז דער דערפאַרענער מאַנספערשוין און גלייכצייטיק אַ יינגל, וואָס איז אַפילו מוראדיק אייפערזיכטיק. שאָו פאַרלירט גאָרנישט פון דער פאַרעפנטלעכטער קאָרעספּאָנדענץ, אדרבא ער געווינט נאָך. אין זיינע בריוו ווערט דער שרייבער שאָו קיינמאָל נישט רעדוצירט. ער באַנאַרישט זיך קיינמאָל נישט; ער איז אפילו מאָראַליש, אויף זיין שטייגער. ווען זיין ווייב לעבט נאָך, איז ער איינגעהאַלטן אין זיינע ליבע־בריוו. ער זאָגט אַז ער וויל זיין ווייב נישט ווי טאָן, אָבער נאָך איר טויט, ווען ער איז שוין אין די הויכע אכציקער, ווערט ער פרייער און אינטימער, כאָטש ער האָט אַלץ מורא פאַר זיין צודרינגלעכער געליבטער. דער קלוגער שאָו שרעקט זיך פאַר דעם נאַרישן קאָנטראַסט אין די יאָרן. אין זיינע לעצטע

בריוו רעדט ער וועגן דער קללה פון אַלטקייט און ער עצהט זיין מאַלי, אַז זי זאָל זיך איינשאַפן אַ יונגן געליבטן.

נישט אַלע שרייבערס, ווי געזאָגט, לייגן אַריין די פולע שרייבע־רישקייט זייערע אין בריוו, אָבער אויב מען זאָל אָננעמען, אַז בריוו ווערן געשריבן אין מינוטן ווען דער שרייבער אָנטשפּאַנט זיך פון זיין אייגענער דיסציפּלינירטער איבערגעגעבנקייט צום וואָרט, איז בערנאַרד שאָו געווען אינטערעסאַנט תמיד, ווי נאָר ער האָט גענומען די פּען אין האַנט. ער האָט געהאַט אַן אַ שיעור חסרונות; ער האָט אויף זיך צופיל געשטעלט. זיינע חסרונות זענען אפילו געוואָרן געפּערלעך, ווען ער האָט זיין גרויסע באַרימטקייט אויסגענוצט צו שאָקירן די וועלט מיט זיין סטאַליניזם און אַפילו מיט סימפּאַטיע פאַר היטלעריזם, וואָס איז ביי אים געקומען פון זעלביקן קוואַל — צו מאַכן סענסאַציע. אָבער דאָ האַנדלט זיך נישט אין אַנאַליזירן בערנאַרד שאָו דעם שרייבער, אָדער דעם סאָציאַלן פּרעדיקער, אפילו נישט דעם מענטש, נאָר ס׳רעדט זיך דאָ וועגן דעם בריוו־שרייבער, וואָס אין דער שטרענגסטער אינטימיטעט, איז ער אַלץ געבליבן דער שרייבער, ווייל אין תוך האָט ער אַלעמאָל געשריבן — פאַר דער עפנטלעכקייט. ליבע־בריוו האָט ער אויך געשריבן פאַר אַן אומגעזעענעם עולם, וואָס דאַרף הנאה האָבן פון שאָון, אַפילו ווען ער הנדלט זיך און שפּילט אַ ליבע. ער דאַרף זען זיין קאַמף מיטן יצר־הרע. האָט מען טאַקע הנאה איצטער און מען לייענט די בריוו, ווי זיי וואָלטן נישט געווען געשריבן צו מאַלי טאַמקינס, נאָר צו דער וועלט, אַן אינטערעסאַנטע ווירטואָזישע איבונג אין שרייבן בריוו; אַ קלוגן זקנס ליבע־בריוו צו אַ יונגער אַקטריסע, וואָס האָט, ווי שאָו זאָגט אליין אויף זיך, מיט אַ שמייכל, ביי אַלע אירע חסרונות פון לייכטזיניקייט, געהאַט דעם גוטן געשמאַק זיך צו פאַרליאַפּען אין אים.

*

מיר איז אין שייכות מיט שאָוס ליבע־קאָרעספּאָנדענץ, געווען אינ־טערעסאַנט אויפסניי דורכצולייענען י. ל. פּרצס בריוו, דאָסמאָל אין דער העברעאישער איבערזעצונג אין דעם צענטן באַנד „כל כתבי י. ל. פּרץ״, וואָס פאַרענדיקט פּרצס געזאַמלטע ווערק — אויף העברע־איש. דער באַרימטער העברעאישער פּאָעט ש. מלצר האָט דורכגעפירט

די מאָנומענטאַלע אַרבעט און איבערגעזעצט גאַנץ פּרץ, און דער פאַר־לאַג „דביר" האָט עס אַרויסגעגעבן. אין צווייטן טייל פון צענטן באַנד קומען פּרצס בריוו, צו זיין פרוי, צו עטלעכע דאַמען, צו יידישע שריי־בערס און צו אָרגאַניזאַציעס.

דער קולטור־אינטערעס צו די בריוו איז גאָר אַ גרויסער. פּרץ איז נישט געווען קיין ליידנשאַפטלעכער בריוו־שרייבער, ס'הייסט ער האָט דווקא געשריבן אַ סך בריוו, אָבער נישט אריינגעטאָן זיין גאַנצן טאַלאַנט אין זיינע בריוו. פון די בריוו קאָן מען נישט קריגן קיין גייסטיקן פּאָר־טרעט פון דעם פּאָטער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. זיין בריוולעכער שיחת־חולין דערהויבט אים נישט איבער דעם געוויינלעכן שניט פון אַן אינטעליגענטן יידן פון זיין צייט. אָפטמאָל זעט מען אַז פּרץ האָט געשריבן בריוו ווי אַן אָפּקומעניש. זיינע בריוו צו די פרויען זענען ראָמאַנטיש, אפילו ליריש, אָבער נישט פּיקאַנט.

פאַראַן אין דער בריוו־זאַמלונג אַביסל צופיל פּיעטעט צו אונדזער קלאַסיקער. עס ווערן געגעבן בריוו וואָס גיבן בפירוש גאָרנישט צו, אַפילו נישט ביאָגראַפיש. למשל אַזאַ קאָרטל צו י. י. טרונק, ווי — „אינדערפרי האָב איך נישט געהאַט קיין אַדרעס, איצטער האָב איך שוין". דאָ קומט דער אַדרעס פון מאַריענבאַד. אָדער אַזאַ בריוו, אַלץ צו טרונקן — „קום מיטוואָך, קום דאָנערשטיק, אפילו פרייטיק. דאָ איז אַלץ שיין. מיר לויפן פון אָרט צו אָרט. אָבער טעלעגראַפיר, ווען דו לאָזט זיך אין וועג אַריין". אָט איז אַ קאָרטל צו שלום עליכמען: „מיין ליבער שלום עליכם. צום באַדויערן קאָן איך היינט נישט זיין אינדער־היים".

אויף וואָס מ'האָט באַדאַרפט פאַרעפנטלעכן אויך אַזעלכע פּאָסט־קאָרטלעך, ווייס איך נישט. אַמאָל איז א קאָרג קאָרטל אַן אבן־טוב, ווי למשל דער דאַנק צו ביאַליקן, פאַר דעם פאַרגעניגן, וואָס „מתי מדבר" האָט פּרצן פאַרשאַפט. אָבער בדרך כלל זענען אין דער זאַמלונג אַריין אַ צאָל גאָרנישט־זאָגנדיקע בריוו, וואָס מען האָט זיך זייער גוט געקאָנט באַגיין אָן זיי. דאָס איז איבערגעטריבענע פרומקייט און ס'גיט זייער ווייניק צו צום פּאָרטרעט פון י. ל. פּרץ. עס ווייזט נישט דעם ליטעראַרישן ריז, נישט אין זיין קודש און נישט אין דער וואָכעדיקייט, ווען ס'האָט אויף אים נישט גערוט דער רוח הקודש. אין אזעלכע מאָמענטן,

אָן דעם פּאַנצער פון רוח־הקודש, אין דער וואָכעדיקייט, זענען שרייבערס אַמאָל גאַנץ אינטערעסאַנט.

בכלל איז אין פּרצס בריוו פאַראַן ווייניק גייסטיק לעבן. אָבער די צענדליקער בריוו צוזאַמען זענען פונדעסטוועגן אַ גרויסע הילף פאַר אַ גרינטלעכער פּרץ־ביאָגראַפיע, פאַר דער השפּעה וואָס ער האָט געהאַט און פאר דער עניוות וואָס פּרץ ווייזט־ארויס אין די בריוו. נישטאָ אין זיי קיין סימן פון בלאָזן זיך אָדער פון גרויסן זיך. דאָס איז אַן אינטערעסאַנטער שטריך, און מען מעג עס תמיד געדענקען, ווייל מען רעדט דאָך געוויינלעך פון פּרצן דעם רבין, וואָס האָט געפּראַוועט טיש. אין זיינע בריוו פעלט אינגאַנצן דער עלעמענט פון א טיש־פירער, אָדער פון אַן אויבנאַראָפּיקן רבין און שיריים־וואַרפער.

ווען א יונגער פּאָעט האָט אים דירעקט געפרעגט א מיינונג, האָט פּרץ, פאַרשטייט זיך, זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון געבן אַ קלאָרע תשובה. אָט לייענען מיר אַ בריוו צו יהואשן, אין 1901. יהואש האָט נאָר־וואָס אַרויסגעגעבן זיין בוך לידער. ער בעט זיך ביי פּרצן, ער וויל קריטיק, אָבער פּרץ וויצלט זיך און פרעגט אים, אויף וואָס ער דאַרף זיך דווקא לייגן אויפן בענקל און פאָדערן מלקות.

פּרץ גיט אים אָפּנהאַרציק שרייבערישע קריטיק, פון אַן עלטערן קאָלעגע. ער טענהט זיך אויס וועגן די פּאָעטישע עבירות און אינוועדסיעס. ער קריטיקירט די לאָגישע אָרדנונג פון אַזאַ זאַץ ווי — „אַ שפּראַך מיט אַמאָל די נאַטור קריגט די שטומע״. ער ווייזט יהואשן אָן, אַז אפילו אין פּאָעזיע דאַרף מען זיין געהיט און שרייבן אַ נאַטירלעכן זאַץ — „פאַר קינדער פון גליק העלער טאָג איז געמאַכט״.

פּרץ ווארפט פאַר יהואשן, אַז ווען ער, יהואש, איז געוועזן אין וואַרשע, האָט ער אזוי נישט געשריבן. ער נעמט אָן, אז דאָס איז אפשר אַן אַמעריקאַנער איינפלוס. און אויב, שרייבט פּרץ, ס׳זענען פאַרדרייט געוואָרן די זאַצן צוליבן „משקל״, טויג עס נישט און מען דאַרף דערפון פּטור ווערן.

פּרץ שטעלט זיך אויך אָפּ אויף די פאַריידישטע העברעאישע ווערטער, און ער האלט אַז אַלע העברעאיזמען וואָס יידיש האָט נישט אַריינגענומען אין לשון, זענען דיסאָנאַנסן. פּרץ טרעט אויך ארויס, אין דעם ליטעראַריש־פּעדאַגאָגישן בריוו, קעגן דעם היינע־איינפלוס, וואָס

**יידישע שרייבערס, און ער אַליין, האָבן איבערגענומען. „און איך אליין בין נישט געווען מיט זיי (מיט די אַנדערע יידישע פּאָעטן — י. ג.) אין דעם זעלביקן רומל, און האָב איך נישט געטאַנצט אַרום דעם דאָזיקן קאַלב (היינע־איינפלוס — י. ג.) צוזאמען מיט אַלע, און אפשר נאָך פאר אלעמען?"**

**אזוי שמייסט זיך י. ל. פרץ אַליין אָפּ און ער רופט צו מאכן אַ סוף צום טאַנצן ארום היינען און אָנהויבן שרייבן מיט כוח, אָן בדחנות און זאָגן קלאָר — צי מען האָט ליב אָדער פיינט.**

**דאָס איז פון די זעלטענע ליטעראַרישע בריוו, וואָס י. ל. פרץ האָט געשריבן ווי אַ מדריך. צום פּאָעט י. י. פראָפּוס שרייבט ער קורץ אַז די „לידער זענען נישט שלעכט, זיי וואָלטן אפילו געווען גוט, ווען נישט דאָס לשון, וואָס איז נישט דאָס גערעדטע וואָרט, נאָר צופיל דייטש".**

**אָבער אין זיינע קונדסישע לידלעך צו דער „דאָמע ביים ברעג ים", האָט ער אַליין אויך געזינדיקט מיט צופיל דייטש:**

טאָלן —
צום מאָלן
בערג צום אַנטציקן.
אין זילבערנעם כלה־שלייער
שלוכטן — אומגעהייער!
לייכטע אַבאַזשורן־בריקן
איבער אָפּגרונט געשאָסן!
ציגן־גלעקלעך קלינגען
דער „אין" יאָגט צעפלאָסן,
זילבערוועלן זינגען,
לאַכן, צירנען און ברומען.
געווען, אהיימגעקומען,
אַ העקסנשוס באַקומען.
דעם ייד שטעכט דער קרייץ —
אויס שווייץ.
דער „דאָטשניצע" אַ גרוס
פון העקסנשוס.

די 21 בריוו צו דער דאַמע, וואָס האָט געוואוינט ביים באַלטישן ים, זענען דאָס איינציקע ביסל „ליריק", וואָס מיר געפינען אין דער בריוו־זאַמלונג. די בריוו צו פרצס כלה, שפעטער זיין ווייב, זענען פול מיט דעם ראָמאַנטיזם פון יענער צייט, אַז זיי זענען כמעט נוסח. די בריוו „צו דער דאַמע" ווייזן אונדז פרצן אויך ווי א געליבטן, שוין אויף דער עלטער, אין 1911, ווען ער איז געווען אַ ייד איבער זעכציק. איין בריוו לייענט זיך אַזוי:

„כ'האָב דיר געשריבן אַ טרויעריקן בריוו — כ'האָב געהאַט אַ טרויער אין האַרצן, און איצטער האָב איך חרטה, וואָס כ'האָב דיר פאַרמערט דיין טרויער מיט מיינעם. אָבער דאָס פּאָסט־קעסטל נעמט צו און גיט נישט צוריק. זיי מיר מוחל, כ'וועל שוין מער אַזוינס נישט טאָן. זיי פריילעך און מאַך אַנדערע פריילעך".

דאָס דערמאָנט אין טאָן כמעט די עצה וואָס דער ניינציק־יאָריקער שאָו האָט געגעבן זיין „קאָרעספּאָנדענטין". אָבער שאָו איז קיינמאָל נישט טרויעריק. ער איז האָפערדיק און זיכער און ער ווערט נישט געפּלאָגט פון קיין חולאתן, ווי י. ל. פרץ, וואָס האָט געשריבן פון פארשידענע הייל־ערטער, וואו ער האָט געוואָרעמט זיין שוואַך געזונט.

אגב, די ציטאַטן פון פרצס בריוו דאַרפן נישט גענומען ווערן ווי פרצס פינקטלעכע רייד, ווייל כ'האָב נישט אונטער דער האַנט דעם יידישן טעקסט פון די בריוו און כ'האָב זיי צוריק איבערגעזעצט פון מלצרס איבערזעצונג.

1961

## פרוכט־נאָסטאַלגיע

דער בעסטער איבערבייס זומער־צייט איז ביי אונדז אין דער אַלטער היים געווען סמעטענע — אמתע זויערע סמעטענע מיט טרוסקאַווקעס. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ דאַרף מען זיך שוין אָפּשטעלן און מאכן עטלעכע באַמערקונגען. איך ווייס אַז אַ סך לייענער וועלן לאַכן פון דעם וואָרט —

טרוסקאַווקע. מוז מען עס זיי גלייך פּאַרטייטשן, אַז דאָס איז די זייער אַלטע באַקאַנטע פּאַזיאָמקע, אָדער ווי מען זאָגט עס אויך אין אַנדערע געגנטן — פּאָזשאָמקע. אין העברעאיש האָט מען געשאַפן דערפאַר אַ ניי וואָרט, תות־גנה. אין אַ פּאַרדייטשמערישטן יידיש פּלעגט מען עס רופן — ערד־בערע. און טאָמער חלילה האָבן יידישע לייענערס אינגאַנצן פאַרגעסן די געשמאַקע היימישע ווערטער, האָב איך די ערע זיי פּאַרצושטעלן אונדזער אַמעריקאַנער פּראָדוקט — די סטראָבערי.

האַנדלט זיך טאַקע אין דעם דאָזיקן אַמעריקאַנער פּראָדוקט, וואָס איז געוואָרן, ווי דער נאָמען זאָגט עדות, ממש ווי שטרוי. די סטראָבעריס זענען דאָ געשוואָלן און איבערגעוואָקסן. זיי קריגן פּאַראַלרייטעוועטע בייכער. פון דרויסן זעט די סטראָבערי אויס צו זיין רויט און עס דאַכט זיך דיר, אַז דו וועסט געבן אַ ביס אַריין אין דער דאָזיקער פּרי, וועט זיך נעמען גיסן זאַפט פון אַלע זייטן — אָט דער זאַפט, וואָס האָט זיך דיר געגאָסן אין מויל, ווען דו ביסט געווען אַ קינד און וואָס האָסט עס אָנגענומען, ווי אַ טייל פון דער טערפּקע־זיסקייט פון דיין קינדהייט. ווייל אויך די קינדהייט האָט געהאַט אירע צרות וואָס זענען געווען טערפּקע, אָבער זיי זענען גלייך פאַרזיסט געוואָרן, ווייל אין זוניקער פרימאָרגן האָט אַרונטערגעשמייכלט אַלע קינדישע, לופטיקע צרות.

הכלל, דו נעמסט אין מויל די אַמעריקאַנער סטראָבערי, דו גיסט אַ ביס און דו שפּירסט טאַקע דעם טעם פון שטרוי, פון קליאָטשע, אָדער אפשר גאָר פון וואַטע. כאַפּסט אַ קוק, זעסטו אַז די אויסערלעכע רויטקייט איז געווען פאַרפירעריש, ווי שמינקע, ווייל אינעווייניק איז דאָס „פליש" בלאַס. די שטרויענע זקנה האָט זיך אָפּגעפּאַרבט, אָבער די סטראָבערי פאַר־מאָגט נישט קיין לעבעדיקע זאַפטן. דו קייסט און קייסט און דערמאָנסט זיך מיט בענקשאַפט אין יענע פרימאָרגנס, ווען אויפן טיש איז געשטאַנען די אמתע ראַיעלע סמעטענע, נישט די סמעטענע, וואָס איז אונטערגעשלאָגן מיט אַביסל מעל, און פון דער סמעטענע האָבן געוואונקען קלענערע, יונגע צאַפּלדיקע טרוסקאַווקעס, וואָס מיר קינדער האָבן פאַרגרייזט אויף — טריסקאַווקעס.

אַז מען האָט גענומען אין מויל אַריין אַזאַ פאַרסמעטענטע, אמת־רויטע פּרי, האָט דורך דער ווייסער סמעטענע אַ שפּיל געטאָן אַ וואונדערלעכע

סימפאָניע פון טעמים. מען האָט איינגעביסן און דערשפּירט דעם דרויסן, דעם אַראָמאַט פון וואַלד־בלעטער, פון זון, וואָס וואַרעמט שאָטן־ביימער.

די סטראָבערי איז געווען דורך און דורך רויט. זי איז נישט געווען אַזוי קינסטלעך צעוואַקסן, זי איז אָבער דערפֿאַר געווען דורך און דורך פרוכט. דער טעם אירער, וואָס איז זיך צעגאַנגען איבער אַלע אברים, איז געקומען פון דער גאַנצער פּאַזשאַמקע, וואָס האָט געשפּרודלט מיט יונגשאַפט און זאַפטיקער פרייד.

עטלעכע אַמעריקאַנער האָבן מיט יאָרן צוריק ארויסגענומען אַ פּאַטענט אויף אַן אמתער דורך און דורך רויטער, און דורך און דורך זאַפטיקער סטראָבערי, וואָס זיי, אַזוי האָבן זיי פאַרזיכערט, איז געלונגען צו קול־טיווירן. זיי איז אפשר אויך מיאוס געוואָרן אונדזער שטרויענע בערי, וואָס מיר אַלע עסן אָן אַפּעטיט און זיי האָבן באַשלאָסן צוריקצוברענגען — ווי זיי האָבן טאַקע געזאָגט אין זייער פּאַטענט — דעם טעם און ריח פון דער אַמאָליקער ווילדער סטראָבערי. מיט אַנדערע ווערטער, זיי האָבן אונדז געוואָלט צוריקגעבן דעם טעם פון אונדזערע קינדער־יאָרן, אָבער ס'איז זיי נישט געלונגען. די אַמעריקאַנער סטראָבערי האָט זיך נישט געלאָזט פאַרזאַפטיקן.

דער טעם פון אַלערליי פרוכט איז אַזוי צוזאַמענגעבענטשט מיט אונדזער קינדהייט און יוגנט, אַז עס איז שווער צו וויסן, צי די באַרנע, עפּל אָדער קערש, וואָס מיר האָבן געגעסן אין אונדזער קינדהייט, האָט טאַקע פאַרמאָגט אַזאַ אויסערגעוויינלעכן טעם פון די פרוכט־סעדער, אָדער דאָס איז געווען דער וואונדערלעכער טעם פון דער יוגנטלעכער פרייד, וואָס מיט איר האָבן מיר זיך איינגעביסן אין דער פרוכט און געמאַכט אויף איר אַ ברכה.

נישט אומזיסט באַקלאָגן זיך טאַקע טויזנטער מענטשן, אַז אַזאַ באַרנע, ווי זיי האָבן געגעסן ביי זיך אין שטעטל, איז גאָר אין אַמעריקע נישט בנמצא. דאָ, זאָגן זיי, בלאָזן היפּש אונטער די באַרנעס מיט די עפּל. זיי האָבן נישט דעם אַמאָליקן טעם פון דער אַלטער היים. דערמאָנט זיך, שלינגען זיי די סלינע, מיט בענקשאַפט, די דורכגעמענדיקע ווייניקייט פון אַ היימישער מארעל, פון אַ פערזשיק און פאַרגלייכט זיי מיט די אַמערי־קאַנער פרוכטן, וואָס זענען בלויז פאַרן אויג.

עס קאָן זיין אַז זיי זענען גערעכט אָבער עס קאָן אויך געמאָלט זיין,

אַז זיי זוכן אייגנטלעך זייער פאַרשוואונדענע יוגנט. פון וואַנען זענען זיי אַזוי זיכער, אַז דער טעם פון דער פרוכט איז נישט געקומען פון די קינדישע ציינדלעך? דעם קינדס יונגער טעם־חוש האָט אייגנטלעך באַטעמט די פרוכט, און דאָס וואָס מיר נעמען אָן פאַר דעם פאַרשוואונדענעם טעם, איז אייגנטלעך אונדזער אייגענע פאַרלאָפענע יוגנט.

און ביז נייע פּאַטענטירטע טרוסקאַווקעס וועלן נישט ליגן ביי מיר אויפן טיש, און ביז איך וועל זיך נישט איבערצייגן, אַז זיי זענען טאַקע מלא טעם, פון יענעם טעם, וואָס טרוסקאַווקעס האָבן געהאַט, ווען איך האָב זיי געגעסן, צוזאַמען מיט דעם גוט־אויסגעבאַקענעם לובלינער פּלעצל, אין די זומערדיקע פרימאָרגנס, איידער איך בין געלאָפן אין חדר אַריין, וועל איך נישט גלויבן, אַז די סטראָבעריס האָבן טאַקע צוריקגעפאַנגען דעם טעם פון מיינע קינדער־יאָרן.

עס קאָן זיין, אַז די דורכגעפאלענע פּאַטענטירער פון דער אלט־נייער סטראָבערי זענען גאָרנישט געווען קיין אַמעריקאַנער, נאָר אַזעלכע אייביק־פארבענקטע גרינע, ווי מיר אַלע. זיי האָבן נעבעך געוואָלט פּאַטענטירן נעכטיקע טעג, מיט דעם נעכטיקן טעם.

איך גלויב קוים, צי עס קאָן טאַקע אויף אַן אמת געלונגען, אַפילו ווען די היגע טרוסקאַווקע זאָל יאָ אויסזען ווי די פּאָזשאָמקע פון אַמאָל, ווען זי אַלץ זיין עלטער אויף גוטע פופציק־זעכציק יאָר. זי וועט נישט האָבן דעם טעם פון אַ לובלינער זומערדיקן פרימאָרגן, ווען מען איז אויפן וועג צום חדר געלאָפן דורך דער לאָנקע און געוואָרפן דאָס היטל, כדי כאַפּן געלע זומער־פייגעלעך, אָדער ווי די פּאָעטן האָבן זיי גערופן — שמעטערלינגען.

ווייל אַ פּאַטענט אויף דער יונגער אַמאָליקער סטראָבערי דאַרף אויך איינשליסן אַ פּאַטענט אויף צוריקברענגען דעם טעם פון אונדזערע קינ־דערשע טעג און נעכט.

1961

# די ערשטע שורה

איינער פון אונדז, פון דער קלייגער, אָדער אַביסל גרעסערער סביבה, וואָלט אַמאָל געמעגט נעמען א שורה פון אַ ליד, אַן ערשטע שורה, און ווייזן ווי אַזאַ שורה איז געבוירן געוואָרן, וואָס פון איר איז געוואָרן און ווי אזוי די שורה האָט זיך באַזעצט אין אַ ליד און וואָס פון דעם ליד איז געוואָרן. ווייל אפילו מ׳זאָל איגנאָנצן פאַרלייקענען אינספּיראַציע, מוזן פּאָעטן צוגעבן, אַז געוויינלעך הויבט זיך עס נישט אָן מיטן וואָרט, נאָר מיט דער שורה. ס׳איז נישט תמיד אַזוי, אָבער מייגסטנס פליט אָן אַ שורה און דער פּאָעט ווערט מיט איר פאַרטרויעריקט, אפילו ווען די שורה אַליין זינגט און איז פול מיט פרייד.

ווען די שורה קומט נאָרט זי אָפּ, ווייל דער פּאָעט מיינט אַז זי קומט גלייך מיט איר קלייגער אַרמיי; אַז הינטער איר שטייען שוין אַלע שורות פאַרטיק און גרייט צו ווערן דאָס ליד וואָס די שעה האָט אָנגעזאָגט. דער פּאָעט אָבער זעט באַלד איין, אַז מען האָט אים אַריינגענאַרט; אַז אייגנטלעך האָט אים די איינציקע שורה גאָרנישט צוגעזאָגט. זי האָט נאָך אפילו גאָרנישט געמיינט. זי האָט בלויז געבראַכט אַ פלאַטער, אַ באַזונדערע אָנשטימונג וואָס דער פּאָעט אַליין דאַרף ערשט דעפינירן פאַר זיך. ער דערשפּירט אַז די שורה לעבט און מאָנט, אָבער זי איז איינזאַם, ווי דער פּאָעט איז איינזאַם; זי האָט גאָרנישט ארום זיך אַ חוץ לופט און וויבראַציע.

דעם פּאָעט ווערט גוט טרויעריק, ווייל די שורה וועט אים שוין נישט אָפּלאָזן, ער מוז איר געבן תיקון און ס׳איז אים אַ סך שווערער מיט דעם געבורט פון דער איינציקער שורה, ווי פריער ווען ער האָט געהאַט פאַר זיך דאָס גאַנצע ווייסע פּאַפּיר.

אָבער זייער זעלטן האָט דער פּאָעט דאָס גאַנצע ווייסע פּאַפּיר. ער זעצט זיך אַוועק אַ פאַריאָכטער מיט דער איינציקער שורה, און ער מוז זיך דער־גראָבן צו איר מיסטיק און דעשיפרירן וואָס איז די שורה אויסן. ער מוז

פאַר איר שאַפן דעם מיין, אין די ראַמען פון דעם ציטער, וואָס די צוזאמענגעקליבענע ווערטער האָבן געבראַכט. ווען ער נעמט זיך צעטייטשן דעם פולן פאַרנעם פון דעם ערשטן אָנהויך, דערשפירט ער ערשט, אַז ער איז אין אַ קלעם.

ס׳וואָלט דערפאַר כדאי געווען אָנצוצייכענען דעם פולן שאַפונגס־פּראָצעס, ווי פון אַ שורה איז געוואָרן איר באשטימטע און גורלדיקע ליד. ווען עמיצער פון אונדז וואָלט עס געטאָן, וואָלט דער סך הכל געווען יאָ און נישט ענלעך אויף דעם וואָס מען האַלט געוויינלעך פאַר רוח הקודש; ווייל אויף די פליגל פון רוח הקודש וואָלטן געהאָנגען עטלעכע שווייס־טראָפּנס, וואָס וואָלטן געוויזן אַז דער פּאָעט האָט באַדאַרפט גאַנץ שטאַרק צואַרבעטן. ס׳וואָלט אָבער אויפגעוויקלט אַ גאַנצע דראַמע. מיר דאַכט זיך, אַז דער געקליבענער עולם וואָס האָט הנאה פון אַ ליד, פון דעם פאַרטיקן פּראָדוקט, וואָלט אנטוויקלט אַ נאָך וואַרעמערן צוגאַנג צו פּאָעזיע, ווען דער פּאָעט וואָלט פאַר אים געעפנט אַ קליינע שפּאַרע און אים געוויזן ווי אַזוי ער האָט אויסגעטייטשט אַן אָנגעפלויגענע שורה און פאַר איר אַליין אַנטפּלעקט איר באַשטימטן גאַנג און געפונען פאַר איר אַקוראַט די לעבעדיקע שורות, וואָס נאָך זיי האָט די פון־ערגעץ־געבוירענע שורה געבענקט. ער וואָלט פאַר דעם געציילטן און געקליבענעם לייענער געמעגט ווייזן דעם גאַנצן בראַק, די אָפּגעוואָרפענע ווערטער, די וואָס האָבן זיך צו גרינג אָנגעבאָטן, די פאַלשע, צווייט־ראַנגיקע, די כמעטיקע און נישט די אַקוראַטיקע.

וואָס האָט דער פּאָעט געמוזט טאָן מיט די שורות, וואָס ער האָט אָפּגעקליבן פאַר דער איינציקער שורה, וואָס איז אים געקומען אָנשטימען מיט דער מעלאַנכאָליע, וואָס אמתע פּאָעטן דערשפירן ממש אין די פינגער, ווען זיי קריגן דעם ערשטן לעבעדיקן ליים? אַ, דער פּאָעט קאָנטראָלירט קודם כל דעם אָנשיק, צי איז אים נישט געקומען א לצל פאַרפירן. נאָך אַלעמען ווייסט דאָך דער פּאָעט, אַז מיליאָנען וואונדערלעכע שורות שלאָפן געזעטיקט און רואיק אין לידער־ביכער פון פאַרשידענע צייטן. ער מוז פריער גוט און טיף דערשפירן, אַז זיין צייט, זיין רגע האָט אים באַשערט עטלעכע צוזאַמענגעסודעטע ווערטער, אַז זיי זענען געקומען אויף זיין אַדרעס.

ווען ער דערשפירט די פולע „בלוטיקע” קרובהשאַפט מיט דער

ערשטער שורה; ווען ער באַגרייפט, אַז זי פּאַסט אים, אַז ס'איז בכבודיק פּאָר אים זיך אָפּצוגעבן מיט איר; אַז זי קומט נישט פון א פוסטן פּאַס אין אַ ליידיקן קאָפּ, הערט ער זיך איין אין דער אינעווייניקסטער מוזיק פון די רייד און ער נעמט זיך צו זיין געצייג.

ווייסן מיר שוין, אַז די שורה באַפאַלט דעם פּאָעט, ווי א חזיון, אָבער פונדעסטוועגן מעג מען געדענקען, אַז יעדער פּאָעט קריגט זיך זיין אייגענע ערשט־זעאונג. ער צווינגט דעם באַהאַלטענעם, ברייט־האַרציקן שר פון שורות אים צו געבן די אינספּיראַציע, וואָס פּאַסט אים, אפילו די מוזיק וואָס שטייט אים אָן און די בילדלעכקייט וואָס מיט איר מאַכט דער פּאָעט זיינע שורות זעעוודיקער. קומען מיר צוריק צו דער מיסטיק פון דער ערשטער שורה און מיר זאָגן, אַז מיר האָבן פּאַרט אַ באַשטימטן קאָנטראָל איבער אונדזער אייגענער אינספּיראַציע. מיט אַ זעקסטן, זיבעטן אָדער ווי‏פלטן חוש, מאַכן מיר זיך לכתחילה, אין אַ געוויסן פּרט, לייכטער די אַרבעט, דערמיט וואָס מיר אַליין אינספּירירן די ערשטע אינספּיראַציע, אַז זי זאָל איינגאַנצן זיין אונדזערע; אַז מיר זאָלן דערקענען די ערשטע שורה. ווי עפּעס וואָס איז געווען אין אונדז איינגעשוויגן אַ לאַנגע צייט און זי האָט פּלוצים געוומען אַרויסשווייגן פון אונדז און פּאָדערן: באַשאַף מיך. מיר באַשאַפן דערפּאַר גלייך אַן אינדיווידועלן פּרעפּל, וואָס האָט אַלע כאַראַקטעריסטישע סימנים פון אונדזער אייגענער גייסטיקער און פיזישער עקזיסטענץ.

אַקוראַט אַזוי שווער איז עס, ווי עס שרייבט זיך דאָ. דאָס אמתע ליד איז דעם פּאָעטס אייגנסטע זאַך, אייגענער ווי דאָס העמד אויפן לייב. די מאַגיק פון דעם אַנטשטיי און פולן באַשאַף מעג ביי טייל פּאָעטן קומען ווי אַ בליץ, ווי אַ שפּרונג פון אַ גאַזעל, אָבער ס'איז תמיד אַ רעזולטאַט פון אַ קאָמפּליצירטן פּראָצעס. ס'איז בלויז, אויב מ'וועט מיר מוחל זיין דעם פּאַראַדאָקס, אַ פלינקערע פּאַמעלעכקייט, אָבער דאָס ליד מוז סיי ווי קומען פון די טיפענישן און מוז זיין אַן ערלעכע פיזישע און גייסטיקע פאָטאָגראַפיע פון פּאָעט אַליין, ווייל ער האָט דאָך לכתחילה באַשאַפן זיין אייגענע אינספּיראַציע, אין געשטאַלט פון אַן איינציקער שורה, וואָס קומט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גאַנץ ליד.

פון דעם איז געדרונגען, אַז דער לייענער דאַרף זוכן די אויטענ־טישע אינספּיראַציע אין יעדער ליד און זוכן די ערשטע שורה, וואָס

ווערט אַמאָל די פֿינפֿטע אָדער אַכטע. זי איז נישט מקפּיד דווקא אויף דיר בכורה וואָס קומט איר, נאָר אין די הענט פֿון איר אייגענעם געניטן מ׳יסטער, לאָזט זי זיך אַוועקשטעלן ווי אים וואויל געפֿעלט.

אַ פּאָעט דאַרף קאָנען באַענטפֿערן אַלץ, וואָס מ׳קאָן ביי אים אָנפֿרעגן וועגן זיין אייגן ליד, אפילו ווען ער פֿאַרגעסט דעם אָנשטויס, דעם מאָמענט פֿון ליד־געבורט. ער טראָגט פֿולע אחריות פֿאַר יעדער וואָרט, פֿאַר יעדער גראַם, פֿאַר יעדער בילד, פֿאַר יעדער ניי־געשאַפֿענעם קנייטש. אפילו ווען דער פּאָעט זאָל פֿאַרגעסן דעם טייטש פֿון זיין ליד — און דאָס קאָן געשען — מוז ער זיין אימשטאַנד צו באַרעכטיקן יעדער שורה, אײדער זי האָט זיך צוזאַמענגעטייטשט מיט אַלע אַנדערע שורות און ס׳איז פֿון זיי געוואָרן אַ ליד, וואָס האָט געקראָגן דעם פֿולן טייטש פֿון — מייסטערשאַפֿט.

אַקוראַט אַזוי שווער איז עס, ווי ס׳איז דאָ געשריבן געוואָרן. ס׳רעדט זיך וועגן די לידער וואָס ווערן געבוירן פֿון אייגענער אינספּי־ראַציע. מ׳רעדט געוויינלעך פֿון פֿלאַגיאַט, אָבער פֿלאַגיאַט מיינט נישט נאָר נעמען דירעקט יענעמס שורות, נאָר עס מיינט אויך נעמען יענעמס צאַפּל, יענעמס פֿלאַטער. פֿון אַזאַ פֿלאַגיאַט מוז געבוירן ווערן אַ ליד, אַ פּאַרזעניש. די גרויסע אַנטאָלאָגיעס פֿון וועלט־פּאָעזיע, אפילו די באַרימטסטע פֿון זיי, פֿאַרמאָגן נישט אַ סך ערלעכע, אויטענטישע און אינדיווידועלע לידער. פֿאַראַן אַ גרויסע צאָל בציבורדיקע לידער, אָבער ווייניק אינדיווידועלע פּאָעטן.

אַן אמתער פּאָעט מעג זיך וועלן איזאָלירן באַוואוסטזיניק פֿון זיין צייט און שרייבן לידער אין גייסט פֿון אַ פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אָבער ס׳וועט אים קיינמאָל נישט געלינגען זיך אָפּצופֿרעמדן פֿון זיך, דערפֿאַר וועט עס שוין ממילא זיין פֿון דער צייט, וואָס אין איר לעבט דער פּאָעט. אַ פּאָעט קאָן זיך קיינמאָל נישט ריכטיק „שמדן", אויב ער שרייבט נאָר אין זיין פֿאָלקס לשון, ווי ער זאָל נישט וועלן זוכן זיך אָפּצוזיגען פֿון זיין פֿאָלק. פֿונדאַנען איז געדרונגען אַז פּאָעזיע איז דער העכסטער אמת פֿון אַלע צייטן, איבער אַלע צייטן.

ס׳איז נישט דער אמת וואָס ליגט גלייך אויפֿן אויבערפֿלאַך, אין דעם גרייטן גראַם און אין פֿאָלקסטימלעכן פֿלאַגיאַט, ווייל קיין פֿאַרמעגן

ווערט אַזוי נישט באַגנבעט ווי די פֿאָלקסטימלעכקייט, די פֿרומע קו, וואָס לאָזט זיך מעלקן. אמתע פּאָעזיע נעמט טאַקע ביים פֿאָלק, אָבער גיט צוריק נייע, אייגענע איבערגעשאַפֿענע שיינקייטן.

## לייענער און פּאָעט

מען האָט זיך אָנגעהויבן צו פֿאַרנעמען אויך אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע מיט דיסקוסיעס וועגן דער אָפּפֿרעמדונג, וואָס איז אנטשטאַנען צווישן לייענער און פּאָעט, און וואָס האָט גורם געווען די אָפּפֿרעמדונג. פֿאַראַן אַזעלכע וואָס וואַרפֿן די גאַנצע שולד אויף די נייע קריטיקערס, וואָס האָבן דעם ענין פּאָעזיע מרחיק מן השכל געווען. זיי האָבן אַזוי פֿאַרוויסנשאַפֿטלעכט דאָס ליד, אַז פּאָעטן האָבן אָנגעהויבן צושניידן ספּעציעלע לידער, וואָס זאָלן זיך לאָזן פּשטלען, טייטשן און פּרווידיאַניש אַריינטייטשן. ס׳איז געשאַפֿן געוואָרן אַ נייע רמזימדיקע טערמינאָלאָגיע פֿאַרן ליד, וואָס האָט פֿאַרטריבן דעם לייענער. אַ ליד האָט אָנגעהויבן אויסזען ווי א רעטעניש, אָדער נאָך ערגער ווי אַ וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרמולע. הכלל, די אָנגענומענע מיינונג איז, אַז דער יונגער, טרוקענער קריטיקער, וואָס איז אין גענמיט ווייט פֿון פּאָעזיע, האָט פֿאַרקאָמפּליצירט דעם צוגאַנג צום ליד און אָוועקגעשראָקן דעם לייענער.

קומט מען צום לאָגישן אויספֿיר, אַז אוודאי דאַרף די פֿאַרשטענדלעכקייט פֿון אַ ליד נישט ליגן אויפֿן סאַמע אויבערפֿלאַך, און ס׳איז אויך לאו דווקא אַז פֿאַרשטענדלעכקייט מיינט תּמיד פֿאָלקסטימלעכע צעקייעוודיקייט. אָבער איינס איז זיכער, אַז נאָך איידער מען נעמט דאָס ליד טייטשן, דאַרף מען דערפֿון — הנאה האָבן. די שורות אַליין מוזן דעם לייענער פֿון ליד אַזוי אַריינציען אַז ס׳הערט אים אויף צו אַרן, צי ער האָט געכאַפּט דעם געדאַנק. דער געדאַנק איז סיווי אַריינגעוועבט אין דעם געבוי פֿון ליד, אין זיין מוזיק, אין דעם געפֿלעכט פֿון ווערטער, אין דעם ריטמישן פֿאַל פֿון וואָרט אויף וואָרט, אין דער בילדלעכקייט און אין דער אבסאָלוטער טראַנספֿאָרמאַציע, דער אומגעריכטער איינפֿאַלערישקייט פֿון פּאָעט, וואָס נעמט אַלץ פֿון גרייטן און מאַכט דערפֿון אַ נייע פֿאַרוואַנדלונג.

מיט וואָס פאַר אַ כוח דערגרייכט עס אַלץ דער פּאָעט? מיט מאַגיק. דער פּאָעט מוז פאַרמאָגן פאַרבלענד־כּישוף, וואָס מען זאָל די אַלע מעלות זיינע זען און אים דאָך נישט קאָנען כאַפּן ביי דער האַנט. דער ווילן גלייך צו כאַפּן דאָס ליד ביי דער פאַרשטענדלעכקייט, איז אַבסאָלוט קעגן די אינטערעסן פון פּאָעט־מאַגיקער. שפּעטער קאָן מען זיך נעמען אַמפּערן, ווי אזוי פאַרוואַנדלט דער פּאָעט אַלע זיינע קונצן — אין קונסט פון ליד. אָבער בעת מעשה ווען מען לייענט דאָס ליד, דאַרף מען שפּירן ווי דער פּאָעט שאַפט דאָס ליד פאַר די אויגן און אויערן פון לייענער און דער לייענער באַוואונדערט דעם וואונדער־פאַרבלענד.

האָט איר שוין געזען ווי אפילו דערוואַקסענע שמייכלען ווי קינדער, ווען דער מאַגיקער איבעראַשט מיט זיינע פאַרבלענדענישן? אָט־דעם קינדישן שמייכל מוז אַ גוט ליד ארויסרופן; אפילו אין טיפסטן ערנסט מוז דאָס ליד פאַרמאָגן דעם כוח פון דעם העכערן הומאָר, דעם קינדישן שמייכל, וואָס איז דער העכסטער הומאָר — דעם הומאָר וואָס מוז ווערן די בריק צווישן פּאָעט און לייענער.

מער קאָן מען וועגן דעם ליד נישט זאָגן. ס'איז אפשר נישט אויס־געשלאָסן, אז ס'זענען פאַראַן אזעלכע פערזן־שרייבערס וואָס באַגייען זיך אָן מאַגיק, אָבער ס'פעלט זיי דערפאַר אַ וויכטיקער פּאָעטישער וויטאַמין. אַזעלכע פּאָעטן בלייבן ביי דער הוילער סקריפּנדיקער פאַר־שטענדלעכקייט, וואָס זיי הויבן אויף מיט כוח, ווי אַ זאַק ציבעלעס. ווען דער לייענער פאָדערט פון אַזעלכע פּאָעטן — דאַוואַי פאַרשטענד־לעכקייט, איז ער נישט אומגערעכט, ווייל קיין אַנדערע מעלות האָט דער פּאָעט נישט.

מ'קאָן, פאַרשטייט זיך, אויך געפינען פּאָעטן וואָס פאַרמאָגן בלויז מאַגיק. זיי טוען גאַרנישט אויף דערמיט און דער פאַרטיקער פּראָדוקט איז אַ קליין קונצעניו, וואָס אפילו קינדער אין די וויגן האָבן שוין קיין הנאה נישט דערפון. דער קינדישער שמייכל, וואָס אַ ליד רופט אַרויס, מוז ווערן דער צוריקרוף פון קינדישן וואונדער ביי דערוואַקסענע. עס מוז ווערן דער פאַראַל צווישן א דערוואַקסענעם לייענער און אַ דער־וואַקסענעם פּאָעט, וואָס קאָן זיך טאַקע זיין אַ מאַגיקער, אָבער ער קאָן אויך טראָגן אַ גרויסע שווערע משא אויף די פּלייצעס. דאָס ליד דאַרף אפשר אויסזען אויסערלעך גרינג, אָבער ס'מוז קומען פון אַן אינער־

לעכער שווערקייט, א טיפער, געדיכטער איבערלעבעניש און פּאָעטי־
שער דערפאַרונג, וואָס איז קיינמאָל נישט איינמאָליק, נאָר אַ רעזולטאַט
פון קומען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל צום סוד פון אייגענעם וואָרט, זוכנ־
דיק צו דערגיין דעם סוד פון אונדזער פּיין פון זיין.

די פראַגע, צי מ׳דאַרף טאַקע האָבן דעם קריטיקער, ווי א שדכן
צווישן ליד און לייענער, איז א גוטע קשיה. אויב דער קריטיקער פאַר־
מאָגט אויך דעם כוח פון אַ שעפערישן באַוואונדערער, אויב ער האָט גענוג
געשמאַק צו באַוואונדערן אַלץ וואָס דאַרף באַוואונדערט ווערן, איז ער
א נויטיקער סטימול. ער איז קאַטאַליטיש אין פּראָצעס. ער פּראָדוצירט
כעמישן וואונדער, ווען ער ברענגט צוזאַמען דעם פּאָעטס ליד מיטן
לייענער. גלאַט א טייטשער איז נישט אינטערעסאַנט, ווייל ער פאַרשכלט
אַן ענין, וואָס ליגט איבערן שכל.

דער באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר איגאָר סטראַווינסקי האָט איצטער, צו
זיין אַכציקסטן געבוירנטאָג, פּאַר אַ נאָווינע ווידער אויפגעהויבן די
פראַגע, אויף וואָס פאַר אַ צרות דאַרף מען האָבן דעם קריטיקער; אַז
אַ קריטיקער קאָן זיין בלויז דער וואָס קאָן אַליין עפּעס שאַפן.

דערמיט האָט סטראַווינסקי געעפנט די וואונד פון אַן אַלטער
דעבאַטע. ס׳איז אַן אומפּראָדוקטיקע דעבאַטע, ווייל זי פירט צו גאָרנישט.
מ׳קאָן גלייך זען דעם אַבסורד דערפון, ווייל ס׳זענען נישטאָ קיין אַבסאָ־
לוטע מאָסן פאַר שעפערישקייט, און אַ אומבאַדייטנדיקער שעפער איז
זיכער נישט קאָמפּעטענט צו זיין אַ קריטיקער, ווייל ער ווייזט אַרויס
אַזאַ אָרעמען געשמאַק בנוגע זיך אַליין. די קונץ פון אַ גוטן קריטיקער
באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס ער האַלט זיך איין און האַלט זיך אָפּ
פון שאַפן אומבאַדייטנדיקע אייגענע ווערק, כדי זיך אַליין נישט צו
פּסלען ווי אַ קריטיקער.

אַ קריטיקער מוז פאַרמאָגן געשמאַק און מוז וויסן ווי דעם געשמאַק
זיינעם אויסצודריקן אויף אַ שעפערישן אופן. אויב ער געווינט צוטרוי
ווי אַ מענטש מיט געשמאַק, און אויב ער קאָן דעם געשמאַק זיינעם
פאַרקויפן, איז ער אַ שעפערישער מענטש אויף זיין אייגענעם געביט.

ווען ס׳קומט צו די קריטישע מיינונגען פון אַ סטראַווינסקי, ווי
עקסטראַוואַגאַנט זיי זאָלן נישט זיין, זענען זיי אינטערעסאַנט, ווי ביאָ־
גראַפישע פּרטים אין לעבן און אין דער אַנטוויקלונג פון א גרויסן קאָמ־

פּאָזיטאָר. מיר איז אינטערעסאַנט, למשל, פּאַרוואָס אַ סטראַווינסקי זאָל נישט קיין הנאה האָבן פון בעטהאָווענען. דאָס גיט מיר אַ שטיקל שליסל צו סטראַווינסקיס מוזיק, אָבער ס'איז זיכער נישט מאָסגעבנדיק ווי אַן אַבסאָלוטע מיינונג, וואָס דאַרף אָנגענומען ווערן פון אַלעמען.

בכלל זענען אַזעלכע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען נישט מער ווי שפּריצן און פונקען. סטראַווינסקי האָט דעם כוח צו זאָגן גלייכוואַרטלעך וועגן מוזיק, אָדער וועגן זיינע צייט־חברים. ער קאָן אָבער נישט אויפ־בויען אַ שעפעריש בנין אַרום זיין מיינונג. ווען אַ קריטיקער פאַרמאָגט איבערצייגנדיקן געשמאַק און ער קאָן שאַפן אַ ווערק אַרום זיין געשמאַק, וואָס זאָל קאָנען שטיין אויף אייגענע פיס, איז זיין קריטיק אַ באַרעכ־טיקטער טייל פון דער אַלגעמיינער קינסטלערישער ליטעראַטור.

כ'וועל גיכער לייענען אַן אַזוי־גערופענע סוביעקטיווע קריטיק פון אַזאַ קריטיקער, ווי אַן אַזוי־גערופענע אָביעקטיווע קריטיק פון אַ נודניק און אַ מענטש אָן געשמאַק. ביידע — סיי סוביעקטיווע סיי אָביעקטיווע קריטיק זענען נישט קיין חיוב, אָבער כ'וועל גיכער געטרויען אַ סוב־יעקטיוון קריטיקער, וואָס ווייזט אַרויס איבערצייגנדיקן געשמאַק, ווי אַן אָביעקטיוון תם, וואָס וויל כלומרשט געבן אַלגעמיינע מאָסן.

די איינציקע זאַך וואָס מען מוז פאָדערן פון אַ סוביעקטיוון קריטי־קער איז אַז ער זאָל נישט פאַרמאָגן קיין אַנדערן פאַראורטייל, ווי די אומקאָמפּראָמיסלעכקייט פון זיין אייגענעם הויכן געשמאַק. אָביעקטיווע קריטיק פון אַ מענטש אָן געשמאַק איז ערשט די אַרעמסטע סוביעקטיווע קריטיק, וואָס מען מוז דערפון וויכן.

## מיטן מנין יידישע פּאָעטן

כ'רוף צוזאַמען אַ מנין יידישע פּאָעטן, אָבער דעם מנין וואָס מ'קאָן מיט אים דאַווענען אין די שענסטע וועלט־שולן און וואָס זייער עברי־זאָגן איז מלא געזאַנג. איך רוף זיי צוזאמען אין געדאַנק, פאַרשטייט זיך, ווייל איך וויל זיך מיט זיי דורכשמועסן נאָכן דאַווענען און מיט זיי דורכ־קומען מכוח דעם חבר ראַוויטשעס רוף צו קלאָרקייט און צו — היינען. כאַפּ איך אַ קוק אויף די פּנימער און איך זע פּאָר זיך — איינס ביי איינס

— איינגעיאָרטע געשטאַלטן, איינגעוואָרטע, איינגעקלאָרטע און איך טראַכט זיך ווען זאָל איך פאָרלייענען דעם נייעם דעקרעט, ווען זאָל איך רופן צו קלאָרקייט, ווען אַלע זענען פאַר מיר אַזעלכע בולטע געשטאַלטן. אַפילו די פּאָעטישע מאַסקעס וואָס יעדער איינער טוט אָן פון צייט צו צייט, זענען אויך קלאָר צוגעפּאַסט צו יעדנס פּנים.

טראַכט איך זיך, אַז אָט די געשטאַלטן זענען דאָך סיוּוּי אויסגעקלאָרט געוואָרן דורך די יאָרן, און וויפל סוד זיי האָבן נישט איינגעזונגען אין זייער ליד, וויפל רמז, זענען זיי דאָך טאַקע דערמיט אַליין אויסגעוואָקסן אין אַן אייגענער פאַרשטענדיקייט, וואָס לאָזט זיך בשום אופן נישט פאַרטושן, אָדער אָפּמעקן. יעדער איינער האָט עס דערגרייכט מיטן כוח פון זיין בלאָנדזשענדיקן ליד, דורכן אויסזוכן פאַר זיך אייגענע געהיימען, וואָס דאָס איז דער סימן מובהק פון אַן אויסגעשטאַלטיקטן פּאָעט.

פאַראַן אַזאַ מנין פּאָעטן ביי יידן, און כ׳בין נישט זיכער, צי יעדער איינער וואָס וועט זיך ערנסט אָפּגעבן מיט אויסזוכן דעם מנין, וועט טאַקע טרעפן צו די זעלביקע פּאָעטן; אַ באַווייז אַז ס׳איז פאַראַן מער ווי אַ מנין, זיכער גענוג איבער אַ מנין, און ס׳איז דאָ פון וואָס צו קלייבן. יעדער איינער פון די געקליבענע, איז דערגאנגען צו זיין ליד, דורך פאַרטונקלטע וועגן, וואָס קיין קריטיקער קאָן עס נישט אויפקלערן. ער קאָן בלויז אָננעמען און אויסטייטשן די רעזולטאַטן, דאָס געשאנק וואָס יעדער פון די פּאָעטן האָט געבראַכט צו דער יידישער פּאָעזיע.

אַ פּאָעט איז זיין אייגענער פּסיכאָאַנאַליטיקער. ער רעדט, ער רעדט זיך איין, ער רעדט זיך אויס, ביז ער דעררעדט זיך צו זיין באַרעכטיקטער און פונקציאָנירנדיקער עקזיסטענץ. דער פּאָעט איז אָבער מיט זיך אין אַן אייביקער מלחמה און מאַכט מיט זיך קיינמאָל נישט שלום. אָט די זאַטקייט וואָס בייכלט זיך אָן אויפן פּאָעט, מיט דער צייט, רופט מען אַמאָל קלאָרקייט. יעדער אמתער פּאָעט שפּירט עס איין זיך. ווען ער ווערט זיך אַליין אויף אַזוי פיל קלאָר, אַז זיין ליד ווערט צווייטאָל צוויייאיק, ווי דער חבר ראַוויטש פאָדערט, מעג ער זיך דעמאָלט ערשט אָנהויבן צערן, ער מוז אַראָפּוואַרפן פון זיך די פולע פעטע קלאָרקייט, וואָס פאַרשטעלט דאָס אינערלעכע ליד זיינס, די מיסטעריעזע אָנרעגונג און ווירקונג.

קלאָרקייט איז אייגנטלעך — באַנאַלער אמת. איז דאָך שוין פֿאַראַן אַ באַנאַליזירט ווערטל, וואָס וואָלטער האָט געזאָגט, אַז ווען דער רבונו של עולם וואָלט אין דער רעכטער האַנט געהאַלטן דעם אמת און אין דער לינקער דאָס זוכן דעם אמת, וואָלט וואָלטער צוגעפאַלן צו דער מעכטי־קער לינקער האַנט און געזאָגט, אַז דאָס איז פֿאַר אים בילכער. נישט פֿאַראַן קיין קלאָרערע קלאָרקייט ווי א דערפֿינדונג, און דאָך איז אין איר פֿאַרוועבט א מיסטעריע. דער וואָס רעדט אויפֿן טעלעפֿאָן פֿון ניו־יאָרק מיט אַ פֿריינט אין לאָס אַנדזשעלעס און פֿאַרפֿעלט צו געבן כאָטש אַ קליינעם ציטער, אפֿילו ווען ער פֿאַרשטייט אַקוראַט און וויסנשאַפֿטלעך וויאַזוי די צוויי קולות זענען פֿאַרקניפּט געוואָרן, איז זיכער נישט קיין פּאָעט.

אָט דער ציטער אין יעדער ליד איז וויכטיקער פֿון דער דערשפּיצטער קלאָרקייט. קלאָרקייט קאָן מען אין א ליד אַ סך גרינגער דערגרייכן, ווי אמתע קינסטלערישע אומקלאָרקייט, דאָס וואָס גיט אַ ליד דעם צאַפּל פֿון אַ געשאַפֿענער זאַך, וואָס עקזיסטירט אין אייגענעם זכות. דער פּאָעט שרייבט נישט קיין בריוו צו דער וועלט מיט זיין ליד, נאָר ער איז דער־פֿינדעריש, נוצנדיק צופֿיל זאַכן, אַז ס'זאָל דערפֿון אַרויסקומען די סימ־פּליציסטישע קלאָרקייט פֿון צוויי מאָל צוויי.

איז מיין טענה נישט קעגן קלאָרקייט, פֿאַר מיר איז גענוג אַ קלאָר־קייט, וואָס אַפֿילו ווען איך באַנעם זי נישט, האָב איך הנאה פֿון דעם פּאָעטס צוזאַמענשטעל פֿון וואָרט און שורה, פֿון קלאַנג, געזאַנג און געזאַנג, פֿון דעם פּאָעטס פּאַרטיפֿטער אייגעהערטקייט אין סוד פֿון וואָרט אין סוד פֿון זיך, אין סוד פֿון זיין נאַציאָנאַלער צוגעבונדנקייט. אָן נאַציאָ־נאַלע וואָרצלען קאָן מען נישט זיין קיין פּאָעט. דער אמתער פּאָעט מוז גלייך שאַפֿן דעם איינדרוק, אַז זיין וואָרט איז אַ פּראָדוקט פֿון זיין פֿאָלקס אוצר. גיט מיר אַן אוניווערסאַלן פּאָעט, וואָס איז נישט דער־גאַנגען צו דער וועלט, דורך דעם סוד פֿון זיין קלענערער אָנגעהעריקייט צו די נאַציאָנאַלע אוצרות פֿון זיין פֿאָלק, און איך וועל זיין שטאַרק מסופק, צי איז דער אוניווערסאַלער — א פּאָעט.

אָט דער ערשטער אָנצינד פֿון דעם וואָס דער פּאָעט האָט געירשנט און איבערגענומען פֿון זיין פֿאָלק, וואָס אַז מען רעדוצירט עס מיינט עס — קליינע משפּחהשאַפֿט, וואָס נאָך אמתער מיינט עס, דער אויטענטי־

שער שפּיגל פון פאָלק און אייגענע טאַטע־מאַמע, אָט דאָס איז דאָך דער גרעסטער סוד פון שאַפונג.

כ׳בין זיכער אַז מלך ראַוויטש נוטיקט זיך נישט אין מיין קלאָרער מיינונג, אָדער יענעם פּאָעטס קלאָרע מיינונג, אויסגעדריקט אין פּערזן. וואָס ער וואָלט גאָר באַדאַרפט פאָדערן, איז די קינסטלערישע פּאַר־וויקלונג, וואָס איר צוזאַמענשטעל אליין, איז אי סוד, אי קלאָרקייט. אויב אַלע לעמפּלעך זענען אָנגעצונדן אין ליד, אויב דאָס פּנים פון פּאָעט שוועבט איבער די שורות, אויב וואָרט און קלאַנג זענען צוזאַמענגעצי־טערט אויף אַ חידושלעכן אופן, אויב דאָס ליד איז אַנטשטאַנען, איז עס פאַר זיך אַליין גענוג קלאָרקייט.

דער ענגלישער פּאָעט גרעיווס האָט אַמאָל אַרויסגעלאָזט אַן־איקאָנאָ־קלאַסטיש בוך וועגן באַרימטע לידער פון גרויסע ענגלישע פּאָעטן. ער האָט צו זיי צוגעשטעלט די מאָס פון קלאָרקייט און לאָגיק און געוויזן, אַז די גרעסטע לידער אין דער ענגלישער פּאָעזיע זענען געשריבן — אָן שכל. גרעיווס האָט געפרעגט קשיות אויף יעדער בילד, אויף יעדער שורה און קלאָר אויפגעוויזן, אַז ווען מען ווענדט אָן לאָגיק, קלעפּט זיך נישט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. ער האָט קיינעם נישט געשוינט. ער האָט צעפּאַלמעסט שעקספּירן, מילטאָנען, קיטסן און טריומפירט, אַז זייערע באַרימטע און אנטאָלאָגירטע לידער האַלטן נישט אויס קיין לאָגיק. וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון דעם פריילעכן בוך? די אומלאָגישע און אומקלאָרע לידער וואָס ער האָט צעפּאַלמעסט זענען נאָך אַלץ אַ טייל פון גרויסן אוצר פון דער ענגלישער פּאָעזיע און ראָבערט גרעיווס בוך איז פאַרבליבן אַ פאַרגעסן בוך, וואָס האָט בשעתו אַמוזירט מיט אַ קאַפּיטשקע לעסטערונג. וואָס גרעיווס אַליין האָט זיכער נישט געמיינט אויף קאַטאָ־ווע0. פאַרקערט, אויב ער האָט יאָ עפּעס געמיינט, איז עס געווען דאָס פאַרקערטע, אַז מען טאָר מיט אַזאַ מאָס פון לאָגיק און קלאָרקייט נישט צוגיין צום ליד.

ווידעראַמאָל, זאָל מען נישט מיינען, אַז דאָס ליד מעג זיין — שטות. אָבער ס׳מעג געזאָגט ווערן, אַז זייער אָפט, ערשט אין גייעג נאָך קלאָר־קייט ווערט אַ ליד פאַרשטותט. ווען אַ פּאָעט איז ערלעך צו זיך און ער נוצט אויס אַלע קאָלירפולע רייכקייטן וואָס ער פאַרמאָגט און ער שטעלט פון זיי צוזאַמען זיין פּאָעטיש וואָרט, ווערט ער ליב און פאַרשטענדלעך.

אַז כ'קום צוריק צום מנין ידישע פּאָעטן און כ'גיב אַ קוק אויף זייערע קלאָרע פּנימער, האָב איך נישט ס'האַרץ צו מאָנען ביי זיי אויף די עלטערע יאָרן, קלאָרקייט; מער קלאָרקייט ווי זיי האָבן אונדז ביז אַהער געגעבן, דורך דעם געפלאָנטער פון זייערע לידער. ווי וואָלטן זיי דערגאַנגען צו זייער אויסדערוויילטקייט, ווען זיי וואָלטן סיי ווי נישט פאַרמאָגט יענע פּאָעטישע איבערצייגנדיקייט, וואָס זייערע אַזוי־גערופע־נע אומקלאָרע לידער האָבן געבראַכט? קלאָרקייט אין פּאָעזיע, אויב אַזאַ זאַך עקזיסטירט טאַקע, איז אַ סך וויניקער אינדיווידואַליסטיש, ווי דער ברייטער אויסוואַל פון קינסטלערישן סוד, וואָס יעדער פּאָעט שעפּטשעט אים אַריין אין ליד אויף זיין שטייגער. וואָלטן מיר פאַרמאָגט ביים היינטיקן טאָג אַ סך יונגע פּאָעטן, טאַקע אַזעלכע וואָס פּיקן זיך ממש ערשט אויס, וואָלט ראַוויטש זיי געמעגט מוסרן, אַז זיי זאָלן נישט זיין אַזוי צווייטאָלצווייאיק אין זייער ליד. ביי די עלטערע פּאָעטן איז אוודאי אָן עוולה צו זוכן און צו פאָדערן אַ רעאָריענטאַציע אויף צווייטאָל צווייאיקייט, אָדער אויף היינעשקייט. יעדער פּאָעט פון מיין מנין, פון די לעבעדיקע אָדער אוועקגעגאַנגענע, איז אַ סך אַ גרעסערער פּאָעט פון היינען. זיי האָבן זיך דערזוגנען צו גרעסערע סודות אין ליד, ווי היינע מיט זיין שפּיצלדיקער קלאָרקייט.

ס'זענען פאַראַן לידער, וואָס נאָך איידער איך כאַפּ זייער פאַרשטענד־לעכקייט, געפעלן מיר זיי שוין נישט און וואָס קלאָרער די שורות ווערן, אַלץ מער ווער איך מיד פון ליד. פאַרקערט, זענען דאָ לידער וואָס נאָך איידער איך דערשפּיר דעם וויניקן טעם פון זייער אומפאַרשטענדלעכ־קייט, אַלץ ליבער ווערן מיר די שורות פון ליד און אַלץ נענטער דער פּאָעט. טאָמער האָב איך לכתחילה געוואָלט אַזאַ ליד פאַרשטיין, איבערצייגט מיך דאָס ליד, אַז די אומפאַרשטענדלעכקייט איז אַ סך טיפער פון דעם ביסל טייטש וואָס איך האָב געזוכט, און אַז די פאַרטיפטע און דער־גרייכטע מייסטערשאַפט פון פּאָעט האָט געשאַפן אַ פאַרטייטשונג וואָס לאָזט איבער אַ סודותדיקן נאָכקלאַנג, וואָס איז אַ פרייד פאַר זיך אַליין.

קומען מיר צום עולם. מלך ראַוויטש פאַרזיכערט אונדז, אַז דער עולם וואָלט צוריקגעקומען צום פּאָעט, ווען ער וואָלט דעם לייענער געגעבן — צוויי מאָל צוויי איז פיר. כ'גלויב קוים צי פּאָעטישער צווייטאָל צוויי איז טאַקע אַ שטאַרקער צוצי פאַרן לייענער. דאָ נישט

לאַנג האָט מען זיך אין אַמעריקע אַ נעם געטאָן צו די ביבליאָטעקן, וואָס זענען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן גרויסע אָפּנעמערס פֿון ביכער. מען האָט דערפֿאַר זיך געווענדט צו עטלעכע מער־וויניקער באַקאַנטע פּאָעטן, אַז זיי זאָלן רעקאָמענדירן יונגע פּאָעטן, וועמענס ביכער מעגן זײַן אין די ביבליאָטעקן. איז ערשטנס געשען אַזוי, אַז יעדער באַזונדערער אָנגעפֿרעגטער פּאָעט, האָט געהאַט זײַנע אייגענע רעקאָמענדירטע דיכטערס. אָבער איינער פֿון זיי, דער עלטסטער פֿון דער חבֿורה, איז אַרויס מיטן נאַקעטן אמת (ראָבערט הילִיער) און אויסגעזאָגט פֿון חדר; „וואָס נעמט איר זיך באַשיצן דעם יונגן פּאָעט? וואָס הערט זיך עפּעס מיט אונדז עלטערע פּאָעטן, וועמען מען לייענט שוין נישט און וועמענס ביכער מען קויפֿט נישט?“.

כ׳נעם אָן, אַז די ייִנגערע פּאָעטן וואָלטן קלאַסיפֿיצירט געוואָרן אין ראַוויטשעס לעקסיקאָן, ווי אומקלאָרע פּאָעטן. די עלטערע וואָלט ער מסתּמא פּראָקלאַמירט פֿאַר צוויי מאָל צווייניקעס. זעען מיר אַז אַפֿילו די „קלאָרע“ פּאָעטן האָבן אויך קריוודעס און טענות צום לייענער. עס ווײַזט אויס אַז גרויסע פּאָפּולאַריטעט איז נישט כאַראַקטעריסטיש פֿאַר פּאָעזיע. אַ סך פֿאָלקס־זינגער ווערן שטאַרק פּאָפּולער, אָבער אמתע פּאָעטן מוזן דערגרייכן דעם עלטער פֿון ראָבערט פֿראָסט און ווערן היפּשלעך עובֿר בטל, ביז זיי ווערן צעקלונגענע באַרימטהייטן.

דאָס איז כּמעט אַקסיאָמאַטיש, כאָטש בײַ אונדז, אין אונדזער אייגענער ייִדישער וועלט, זענען פֿאַראַן אויסנאַמען, אָבער ערשט די אויסנאַמען וואָלט מען געקאָנט אויפֿקלערן, און די ריכטיקע אויפֿקלער־רונג וואָלט זיכער נישט באַוויזן, אַז די פּאָפּולאַריטעט שטאַמט פֿון אַ טיפֿער אָפּשאַצונג פֿון פּאָעזיע.

קומען מיר צוריק צו מײַן מנין ייִדישע פּאָעטן. כ׳וואָלט בפֿירוש נישט געוואָלט, אַז זיי זאָלן פּלוצים ווערן קלאָרער ווי זיי זענען געווען ביז איצט. ראַוויטשעס רוף צו צווייִמאָל צוויי איז פֿיר אין דער פּאָעזיע, איז אַ רוף צו דער פּרימיטיוויזאַציע פֿון ייִדישן ליד, און מײַן מנין פּאָעטן האָט נישט פֿאַרדינט פֿון מלך ראַוויטשן אַ פֿאָרוואורף, אַז ס׳איז עפּעס נישט אין אָרדענונג מיט דער ייִדישער פּאָעזיע, וואָס זיי האָבן געהאָלפֿן בויען און אויסגעבויט דערפֿון אַ פּראַכט־בנין פֿאַר אַלע אייביקייטן.

## ווען פּאָעזיע — אין אַ נאָווינע

דער אַמעריקאַנער פּאָעט, דזשאָן טשאַרדי, וועמענס לידער האָבן אין די לעצטע עטלעכע יאָר אָנגעהויבן צוציען אויפמערקזאַמקייט, האָט אין אַ סימפּאָזיום וועגן ליטעראַטור, גערעדט וועגן דער קליינער צאָל לייענערס פון אַמעריקאַנער פּאָעזיע, און ווידער געקומען צום געוויינלעכן אויספיר, אַז אַזוי דאַרף עס זיין און אַזוי איז עס געווען, ווייל אַזוי איז עס שוין פון אַלע צייטן. דער פּאָעט האָט קיינמאָל נישט קיין גרויסן עולם, ווייל ער שרייבט אייגנטלעך פון זיך, צו זיך און וועגן דעם סאַמע אינעווייניקסטן זיך. ער האָט עס נישט געזאָגט אַקוראַט אַזוי, אָבער געמיינט האָט ער פאַרשלייערן דעם געדאַנק, אַז דער אמתער פּאָעט שרייבט פאַר זיך אַליין און אויב ס׳געפינען זיך נאָך מענטשן, וואָס ווילן אים לייענען, ווייל ער דריקט אויס פּאָעטיש עפּעס אַזוינס, וואָס טרעפט זיי צו — איז עס זיין מזל.

טשאַרדי וואָלט אָבער געטאָן אַ סך גלייכער, ווען ער וואָלט אַטאַקירט דאָס פּראָבלעם דירעקטער. ער איז אַ לערער און אַ קריטיקער און ער וואָלט געקאָנט ערלעכער אַנאַליזירן דעם ענין פּאָעזיע און אַ פרעג טאָן און זוכן דעם ענטפער צו דער פּאָפּולאַריטעט, למשל, פון אַזאַ פּאָעט ווי — ראָבערט פראָסט. איז ער אַ קלענערער פּאָעט, ווייל ער איז אַזוי באַקאַנט איבער גאַנץ אַמעריקע און קומט אים אָפּ פּאָעטיש דערפון, ווייל זיינע ביכער־לידער פאַרקויפן זיך? די צרה איז בלויז, וואָס ראָבערט פראָסט איז פּאַקטיש דער איינציקער, וועמענס נאָמען די גרויסע אַמעריקע האָט אַזוי שטאַרק אויפגעכאַפּט. פרעגט זיך טאַקע אַ קשיה: וואָס פאַרמאָגט אַזוינס ראָבערט פראָסט, וואָס ער איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער, בעסער געזאָגט פאַרוואָס זעען זיך נישט קיין אַנדערע קאַנדידאַטן אויף אַזאַ פּאָפּולאַריטעט?

טשאַרדי איז אין תוך נישט גערעכט מכוח דער לייענערשאַפט פון פּאָעזיע, ווייל אין אַמעריקע אַליין האָבן מיר מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק געהאַט, אויב נישט קיין גרויסן עולם, איז לכל הפחות אַ גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל לייענערס פון לידער, לייענערס וואָס האָבן אַרויסגעוויזן זייער אינטערעס אין דעם אויפשטייג פון אַ נייער פּאָעזיע,

אין די יאָרן 1914—1930. זיי האָבן אַפילו דעמאָלט אויסגעטיילט באַזונ־דערע פּאָעטן וועמענס נעמען זענען גיך באַקאַנט געוואָרן. ט. ס. עליאָט וואָלט קיינמאָל נישט געקראָגן די נאָבעל־פּרעמיע, ווען דער אַמעריקאַ־נער עולם וואָלט זיין נאָמען אַזוי עקשנותדיק נישט אַרויסגערוקט אין דער עפנטלעכקייט.

אויך איצטער זענען מיר עדות אין אַמעריקע פון אַן אויפגעלעבטן אינטערעס אין פּאָעזיע. אויב מען קויפט נישט קיין צופיל לידער־ביכער, וואַקסט אָבער דער אַלגעמיינער צוטרוי צום פּאָעט און צו זיין ליד — אין די אוניווערסיטעטן פון לאַנד, און אַ סך ניי־געשאַפענע פּאָעזיע־קלובן. מיר זעען עס אויך אין דער גרעסערער מעגלעכקייט, וואָס דער פּאָעט קריגט צו פאַרעפנטלעכן זיינע לידער.

דער אַמעריקאַנער פּאָעט הויבט אָן קומען צו זיך, נאָך דער גרויסער פאַרלוירנקייט זיינער. מען דאַרף תמיד געדענקען, אַז דער פּאָעט איז דער שאַפער פון מאָרגנדיקן לשון — און מיט לשון מיינט מען אַ סך מער ווי באַזונדערע ווערטער — און אין אונדזער צייט איז דאָס וואָרט פאַרגרעגערט געוואָרן מעגאַפּאָניש אומעטום, אַז דער פּאָעט האָט פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבער דעם.

יעדער אמתער פּאָעט איז אויך אַ גוטער באַלמעלאָכע און ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז עס זענען פאַראַן לייכטע גוט־גענוצטע און איבער־גענוצטע טעמעס, וואָס זענען אוניווערסאַל און אייביק און וואָס דער עולם האָט ליב צו לייענען און וואָס ער וואָלט געקאָנט איבערחזרן: גאָטהייט, רעליגיעזע געפילן בכלל, ליבע, טויט, נאַציאָנאַלער פּאַטאָס, סקעפּטיציזם און ווי פּאַראַדאָקסאַל ס׳זאָל נישט קלינגען — אויך אָפּטי־מיזם.ביידע טעמעס זענען שטאַרק פּאָפּולער און זיי זענען בכוח צו טרעפן אין פּינטל. דער אָרנטלעכער פּאָעט פון אונדזער צייט ווייסט אַז פון די אַלגעמיינע טעמעס וועט ער זיך סיי ווי נישט אַרויסדרייען און אַז ער וועט פון צייט צו צייט מוזן זוכן שוץ ביי זיי. אָבער ער זוכט מיינסטנס דאָס קול פון זיין צייט און ער וויל דערגיין טיפער צו זיך אַליין, צו זיין אייגן קול.

דעמאָלט הויבט זיך ערשט אָן די פאַרלוירנקייט פון פּאָעט. ער מוז ריזיקירן. ער מוז באַשווערן זיין וועג און דעם לייענערס וועג, ווייל אין תוך איז יעדער אמתער פּאָעט, אין אונדזער צייט, אַן עקספּערימענ־

טירער. און װען ס׳קומט צו עקספּערימענט, מוז מען דערװאַרטן, אַז גאָר אַ סך װעט זיך נישט אײַנגעבן. פֿאַראַן אַ לײַכטער װעג לכתחילה צו שרײַבן אַ געלונגען פּאָפּולער ליד — און דאָס איז גאָרנישט אַזױ שװער װי מען מײנט, אַ ליד װאָס זאָל זיך גלײַך אַדרעסירן צו דער אײַנגעװאױנטקײט פֿון לײענער און צו דער אײַנגעװאױנטער און אױסגעטראָטענער פֿאַרגאַנגענהײט.

טשאַרדי קאָן זיכער נישט די ייִדישע פּאָעזיע און ער װײסט נישט, אַז מיר האָבן געהאַט אַזעלכע זײער פּאָפּולערע פּאָעטן, װי מאָריס ראָזענפֿעלד, רײזען, יהואש, ליעסין און אַז מיר פֿאַרמאָגן נאָך די לײענערס װאָס װאָלטן געװאָלט לײענען די זעלביקע לידער אין פֿאַרשידענע װאַריאַציעס, און אַז ס׳איז גאָרנישט אַזױ שװער איבערצוחזרן די זעלביקע לידער, אױב דער פּאָעט װאָלט געזוכט בלױז — פּאָפּולאַריטעט. צום גליק האָבן מיר בײַם הײַנטיקן טאָג אַ צאָל פּאָעטן, װאָס זוכן נישט אַזאַ גיכע און גרינגע פּאָפּולאַריטעט (לײװיקס פֿאַרדינטע פּאָפּולאַריטעט איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך).

דער ייִדישער פּאָעט פֿון אונדזער דור איז אױך אַ גרױסער ריזיקאַנט מיט זײַן נײַ און אײגן ליד, מיט זײַן אײגן לשון, מיט זײַן באַזונדער קול, אין דער גרױסער צעטומלעניש פֿון אונדזער צײַט. צײַט־פּאָעזיע איז זײער גרינג און זײער שװער צו שרײַבן. װען עדעלשטאַט האָט געזונגען — מיר װערן געהאַסט און געטריבן, האָט ער זיך דערזונגען צו צװײ װערטער, װאָס האָבן אױסגעדריקט אַ צושטאַנד פֿון זײַן צײַט. הײַנט איז לײַכט דאָס איבערצוחזרן, אָבער ס׳איז שװערער צו פֿאַנגען די שטימונג פֿון אונדזער אײגענער צײַט, מיט צװײ נײַע טרעפֿלעכע װערטער. צום לױב פֿון אונדזער ייִדישער פּאָעזיע דאַרף געזאָגט װערן, אַז מיר האָבן נאָך קײנמאָל אין דער געשיכטע פֿון אונדזער ליטעראַטור נישט געהאַט אַזױפֿיל ערנסטע צײַט־דיכטער, אמתע פּאָעטן װאָס דריקן אױס די צײַט און רעאַגירן אױף דער צײַט — דורך זיך אַלײן.

צוריק צום אַמעריקאַנער פּאָעט דזשאָן טשאַרדי: מען דאַרף זאָגן אַז װען דער פּאָעט זיצט און שרײַבט ביחידות, מוז ער פֿונדעסטװעגן שרײַבן צו עמיצן און פֿאַר עמיצן, אַפֿילו װען דער עמיצער איז אַן אילוזאָרישער און דער פּאָעט זעט אים נאָך נישט. אַפֿילו דער זיך פֿאַרװעמען ער זאָגט אַז ער שרײַבט כלומרשט, איז שױן אױך אַן אַנדערער.

ער איז בבחינת אַ לייענער, וואָס קומט אויפֿן גרייטן, נאָכדעם ווי דער פּאָעט האָט עס דורכדיסטילירט און אַראַנזשירט זיין רוי־מאַטעריאַל אין ווערטער און שורות. אַ פּאָעט מוז אויך שרייבן, אין דער פאַרגעזעצטער טראַדיציע פון זיין פאָלק, ער מוז היסטאָריש באַלאַנגען. איינגעזאַמלט צו די עלטערן איז אַ וואויל ביבליש וואָרט. דאָס איז חל אויך אויפֿן פּאָעט, וואָס זיינע ווערק מוזן זיך לאָזן — איינזאַמלען צו די עלטערן. נישט נאָר דאַרף אַ פּאָעט אַרבעטן אויף זיינע געזאַמלטע לידער, נאָר אויף די לידער, וואָס מ׳וועט אַמאָל קאָנען איינזאַמלען, און דאָך זאָל מען הערן דאָס אייגענע און באַזונדערע קול פון דעם נייעם פּאָעט, וואָס האָט מיט זיין זאַמלונג צוגעטראָגן צו דער איינזאַמלונג.

אויב מיר זאָלן אָננעמען, און מיר מעגן זייער געשמאַק אָננעמען, אַז די אַמעריקאַנער פּאָעזיע וועט זיך שוין אַן עצה געבן און ווי עס איז געפינען אַ וועג צו איר לייענער און געווינען דעם לייענער וואָס נויטיקט זיך אין פּאָעזיע, מעגן מיר זאָגן אַז דער אמתער יידישער פּאָעט פון אונדזער צייט איז געווען פונקט אַזוי ערלעך צו זיך און צו זיין צייט, ווי אונדזערע באַרימטע פאָרגייערס. מיר האָבן אָבער געהאַט אַ שווערערן וועג, ווייל דער עלטערער לייענער האָט אונדז יינגערע, ווייטער־גייענ־דיקע און פאָרויס־שפּאַנענדיקע פּאָעטן נישט געגעבן קיין צוטריט צום יינגערן דור. פונדעסטוועגן האָט דער פּאָעט גע̇שריבן אַזוי, ווי ער וואָלט טאַקע געהאַט אַ יונגן לייענער. והא ראיה, ווען מ׳זעצט איבער די לידער פון אַ היינטצייטיקן יידישן פּאָעט אויף ענגליש, האָט פון זיי הנאה דער זעלביקער לייענער, וואָס האָט הנאה פון דער היינטצייטיקער גוטער אַמעריקאַנער פּאָעזיע. ער שפּירט אַ טעם אין זיי; ווי יידיש־אַריינגע־צווייגט זיי זאָלן נישט זיין, אין לשון, אין טעמאַטיק, בלייבט פון געמיט און פון מוזיקאַלישן שמועס עפּעס אַזוינס, וואָס פאַרבינדט זיך מיט דעם פּאָעטישן וואָרט פון אונדזער צייט, אויף אַלע לשונות.

טשאַרדי האָט זיך באַקלאָגט, אַז אין די שולעס ווערט פּאָעזיע געלערנט אַזוי, אַז דער תלמיד מוז אַנטוויקלען אַ שלעכטן געשמאַק און פאַקטיש אַ ווידערווילן צו פּאָעזיע. ביי אונדז איז נאָך ערגער. אין די עטלעכע יידישע שולעס, וואָס מיר פאַרמאָגן, לערנט מען בלויז פאַרעלטערטע לידער. דערצו נאָך זענען ביי אונדז אַ סך מענטשן, אָן דעם מינדסטן פּאָעטישן געשמאַק, געוואָרן פּוסקים און מיינונג־זאָגערס וועגן פּאָעזיע.

זײ זענען אַלײן טעמפּ װי אַ לאָקשן־ברעט און זײ רעדן מיט אַ בר־סמכאדיקער ברײטקײט, װאָס װאַרפֿט־אָן אַ שרעק אויף דעם דרויסן און די דאָזיקע עזותדיקע גאָרנישט־װײסערס זענען די װאולגאַרסטע פֿאַר־כאַפּערס פֿון גאַנצן דרויסן.

אינערלעך, בחדרי חדרים, האָט דער אמתער פּאָעט נישט מורא פֿאַר קײנעם, נישט פֿאַר דעם פֿאַקט װאָס ער האָט אַ גאָר־קלײנע צאָל לײענערס און נישט פֿאַר די דרויסנדיקע פֿאַלשע מבינים. װען דער פּאָעט איז גאַנץ מיט זיך, מיט זײן װאָרט און מיט דער מוזיק פֿון זײן געמיט, אינטערעסירט אים נישט די לאָקע מבינות־זאַגערײ, װײל פֿאַר װעמען ער זאָל נישט שרײבן זײן ליד, פֿאַר דעם דורכגעטריבענעם אַנטי־פּאָעטישן ציניקער שרײבט ער אַװדאי נישט.

1960

## מבינות

זענען פֿאַראַן אַבסאָלוטע מאָסן פֿאַר פּאָעזיע? קאָן מען באַשטימען — װאָס איז פּאָעזיע און װאָס איז נישט? קאָן מען יענעם איבערגעבן און „אויסלערנען" געשמאַק מיט מבינות, װען ס׳קומט צו פּאָעזיע?

מיר דאַכט זיך אַז דאָס איז אוממעגלעך, אַז װיפֿל מאָל מען האָט שוין געפּרוּװט דעפֿינירן, װאָס איז אַזוינס פּאָעזיע און װאָס איז אַ ליד — און אַזעלכע דעפֿיניציעס זענען פֿאַראַן אין די הונדערטער — איז אַלץ אוממעגלעך צו שאַפֿן פֿעסטע געזעצן. איז שוין אפֿשר דאָס גלײכסטע זיך צו פֿאַרלאָזן אויף דער ערנסטקײט פֿון פּאָעט אַלײן. אויב ער איז באַקאַנט װי אַ שרײבער פֿון לידער, ס׳הײסט אויב ער איז אָנגע־נומען װי אַ ראַיעלע פֿירמע, װעט ער מסתמא נישט פֿאַרפֿירן דעם עולם און ער װעט פֿאַרקויפֿן די ריכטיקע סחורה, װײל ער איז דאָך פֿאַראינ־טערעסירט אין זײן אײגענער אַנטװיקלונג.

אָבער איז דען אַ ליד װי אַן אײנגעקויפֿט אַרטיקל, װאָס מען זוכט די אחריותדיקע ראַיעלקײט פֿון דער גוט־אָנאָנסירטער פֿירמע? אמאָל

קאָן זיך מעלדן אַן אומבאַקאַנטער, נישט־אַנאָנסירטער און נישט־צעפּויקטער יונגער טאַלאַנט, וואָס זאָל גלייך „פּאַרקויפן“ דאָס ריכטיקע אַרטיקל. דער אמת איז אַז מבינות איבער פּאָעזיע איז אַ סוביעקטיווער ענין. אָנגענומען אַז דער לייענער פאַרמאָגט אַ גוט־אַנטוויקלטן געשמאַק, מוז מען זיך פאַרלאָזן אויף אים, ווען ער זאָגט אַז ער האָט נאָר־וואָס איבערגעלייענט אַ גוט ליד אָדער אַ שלעכט ליד, אָבער געוויינלעך איז אַזאַ מבינות נישט מאָסגעבנדיק פאַר אַ צווייטן גוטן אינטעליגענטן לייענער, מיט זיין אייגענעם ראַפינירטן געשמאַק.

אַז מען לייענט פּאָעזיע אויף אַ פרעמדער שפּראַך, איז מען אַוודאַי און אַוודאַי אָנגעוויזן אויף דעם אייגענעם געשמאַק, ווייל יעדער באַזונדער לשון האָט זיינע אָריגינאַליטעטן און זיינע שוין־אויסגעטראָטענע שאַבלאָנען. דאָס איז פּונקט אַזוי אין פּראָזע ווי אין פּאָעזיע; דאָס וואָס קלינגט שוין אָפּגעטראָגן אין איין שפּראַך, קלינגט אַמאָל גאַנץ פריש אין אַן אַנדער לשון. די קונסט פון שרייבן איז נאָכאַלעמען די קונסט פון אויסדרוק, אָבער אַפילו דאָס איז נישט קיין אַבסאָלוטע מאָס, ווייל אין פּאָעזיע הערן מיר גאַנץ אָפט, מיט פאַרגעניגן, דעם שטאַמל פון פּאָעט, נישט נאָר זיין באַוואוסטזיניק נישט־דערזאָגן, נאָר זיין נישט קאָנען דערזאָגן. ווייל אויב פון דעם נישט דערטראָגן דאָס וואָרט צו אַ געוויסן ציל באַקומט זיך אַן אייגנאַרטיקער פלאַטער, די טראַגישע מוזיק פון הילפלאָזיקייט, ווי למשל ביי אַ רילקע, ווען דער געהיימער צאַפּל איז נאָך אפשר וויכטיקער פון וואָרט גופא, באַוואונדערן מיר עס און מיר נעמען עס אָן פאַר פּאָעזיע.

ווי מיר זעען, איז דאָס אַ גאַנץ בלינד אַרטיקל און אַ שווערער ענין מסביר צו זיין, כאָטש דאָס פּאַרטיקע ליד האָט אָפט אַן אופן ווי זיך גלייך פאַרצושטעלן און איבערצייגן. מען קאָן טויזנט מאָל אויסרעכענען די באַזונדערע באַשטאַנד־טיילן פון ליד און דאָך זאָל מען דאָס גאַנצע ליד נישט קאָנען דעפינירן, אָדער בכלל אויפנעמען ווי אַ ליד. כ'האָב שוין אַמאָל איבערגעגעבן דעם ערלעכן פאַראיבל פון אַן עלטערן לידער־שרייבער, וועמענס ליד יינגערע פּאָעטן האָבן אַראָפּגעריסן. ער האָט זיך שטאַרק געערגערט און אויפריכטיק איבערגעציילט די אַלע פּאָעטישע מאַטעריאַלן, וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט אין זיין ליד. כ'האָב, האָט ער געזאָגט — אַ בוים, אַ פייגעלע, אַ בלאַט, זון אויפן שפּיץ־בוים, אַ בלויער

הימל, גרין גראָז, ווי קאָן געמאָלט זיין אַז דאָס זאָל נישט זיין פּאָעזיע? ער האָט ווי א קוכער אַריינגעשלאָגן די גוטע און נאַרהאַפטיקע זאַכן, אָבער די פראַגע איז וואָס פאַר אַ פאַרטיקן מאכל ער האָט דערלאַנגט?

דער עיקר דאַרף מען זיין גאָר פאָרזיכטיק, ווי סוביעקטיוו די מבינות איבער פּאָעזיע זאָל נישט זיין, נישט צו פאַרלאַנגען, ווי אַ קאַפּריזנער פריץ, אַזעלכע לידער, וואָס זאָלן בלויז צוטרעפן דעם אייגענעם געשמאַק. פּאָעזיע איז אַוודאי אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס עס דריקט אויס אַלגעמיינע געפילן, אָבער קודם כל באַשטייט דער אינטערעס דערין, וואָס די אַלגעמיינע געפילן ווערן אויסגעדריקט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן. נישטאָ קיין אַנדערע מענטשלעכע געפילן ווי אַלגעמיינע, אָבער דער פּאָעט קומט און אינדיווידואַליזירט זיי. ער באַלייכט עס אַנדערש, ער פאַרטונקלט עס אַנדערש, ער קלאָרט עס אויף אָדער פארגעהיימערט עס, אויף זיין אייגענעם שטייגער. מען מוז דערפאַר קודם כל הנאה האָבן פון באַקענען זיך מיט אַן אינטערעסאַנטן מענטשן, ווען מען לייענט איבער זיינע עטלעכע שורות. דער פּאָעט זאָגט אין תוך אַלץ וואָס מען ווייסט שוין, ווייל ער שעפּט דאָך פון דעם זעלביקן קוואַל וואָס אַלע שעפּן, אָבער ס׳גייט אין דעם אופן ווי ער מאַכט דאָס שוין באַוואוסטע אינטערעסאַנט.

און דאָ דערגייען מיר צו אַ שטיקל טאַלק. ווען אַ שרייבער דריקט אויס אַלעמענס געפילן און אונדזער באַוואונדערונג פאַר אים איז, וואָס ער האָט עס טעכניש אויסגעדריקט, אַ זאַך וואָס מען דאַרף פאַר זיך אַליין נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, איז עס נאָך אַלץ פּאָעטישע מלאכה, אָבער נישט קיין פּאָעזיע. די קלוגשאַפט און בריהשאַפט פון מאַנעווורירן מיט שורות, זיי צוזאמענזינגען, צוזאמענקלינגען און זיי גוט אויספּוצן, איז נאָך נישט דער תוך פון פּאָעזיע. טעכניק איז בלויז די אויסערלעכע באַשלאָגונג פון ליד. ווען דאָס ליד איז נישט מער ווי באַשלאָגונג, קריגט עס א בלעכענעם אָפּקלאַנג. די בריהשאַפט פון ליד מוז ווערן צוזאַמענ־געוועבט און צוזאַמענגעגלויבט מיט די ווערטער און ציטער פון די ווערטער, אַז די בריהשאַפט זאָל נישט צוציען בלויז מיט דעם בליאסק פון פּאַטשערקעס. מיר דאַכט זיך אַז אַ ליד מוז געבן דאָס געפיל פון פרומקייט, פון עניוות, נישט פון אויספּאַקן סחורה און עס אנאָנסירן, מיט פויקן און טאַצן.

דער ענין גראַם און די מוזיקאַלישקייט פון דער שורה איז זייער און זייער וויכטיק. אָבער פאַראַן אַ קלוגער גראַם און אַ נאַרישער גראַם, פאַראַן אויך נאַרישע מוזיקאַלישקייט. ס׳איז נישט אינגאַנצן די מעלה פון אַן אומגעריכטן און בליציקן גראַם, דער פּאָעט דאַרף נאָך וועלן דעם אומגעריכטן גראַם, אַמאָל מעג ער אים צוריקווייזן, ווייל ער קומט אים טאַקע אומגעריכט — פאַרראַטן, אַרויסשטעלן פאַר אַ נאַרישן חזן. אינטערעסאַנט איז אַז קלעזמערס און חזנים זענען אָפט סינאָנימיזירט געוואָרן מיט נאַרישקייט, ווייל זיי ווילן אַמאָל קאָקעטירן מיט בריהשאַפט פון זייערע כלים.

אַקוראַט קעגן דער נייגונג מוז דער פּאָעט זיין געוואָרנט. שרייבן לידער איז פאַר זיך אַליין נישט קיין גרויסע חכמה. אַ מענטש קומט זיך באַווייזן און קינצלען מיט ווערטער. עס פאָדערט זיך דערפאַר פון אים אַ גרעסערע מאָס חכמה, צו פאַרדעקן די נאַטירלעכע נאַרישקייט זיינע פון עקזיביטירן זיינע פעאיקייטן — ברבים. די איינציקע זאַך וואָס פאַרדעקט די דאָזיקע נאַרישקייט, איז די אַבסאָלוטע אָפּגעהיטקייט נישט צו זיין דורכאויס — נאַריש.

מיר איז אָקאָרשט אויסגעקומען צו לייענען די התפעלותדיקע באַוואונדערונג פון אַ גאַנץ אינטעליגענטן רעצענזענט איבער אַ ביכל לידער. ער שטעלט אַרויס ווי וואונדערלעכע בילדער אַזעלכע פּאָעטישע פאַרגלייכן: „באַרואיקט ווי פארב” (פאַרב קאָן זיין אַזוי הייס, אַז ס׳זאָל גאָר זיין דאָס פאַרקערטע פון באַרואיקט); „אַ קוש לאָזט נישט קיין פינגער־צייכן” (ס׳קלינגט ווי אַ נאַרישע חכמה); „ווייך ווי אַ פּאַטרול פון אַ מוראַשקע” (דאָס איז אַן אויסגעקלוגטער זאָג, וואָס ווייזט אונדז בפירוש גאָרנישט); „ראָז ווי פּיסלעך פון טויבן איינגעדריקט אין ליים” (דאָס איז שוין אינגאַנצן זיס ווי האָניק).

אָבער די אַלע „גוטע” פאַרגלייכן און „גוטע” שורות ווערן אַרויסגעהויבן און אָנגעצייכנט ווי אמת גוטע און אָריגינעלע פּאָעטישע „דער־קלערונגען”, פון אַ דורכשניטלעך־גוטן און קאָמפּעטענטן רעצענזענט. ער האַלט זיכער אַזעלכע שורות פאַר סימנים פון גוטער פּאָעזיע. איז עס בלויז אַ באַווייז ווי מען קאָן נישט שאַפן קיין אַבסאָלוטע געזעצן וועגן פּאָעזיע און פּאָעטישן געשמאַק.

די גלייכסטע זאַך איז זיך צו שאַפן אַ באַגריף, וואָס זענען טאַקע

די אמתע מעלות פון אַ ליד, און צו זען ווי אַזוי די מעלות ווערן אַרויס־געוויזן. יעדער מעלה באַזונדער דאַרף האָבן געשמאַק. ערשט נאָכדעם ווי מיר באַקענען זיך מיט די דאַזיקע באַשטאַנד־טיילן פון ליד, מעגן מיר אַ טראַכט טאָן וועגן דער מערדערין דער צייט, וואָס שאַפט אָן רחמנות איר אייגענעם צוגאַנג און שאַפט־אָפּ אַנדערע צוגאַנגען. ווען די „יונגע" האָבן רעבעלירט קעגן דער אויסגעטייטשטער קלאָרקייט פון אַ מאָריס ראָזענפעלד, אָדער אַ פרוג, זענען זיי געווען אין תוך גערעכט, ווייל די צייט האָט געפאָדערט די באַנייאונג און פאַרפרישונג פון יידישן ליד, אָבער זיי האָבן אַלץ נישט אָפּגעשאַפט ראָזענפעלדן. פאַראַן אַזאַ כוח, וואָס אַפילו צייט קאָן נישט אָפּווישן. ס'ווענדעט זיך אויך אין דעם חותם פון אַ פּאָעט אויף זיין צייט און דאָס לאָזט זיך נישט אָפּמעקן.

דאָס דאַרף דינען ווי אַן ענטפער אויף אַן „ערנסטער בקשה" פון אַ לייענער אים צו געבן צו פאַרשטיין וואָס איז אַזוינס אמתע פּאָעזיע. אויב כ'האָב אים כאָטש אַביסל געהאָלפן זען ווי שווער און ווי קאָמפּליצירט דער ענין פּאָעזיע איז, בין איך שוין צופרידן. לעקציעס איבער פּאָעזיע נויטיקן זיך אין גאָר אַ סך אילוסטראַציעס. מען וואָלט פּשוט באַדאַרפט נעמען אַ צען לידער פון באַקאַנטע פּאָעטן און זיי צעלייגן אויף טעלער־לעך, שורותווייז, אָפּשטעלנדיק זיך אויף יעדער שורה באַזונדער. ווייל אַפילו אַ גוט ליד קאָן פלוצים אינמיטן ליד אויפהערן צו זיין פּאָעזיע. דאָס אליין וואָלט נישט געווען קיין חסרון, ווייל „ריינע" פּאָעזיע איז אָפּטמאָל צו ווייך און פליסיק פאַר אַ ליד. אָבער איך האָב דאָ אינזינען דאָס אויפהערן זיין פּאָעזיע, וואָס וואַרפט א חשד אויפן גאַנצן ליד.

איך פערזענלעך גלויב נאָך אַלץ אין דעם מיסטישן שטאָף, וואָס מען פלעגט געוויינלעך רופן — אינספּיראַציע. דאָס איז די דערהויבונג וואָס מאַכט דעם דיכטער אויף אַ מאָמענט שענער, קלוגער, וויכטיקער, באַגלויבטער און נאָבעלער פון זיך אליין. אַ פּאָעט וואָס שרייבט אָן אינספּיראַציע, פאָרט אויף צעלעכערטע גומענע רעדער, וואָס די לופט און שטייפקייט איז פון זיי אַרויס. ער באַנוצט זיך, אַזוי מיינט ער, מיט אַלע זיינע מעלות, אָבער זיי זענען אלע אין — אַ ירידהדיקן צושטאַנד. ער ווייזט בלויז זיך אין אַן אויסגעלאָשענער מדרגה. נישקשה, אַ פּאָעט מעג וואַרטן אויף רוח הקודש, ווייל ערשט מיט רוח הקודש ווערט דער רוח החול אויך דערהויבן.

1960

## העברעאישער סטיל ?

אין נומער 37 „די גאָלדענע קייט", די פערטליאָרשריפט, וואָס דערשיינט אין תל־אביב, אונטער דער רעדאַקציע פון אַ. סוצקעווער, און וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון דער הסתדרות, האָב איך געפונען אַ באַווייז פון אַ העברעאישן סטיל, וואָס קלינגט פרעמד אויף יידיש, כאָטש כ'בין נישט שטאַרק זיכער, צי אין העברעאיש וואָלט עס זיך בעסער געלייגט אויפן אויג און אויער פון לייענער.

כ'רעד דאָ וועגן אַ לענגערער אָפּהאַנדלונג, וואָס דער העברעאישער פּאָעט און עסייאיסט אברהם רעגעלסאָן האָט פאַרעפנטלעכט אין די „גאָלדענע קייט", איבער זלמן שניאורס אָרט אין דער העברעאישער דיכטונג. די קריטישע עסיי הייסט טאַקע „אַריינבליקן אין זלמן שניאורס העברעאישער דיכטונג". כ'נעם אָן אַז רעגעלסאָן האָט די עסיי געשריבן אָריגינעל אין יידיש, ווייל ער פלעגט גאַנץ געשמאַק שרייבן יידישע אַרטיקלען אין דער ניו־יאָרקער „פרייהייט" און אַפילו אויך אין „קעמ־פער". כ'געדענק שוין נישט צי זיינע אַרטיקלען האָבן מיר שוין דעמאָלט געגעבן דעם איינדרוק פון — אַ העברעאישן סטיל איבערגעטראָגן אויף יידיש, אָבער דאָ, אין דער אָפּהאַנדלונג איז עס גאָר־שטאַרק קאַנטיק.

ווען כ'רעד וועגן סטיל האָב איך אינזינען דעם גאַנצן היפּערבאָלישן צוגאַנג צום ליד פון אַ חבר, וואָס איז אָקאָרשט געגאַנגען צווישן אונדז אַ לעבעדיקער און בשר ודמדיקער. דאָ, אין דער קריטישער אָפּהאַנדלונג, האָבן מיר אַ פולן ביישפּיל פון סטיל, וואָס איז צוזאַמענגעוואַקסן מיט לשון און וואָס קלינגט גוזמאדיק און אַפילו קאַריקאַטוריסטיש אין אַן אַנדער לשון. אברהם רעגעלסאָן טראַכט מיט העברעאישע קאַטעגאָריעס, פּסו־קים און טערמינען, און אים גיט זיך איין זייער לייכט צו שרייבן אַזאַ אַריינפיר־פּאַראַגראַף:

„אַ ריז אויף דער ערד — העכער פון גאָר דאָס פאָלק פון זיין אַקסל און ארויף — דער מאַן וואָס איז הויך געשטעלט: אָט די אויסדרוקן פון הויכן וואוקס און קעניגשאַפט פאַסן זיך צו זלמן שניאור, זיין קערפּערלעכע הויכקייט האָט זיך וואויל געצווילינגט מיט זיין פּאָעטישער מעכטיקייט, זיינע אשורישע אויגן, באַצויגן מיט

אַ פּייכטקייט פון אומעט; זיין לענגלעכע נאָז מיט די ציטערנדיקע לעכערדעקלעך (אין בחורשאַפט — דאָרשטיק וועלט־שלינגענדיק; אין עלטער — נייגעריק וועלט־באַנעמענדיק); די באָרד־פּראַכט (געצערטלט אין אייראָפּעאישן סטיל, אָבער מיט דעם פאַרזייט ווערן מיט גרוי הויבט זי אָן מרמז זיין, אָן איר אייגנטימערס וויסן, אויף יידיש־רבנישן אָפּשטאַם) — די אַלע האָבן אים אויסגעהאַקט צו אַ שטאָלץ־גאונישער פּערזענלעכקייט, וואָס ווירקט כּישופדיק אויף פרויען, פלאַטערט ווי אַ צירונג אין דער פּאָעזיע־הויב פון העברעער־פאָלק".

אָט דער משכמו ומעלה־סטיל, מיט דער שאולדיקער „קעניגשאפט", די פּאָעטישע מעכטיקייט, די „לעכערדעקלעך" וואָס זענען געוואָרן וועלט־באַנעמענדיק, די באָרד־פּראַכט וואָס נעמט גנביש מרמז זיין און פרעגט נישט אָן ביים באָרד־טרעגער; דער כּישופדיקער ווירק אויף די פרויען, וואָס ווערן די כּפּרה פאַר דער „שטאָלץ־גאונישער פּערזענ־לעכקייט"; דער פּאָעזיע־הויב — דאָס זענען אַלץ העברעאישע אַטריבוטן וועגן אַ פּאָעט, וואָס קלינגען — נו, זייער מאָדנע, אויף יידיש.

כ'ווייס למשל נישט, וואָס עס מיינט אַזוינס אַ שטאָלץ־גאונישע פּערזענלעכקייט. לויט די בילדער פון אַ שעקספּיר, אָדער אַ מאָצאַרט, זעען מיר נישט, אַז זיי זאָלן האָבן נאָכגעקומען רעגעלסאָנס באַשרייבונג פון אַ שטאָלץ־גאונישער פּערזענלעכקייט. כ'האָב מורא אַז מאָצאַרטס לעכערדעקלעך זענען נישט געווען גאוניש, פּונקט ווי שעקספּירס באָרד האָט זיך אָפּגעזאָגט מרמז צו זיין. ביז די העברעער אַליין וועלן נישט צוריקקווייזן אַזאַ קריטיק־סטיל, וועל איך זיך מוזן משער זיין, אַז דאָס איז אַ פּאַרזוך צו פּלעפן אונדזער יידיש לשון מיט אַזאַ קעניגשאַפט־קריטיק.

1960

## אַ געפונענער פּיוט

דער ערב ראש־השנה נומער „בצרון" תשכ"ב, עפנט זיך מיט אַ ניי־געפונענעם פּיוט פון יהודה הלוי, וואָס הייסט „יצורים מעפר". ד"ר דב ירדן דערקלערט אין זיין אַריינפיר, אַז דער פּיוט געפינט זיך אין מאַנוסקריפּט אין דער ביבליאָטעק פון היברו יוניאָן קאָלעדזש אין סינסי־נעטי. ווען אַ נישט־פאַרעפנטלעכטער מאַנוסקריפּט וואָלט זיך פּלוצים אָפּגעזוכט ביי אַנדערע פעלקער, פון אַ פאַרגלייכלעכער פּאָעטישער פער־זענלעכקייט, וואָלטן אַלע נישט־יידישע זשורנאַלן געקלונגען מיט דעם געפינס. אָבער ביי אונדז גייט עס אָפּ גאַנץ שטיל און עס דערציילט זיך וועגן דעם גאַנץ רואיק, אין דעם באַקאַנטן העברעאישן חודש־זשורנאַל „בצרון", מיט באַלערנדיקע נאָטיצן פון אנטדעקער — ד"ר דב ירדן.

דער געפונענער פּיוט באַשטייט פון פינף פערזן, און די ערשטע אותיות פון יעדער פערז שטעלן צוזאַמען דעם נאָמען יהודה. יעדער פערז ענדיקט זיך מיט דעם אויסרוף — כי לא יצדק לפניך כל חי, מען קאָן זיך פאַר דעם רבונו של עולם קיינמאָל נישט רעכטפאַרטיקן. די באַשאַפענע פון שטויב שטעלן זיך צום משפט אין יום־הדין, אָבער וואָס קאָנען זיי דען זאָגן, ווען אַפילו לעבעדיקערהייט זענען זיי געגליכן צו טויטע, אָדער ווי זיי וואָלטן כסדר געווען פאַרדרימלט. די מענטשן־קינדער זענען נישט חשוב, אַז מען זאָל זיי גאָר שטעלן צום געטלעכן משפט, ווייל זיי זענען אַזוי גאָרנישטיק, אַז זיי זענען נישט ראוי מען זאָל גאָר ביי זיי פאָדערן אַ געטלעכן דין וחשבון.

דער טרויעריקער פּיוט ענדיקט זיך פונדעסטוועגן מיט אַ נאַציאָנאַלער וואָרענונג צו די צוררים אונדזערע און מיט אַ טרייסט צום יידישן פאָלק, אַז דער אויבערשטער וועט זיך אויף אים מרחם זיין.

דער אנטדעקטער פּיוט איז אינטערעסאַנט פון גאָר אַ סך שטאַנד־פונקטן. עס וואַרפט אַ ליכט אויף דער אומגעווייגלעכער נאָנטשאַפט צום תנ"ך פון דעם גרעסטן העברעאישן פּאָעט פון אַלע צייטן. נאָענט־שאַפט איז אפשר נישט דאָס ריכטיקע וואָרט, יהודה הלוי האָט זיך ממש נישט געקאָנט רירן אָן דעם תנ"ך; זיין וואָרט איז תמיד געווען דורכגעקנאָטן מיט דעם גאַנצן אויסשטעל פון אַלע געזאַנגיקע פסוקים אין

תנ״ך, די שטראָפֿערישע, די דערציילערישע און די טרייסטנדיקע. נישט אומזיסט האָבן אַפֿילו די קאַראַאימער אָנערקענט זיינע פּיוטים, ווייל זיי זענען געווען אַזוי אור־העברעאיש אין מקור.

אָבער דער עיקר וואַרפֿט דער געפֿונענער פּיוט אַביסל ליכט אויף דער יום־טובדיקער ליטורגישער ליטעראַטור. יהודה הלוי האָט געשריבן אַלערליי לידער, ווי יעדער „געזעצלעכער״ פּאָעט — הייסע ליבע־לידער, פריינד־לידער, בענקשאַפֿט־לידער, אָבער אים האָט אויך כסדר געצויגן צו רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע לידער. אין זיי האָט ער אַריינגעגאָסן זיין גאַנצן פּאַטאָס, דעם פּאָעטישן פֿלאַם זיינעם. יהודה הלויס ציון הלא תשאלי איז נאָך ביים היינטיקן טאָג איינע פֿון די שענסטע פּאָעמעס אין דער וועלט־ליטעראַטור. דאָס געזאַנג פֿאַרמאָגט אַן אינערלעכן ציטער און דער אָרקעסטראַלער טרויער גיט זיך איבער אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן, ווייל די ווערטער זענען שעפֿערישע, כאָטש זיי זענען פֿול מיט פֿאַרשידענע תנ״כישע אַלוזיעס.

ס׳איז נישט קלאָר ביזן היינטיקן טאָג, ווי אַזוי די פּאָעטישע ליטורגיע אונדזערע האָט זיך אַריינגעקראָגן אין מחזור. ס׳איז זייער מעגלעך אַז דאָס איז אַ רעזולטאַט פֿון דער קולטור פֿון נגידות. אַ נגיד אַ ייד פֿלעגט ליב האָבן צו באַצירן זיין אייגענעם מחזור־מאַנוסקריפּט מיט פֿאַרשידענע אילוסטראַציעס. דעם מחזור איז אים געוואָרן יום־טובדיקער, אייגענער און אינדיווידועלער. דערפֿאַר איז אפשר מעגלעך, אַז טייל נגידים האָבן פּאַטראָניזירט זייערע אייגענע פּאָעטן און זיי האָבן אין זייערע מחזורים אַריינגענומען אַ רעליגיעז ליד, וואָס האָט זיי צוגעטראָפֿן. מחמת דעם זעען מיר אַז דער פּאָעטישער געשמאַק איז נישט קיין אויסגעהאַלטענער אין דעם שפּעטערדיקן קאָלעקטיוון מחזור.

ווי אַזוי טייל פּאָעטן האָבן זיך יאָ אַריינגעגנבעט אין מחזור און אַנדערע זענען געבליבן אין דרויסן, איז זייער גרינג צו פֿאַרשטיין, אַפֿילו מיט אונדזערע אייגענע היינטצייטיקע דערפֿאַרונגען פֿון אַנטאָ־לאָגיעס, וואו טייל מזלדיקע האָזן כאַפּן זיך אַריין און צעלייגן זיך ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן, אַנדערע קריגן צוגעוואָרפֿן אַ זייטל, אַנדערע נעבעך בלייבן אינדרויסן און ווערן אינגאַנצן פֿאַרטיילט.

איך בין זיך משער, אַז אין יענע צייטן ווען דער מחזור איז צוזאַמענ־געשטעלט געוואָרן, האָט מען נישט אונטערזוכט די רעליגיעזע ציצית פֿון

אַ פּאָעט. אויב זיין ליד איז וואוילגעפעלן געוואָרן זיינעם אַ „מעצענאַט״, איז זיין פּיוט ארייגגענומען געוואָרן ווי אַ באַצירונג, ווי אַן אָטעם־אָפּכאַפּ צווישן די תפילות. אַ פּאָעט איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ שעפער פון רעליגיעזע שירים, און ס׳איז אפשר אַמאָל געווען אַ צייט וואָס נישט נאָר האָט ער, דער פּאָעט, געזוכט זיין שול־מיוחסדיקן פּאַטראָן, נאָר מען האָט דעם פּאָעט אפשר געזוכט, אַז ער זאָל שרייבן רעליגיעזע לידער אויף באַשטעלונג.

יהודה הלויס געפונענער פּיוט־מאַנוסקריפּט גיט אונדז א רמז אויף דער דאָזיקער באַשטעלונג־ליטעראַטור. ס׳איז ביי מיר קיין ספק נישט, אַז דער דאָזיקער מאַנוסקריפּט איז אַן אויסבראַקירטער. „יצורים מעפר״ פאַרמאָגט בלויז אַ קאַלט רעליגיעז פייער. יהודה הלוי האָט פאַר זיך אַליין, פאַר זיין אייגענער צופרידנשטעלונג, נישט געקאָנט שרייבן אַזאַ פּיוט, וואָס יעדער פּערז זאָל פּאַקטיש זיין אַ צוזאַמענשטעל פון באַקאַנטע פּסוקים מיט קנאַפּע פּאָעטישע וואַריאַציעס. שוין דער געדאַנק יצורים מעפר איז אין דער עלטסטער ביבלישער טראַדיציע. דער סוף־פּסוק — כי לא יצדק לפניך כל חי, דער רעפרעין, אַזוי צו זאָגן, פון דעם פּיוט, איז פּאַראַפראַזירט פון אַ פּסוק אין איוב — ומה יצדק אנוש עם אל.

דער געפונענער פּיוט איז דערפאַר אַ בלאַסער ביישפּיל פון רבי יהודה הלויס פלאַמיקער שעפערישקייט. ס׳איז אַ קראַנץ פון פּסוקים צוזאַמענגעפלאָכטן אין דעם דעמאָלטיקן אַראַביזירטן געגראַמטן משקל, וואָס יהודה הלוי אַליין האָט אים אין די שפּעטערדיקע יאָרן קריטיקירט, אַז ער איז פרעמד דעם גייסט און דער וואונדערלעכער נאַטירלעכער האַר־מאָניע פון העברעאיש.

דער אויפטו פון דעם פּיוט באַשטייט אין די ראשי־תיבות פון די אָנהויב אותיות פון יעדער פּערז, וואָס לייגען זיך צוזאַמען — יהודה און ווי דער מפרסם פון דעם פּיוט, ד״ר דב ירדן זאָגט אונדז, אין דעם וואָרט — מברח, וואָס מען טרעפט בלויז איינמאָל אין תנ״ך בלשון רבים. רבי יהודה הלוי האָט זיך באַנוצט מיט דער פּאָעטישער פרייהייט און געמאַכט דערפון אַ געזעצלעכן לשון יחיד. אין אבן שושנס „מלון חדש״ געפינען מיר טאַקע, אַז דאָס וואָרט מברח ווערט אָפּגעשיקט צום איינציקן מקור אין תנ״ך, צו יחזקאל י״ז, כ״א.

איז אַ חוץ דער ברכה, וואָס מען דאַרף מאַכן אויף דעם געפינס, ווייל יעדער געפונענע שורה פון אַ יהודה הלוי־שיר איז שוין אַ נאַציאָנאַלער אוצר, מעג מען אויך באַטראַכטן דעם אַנטדעקטן פיוט ווי אַ רעליגיעז ליד, וואָס איז מסתמא באַשטעלט געוואָרן אין יענער צייט, אין צוועלפטן יאָרהונדערט, ביים גרויסן פּאָעט און רעליגיעזן פילאָזאָף, און וואָס האָט ביים גבירישן באַשטעלער נישט נושא חן געווען. גיכער פון אַלץ לייגט זיך אויפן שכל, אַז דער מייסטער האָט עס אַליין אויסבראַקירט. ער האָט געהאַלטן אַז דאָס רעליגיעזע פייער האָט זיך נישט אָנגעצונדן און די פּסוקים זענען אַרויסגעקומען אָן סטימולירנדיקער שעפערישקייט. ער האָט דערפאַר דעם פיוט פאַרמשפּט צו גניזה, ביז ד״ר דב ירדן האָט אים פאַרעפנטלעכט אין אב־אלול־נומער „בצרון״ און אונדז געגעבן אַ שטיקל געלעגנהייט זיך צו חקירהן וועגן דעם אַמאָליקן העברעאישן פּאָעט, וואָס האָט געפונען זיין וועג צום מחזור, ענטוועדער ווייל ער איז געווען דער אַנערקענטער הויף־פּאָעט ביי אַ גרויסן גביר, אָדער ווייל זיין שם איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז גבירים זענען צו אים געקומען און זיך ביי אים געבעטן צו מאַכן די זאָגעוודיקע תפילות זינגעוודיקער און התלהבותדיקער אין די באַזונדערע מחזורים פון יענער צייט. היינטיקע צייטן האָט זיך די שול אָפּגעקערט פון אונדזער לעבעדיקער העברעאישער און יידישער פּאָעזיע. אַ גרויסע צאָל לידער פון לעבעדיקע יידישע פּאָעטן אויף אונדזערע ביידע לשונות, האָט סייווי, צווישן זיך, אין משך פון די לעצטע צוויי צענדליק יאָר, צוזאַמענגעשטעלט דעם מחזור פון אונדזער צייט, וואָס אויב ער איז נאָך נישט געסדרט געוואָרן, אָדער ער האָט נישט געקראָגן קיין אַריינטריט אין אַלטן מחזור, איז עס מסתמא די שולד פון אונדזער תקופה, וואָס האָט אַ סך בילכערע פּראָבלעמען.

עס זענען שוין יאָ פאַראַן אָפּנויגן אין געוויסע נייע מחזורים און סידורים, אָבער יענע לייט וועלן גיכער אַריינגעמען שורות פון אַ כינעזער אָדער אַ הינדו, איידער פון אַ יידישן אָדער מאָדערנעם העברעאישן פּאָעט.

1961

# אַ לאַטייניש ליד וועגן אייכמאַנען

אויב ס׳זענען געשריבן געוואָרן לידער וועגן דעם אשמדאי אייכמאַן אין יידיש אָדער העברעאיש, געדענק איך זיי נישט אין איצטיקן מאָמענט. כ׳בין זיך משער אַז דער פאַקט וואָס אַזעלכע לידער האָבן זיך נישט איינ־געקריצט ביי מיר אין זכרון, איז אַ סימן אַז קיין גרויסן רושם אויף יידישע פּאָעטן האָט אייכמאַנס אַרעסט נישט געמאַכט, ווייל די יידישע ליטעראַטור אויף אונדזערע ביידע לשונות האָט גענוג געקלאָגט אויף דעם אומקום פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום, און דער אייכמאַן־פּראָצעס איז בלויז געווען דער לעגאַלער זיגל אויף די חורבן־לידער. אָבער דערפאַר איז נישט לאַנג צוריק פאַרעפנטלעכט געוואָרן א לענגערע פּאָעמע, וואָס אַ ייד האָט געשריבן וועגן אייכמאַנען, אויף דעם קריסטלעכן העברעאיש — לאַטיין. די בעסטע לאַטיינישע לייענערס ביים היינטיקן טאָג זענען גלחים, און די אייכמאַן־פּאָעמע וועט זיכער בלייבן אַ וויכטיקער דאָקומענט.

פאַר מיר ליגט איצטער די פּאָעמע, אין צוויי איבערזעצונגען — אויף ענגליש און אויף דייטש. דער מחבר אַליין האָט געטריי איבערגעזעצט זיין לאַטייניש ליד אויף די צוויי לשונות. נישט נאָר טעמאַטיש, נאָר אפילו אין סענטימענט איז אַזאַ פּאָעמע זיכער קיינמאָל נישט דערשינען אויף דער שפּראַך פון דער קריסטלעכער ליטורגיע. אין דעם ליד דערמאָנט דער פּאָעט זיין רבין מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד, וואָס האָט אין אים איינגע־פלאַנצט גערעכטיקייט; ער טענהט זיך אויס מיט דער גאַנצער קריסט־לעכער וועלט, נישט נאָר מיט די אומברענגערס, נאָר אויך מיט די וואָס זענען געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט און נישט געראַטעוועט יידן, פאַר־שלאָסן אלע טויערן און צוריקגעשטויסן די אומגליקלעכע קרבנות צום רוצח.

אין דער פּאָעמע, געשריבן אין קופּלעטן פאָרם — נישט אין טעאַטראַלן זין, נאָר אין זין פון צוויי שורהדיקע, אויסדרוקספולע זאַצן — ווערן אויך שאַרף דערמאָנט די היפּאָקריטישע יורידישע יושרניקעס, וואָס האַלטן אין איין לייגן דעם טראָפּ אויף דער כלומרשטער אומגעזעצלעכקייט פון פּראָצעס.

אויך די קריסטן און קריסטלעכע יידן וואָס פאָדערן רחמנות אויף אייכמאַנען, ווייל נאָכאלעמען, זאָגט דער פּאָעט, זענען דאָך נישט זיי געווען

די קרבנות, נאָר מיר! זייער רחמנות־אָרקעסטער איז אויף אונדזער יידישן חשבון. זיי שטעלן־אויף זייער קריסטלעך אונדזער צווייטע באַק.

איך האָב דאָס ליד נישט געלייענט אין אָריגינאַל, און וואָלט איך עס געפּרואווט לייענען אין אָריגינאַל, וואָלטן מיינע מאָבילизירטע ידיעות אין לאַטיין נישט גענוג געווען אויף אָפּצושאַצן די קינסטלערישע קוואַליטעט פון ליד. פון די איבערזעצונגען איז צו זען, אַז ס'איז אַ דידאַקטיש ליד, אָבער געשריבן מיט אַ סך סאַטירישער קראַפט. אין לאַטיין מוז עס אַוודאי אָנשלאָגן גאָר פרישע טענער, ווייל ס'איז היינטצייטיקער, לעבעדיקער און צאַפּלדיקער מעטעריאַל.

דאָס לאַטיינישע אייכמאַן ליד איז א נוצלעכער בייטראַג, ווייל ס'קלאַפּט־אָן, מיטן הייליקן קריסטלעכן לשון, אין אַזעלכע טירן, וואָס ווען זיי וועלן זיך עפענען וועלן זיי ווערן איבעראַשט, וואָס דאָס לאַטיינישע לשון האָט פאַר זיי אויסגערייפט, אַזאַ צייטיקע פרוכט.

די אייכמאַן־פּאָעמע איז אַ סענסאַציע, געווי־קלט אין עטלעכע אַנדערע סענסאַציעס, וואָס יעדער פון זיי איז אַ פרישע איבעררעאַשונג פאַר זיך, און דערפאַר האָב איך אָנגעהויבן פונמיטן, כדי נישט איבערצופירן די איבער־ראַשונג. ווען מען זאָל אָנהויבן פון אָנהויב, וואָלט מען גלייך באַדאַרפט דערציילן, אַז דער מחבר פון דער פּאָעמע איז אַ ייד, אַ געוועזענער אַקטי־ווער רעוויזיאָניסט, וואָס איז ביים היינטיקן טאָג איינער פון די וויכטיקסטע לאַטייניסטן פון אונדזער צייט. זיין נאָמען איז ד״ר הערי שנור. ער איז פּראָפעסאָר פון לאַטיין און גריכיש אין אייאָנאַ קאָלעדזש, אין ניו ראָשעל, ניו־יאָרק. דאָס איז א שטרענג־קריסטלעכער אוניווערסיטעט, אָבער דער וואָרעמער ייד ד״ר שנור ווערט שטאַרק רעספּעקטירט פון זיינע קריסט־לעכע קאָלעגן, וואָס שיקן אים חנוכה־קאַרטלעך און ווייסן אַז אים קומען טאָפּלטע ימים־טובים, אי דער איירישער סעינט פּעטריקס דעי, אי אונדזערע ימים נוראים.

די אייכמאַן־פּאָעמע שטייט נישט פאַר זיך אַליין, נאָר איז אַ גרעסער ליד אין אַ גאַנץ בוך פון לאַטיינישע לידער, וואָס ד״ר שנור האָט נאָר־וואָס אַרויסגעגעבן. דאָס בוך הייסט — „פּעגאַזוס טאָלוטאַריוס״. פּעגאַזוס איז דאָס פּאָעטישע פערדל, און ד״ר שנור באַהערשט דאָס יאָג־פערדל ווען עס גאַלאָפּירט נישט, נאָר עס שפּאַנט גראַציעז אַביסל גיכער ווי מיט געוויינ־לעכע טריט.

ד״ר שנור איז איינער פון די וואָס אַרבעטן פאַר דעם רענעסאַנס פון לאַטיין. פאַראַן צווייערליי לאַטיינען, דער קריסטלעכער ריטואַל, וואָס לעבט־אויף פאַרעלטערטע טעקסטן און וואָס זיין גאַנצע צוגעגעבענע ליטעראַטור באַשטייט פון פּויפּסטלעכע פּייערלעכע דערקלערונגען. זייער זעלטן קומט־צו אַ נייע תפילה, וואָס ווערט אויך אַ טייל פון די הייליקע טעקסטן. דער קינסטלעריש־ליטעראַרישער טייל פון לאַטיין אין אונדזער צייט איז אָרעמער אין פאַרגלייך מיט די גענייאַלע לאַטיינישע פּאָעטן, ווען דאָס לשון האָט געבליט, איידער ס׳האָט אָנגעטרונקען אַזעלכע לשונות ווי איטאַליעניש, פראַנצויזיש, שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש. ס׳איז זייער שווער צו רעדן פון אַ לעבעדיקער לאַטיינישער ליטעראַטור. פון צייט צו צייט האָבן פּאָעטן פון אַנדערע לעבעדיקע לשונות געפּרואווט אַ גלאַנץ טאָן מיט אַ לאַטייניש ליד, געוויינלעך איז עס געווען אַ סאַטיריש ליד אָדער גאָר אַ פּאָרנאָגראַפיש ליד, וואָס דער פּאָעט האָט געוואָלט אַז דער טעקסט זאָל נישט ווערן צוגענגלעך. דער ענגלישער פּאָעט דזשאָן מילטאָן האָט נאָך געשריבן לאַטיינישע לידער, וואָס זענען גיכער אויסגעמוטשטע ערודיציע ווי פּאָעזיע.

אָבער ד״ר שנור געהערט צו די זעלטענע לאַטיינישע שרייבערס, וואָס דאַרפן זיך נישט אָנשטרענגען צו באַווייזן די קונץ פון שרייבן לאַטייניש. ער איז אַ נאַטירלעכער לאַטיניסט און ער שרייבט לעבעדיקע לידער אויף לאַטייניש. ער וויל דערמיט באַווייזן, אַז אויף לאַטייניש קאָן מען אויסדריקן הייַנטצייטיקע געדאַנקען. אין דער ענגלישער איבערזעצונג פון זיין אייכמאַן־ליד געפינען מיר אפילו פאָלקסטימלעכע אויסדרוקן, כמעט גאַסיקע, און כ׳פאַרשטיי אַז ד״ר שנור האָט פאַר זיי געפונען די ריכטיקע לאַטיינישע אידיאָמאַטישע ווערטער.

שטאַרק באַרימט איז ד״ר שנור געוואָרן אין דער קריסטלעך־לאַטיינישער וועלט דעם פאַרגאַנגענעם זומער, ווען ער האָט געוואונען די ערשטע פרעמיע פאר זיינס אַ לאַטייניש ליד, אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן לאַטיינישן פּאָעזיע־קאָנקורס, וואָס איז אַ יערלעכע געשעעניש אין האָלאַנד. דאָס איז אַ גאָר אַלטער טראַדיציאָנעלער קאָנטעסט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1845. געוויינלעך פלעגן די געווינערס זיין גלחים אָדער איטאַליענער. אין 1910 האָט אַן איטאַליענער פון אַמעריקע געקראָגן די אויסצייכענונג פאַר דעם בעסטן לאַטיינישן ליד. ד״ר שנור איז דער ערשטער ייִד, וואָס איז

געקרוינט געוואָרן פאַר דעם בעסטן לאַטיינישן פּאָעט פון יאָר אין דעם האָלענדישן אינטערנאַציאָנאַלן פּאַרמעסט.

דאָס האָט אים געגעבן אזויפיל פּרעסטיזש, אַז ער איז פאַרבעטן געוואָרן מיטצואַרבעטן אין דעם זשורנאַל „לאַטינאַס", וואָס ווערט ארויסגעגעבן אין וואטיקאַן. די פערטליאָר־שריפט איז אַ מין „ועד הלשון"־זשורנאַל — פאַר לאַטיין. דער זשורנאַל איז דער פּוסק־אחרון פאַר לאַטייניש, וואָס פּאסט זיך צו צו נייע באַדינגונגען, שאַפט נייע טעכנישע ווערטער און בכלל נייע לאַטיינישע אויסדרוקן.

ס'איז קלאָר, אַז דער קריסטלעכער העברעאיש וויל אַרויסקריכן פון זיין הייליקער הויט און ער מאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו ווערן א לעבעדיק לשון. אייגנטלעך האָט לאַטיין „העברעאישע" פּראָבלעמען מיט זיינע פאַרשידענע הברות. ביים היינטיקן טאָג ווייסט קיינער נישט וואָס איז געקומען פריער — אשכנזישער העברעאיש, אָדער ספרדישער. פאַראַן אשכנזיסטן וואָס האַלטן אַז דאָס איז דער אמתער יסוד פון העברעאישן אויסרייד. אין לאַטיין ווייסט מען אויך נישט אַקוראַט וואָס איז ריכטיקער — קיקעראָ צי ציצעראָ. אין פאַרשידענע אייראָפּעאישע אוניווערסיטעטן האָט מען פאַרשידן געלייענט לאַטייניש.

דאָס לאַטיינישע ליד וואָס האָט ד"ר שנורן געוואונען די ערשטע פּרעמיע פאַראיאָרן זומער, איז אַ הומאָריסטישע באַשרייבונג פון אַ רייזע אין נאָרוועגיע. ס'איז נישט באַזירט אויף מיטאָלאָגישע טעקסטן, נאָר אויף איינדרוקן און אימפּרעסיעס פון א היינטצייטיקן מענטש. ד"ר הערי ס. שנור פאַרגינט זיך אויך צו שרייבן פריי אַ לאַטייניש ליד וועגן א שומר אין מדינת ישראל, וואָס באַוואַכט דאָס לאַנד קעגן אַראַבישן אַריינדרינגלער.

דער לאַטיינישער דיכטער איז געבוירן געוואָרן אין בערלין. ער האָט שטודירט יוריספּרודענץ אין לייפּציקער אוניווערסיטעט. אין 1933 האָט ער זיך געראַטעוועט פון דייטשלאַנד קיין ענגלאַנד, וואו ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער ענגלישער ארמיי. מיט אַ פופצן יאָר צוריק איז ער געקומען קיין אַמעריקע און ביזן היינטיקן טאָג האָט ער געשריבן הונדערטער לידער אין זיבן שפּראַכן, צווישן זיי אויך אין אלט־גריכיש, אָבער דעם אמתן שם האָט ער זיך דערוואָרבן ווי אַ לאַטיינישער פּאָעט, וואָס איז אקטיוו אין דער אויפלעבונג פון אַ קלאַסיש לשון, וואָס ווערט וואָס מער אַלץ וואָכעדיקער און לעבעדיקער.

אין אונדזער צייט, אין משך פֿון לעצטן האַלבן יאָרהונדערט, זענען נישט אונטערגעגאַנגען קיין לשונות, פֿאַרקערט — לשונות ווערן אויפֿגעלעבט. ס'איז אינטערעסאַנט וואָס פּראָפֿעסאָר שנור זאָגט וועגן לאַטיין — און וואָס ער זאָגט מעגן זיך געוויסע ציניִשע באַקלאָגערס און באַגראָבערס פֿון ייִדיש גוט נעמען אינזינען אַריין:

„מ'קאָן נישט זאָגן אויף אַ שפּראַך אַז זי איז טויט, אויב מענטשן פֿאַרשטענדיקן זיך אויף איר, שרייבן אין דעם לשון אָריגינעלע פּאָעזיע, אויסדריקנדיק זייערע געפֿילן און דערפֿאַרונגען".

„זעצט" עס אדרבא איבער אויף ייִדיש — און מיר וועלן זען, צי איז עס נישט די שענדלעכסטע באַליידיקונג צו רופֿן ייִדיש אַ טויטע אָדער אַ שטאַרבנדיקע שפּראַך. מהאי טעמא פֿאַרטיידיקט פּראָפֿעסאָר שנור לאַטייניש און ער זאָגט, אַז ס'איז אַ לעבעדיק לשון. ס'איז געווען דאָס אינטערנאַציאָנאַלע לשון פֿון די געבילדעטע קלאַסן במשך פֿון צוואָנציק יאָרהונדערטער. ס'איז דאָס לשון וואָס פֿאַרבינדט די קאָטוילישע קירכע איבער דער גאַנצער וועלט. ווען אַ בישאָף פֿון בראַזיל וויל זיך דורכשרייבן מיט אַ בישאָף אין קאָנגאָ, קאָרעספּאָנדירן זיי אויף לאטיין. לאַטיין איז אַ פֿאָנעטיש לשון און מען דאַרף זיך נישט ברעכן דעם קאָפּ מיט אויסלייגעכץ. מען שרייבט ווי מען רעדט. ס'איז א קלאָר לשון, מ'קאָן נישט פֿאַרדרייען דעם קאָפּ מיט מליצהדיקע פֿראַזן וואָס מיינען גאָרנישט.

אַזוי רעדט אַן אויפֿלעבער פֿון א קלאַסישער שפּראַך. ווידעראַמאָל לוינט זיך „איבערצוזעצן" זיינע רייד און זיי האַלטן צווישן אונדז פֿאַר די אויגן. וואו איז נאָך דאָ אַזאַ קלאָר, לעבעדיק און וועלט־פֿאַרבינדנדיק לשון ווי ייִדיש, און דאָך וויל מען נעמען אַזאַ שטיק לעבעדיקע ציווילי־זאַציע און עס במזיד אומברענגען. מיר איז בפּירוש געפֿעלן חיים ליבערמאַנס כאַראַקטעריזאַציע — ייִדיש־מערדערס. ווען מען באַציט זיך אַזוי צו א לעבעדיק לשון, איז עס בפּירוש מאָרד און עס ווערט געדעקט מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלן קרימינעלן אויסדרוק — גענאָסיד.

אָבער מיר האַלטן ביי פּראָפֿעסאָר שנורס לאַטיינישע לידער, און דער עיקר ביי זיין פּאָעמע וועגן אייכמאַנען, וואָס וועט זיכער נישט פֿאַר־פֿעלן צו מאכן אַ רושם אויף די געקליבענע לייענערס פֿון לאַטיינישע לידער, וואָס וועלן ווערן איבעראַשט פֿון דער אומהיימלעכער טעמע, געשריבן

**אויפֿן לשון פֿון קאַטולוס, אָוויד, פּעטראָניוס. שנורס פֿאַרדינסט באַשטייט אין דעם וואָס ער, שפּירנדיק זיך ווי א בן־בית אין לאַטייניש, פּירט זיך אויף ווי א פּולער ייד, וואָס באַהאַלט נישט זיין געשטאַלט, נאָר פֿאַרקערט, ווייל ער איז באַלעבאָס איבערן לאַטיינישן לשון פּראַלט ער אויף די טויערן פֿון לאַטייניש פֿאַר יידישע טעמעס, פֿאַרן אייכמאַן־משפּט, פֿאַרן שומר פֿון גליל און אפילו פֿאַר איבערזעצונגען פֿון היינעס לידער.**

**ס׳מוז קלינגען אויף לאַטייניש זייער און זייער שאַרף און מאָנענדיק, ווען דער רעוויזיאָניסט ד״ר שנור זעצט אויך אָוועק אויף דער באַשולדי־קונג־באַנק די ענגלישע מלוכה:**

אָט איז שוין דער גרעסטער טייל פֿון מיין לעבן אריבער
אָן עדות בין איך געווען
און זיכער — אומפֿאַרדינט — אויך
אַ גוראַטעוועטער.
איך האָב געטאָן וואָס איך האָב געקאָנט,
איך האָב פֿרייוויליק דורכגעטראָגן א זעלנערס פֿליכט
קעגן שונא.
איך האָב זיך אויך געשטעלט אַנטקעגן
אונדזער פֿאַלשן פֿריינט.
דו אויך ביסט טיילווייז
דעם פֿייניקערס ארויסהעלפֿער.
אוודאי האָסטו אַליין נישט געשניטן קיין גאָרגלען,
אָדער פֿאַרצויגן דעם שטריק.
נישט מיט דיינע אייגענע הענט
האָסטו געבויט די קרעמאַטאָריעס.
אָבער דו האָסט פֿאַר אברהמס קינדער
פֿאַרשפּאַרט דאָס לאַנד כנען.
מיט דיינע שווידער־מעשים
האָסטו אומגעבראַכט
די גלות־רעשטלעך.
צוריקגעטריבן האָסטו די שעפֿסן
צום שעכט־הויז.

יאָ, אויך דער איז שולדיק
וואָס קאָן העלפֿן,
אָבער ער פֿאַרשטיינערט זיין האַרץ.

דאָס לאַטיינישע בוך לידער איז דערשינען אין בעלגיע. ס׳וועט זיכער, ווי זאָגט פּראָפֿעסאָר שנור, נישט זיין צווישן די בעסט־פֿאַרקויפֿטע ביכער, אָבער ס׳וועט דערגיין צו קירכלעכע קרייזן, און אַזעלכע שורות וועגן מיט־שולד און פֿאַרשטיינערטע הערצער וועלן זיך לייענען, מיט אַ באַזונדערן אינטערעס, אין דער הייליקער שפּראַך פֿון דער קאַטוילישער קירכע, וואו דער וואַטיקאַן האָט אין יענע אימהדיקע יאָרן אויך פֿאַרפֿעלט צו טאָן זיין פֿליכט. אמת, מען האָט דאָרט געראַטעוועט אַ קליינע צאָל יידישע גופֿים און עטלעכע „נשמות״, אָבער די פּאַסיוויטעט פֿון וואַטיקאַן האָט גורם געווען, אַז די קאַטוילישע קירכע אין פּוילן זאָל קאָנען צוזען די הילף וואָס פּאָליאַקן האָבן געגעבן דעם מערדערלעכן אָקופּאַנט אין דער פֿאַרטיליקונג פֿון פּוילישן יידנטום. דער וואַטיקאַן האָט נישט געוואָרנט און נישט אַלאַרמירט און די פּוילישע גלחים זענען געווען די מיטשולדיקע, וואָס האָבן פֿאַרשטיינערט זייערע הערצער.

1962

## סאָוועטיש היימלאַנד

וואָס איז דער שענסטער און נוצלעכסטער אויפֿטו אין דעם ערשטן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד״, וואָס ליגט איצטער פֿאַר מיר בעת איך שרייב די דאָזיקע שורות? די קינסטלעריש־געצייכנטע, געשריבענע קעפּלעך איבער די לידער און דערציילונגען פֿון די מייַנסטע באַטייליקטע שרייבערס. די געשריבענע אותיות זענען אויסגעשפּילט און אויספּאַנטאַזירט מיט ליבשאַפֿט צו יעדן אות, מיט זעלטענע וואַריאַציעס און דאָך מיט קלאָר־קייט, סיי ווען דער אות ווערט געשטעלט באַזונדער, אָדער ווען ער ווערט

צוזאַמענגעפּלאָכטן מיט אַנדערע אותיות, פּאַרצוקט, ווי מען פּלעגט עס רופן אַמאָל אין חדר.

דער קינסטלער אָדער די קינסטלערס, וואָס האָבן מיט אַזאַ געטריי־שאַפט צום ייִדישן אות צוריקגעבראַכט די שיינקייט פון אונדזער כתב, ווערן נישט אָנגעגעבן. זייערע נעמען ווערן נישט דערמאָנט אין אינהאַלט און דאָס איז אַ גרויסער שאָד, ווייל זייערע געכתיבהטע אותיות וועלן זיכער גוט אויסגענוצט ווערן אויף צו לערנען שרייבן ייִדיש, אין אַ לאַנד וואו ס׳איז שוין מסתמא מער נישטאָ קיין שפּור פון ייִדישע לערן־ביכער.

כ׳האָב זיך געגומען די מי און אויסגעציילט פון די געשריבענע אותיות־וואַריאַציעס כמעט דעם גאַנצן אלף־בית. כ׳זאָג כמעט, ווייל ס׳פעלן בלויז דער סוף צדיק און די צוויי העברעאישע אותיות „ח״ און „ת״. ס׳איז נישט אמת, ווי מ׳האָט געלייענט אין פאַרשידענע זשורנאַלן, אַז די סאָוויעטישע שרייבערס האָבן אויפגעגעבן די ייִדישע פאָנעטיזירונג פון העברעאישע ווערטער. זיי האָבן בלויז געמאַכט אַ קליינעם קאָמפּראָמיס און צוריק־געבראַכט די לאַנגע „כאָף״, די שלאָס־מעם, לאַנגע נון, די סוף „פ״ און „צ״. באַנוצנדיק זיך מיט דעם ייִדישן אויסלייג פון העברעאישע ווערטער, זענען די אותיות „ח״ און „ת״ געוואָרן איבעריק. אפילו דער אמת באַגייט זיך אָן אַ „ת״, אַזוי אַז מ׳קאָן מער־ווייניקער לערנען קינדער שרייבן ייִדיש פון די קינסטלערישע, געשריבענע אילוסטראַציע־קעפּלעך, און די דאָזיקע אַרבעט דאַרף באַגריסט ווערן.

כ׳האָב זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף די דאָזיקע געצייכנטע קעפּלעך, ווייל די וויזועל־אַרומגעכאַפּטע פרייד מיט אַ ייִדישן אות מוז אַרויסרופן וואַרעמע געפילן ביי יעדער ייִד, וואָס פאַרטיפט זיך אין דעם תחית־המתים פון די געשאָכטענע ייִדישע אותיות, נאָך אַזאַ לאַנגער פאַרשטומונג. אין די האַנט־שרייבונגען, נאָך מער ווי אין דעם צוזאַמענגעשטעלטן אַלער־לייאיקן, שיינעם, געדרוקטן שריפט פון סאָוויעטישן זשורנאַל, זעט מען דעם אויסגעבענקטן צוריקקום צום געשטאַלט פון ייִדישן וואָרט, צו זיין מיט־גוואַלט־אָפּגעמעקטן פורעם.

מען דאַרף ביי זיך קודם כל אָפּמאַכן, אַז מען האָט איבער דער גאַנצער וועלט געפאָדערט צוריקצובערענגען די ייִדישע אותיות אין סאָוויעט־רוס־לאַנד און מען האָט געוואוסט אין פאָראויס, אַז די אותיות וועלן נישט רעדן צו אונדז אַקוראַט, ווי מיר וואָלטן געוואָלט אַז זיי זאָלן ענטפערן אויף אונדזער

באַגריס. מיר האָבן נישט דיקטירט און נישט געקאָנט דיקטירן קיין באַדינ־גונגען, מ׳קאָן נישט שלאָגן מיט צוויי בייטשן, שטאַרק פאָדערן אַ יידיש וואָרט אין סאָוויעט־רוסלאַנד און שטאַרק קרומען מיט דער נאָז, ווען אַזאַ זשורנאַל דעשיינט און צוגיין צו אים מיט מאָסן, וואָס קאָנען בשום אופן נישט אָנגעווענדעט ווערן אויף אַ יידישן זשורנאַל אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָט מען געטענהט, אַז יידן ווילן מער נישט האָבן קיין יידיש, אָבער מען האָט דאָרט געמוזט צוגעבן, אַז יידן איבער דער וועלט ווילן יאָ האָבן אַ יידישן זשורנאַל אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אויב מ׳זאָל דעם זשורנאַל באַגעגענען מיט שנאה און קעגנערשאַפט, וועט מען דאָרט גלייך זיך אָנכאַפּן אין דעם און זאָגן, אַז קיינער דאַרף דעם זשורנאַל נישט האָבן און די יידישע אותיות וועלן ווידער דערוואָרגן ווערן. מיר מוזן דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד״ וועלן, אויב מיר האָבן אים אויסגע־פּועלט, וויסנדיק גאַנץ גוט וואָס מיר וועלן קריגן.

און ווען מען גייט־צו מיט גוטן ווילן, מיט נאַציאָנאַלער יידישער וואַרעמקייט, מיט האָפענונג און מיט פאַרשטענדעניש צום קלימאַט, וואָס אין אים ווערט אַזאַ זשורנאַל אַרויסגעגעבן, און אפילו מיט ברודערשאַפט צו אַ סך פון די באַטייליקטע יידישע שרייבערס, וואָס האָבן נאָך אַזויפיל יאָרן פון שרייבן פאַרן שופלאַד געקאָנט פאַרעפנטלעכן אַ יידיש וואָרט אין אַ סאָוויעטישן יידישן זשרנאַל, מוז מען אויפנעמען „סאָוועטיש היימלאַנד״ ווי אַ גרויס געשעעניש. ווער וויסט וואָס שרייבערס שווייגן־איין אין זייערע רייד, אין די אַלע אויסגעדריקטע און פאַרעפנטלעכטע שאפונגען, וואָס גיבן זיי דעם נחת־רוח פון אויסלעבן זיך כאָטש אויסערלעך אויף יידיש, מיט דער האָפענונג אַז אויך דאָס אינערלעכע וועט זיך מיט דער צייט אַרויס־באַפרייען. זיי שפּילן־אויס די איבונגען, כדי זיי זאָלן טעכניש נישט פאַר־גליווערט ווערן.

אָבער לאָמיר געבן פּשוטע אינפאָרמאַציע. „סאָוועטיש היימלאַנד״ ווערט באַצייכנט ווי אַ „צוויי־חדשימדיקער ליטעראַריש־קינסטלערישער זשורנאַל, אַן אָרגאַן פון שרייבער־פאַרבאַנד פון פ.ס.ס.ר.״. דער יולי־אויגוסט־נומער איז נומער איינס און איז דערשינען אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַ־טעל״, אין מאָסקווע. ער איז דערמיט אַ טייל פון דער אלפעלקערלעכער סאָוויעטישער ליטעראַטור. ער האָט פולע מלוכה־אָנערקענונג, נישט נאָר מלוכה־טאָלעראַנץ. הויפּט־רעדאַקטאָר איז א. ווערגעליס. ער האָט צו זיך

אויך אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע וואָס באַשטייט פֿון אַכט שרייבערס. וועגן ווערגעליסן האָט מען שוין א סך געשריבן און אַלע ווייסן שוין, אַז ער האָט מסתמא ספּעציעלע פֿאַרדינסטן, וואָס דווקא אים האָט מען איבערגעגעבן די רעדאַקציע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד". מען ווייסט אָבער נישט אַקוראַט אין וואָס זיינע פֿאַרדינסטן דריקן זיך אויס און מען דאַרף אפשר נישט, ביי דער איצטיקער געלעגנהייט, פּרואוון אַנאַליזירן, גריבלען און דערגיין פֿאַר וואָסערע מעשים טובים דער יונגער ביראָ־בידזשאַניש־דערצויגענער אהרון ווערגעליס איז אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין דער הויפּט־רעדאַקטאָר.

אין דעם זשורנאַל, וואָס האַלט מיט דער הילע 130 זייטן, באַטייליקן זיך אַ דרייסיק שרייבערס מיט לידער, דערציילונגען, מיניאַטורן, פֿאַרצייכע־נונגען, קריטיק און ליטעראַרישע נאָטיצן. אגב ווערט אין דעם זשורנאַל אויפגעלעבט דער סאָוויעטישער זשאַנער פֿון פֿאַרצייכענונגען, וואָס זענען געווײנלעך נישט־געראָטענע, אָדער נישט־געוואָרענע דערציילונגען. דער יולי־אויגוסט־נומער שליסט זיך מיט אַ צעטל פֿון אַ הונדערט מיטאַרבעטער, וואָס וועלן „רעגולער אָנטיילנעמען" אין די וויטערדיקע נומערן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד". די מייסטע נעמען זענען אומבאַ־קאַנט, און ס'איז אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט וואָס, נישט געקוקט אויף דעם גזר אויף יידישע שרייבערס, זענען דאָך צוגעקומען נייע נעמען, וואָס האָבן זיך דערוואַרט אויף אַ ישועה, בעת זיי האָבן האָפֿע־נונגסלאָז געשריבן פֿאַר זיך. די דאַטעס אונטער די לידער און דערציי־לונגען זענען פֿון 1960 און 1961, משמעות אַז די צוגרייטונגען צום זשורנאַל האָבן שוין סטימולירט סאָוויעטישע שופלאַד־שרייבערס צו שאַפֿן פרישע זאַכן פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט.

און מיר האָבן אין ערשטן נומער „פרישע", אומגעדולדיקע זאַכן — גאַגאַרינס פלי, קאָנגאָס מערכה, וועגן קובאַ און אַנדערע פּאָליטישע שאַפונגען. אָבער למען האמת מוז מען זאָגן, אַז די פּראָפּאָרציע פֿון די דאָזיקע מוז־זאַכן איז אַן אומגעריכט קליינע. דער זשורנאַל הויבט זיך אָן מיט אַ דערקלערונג „די ליכטיקע צוקונפט פֿון דער מענטשהייט"; אויך א פרישע זאַך, אַרויסגענומען פֿונעם „פּראָיעקט פֿון דעם פּראָגראַם פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿונעם סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד" וועגן דעם גאַנג צו דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון פּרינציפּ — „פֿון יעדן — לויט די פֿעאיקייטן, יעדן — לויט די באַדערפֿענישן"; דער איבערגאַנג פֿון

סאָציאַליזם צו דעם נאָך אַלץ אוטאָפּיסטישן און נישט־דערגרייכטן קאָמוניזם, וואָס דאַרף זיין אונטערוועגנס און אָנקומען אין צוואַנציק יאָר אַרום.

נאָכדעם לייענען מיר אַ ווענדונג צום לייענער און עס ווערט אים פארזיכערט אַז „סאָוועטיש היימלאנד" וועט — „ברייט און אלזייטיק באַלויכטן דאָס לעבן פונעם סאָוויעטישן פאָלק". נישט מער ווי צוויי מאָל ווערט אין דער דערקלערונג ציטירט כאַווער נ. ס. כרושטשאָוו.

אין דער פאָרזיכטיק־געשריבענער רעדאַקציאָנעלער דערקלערונג ווערט באטאָנט, אַז — „דאָס קול פון די יידישע סאָוועטישע שרייבערס וועט קלינגען אין דעם מעכטיקן כאָר פון די ברידערלעכע ליטעראַטורן". עס ווערט אויך אונטערגעשטראָכן, אַז די קריטיק וועט — „ווידמען אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט דעם נייעם דור שרייבער, וואָס איז איצט טעטיק אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור". דאָס וואָרט טעטיק איז נישט אינגאַנצן קלאָר, אָבער מען מעג עס פאַרשטיין, אַז דורך די יאָרן פון דעם פאַרבאָט אויף יידיש און יידישע שאַפונגען איז פאָרט אויסגעוואָקסן אַ יונגער סאָוויעטישער יידישער שרייבער, וואָס דאָס אַליין דאַרף באַטראַכט ווערן פאַר אַ נס. פון וועמען און ביי וועמען האָבן זיך די יידישע שרייבערס שטילערהייט געלערנט? וואָס האָבן זיי געליינט און וואו האָבן זיי געהאַט אַ צוטריט צו אַ יידיש בוך?

עס ווייזט־אויס פונדעסטוועגן, אַז די צאָל פון אַזעלכע אמת־יונגע שרייבערס איז נישט גרויס. דער עיקר גייט עס אין „אַקטיווע אָנטייל־נעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מלחמה", וואָס זענען רייף געוואָרן. אָט דער פאַטריאָטישער פאַספאָרט ווערט צוגעגעבן אין אַ צאָל ביאָגראַפיעס וואָס באגלייטן, צוזאַמען מיט זייערע בילדער, די שאַפונגען פון די באטייליקטע אין ערשטן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד". גאַנצע עלף האָבן אַזעלכע פאַספאָרטן.

ס'איז נישט שייך צו שרייבן קיין קריטיק איבער די פאַרעפנטלעכטע זאַכן אין ערשטן נומער. ס'וועט זיין גענוג צו זאָגן, אַז קיין מייסטער־ווערק זענען נאָך אין ערשטן נומער נישטאָ, אָבער טאַלאַנטפולע זאַכן בפירוש יאָ. דער עיקר צווישן די לידער, וואָס האָבן דעם אַראָמאַט און, אויב איר ווילט, די מוזיק פון דער סאָוויעטיש־יידישער ליטעראַטור, איר

אַנגענעמע און ארויסרופנדיקע פרעמדקייט, וואָס גיט־צו אַן אייגנאַרטיקן חן צו דער יידישער וועלט־ליטעראַטור.

דער נומער הויבט זיך אָן מיט קליינע „פאַרצייכענונגען" פון יחיאל שרייבמאַן, וואָס וואוינט אין קעשענעוו. נאָך אים קומט משה טייף, וואָס איז שוין אַ מאָסקווער, מיט אַ לענגערער פּאָעמע — „דאָס געזאַנג וועגן ברידער". די פּאָעמע באַזינגט די צוויי בחורים פּייוול און יעגאָר, דעם ייד און קריסט, וואָס האָבן ביידע אַוועקגעגעבן זייערע לעבנס אין אַ העלדישן ברידער־קאַמף צו ראַטעווען אַ גאַנצע שטאָט פון די נאַציס. אין דער פּאָעמע זענען פאַראַן זעלטן־שיינע שטעלן, גאַנצע פּערזן, געשריבן מיט אַ סך פּאָעטישער געניטשאַפט. די פּאָעמע איז אויך כאַראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס די יידישקייט רייסט זיך אַרויס דורך אַ סך ריטועלע אויסדרוקן און אַ צאָל פיינע פאַרוואָרצלטע העברעאיזמען. מיר טרעפן אַזעלכע אויסדרוקן ווי גזר, יפת־תואר (פאַרשטייט זיך אויסגעלייגט אויף יידיש), אַפילו אל־מלא, בית־דין, מזל טוב, אַ מנין, גומל בענטשן; אַן אָנדייט אויף ישעיהס חזיון — „אַ וואָלף מיט א שעפּס און אַ קינד אין דער מיט"; און ס'קרעכצט זיך אַפילו אַרויס אַ — „מיין גאָט".

כ'האָב זיך באוואָרנט אַז כ'וועל נישט שרייבן קיין קריטיק, אָבער אין משה טייפס פּאָעמע ליגט פאַרבאָרגן דער נישט־אויסגעלאָשענער פייער פון יידישן לשון, וואָס איז גרייט צו געבן א באַהילפיקע האנט יעדן ערלעכן יידישן שרייבער. וועל איך כאָטש דערפאַר ברענגען עטלעכע שורות פון משה טייפס פּאָעמע:

ווייזט אויס נישט אומזיסט האָט מיט קרוינען אַ שטראָל
דערשראָקן צעקוושט זיך איין מאָל נאָר,
און ס'האָט זיך גערדאַכט, אַז אַ פידל אין וואַלד
קלאָגט אויס פון זיין האַרץ אַן אל־מלא.
נאָר שפּעט ביידערנאַכט, ווען די שטאָט האָט גערוט,
ווען אַ ליד האָט גענומען מיך קלעמען,
דערהער איך:
אַ מעשהלע קלאַפּט, אין מיין פענצטערל קלאַפּט,
ווייזט אויס, שוין דער סוף פון פּאָעמע.

— — — — — — — — — — — — —

אויף אייביק וועט בלייבן געלויבט און געבענטשט
דער מענטש, וועלכער שטאַרבט פאַר זיין ברודער דעם מענטש,
און ס׳גייט די פּראָצעסיע פון לאַנד צו לאַנד,
דער זקן — פאַרויס, ווי א וועגווייזער שפּאַנט
און גלייך הינטער אים, בלויז אויף עטלעכע טריט,
גייט אַ וואָלף מיט אַ שעפּס און אַ קינד אין דערמיט.

וועל איך ווייטער דערמאָנען נעמען און ווערק: טעוויע גען, אַ מאָסקווער איינוואוינער, מיט אַ לאַנגער טאָג־בוך־דערציילונג, וואָס באַרייכערט יידיש מיט אַ סך טעכנישע אויסדרוקן; אַן איבערזעצונג, אַ ליד „סיביר״ פון אַלעקסאַנדער טוואַרדאָווסקי, צוויי צייכענונגען פון באַריס פּראַראָקאָוו, אַן איבערגעזעצט ליד פון אלעקסאנדער פּראָקאָפיעוו; אַ פאַרצייכענונג פון דער דיכטערין ליובא וואַסערמאַן, וואָס איז, ווי אַ זיבעצן־יאָריק מיידל, געווען אין ירושלים, און זייט 1932 וואוינט זי שוין אין בירא־בידזשאַן; אַ ליד פון אַ קיעווער דיכטער שלמה טשערניוווסקי; אַ ציקל לידער פון שמואל האַלקין, וואָס ער האָט פאַרענדיקט אין די לעצטע טעג פון זיין דערשלאָגן לעבן; אַ סעריע לידער וועגן טאָלסטאָיען, פון דעם גראַטעוועטן דיכטער יעקב שטערנבערג. שטערנבערג איז שוין אלט 71 יאָר. ער איז געבוירן געוואָרן אין ליפּקאַן, בעסאַראַביע, אָבער איצטער וואוינט ער אין מאָסקווע.

דער דיכטער מאָטל גרוביאַן וואוינט אין מאָסקווע. ער פאַרעפנטלעכט עטלעכע לידער און אין איין ליד זינגט ער וועגן קובאַ און ער ווייסט אַז — „ס׳וועט פידעל (קאַסטראָ) זיך נישט צעברעכן, ווייל דאָס פאָלק איז איצט אַ שוץ אים״. ער זינגט אויך אַ ליד וועגן קאָנגאָ:

קאָנגאָ! דיך שלאָגט מען מיט קייטן איבערן פּנים,
דיך טוט מען אָן שלעסער אויף די הענט,
אין הויכן הימל הענגט אַ בלוטיקע לבנה,
און רויט איז איצט דער שוואַרצער קאָנטינענט.

אַ דערציילונג „דזשאמיליאַ״, איבערגעזעצט פון אַ יונגן קירגיזישן שרייבער טשינגיז מייטמאַטאָוו; אַ פאָלקסטימלעך ליד — „וואָס אין פידעלע שטעקט״, פון שלמה רויטמאַן. ער שרייבט יידישע לידער, כאָטש

ער וואוינט אין יאָשקאַר־אָלאָ (מאַריאישע אויטאָנאָמע געגנט). אגב האָט ער אַן אינטערעסאַנטן גראַם —

צווישן כלה־באַזעצנס — אַ ווײַנענדיקס
און אַ פרײלעכס, אַ וויוואַט, אַ לידעלע —
פון די בערדיקע זיידעס ביז די אייניקעס
שטעקן מיר אַלע אין פידעלע.

דאָס ליד פאַרמאָגט נאָך אַן אינטערעסאַנטן פערז וועגן פידעלע —

מיט זײַן לײַב, אַזאַ רויטס און זוניקס,
אַזאַ קרעפטיקס און בראַכיק־צאַרטס,
און מיט הילכיקע אָדערלעך־סטרונעס
דערמאָנט עס אַ מענטשלעך האַרץ.

זיאַמע טעלעסין וואוינט אין מאָסקווע. זײַן צושטייער צום זשורנאַל איז אויך אַן אָריגינעל ליד וועגן „די סלאַווישע ווערטער אין יידישן לשון" — „איך פיל זייער קרעפטיקן טעם אויפן גומען". אַ דיכטערין, ריווע באַליאַסנע, וואָס וואוינט אין קיעוו, האָט אַ קורץ ליד. אַ יונגער מינסקער דיכטער, הירש רעלעס, איז פאַרטראָטן מיט צוויי לידער; אַ קיעווער דיכטערין, דאָרע כייקין, האָט אַ ליד מיט גוטע שורות וועגן לומומבאָס אלמנה, וואָס האָט געשפּאַנט אין טרויער מיט אַנטבלויזטע בריסט. אַ ליד פון אַ יונגן דיכטער דוד בראָמבערג. ער וואוינט אין מאָסקווע און ער האָט שוין, אַן אומגעדולדיקער, אַריינגעכאַפּט אַ ליד אַזאַ וועגן יורי גאַגאַרין.

קורצע דערציילונגען פון יוסף ראַבין, וואָס וואוינט אין מאָסקווע; אַ ליד פון טשערנאָוויצער דיכטער יאָסל לערנער. ער וויל פאַרגעסן, יאָסל לערנער, די קברים און די „היימען אין רואינען" —

העד שוין אויף צו וויינען! שוין גענוג צו קלאָגן!
ניין און ניינציק חנען האָבן די פאַרטאָגן.

מאָטל סאַקציער, אַ קעשענעווער, איז דאָ מיט דריי לידער. מיר געפעלט אַן „אינזשיניערישער" פערז —

די הייבקראַנען ווי בראשית־חיות אין געוויג,
די העלדזער שטאָלענע צו אים געבויגן.
דאָס הייסט: ס׳וועט הענגען הויך אַ בריק,
ווי פֿרילינג איבער טייך אַ רעגנבויגן.

פּייסי יאַנאָווסקי איז אַ זשורנאַליסט אין פּערם. דאָס איז אַן אינטערעסאַנטע שטאָט, ווייל ביז 1940 האָט די שטאָט טאַקע געהייסן פּערם, אָבער נאָך 1940 האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן מאָלאָטאָוו. איצטער, נעבעך, הייסט זי שוין צוריק פּערם. אַ גלגול פֿון אַ נאָמען. פּייסי יאַנאָווסקיס צושטייער איז אַ ליד וואָס הייסט — „אויפֿן צפֿון". מאָטל גראָוומאַן איז סך־הכל אַלט 45 יאָר. ער האָט געדינט ווי אַ פּאָדפּאָלקאָווניק אין דער סאָוויעטישער אַרמיי. ער וואוינט אין נאָוואָגראָד און דאָרט שרייבט זיך אויך ייִדיש. ער האָט צוגעשיקט אַ ליד וועגן לענינגראַד, וואָס ענדיקט זיך מיט לענינען און — קאָמוניזם. די לעצטע לידער אין „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט מאיר כאַראַץ, אַ בעסאַראַבער, וואָס וואוינט אין טשערנאָוויץ.

דער נומער פֿאַרענדיקט זיך מיט פּראָזע. עצות צו דער סאָוויעטישער יוגנט, פֿון דעם 84־יאָריקן ז. ווענדראָף, וואָס וואוינט אין מאָסקווע. אברהם גאָנטאַר, אויך אַ מאָסקוווער שרייבער, פֿאַרעפֿנטלעכט זכרונות פֿון יאָר 1941 און באַשרייבט „אַ געוויינלעכע משפּחה"; אַן אַרטיקל צום 150־טן געבוירנטאָג פֿון דעם באַרימטן רוסישן קריטיקער בעלינסקי, פֿון ה. רעמעניק. רעמעניק פֿאַרזיכערט אונדז, אַז — „מען וואָלט געקאָנט ברענגען אָן אַ שיעור ציטאַטן פֿון ייִדישע שרייבער און קריטיקער, וואָס באַווייזן ווי גרויס ס׳איז געווען בעלינסקיס אידעישע ווירקונג אויף דער ייִדישער דעמאָקראַטישער ליטעראַטור". אַ שאָד וואָס רעמעניק ברענגט נישט די „אָן אַ שיעור ציטאַטן". רעמעניק זאָגט ווייטער, אַז „דאָס פּראָבלעם פֿון ׳קליינעם מענטשעלע׳ פֿון די אונטערדריקטע און באַליידיקטע, וואָס בעלינסקי האָט געשטעלט פֿאַר דער רוסישער ליטעראַטור, האָט אין דער ייִדישער פֿאַרגעשריטענער פֿאָלקס־ליטעראַטור באַקומען איר פֿולע פֿאַרקערפּערונג". ס׳גלויבט זיך קוים אַז די ייִדישע פֿאָלק־ליטעראַטור האָט ערשט באַדאַרפֿט שעפּן יושר און גערעכטיקייט פֿון בעלינסקין. רעמעניק ברענגט יאָ איין ראיה פֿון אברהם גאָלדפֿאַדענען,

אַז ער האָט געלייענט בעלינסקין וואָס האָט „פּאַרדאַמט יעדע איבער־שרייבונג (דאַרף מסתמא זיין — איבערטרייבונג — י. ג.) און באַלאַ־גאַנשטשינע".

מיר לייענען ווייטער — אַן אַרטיקל וועגן יורי גאַגאַרינס בוך — „דער וועג צום קאָסמאָס", אַ באַגייסטערטע אָפּהאַנדלונג פון נ. אויס־לענדער וועגן אשר שוואַרצמאַנס „אַלע לידער און בריוו", אַ ניי דערשי־נענע יידישע אויסגאַבע; אַ באַזונדערע אינטערעסאַנטע רובריק „ביי די בירא־בידזשאַנער שרייבער". דאָס איז דער ערשטער פּאַרזוך צוריק אויפצוריכטן די בירא־בידזשאַנער יידישע שרייבער. עס ווערן דערמאָנט די נעמען פון איציק בראָנפמאַן, ליובע וואַסערמאַן, בוזי מילער (וועמענס אַ ליד פון „בירא־בידזשאַנער שטערן" איך האָב נישט לאַנג צוריק ציטירט אין „קעמפּער"), מאקס ריאַנט, „אַ בירא־בידזשאַנער תושב" נ. פרידמאַן, ה. ראַבינקאָוו, מ. באָרזשעס. די קורצע נאָטיצן וועגן די בירא־בידזשאַנער זענען געשריבן פון ל. טשערניאַק.

דער באַקאַנטער פילאָלאָג און יידיש־פאָרשער ע. פאַלקאָוויטש ברענגט אין זיין אינטערעסאַנטער עסיי — „אָפּשיי פאַרן לשון" ביישפילן, ווי מענדעלע און שלום עליכם האָבן כסדר געריייניקט און אויסגעבעסערט זייער שפּראַך. דער נומער שליסט זיך מיט נוצלעכער און טשיקאַווער כראָניק. ס'ווערן אין דער כראָניק דערמאָנט צוויי נאַאיור־אַפּיקורסישע ביכער. פון דער נאָטיץ וועגן קאָנצערטן פון יידישן ליד ווערן מיר געוואויר, אַז „אין משך פון לעצטן יאָר האָט די צאָל באַזוכער פון אַזעלכע קאָנצערטן דערגרייכט ביז 300 טויזנט מענטשן".

דער זשורנאַל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 25 טויזנט עקזעמ־פּלאַרן. דער הויפּט־רעדאַקטאָר האָט אַ באַזונדערן טעלעפאָן, דער פאַר־אַנטוואָרטלעכער סעקרעטאר — אַן אייגענעם טעלעפאָן, דער ממונה איבער פּראָזע און פּאָעזיע — אַן אייגענעם טעלעפאָן, און דער משגיח איבער קריטיק און ביבליאָגראַפיע האָט אויך אַ באַזונדערן טעלעפאָן. הלוואי אויף אונדזער „קעמפּער" געזאָגט געוואָרן. ס'ווערט אויך אָנגע־געבן, אַז דער טעכנישער און קינסטלערישער רעדאַקטאָר איז ל. מ. דוואָרקין. אויב ער האָט געכתיבהט אַלע געשריבענע קעפּלעך, קומט אים דער וואַרעמער יישר־כוח.

אין סך־הכל: אַ זשורנאַל וואָס מען מעג שיין אויפנעמען, אַן

פּאָליטישער קריטיק. דער „ליטעראַריש־קינסטלערישער זשורנאַל" האָט איבעראַשנדיק ווייניק פּאָליטיק און דאָס וואָס ער האָט יאָ איז אומפּאַר־מײַדלעך און פּאַרדײַלעך. כ'וויל האָפן, אַז מיר איז געלונגען צו ווײַזן, אַז דער ערשטער נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" איז אויך אַ ייִדישער זשורנאַל און אַ באַרעכטיקטער מיטגליד פון דער ייִדישער ליטעראַריש־קינסטלערישער משפּחה. ס'איז אין דעם זשורנאַל נישטאָ קיין בייזע פּאָלעמיק. דאַרפן מיר נישט זיין די ערשטע צו פּאַרפירן קעגן אים אַ מלחמה, נאָר ווינטשן אים, אדרבא, לאַנגע יאָרן און אַן אַנווייז אויף אַ ברייטערער ייִדישער קולטור־אויפלעבונג אין סאָוועטן־פּאַרבאַנד, וואָס זאָל אויך דערלעבן דעם טאָג פון אויפריכטיקער פּאַרברידערונג.

1961

# לאָמיר אַלע אינאיינעם

## א.

דער קאַמף קעגן דייטשמעריזמען אין ייִדיש האָט די ריינסטע כוונות, אָבער ביזן היינטיקן טאָג איז נאָך נישט דעפינירט געוואָרן, וואָס איז אַזוינס אַ פּסולער דייטשמעריזם, און ווען טראָגט אויף זיך אַ ייִדיש וואָרט דעם סימן פון אויסגעוואַקסענער דייטשישקייט. ס'מיינט פּשוט, ווען הערט זיך דער דייטש פון אַ וואָרט — הערט זיך, אין ליטווישן זין — וואָס האָט נאָך נישט זיך איינגעתושבט אין ייִדיש.

פאַראַן ווערטער וואָס די נשמה פון ייִדישן לשון ווייזט זיי צוריק און זי קאָן זיי נישט פאַרדייען ביזן היינטיקן טאָג. מען דאַרף זיין אַ טיפער פּסיכאָלאָג פון אונדזער פאָלקס־נשמה, כדי צו פאַרשטיין וואָסערע ווערטער רעדן זיך נישט גוט מיט אַ ייִדישער צונג. דווקא דערפאַר וואָס ייִדיש איז איינע פון די נייסטע אייראָפּעישע שפּראַכן, וואָס ליגט נאָך אַלץ אין דער שמידערײַ און זי לאָזט זיך קניידשן און בויגן, גיכער ווי ענגליש אָדער פראַנצויזיש, און זי האָט נישט אויף זיך דאָס וואַכע און

בייזע אויג פון גראַמאַטישע שפּאָקולן, קאָן מען נאָך ביים היינטיקן טאָג רייניקן און קריסטאַליזירן אונדזער שפּראַך. נישט מען קאָן, נאָר מען מוז. יידיש געפינט זיך נאָך קינסטלעריש אין אַ פאָרמאַטיוון פּעריאָד, און דער גוטער שרייבער מיט אַ גוט אויער און אַ יידיש האַרץ — יאָ אַ יידיש האַרץ איז אַ גוטער וועגווייזער פאַרן יידישן לשון — איז נאָך אַלץ דער גרעסטער און בעסטער פּוסק.

אַוודאי זענען פאַראַן געזעצטע גראַמאַטישע כּללים, וואָס מען טאָר אויף זיי בשום אופן נישט עובר זיין. אָבער די שפּראַך־שאַפונג ליגט נאָך אַלץ אין די הענט פון שעפער. מיר גייט דאָ נישט אין צעקריגן דעם קינסטלער־שרייבער מיטן פילאָלאָג, נאָר אין אָנווייזן, אַז דאָס באַזונדערע וואָרט, דער באַזונדערער זאַץ, ליגט נאָך אַלץ גיכער אין רשות פון שרייבער, בעת דאָס לשון, די גאַנצע שפּראַך־טעריטאָריע איז דאָס געביט פון פילאָלאָג. איך וועל זיך נאָך אַ סך גיכער סומך זיין אויף אַ געבויטן זאַץ פון אַ גוטן יידישן שרייבער, ווי אויף אַ זאַץ פון אַ יידישן פילאָלאָג. אויב איר ווילט איז דער שרייבער־קינסטלער אַ נענטערער מחותן מיט מוזיק און דער עיקר מיט דער מוזיק פון לשון. ער איז הערעוודיק בעת ער שרייבט. דער פילאָלאָג אַרבעט נישט מיטן אויער, נאָר מיט דיקטאַטן און דירעקטיוון. ס׳איז לחלוטין נישט דעם פילאָלאָגס אויפגאַבע צו שאַפן מוסטער־זאַצן; ער איז אַ פאָרשער און נישט קיין שרייבער. אים דאַרף מען אויסהערן, אָבער נישט פאָלגן. פאַרקערט, מען דאַרף קעגן אים תמיד ווידערשפּעניקן און אים נישט לאָזן צו־ווייט אין גבול פון דער לשון־שמידעריי. ס׳איז קלאָר אַז עס זענען פאַראַן פילאָלאָגן מיט אַ קינסטלערישן חוש, אָבער זיי זענען נישט דער כּלל, נאָר דער יוצא מן הכּלל.

## ב.

אַ לשון וואָס געדענקט זיין בראשית און וואָס זיינע דאַטן ליגן פאַר אונדז קלאָר, וואָס זיינע גענייאַלע קריסטאַליזירערס זענען אָקאָרשט אַוועק פון אונדז, איז אַ יונג לשון. אַפילו דאָס טייטש־חומש איז דאָך יונג און פריש און אונדזערס; הינטער דעם ליגט אַ טונקעלער מדבר, ווען יידיש האָט זיך אַרויסגעראַנגלט אויף אַ ליכטיקן דרך המלך. אויף אַ סך יידיש־אָפּשטאַם מעגן מיר מוותר זיין, אַפילו ווען ס׳שניידט־אָפּ

פון אונדזער לשון אַ צוויי הונדערט יאָר אור־געשיכטע, אָדער פאַר־געשיכטע.

כ׳וויס נישט אַקוראַט ווי אַלט אונדזער לשון איז, אָבער כ׳בין נישט שטאַרק זיכער, צי מוזן מיר טאַקע האָבן אַזאַ יחוס פון אַלטשאַפט. אפשר איז אונדז מער ניחא א יחוס פון שפּראַכלעכער יונגשאַפט, פון אַ לשון וואָס איז אונדז געבוירן געוואָרן, נאָכדעם ווי ער איז בייגעקומען זיין אָפּשטאַם און זיך אָוועקגעריינִיקט פון אים אויף אַן אייגענעם דרך פון באַזונדערע השפעות — ריינע סלאַוויזמען און פאַרטיפטע העברעאיזמען. פונקט ווי עס זענען פאַראַן דייטשמעריזמען, אַזוי טאָר מען אויך נישט צופיל געטרויען סלאַוועריזמען, אָדער די נייגונג צו העברעאישער פּסוקים־דיקייט, ווען אַ האַלבער אָדער פערטל זאַץ ברענגט אין דעם שרייבער זיך אַליין צו ברעכן דעם מוח. ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז מיט אַ גרייטן העברעאיזם און אַ פאַרטיקן סלאַוועריזם איז דעם שרייבער אַ סך גרינגער, ווי מיט דייטשמעריזמען, וואָס זענען מיינסטנס ווערטער, בעת העברעאיזמען און סלאַוועריזמען זענען באַגריפן. מ׳קאָן אָנגעווירצן אַ יידיש זייטל מיט העברעאיזמען און סלאַוועריזמען, אַז ס׳זאָל זעצן אין דער נאָז און ס׳זאָל זיך לייגן אויפן — מאָגן.

לאָמיר עס מאַכן קלאָרער: העברעאישע ווערטער אין יידיש, ווען זיי שטייען אויפן ריכטיקן אָרט, זענען זיי פונקט אַזוי פונדאַמענטאַל און שיין, ווי דאָס וואָרט אמת, אָבער מיט העברעאישער פּסוקימדיקייט העלפט מען זיך אָפט צופיל ארויס און מען לעטארגיזירט דאָס טראַכטן. דאָס אייגענע געשעט אויך מיט סלאַוויזמען. שיין זענען זיי ווען מ׳קאָן זיך אָן זיי נישט באַגיין, אָבער אַז מען פאַרפעפערט אַ יידיש זייטל מיט צופיל באַגריפלעכע סלאַווישע ווערטער, וויל זיך דער שרייבער איינברענגען אַן אייגענעם טראַכט צו טאָן.

דערפאַר דאַרף מען זיין דאָפּלט געוואָרנט מיט אויספליקן אַזוי־גערופענע דייטשמעריזמען, וואָס פליקנדיק זיי פליקט מען וואָרצלען און נישט ווילדגראָז. ווער־זשע קאָן זיך אָנטאָן דעם שופטס מאַנטל און אַרויסטראָגן אַ פּסק־דין און דעקרעטירן וואָסערע ווערטער אַרויסצו־ווארפן פון לשון? דער וועג דערצו איז — דאָס אויער פון קינסטלער. דערביי דאַרף שפּילן אַ ראָל די געניטשאַפט, צי פאַראָרעמט מען נישט די שפּראַך, צי באַרויבט מען זי נישט פון סינאָנימען. צי איינציקט

מען נישט דעם אויסוואַל, שטאָט מען זאָל דעם שרייבער געבן אַ רייכע ברירה. אָט האָב איך גענוצט ברירה און אויסוואַל, נישט נאָר זענען זיי פּאָקטישע סינאָנימען נאָר טייטשלעכע סינאָנימען, אָבער ווען מען נעמט ביי מיר צו דעם אויסוואַל, בלייב איך שוין אָן אַ ברירה און מיין זאַץ קאָן דערפון ווערן טעמפּ און טויב.

מען דאַרף צוגיין צום ענין דייטשמעריזמען מיט גרויס פאָרזיכט, צוגעבנדיק קודם כל פונוואַנען ס׳לשון שטאַמט־אָפּ. קיינער האָט נישט אַזוי פיינט די דייטשן ווי די סקאַנדינאַווישע פעלקער, פונדעסטוועגן וועט קיין דענער נישט לייקענען, אַז זיין לשון האָט עפּעס אַ קרובהשאַפט מיט דייטש. אין דער שפּראַכן־ליסטע פון דער „קאָלאָמביע־ענציקלאָפּעדיע" ווערט יידיש דערמאָנט צווישן הויפּט־שפּראַכן, אָבער ס׳איז קלאָר אונדזער אָפּשטאַם פון מיטל־הויך דייטש, פונוואַנען, אגב, דייטש אליין שטאַמט־אָפּ. פונקט אַזוי קלאָר איז, אַז האָלענדיש אָדער פלעמיש (פאַראַן אַ שטיקל חילוק צווישןביידע) זענען משפּחה מיט פּלאַטדויטש, אַקוראַט ווי אַפריקאַנס, אויך אַ קרוב פון פּלאַטדויטש.

נאָכדעם ווי מיר אָנערקענען אונדזער אָפּשטאַם — און אויב מיר שעמען זיך דערמיט — נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך אָפּגעשעמט, מוזן מיר באַשטימען, וואָס איז שטאַמיק פון אָפּשטאַם, וואָס איז ארייַנגעוואַקסן און וואָס איז אָנגעוואַקסן.

ג.

ביים היינטיקן טאָג איז יידיש איינע פון די שענסטע אייראָפּעאישע לשונות. דערביי איז די שפּראַך אויך איינע פון די מאָראַלישסטע, רעפלעקטירנדיק די מאָראַל פון אַ פאָלק, וואָס האָט באַמעכטיקט דעם גלות און וואָס האָט געבויט זיין שפּראַך אויפן פונדאַמענט פון גלויבן און דערלייזונג; אויף אַ קאָנצענטרירטן פאָלקס־היפנאָז פון טאָג־טעגלעכן בטחון. מאָראַליש איז דאָס לשון אויך דערפאַר, ווייל ס׳איז געווען דאָס לשון פון געררודפטע מענטשן און נישט פון יעגערס און מערדערס. ביים העכסטן פונקט פון אַנטוויקלונג איז געקומען דער מערדערלעכער דייטש, מיטן מערדערלעכן ווערב אין מויל, און פאַרטיליקט זעקס מיליאָן מענער, ווייבער און קינדער. אַזוי־ערנאָך האָט זיך דייטש פאַרמשפּט צו אייביקער

שפּראַך־נבזהדיקייט און יידיש איז נאָך מער געהייליקט געוואָרן. דער רוצח האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דעם פּאַרטיקן בילד פון לשונדיקער דערהויבונג, וואָס ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן. ס׳האָט אים געשטאָכן און געבראָכן די רייניקונג, וואָס אונדזער פאָלקס־גאונות האָט דורכגעפירט, און וואָס זיין לשון האָט נישט געקאָנט נאָכקומען, ווייל לשון איז דער בעסטער שפּיגל פון א פאָלק.

ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס דער דייטש האָט אויסגעלאָזט זיין ערגסטע יוכע צום יידישן פאָלק. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן די בטחונדיקע און קלוגע אויגן און די אייביקע משפּחה־ריינלעכקייט, וואָס יידיש האָט פאַרשפּיגלט אין אַ ריפּ־שפּראַך. ס׳איז געשען די געטלעכע גנבה, ווי דער מדרש זינגט עס אויס: פון אדם הראשונס ריפּ איז געשאַפן געוואָרן די פולע צאַרטקייט פון אַ פרוי, די געבערערין פון שיינקייט און מוטערלעכקייט. פון אַ צוגעוואָרפענעם ביין האָבן מיר געשאַפן אַ וואונדער־לשון, וואָס האָט געלאָזט די דייטשע שפּראַך מיליאָנען מאָראַל־יאָרן הינטער זיך.

דאָס דייטשישע לשון וועט זיך דאַרפן רייניקן דורות, ביז עס וועט פון זיך אָפּוואַשן די בלוט־פלעקן פון דער פריילעכער הירזשעריי, וואָס האָט געקאָנט פירן א פאָלק צו טויט־פאַבריקן, און אַז דייטש וועט זיך ווען־עס־איז רייניקן, וועט עס זיך דעררייניקן צו יידיש. דאָס וועט זיין די מאָראַלישע לייזונג, נישט מיר וועלן קומען צו זיין שטאַם, נאָר דאָס דייטשע לשון וועט קומען צום יידישן תיקון.

מיר האָבן געאיידלט אונדזער לשון, אַפילו ווען מיר האָבן עס פאַר־גרעבט מיט פאָלקס־קלייען. איז אַזוי: שטייען מיר אויף דעם דאָזיקן שייד־וועג, ווי אַזוי צו רייניקן אונדזער לשון פון דעם אָנוואוקס, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט אסימילירט אין אונדזער לשון און וואָס האָט זיך נישט דורכגעפריידיקט מיטן געמיט פון אונדזער פאָלק.

## ד.

פאַראַן דייטשע ווערטער, וואָס דאָס פאָלק האָט זיי קיינמאָל נישט געזאָגט. זיי זענען צו אונדז געקומען פון אויבן, פון וועלן באַווייזן כלומרשטע אינטעליגענץ און געלערנטקייט. מיר דאַכט זיך אַז ס׳איז גרינג צו אונטער־

שיידן צווישן די ווערטער, וואָס זענען געבליבן מחוץ למחנה, ווי מען האָט זיך נישט געמוטשעט זיי אונטערצואוואַרפן דעם פּשוטן פֿאָלק, וואָס האָט זיי צוריקגעשליידערט. מענדעלע האָט געריסן פֿאָסן פֿון זיין אייגענעם סטיל, ווען ער האָט זיך גוט איינגעהערט אין דעם אָטעמען פֿון אונדזער שפּראַך. די ווערטער, וואָס זענען אויף אים אַרויפגעצוואונגען געוואָרן, ווי צייכנס פֿון אינטעליגענץ און וואָס זענען געקומען פֿון די מעשה־ביכלעך, האָט ער אָן צערעמאָניעס משלח געווען פֿון זיין ווערטער־אוצר. ער האָט פּשוט צוגעלייגט אַ קאָמערטאָן צו די ווערטער און זיך גוט איינגעהערט צי זיי זענען מוזיקאַליש איינגעאייגנט אין יידישע מיילער. אין די צווייטע אויסגאַבן פֿון זיינע ווערק, האָט ער אַרויסגעשליידערט דייטשמעריזמען, וואָס זענען געקומען פֿון די העכערע סנאָבישע פֿענצטער, איבערהויפּט די געדיכטע פֿלוסטערדיקע פּעטקייטן פֿון פֿאָלק, און דערגאַנגען צו די סאַמע אונטערשטע שיכטן, ווייל דאָרט האָט מען געמיינט, אַז מען הערט געביל־דעטע רייד. מיט דייטשמערישע ווערטער האָט מען זיך דערקלערט אין ליבע, מען האָט זיך געשוואוירן טרייהייט ביים מאָנד און שטערן, אָבער ווען מען האָט זיך אין פֿאָלק משדך געווען, האָט מען די לבנה געלאָזט צורו, אפילו ווען מען האָט געשטעלט א חופּה אונטערן אָפֿענעם הימל.

ס'ליגט אַ פּאַרטיקער אוצר פֿון אויסערגעוויינלעכער פֿאָלקישער קלוג־שאַפֿט פֿאַר יעדער יידיש־פֿאָרשער, וואָס איז גרייט אויסצוזוכן די שפּורן פֿון דער אוועקריייניקונג: וואָסערע ווערטער האָט דאָס פֿאָלק אָנגענומען און וואָסערע האָט עס באַטראַכט פֿאַר אָנגעדראָלן און הויכגאָרנדיק, וואָס פּאַסן נישט אין א יידיש מויל. אפילו די צייטווייליקע אומגראַמאַטישקייט אונדזערע איז געווען די פֿרייע אויסווירקונג פֿון גוטן און נאַטירלעכן שמועס, אומגע־צוימט, אָן דער דעספּאָטיע פֿון דרויסנדיקע געזעצן, וואָס וואָלטן זיכער געקומען פֿון פֿרעמדע גראַמאַטיקעס. דאָס פֿאָלק האָט איבערגענומען די הערשאַפֿט, אין דער תּקופֿה פֿון אויספּרואוון די געשלעכטלעכע אַרטיקלען, די לעבעדיקע און טויטע. ווי לאַנג איז עס ערשט, אז האַרקאַווי, אונדזער גרויסער ווערטערקלייבער און ווערטער־טייטשער האָט גערופֿן אונדזער לשון „דייטש־יידיש״? זשאַרגאָן איז אין אָנהויב גאָרנישט געווען קיין באַליידיקונג, נאָר א צוגעטיילט אָרט פֿאַר דעם לעבעדיקן וואָרט אין מויל, וואָס איז געשטאַנען צווישן דער שפּראַך פֿון דער מדינה און דעם העבּרעאיש פֿון דאַווענען און מעביר זיין די סדרה.

ה.

ס'איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזאַ פּאַסיקע צייט צום רייניקן אונדזער לשון, ווי אין אונדזער תקופה פון שפּראַך־באַוואוסטזיניקייט, וואָס האָט שוין הינטער זיך אַ גרויסע פאָלקס־טראַדיציע. אָבער מען טאָר נישט גלאָט זיך וואַרפן מיט ווערטער און מאַגערן אונדזער לשון ביזן ביין. מען וואָלט באַדאַרפט רופן אַן אסיפה, וואָס זאָל זיין צוזאַמענגעשטעלט פון שרייבערס און ערנסטע יידיש־פאָרשערס און צוטרעטן צו דער אַרבעט פון איינשטעלן אונדזער לשון, אונדזערע גראַמאַטישע כללים, און פון אויטאָריטעטישער באַזייטיקונג פון די ווערטער וואָס האָבן נישט קיין אָרט אין אונדזער שפּראַך.

אַזאַ אסיפה דאַרף אויסטיילן פון זיך אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל טאָן די וויכטיקע אַרבעט, מיט גלויבן אין דער צוקונפט פון יידיש און נישט מיט געוויין אין האַרצן, אַז יידיש גייט־אונטער און מיר זענען נישט מער ווי שמאַטע־קלייבערס פאַר אַ געדענק־מוזיי.

ביי אַזאַ אסיפה קאָן מען זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן און זיך טיילן מיט שפּראַך־דערפינדערישקייט, שטרויכלונגען און שפּראַך־נויטן. מיר האָבן שוין זוכה געווען צו האָבן א יידיש לאַנד, מיט א יידישער פלאָרא און פאונא, פאַרוואָס זאָל יידיש זיך נישט אָריענטירן אויף דער נייער יידישער באַשערטער געאָגראַפיע, איר עקאָנאָמיע, איר אינדוסטריע, אירע וויסנשאַפטלעכע דעראָבערונגען? מיר גלויבן אין דער צוקונפט פון יידיש, מעגן מיר דאָך וועלן אויסדריקן דעם פולן יידישן וואונדער פון יידיש לעבן און יידישע פרנסות — אויף יידיש, ווי מען טוט עס אויף העברעאיש. איצטער אין דער צייט פון אונדזער היסטאָרישער אויפלעבונג, קאָנען מיר דאָך נישט געבן העברעאיש פאַר אַזוי פיל נייע לעבעדיקע ווערטער פאַר אַ יידישן היינט און אַ יידישן מאָרגן און דערלאָזן אַז יידיש זאָל זיך נאָכשלעפּן ווי אַ פאַרצייטיקער העברעאיש.

אמת, פריינטלעכע העברעער קלאַפּן יידיש אין דער פּלייצע און זיי זאָגן אַז זיי זענען מקנא די אויסגעפורעמטע פאָלקסטימלעכקייט, אָבער יידיש טאָר נישט איינשלאָפן אויף אַזעלכע לאָרבערקרענץ און אַוועקשענקען העברעאיש די גאַנצע בכורה. יידיש בענקט אויך נאָך יידישע פייגל, פיש, געוויקסן, ביימער און אפילו אַטאָמישע סודות.

ו.

ס׳עפנט זיך אַ נײ און רײך קאַפּיטל, אויב מיר װעלן טראַכטן מיט אַזעלכע טערמינען און נישט דערלויבן אַז מיר זאָלן פאַרנעבעכט װערן און בלײבן אָן װערטער פאַר דער נײער ייִדישער באַזיצערישקײט. מיר טאָרן שוין מער נישט זיך באַגנוגענען מיט אַ באַגרענעצטן װערטערבוך פון אַ „פויגל אַזאַ״, אָדער אַ „בוים אַזאַ״, בעת דער אַזאַ איז שוין אַ לעבעדיקער ענין און ער שטײט שוין אײן אין לעבעדיקן באַנײטן העברע־אישן װערטער־אוצר. ייִדיש מוז אָנהויבן קריגן זײנע פֿייגל און ביימער, זײנע פאַבריקן און ייִדישע אויסאַרבעטונגען און זײנע תכסיסי מלחמה, מיט די אַלע טעכנישע טערמינען, לטובת אטאָם פאַר שלום און פאַר דער צוקונפט פון א בעסערער װעלט, װאו ייִדיש דאַרף לעבן װי אַ לעבעדיק לשון. אַלץ װאָס מיר האָבן נישט געהאַט און ס׳איז נישט געװען אונדזערס, איז אויפן שטח פון ייִדישן לעבן און ייִדישער לעבעדיקער געשיכטע געװאָרן פאַראײגנט; אַלץ װאָס איז מיר געװען פרעמד איז געװאָרן פאַרמײניקט. דאָס ייִדישע װערטערבוך טאָר דערפאַר דערפון נישט אָפּשטײן, אויב מיר גלויבן אין דער מאָרגנדיקײט פון ייִדישן לשון.

אָבער דערצו פאָדערט זיך גרויסע, לעבעדיקע און גלויביקע אַרבעט. מיר מוזן עס טאָן גלײך, אײדער ס׳װערט צו־שפּעט; מען מוז עס טאָן מיט אײדעלע הענט, מיט געװאָ׳נענער אויטאָריטעט און פאָלקס־חכמה. בײ אַזאַ אסיפה װעט מען איבערציילן אונדזער אוצר און אויסגעפינען, װאָס עס פעלט אונדז, װאָס דאַרף צוקומען, װאָס מוז בלײבן און װאָס מוז גערייניקט װערן.

אָט דאַכט זיך מיר, אַז אויב מען רעדט װעגן דײטשמעריזמען איז נישט פאַראַן קײן ערגער דײטשמעריש װאָרט, װי דער גראָבער — איך. דאָס איז דאָס ערגסטע, קאָנטיקסטע און חוצפּהדיקסטע דײטשע װאָרט װאָס װאַלגערט זיך אין אונדזער לשון. נישט אומזיסט פלעגן עס טייל ייִדן ארויסרעדן מיטן גאַנצן דײטש־איש. אונדזער קלוג פאָלק האָט עס אָבער נישט געװאָלט פאַרדײען. ייִדן האָבן זיך געשטיקט מיט דעם איך און געמאַכט דערפון יאַך, עד און אין מײן לובלין — יעך. כ׳האָב קײנמאָל נישט געהערט אַז מײן טאַטע זאָל זאָגן — איך. מעג מען זיך פאַרטראַכטן צי זענען נישט די אַזוי־גערופענע פאָלקס־קאָרופּציעס פון דײטשן איך

אַ סך ווייכער, יידישער און קלאַנגפולער, ווי דער דייטשער גרילץ, אָדער נאָס — איך־איש. אָט איז אַן אמתער דייטשמעריזם, וואָס ליגט מיר ווי אַ ביין אין האַלדז פון יידיש.

ס׳איז אַן עסק פאַרן גרויסן שפּראַך־סנהדרין, פאַר דער אויספורעמונג פון אַ יידישן ועד הלשון. יידיש מוז לעבן מיטן פּנים צום אויפגאַנג פון דער יידישער מדינה און איינגעמען און אַריינגעמען אין זיך אַלץ וואָס די מדינה האָט דערוואָרבן, כדי נישט נאָר צו קומען מיט אַן אָפּגעקומענעם אַלטפרענקישן חשיבות־פּאַספּאָרט, נאָר מיט א ווילן צו שפּילן א ראָלע אין דער לעבעדיקער טאָג־טעגלעכקייט.

## אומשטערבלעכקייט און פּאַווילאָנען

איינע פון די טרויעריקסטע באַדינגונגען פון אומשטערבלעכקייט איז דער אומגליקלעכער פאַקט, וואָס אומשטערבלעכקייט, אויב זי באַווייזט צו שענקען עמיצן די דאָזיקע פּראָבלעמאַטישע עקזיסטענץ, מוז זי פריער זיין אַבסאָלוט זיכער, אַז דער אומשטערבלעכער איז גרינטלעך־טויט. זיין שטערבלעכקייט איז אַן אַבסאָלוטער תנאי, איידער ער הויבט־אָן אַ נייע פאַזע, אַ ניי לעבן, ווייט אַוועק פון דעם וואָס מען רופט געוויינלעך דאָס לעבעדיקע לעבן. פאַראַן אפילו אין פראַנקרייך, ווי מיר ווייסן וואויל, אַ גאַנצע אַקאַדעמיע, וואָס נעמט האַלב־טויטע שרייבערס און פאַראומשטערבלעכט זיי ביים לעבן, אָבער דאָס איז נישט מער ווי אַ שפּיל אַזאַ, אַ פּאַראָדיע אויף אומשטערבלעכקייט.

כ׳האָב שוין אַמאָל געבראַכט מאַרק טווענס אַ זאָג, אַז אומשטערבלעכקייט מיינט ווען אַ קינסטלערס ווערק לעבט כאָטש 30 יאָר נאָך זיין טויט. דער דאָזיקער כאַפּ איז מסתמא מאַרק טווענס אַ הלצה, אַז אויב מ׳געדענקט אַ שרייבער אָדער אַ מאָלער דרייסיק יאָר נאָכן טויט, קאָן מען עס אפשר אָנהויבן רופן — אומשטערבלעכקייט. מיט אנדערע ווערטער, מ׳קאָן שוין מער־ווייניקער זיין זיכער, אַז די אומשטערבלעכקייט הויבט זיך אָן איינצושטיין, אַז דער קינסטלער איז שוין אויסגעשטאַט אויפן וועג צו אַ פאַרזיכערטער אומשטערבלעכקייט. אָבער כ׳וואָלט פונדעסטוועגן

גערואָטן די געציילטע וואָס שפּאַצירן אריין אין גאָרטן פון די אומשטערב־לעכע, אַז זיי זאָלן נישט זיין צו־זיכער, אַז מ׳וועט זיי פאַרגינען זייער שטיקל אָרט אין גן־עדן. ס׳הויבט זיך נישט אָן, ס׳געשעט אַז מען נעמט אַ כלומרשטן גוט־איינגעבירגערטן אומשטערבלעכן און מען טרייבערט אים אַרויס פון זיין רואיק ווינקעלע, מיט שאַרפער, איבערראַשנדיקער קריטיק, אַפילו נאָך הונדערט יאָר. פאַרקערט, געשעט אויך, אַז מען נעמט אַ שלימזל, וואָס האָט שוין נעבעך שלום געמאַכט מיט זיין אייביקער אָפּגעמעקטקייט, מען שטויבט אים אַרום און מען גיט אים א פאַרשפּעטיקטע וויזע צו דער אומשטערבלעכקייט. מען וועקט אים אויף און מען טראַנספּאָרטירט אים פון טויטער פאַרגעסעניש צו לעבעדיקער דערמאָנעניש. אָבער אויב דער געהאָלפענער וועט זיך איינרעדן, אז ער איז שוין טאַקע אַ געהאָלפענער אויף אייביק, איז אַזאַ איינרעדעניש עלול צו פירן צו זייער טרויעריקע קאָנ־סעקווענצן. שפּעטערדיקע דורות קאָנען פלוצים וואַרפן אַן אומחן אויף דעם אומשטערבלעכן און אים ווידער פאַרמשפּטן צו פאַרגעסעניש

אומשטערבלעכקייט באַטייט אַ לאַנגער צייט־שטרעק און גאַנץ אָפט — פאַרשידענע זיגזאַגישע אַראָפּן און ארויפן, וואָס האָבן צייט זיך דורכ־צוּוואַרפן. ס׳קאָנען געשען גאָר אַ סך געשעענישן. דער נאָרמאַלער פּראָ־צעס איז, אַז איידער אַ קינסטלער ווערט געזיכערט מיט אומשטערבלעכ־קייט, דאַרף ער זיך גוט אָנליידן חיבוט הקבר. ער דאַרף ערשט נאָכן טויט אַנטוויקלען אַ האַרטע טויט־הויט און נישט ווערן נערוועז, אָדער פאַרלירן געדולד, צי גאָר חלילה אַנטוויקלען אַ קאָמפּלעקס, א מעלאַנכאָליע, אַז אים וועט מען שוין נישט דערגיין, אַז ער איז שוין פאַרפאַלן אויף אַלע אייביקייטן, אָדער בעסער געזאָגט, אַריינגעפאַלן אין געווירבל פון אַלע אייביקייטן און קיינער וועט זיך אין אים נישט דערמאָנען און אים ארויס־ראַטעווען פון דאָרטן.

אַ קינסטלער מוז ערשט נאָכן טויט אַקטיווירן אַן אייזערן געדולד, ער מוז זיך צוגעוואוינען צו נייע באַדינגונגען. להיפך זיין לעבעדיק לעבן, וואָס איז גיך פאַרשוואונדן, שלעפּט זיך און קריכט די צייט נאָכן טויט. מען מוז שלום מאכן מיט איר און וואַרטן אויף דעם נס. אויף אַזאַ וואַרטן איז באמת חל דאָס באַרימטע ווערטל: מוט פאַרלוירן, אַלץ פאַרלוירן. מען טאָר נישט אויפגעבן די האָפענונג, ווייל וואָס פאַרלירט דען אַ טויטער שרייבער, אַז ער האָפט און וואַרט אויף דעם טאָג ווען מען וועט זיך אויף

אים אַרומקוקן? סײַווי האָט ער נישט קיין אַנדערן צײַט־פּאָרטרייב, ווי צו האַפּן, גלייבן, חלומען און וואַרטן. אָן דעם האָט דער טויט אוודאי קיין טעם נישט פֿאַר אַ געשטאָרבענעם קינסטלער. אַביסל האָפֿענונג פֿאַרווײַלט און פֿאַרזיסט דאָס ביטערע נישט־זײַן.

מיר זעען למשל, אַז טייל געשטאָרבענע שרײַבערס זענען מזלדיק, די אומשטערבלעכקייט באַשטראַלט זיי גלײַך פֿון דעם טאָג אָן, ווען זיי שליסן די אויגן. די אומשטערבלעכקייט איז ראַפּטום צוגעפֿאַלן צו בערנאַרד שאָו און אים געקרוינט. אָבער דער שאַרפֿער בערנאַרד שאָו וואָלט געמאַכט אַ פֿאַטאַלן טעות, אויב ער וואָלט עס טאַקע אָנגענומען פֿאַר אַ זיכערער זאַך. אַזאַ סקעפּטיקער ווי ער, ווייסט גאַנץ גוט, אַז ס׳טשאַטעווען שוין די צוקונפֿטיקע דורות, וואָס וועלן אים נעמען אַזוי לאַנג מעקן און מעקן, ביז ס׳וועט פֿון אים אפֿשר קיין זכר נישט בלײַבן. בערנאַרד שאָו דער חכם איז זיכער נישט אַזוי האָפֿערדיק בײַ זיך, ווי מיר מיינען. ער לאָזט זיך נאָך נישט אַרײַננאַרן אין זיכערן גן־עדן, ווײַל ער האָט מורא מען זאָל אים פֿון דאָרטן נישט ברוטאַל משלח זײַן. ער וואַרט אויף שפּעטערדיקע אַנטוויקלונגען.

דערפֿון איז געדרונגען, אַז בײַם לעבן טאָר קיין קינסטלער אוודאי נישט זײַן זיכער בײַ זיך, אַז ער גייט אויף אַן אײַזערנער בריק און ער וועט נאָכן טויט נישט האָבן די מינדסטע שוועריקייט צו ווערן אומשטערבלעך. לאָמיר נעמען פֿאַר אַ בײַשפּיל אַזאַ בײַם לעבן וועלט־באַרימטן סקולפּטאָר, ווי דזשייקאָב עפּשטיין. ער האָט זיכער געשלאָסן די אויגן מיט אַ זיסן שמייכל, אַז ער האָט זיך שוין בײַם לעבן פֿאַרזיכערט מיט אַ וויזע צו דער אומשטערבלעכקייט.

נישט נאָר איז ער געווען זיכער מיט זײַן אייביקער קינסטלערישער עקזיסטענץ, נאָר ווען די אלמנה זײַנע האָט געלאָזט וויסן, אַז זי שענקט אַוועק אַלע זײַנע אויסגעגולמטע סקולפּטורן, די גיפּסענע מאָדעלן, פֿון די פֿון שטיין־געהאַקטע, פֿון בראָנז־געגאָסענע געשטאַלטן און געפֿליגלטע טעמאַטישע פֿיגורן — פֿאַר מדינת ישראל, וואָס זאָל זיי אײַנקוואַרטירן אין אַ ספּעציעל־געשאַפֿענעם עפּשטיין־פּאַוויליאָן, האָט דאָס קליינע לאַנד ממש אויפֿגעזונגען מיט פֿרייד, וואָס ס׳איז דער מדינה באַשערט אַזאַ גליק צו היטן אַן לאַגער־געלט די דאָזיקע אומשטערבלעכע ירושה. צווישן די סקולפּטורן געפֿינט זיך אַזאַ זאַך, וואָס דער קינסטלער דזשייקאָב עפּשטיין האָט ערשט פֿאַרענדיקט אין 1958 — „דער הייליקער מייקל און דער טײַוול“;

אָדער „די מאַדאָנע און קינד", פון 1950, צי גאָר זיין נייעסטע קריסטוס־געשטאַלט וואָס ער האָט אָנגערופן — „קריסטוס אין זיין מאַיעסטעטיש־קייט", געשאַפן אין 1955. דאָס איז אַ צוגאָב צו זיין אויסגעצויגענעם און אויסגעשטערקטן יעזוס, וואָס האָט פאַראורזאַכט אַ טומל אין 1935.

פון אַ ריין יידיש־פּעדאַגאָגישן שטאַנדפּונקט, וועט אייגנטלעך אַ יידישן לערער אין ישראל זיין זייער שווער צו דערקלערן זיין תלמיד, פאַרוואָס אייגנטלעך מדינת ישראל מוז דווקא באַרייכערט ווערן מיט אַזעלכע קונסט־שאַפונגען. אמת, מען טאָר נישט צענזורירן קיין קינסטלער און אַרויפלייגן אַ חרם אויף זיין טעמאַטיק, אָבער פאַרוואָס מדינת ישראל מוז אָפּהיטן, אויף אַלע אייביקייטן, דעם הייליקן מייקל מיט דעם טייוול, וועט זיין גאָר שווער מסביר צו זיין אַ יונגן תלמיד. מילא ביי אַ היינטצייטיקן קריסטלעכן סקולפּטאָר קאָן מען קיין קשיות נישט פרעגן, אָבער ס'איז נאָך אַלץ אַ גרויסע און שווערע קשיה, צי מיר מוזן טאַקע אָננעמען אַזעלכע מיטלעלטערלעכע מתנות פון אַ יידישן דזשייקאָב, אַ ייד פון אונדזער צייט, איז אַוודאי און אוודאי נישט קיין גרויס נחת צו פאַראוצרן אַזעלכע פּוסטע סקולפּטור־פאַנטאַזיעס.

אַזוי וועט טראַכטן דער לערער, וואָס זיין תלמיד וועט אים פרעגן צודרינגלעכע קשיות. דער לערער וועט עס אפשר מוזן אָפּפטרן מיט אַ תשובה, אַז דזשייקאָב עפּשטיין האָט די זאַכן געשאַפן פאַר זיין קריסט־לעכער פרוי און די אלמנה האָט מיט אַט־דער ירושה מזכה געווען מדינת ישראל. אַז דער לערער וועט זיך פאָרט נישט קאָנען אָפּטשעפּען פון זיין פאַרעקשנטן פרעגער, וועט ער ענטפערן קורץ און שאַרף, אַז דזשייקאָב עפּשטיין איז אַן אומשטערבלעכער קינסטלער און אויף אַן אומשטערבלעכן פרעגט מען קיין קשיות נישט.

לאָזט זיך אויס, אַז דזשייקאָב עפּשטיינס אומשטערבלעכקייט איז נאָך אַלץ נישט גאַראַנטירט. אין דעם באַרימטן ענגלישן זשורנאַל „ניו סטייטסמען", לייענען מיר, אַז מען האָט עפּשטיינען שוין גענומען אָפּפרעגן זיין רעכט אויף אומשטערבלעכקייט. דער קריטיקער דאַגלאַס קופּער רופט אָן זיין לענגערע אָפּשאַצונג איבער עפּשטיינען נישט מער און נישט ווייניקער ווי — „פּרימי־טיוויזם און באָמבאַסטיק". שוין אין ערשטן פּאַראַגראַף גיט דער קריטי־קער אַ הויב אויף אַ פראַגע, צי דזשייקאָב עפּשטיין איז טאַקע אַ גרויסער סקולפּטאָר, און ער גיט אַ לאָז אַראָפּ אַן ענטפער ווי אַ דובינע, אַז —

„נייַן, אַז עפּשטיין איז ווייט נישט קיין גרויסער סקולפּטאָר, ווייל ער האָט „נישט געקאָנט ריכטיק אויסנוצן זיין שטאָף, ווייל זיין אַרבעט פאַרמאָגט נישט קיין טיפקייט, קראַפט און דערפינדערישקייט און ווייל ס'ווערט ביי אים פאַרדאַרבן דורך ביליקע עפעקטן".

דער אָנגעזעענער קונסט־קריטיקער דערלויבט זיך ווייטער צו שטערן דעם שלאָף פון דזשייקאָב עפּשטיין מיט רייד, וואָס מען רעדט נישט געוויינ־לעך צו איינעם, מיט וועמען מען איז זיכער אַז אים קומט די אייביקייט. לויט דעם קריטיקער איז עפּשטיין נישט קיין פולער סקולפּטאָר נאָר אַ פראָנטאַלער סקולפּטאָר, פּאַקטיש אַזעלכער וואָס אַרבעט אין „רעליעף", בלויז אין בולטע צוויי דימענסיעס. מען מוז קוקן אויף זיינע בילדער פראָנ־טאַל, ווייל פון דער זייט איז דאָס ווערק אינגאַנצן לײדיק. אַמאָל דאַכט זיך, אַז עפּשטיינס אַ פּראָפיל איז דווקא סקולפּטורעל אינטערעסאַנט, איז דער פראָנט אומאינטערעסאַנט און אָן אויסדרוק. עפּשטיין הענגט דערפאַר ערגעץ צווישן מאָלעריי און סקולפּטור. אָן אמתער סקולפּטאָר, לערנט אונדז דער חשובער קריטיקער, שאַפט אַזוי, אַז פונוואַנען מען זאָל נישט קוקן אויף דעם קונסט־ווערק, פון פאָרנט, פון דער זייט, פון אונטן, מוז עס אַלץ זיין — פּאַרטיפטע און אינטערעסאַנטע סקולפּטור און נישט פלאַך און אויבנאויף. אַז מען גייט אַוועק אַביסל אין אַ זייט פון עפּשטיינס אַ ווערק, לייזט זיך עס אויף און ער ווערט אָן דעם גאַנצן ווערט.

טאָמער איז דאָס ווייניק, דערקלערט אונדז דער קונסט־קריטיקער פון „ניו סטייטסמען", אַז דזשייקאָב עפּשטיין איז באַמבאַסטיש אין זיינע פּאָרטרעטן. זיינע ענלעכקייטן זענען איבערפלעכלעכע. ער האָט געמוזט ראָמאַנטיזירן זיינע „זיצערס", ווייל ער האָט קיין אינערלעכע באַציאונג נישט געהאַט צום מין מענטש. זיינע סקולפּטור־פּאָרטרעטן זענען דערפאַר נישט קלאַסיש, נאָר מאַניערירט.

מכוח עפּשטיינס רעליגיעזער טעמאַטיק, זאָגט דער קריטיקער, אַז היות עפּשטיין איז געווען אַ „דורכשניטלעכער און נישט־פּאַרטיפטער אויסשניצער", האָט ער נישט געקאָנט זיין דערפינדעריש און פריי. ער האָט אויך נישט צו־גוט געקענט די מענטשלעכע פיגור. ער איז, הייסט עס, געווען מער אַ סקולפּטאָר פון קעפּ; זענען דערפאַר זיינע דעטאַלירטע סקולפּטורן עדות אויף זיין נישט־גרינטלעכער באַקאַנטשאַפט מיטן מענטש־לעכן קערפּער. זיינע אַזוי־גערופענע רעליגיעזע סימבאָלישע פיגורן זענען

נישט מער ווי מאַסקעס, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין אינערלעכע מענטשלעכקייט. עפּשטיין האָט דערפאַר געזוכט צו מאכן אַ שרייענדיקן איינדרוק מיט די גרויסע איבערמענטשלעכע פיגורן, כדי מען זאָל נישט זען אַז דער סקולפּטאָר האָט דערגרייכט זיינע עפעקטן דורך מאסקעס און גרימאסן, און נישט מיט ערלעכער און פאַרטיפטער ארבעט.

איבערגעזעצט אויף „ציוויל" לשון, אַז אַ פשוטער בן־אדם זאָל עס קאָנען פאַרשטיין, מיינט עס, אַז עפּשטיינען זענען אין תוך נישט אָנגע־גאַנגען אלע זיינע קריסטוסן, וואָס ער האָט נאָך אָנגעהויבן צו שאַפן אין 1917, ווען ער איז געקומען קיין לאָנדאָן פריש פון דער ניו־יאָרקער איסט־סייד, וואו ער האָט געצייכנט יידישע פּנימער און יידישע בערד. ער האָט גלייך געוואָלט איינעמען די וועלט מיט זיינע יעזוסן און מאַדאָנעס, אָבער אינערלעך האָט עס אים אינטערעסירט ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. ס'איז געווען א יאָגן זיך נאָך אזוי־גערופענע ברייטע גויאישקע טעמעס, וואָס זאָלן גלייך שרייען און מאכן סענסאַציע. אים איז תמיד געלונגען צו שאַפן אַרום זיך קאָנטראַווערסיע, אָבער, פאַרזיכערט אונדז דער קריטיקער פון ראַיעלן ענגלישן זשורנאַל — „מיט ביליקע מיטלען". דער קריטיקער פירט אויס, אַז ס'איז טרויעריק וואָס עפּשטיין האָט שלעכט אויסגענוצט זיינע איינגעבוירענע פעאיקייטן, ער האָט זיך געריסן צו זאַכן וואָס האָבן אים אין תוך נישט געקאָנט געבן קיין קינסטלערישע הצלחה און אינערלעכע באַפרי־דיקונג. מר. קופער פארענדיקט דערפאַר זיין קריטיק, אַז די צוקונפטיקע דורות וועלן דזשייקאָב עפּשטיינען נישט ציילן צווישן די גרויסע סקולפּ־טאָרן, נאָר צווישן די דורכשניטלעכע באַלמעלאָכעס.

דזשייקאָב עפּשטיין איז ביים לעבן זייער אָפט געווען דער צענטער פון הייסע דיסקוסיעס. אָבער פון אונדזער יידישער זייט האָט מען תמיד געקאָנט מיינען, אַז מען טוט אונדזער יידישן עפּשטיין אַן עוולה. מיר זענען שטענדיק געווען גרייט צו לויפן אים באַשיצן. מיר זענען געווען זיכער, אז מען האָט זיך אויף אים אָנגעזעצט, אפילו ווען די גויים האָבן נישט הנאה געהאט פון זיינע קריסטוס־ווערק, זענען מיר געווען איבערצייגט, אז דאָס איז דערפאַר ווייל עפּשטיין האָט זיי אונטערגערוקט א „יידישן" יעזוס. ס'איז אונדז נישט איינגעפאַלן אַז, פאַרקערט, עפּשטיין האָט דער ברייטער קריסטלעכער עפנטלעכקייט דווקא געוואָלט שטאַרק צוטרעפן מיט זיינע קריסטלעך־רעליגיעזע געשטאַלטן, זיי האָבן אָבער אין זיינע פיגורן געזען

וואולגאַריזאַציע און נישט קיין רעליגיעזן אָפּשיי. מיר האָבן אינגאַנצן שלעכט פאַרשטאַנען די רעאַקציע פון תמימותדיקע קריסטן און אפילו פון ערלעכע קריטיקערס. אונדז האָט געקיצלט וואָס אַן אונדזעריקער ייד קריכט מיט „זיין" יעזוס צו די קריסטן און ער רעגט זיי אויף. מיר האָבן אין דעם אריינגעטייטשט אַ סך מער, ווי עפּשטיין האָט געהאַט בדעה. מיר האָבן אין דעם געזען אַ מין רעליגיעזן דיספּוט צווישן דעם ייד און דער קריסטלעכער וועלט.

ס'איז אָבער געווען נישט מער ווי פאַנטאַזיע. די „גלאַמאָריזאַציע" פון אַן אייגענעם וואָס איז אַרויס אויף דער ברייטער וועלט און ער דער־וועגט זיך כלומרשט אריינצוזאָגן דער גויאישער וועלט. ס'איז נעבעך געווען ווייט פון אמת. עפּשטיין האָט געזוכט צו פאַרקריסטלעכן זיינע אייגענע יידישע אויסגעטריפטע זכרונות, נאָר ס'האָט זיך אים נישט איינ־געגעבן.

אָבער ס'איז פּאָרט נישט געווען צו דערוואַרטן, אַז גלייך נאָכן טויט זאָל זיך שוין אָנהויבן דער טרוקענער פאַלמעסדיקער צוגאַנג צו דזשייקאָב עפּשטיינען און מען זאָל שוין אַרויסטראָגן דעם אורטייל, אַז ער איז נישט געווען קיין גרויסער סקולפּטאָר. מען רעדט שוין מיטן קול פון דעם צוקונפ־טיקן אָפּשאַצער. מען „צעפּלעכט" אים פון אַלע זייטן און מען ווייזט אַז נעמענדיק אים פון אַלע זייטן, איז ער פלאַך און בלויז אויבערפלעכלעך איינדרוקספול, מיט שרייענדיקע עפעקטן, אָבער נישט מיט אינערלעכער פאַרטיפטקייט.

ווייזט עס אונדז קודם כל, ווי אומזיכער אַ קינסטלער איז מיט זיין חלום פון אומשטערבלעכקייט. ער לייגט זיך אַוועק רואיק אריינשלאָפן אין דער געדענקלעכער אייביקייט, אָבער מען וועקט אים גראָד אויף פון זיסן חלום און מען שרייט אים אַריין אין לינקן אויער, אַז ער זאָל זיך נישט איינרעדן קיין פייגעלעך אין בוזים. אויב די דאָזיקע שאַרפע קריטיק זאָל זיך אָננעמען און עס זאָל טאַקע ווערן דאָס אמתע קול פון דעם צוקונפ־טיקן קונסט־מבין, וועט זיין אַן אמתער רחמנות אויף דעם עפּשטיין־פּאַוויליאָן אין מדינת ישראל. וואָס וועט מען דעמאָלט טאָן מיט די יעזוסן און די הייליקע מייקלס מיט די טייוואָלים? מיר וועלן בלייבן מיט קינסטלערישן בראַק, וואָס די קריסטלעכע וועלט וועט צוריקוואַרפן און מיר וועלן עס נישט קאָנען באַרעכטיקן, ווי די אַרבעט פון א ייד

פאַר יידן, דערפון דאַרף מען לערנען, אַז מען טאָר זיך נישט צואיילן מיט פּאַוויליאָנען, נאָר וואַרטן ווינציקסטנס מאַרק טווענס פאַרגעשריי־בענע דרייסיק יאָר, כדי צו וויסן ווי ס׳האַלט מיט דעם אומשטערבלעכ־קייט־קורס פון אַ קינסטלער, וואָס וויל אונדז אָנהענגען זיין ירושה — אין לאַגער פון אונדזערע אייביקע אבות.

1961

## ערנעסט העמינגווער

דערפאָלג איז אַזאַ שטאַרקע פעסטונג, אַז ס׳איז שווער צו קעמפן קעגן דעם, און העמינגוועיס קאַריערע איז געווען אויסגעבעט מיט אַזויפיל דערפאָלג, אַז אַלע זיינע קעגנערס האָבן זייער ווייניק געקאָנט אויפטאָן. איז געקומען העמינגווער און נאָך מער אָפּגעטאָן זיינע ארונ־טעררייסערס מיט אַ שאָס, וואָס האָט אַוודאי צוגענומען ביי זיינע שאַרפסטע קריטיקערס דאָס לשון. דאָס אַמעריקאַנער פאָלק איז אין טרויער און די אַמעריקאַנער טראַדיציע דערלויבט נישט צו פאַרשוועכן אַזאַ מאָמענט. בכלל איז נישט עטיש צוצונעמען ביי אַ פאָלק זיינע געקרוינטע און באַליבטע פערזענלעכקייטן.

אַוודאי האָט מען אין די לעצטע יאָרן געמורמלט קעגן העמינגווערן, אַז ער האָט אַ גלאַנץ געטאָן מיט עטלעכע ווערק און אַז ער איז שוין לאַנג אַרונטער פון זיין גדולה. אַנדערע זענען געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן אים בלויז „באַווילִיקט״ איין וויכטיק בוך, דאָס סאַמע ערשטע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן מיט 35 יאָר צוריק — „די סאָן אָלסאָ רייזעס״ (די זון גייט אויך אויף) וועגן פאַרלוירענעם דור נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אגב דער פאַרלוירענער דור איז טאַקע געווען העמינג־וועיס אַ כאַראַקטעריסטיק פאַר זיינע חברים פון יענער צייט. די עקספּאַטריאירטע אַמעריקאַנער, וואָס זענען געקומען זוכן גליקן אין פאַריז און האָבן זיך פאַרלוירן, פאַרטרינקענדיק און פאַרעדנדיק זייער ליידיקייט.

אָבער וואָס פּאַראַ באַטרעף האָט געהאַט דאָס דינע קול פון קריטיק, קעגן דער געוואַלטיקער פּאָפּולאַריטעט פון העמינגוועי, סיי ווי אַ באַליבטער שרייבער און סיי ווי אַ מענטש וואָס האָט שטענדיק צוגע־שטעלט סענסאַציאָנעלע מעשיות וועגן זיך, מיט דער שרייענדיקער „אויטאָביאָגראַפיע״ זיינער, וואָס ער האָט געלעבט בפרהסיא, מיט ווייבער, משקה, יאַגד אויף ווילדע חיות, אַקטיוון אינטערעס אין אַקסן־קאַמף און אַנדערע אויפרייצנדיקע ענינים, וואָס האָבן דעם העמינגוועי־פּאָרטרעט געהאַלטן פאַרן עולם, ווי אַ באַזונדערן ראָמאַן, וואָס דער הויפּט־העלד האָט געלעבט ווי אין זיינע אייגענע ביכער? ס׳האָט אַמאָל אַ יונגער אומבאַקאַנטער שרייבער אָנגעקלאָגט אַן עלטערן באַרימטן שרייבער פאַר פּלאַגיאַט. דער ריכטער האָט צוריקגעוויזן די אָנקלאַגע מיט אַ ביטערן פאָרוואורף צום יונגן חצוף, אַז אומדערפאַלג האָט זיך געוואָלט פאַרמעסטן קעגן דערפאָלג.

בכלל איז שווער צו קעמפן קעגן אַ מיליאָנערסקער פירמע און העמינגוועי איז געוואָרן א גביר אדיר פון זיינע ווערק, אַזוי אַז זיינע אַלע קריטיקערס האָבן געהאַט אַ פּנים פון חוזק. די קריטיק איז כמעט אינגאַנצן איינגעשטילט געוואָרן, ווען ער האָט פאַר זיין קליינער נאָוועלע — „די אַלד מען ענד די סי״ (דער אַלטער און דער ים) באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע. די וועלט־אָנערקענונג האָט זיינע קריטיקערס אינגאַנצן דערשלאָגן (די נאָבעל־געפּרייזטע נאָוועלע איז אויך גיך דערשינען אין יידיש, אין פאַרלאַג „דער קוואַל״, איבערגעזעצט פון פּאָעט מאיר שטיקער).

איצטער האָט דער וועלט־באַרימטער שרייבער אומגערן אָדער באַוואוסטזיניק געמאַכט אַ סוף צו זיין אייגענעם געלעבטן ראָמאַן, ווי זיין טאַטע האָט עס געטאָן, ווען ער איז שווער קראַנק געוואָרן. העמינג־וועי, זאָגט מען, איז לעצטנס אויך געווען ערנסט קראַנק און ס׳איז אַ סברא אַז דער ביקס־מומחה האָט אַזוי גערייניקט זיין ביקס, אַז זי זאָל אים צעשמעטערן דעם קאָפּ. די אומגעריכטע טרויעריקע בשורה האָט פונדעסטוועגן אַלעמען איבערצייגט, אַז דער לעצטער שאָס איז געווען אַ נאַטירלעכער סוף פאַר דעם באַרימטן פּראָזע־מייסטער, וואָס האָט תמיד געלעבט, ווי ער וואָלט זיין אייגן לעבן אויסגעמייסטערט און טאָג־טעגלעך דערפון אַרויסגעצויגן אַלץ, ביזן לעצטן טראָפּן.

ס'וועט דערפֿאַר נעמען אַ לאַנגע צייט ביז מען וועט העמינגוועיִן טאָן זיין רעכט — קינסטלעריש, ער איז געוואָרן אַ גרויסער נאַציאָנאַ־לער נאָמען, וואָס האָט געהאַט אַ סך אָפּקלאַנג אויף דער וועלט. אין דער היינטיקער פּאָליטישער וועלט איז אַזאַ נאָמען אַ שטיק טעריטאָריע. אויב דער סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד האָט אַן אויסטרייך, אַ שאָלאָכאָוו, אַ שאָסטאַקאָוויטש, מוזן מיר האָבן אייגענע גרויסע גייסטיקע ספּוטניקעס. און העמינגוועי איז, בלי ספק, מיט זיין לעבן און מיט זיין טויט געווען און פֿאַרבליבן אַ שטיק נאַציאָנאַל אייגנטום, כאָטש ער האָט אַ צייט אַרומגעבלאָנקעט אויף דער וועלט און זיך מער געחברט מיט שפּאַניער און קובאַנער, ווי מיט אַמעריקאַנער. ער האָט אפשר מער שטאָלצירט מיט זיינע חברים־טאָרעאַדאָרן און מיט דער פּאָפּולאַריטעט אין אַ האַוואַנער „טרונקאַרניע”, וואו אַ סקולפּטור פֿון אים האָט אַראָפּגעשיינט אויף אַלע שיכורים, ווי מיט זיין באַרימטהייט אין האָליוואוד, וואָס האָט אים אַריינגעבראַכט מיליאָנען. אים איז אָבער באַשערט געווען צו פֿאַר־ענדיקן זיין לעצט קאַפּיטל אינדערהיים, אין אַמעריקע, אין אַ קליין שטעטל, ערגעץ אין איידאַהאָ.

העמינגוועי איז געווען דער פּאָעט פֿון דער טרוקענער אַמעריקאַנער פּראָזע. דאָס קלינגט אפשר פּאַראַדאָקסאַל, אָבער אַזוי איז עס געווען. ער האָט געשאַפֿן אַן אייגענעם דיאַלאָג, פֿון געציילטע ווערטער, וואָס אין זייער געציילטקייט זענען זיי געווען נאָך קנאַפּער, ווייל זיי האָבן זיך איבערגעחזרט. העמינגוועי האָט זיי אָבער געגעבן אַ באַזונדערע מוזיק און אַ מאָס, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַ געוויסע מאַטעמאַטיק פֿון טרוקענעם אַמעריקאַנער הין־און־קריק־שמועס. אָבער ביי דער גאַנצער באַוואוסטזיניקער אומראָמאַנטישקייט האָט מען זיך געכאַפּט, אַז העמינג־וועי זינגט אויס דעם אינערלעכן אַמעריקאַנער שמועס, ער מעסט אים מיט אַ מוזיקאַלישן געהער.

ער איז געווען אַ תלמיד פֿון דער באַרימטער גערטרוד שטיין. ער האָט איר ממש אַ צייט לאַנג געקוקט אין מויל אריין און זיך געלערנט ביי איר די מוזיק פֿון איבערחזרן. די יידישע אַמעריקאַנערין האָט אין איר ליטעראַרישן סאַלאָן אין פּאַריז שטאַרק מקרב געווען דעם יונגן שרייבער, וואָס איז געוואָרן איינער פֿון אירע בעסטע תלמידים. אָבער גערטרוד שטיין האָט זיך באַגנוגנט מיט איינהערן זיך אין ענגלישע ווערטער,

העמינגוועי האָט פון איר מעטאָד געשאַפן אַ גאַנצן אָרקעסטער און דערמיט געבויט זיינע נאָוועלעס און דער עיקר זיינע קורצע דערציי־לונגען. זיין מעטאָד האָט גלייך געשאַפן שולע און הונדערטער יונגע שרייבערס האָבן אים גענומען נאָכמאַכן. העמינגוועי האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער נאָוועלע.

מיר דאַכט זיך, אַז דעם יידישן לייענער האָט ער גאָרנישט וואָס צו זאָגן. ס'איז אַ גרויסע פראַגע צי אַפילו דער יונגער אַמעריקאַנער דור געפינט נאָך אויך דעם פולן אָטעם אין זיינע ווערק, ווי מען האָט עס געפונען מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק. ער איז שוין איצט אַזאַ קלאַסישער נאָמען, אַז קיינער וועט אים נישט אַרונטערשלעפּן פון פּיעדעסטאַל, אַפילו ווען מען וועט אים קנאַפּ לייענען. די ערנסטע קריטיקערס זיינע האָבן געהאַט טענות צו אים אַז ער איז שיין, אָבער פּוסט, אַז ער איז האַרצלאָז, אַז ער האָט הנאה פון זיין אייגענער האַרצ־לאָזיקייט און אַז זיין גרויזאַמע וועלט האָט נישט קיין מאָראַלישן אויס־גאַנג.

פאַר אונדז יידן איז העמינגוועי געווען דער „גויאישסטער" שריי־בער, וואָס האָט ווען עס איז געלעבט. אַפילו אַזאַ גוי ווי דאָסטאָיעווסקי איז אין תוך מער „ייד", מיט זיין סלאַווישער נשמה־גריבלעניש, ווי דער נמרוד, וואָס האָט געלעבט מיט דער ביקס און גלאָריפיצירט די פויסט, דעם טאָרעאַדאָר און יאַגד אויף לעמפּערטן. ווי יידן זענען מיר גרייט צו זאָגן, אַז העמינגוועי איז געווען אַ שטיקל משוגענער און אַז די גלאָריפיקאַציע פון דעם „עו־מאַן" וואָס ער האָט זיך באַמיט אויסצו־שפּילן אין לעבן, איז אויך הוילע משוגעת. העמינגוועי האָט אַ צייט זיך אַמוזירט מיט זיינע פערציק הענער, וואָס ער האָט געכאָוועט, כדי זיי אַנצורייצן איינעם אויף דעם אַנדערן, אין אַ הענער־קאַמף, ביז בלוט אין פעדערן. וואָס העמינגוועי האָט געוואָלט באַווייזן מיט זיין „מענערישקייט", מיט זיין האָריקן ברוסט־קאַסטן, איבער וועלכן ער האָט זיך געשלאָגן מיט מאַקס איסטמאַנען, ווען יענער האָט מינימיזירט זיין מענלעכקייט, איז אומפאַרשטענדלעך, סיידן מען זאָל עס זוכן אין דער קרענקלעכקייט פון אַן אַלקאָהאָלישן מוח, וואָס האָט אויסגעשפּילט דעם „אידעאַלן" אַמעריקאַנער, גרייט מיט די פויסטן און מיט דער ביקס.

די צרה איז וואָס דער „געלעבטער" אַמעריקאַנער האָט זיך אַריינגע־

שריבן אין זיינע ביכער, מיט דער גאַנצער פּוסטקייט און לאַנגווייליקייט, און מיט דעם גאַנצן געקליפּער פון א נארישער גבורה, וואָס איז דער אַבסאָלוטער היפּך פון — יידישן וועלט־באַנעם. ער אַליין איז געווען אַ דערפאָלגרייכער פילם, פאַר וועלכן ער האָט געשריבן אַ לעבן לאַנג דעם סצענאַר, און אויף אַ פילם פרעגט מען נישט קיין שאַרפע קשיות. זענען מיינע ווערטער נישט קיין ליטעראַרישע קריטיק, נאָר די צעטומלטע איבעראַשונג פון אַ ייד, וואָס ווערט פשוט געפּלעפּט, ווען ער זעט ווי אין אונדזער צייט איז דער העמינגוועי־סצענאַר גענומען געוואָרן ערנסט. איינע פון העמינגוועיס לעצטע ליטעראַרישע שאַפונגען, איז געווען געווידמעט דער קאַריערע פון זיינעם אַ פריינט, אַ באַרימטער אָקסן־קעמפער. דאָס איז געווען אַ שטיק נודנאָטע, וואָס העמינגוועי האָט גענומען ערנסט, באַשרייבנדיק יעדער קער און ווענד פון דעם טאָרעאַ־דאָר. דאָס איז געדרוקט געוואָרן אין אַ נאַציאָנאַלן אַמעריקאַנער זשורנאַל און גיי שריי קעגן דעם א יידישן חי וקים!

1961

## הענרי מילער

מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק האָט אַן אַמעריקאַנער שרייבער אָנגעשריבן אַ בוך, וואָס מען האָט זיך וועגן דעם געשושקעט, אַז ס'איז פול מיט פּאָרנאָגראַפיע. פלעגט אַן אַמעריקאַנער טוריסט, וואָס איז געפאָרן קיין פאַריז אַריינכאַפּן אַביסל עולם־הזה, צוריקקומען מיט אַ פאַריזער עקזעמ־פּלאַר פון דעם בוך — אין אַמעריקע האָט אַזאַ ווערק דעמאָלט נישט געטאָרט דערשיינען — און מהנה זיין זיינע פריינט מיט דעם פאַרבאָ־טענעם בוך.

דער מחבר פון דעם ווערק, הענרי מילער, האָט זיך דערפאַר דער־וואָרבן א באגרענעצטע אָבער סענסאַציאָנעלע פּאָפּולאַריטעט און ער האָט שוין כסדר געשריבן אַזעלכע ווערק, אַמוזירנדיק די אַמערי־קאַנער קאָלאָניע אין פאַריז. הענרי מילער איז געווען אַן אויסגעוואָר־

צלטער אַמעריקאַנער, וואָס האָט געשאָטן פעך און שוועבל אויף זײַנע לאַנדסלײַט, אַז אַמעריקע איז די ערגסטע מדינה אויף דער וועלט און אַמעריקאַנער זענען ממש באַרבאַרן.

איצט, ווען הענרי מילער האָט דערגרייכט די זאַטע עלטער פון זיבעציק יאָר, איז ער צוריקגעקומען קיין אַמעריקע און זײַנע פרײַנט האָבן אים באַגריסט מיט אַן איבערדרוק פון זײַן ווערק, וואָס איז אמאָל געווען אַזאַ קאָנטראַבאַנד־סענסאַציע. דאָס ווערק הייסט „טראָפּיק אָוו קענסער" (מזל סרטן). אַן אונטערנעמערישער פאַרלאַג האָט עס ארויס־געגעבן און ס'איז שוין אויף דער „בעסט־פאַרקויף" ליסטע. דער אַמערי־קאַנער פּאָעט קאַרל שאפּיראָ האָט געשריבן א הקדמה צו דעם איבער־דרוק פון דעם געשושקעטן ווערק און ער פּראָקלאַמירט דאָס בוך, ווי דאָס גרעסטע אין דער וועלט־ליטעראַטור. קאַרל שאפּיראָ איז, חוץ א פּאָעט, אויך אַ קריטיקער, און ער ריזיקירט גאָר אַ סך, אײַנשטעלנדיק זײַן געשמאַק אויף הענרי מילערס קונסט־ווערק. „טראָפּיק אָוו קענסער" איז אַ מין אויטאָביאָגראַפיע, פון דעם עקספּאַטריאירטן אַמעריקאַנער שרײַבער, וואָס לערנט זיך ווערן אַן אויסוואורף אין פּאַריז. ער וואַלגערט זיך אין שמוץ און ער האָט הנאה דערפון. ער טויט־אַפּ אין זיך יעדער געפיל פאר אידלקייט, שיינקייט און ראַפינירטקייט און ער איז מטמא דאָס מענטשלעכע לשון מיט אַ ווילדן תענוג. דאָס ביסל געשלעכט אין בוך ווערט צעלייגט — נישט אויף טעלערלעך, נאָר אויף מיסט־קאַסטנס. ס'ווערט מיאוס און מאוס לייענענדיק דאָס ווערק פון אַ ליטעראַרישן דעגענעראַט.

איך בין א קעגנער פון צענזור, אָבער אַזאַ ווערק געהערט אַפילו נישט צום געביט פון ליטעראַטור־צענזור. ס'כאַפּט אָן אַן עקל ווען מען לייענט עטלעכע זייטלעך, און אויב אַזאַ ווערק מוז אונטערדריקט ווערן, דאַרף עס אפשר געטאָן ווערן פון סאַניטאַציע־דעפּאַרטאַמענט. דערבײַ לאָזט זיך נאָך דער מחבר וואוילגיין מיט אַנטיסעמיטישע אויסדרוקן, אַנצוהערענישן און אַנטיסעמיטישע שילדערונגען פון יידן.

ווען מען זאָגט אויף אַזאַ ווערק, אַז ס'איז אַ קונסט־ווערק, ווערט דערמיט פשוט באַגאַנגען אַן אַטענטאַט אויפן לייענער, און ווען עס טוט עס נאָך אַ ייד מיט גרויסע פּרעטענסיעס, ווי קאַרל שאפּיראָ, איז עס אַן עבירה. „טראָפּיק אָוו קענסער" איז נישט מער ווי א ווילדער אויסגוס

פון אומדיסציפּלינירטע רייד, געשריבן אין דעם אַזוי־גערופענעם סטאַקאַטאָ־סטיל פון יאָרן צוריק ווען ס'איז נאָך געווען אין דער מאָדע, ווען מען האָט כלומרשט מרמז געווען — אויף גאָרנישט. אין ווערק שווימען ארום עטלעכע קרישקעס טאַלאַנט, אָבער מ'קאָן זיך באַגיין אָן דעם.

ווידער שווימט אַרויף אַ קשיה, אפשר אַ ריין־יידישע קשיה: האָט מען טאַקע נישט קיין בילכערע זאַכן צו טאָן אין אַמעריקע, ווי אויסצו־גראָבן אַ פאַרעלטערט פאָרנאָגראַפיש ווערק און עס ארויסגעבן, מיט דעם גאַנצן ריח־ניחוח פון דעם אַמאָליקן „ריי־בלאַנדעל" און עס נאָך אַרויפצוווינגען אויפן עולם כלומרשט ווי אַ קונסט־ווערק? די סטאַ־טעטשנע אַמעריקע האָט זיך לעצטנס שטאַרק דערשראָקן פאַר דעם געשריי — צענזור. דער סאָלידער ליטעראַרישער געשמאַק האָט מורא מ'וועט אים באַשולדיקן אין קאָנסערוואַטיזם און אָפּגעשטאַנענקייט און ער בויגט זיך פאַר די פּיפּיקע קרעמערס, וואָס נוצן אויס די שוואַכקייט פון דעם עלטערן עולם וואָס וויל נישט גילטן פאַר רעאַקציאָנער.

אָבער אויב אַמעריקע האָט מער נישט וואָס צו טאָן, ווי אויפצולעכן די רעפּוטאַציע פון אַ העגרי מילער, וואָס איז מיט עטלעכע דרייסיק יאָר צוריק געווען אַ ליטעראַרישער בלאָטער, איז עפּעס פויל מיט אונדזער גאַנצער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע. אַזוי האָט אויסגעזען דער ליטע־ראַרישער מאַרק אין דייטשלאַנד, מיטן אויפשטייג פון נאַציזם. ווידעראַמאָל ס'איז נישט קיין פראַגע פון צענזור, נאָר ס'איז קריעה צו רייסן. מיר קוויקן זיך דאָ מיט אַזאַ ליטעראַטור, וואָס אטראָפירט דעם ווידערשטאַנד צו אַלערליי סכנות, וואָס לויערן אויף אונדזער וועלט. פּאָליטיש ווייסן מיר אַז אַ גרויסע מאַכט וואַרט אונדז צו כאַפּן ביים שוואַכסטן פּונקט, און מ'יר פאַרלייענען זיך מיט אַ פאַרעלטערטן באָרדעל־בוך פון עטלעכע דרייסיק יאָר צוריק.

1961

## שוין ווידער טוינבי!

אַרנאָלד דזשאָזעף טוינבי, דער סענסאַציאָנעלער היסטאָריקער, האָט לעצטנס פאַרעפנטלעכט דעם צוועלפטן באַנד פון זיין ענציקלאָפּעדישער וועלט־געשיכטע און ער האָט ווידער באַוויזן צו מאַכן דעם טומל, וואָס זיינס א צוגעגעבענער באנד מאַכט שטענדיק. ער איז אַ מאַדים אויף קריגן די אויערן פון דער עפנטלעכקייט, מיט דער היסטאָריע וואָס שרייבט זיך ביי אים אין פאַרזעצונגען, עלעהיי אַ ראָמאַן. דער נייעסטער באַנד איז אין פאָרויס פּראָקלאמירט געוואָרן ווי אַ מין רעוויזיע, אָבער די וואָס האָבן שוין באַוויזן צו מישן די בלעטער, זאָגן אַז טוינבי רעווי־דירט פּאַקטיש גאָרנישט; ער סערווירט ווידער זיין צימעס פון טעאָלאָגיע, מיסטיק, ארכעאָלאָגיע, פּאָליטיק און שנאה צו מדינת ישראל.

די דעבאַטע וואָס ער האָט געהאַט אין מאָנטרעאָל, מיט דעם ישראל־אַמבאַסאַדאָר, איז טוינבין גוט צונויץ געקומען. עס האָט אָנגעריסן און אַלע צייטונגען איבער דער גאַנצער וועלט האָבן אויפּסניי גרויס געמאַכט טוינביס נאָמען. ס׳מיינט פשוט, אַז יידן האָבן טוינבין צוגעשטעלט דעם פאָרויסלויפנדיקן פּרסום פאַר זיין צוועלפטן באַנד. קיין גרעסערע פּובליציטעט האָט ער זיך גאָרנישט געקאָנט ווינטשן. אין דעם נייעם באַנד חזרט איבער דער היסטאָריקער אַלץ וואָס ער האָט שוין געזאָגט וועגן דעם פאַרברעכן, וואָס יידן זענען באַגאַנגען קעגן די אַראַבער; וועגן דעם ציוניזם וואָס האָט איבערגענומען די רשעות פון דער מערב־דיקער קריסטלעכער ציוויליזאַציע און אַז יידן זענען אַ טייל פון דעם וועלט־רשעות. די גאַנצע דעבאַטע איז געווען אַרויסגעוואָרפן, אויב די קאַנאַדער יידן האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן דעם גוי אַ קאַפּיטשקע „מגייר" זיין און אין אים אַריינקנעלן אַביסל יושר. דער פאַקט וואָס ער איז אַזוי אויסגעהאַלטן, שטאַנדהאַפטיק און פעסט בנוגע זיין ביטערער שנאה צו מדינת ישראל, האָט אַזוי שטאַרק אויסגענומען ביי די „דזשוי־דאַאיסטן", אַז זיי האָבן אים גלייך מכבד געווען מיט אַן עליה, ביי זייער קאָנפערענץ אין פילאדעלפיע און אים געמאַכט פאַר זייער צוצי־קראַפט און הויפּט־רעדנער.

טוינבי איז שוין 72 יאָר אַלט און ער איז זייער און זייער אַ פּראַק־

טישער מענטש, נישט געקוקט אויף זיין גאַנצער אַנגעוואָלקנטער פילאָזאָפיע פון געשיכטע. ער פארשטייט, אַז ס'לוינט זיך אים נישט צו בייטן זיינע אַנטי־ישראל־מיינונגען. אָבער נישט לאַנג צוריק האָט ער אונדז יידן פאַרט געגעבן אַ שטיקל ראָל אויף דער וועלט, נאָכדעם ווי ער האָט אונדז פאַרשטיינערט און היסטאָריש אונדז אָפּגעזאָגט דאָס לעבן. נאָך אַ שטיקל ישוב הדעת, האָט ער פון יידן געפאָדערט רייניקן די אמונות פון דער וועלט, וואָס קריסטנטום האָט איבערגעפירט. עס הייסט, ער האָט אונדז צוגעשאַרט אַ שטיקל אויסדערוויילטקייט, אַ מיסיע.

אָבער אין דעם נייעם באַנד שלאָגט ער זיך שוין מיט אונדזער אויס־דערוויילטקייט אויך און ער רייט אויף דער אַלטער קליאַטשע, מיט גרויס ליידנשאַפט; דאָן קיכאָטיש שטרעקט ער אויס די שפּיז און ער דערלאַנגט אַ שטאָך דעם יידישן אתה בחרתנו.

טוינבי איז פון אַ פּראָפעסאָר פון גריכישער ליטעראַטור געוואָרן אַ פּראָפעסאָר פון געשיכטע, אָבער אויב ער איז אַזאַ בקי אין דער געשיכטע פון אַנדערע פעלקער, ווי ער איז בקי אין דער יידישער געשיכטע, איז ער אַ גאַנץ פיינער עם הארץ. זיינע שאַרפע קריטיקערס — און די צאָל זייערע איז גרויס — האַלטן נישט פון זיין שרייב־סטיל, אָבער נאָך ווייניקער האַלטן זיי פון דער גרינטלעכקייט פון זיינע ידיעות. ווען עס קומט צו יידישער געשיכטע און יידיש וויסן, איז ער נאָך דערצו אַ באַנאַלער עם הארץ. פאַראַן אָריגינעלע עם הארצים, אָבער זיינע „יידישע" ידיעות זענען באַזירט אויף געהערט און גענאַשט. פאַר אַ היסטאָריקער פון אונדזער צייט, אַפילו ווען ער איז אַ שונא ישראל (כ'נוץ דעם באַגריף אין מאָדערנעם זין, פון שנאה צו מדינת ישראל) ארויסצוקומען מיט דער אַלטער טראַנטע אין פולער בוכשטעבלעכקייט, אַז יידן שטאָל־צירן דערמיט, וואָס זיי זענען אַן אויסדערוויילט פאָלק, מיינט דערגראָבן זיך צו די סאַמע אָפּגרונטן פון באַנאַליטעט. אינטערעסאַנט איז, אַז אַזוי איז טוינבי אַ גאַנצער מיסטיקער און ער קאָקעטירט אַפילו מיט אַ כלומרשט פּאָעטישן צוגאַנג צו געשיכטע, אָבער צו יידן טשעפּעט ער זיך ווי אַ ליאַדע אלטפרענקישער אַנטי־ייד. וויַיזט אויס, אַז אַלץ לאָזט זיך ציוויליזירן, אַ חוץ שנאה צו יידן. אַלץ אין דער וועלט באַנייט זיך, אַ חוץ די אַלטע און אומזיסטיקע פיינטשאַפט. דער אַנטיסעמיטיזם דאַרף אַפילו נישט האָבן קיין נייעם שלייער, ער קומט מיטן גרייטן. כ'מיין

נישט צו זאָגן אַז טוינבי פאַרדינט דעם פולן טיטל פון אַן אַנטיסעמיט, אָבער ער קערט זיך זיכער אָן אַ סך אין נאָענטער קרובהשאַפט מיט אַנטיסעמיטיזם, ווי ער אַליין וואָלט געוואָלט צוגעבן. דערפאַר איז גענוג פאַר אַזאַ וועלט־טרייסלענדיקן היסטאָרישן פילאָזאָף צו אַטאַקירן דעם יידישן אתה בחרתנו. ער דאַרף גאָרנישט אָריגינאַליזירן, ווען עס קומט צו יידן.

פון 1919 ביז 1925 איז ער געווען פּראָפעסאָר פון דער מאָדערנער גריכישער שפּראַך און איר ליטעראַטור. כ׳ווייס נישט אַקוראַט ביז וועלכן בלעטל אין געשיכטע מען דאַרף דערגיין, אַז מען זאָל עס אָנרופן מאָדערנע גריכישע ליטעראַטור, אָבער וואָס שייך יידיש וויסן, האָלט טוינבי אַפילו נישט ביים אלף־בית, נישט אין שפּראַך און נישט אין ליטעראַטור, אָבער אים באַאומרואיקט אלץ אונדזער אתה בחרתנו־שטאָלץ. וואָס אַזוינס האָט ער דערלייגט צו אונדז, אַז מיר האָבן אויף זיך פרייוויליק גענומען אַ גאַנצן באַרג סיני מיט דברות, אין אַ וועלט פון געצנדינערייִ, און מיר האָבן געמאַכט מאָראַל און עטיק פאַר אַן ענין פון געטלעכער אויסדערוויילטקייט ? און וואָס אַרט דעם דאָזיקן גרויסן חריף, וואָס האָלט די גאַנצע וועלט־געשיכטע אויף זיין האַנט־פלאַך, אַז יידן האָבן זיך געגרויסט קעגן זייערע מערדערס און פאַרטיליקערס און געשטאַרקט זיך צום לעבן, מיט זייער מאָראַלישער אויסדערוויילטקייט, איבער דעם רוצח ? אַפילו ווען ס׳זאָל זיין נישט מער ווי א היסטאָרישע איינרעדעניש, איז עס דאָך געווען אַ גוטע און געזונטע איינרעדעניש, וואָס איז אונדז בייגעשטאַנען אַזוי לאַנג, אַז די יידישע געשיכטע לאַכט זיך אויס פון טוינביס אומגעלומפּערטן פאַרזוך אונדז איינצומאַרינירן.

אַזאַ טעמפּן מוח זאָל אַ היינטצייטיקער היסטאָריקער האָבן, אַז ער זאָל נישט דערשפּירן די טרוקנקייט און פּעדאַנטישקייט פון זיין צוגאַנג צו צאַפּלדיקער פּאָעזיע פון אַ פאָלק, וואָס האָט געגלויבט אין אַ מאָראַ־לישן און לעבעדיקן המשך ! ווען האָבן מיר שלעכטס געטאָן מיט אונדזער געדאַנק פון דערהויבענער אויסדערוויילטקייט ? דער דאָזיקער געדאַנק איז דאָך געווען אַ שטיק ריינקייט, וואָס איז געוואָרן אַ ברכה פאַרן גלות; און גלות האָט דאָך טוינבי ליב, דער עיקר ווען ער וויל אויף אים אויפשפּילן זיין שנאה צו מדינת ישראל!

און אויב מען וויל איז דאָך דער פּאָליטישער ציוניזם אין עצם אַ

פאַרזוך צו נאָרמאַליזירן און אויסגלייכן יידן מיט אַנדערע פעלקער; מיט אַנדערע ווערטער, אַן אַנטי־אתה־בחרתנו־באַוועגונג. טאָ וואָס־זשע טשעפּעט זיך טוינבי צום ציוניזם? אמת טאַקע, איך האַלט, אַז מיר ווענן זיך ערשט איצטער נויטיקן אין אַ נאָך שטאַרקערן אתה בחרתנו, ווייל די פעלקער פון דער וועלט וועלן ביי אונדז פאָדערן דעם העכסטן מאָראַלישן סטאַנדאַרט, וואָס זיי פאָדערן נישט איינע ביי די אַנדערע. אָבער טוינבין דאַרף דאָך זיין צום האַרצן די אויסגלייכונג פון יידישן פאָלק מיט אַלע אנדערע לאַנד־באַזעצטע פעלקער. עס נעמט אים אָבער צו דאָס געפּעכט־געוויער קעגן אונדזער אתה בחרתנו, וואָס ער וויל דווקא פאַרשטיין אַזוי בוכשטעבלעך און ממש אַנאַלפאַבעטיש.

פאַר אַזאַ מרעיש־עולמדיקן היסטאָריקער, ווי ער מאַכט דעם איינדרוק אויף דער וועלט, איז אַזאַ מגושמדיקער אַנגריף אויף אונדז אַ שטיק אַנאַכראָניזם. ס'איז שוין די העכסטע צייט מען זאָל אויפהערן דעבאַטירן מיט טוינבין אונדזערע עקזיסטענץ־ווערטן און היסטאָרישע עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. לאָמיר אים אַוועקשענקען במתנה גמורה די דזשודאָאיסטן, וואָס זענען אַ שטיק יידיש־געשיכטלעכע פאַרזעעניש. ווען זיי האָבן דערהערט אַז טוינבי איז אויך אומצופרידן מיט אונדזער אתה בחרתנו פון סידורל, האָבן זיי זיך ארומגעכאַפּט מיט אים, און — זאָל זיי וואויל באַקומען.

1961

## משה שולשטיינס לידער

מיר דוכט זיך, אַז דער בעסטער און געווינטסטער צוגאַנג צו אַזאַ פּאָעט ווי משה שולשטיין וואָלט געווען, צו עפענען זיין בוך לידער, וואָס איז נישט לאַנג צוריק דערשינען אין פּאַריז, און זען, ס'הייסט לייענען, אָן שום ביאָגראַפישע צוגרייטונגען, צו לאָזן די לידער רעדן פאַר זיך אַליין און דערציילן פאַר זיך אַליין. אָבער שוין די ווידמונג פון בוך, וואָס דער דיכטער היילינקט „דעם אָנדענק פון די יידישע שרייבער און קינסטלער

אין ראַטנפאַרבאַנד, אומגעבראַכטע דעם 12־טן אויגוסט 1952״, פאַדערט צו דערציילן, אַז שולשטיין געהערט צו דער קליינער גרופּע פּאָעטן און דערציילערס, וואָס ווערן געווײנלעך גערופן בעל־תשובהניקעס. שולשטיין איז געווען אַ שאַרפער קאָמוניסט, וואָס האָט מיט זיין ליד און מיט זיין געלעגנהייטלעכער פּובליציסטיק געקעמפט פאַר באָלשעוויזם און באַרעכ־טיקט אַלע זיינע מעשים. שולשטיין וואוינט שוין אַ לענגערע צייט אין פּאַריז און ער איז פּאַקטיש אַ פּאַריזער תושב, אָבער ער האָט נישט גע־קאָנט זיין אַ פּרימערער קאָמוניסט, ווען ער וואָלט אַפילו געוואוינט אין קיעוו אָדער אין מאָסקווע. ווען מען האָט שוין געוואוסט אין „בורזשואַזע״ קרייזן וועגן דער ליקווידאַציע פון די יידישע שרייבערס און קינסטלערס אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, איז אים נאָך אַלץ געווען באַקוועם נישט צו גלויבן, ביז די ביטערע בשורה איז באַשטעטיקט געוואָרן אַזוי, אַז אַפילו די גלויביקסטע קאָמוניסטן האָבן שוין אויך געמוזט צוגעבן. משה שול־שטיין האָט זיך ערשט דעמאָלט אָנגעשלאָסן אין דעם קליינעם קרייז פון בעלי־תשובה און געוומען, ווי מען רופט עס, אויסשרייען זיין ווייטיק.

דאָס נייע בוך לידער הייסט — „בלומען פון באַדויער״. און איך מוז גלייך צוגעבן, אַז כ׳ווייס נישט וואָס פאַר אַ שטייגער בלומען דאָס זענען. נאָר וואָלט דאָס בוך בלויז באַשטאַנען פון דער ערשטער סעריע „אין שיין פון קדושים״, וואו דער דיכטער באַוויינט די אומגעקומענע יידישע שריי־בערס, וואָלט מען עס עמאָציאָנעל פאַרבונדן מיט דעם דיכטערס פּאַרטיי־אָפּנויג און די לידער וואָלטן אפשר דערפון געוואונען, אויב נישט אין פּאָעטישן ווערט, איז לכל הפּחות ווי פּסיכאָלאָגישע דאָקומענטן פון אונדזער צעטומלטער צייט. אַפילו דעם נאָמען פון בוך וואָלט עס טיילווייז באַרעכ־טיקט, ווייל אין לעצטן פערז פון ערשטן אַריינפיר־ליד לייענען מיר —

האָב איך געקליבן בלומען פון באַדויער\
פון ווערטער — אות צו אות און טראָף צו טראָף.\
צו זייער נישט פאַרגייענדיקן דויער.\
כ׳בין זייער נישט־פאַרמעקטער עפּיטאַף.

דאָ הויבן מיר אָן צו פאַרשטיין, אַז די „בלומען פון באַדויער״ זענען די קלאָג־ווערטער, וואָס דער דיכטער האָט געקליבן, אָבער באַדויער איז זייער אַ שוואַך וואָרט פאַר אַזאַ אויפטרייסלענדיקער געשעעניש, וואָס

האָט אַפּילו אַביסל צעטרייסלט שולשטיינס אייגענעם פּאָליטישן אַני־מאַמין. צוליב אַזאַ שוואַכן גראַם, ווי „באַדויער" מיט „דויער", האָט זיך נישט געלוינט צו שאַפן אַזאַ פּאַרעוון אויסדרוק פון טרויער. עס איז אויך פאַלש צו זאָגן אויף זיך, אַז ער, דער דיכטער, איז אַ „נישט־פּאַרמעקטער עפּיטאַף". דער פּרואוו פון דער נישט־פּאַרמעקטקייט פון אַן עפּיטאַף איז נישט דער איצט, נאָר עס דאַרפן אַוועקגיין שיינע יאָרן, ביז מען זעט צי אַן עפּיטאַף האַלט זיך, אָדער די צייט פרעסט אים אויף, מעקט אים אויס, אָדער שווענקט אים אָפּ.

דאָס זענען אַלץ אַזעלכע קליינע טשעפּענישן, וואָס ווייזן פונדעסטוועגן גרויסע חסרונות, אַז דער דיכטער פאַרגראַמט זיינע שורות, נישט אָפּגעבנ־דיק זיך קיין חשבון, אָדער נישט פאַרשטייענדיק זיין אייגענעם פּירוש המלות. פונדעסטוועגן ווען דאָס בוך וואָלט בלויז באַשטאַנען פון דעם עמאָציאָנעלן „אין שיין פון קדושים", וואָלט מען, אין שייכות מיט דעם לעצטן ביאָגראַפישן עפּיזאָד פון דעם דיכטער משה שולשטיין, געמעגט פאַרשווייגן אַ סך גרויסע און קלענערע חסרונות און זען בלויז דאָס אַלגע־מיינע בילד פון אַ באַוויינער און באַקלאָגער, וואָס שרייט־אויס —

עס ריזלט פיבערדיק און הייס דורך מיינע חצותן,
ווי ס'וואָלט דאָס בלוט פון אייגן האַרץ געפּלאַסן.

איז אָבער די צרה וואָס אין דעם רחבותדיקן און שיין־אַרויסגעגעבענעם בוך פון 260 זייטן, באַצירט מיט צייכענונגען פון מאַנע קאַץ, בען און א. קאָלניק, זענען פאַראַן אויך אַנדערע לידער־סעריעס — נאַכט־לידער, ליבע־לידער, לידער פון ישראל, וואוהין דער דיכטער איז געקומען מיט זיינע ערשטע תשובה־שטימונגען. מיר מוזן דערפאַר אויפנעמען דאָס בוך ווי יעדעס אַנדערע בוך לידער. ערשט ווען מען לייענט דאָס בוך ווי אַ זאַמ־לונג פון פאַרשידענע לידער, הויבט מען אָן איינזען, אַז אפילו די באַקלאָג־לידער זענען אויך זייער פאַרזיכטיק אויסגעזונגען, איבערלאָזנדיק פאַר זיך אַ טירעלע, וואָס דורך אים זאָל מען קאָנען, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, צוריקשפּאַצירן. דער דיכטער באַקלאָגט טאָקע אומגעבראַכטע יידישע פּאָעטן, אָבער סטאַלינס ביקסן וואָס האָבן צעשאָסן די קעפּ, ווערן פּאָליטיש אָפּגעטיילט פון דעם אידעאַל פון דעם לעניך־אַרדן —

לאָזט צום האַרצן מיך צושפּיליען מיין לענין־אָרדן,
דעם שכר און דעם לויב פאַר מיין טרויס און געזאַנג.

דאָס איז פּאַקטיש אין איינקלאַנג מיט דער כרושטשאָוו־ליניע, די ביקסן זענען געווען בעריאַס, אָבער דער לענין־אָרדן איז נאָך אַלץ אַ כבוד־אָרדן, וואָס מען דאַרף צושפּיליען צום האַרץ פון אַ צעשאָסענעם פּרץ מאַרקיש.

משה שולשטיין געפינט נישט אין זיינע „בלומען פון באַדויער" קיין נייערע אויסדרוקן ווי „די געקוילעטע מוזע, אַ קלאָר־ווייסע טויב". און ס׳וואָלט שווער געווען זאָגן, פון דער ערשטער סעריע אַליין, צי קומען צו אים די גרויסע באַנאַליטעטן, ווייל ער וויל נישט, ווי אַן אויבערפלעכלע־כער בעל־תשובה, גראָבן טיפער, אָדער דערפאַר, ווייל ער איז בכלל שוואַך אויף פּאָעטישער עברי. ערגעצוואו רייסט זיך אַרויס אַזאַ שוואַכע קריטיק —

מ׳האָט לאַנג שוין פאַרגעלטונג די קרובים געבראַכט,
דעם תליון אַ פריינטלעכן פאַרוואורף געמאַכט.

אָבער דער „פריינטלעכער פאַרוואורף" צום תליון איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דינעם און דיפּלאָמאַטישן תשובה־טאָן פון דער גאַנצער ערשטער סעריע.

דער דיכטער היט זיינע רייד ווי אַ געשולטער פּאַרטיי־דיפּלאָמאַט. ווען דער טרויער טרעט צו נאָענט און שטאַרק און כאַפּט אים אַן ביים לאַץ, ראַטעוועט ער זיך מיט שווייגן —

ביי דער שיין פון טונקעלן געדעמפטן ליכט,
לאָמיר זיצן אַרום טיש און שווייגן ווי אַ בוים.
שולטער ביי אַ שולטער איינגעפּרעסט, געדיכט.
לאָמיר בלויז פון צייט צו צייט פון זיי דערציילן.

דער „שולטער ביים שולטער", די נאָכלאָזיקע עברי איז נישט קיין צופאַל. ווען אַ דיכטער וויל דווקא שווייגן, בעת מען דאַרף שרייען, וועט ער שוין גראַמען „אַ בוים" מיט „דערציילן", און ער וועט געבן דירעק־טיוון, אַז „בלויז פון צייט צו צייט" זאָל מען פון די הרוגים דערציילן, ווען די צייט וועט זיין גינסטיק און וועט נישט צו שטאַרק אַרויס פון דער ליניע.

אַז מען לייענט די וויטערדיקע לידער־סעריעס דערזעט מען ערשט, אַז

די פֿאַלשע שטעך זענען נישט אַזוי פּאָליטיש ווי — פּאָעטיש. מען דער־שפּירט ערשט, אַז ס׳האָט נישט געקאָנט זיין אַנדערש. דער דיכטער משה שולשטיין איז נישט קיין גרויסער איבערקלייבער. ער אַרבעט מיט ליידיקע און שטרויענע שורות, אָבער מיט אַנגעשוואָלענע און אָנגעפּראָפּטע.

אַמאָל בלויז פֿון שוים פֿונעם טייכל
עס טשוכעט דאָס מיל־ראָד זיך אויס,
ווי ס׳וואָלט נישט באַנומען דעם שכל
פֿון שטענדיקן דריי און געברויז.

די פּאָעטיק פֿון אַ מיל, וואָס קאָן נישט באַנעמען דעם שכל, איז זיכער נישט פֿון די שכלדיקסטע איינפֿאַלן, אָבער שולשטיין קאָן אויך רעדן מיט פֿעטע און אָנשטעלערישע רייד ווי די הויכע בערג, וואָס צו זיי פֿאַר־רייסט ער דעם קאָפּ.

מיין פּען האָט ווי אַ שאַרפֿער בליץ צעריסן אייער וואָלקנדיקן הולך,
איר זאָלט פֿאַר מיר אין אייער אורפּראַכט שטיין אַנטפּלעקט פֿון ווייט.

אַזוי רעדט דער דיכטער צו די אַלפּן. זיין פּען האָט אויף זיי געהאַט אַ גוואַלדיקע שליטה און זיי האָבן גלייך אַנטפּלעקט פֿאַר אים די וואויל־באַקאַנטע אור־פּראַכט.

שולשטיין האָט אַ טבע אַריינצופֿאַלן אין פּריקרער, קלעפּיקער מוזי־קאַלישקייט, וואָס מאַכט דעם איינדרוק ווי דער דיכטער וואָלט געשלאָסן די אויגן און זיך אַ קאַפּיטשקע פֿאַרקינדישט —

פֿון אַלע רויטע דעכעלעך
געקרויזטע רויכעלעך שטייגן
און איינס צום צווייטן ציען זיי
און שטרעקן זיך און בייגן.

אָדער —

אַלץ אין וועג —
און נישט שייך
צי מען טאָר,
צי מען מעג.
ווי אַ בליץ
וואָלקן־נאַכט

ער צערייסט,
ער צעקריצט,
ער צעשניידט,
ער צעשפּאַלט.

**נישט שייך צי מען טאָר אַזוי שרייבן, צי מען מעג, אַז די קורצע שורהלעך טאַנצן אַוועק אויף גאַנצע זעקס זייטן.**

טו אַ גאָס,
טו אַ פּלייץ. אַך, ווי גוט,
ווי געשמאַק.
כ׳שטיי אין מיט
ווי אַ בוים
אין אַפּריל
אָפּגעשיט
פול מיט צוויט.

**אַ מעלה האָבן די לידער, זיי זענען פאַרשטענדלעך. פאַר די לייענער׳ס וואָס זוכן פאַרשטענדלעכע פּאָעזיע, וועלן שולשטיינס לידער זיין אַן אוצר פון קלאָרקייט און אָנטאַפּנדיקער פאַרשטענדלעכקייט. וואָס קאָן זיין פאַר־שטענדלעכער פון אַזעלכע שורות?**

אין ערשטן שטאָק איז, קענטיק, עפּעס אַ קאָנטאָר.
אַ מיידל ביי אַ שרייבמאַשין פאַריכט די האָר.
און אויפן צווייטן, זע איך, הינטערן גאַרדין,
אַ פרוי טוט־אָן אַ מלבוש אויף אַ מאַנעקין.

**דער דיכטער זעט די אַלע פּאָעטישע בילדער דורך זיין פענצטער און ער באַשרייבט עס אַלץ מיט רירנדיקער און געטרייער פאַרשטענדלעכקייט. זיינע געדאַנקען זענען אויך קלאָר און אַלץ וואָס ער זאָגט איז באַהויכט מיט דער בליציקער געדאַנקלעכער אָריגינאַליטעט, וואָס ס׳פרעגן זיך אויף איר נאָך די פּאָעזיע־לייענערס, וואָס זענען מיד געוואָרן פון אומ־פאַרשטענדלעכער פּאָעזיע —**

שטייסט־אויף אין יעדן אינדערפרי
דאָס לעבן וועקט דיך ווי אַ גלאָק.

דו גיסט די אָרעמס ברייט אַ צי —
נעמסט פריינטלעך אויף אַ נייעם טאָג.

אויב „גלאָק" און „טאָג" איז נישט פון די גאַר־געראָטענע גראַמען, איז אָבער דער איינפאַל, אַז אַזוי גיך ווי מען שטייט אויף אינדערפרי, קומט געוויינלעך אַ נייער טאָג — אַזוי איבערראַשנדיק ניי, אַז ס׳איז מכפּר אויף די שלעכטע גראַמען. געוויינלעך פאַלט שולשטיין אַריין אין אָפּגעטראָגענע רייזעניזמען —

ווי גוט איז מיר אָפּטמאָל צו וויסן,
אַז וואו נאָר די זון ערגעץ שײַנט,
איז עמיץ פאַראַן מיך צו גריסן
און ווען כ׳זאָל אָנרופן: פריינט.

פּאָעטישער ווערן נישט שולשטיינס לידער, אַפילו ווען זיי דערשמעקן שוין ארץ־ישראל־ערד. אין 1948, זאָגט אונדז דער דיכטער, בעת דער באַפרייאונגס־מלחמה, האָט ער געשריבן אַזעלכע שורות —

פאַרהויבן אין חידוש, דערשטוינט אין נעפּל,
פאַרנעמען די אוראַלטע בערג פון ישראל
פון יידישע קריגער דעם רעש דעם דערוואַכטן,
פון לאַנג שוין פאַרקלונגענע פאַטערלאַנד־שלאַכטן.

פון דער דערנענטערונג צו ישראל שלאָגט דער דיכטער אויס אַ גרויסע צאָל לידער. „ווען די שיף גייט אָפּ" — איז אַ ליד. „עס טראָגט אויפן ים זיך אַוועק — איז נאָך אַ ליד. „די ערד ווערט אַלץ ווייטער" — איז ווידער אַ ליד. „כ׳קוק שעהן־לאַנג אַריין אין ים" — איז אַוודאי אַ ליד. „ס׳וועט זיין אַ שטורעם" איז אי אַ וועטער־פאַרויסזאָגעריי, אי אַ ליד. „ים־טרוי־מעריי"; „שווימט אַ שיף מיט יידן"; „ביים ברעג פון ישראל" — ביז עס קומט דאָס ליד — „אויף דער צוגעזאָגטער ערד", און מיר זעען ערשט, ווי דער דיכטער האָט אויסגעשלאָגן הוצאות פון זיין רייזע קיין ישראל, און ווען ער איז שוין „אויף דער צוגעזאָגטער ערד" — צעגראַמט זיך דער דיכטער אַזוי —

כ׳וויש אָפּ דעם שטויב פון וואַנדערן
און ווי אַ פייל אין לאַנד אַריין

עס שיסט מיך אויס דער פּאַרט,
פּאַר פּורים היינט... אַ שיכורער
עס שניידט זיך לייכט מיין בליק אַריין
אין זאַמד, ווי אין אַ טאָרט.

קיין באַמערקונגען וועלן דאָ נישט געמאַכט ווערן! זאָל דער לייענער אַליין זיך מטריח זיין און מאַכן זיינע אייגענע קאָמענטאַרן. דער דיכטער האָט אין צוגרייטונג פּאַר דעם מאָמענט אויסגעשעפּט הונדערטער ים־גראַמען און אָט איז ער שוין אויף דער צוגעזאָגטער ערד און — אָבער, ווי געזאָגט, דער לייענער איז מחויב אַליין אויסצודריקן זיינע געדאַנקען איבער דעם זאַמדיקן טאָרט.

משה שולשטיינס ביז־איצטער אַרויסגעגעבענע לידער־ביכער האָב איך נישט געלייענט, אָבער ווען ער איז געווען אין „יענעם״ לאַגער, איז ער געווען באַרימט און באַליבט. איך האָב מיט ליכט געזוכט אַ ליד אין די „בלומען פון באַדויער״, וואָס זאָל זיין אַ רמז אויף דעם דיכטערס רעפּוטאַציע. אין דעם בוך איז אַזאַ ליד נישטאָ. זאָל עס זיין, אַז די געשעענישן אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָבן דעם פּאָעט אַזוי צעטרייסלט, אַז אַפילו ווען ער איז אַוועק קיין ישראל, האָט ער נישט געקאָנט אַרויסבאַפרייען פון זיך דאָס אייגענע דיכטערישע וואָרט?

דאָס בוך ענדיקט זיך מיט אַ ליד פון ישראל־מדבר, וואו אַ יינגל איז אין שיין פון די שטערן — משתין און ער „פאַרשרייבט אין זאַמד אַ בלאַט געשיכטע מיט אַ „גאָלדן כתב״.

אָסור, צי ס׳האָט זיך דעם דיכטער געלוינט צו מאַכן אַזאַ לאַנגע היסטאָרישע רייזע. שולשטיין האָט געקאָנט זען אַזאַ חזיון אין פּאַריז. דאָס סאַמע לעצטע בילד אין בוך און לעצטע איינדרוקן וועגן ישראל זענען דעם יינגלס „גאָלדן כתב״ אין זאַמד. זאָל דאָס גאַנצע ב׳לד זיין אַ זעלטענער אַנפאַל פון פאַרשטעלטער זעלבסטקריטיק?

1960

# מאָריס ראָזענפעלד

## א

פאַראַן אַ ליד ביי מאָריס ראָזענפעלדן וואָס ווערט כמעט קיינמאָל נישט ציטירט. ס'איז געבליבן ערגעץ פאַרבאָרגן און האָט זעלטן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די מיינסטע אָפּשאַצערס זיינע און פונדעסטוועגן איז עס איינס פון די בעסטע שליסלען צום קוואַל פון זיין וואָרט. דאָס ליד אַנטפּלעקט דעם גרויסן קינסטלערישן אמת, וואָס האָט באַלויכטן זיין שאפונג און ס'ווערט פאַרשטענדלעך דער ווייטיק זיינער ווען ער האָט, ווי אַ קרבן פון אומשטענדן, געמוזט קרומען און זינדיקן קעגן דעם אמת. אין אים האָבן זיך תמיד געראַנגלט דער כלל־מענטש, דער אויסזינגער פון קאָלעקטיוון קרעכץ און וויי, און דער איינזינגער פון יחידישער ליריק. ביידע זענען געווען אמתע געפילן. ער איז געווען און האָט געוואָלט זיין דער שליח ציבור פון זיין דור, אָבער ער איז געווען, און נאָך מער געוואָלט זיין, דער שטילער פּאָעט, דער ליריקער מיט זיך אַליין. ער האָט זיך זייער אָפט אַרויסגעכאַפּט מיט דינע שורות, אַפילו ווען ער האָט אויסגעדריקט כלל־געפילן, נאַציאָנאַלע אָדער סאָציאַלע. ער האָט אָבער אויך געזוכט שטאַרקייט אין זיינע אייגענע מעדיטאַטיווע לידער.

ביידע טענדענצן זענען געווען בולט אין אים, און ביידע זענען געווען ער. אָבער דאָס שטילע ליד איז, קאָן מען זאָגן, געווען מער ער: זייק צוריקצי נאָך דעם אויסשטורעם, נאָכן דינען געטריי דעם כלל. דאָס זעלטן־ציטירטע ליד איז אַ דיאַלאָג מיט זיך, א ווייטיקדיקע רעכט־פאַרטיקונג פאַר דעם כלל וואָס ער האָט פאַרלאָזן אין א מאָמענט פון פערזענלעכן ווייטיק. זיין קינד איז געשטאָרבן און ער ווערט אינגאַנצן טאַטע. מעג אַ ייד, א שליח ציבור, אויף אַ רגע אַפילו פאַרלאָזן זיין פאָלק און זיך איבערגעבן צום אייגענעם טרויער?

אַ גאַנצע אומה שווימט אין טרערן,
אַ פאָלק פאַרגייט אין טייכן בלוט,

און איך מוז פון מיין קינד נאָר קלערן,
פון שטילן קבר, וואו ער רוט.

ווען מען זאָל קאָנען קריגן דאָס ריכטיקע וואָרט, וואָס זאָל נישט באַליידיקן די געפילן פון אַ צוואַנציקטן יאָרהונדערט טאָטן, וואָלט מען געמעגט פעסטשטעלן, אַז דאָס דאָזיקע ליד וואָס הייסט „קינדער-ליבע" געהערט אויך צו די זעלטענע אָפּרו־מאָמענטן פון ליריקער, צום יחידישן ליד וואָס האָט אים אינערלעך באַפרידיקט. אָבער דאָס ליד איז אַ סך מער ווי דאָס. ס'איז אַ שמועס מיט זיין אַלטער עגאָ, מיט דעם געצוואונגענעם אָפּרופער אויף אויפטרייסלענדיקע געשעענישן. דער צוואַנג איז געווען אַ טאָפּלטער, אי פון זיין פובליציסטישן טעמפעראַמענט, אי דער צוואַנג פון זיין געקרוינטער פּאָפּולאַריטעט, וואָס האָט מיינסטנס פאַרשטורעמט די געבענטשטע שטילקייט אין אים. ראָזענפעלד שפּירט זיך שולדיק קעגן פאַרנאַכלאָזיקן זיינע פליכטן צום כלל —

איר מעגט דאָס רופן אייגנליבע,
איר מעגט דאָס רופן וואָס איר ווילט,
דאָך מיינע אויגן בלייבן טריבע,
און מיינע וואונדן נישט געשטילט.

די רייד וועגן אייגנליבע לויפן ממש פאָרויס דער מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע. דער טאַטע באַוויינט זיין טויט קינד, אָבער ס'איז אפשר גאָר אייגנליבע, לגבי כלל־פליכטן. אָבער צו וואָס זיך גריבלען אין נישט־געשטילטע וואונדן?

און די ווייטערדיקע שורות דריקן־אויס דעם דואליזם, וואָס ראָזענפעלד אַליין האָט געזוכט צו פּסיכאָאַנאַליזירן, ווידער צו נוצן אַ מאָדערנעם טערמין. ווי אַלע גרויסע פּאָעטן זוכט ער זיך צו דערגרונטעווען צום העכסטן אמת און ער וויל פעסטשטעלן, אַז אייגענער יחידישער בראָך איז אומגליקלעכער און נענטער ווי נאַציאָנאַלער בראָך, אָדער קלאַסן־אומגליק. פאַר אזא פּאָעט־טריבון ווי מאָריס ראָזענפעלד, איז עס געווען אַ פּערזענלעכע ביטערע איבעראַשונג, אָבער ער האָט דעם אמת נישט געקאָנט אויסמיידן. ער האָט אים אַרויסגעלייגט אויפן טעלער.

דעם גלות־בראָך, דעם אייביק נייעס,
באַוויין איך מיט אַ ווילד געשריי.

דאָך אויף אַ נענטערן בית חיים
איז אויסגעגאָסן גאָר מיין וויי.

מיר הערן זיך איין אין דעם אקוראַטן וואָרט וואָס ראָזענפעלד, דער אָפּטער וואָרט־פאַרשווענדער האָט דאָ געניצט. ווי אַ כלל־באַווײַנער ניצט ער אָפּט אַ ווילד געשריי, אָבער די צוויי שורות פון נענטערן בית חיים ווערן שטיל מיט א פאַרקלעמטן זיפץ. דער ריטם גיט א צאַפּל, דער קאָנטראַסט צווישן ווילדן געשריי אין נאָענטן בית חיים ווערט באַטאָנט. נישט אַזוי נאָענטן, ווי נענטערן — ווידעראַמאָל דאָס פּינקטלעכע וואָרט פון פּאָעט, וואָס האָט געקאָנט וואַרפן מיט שורות — קומט ווי אַ ווידוי אַרויסגעריסן פון די טיפענישן. ער שפּירט דעם ווייטיק פון כלל, אָבער ער אנטלויפט צום נענטערן בית חיים. די לעצטע פיר שורות פון ליד זענען דעקלאַראַטיווע, זאָגעוודיקע, אָבער זיי זענען אָנגעלאָדן מיט מוט און מיט פאָרוואורף צו זיך אליין.

די גאַנצע וועלט פאַרשווינדט אין שאָטן,
וואָס איז די מענטשהייט מיט איר נויט
אַנטקעגן חורבן פון אַ טאַטן,
וואָס קלאָגט אויף זיין בן־יחידס טויט?

ווידער ניצט דאָ דער פּאָעט דאָס פּינקטלעכע וואָרט. אין דעם פאַל האָט חורבן אַ טאָפּלטע ראָלע. „חורבן פון א טאַטן", איז א פאָלקסטימ־לעכער אויסדרוק. אָבער ביים פּאָעט איז עס דאָ אויך אַ קאָנטראַסט קעגן נאַציאָנאַלן חורבן. די פעסטשטעלונג איז אַ ביטערער אָנקלאָג קעגן דעם יחיד, וואָס פאַרגינט זיך באַווײַנען אייגענעם אומגליק, באַרויבנדיק דעם כלל. ס'איז אַ טיף פּסיכאָלאָגיש ליד, איינגעוויגט אין טראַגישער ליריק. אָבער אין עצם איז עס אויך געווען אַ כלל־ליד. יעדער איינער וואָלט אפשר געקאָנט אויסזאָגן דאָס זעלביקע ליד אויף זיך, אָבער דער פּאָעט פון טיפן אמת, האָט עס אויסגעזאָגט פאַר אַלעמען.

מאָריס ראָזענפעלד איז געווען דער גרעסטער דיכטערישער אויטאָ־דידאַקט פון זיין דור. קיינער פון זיינע מיטצייטלערס האָט אַזוי גיך נישט אויסגעפונען וואָס איז אזוינס אמתע פּאָעזיע ווי ער. ער האָט זיך געקאָנט גוט איינהערן אין דער מוזיק פון אַ שטימונג און אויפזוכן די סאַמע פּאַסיקסטע ווערטער. ער האָט פאַרמאָגט א וועלט מיט אינדיווידועלע

**ריטמען, וואָס זענען ביי אים פאַרנוצט געוואָרן אויפן ריכטיקן אָרט. ברויזנדיקע רייד זענען ביי אים געוואָרן שטורמישע מוזיק. ער האָט זייער זעלטן אנטליען פרעמדע מוזיקאַלישע מוסטערן, ווי אַ סך יידישע פּאָעטן האָבן עס געטאָן און צו זיי צוגעשניטן רייד, וואָס האָבן זיך געוויינלעך אויסגעשפּאַנט פון דער מוזיק. ביי אים זענען די רייד געווען אייגענע, נישט תמיד דאָס ריכטיקע וואָרט, אָבער שטענדיק דאָס וואָרט וואָס ער האָט אָקאָרשט ארויפגעלייגט די האַנט אויף דעם. ער איז געוואָרן דער באשאַפער פון אָריגינעלע בילדער —**

עס רוישט דער וואַלד, עס ווייעט דער ווינט,
די האַק קוקט אַן דעם שומר.

**אָט דער פארקערטער דריי איז דאָך אין תוך געווען אַן אָריגינעל בילד פון זיין צייט.**

פּראכט־געביידן, זילבער־טייכן,
גערטנער פול מיט גלאנץ און פּראַכט,
צווייגן רייך מיט גאָלדענע פּירות
און יעטוועדע פּרי לאַכט.

**די פּרי לאַכט איז אַן אימאַזש וואָס איז זיכער געווען אַן איבעראַשונג פאַר דעם ראָזענפעלד דור, אָבער ער האָט געוואוסט וואָס ער טוט און אַפילו וואָס ער דאַרף טאָן. ער האָט געקאָנט אַפילו די סודות פון אָנאָמאַ־טאָפּייע, נאָכמאַכן קלאַנגען מיט ווערטער.**

אימער טרעט, טרעט, טרעט,
אימער בעט, בעט, בעט, בעט,
אימער נויט, נויט, נויט,
אימער ווי, ווי, ווי,
אימער גיי, גיי, גיי,
אימער שפּאַן, שפּאַן, שפּאַן.

**דאָס איז מאַרש־מוזיק, יידישע מאַרש־מוזיק. אָ, ראָזענפעלד האָט גוט און קלוג געוואוסט וואָס ער קאָן און דאַרף טאָן מיט ווערטער און ווי אויסצוזוכן די אָריגינעלסטע בילדער. ער האָט, ווען אים האָט זיך געפּאַסט, אַפילו פאַרוואָרפן גרייטע שיינקייטן פאַר נייער מיאוסער בילד־**

לעכקייט, ווען ער האָט געוואָלט פאַרערדישן זאכן און דורכציטערן די שורות מיט אַ דירעקטער געזעענקייט —

וואגאבונדן שאָטנס, וואקלענד שיכור
בלאָנדזשען אין דער טונקעלער ווייטקייט שטיל.

ראָזענפעלד האָט געקאָנט ווי אַ גוטער דיריגענט באמייסטערן זיין אייגענעם אָרקעסטער. אין די שטילע, יחידישע לידער, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר דעם אמתן ווירטואָז פון רעפּעטיציע, פון איבערחזרן רייד און זיי געבן, מיט יעדער פערז, אַ טיפערן ציטער. אין זיין ליד „אָוונט״, שפּילט ער זיך מיט אַ „גוט נאַכט״ און מיט יעדער פערז ווערט דער גוט-נאַכט טרויעריקער און עלעגישער —

גוטע נאַכט דיר, ליכט־פּרינצעסין, — שטום
ווי אַ יוגנט־חלום אין די בערג
זינקסטו, נעמענדיק מיט זיך די פרייד ;
לייכטנדיק פארגייסטו אין דיין פּראַכט
לאָזנדיק די וועלט אַליין — גוטע נאַכט.

נישט פּרינצעסין פון ליכט, אָדער ליכט ווי אַ פּרינצעסין, נאָר אַ דירעקט בילד, ליכט-פּרינצעסין, און דער „גוט נאַכט״ נידערט מיט דינעם באַריר.

ס׳ווערט ווייטיקדיק שטיל — „אַ שמערץ וועבט זיך אויס אין מערב אין אַ ווײ, וויגט די פעלדער שלעפעריק און זאַכט״. הערט זיך אין אין דעם אָקאָרשט-געשאָפּענעם, אָקאָרשט-געזעענעם, אָקאָרשט-דערהערטן קרעכץ, פון א ווײ וואָס וויגט די פעלדער שלעפעריק און זאַכט. ווידער נידערט אַ באַריר אויף שווערע ברעמען —

און עס שעפּטשעט אומעטום — „גוט נאַכט״.

און זאָל מען נישט מיינען, אַז ראָזענפעלד האָט בלויז איינמאָל באַוויזן ווי ער קאָן אויפשפּילן זיינע שורות ; ווי ער קאָן זיי פארוויגן ; ווי ער קאָן זיי פארגלעטן אין זעלביקן ליד און פּויזיש ארויסרופן אַ דורכגעשפּירטן ציטער ביים לייענער. ער האָט עס אויך געטאָן אין זיין ליד „ביים ברעג וואסער״. זיין רעפּעטירן א שורה האָט תמיד א מוזיקאלישן פארוואָס. ער שפּילט זיך אין דעם ליד מיט „דעם מאָנד און איך״. און דער מאָנד

קוקט מיטן פּאָעט, דער מאַנד קוועלט מיט אים, דער מאַנד הערט מיט אים, און צום סוף שווייגט דער מאַנד מיט דעם מוזיקער, וואָס הויבט אַזוי אָן זיין ליד, אַז יעדער שורה איז געמאָסטן און איינגעוואויגן אין פּונקט אַזויפיל מוזיק ווי זי דאַרף האָבן, נישט קיין קווינט מער אָדער ווייניקער, כדי אָנשווייגן די אָוונט־שטימונג און זי פארכישופן אין די וועלן —

א דינער שאָטן ציטערט אויף דער באַקשאַ
די זילבער־בערדיקע פישער פאָרן
אויף אירע דראָבנע, אָוונט שטילע וועלן —
דעם פאַנג דעם ליכטיקן צו מאַכן.
עס קוקט דער מאַנד און איך.

גלייך אין דעם אָנהויב פון די פינף שורות — אגב אן אומרעגולערער ריטם פאר זיין צייט, וואָס ראָזענפעלד האָט אַרויסגעאייגנט פון זיך — אין דעם דאָזיקן אָנהויב טוט זיך פּאָעטיש אַזויפיל, אַז ס׳פאַרכאַפּט באַלד דעם אָטעם. קיינער האָט אין זיין צייט נישט געזען אַ דינעם שאָטן ציטערן אויפן וואַסער. קיינער האָט אין זיין צייט נישט געקאָנט זאָגן אַזוי דירעקט זילבערבערדיקע פישער, סיידן צו פאַרגלייכן דעם גרוי מיט זילבער. קיינעם פון זיין דור וואָלט נישט איינגעפאַלן, אַז אַזאַ פאַלקסטימלעך וואָרט ווי דראָבנע קאָן איבערגעבן די פארצערטלטע שטילקייט פון די אָוונט־כוואַליעס. נאָך דעם גאַנצן צוזאמענברענג פון אַזויפיל פּאָעטישער פרישקייט און באַנייאונג, שלאָגט ער איבער די בילדער מיט דעם שפּראַכלעכן ציטער — דעם פאַנג דעם נאכטיקן צו מאַכן, נישט גלאַט כאַפּן פיש, נאָר נאַכטיקער פאנג, ס׳קלינגט אַוואַנטוריש. און מיטאַמאָל קומט די פינפטע שורה, וואָס פון איר שלאָגט דער פּאָעט אויס אַ באַזונדערע מוזיקאַלישע נוצלעכקייט — באַרואיקונג.

ראָזענפעלד דער ליריקער איז אין זיין ליריק נישט געווען צעקראָכן, נאָר אינטעלעקטועל, ווייל ער איז צוגעגאַנגען צו זיין אינטים ליד מיט פייגענע רייד אין אייגענע דורכגעליטענע געפילן. זיין פיינלעכסטע איבער־לעבונג — דער טויט פון זיין בן יחיד — וואָס האָט געבוירן דאָס פריער דערמאָנטע ליד „קינדער־ליבע״ דעם דיאלאָג צווישן דעם ייד און טאָטן וואָס איז געוואָרן אן אבל נאָך זיין קינד, האָט אויך געבוירן דאָס

באַרימטערע ליד „ערד״ — מיט דעם באַלדיקן אויסגעשריי פון צער — „פאַרדאַמטע פּרעסערקע, אַ בייזע ערד״. שוין דער אָנהויב ווייזט, אַז דאָ רעדט אַ פּאָעט פון דעם אייגנסטן צער מיט אייגענע רייד, וואָס מ׳האָט קיינמאָל נישט אויסגעלאָזט צו דער ערד, אָבער דאָס ליד מיט דעם גאַנצן פּאַטערלעכן טרויער איז אויך אַ קלוג, אינטעלעקטועל ליד. דער טאַטע וויל שעלטן די ערד, אָבער ער מוז זי אָננעמען ווי אַ שטיק ברוטאַלע קרובהשאַפט —

דאָך ווי זאָל איך פאַרשילטן דיך אצינד,
אז אין דיין שווארצן בוזעם רוט מיין קינד?
פארשלונגען האסטו ווי, דעם זיסן בליק,
אין וועמענס ליכט עס האָט געטראָגט מיין גליק,
וואָס איז איצט אויך נישט מער ווי ערד אַ שטיק.

דאָס איז דער טראַגישסטער אָנבויג פון קאָפּ, אין רעזיגנאַציע, ווען די פּרעסערקע די ערד צווינגט דעם טאַטן צו צאַמען דעם שטראָם פון זיינע קללות; און צאמענדיק שרייבט ער זינגענדיקע שורות און ער גלעט ממש די ערד, וואו עס ליגט דער „אין וועמענס ליכט עס האָט געטראָגט״ זיין גליק.

מען וועט אמאָל אָנשרייבן די גרויסע ארומנעמענדיקע ביאָגראַפיע פון דעם ערשטן יידישן פּאָעט, וואָס האָט זיך אַליין דערצויגן מיט געניאַלער אינטואיציע צו ווערן דער גרעסטער פּאָעט פון זיין דור, וועמען די אומגעהויערע פּאָפּולאַריטעט האָט צעבראָכן אויף שטיק שטיקלעך. אָבער הלוואי זאָל דער ביאָגראַף זיך דערקלייבן צו די אמתע שפּורן פון ראָזענפעלדס טראַגיק, זיין באַוואוסטזיין אַז די נויט האָט אים געצוואונגען אַרויסצוּוואַרפן פון זיך הונדערטער שלעכטע לידער. ס׳איז אפשר נישט אינגאַנצן גערעכט צו מאַכן בלויז די נויט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר ראָזענפעלדס שלעכטע לידער. זיין באַרימטהייט האָט אים פאר דער צייט פאַרעלטערט. ער איז געוואָרן א קנעכט ביי זיין אייגענער פּאָפּולאַריטעט. עס איז געווען אַ צו־גרויסע משא פאר אים. ער האָט פארמאָגט די קלוגשאַפט און דעם אָפּענעם בייסיקן זאָג פאַר אַלעמען, אָבער זיך אַליין האָט ער געביסן פון אינעווייניק. אין מאָמענטן פון אויפריכטיקן חשבון, האָט ער אָנגעשריבן זיין ליד — „פעדער־שקלאַפעריי״ — „די פען וואָס האָט ביי

מיר געדינט״ — און נאָך ווי האָט די פּאָעטישע פּען ביי אים געדינט אין די וואונדערלעכע לידער זיינע, „מוז איך אַליין איצט דינען״, אים איז שוין בעסער געווען ווען ער איז געווען אַ שניידער, ווען ער האָט די וועלט „באַמאַנטלט און באַיאַקעט״. „באַיאַקעט״ איז אַ ניי־געשאַפן וואָרט. ראָזענ־פעלד האָט זיך געקאָנט אַרויסהעלפן, ווען ער האָט זיך גענויטיקט אין אַ נייעם גראַם. ער שרייט־אויס מיט וויטיק, אַז מיט זיין זשורנאַליזם און מיט זיין ליד אויף באשטעלונג לאָזט ער דעם עולם נאַקעט. ער ענדיקט זיין ליד, אַז פאַרדינגען קאָן ער נאָר די שער, אָבער „די פען מוז בלייבן מיינע״.

זיין פען איז אַלעמאָל געבליבן זיינע. זיינע ערגסט־פּובליציסטישע אַרטיקלען, זיינע ערגסטע לידער זענען אַלץ געווען זיינע. אָבער ס׳איז אים אַליין געוואָרן ווייטיקדיק צו זען ווי ער רוקט זיך אָפּ פון די דראַ־בערונגען פון זיינע בעסטע לידער, וואָס זענען געווען גרויסע שאַפונגען און וועגווייזעריש פאַר דער יידישער פּאָעזיע.

די צייט האָט ראָזענפעלדן דעם פּאָעט נישט געטאָן קיין גרעסערע עוולה, ווי ער אליין האָט זיך געטאָן אין זיין צייט. אפילו אין זיין צייט האָט ער גוט געוואוסט וואָס ער האָט געטאָן צום ליד און וואָס ער האָט געטאָן צו זיך, אין משך פון די יאָרן, וואָס אין זיי איז ער אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסן בכבודיקן דענקמאָל, וואָס ער אַליין האָט אים שטופנווייז רעדוצירט אין ווערדע. פאַרוואָס און פאַרוואָן? ראָזענפעלד איז געווען דער גרויסער אמת־זוכער, נישט געקוקט אויף אַלע זיינע קאָמפּראָמיסן. וואָס מער קאָמפּראָמיסן מיטן אמת, אלץ מער האָט זיך אין אים געקליבן דער סם צו מענטשן און קעגן זיך. מ׳וועט נאָך אַמאָל אָנווייזן אז זיין גרויסער בענעפאַקטאָר, פּראָפעסאָר ווינער, האָט דעם יידישן פּאָעט ראָזענפעלדן געטאָן אַ בערישע טובה. מאָריס ראָזענפעלד האָט געשפּירט אַז ער קאָן נישט נאָכקומען די דאָזיקע צעפּויקטקייט. ער האָט אינערלעך געשפּירט אז דאָס כבוד־פערדל, וואָס מען האָט אים דערויף אַוועקגעזעצט, וויל אים כסדר אַראָפּוואַרפן פון זיך. ער איז געוואָרן אַ פאַרלוירענער מענטש, אַ פאַרלוירענער ייד און א פאַרלוירענער פּאָעט. ער האָט געוואָלט אַנטלויפן צו זיין איינזאַמקייט, אָבער ס׳איז אים שוין מער נישט געלונגען, ווייל ס׳האָט זיך אים גענומען דאַכטן אַז די יידישע ווערטער, וואָס האָבן אים אַמאָל אַזוי געדינט פאַר דער גרויסער יידישער באַרימטהייט, זענען

נישט געגנוג פאַר אוניווערסאַלער רעפּוטאַציע. ער האָט אָנגעוואוירן דעם קאָנטאַקט מיט דעם פאָלבלוטיקן יידישן וואָרט.

יאָ, די צייט האָט אָפּגעקליבן ראָזענפעלדס פּאָעטישע עשירות, נישט קיין גרויסע ירושה, אָבער אַ ירושה פון אַ גרויסן פּאָעט. וואָס געהערט צו דער גרויסער ירושה? זיינע שטאַרקע אַרבעטער־לידער, זיינע פּראָטעסטן קעגן עקספּלואַטאַציע, וואָס האָבן אים געמאַכט פאַר דעם פּאָעטישן פאַרשטייער פון דער גרויסער יידישער אימיגראַציע, וואָס איז דאָ אין אַמעריקע אַריינגעפאַלן אין אַ מין הינערפּלעט פון פאַרקנעכטונג. ער איז געקומען צום אַרבעטער מיט אַן אימפּעט, וואָס איז געווען די מוזיק פון די לאַנגע פאַרטעמפּנדיקע אַרבעט־שעהן.

עס רוישן אין שאַפּ אַזוי ווילד די מאַשינען
אַז אָפּטמאָל פאַרגעס איך אין רויש וואָס איך בין.
איך ווער אין דעם שרעקלעכן טומל פאַרלאָרן,
מיין איך ווערט דאָרט בטל, איך ווער אַ מאַשין.

„מיין איך ווערט דאָרט בטל, איך ווער אַ מאַשין", איז אפילו פּובליציסטיש פאַר זיין צייט געווען אַ נייער, פרישער זאָג. אין דעם איז טאַקע באַשטאַנען ראָזענפעלדס גרויסער וואוקס. פון אַ גרויען פערזןשרייבער, איז ער געוואָרן דער אָריגינעלסטער פּאָעטישער זאָגער צווישן יענעם דור פּאָעטן, וואָס יעדער איינער פון זיי, אָן אויסנאַמען, איז געווען אַ נאָכמאכער. ווען דער פאַרלויפער פון פראַנצויזישן נעאָ־קאַטאָליציזם, לעאָ בלואַ, האָט געלייענט ראָזענפעלדס לידער אין איבערזעצונג, האָט ער אים גערופן דער קריסטלעכסטער פון אַלע פּאָעטן, ווייל דער אַסקעטישער בלואַ האָט גערופן יעזוסן — דער פּרינץ פון אָרעמקייט, און ראָזענפעלד איז געווען דער באַזינגער פון אָרעמקייט.

מאָריס ראָזענפעלד האָט געהאַט קלוגע איינפאַלן, וואָס האָבן גלייך אַ פּאַק געטאָן. ער, דער וואָרט־פאַרטאַכלעווער, האָט געקאָנט זיין וואָרטשפּאָרעוודיק. ער האָט געקאָנט איראָניזירן איבער דעם אַרבעטער־דלות און אים באַזינגען ווי אַ טרערן־מיליאָנער. ער האָט געקאָנט פּראָוואָצירן דעם אַרבעטער־פּראָטעסט, דווקא דורך ווייזן ווי דער פייף פון שוויץ־שאַפּ שטילט־איין דעם אַרבעטערס אויפגעוואַכטן אויפשטאַנד.

**ווי ער איז געווען דער צאַרטער מוזיקער, האָט ער געקאָנט — אויב מען האָט באַדאַרפט — טרומייטערן —**

וואָס רוקט איר אַלץ דאָס פליישׁ אין זיך
און שמייסט צו מיר די ביינער?

**דאָס זענען נישט געווען קיין רייד, נאָר דיבורים און ס'איז געווען אין זיי קאמף־רוף.**

**ער איז געווען דער נאַציאָנאַלסטער פּאָעט פון יענער צייט, אויך מיטן כוח פון זיין אינערלעכער ברויזנדיקער מוזיק. אין זיינע נאַציאָנאַלע לידער פעלט די טראַגיק, אָבער אויך אין די נאַציאָנאַלע געזאַנגען האָט ער געוואוסט ווי צו געבן דעקלאַמאַטאָרישן טראָפּ אויף שורות, וואָס האָבן זיך אַריינגעשניטן אין זכרון.**

איר האָט גאָרנישט קיינעם אין הימל דאָרט אויבן,
צו וועמען צו שרייען ווען איר זייט אין צער?
איר האָט גאָר קיין פאָלק ניט, איר האָט גאָר קיין גלויבן?
פאַרלאָרענע וואָס איז מיט אייך פאַר אַ גזר.

**א. ליעסין האָט געשריבן טראַגישערע נאַציאָנאַלע לידער, אָבער ראָזענפעלד האָט אים פאַרטרונקען מיט דעקלאַמאַטאָרישער גרייטקייט וואָס האָט גלייך געפאַנגען יידישע אויערן.**

**מאָריס ראָזענפעלד איז אויך געווען דער ערשטער יידישער פּאָעט וואָס האָט געהאַט אַ זין פאר דעם אַמעריקאַנער באָדן, פאַר איר קולטור, פאַר אירע פּאָעטן, פאַר אירע נאַטור־שיינקייטן, זיין פריי־פערזיק ליד, מיט תנ"כישן אָטעם, „אויף די קעטסקיל בערג", פאַרענדיקט ער מיט אָפּטימיסטישע שורות, אַז —**

ווי איר, אַ בערג, זייט אומשטערבלעך,
איז אומשטערבלעך און שטענדיק דויערנד
דאָס אייביק מענטשלעכע, דער געניוס.

**ער האָט געהאַט א זין פאַר לאָנגפעלאָוס לידער. פאַר וויטמאַנען איז ראָזענפעלד געפאַלן אין שטויב. זיין ליד צו וויטמאַנען האָט ער אויך**

געזונגען מיט אַ פריי־פּערזיקן אָטעם, כדי צו געבן דעם סטיליזירטן טעם פון וואָלט וויטמאַנס לידער.

פּראָפּעט אומשטערבלעכער, איך גיב דיר לויב,
איך פאַל אין שטויב איצט פאַר דיין שטויב און זינג.

ראַזענפעלד האָט געזונגען פון לינקאָלנען. ער האָט זיך פאָעטיש באַזעצט און איינגעתושבט אין אַמעריקע. ראָזענפעלד איז דער פאָטער פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעזיע, וואָס איז אַוועק פון סלאַווישן איינפלוס און האָט דעם הויך פון אַמעריקאַנער פּאַרנעם. הגם אין ראָזענ־פעלדס לידער זענען פאַראַן אַ סך היינישע מאָטיוון, איז אָבער זיין ריטם דורכאויס אינדיווידועל־אַמעריקאַניש.

אָבער די שענסטע לידער זיינע זענען די שטילע לירישע. זיינע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע לידער זענען עטאַפּן אין דער ביאָגראַפיע פון דור, אָבער זיינע לירישע לידער שטייען אויף אייגענע פיס און זיי דאַרפן נישט קיין צייט־פּירושים אָדער צייט־אַפּאָלאָגיעס. מיט די נאַציאָ־נאַלע, סאָציאַלע און סאַטירישע לידער האָט זיך ראָזענפעלד דערוואָרבן אַ גרויס קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַמעריקע. אָבער אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעזיע, וואָס האָט אים געקרוינט פאַר איר פאָטער, האָט ער זיך געקויפט אַ גאַנצע באַזונדערע אימפּעריע מיט זיינע אָריגינעלע לירישע לידער; פאַר זייער נייער בילד־לעכקייט, פאַר זייער פאַרטיפטער מוזיקאַלישקייט און וואַרעמקייט פון איבערגעלעבטע אייגענע געפילן, מיט טרויעריקער מאַיעסטעטישקייט.

און ראָזענפעלד האָט געוואוסט ווער ער איז אין אַזעלכע לידער. ער איז געוואָרן אַ גרויסהאַלטער. אָבער ווי האָט דער ליובאַוויטשער געזאָגט אויפן בראַצלאַווער, ווען רבנים האָבן זיך באַקלאָגט פאַר אים, אַז דער יונגער בראַצלאַווער האַלט פון זיך, אַז ער איז דער גרעסטער פון אַלע רבנים. כ׳האָב מורא אַז ער איז גערעכט, האָט דער ליובאַוויטשער געזאָגט.

מאָריס ראָזענפעלד האָט זיך געהאַלטן אין גרויסן, אָבער איך האָב מורא, אז ער איז געווען גערעכט, ווייל אפילו זיין גדלות האָט ער געקאָנט אויסדריקן מיט אַזאַ וואונדערלעך ליד —

## דער אָדלער

וואו די ריזן־וואָלקן יאָגן
אויבן, אין דעם העכסטן אָרט,
שוועבט דער קייזער פון די פויגל,
פליט דער גרויסער אָדלער דאָרט.

מיט די שטאַרקע פליגל פאָכעט ער,
אין דער לופט און ער פליט.
עלנטער, אַ חוץ די הימלען
האָט ער קיין חבר ניט.

ווערט ער מיד פון שווערע רייזן,
רוט ער איינזאַם און אַליין,
ביי דעם זוים פון טיפע וואַסערס
אויף אַ הויכן באַרג פון שטיין.

מיט פאַראַכטונג קוקט ער אונטן,
שאָקלענדיק זיין שטאָלצן קאָפּ,
אָפּט נאָר, ווען אים צווינגט דער הונגער,
לאָזט ער זיך מיט ווײ אַראָפּ.

דער הונגער האָט אים געצוואונגען זיך אַראָפּצולאָזן. צום הונדערטסטן געבוירנטאָג מעג מען פאַרצייכענען דעם פּאָעטס אַרונטערלאָזן זיך און דעם שאָדן וואָס ער האָט זיך געטאָן. אָבער דער טראָפּ איז אויף דעם אָדלער, אין זיין דערהויבונג, אין זיין פלי, אין זיין גרויסן עלנט, אין דעם איינזאַמען לירישן אָפּרו ביים זוים פון טיפע וואַסערן. דער גרויסער אָדלער־פּאָעט, מאָריס ראָזענפעלד, אויבן אין דעם העכסטן אָרט.

ב.

ווען אַלעקסאַנדער האַרקאַווי האָט אין 1903 געשריבן זיין „פאָרוואָרט״ צו מאָריס ראָזענפעלדס „געזאַמלטע לידער״, איז שוין דער פּאָעט געווען

וועלט־באַרימט. אַלע זענען באַקאַנט מיט דעם דאָזיקן גליק וואָס עס האָט ראָזענפעלדן דעמאָלט געטראָפֿן. דער פּראָפעסאָר לעאָ ווינער האָט אין 1898 איבערגעזעצט ראָזענפעלדס לידער אויף ענגליש, און כאָטש ס׳איז געווען אַ פּראָזע־איבערזעצונג פון אַ צאָל ראָזענפעלדס לידער, איז זיין נאָמען אַוועק איבער די מדינות און ראָזענפעלד איז געוואָרן אַ נאָמען אין דער וועלט־ליטעראַטור. אָבער ווען דער פאַרלעגער א. מ. יעוואַלענקאָ האָט מיט אַ זעקס יאָר שפּעטער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן ראָזענפעלדס „געזאַמלטע לידער״ און ער האָט פאַר דעם ערשטן באַנד גלייך באַצאָלט דעם פּאָעט עטלעכע הונדערט דאָלאַר, האָט דער דיכטער רחמנות געהאַט אויף דעם פאַרלעגער. „דאָס האַרץ האָט מיר ווי געטאָן אויף דעם אומפּראַקטישן מענטשן וואָס לייגט אַריין לעבעדיקע הונדערטער אין אַ טויטער סחורה... איך האָב אַ לאַנגע צייט געהאַט געוויסנביסן, אַז צוליב עטלעכע דאָלאַר און צוליב ליטעראַרישער אמביציע, האָב איך אָפּגענאַרט אַ יידן״.

אַזוי האָט געשריבן דער פּאָעט אין אַ הקדמה צו די געזאַמלטע ווערק זיינע, וואָס זענען מיט עטלעכע יאָר שפּעטער שוין געווען גוטע סחורה, אפילו פאַר אַ „פאָרווערטס״־אויסגאַבע. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער עולם האָט יאָ געקויפט די לידער און געצאָלט אַ גאַנצן דאָלאַר פאַר אַ בוך. קיין עושר איז ראָזענפעלד חלילה דערפון נישט געוואָרן, ווי ער איז נישט נתעשר געוואָרן פון זיין אינטערנאַציאָנאַלער רעפּוטאַציע. ווען זיינע „סאָנגס פראָם דהי געטאָ״ האָבן באַרימט געמאַכט דעם ערשטן פּאָעט פון דער „יידיש־דייטשער דיכטערישער ליטעראַטור״, ווי ד״ר האַרקאַווי, דער צוזאַמענשטעלער פון יידישע ווערטערביכער, האָט זיך דעמאָלט גאַנץ אומ־שולדיק אויסגעדריקט וועגן יידישן לשון, האָט מאָריס ראָזענפעלד אַלץ באַוויזן צו בלייבן אַ קבצן אין זיבן פאָלעס און אפילו אָנצוהאַלטן זיין סקעפּטיק בנוגע זיין אייגענער באַרימטקייט. אַלץ וואָס זיין באַרימטקייט האָט אים געגעבן, איז אַ פּאַספּאָרט צו דער יידישער צייטונג, וואו מען האָט געקויפט זיין פּען. ראָזענפעלד האָט זיך ביטער געראַנגלט מיט זשורנאַליזם. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז אפילו דער ערלעכסטער זשורנאַליסט פאַרקויפט זיין פּען, ווייל ער פאַרקויפט זיין שרייב־צייט. ראָזענפעלד איז געווען דורכאויס פּאָעט און אַ פּאָעט וואָס האָט אין זיינע בעסטע לידער געוואָרט אויף אינספּיראַציע, אויף זיינע אייגענע באַדינ־גונגען — אויף זיין צייט, לויט זיינע שטימונגען.

מיר גייט דער עיקר אין פּרוּוון אַרויסראַטעווען מאָריס ראָזענפעלדן פון די לעצטע קרענקלעכע און פאַרקרענקטע איינדרוקן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט. מ'זאָגט געוויינלעך אַז דער ערשטער איינדרוק איז דער בעסטער, אין מאָריס ראָזענפעלדס פאַל איז דער לעצטער איינדרוק געווען דער סאַמע ערגסטער איינדרוק, פון דער ערשטער גרויסער קינסטלערישער פערזענלעכקייט וואָס האָט זיך באַוויזן אין דער יידישער אַמעריקע. ווען דער לייב איז געקומען אויף דער עלטער און ער איז געוואָרן אַ צעבראָכענער שאַרבן, גייסטיק און פיזיש, ווען ער אַליין האָט מיט ביטערקייט צעבראָכן דאָס געשטאַלט פון גרויסן יידישן פּאָעט, ווי ער וואָלט דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכקייט געוואָלט באַרויבן פון דער זעלטענער ירושה, וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט, האָבן מיר גיך געגומען פאַרגעסן ווער ער איז אויף אַן אמת געווען און וואָס ער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט.

מען דערציילט, אַז ווען דער אַקטיאָר דוד קעסלער, איינער פון די ריזן פון דער יידישער בינע, איז געצוואונגען געוואָרן צו שפּילן שונד, ווען ער האָט דערשפּירט, אַז דער דראַמאַטורג האָט אים געגעבן קליאָטשע שטאָט לעבעדיקע ווערטער, האָט ער איבערגעקערט דאָס היטל, אַוועקגעשאַרט די גרימירטע באָרד, געמאַכט אַלערליי שטיק אויף דער בינע צו דעמאָנסטרירן דעם אייגענעם חוזק פון דעם מצב זיינעם. קיינער קאָן קיינעם נישט דיקטירן ווי ווייט ער מעג גיין מיט זיין פאַרביטערונג. אויף דעם איז אויך חל דער אל תדין את חברך. אָבער דער ראָזענפעלד פון די לעצטע יאָרן איז געווען אַ פאַרביטערטער מענטש און אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז צו דערגיין זיך און אונדז אַלעמען די יאָרן און איבערקערן דאָס היטל פון גרויסן קינסטלער אויף דער לינקער זייט.

דעמאָלט האָט מען אים באַדאַרפט היילן מיט גוטסקייט, מיט צוגעלאָזנקייט, מיט אָנערקענונג, מיט אַרויסרופן אין אים די שאָטנס פון זיין אייגענער ווארעמער שעפערישקייט.

די בעסטע און גרעסטע לידער האָט מאָריס ראָזענפעלד אָנגעשריבן ביז אין זיינע שפּעטע פערציקער יאָרן און נאָכדעם איז ער געבליבן אַ פּאַרלווירענער, אַ פּען־פאַרדונגענער ביים זשורנאַליזם, וואָס מיט אים האָט ער קיינמאָל נישט שלום געמאַכט, כאָטש ער איז בטבע געווען אַ פּובליציסט און אַ פּראָזע־שרייבער פון אַ גאָר הויכער מדרגה. ס'איז אַ גרויסע קונסט צו קאָנען אָפּהיטן דעם קוואַל פון אייגענער שעפערישקייט ביז אין די

שפּעטע יאָרן. ראָזענפעלד האָט עס נישט אָפּגעהיט צוליב כמה וכמה טעמים, וואָס דאָ איז נישט דאָס אָרט גרינטלעך צו אַנאַליזירן די סיבות, אָבער ער האָט געוואוסט זיין טראַגעדיע, אַז די גרויסע לידער זיינע זענען געהאָנגען אין חלל, פאַריתומט אָן נאָכפאָלגערס, אין זיינע רייפסטע יאָרן.

מיר דאַרפן צוריקגיין צום עכטן און אמתן ראָזענפעלדן און נישט צום נקמה־געשטאַלט, וואָס ער האָט געוואָלט איבערלאָזן דער יידישער ליטע־ראַטור. לאָמיר אַ שטייגער, נעמען אַזאַ ענין ווי — יידיש. ס׳איז שוין געוואָרן אַן אַקסיאָמע צו נעמען דעם פאַרביטערטן ראָזענפעלדן ווערטערלעך און אים אַוועקשטעלן ווי א שונא פון יידישן לשון, וואָס האָט געשאָלטן יידיש אויף די עלטערע יאָרן און געעצהט יינגערע פּאָעטן צו שרייבן ענגליש. דאָס מעג זיין אמת, אָבער איז דאָס טאַקע געווען דאָס אמתע געשטאַלט פון ערשטן גרויסן יידישן פּאָעט אויף דער אַמעריקאַנער ערד? נישט איינמאָל, נאָר אַ סך מאָל קומט ראָזענפעלד צוריק אין ליד און אין פּראָזע צו דער טעמע פון שעמען זיך מיט יידיש, אָדער פון באַקלאָגן זיך, אַז יידיש איז נישט שיין גענוג פאַר פּאָעזיע. בעת פּרץ און פרוג האָבן זיך נאָך באַצויגן צו זייער אייגענעם לשון־אינסטרומענט מיט ביטול, האָט ראָזענפעלד זיך באַרימט וואָס ער האָט אויפגעטאָן און וואָס ער קאָן אויפטאָן מיטן יידישן לשון און מיטן יידישן ליד.

מיר גייט אין אמתן געשטאַלט פון פּאָעט, ווייל ס׳וועט אַמאָל קומען אַ צייט, ווען מען וועט אָנשרייבן די גרויסע ביאָגראַפיע פון ראָזענפעלדן און מען וועט דעמאָלט מוזן צוריקגיין צו זיינע אייגענע שאַפונגען, און נישט צום שוים פון זיין אייגענער נקמה אין זיך. ראָזענפעלד איז געווען נישט נאָר אַ גרויסער פּאָעט, נאָר אַ גרויסצוגיקער פּאָעט. ס׳האָט אַן אַמעריקאַנער מאָלער אַמאָל געזאָגט, אַז ווען אַ קינסטלער־מאָלער האַלט אין איין מאָלן אַ פערד, און אויב דאָס פערד זיינס ווערט מיט יעדער בילד אַלץ אַ גרעסער קונסט־ווערק, קאָן ער אויף דעם איינציקן פערד אַריינרייטן אין דער אומשטערבלעכקייט. מיט פּאָעזיע איז עס נישט אַזוי. ס׳איז אַ סברא אַז אַ שמאָלער פּאָעט, פון באַגרענעצטער טעמאַטיק, קאָן קיינמאָל נישט ווערן קיין גרויסער פּאָעט. ראָזענפעלד איז געווען אי אַ גרויסער, אי אַ ברייט־אַרומנעמענדיקער פּאָעט, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע לעבן. ער איז געווען אַ ברוויזנדיקער טייל פון לעבן, און ווען ער האָט אויפגעהערט צו לעבן אַקטיוו האָט ער אויפגעהערט צו זיין אַ פּאָעט. נישטאָ קיין אײן

דערשיינונג אין לעבן, וואָס האָט אים נישט אינטערעסירט; און זיינע לידער און אַפילו זיין בעסערע לירישע פּראָזע זענען זיין פולע און אמתע אויטאָביאָגראַפיע. ער אַליין האָט אויף די עלטערע יאָרן בייז געגעבן אַ קליינישן צוגאָב צו זיין רייכער און גייסטיקער ביאָגראַפיע, אָבער די געזונטע שטריכן פון זיין ליכטיק געשטאַלט דאַרפן מיר זוכן און מיר געפינען זיי בלויז אין זיינע שאַפונגען.

מאָריס ראָזענפעלד איז געווען אַ גרויסער הומאַניסט, נישט פון אַ קאַלטן איזם, נאָר אַן ערלעכער אויפריכטיקער בעל־רחמים, וואָס האָט רחמנות געהאַט אויפן מין מענטש. ער וואָלט קיינמאָל נישט געקאָנט אויסזינגען זיינע קרעפטיקע פּראָלעטאַרישע לידער, ווען אים וואָלט נישט געטריבן אין קאַמף דער ריטם פון זיין מיטפילנדיק בלוט. זיינע אַרבעטער־לידער זענען נישט געווען קיין טויטע טעמאַטישע ווערטער, נאָר דער דראַנג צו גיין מיט די לידער באַוואָפנט אין קאַמף פאַר א בעסערער וועלט.

אין 1909 ווען ס'איז דערשינען דער ערשטער באַנד פון דער „פאָר־ווערטס"־אויסגאבע פון זיינע געזאַמלטע ווערק, האָט ראָזענפעלד אַזוי אָנגעהויבן זיין פאָררעדע, וואָס האָט געהייסן „ספּעציעל געשריבן פון דיכטער"; און ס'איז געווען געשריבן פון דיכטער וואָס האָט דורכגעלעבט יעדעס וואָרט:

„ווען איך בלעטער דורך אין מיינע געדאַנקען די ליידנסגעשיכטע פון מיין דיכטן און שאפן; די פאַרצווייפלטע מלחמות מיט זייער טרויעריקע אומשטענדן, מיט אַלערהאַנד שונאים און אַ סך מאָל מיט זיך אַליין, ווען איך פאַנג אָן דאָס אַלעס נאָכאַמאָל גייסטיק דורכצולעבן"... אָט דאָ האָט איר אין עטלעכע ווערטער אמתן ביאָגראַפישן מאַטעריאַל פון אַ פּאָעט — מלחמות מיט זיך אַליין. אָט די מלחמות וואָס אַ גרויסער פּאָעט מוז פירן מיט זיך אַליין, האָט מען לחלוטין פאַרזען ביי ראָזענפעלדן, מ'האָט זיך בלויז אָפּגעשטעלט אויף די מלחמות וואָס ער האָט געפירט מיט „אַלערהאַנט שונאים" און נישט אויף די מלחמות „מיט זיך אַליין", וואָס זענען געווען דער רוח הקודש זיינער, די אמתע און ערלעכע אינספּיראַציע פון זיין ליד.

אין דער זעלבער הקדמה איז ראָזענפעלד גרויסמוטיק. ער נעמט נישט צו די פּאָפּולאַריטעט זיינע ביים לייענער — פאַר זיך אינגאַנצן. ער באַטראַכט עס פאַר „אַ גרויסן זיג פאַר דער יידישער ליטעראַטור". ער איז

געווען ליטעראַטור־באַוואוסטזיניק. אין די יאָרן פון זיין דערהויבונג איז ער אויך קיינמאָל נישט געווען קליינלעך, נאָר ברייט און פאַרגעביק. אין דער פאָררעדע צו זיין אויסגאַבע אין 1904 „פון דיכטער צום פאָלק" גייט ער פּלוצעם אַראָפּ פון די רעלסן פון פּראָזע און ער פאַרבלאָנדזשעט „צו ריפמען", ווי ער זאָגט. אין פערזן זינגט ער וועגן דער אַנטשטייאונג פון זיין ליד. ער וואַרפט צוריק די רכילות אויף ידיש.

ווי קאָן אַ טויטער באָדן טראָגן פלאַנצן
ווי קומט אַ ווילדע שפּראַך צו שיינע לידער ?

אָבער געשען איז אַז די „ווילדע שפּראַך" האָט „זיס און ליב געקלונגען":

עס זענען שטום געבליבן מיינע שפּאָטער
און מאַנכער האָט געבעטן אום פאַרגעבונג.
איך האָב פאַרגעבן, ביסט מיין עדות, פאָטער
דען מענטשנליבע איז מיין העכסטע שטרעבונג.

ראָזענפעלד איז דעמאָלט אַלט געווען 42 יאָר, ס'איז געווען אַ זעקס יאָר נאָכדעם ווי די וועלט האָט אים אַנטדעקט, אָבער ער האָט זיך נישט געבלאָזן קעגן זיינע שטום־געבליבענע שפּאָטערס. ווען זיי האָבן געבעטן פאַרגעבונג, שווערט ער זיך ביי גאָט דעם פאָטער, אַז ער האָט נישט געטראָגן קיין כעס אויף קיינעם — דען מענטשנליבע איז געווען זיין העכסטע שטרעבונג.

און ס'איז ערלעך און אמת. ווען מען בלעטערט דורך ראָזענפעלדס לידער, זעט מען פאר זיך אַ וואַרעמען מענטשן, וואָס נעמט זיך צום געווער פון סאַטירע, טאַקע אין די אינטערעסן פון גערעכטיקייט און מענטשליבע. ער אַליין האָט געהאַלטן אַז דער גאַנצער שליסל צו זיין איך זענען זיינע לידער, אפילו ווען „מאַנכע פערזן" זעען אים שוין אויס ווי „ווייטע, ווייטע קרובים, כמעט פרעמדע... איך פאַרענטפער נישט זאָגאַר מיינע ביטערסטע געלעכטערס. איך צייג מיין פאָלק מיין גאַנצע האַרץ, איך עפן אים אויף מיין גאַנצע זעלע, כדי עס זאָל מיך קענען פון אַלע זייטן און אורטיילן איבער מיין גאַנצן איך".

דער גאַנצער ראָזענפעלד געשטאַלטיקט זיך אין זיינע לידער, און

זײַן ביטערע סאַטירע איז אַ סאָציאַלע, װײַל מיר האָבן פֿאַר זיך אַ פֿײַנע נשמה, װאָס איז געבױרן װאָך און אַנטקעגנגעפּלאָקערט אַלע װינטן פֿון אַלע פֿיר זײַטן פֿון דער װעלט. זײַנע לידער זענען אַ זאַמלונג פֿון אַ גרױס לעבן; אַ גרױסער ייִד װאָס האָט טיף דורכגעלעבט אַלע געװיטערס פֿון זײַן צײַט און זיי אין די בעסערע לידער זײַנע געפּאַנגען בילדלעך און מוזיקאַליש. זײַן האַרץ איז תּמיד געװען אױפֿן ריכטיקן אָרט. ער איז געװען דער גרױסער ליבעראַל פֿון זײַן צײַט. מיר קאָנען בײַם הײַנטיקן טאָג נישט אױס־מעקן קײן אײן מײנונג זײַנע, װײַל ער איז געשטאַנען מיטן פּנים צו די שענסטע קאַמפֿן פֿון זײַן פֿאָלק און פֿון זײַן קלאַס. ער האָט אין זײַנע שאַפֿונגען אַ סך אַרײַנגעלײגט, זײ זענען געװען זײַן איך. זײ זענען נישט געװען גלאַט קײן צירלעכע רײד. אין שײַכות מיט דעם איז כּדאַי צו ברענגען עטלעכע זאַצן פֿון זײַן הקדמה צום דריטן באַנד פֿון זײַנע געזאַמלטע װערק. דאָס איז אַ באַנד פּראָזע און לידער אין פּראָזע. אין דעם אַרײַנפֿיר רעדט ער װעגן זײַנע פּאָגראָם־בילדער, װאָס ער האָט געשריבן בעת ס׳זענען קײן אַמעריקע אָנגעקומען די װיסטע בשׂורות װעגן פּאָגראָמען אױף ייִדן, אין קישינעװ, מאָהילעװ, אָדעס, ביאַליסטאָק.

„דאָס זענען נישט געװען קײן געװײנלעכע צײַטונג־אױפֿזעצע, זאָנדערן שטיקער נשמה. איך װעל ניט מגזם זײַן װען איך װעל זאָגן, דאָס איך האָב גײַסטיק דורכגעלעבט דאָ אין אַמעריקע דעם גאַנצן חורבן פֿון די היסטאָ־רישע הריגות. אָט דער חורבן האָט מיך אַזױ שװאַך און קראַנק געמאַכט, אַז ער איז פּאָזיטיװ געװען אײנער פֿון די הױפּט סיבות פֿון מײַן יעצטיקער נערװעזיטעט.״

באַמערקט, אַז ראָזענפֿעלד רעדט דאָ נישט װעגן שװאַכקײט און קראַנקײט, נאָר אױך פּאָזיטיװ װעגן — נערװעזיטעט. ער מײנט פּשוט גײַסטיקע אױפֿטרײסלונג. דער פֿילנדיקער ייִד איז צעבראָכן און קראַנק געװאָרן פֿון די ידיעות און איז אױך גײַסטיק אױפֿגערודערט געװאָרן. דער מיטפֿילנדיקער פּאָעט דערשײַנט דאָ גאָר אַן אַנדערער, װי מען האָט אים גענומען פֿון גרײטן אין זײַנע לעצטע קראַנקע און צעבראָכענע יאָרן. מיר מוזן אָבער שוינען דעם אמת און אים טײַער האַלטן און זיך ניט לאָזן באַאײַנפֿלוסן פֿון דעם מאָריס ראָזענפֿעלד קאָפּ־געשטאַלט, דאָ װאו דער קראַנקער לײַב האָט צען מאָל אַ טרײסל געטאָן מיט דער לײַבן־גריװע, כּדי צוריקצוקריגן דעם אײגענעם דרך־ארץ צו זיך, נוצנדיק אַלערלײ מעטאָדן,

שלעכטע און ערגערע, אין זיין צושטאַנד פון נערוועזיטעט, נאָך קאַמפן מיט זיך אַליין, וואָס קיינער האָט נישט געזען און מער נישט געוואָלט זען.

ווען איינער איז נישט קיין געניטער שווימער האָט ער מורא זיך אָנפאַרטרויען די כוואַליעס, אָבער אַזאַ געניטער קינסטלער־שווימער ווי ראָזענפעלד, האָט קיין מורא נישט געהאַט פאַר אַ האַרב און שאַרף פּראָזאַאיש וואָרט. ער האָט געוואוסט אַז ער וועט עס דורכטראָגן און מאַכן דערפון אַ לייט. ער, דער גרויסער און איידעלער ליריקער, איז נישט געווען קיין געצערטלטער וואָרט־מפונק. ער האָט, דער עיקר אין זיינע סאַטירעס, גענוצט דאָס סאַמע ריכטיקע וואָרט, אויפן ריכטיקן אָרט.

זיינע אַרבעטער־לידער זענען נישט געווען באַשטעלט פון קיינעם, נאָר פון זיך אַליין. ער איז געווען אַ טייל פון דעם גרויסן ים פון יסורים. אין אַ מאָטאָ צו זיין ליד „איינשווערונג“ — צייכנט ער אָן פאַרן דיכטער אַ פּראָגראַם, „וואָס צו זינגען און צו זאָגן, דאָ אין אונדזער גרויסן ים פון יסורים און פון קלאָגן“. „איינשווערונג“ איז אַ מין ריכט־שנור ליד, דער פּאָעט שווערט זיך איין צו זיין מיט דעם אָרעמען און שלאָפן, צו קעמפן קעגן רעאַקציע, אויסצושרייען פאַר שלום, אַרויסצוטרעטן קעגן יידן־העצערייען. און אַז מען לייענט זיינע לידער פון יענער עפּאָכע, זעט מען ווי געטריי דער פּאָעט איז געווען צו דער איינשווערונג. דער פולסירנדיקער ריטם איז אומעטום, אפילו אין די שוואַכערע לידער, אַן עדות, אַז ער איז געשטאַנען אין קאַמף. ער האָט געזען דעם קאַמף פון אַרבעטער פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק: די שטוב, דאָס יינגעלע, די סוועט־שאַפּ, דעם סטרייק, דעם סקעב, דעם בלייכן אַפּרייטער, די טרער אויפן אייזן, אַפילו די געליבטע וואָס ער טרייבט פון שאַפּ, ווייל — „דאָ הערשט דער האַרטער קאַמף פאַר ברויט, דאָ מוז מען צאַפּלען ביים געניי“.

ער האָט פאַרצייכנט מיט זיין ליד אַלע שפּירונגען, מיט אַ זעלטענער וואַרעמקייט, און ער האָט פאַרמאָגט אַ קינסטלערישע פּשטותדיקע דירעקטקייט. ער פירט זיין קינד מער נישט אַרויס אין גאַס, ווייל ער וויל עס נישט מצער זיין; עס בעט אַ פּרוכט, אָבער „ניט פאַר אונדז איז די פּרוכט פון דער וועלט“. עס בעט אַ צאַצקע, „אָבער די וועלט האָט ניט קיין צאַצקעס פאַרן אַרבעטער־קינד“. ער פאַרשווערט זיך מער זיין קינד

נישט נעמען אין גאַס, ווייל ער האָט מער נישט קיין כוח, „מיט אַ קול האַלב דערשטיקט פון געוויין, אים צו זאָגן „שאַ" און ענטפערן „ניין".

די ביאָגראַפיע פון אַן אַרבעטער שפּאַנט כמעט דורך מיט אַ שטילער רעזיגנאַציע, אָבער די רעזיגנאַציע איז אַן אַנגעלאָדענע, אַ רעזיגנאַציע וואָס איז גרייט צו עקספּלאָדירן. ס'איז אַ צוגאַנג אַזאַ צו ווייזן דעם אַרבעטער אין זיין פולער דחקות און צעשטויבטקייט, צו זאמלען כוחות כדי צו קאָנען אויסברילן — „וואָס רוקט איר אַלץ דאָס פלייש אין זיך און שמייסט צו מיר די ביינער". דער אַרבעטער לייב ברילט אויס — „עס קומט דער טאָג, איך ברעך די שטייג און איר בלייבט ליגן טויטע".

מיר האָבן צו גרינג זיך געלאָזט איינרעדן אַז אַ סך ראָזענפעלדס לידער קאָן מען מער נישט לייענען. דער אמת איז, אַז מען וואָלט אַ סך פון זיי באַדאַרפט אויסזוכן און לייענען וואָס מער. פערצן יאָר נאָך ראָזענפעלדס טויט האָט דער ליטעראַטור־היסטאָריקער און פּאָעט נחום ברוך מינקאָוו געשאַנקען ראָזענפעלדן נישט מער ווי קאַרגע דרייסיק זייטן אין זיין בוך „יידישע קלאַסיקער־פּאָעטן". שפּעטער מיט 20 יאָר האָט מינקאָוו אויס־געזוכט 22 פּיאָנערן פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע און ער האָט זיי צוזאַמען געשאַנקען אַ טויזנט זייטן. אַזעלכע פּאָעטן ווי יעקב מאָרינאָוו, יצחק קריינגאָלד, א. ל. וואָלפסאָן קריגן צו זעכציק זייטן. אַזאַ אומבאַקאַנטער פּאָעט ווי מאַטוועי ראָם קריגט אויך צוגעטיילט אַ שטודיע פון 35 זייטן. און אָט דער מאַטוועי ראָם האָט אין מאָריס ראָזענפעלדס צייט געזונגען אַזעלכע אַרבעטער־לידער:

אַ מיין ברודער מיין פריינד
לאָז ניט זינקען דעם מוט
שטיי טריי ביי דער הייליקער פאָן
ניט אייביק וועט זעצן און זויגן דאָס בלוט
דאָס גאָלדענע קאַלב אויפן טראָן.

ניט אייביק וועט דריקן דעם שוואַכן די מאַכט
פון קנעכטשאַפט, פון צוואַנג און פון געלט —
עס וועט קומען דער טאָג — דאַן וועט שווינדן די נאַכט,
דאַן קומט ליבע צוריק אין די וועלט.

ווען מען פאַרגלייכט אַזעלכע פּרימיטיווע שורות מיט אַזאַ ליד ווי ראָזענפעלדס „די סוועט־שאַפּ", מיט דעם מוזיקאַלישן צעקנאַל פון די מאַשינען, מיט דעם טעמפּעראַמענט פון דעם אמתן פּאָעט, הייבט מען ערשט אָן באַגרייפן ווי ראָזענפעלד האָט געטורעמט איבער די פּיאָנערן פון זיין צייט.

און אָט איז אַ צווייטער פון די פּיאָנערן־פּאָעטן יצחק זיילין, וואָס האָט וועגן דעם אַרבעט־שווייס אַזוי געזונגען —

איך זע די פאַרצאַרעטע מינען
פון אַרבעטער, כ'נעם דאָן פאַרשטיין
די אַרבעטער זענען מאַשינען
עס שוויצן מאַשינען אַליין.

אויך דעם פערז מעג מען פאַרגלייכן מיט ראָזענפעלדס מאַשינען־ליד. מאַטוועי ראָם איז געווען מיט עטלעכע יאָר עלטער פון ראָזענפעלדן און זיילין מיט עטלעכע יאָר יינגער, אָבער מ'קאָן זאָגן אַז זיי זענען געווען פון איין דור. אין 1899, ווען מאָריס ראָזענפעלד איז שוין געווען אַ וועלט־באַרימטער נאָמען, האָט יצחק זיילין אין אַ ליד צו „די פרייע אַרבעטער־שטימע" געזונגען —

און קיינער, קיינער קאָן דיך טייטן
קינד דער וואָרהייט שטאָלץ און בראָוו.
ענד די נויטן ברעך די קייטן
פיר צום פרייהייטס־קאַמף דעם שקלאָף.

מאָריס ראָזענפעלד האָט אָנגעהויבן אַרויסרופן אַ פּאַרדאַכט אויף זיך ווי אַ פּאָעט, ווייל ער האָט אָפּגעווייכט פון דער אָנגענומענער מיינונג, אַז אַ פּאָעט איז מחויב צו זיין אַ שטיקל שוטה, און ווי אַ ליריקער אַ כשר בהמהלע, וואָס כאַפּט זיך קיינמאָל נישט אַרויס מיט אַ טריפה וואָרט. ווען מ. ל. האַלפּערן איז שיר נישט געקרוינט געוואָרן פאַר דעם אַריינפירער פון גראָבע רייד אין ליד, האָט ער געהאַט זיין פאָרגייער — מאָריס ראָזענפעלד, וועמענס גראָבע רייד זענען געווען אַ סך קליגער, אויסדרוקס־

פולער און מער אין פולן קאָנטראָל פון פּאָעט־סאַטיריקער. מען מעג זיך אויפסנייִ פאַרגינען איבערצולייענען ראָזענפעלדס סאַטירעס. קודם־כל זענען זיי דער קלאָרסטער שפּיגל פון דער צייט און זיינע סאַטירישע פיילן זענען נאָך היינט גילטיק און פול מיט חכמה. ראָזענפעלד האָט נישט אָנערקענט, אַז ס׳זענען פאַראַן ווערעמדיקע אַרבעס צווישן ווערטער. ער האָט נישט אָנגעטאָן קיין זיידענע הענטשקעס און געכאַפּט בלויז בלויע זעפירן־קלאַנגען.

טעמאַטיש זענען זיינע סאַטירישע לידער די קאַמף־לידער פון אַ באַוואוסטזיניקן ראַדיקאַלן יידן, וואָס האָט געקעמפט קעגן שקר, רעאַקציע און עקספּלואַטאַציע און ער האָט נישט קיין מורא געהאַט אַ שטאַרקן טשעפּען צו טאָן די אומבאַרירלעכע און מעכטיקע פון זיין צייט. זיינע סאַטירישע לידער שפּיגלען בעסער אָפּ דאָס לעבן פון אַ קעמפנדיקן ייד פון זיין דור ווי טויזנטער צייטונג־אַרטיקלען. נישט אומזיסט איז אים נישט געווען צום האַרצן דאָס באַשטעלטע זשורנאַליסטישע אַרטיקל, ווייל ער האָט געוואוסט ווי ער קאָן אויפהייבן עטלעכע מעכטיקע שורות און זיי אַ שליידער טאָן מיט גרויס גבורה און טרעפן אין ציל. לאָמיר נאָר אָקאָרשט זען וויפל פאָלקסטימלעכע שאַרפע חכמה ס׳איז פאַראַן אין זיינע סאַטירישע לידער.

ער האָט דאָ אי הייזלעך, אי ברייזלעך געהאַט,\
מסחרים פון יעדן כאַראַקטער —\
איצט דרוקט ער פאַר יידן אַ כשרע בלאַט\
און ער איז אַליין דער רעדאַקטאָר.

ער קען נישט קיין יידיש, קיין ענגליש, קיין דייטש,\
ער איז אַ גראָביאַן מיט די ביינער —\
סך־הכל נאָר טויג ער צו האַלטן אַ בייטש,\
און פירן אַ וואָגן מיט שטיינער.

די גרעסטע פּאָעטן פון אַלע צייטן, ווען זיי האָבן איינגעטונקען די פּען אין סאַטירע, האָבן נישט געשריבן שאַרפער, צילעוודיקער און זינגענדיקער.

נו, זאָג איך אים: פּעטרישקע, לאָז דאָס צורו.\
דו האָסט דאָך קיין ברעקל באַדייטונג —

ווי קומט אַזאַ טרפה׳ר עם האַרץ ווי דו
צו ווערן דער קאָפּ פון אַ צייטונג ?

דער רעדאַקטאָר הייסט פּעטרישקע, ווייל דאָס ליד הייסט „הפקר פּעטרישקע״. פון די עטלעכע פערזן קאָן מען זען, אַז קיין גרויסע פריינד האָט זיך מאָריס ראָזענפעלד נישט געקאָנט איינשאַפן מיט אַזעלכע טרעפ־לעכע שורות.

אָדער לאָמיר נעמען אַזאַ עפּיגראַם „צו אַ יונגן דיכטער״:

מיין פריינד, דיין ליד איז הוילע שמאַלץ,
עס פעלט דיר אויך קיין גראַם נישט.
דאָך איז דאָרט יידער קנאַפּלעך זאַלץ
און האָט דערפאַר קיין טעם נישט.

ס׳איז נישט דעם קוגלס פעטס אַליין
וואָס מאַכט זיך אונדז באַלעקן.
עס דאַרף דער גייסט נאָך האָבן חן
און מוז מיט שבת שמעקן.

דאָ האָבן מיר אין אַכט שורות נישט נאָר אַ סאַטיריש ליד, נאָר אַ וואונדערלעכע דורכדרינגלעכע עסיי וועגן פּאָעזיע. די גרויסע לאַטיינישע עפּיגראַמיסטן און סאַטיריקער האָבן נישט געקאָנט פּאַנגען אין אַכט שורות אַ טיפערן און קליגערן מיין, ווי ראָזענפעלד, אַז צום גראַם מוז מען נאָך האָבן חן און דאָס ליד דאַרף שמעקן מיט שבת. ווענדט אָן די דאָזיקע שורות אויף אַלערליי לידער און איר האָט דעם שענסטן בעסטן שליסל צו פּאָעזיע.

אפשר מיינט איר, אַז זיין סאַטיריש ליד „די וועלט״ איז נישט כדאי צו לייענען און פּאַרדייען ביים היינטיקן טאָג ? איז אַזאַ סאַטירע חלילה פאַרעלטערט ?

די וועלט איז אַ קו,
וועלכע בריקעט, אָן אימה

אַ מילך־קו אפילו,
נאָר דאָך אַ בהמה.

דורך מי און דורך שרעק,
דורך ריטשען און ברומען,
נאָר קענסטו די מילך
אין שעפל באַקומען.
און האָסטו שוין פול,
טאָ, ברודער, ניט פריי זיך
דען גלייך גיט די קו
די ווילדע אַ דריי זיך.
און ווי דיין געמעלק
און ווי דיינע ציינער.
דו לויפסט פון דעם שטאַל
קוים, קוים מיט די ביינער.

**דאָס וואונדערלעכע לשון וואָס, ווי מען זאָגט אויף העברעאיש — פאַלט אויף לשון, פאַלט־צו מיט אַ נאַטירלעכן ריטם, וואָס פירט אויף אַ האָר נישט איבער די טיפע חכמה און דעם שמייכל פון פּאָעט. טאָמער האָב איך אַמאָל געמיינט אין מיינס אַ ליד, אַז געמעלק איז אַ שפּאָגל־ניי וואָרט, ערשט מאָריס ראָזענפעלד האָט עס שוין פריער דערזען.**

**און נישט וויניקער גבורהדיק איז דער דיכטער אין זיינע דירעקטע סאָציאַלע לידער. כ׳וועל ברענגען בלויז דריי פערזן פון זיין ליד „די רעפאָרמער״. דער ייד פון באָקשאַ האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט שלום־מאַכן מיט די רעפאָרם־טעמפּלען, גיט ער זיי אַזאַ פּאָרטרעטל־אָפּ.**

אַ נייע שול, דער שטענדער ניי,
גאָר שפּאָגל נייע לידער.
דאָס ביסל יידיש אויסגעמעקט
אין גאַנצן פון דעם סידור.
קיין רב מער, נאָר אַ פּרעדיקער,
אַ וואוילער יונג, אַ בחור,

וואָס שטייט ווי אַ רעפאָרמער דאָרף:
צום אָרון מיטן אָחור.
דער חזן זינגט דאָרט ניט אַליין
און האַלט זיך ניט ביים גאָרגל.
איין שיגעץ זינגט אדון עולם
דער צווייטער שפּילט דעם אָרגל.

**דאָס שאַרפע וואָרט וואָס ראָזענפעלד ניצט דאָ איז נישט אַריינגעשלעפּט ווי גלאַט אַ גראָב וואָרט, נאָר איז לויט אַלע כללים פון פּאָעזיע, דאָס סאַמע ריכטיקסטע וואָרט וואָס דער פּאָעט־סאַטיריקער האָט געמוזט האָבן פאַר דער פולער אָפּשילדערונג.**

**נאָך איין סאָציאַל ליד, בלויז אין פיר טרעפלעכע שורות —**

נישט שטענדיק זיצט אַ זייד׳נע היטל
אויף אַ קלוגן קאָפּ מיט מאַרך,
גאַנץ אָפט איז עס אַן אָפּנאַרס מיטל
צו פאַרדעקן נאָר אַ פאַרך.

**נאָך איין סאַטיריש ליד וואָס ווייזט, אַז מ׳קאָן אָפּקלייבן אַ באַזונדערן באַנד פון מאָריס ראָזענפעלדס סאַטירישע לידער און האָבן פאַר זיך אַן אוצר פון וואונדערלעכן יידיש, פּאָעטישער חכמה, אַ טויער צום אמתן געדאַנק פון גרויסן יידישן פּאָעט, ווען ער איז נאָך געווען דער הערשער איבער זיך, זיין ליד און געמיט, ווען ער איז פון די געפעכטן מיט זיך אַליין אַרויסגעקומען דער זיגער. אָט ווי ער האָט געקעמפט קעגן עם־הארצות און קעגן שונד:**

ר׳ יאָקל האָט אַ ביבליאָטעק
מיט ביכער, ביכער גאַנצע פּעק;
ער האָט דעם בוך „דער שיינער שאַץ״
דער „רויטער האָן״, „די בורע קאַץ״
„דער געלער פּרינץ״, „דער גרינער שאַך״.

„דער ווייסער זיפּץ״, „דער העלער לאַך״
און צימבעל באמט גערדיכטע,
ער האָט ראָמאַנען אַלערליי.
„די בלאָנדע מינקע פון לאַזדיי״,
„דער הייסער פראָסט״, „דער פלאַכער תהום״,
„די קאַלב פון שכם״, „דער רב פון סדום״.
ער האָט אַלצדינג און האָט אַ סך
ער האָט נאָר ליידער קיין תנ״ך,
קיין יידישע געשיכטע.

**געשיכטע גראַמט זיך מיט „גערדיכטע״, וואָס שטייט איין מיט שיינע עטלעכע שורות פריער, אָבער ראָזענפעלד האָט עס אינזינען און פאַרבינדט עס מיט דעם לעצטן אומגעריכטן קלאַפּ. די העברעער האָלטן טייער די עפּיגראַמען פון אברהם אבן עזרא, מעגן מיר אַוודאי טייער האַלטן אַ גרויסן אָפּקלייב פון ראָזענפעלדס סאַטירישע לידער. זיי פאַרמאָגן זיכער אַזוי פיל פּאָעטישן פלאַם און כוח אין זיך, ווי די סאַטירישע לידער פון אַן אַלעקסאַנדער פּאופּ.**

**ראָזענפעלד האָט אַ ליד וואו ער פאַנטאַזירט זיך אויס דעם וועלט־אונטערגאַנג. דאָס ליד איז געשריבן מיט תנכישן אָטעם אין פרייען פערז. ער, דער לעצטער מענטש, האָט נקמה אין דער זון, וואָס וועט מיט וועלט־אונטערגאַנג אויף אייביק פאַרפינצטערט און פאַרלאָשן ווערן, ווייל זי האָט אַפילו אויף קיין איינציקן טאָג נישט געוואָלט אויפהערן שיינען, צו באַשטראָפן פאַר שוואַרצע יאָמערנדיקע עוולות. דער פּאָעט רופט אויס צו דער זון:**

דו האָסט עס ניט געטאָן!
אָ, דו גאָלדענער ליץ, וואָס האָט געלאַכט
צו אַלערליי געמיינהייט און פאַרברעכן!
דו האָסט געקוקט די האַק פון שאַרף־ריכטער
געשפּילט זיך אויף די שטריק פון תליון;
אויף די פינצטערע פליגל פון דער קראָ
וואָס האָט פאַרצערט די טויטע יוגנט

פון די שלאַכטפעלדער.
דו האָסט געשיינט אויף שפּאַניען,
אין מאַראָקאָ און רומעניען,
אויף קישענעוו און פּעטערבורג און וואַטיקאַן,
אויף שייטערהויפנס און צלמים.
אַצינד פאַרגיי.
פאַרצאַפּל אין דיין אייגענעם פייער.
דיין אויסגעלאָשנקייט איז דיין קבר,
דיין אייגענער שאָטן באַגלייט דיך אין דער נאַכט,
וואו ס׳וואַרט אויף דיר די אימהדיקע פוסטקייט.
פון אַלטע לאַנג פאַרשוואונדענע וועלטן.
אויך איך פאַרגיי, און וואויל מיין אונטערגאַנג!
ווען כ׳זע, אַ זון, דיין ברענענדיקע גסיסה,
דיין לעצטן, רעכט־פאַרדינטן מאַרטער
און קען נאָך מיט אַ שמייכל זאָגן:
ברוך דיין אמת!

**וואָס פאַר אַ קרעפטיקע שורות. און ווי פריש־פּחדימדיק דאָס ליד לייענט זיך אין אונדזער אַטאָמישער שרעק־עפּאָכע. דער יינגסטער יעווטושענקאָ וואָלט נישט געקאָנט אָנשרייבן קיין בעסער היינטצייטיק ליד: און ווי קלאָר דער יידיש און ווי תנכיש עס שאַלט די מוזיק פון גרויסן זאָגער.**

**און אָט האָב איך געמאַכט אַ קליינעם פּרואוו אויפצודעקן די שפּורן צו דער אייביקער גרויסקייט פון מאָריס ראָזענפעלד, אַ גרויסקייט וואָס מען טאָר נישט לאָזן פאַרשאָטנט ווערן. ער איז געווען אַ קרעפטיקע און טיפע פּאָעטישע פערזענלעכקייט, אַ גרויסער ייד־פּאָעט, ווייל אַלץ וואָס ער האָט געזונגען, האָט געהאַט אויף זיך דאָס ליכט פון די נביאים, זייער פלאַמענדיקן דראַנג נאָך שיינקייט, צדק און יושר. ער איז געווען אַ פּאָעט פון הויכער קולטור. ער האָט געזונגען פון עמיל זאָלאַס „זשאַקיז", פון לינקאָלן, פון קריסטוסן, פון וויטמאַנען, פון הערצלען. ער האָט פיינט געהאַט פשרה־מאַכער, ער האָט געשריבן „די גאולה וועט קומען דורך די מאַרטירער און ניט דורך די פשרה־מאַכער".**

מען דאַרף, מען מוז ראָזענפעלדן אויסלייזן פון פאַלשע ביאָגראַפן. אין די פינצטערע טעג זיינע, אין די טעג פון ירידה, האָט אים געפעלט אַ פריינד, אַ נאָענטער חבר, וואָס זאָל אים וואַרעם אַ דריק טאָן די האַנט און אין אים אַריינבלאָזן נייעם שעפערישן מוט. צום הונדערטסטן געבוירנטאָג דאַרף מען אויסזוכן דאָס אמתע ראָזענפעלד-געשטאַלט, ווייל מיר אַלע האָבן געזינדיקט קעגן אים און אים נישט געזוכט דאָרט, וואו ער איז געווען מיט זיין גאַנצער נשמה. מיט 58 יאָר צוריק האָט ראָזענפעלד געשריבן אין אַן הקדמה צו זיין ערשטן באַנד געזאַמלטע לידער, שורות, וואָס וועלן פאַר־אמתט ווערן, אויב מיר וועלן דעם פּאָעט אַוועקשטעלן מאָנומענטאַל דאָרט וואו אים קומט, ווי דעם ערשטן גרויסן פּאָעט אויף אַמעריקאַנער ערד —

אַ דאַנק דיר, גאָט, איך האָב דעם קאַמף געוואונען!
איך הער פאַר מיר מיליאָנען הערצער שלאָגן.
איך האָב מיט שמערץ געזוכט, מיט פרייד געפונען
דאָס ריינע ליכט, וואָס וועט מיין נאַכט באַטאָגן!

צום הונדערטסטן געבוירנטאָג דאַרף דאָס ריינע ליכט פון זיין ליד באַטאָגן די נאַכט פון זיין צו־לאַנגער שקיעה, אויפן הימל פון דער יידישער וועלט־פּאָעזיע.

---

ביים סימפּאָזיום, וואָס דער חודש־זשורנאַל „צוקונפט" האָט דורכגע־פירט לכבוד דעם הונדערטסטן געבוירנטאָג פון מאָריס ראָזענפעלד, האָב איך געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו זיצן לעבן מאָריס ראָזענפעלדס איידעס, ד"ר לעאָן גאָלדענטאַל, און דעם פּאָעטס טאָכטער, ראָוז, אָדער ווי טאַטע־מאַמע האָבן זי גערופן — רייזעלע. די טאָכטער איז שטאַרק ענלעך צום פאָטער אירן, און דער עיקר, די אויגן און דער בליק זענען אינגאַנצן מאָריס ראָזענפעלדס.

ראָזענפעלדס טאָכטער האָט געזאָלט דערציילן זכרונות פון טאַטן, אָבער זי האָט זיך דערשראָקן פאַרן גרויסן עולם, ספּעציעל פאַר די באַטייליקטע אין דעם יום־טובדיקן סימפּאָזיום. יעדער איינער, האָט זי געזאָגט, רעדט אַזאַ פיינעם יידיש, אַז זי האָט מורא געהאַט צו ריזיקירן מיט איר יידיש.

אָבער זי האָט נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבן. אמת, זי האָט אין איר רעדן אַריינגעוואָרפן אַן ענגליש וואָרט, אָבער וואָס מער זי האָט זיך צערעדט, זיצנדיק ביים טיש, אויבנאָן, אַלץ מחיהדיקער איז געוואָרן איר יידיש און אַלץ אינטערעסאַנטער זענען געוואָרן אירע דערמאָנונגען וואָס זי האָט דורכגעלופטערט, פּריוואַט מיט מיר און מיט איר מאַן.

איר מאַן, ראָזענפעלדס איידעם, ד״ר לעאָן גאָלדענטאַל, איז געבוירן געוואָרן אין רומעניע. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אַ פּאַרטיקער ענטוזיאַסט פאַר די לידער פון גרויסן יידישן פּאָעט. ער האָט געקענט ראָזענפעלד לידער אויף אויסנווייניק, און ער האָט זיי דעקלאַמירט ביי יעדער געלעגנהייט. דאָ האָט דער יונגער לעאָן געזוכט דעם פּאָעטס פריינטשאַפט. ביז ער איז געוואָרן אַן איינגייער אין ראָזענפעלדס שטוב און ס׳האָט נישט גענומען לאַנג, ער האָט געוואָרפן אַן אויג אויף רייזעלען און געוואָרן ראָזענפעלדס איידעם.

ד״ר גאָלדענטאַל באַטראַכט די יאָרן, וואָס זענען אים באַשערט געווען נאָענט צו קענען מאָריס ראָזענפעלדן — פאַר אַ גרויסע זכיה. ער האָט די דאָזיקע פאַרערונג אויסגעדריקט אין אַ ראָזענפעלד־ביאָגראַפיע, וואָס ער האָט געשריבן, אין ענגליש. אָבער די ביאָגראַפיע איז נאָכן אָנשרייבן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א נאָוועלע אַרום ראָזענפעלדס שווערן לעבן, זיינע טריומפן און קאַמפן מיט דער גאַס און מיט פּאָעטישע שונאים, וואָס זענען דעם וועלט באַרימטן פּאָעט דערגאַנגען די יאָרן. די נאָוועליזירטע ביאָ־גראַפיע הייסט „טאָיל ענד טרייאומף״ (מי און טריומף). דאָס בוך איז דערשינען מיט אַנדערהאַלבן יאָר צוריק און ס׳איז לעת עתה דער איינציקער גרויסער קוואַל פאַר אַלע צוקונפטיקע ראָזענפעלד־ביאָגראַפיעס, וואָס וועלן זיכער געשריבן ווערן. פון דעם בוך וועט מען שעפן גרינטלעכע און ראַיעלע אינפאָרמאַציע. אַזאַ בוך וואָלט באַדאַרפט אויסגענוצט ווערן היינטיקס־יאָר, ווען די יידישע וועלט פייערט ראָזענפעלדס הונדערטסטן געבוירנטאָג. ספּעציעל וואָלט מען געמעגט זען, אַז דאָס בוך זאָל געלייענט ווערן פון דער יוגנט, וואָס וואָלט זיך באַקענט מיט אַ גרויסער יידישער פּערזענלעכקייט. דער יונגער דור אונדזערער קען נאָר איין שלום עליכם. וואָלט דערפאַר נישט געשאַדט, אַז זייער וויסן זאָל באַרייכערט ווערן מיט נאָך אַ נאָמען פון אַ יידישן וואָרט־קינסטלער. ד״ר גאָלדענטאַל האָט אויך גוט געטאָן וואָס ער ענדיקט זיין ביאָגראַפישע נאָוועלע מיט אַ זאַמלונג פון ראָזענפעלדס

איבערגעזעצטע לידער. די אויסדערוויילטע אַנטאָלאָגיע האָט ארום דרייסיק זייטן.

ראָוז גאָלדענטאַל, די טאָכטער, האָט געהאַט טרערן אין די אויגן, דורך דעם גאַנצן סימפּאָזיום. דער כבוד, וואָס מען האָט אָפּגעגעבן דעם אָנדענק פון איר טאַטן, האָט אין איר אַרויסגערופן אַ שטראָם דעראינערונגען פון איר טאַטנס הויז, פון די יאָרן, ווען ער האָט געהאַט אַביסל נחת, און די לעצטע ביטערע יאָרן, ביז ער איז פרי אַוועק פון דער וועלט.

— מ׳קאָן ביי אַ מענטשן אַרויסרופן דאָס שענסטע און בעסטע, אויב מען באַגייט זיך מיט אים מענטשלעך, און מען קאָן אין אים אַרויסרופן גאַליקע פאַרביטערונג. דעם טאַטן האָט מען אין די לעצטע יאָרן ממש צעררייצט ווי אַ טיגער — האָט זי געזאָגט — און ער איז דאָך געווען אַזאַ גוטער און ליבער מענטש, פול מיט וואַרעמקייט פאַר אַלעמען, ביז מען האָט אים פאַרצאַפּט דאָס בלוט.

נישט אַלע ווייסן, אַז מאָריס ראָזענפעלדס פאָטער איז געקומען קיין אַמעריקע אַ „יונגער" אימיגראַנט פון ניינציק יאָר. דאָ, אין אַמעריקע, האָט ער נאָך אָפּגעלעבט נישט ווייניקער פון פערצן יאָר. ראָוז געדענקט גוט דעם זיידן, ער איז געווען אַ שיינער ייד און אַ בעל חלומות, אַן אמתער ראָמאַנטיקער. פון אים האָט מאָריס געירשנט זיין פּאָעטיש געמיט, דעם ראָמאַנטיזם און דעם דראַנג נאָך שיינקייט און דערהויבנקייט. אָבער די „טעכניק" פון לידער האָט מאָריס ראָזענפעלד געקראָגן פון דער מאַמען זיינער. זי האָט געהאַלטן אין איין רעדן מיט גראַמען, ענטפערן אין גראַמען און אויסטענהן זיך אין גראַמען. אירע גרייטע געגראַמטע ווערטער זענען געווען באַרימט אין דער משפחה. מען האָט זי בלויז באַדאַרפט עפּעס פרעגן און עס האָבן זיך אַ גאָס געטאָן גראַמען ווי פון אַ צאַפּן.

זיידע־באָבע האָבן געוואוינט מיט די ראָזענפעלדס. די באָבע איז געווען יונגער פון זיידן און זי האָט אים איבערגעלעבט. זי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 96 יאָר. מאָריס ראָזענפעלד האָט פון די עלטערן זיינע צוזאַמענגעקנאָטן זיין טאַלאַנט, אָבער נישט קיין אריכת ימים. ער איז אַוועק פון דער וועלט אין עלטער פון 61 יאָר.

ראָוז האט פאַר מיר אומגעוואָרפן אַ לעגענדע, וואָס דער פּאָעט ה. רויזענבלאַט האָט געשאַפן. רויזענבלאַט האָט געלעבט בשכנות מיט ראָזענ־פעלדן אין יאָנקערס, וואו זיי זענען אפשר געווען די איינציקע יידן

צו יענער צייט, אין דער דעמאָלט, „עק־וועלט" געגנט. רויזענבלאַט האָט דערציילט, אז מען האָט מאָריס ראָזענפעלדס טאַטן אַריינגעגעבן אין אַ מושב זקנים, ווען ער איז שוין געווען אַ ייד פון קיילעכדיקע הונדערט יאָר. דער מושב זקנים איז געווען אַ יאַהודימשער, האָט מען דעם אַלטן טאַטן פאַרשענערט דאָס פּנים און אים אָפּגעשניטן די באָרד. ווען דער יונגערער פּאָעט רויזענבלאַט האָט אויפמערקזאַם געמאַכט דעם עלטערן חבר אויף דעם וואַנדאַליזם, זאָל מאָריס ראָזענפעלד האָבן רעאַגירט אויף דער נבלה פון אַראָפּנעמען מיט געוואַלט אַ שטיק יידישע צירונג, אַז — ס'איז אַן אינטערעסאַנטע טעמע פאַר אַ ליד.

ראָוז האָט פאַר מיר געלייקנט די גאַנצע מעשה מיט דער באָרד. די יאַהודים האָבן דעם זיידנס באָרד נישט געטשעפּעט. ווי אַזוי די לעגענדע האָט זיך אויספּאַנטאַזירט ביי רויזענבלאַטן, וואָס איז געווען מאָריס ראָזענ־פעלדס אַ שכן, קאָן זי נישט פאַרשטיין. דער זיידע האָט אין מושב זקנים נישט אויסגעהאַלטן מער ווי דריי חדשים און ער איז צוריקגעקומען אַהיים צום זון און דאָרט פאַרבליבן ביז יענעם טאָג, וואָס האָט זיך איינגעשניטן אין רייזעלעס זכרון. דער אַלטער האָט קיינמאָל אין זיין גאַנץ לעבן, נישט געדאַרפט אָנקומען צו אַ דאָקטאָר. ער האָט זיך אויף גאָרנישט באַקלאָגט. ער איז געווען אַ שטילער און געמיטלעכער מענטש, וואָס האָט געלעבט אין זיין וועלט פון פאַנטאַזיע און אמונה.

איינמאָל האָט די מאַמע געגרייט צום טיש און געזאָגט צו דער טאָכטער: „רייזעלע, גיי רוף דעם זיידן עסן, ס'עסן וועט קאַליע ווערן". ווען זי איז צוגעקומען צום שטול, איז דער זיידע געזעסן און רואיק געשלאָפן. זי האָט אים גענומען וועקן, אָבער דאָס גאַנצע הויזגעזינט האָט זיך באַלד איבער־ציינגט, אַז דער זיידע איז אַזוי שטיל, ווי אַ טויב, איינגעשלאָפן אויף אייביק, אַלץ אָן דער הילף פון אַ דאָקטאָר.

די אַלטע באָבע האָט ביז אירע לעצטע טעג געהאַלטן אין איין באַנייען די אייניקלעך. זי האָט געקויפט שטיקער סחורה און גענייט קליידלעך מיט גרויס געניטשאַפט. איינמאָל האָט רייזעלע אָנגעטאָן אַ ניי קלייד, וואָס די באָבע האָט אויפגענייט. זי איז געגאַנגען דורך די פעלדער פון דער נישט באַוואוינטער יאָנקערס און זי האָט צעריסן דאָס קליידל. ווען זי איז געקומען אַהיים, האָט זי ביטער געוויינט. אָבער די באָבע

האָט זי איינגענומען מיט עטלעכע גראַמען און איר פּאָלקסטימלעך געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זי האָט אייגנטלעך געפּאָלגט דער מאַמען.

— די מאַמע האָט דאָך דיר געוואונטשן, אַז זאָלסט דאָס קלייד צערייסן געזונטערהייט. נו, האָסטו געפּאָלגט אַ מאַמען און צעריסן געזונטערהייט. טאָ, וואָס־זשע וויינסטו, נאַרעלע?

רייזעלע האָט זיך בארואיקט און די אַלטע עטלעכע און ניינציק יאָריקע באָבע האָט פלינק אויפגענייט אַ ניי קלייד.

ראָוז ראָזענפעלד־גאָלדענטאַל האָט מיר דערציילט נאָך אַ סך פּרטים פון איר טאַטנס שטוב, אָבער די אַלע איינצלהייטן זענען זייער אינטערעסאַנט אריינגעפלאָכטן אין דעם איידעמס נאָוועלע. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ד״ר גאָלדענטאַל האָט זיך באַמיט צו נאָוועליזירן די ביאָגראַפיע, איז ער אָבער געבליבן געטריי צו די פאַקטן און צו די נעמען פון די אַלע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין ראָזענפעלדס שטור־מישער קאַריערע, וואָס האָט פלוצים אַ לויף געטאָן באַרג־אַראָפּ און גיך אַרונטער פון טריומפאַלן אַרויפקלעטער.

דער טאַטע, האָט מאָריס ראָזענפעלדס טאָכטער געשפּונען אירע זכרונות, איז געווען אַ וואַרעמער און איבערגעגעבענער מאַן צו זיין פרוי און אַ הייסער טאַטע צו די קינדער, אָבער זייער אָפט פלעגט ער צוזאַמענ־נעמען זיין משפחה און פאַר זיי האַלטן אין איין איבערחזרן:

איר ווייסט ווי איך האָב איך ליב, אָבער געדענקט, אַז איך האָב נאָך אַ משפחה, מיין ליטעראַריש לעבן, מיינע גייסטיקע קינדער, וואָס זענען מיר אויך ליב און טייער און איך מוז זיי שענקען מיינע שענסטע און בעסטע געפילן. זייט־זשע נישט אייפערזיכטיק אויף מיינע גייסטיקע קינדער, זיי זענען אויך מיין לעבן און מיין פרייד!

## עטאַפּן אין צוגאַנג צו מאָריס ראָזענפעלד

כ׳בין בפירוש דאַנקבאַר דעם יידיש־פאָרשער יחזקאל ליפשיץ, וואָס ער האָט עפנטלעך אָנגעוויזן אויף אַ סתירה אין מיין צוגאַנג צו מאָריס ראָזענפעלדן אין וואָסערע זעקס יאָר. אין זיין אַרטיקל „מאָריס ראָזענפעלד

און לעאָ ווינער" האָט ליפּשיץ, דער צוזאַמענשטעלער פון ראָזענפעלדס בריוו, אַרויסגעבראַכט אַז אין 1956 האָב איך, אין אַן אָפּשאַצונג וועגן דער ראָזענפעלד־קאָרעספּאָנדענץ, געזאָגט אַז מאָריס ראָזענפעלד „איז געווען אַ מינאָרער פּאָעט"... „און איז שטאַרק איבערגעשאַצט געוואָרן ביי זיין לעבן, אַז ער האָט אָנגעשריבן זייער ווייניק גוטע אָדער גרויסע לידער... מ'קאָן ביי ראָזענפעלדן קוים געפינען אַ צענדליק גוטע לידער און פיר־פינף גרויסע לידער, וואָס זאָלן זיין גאַנץ אין זייער גרויסקייט".

נאָך פריער פאַר ליפּשיצן האָט דער פּאָעט ישראל עמיאָט אין אַ פּריוואַטן בריוו געמאָנט ביי מיר אַן אויפקלערונג פאַרוואָס איך האָב שאַרף געענ־דערט מיין מיינונג צו מאָריס ראָזענפעלדס הונדערטסטן געבוירנטאָג, מיט עטלעכע לענגערע אָפּהאַנדלונגען וואָס איך האָב פאַרעפנטלעכט צו דער יום־טובדיקער געלעגנהייט.

אויף אַזאַ סתירה קאָן מען נישט אָפּקומען מיט דעם פּאָעט וויטמאַנס תירוץ, אַז אים אַרט נישט וואָס ער איז זיך אַליין סותר. איך ווידערשפּרעך זיך, האָט ער געשריבן, נו גוט, ווידערשפּרעך איך זיך. וועגן ראָזענפעלדן האַלט איך אָבער, אַז מיין מיינונג איז אין 1956 געווען אַ טעותדיקע און אַז בלויז ווען איך האָב נעענטער, גרינטלעכער און אָן פּניותדיקער זיך באַקענט מיט ראָזענפעלדס פּאָעטישע שאַפונגען, האָב איך דערזען דאָס אמתע קינסטלערישע פּנים פון פּאָעט. דער אויסדרוק — אָן פּניותדיק דאַרף נישט גענומען ווערן, אַז כ'האָב חלילה עפּעס געהאַט אַ פּערזענלעכן פאָראורטייל צו מאָריס ראָזענפעלדן, נאָר דער פאָראורטייל איז געווען אַ פּועל יוצא פון אַן איינגעוואָרצלטן און נישט גוט דורכקאָנטראָלירטן איינשטעל. דאָס איז גיכער געווען דער פאָראורטייל פון מיין דור און ס'איז אין דעם געלעגן די שולד פון ראָזענפעלדן אַליין, וואָס האָט דורך די לעצטע יאָרן זיינע פאַרביטערט זיין אייגן לעבן און געשאַפן אַ מחיצה צווישן זיך און דעם יידישן קינסטלערישן וואָרט.

יחזקאל ליפּשיץ איז דווקא גענייגט מסכים צו זיין מיט דער מיינונג, וואָס איך האָב אַרויסגעזאָגט אין 1956 (און אַ סך מאָל ביי פריערדיקע געלעגנהייטן). אָבער מיין אַרטיקל וועגן ליפּשיצעס צוזאַמענגעשטעלטער ראָזענפעלד־קאָרעספּאָנדענץ האָב איך אָנגעהויבן מיט דער הנחה, אַז — „דער מינאָרער פּאָעט איז זיכער אַ קלענערער פּאָעט פון אַ גרויסן פּאָעט, אָבער זיין קלענערקייט באַשטייט אין דער קלענערער צאָל גוטע לידער

וואָס ער שרייבט אָן". ווען איך האָב צו דער יובל־דאַטע פון פּאָעט זיך בעסער און פרייער באַקענט מיט זיינע לידער, האָב איך אויסגעפונען, אַז ער האָט אָנגעשריבן אַ גרעסערע צאָל גרויסע לידער, ווי איך האָב געמיינט און ווי איך בין געווען גענייגט צו מיינען.

ראָזענפעלדס טאָכטער, רייזעלע, האָט מיר געזאָגט, אַז מען האָט איר טאַטן „צערייצט ווי אַ טיגער" און די צערייצונג האָט דעם פּאָעט שטאַרק צעטרייסלט, אפשר אַ סך מער ווי ער האָט זיך באַדאַרפט לאָזן צעטרייסלען. אָבער פאַרפאַלן, אַזוי איז ער געווען און אַזוי איז ער געוואָרן, אין די לעצטע יאָרן, ווען מיר, פון יינגערן דור, האָבן אים געזען און מער נישט געקאָנט נענטער דערקענען. ס'זענען אים שוין פאָרויס־געלאָפן אַ סך לעגענדעס און קאַפּע־מיינונגען און ראָזענפעלד אַליין האָט נישט נאָר נישט געקעמפט זיך אויסצוגראָבן פון די דאָזיקע רכילותדיקע מעשיות, נאָר ער האָט נאָך מער אָפּגעטריבן פון זיך יעדע פאַרבינדונג מיט דער לעבעדיקער יידישער שעפערישקייט. ס'איז זיכער נישט געווען אָנגענעם אין זיינע דלד אמות, אין יענע צייטן, ווען ער האָט געהאַלטן אין איין עצהן די יונגעלייט, אַז מען זאָל וויכן פון יידיש און זיך נעמען שרייבן ענגליש. ער האָט עס געטאָן מיט ביטערקייט און נקמה אין זיך אַליין.

אין מיינע רעפעראַטן וואָס איך האָב געהאַלטן ביי די יובל־פייערונגען, האָב איך זיך אויך אָפּגעשטעלט אויף דעם פּסיכאָלאָגישן הינטערגרונט פון ראָזענפעלדס שאַפונג־קוואַל און פאַרוואָס דער קוואַל איז אויסגעטרוקנט געוואָרן. איך האָב אויך קלאָר געזאָגט, אַז מיר האָבן אַלע געזינדיקט קעגן אים, אָבער ראָזענפעלד האָט אויך געזינדיקט קעגן זיך אַליין און פאַרפירט אַ סך שפּעטערדיקע קריטיקערס. ער איז פּשוט געווען פיזיש און גייסטיק צו־שוואַך צו קעמפן מיט זיינע עליות און ירידות, אָבער די אַלע סימפּטאָמען פון שוואַכקייטן זענען נישט מער ווי ביאָגראַפישע שאַלעכצער וואָס מען מוז קאָנען אַראָפּשיילן, ווען מען נעמט־אויף איצטער זיין צוטראָג צו דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע.

יחזקאל ליפשיצעס זאַמלונג פון ראָזענפעלדס בריוו האָט דעם פּאָעט אויך נישט צוגעגעבן קיין סך גלאַנץ. ער איז בטבע געווען אַן אומגע־דולדיקער און עגאָצענטרישער בריוו־שרייבער. ער האָט זיך אַליין גייסטיק אויסגעהוילט, ווען ער האָט זיך געזעצט שרייבן בריוו, וואָס האָבן געהאַט

צו טאָן מיט זיין ביטערן מצב. אָבער בריוו־שרייבעריי איז אַ באַזונדער ווינקל, כ׳וואָלט געזאָגט, אַ באַזונדערע קונסט. י. ל. פּרץ איז אויך אַ סך וויניקער אין זיינע בריוו.

פֿון דער קאָרעספּאָנדענץ קומט ראָזענפֿעלד אַרויס מיט קנאַפּ כּבוד פֿאַר זיך און דער עיקר אַפֿילו אַן אַנדערער מענטש, אָן זיין געוויינלעכער שאַרפֿקייט און אָן דעם ליכט וואָס האָט אים געפֿירט צו זיינע דערהויבענע שורות. איז אויב איר ווילט זענען זיינע בריוו אַ שלעכטער וועגווייזער צו ראָזענפֿעלדס אינטים לעבן. אויך די קאָרעספּאָנדענץ זיינע איז עלול אַראָפּצופֿירן פֿון וועג אויבנאויפֿיקע אָפּשאַצערס פֿון ראָזענפֿעלדס קינסט־לערישער פּערזענלעכקייט.

י. ליפֿשיץ איז וואויל געניגט צו לעאָ ווינערן, וואָס האָט ראָזענפֿעלדן געשאָנקען וועלט־באַרימטהייט. איך טייל לחלוטין נישט ליפֿשיצעס מיינונג וועגן דעם פּראָפֿעסאָר, וואָס האָט געליטן פֿון אַ צייטווייליקן און קורצ־דויערנדיקן אינטערעס אין דער יידישער שפּראַך און אין דער יידישער ליטעראַטור. ביי ווינערן איז ראָזענפֿעלד געווען אַן אַנפֿאַל פֿון אַ קאַפּריז. ער איז געווען דורך און דורך אַסימילירט; זיין הויז איז געווען וויט פֿון אַ יידישער היים, ווי ס׳האָט עס אַזוי קלאָר אַרויסגעבראַכט לעאָ ווינערס זון, נאָרבערט ווינער, דער באַרימטער מאַטעמאַטיקער, אין אַן אויטאָביאָ־גראַפֿיע. לעאָ ווינערס ווייב האָט פּשוט פֿיינט געהאַט יידן און לעאָ ווינער אַליין האָט זיך גאָר גיך געוואָלט אָפּטשעפּען פֿון מאָריס ראָזענפֿעלדן, וואָס איז ביי אים געווען אַ פֿאַרביילויפֿנדיק צוטשעפּעניש.

אָט־דער לעאָ ווינער האָט אפֿשר אומגערן געטאָן ראָזענפֿעלדן אַ בערישע טובה. מען וואָלט נאָך באַדאַרפֿט אויספֿאָרשן פֿאַרוואָס ווינערס פּראָזע־איבערזעצונגען פֿון ראָזענפֿעלדס לידער האָבן אַזוי שטאַרק אָנגע־ריסן אין יענער צייט, סוף נייַנצטן יאָרהונדערט, ווען די ענגלישע פּאָעזיע האָט זיך געקאָנט פֿאַרגינען נישט אומצוקוקן זיך אויף די דאָזיקע אומפּאָעַ־טישע פּאַראַפֿראַזירונגען פֿון ראָזענפֿעלדס לידער. פּאָעזיע, ווי אַלע ווייסן, איז שווער איבערצוזעצן. לעאָ ווינער האָט געזוכט אויסצומיידן די דאָזיקע שווערקייט, מיט אַ ווערטערלעכער איבערזעצונג, אָבער דער רעזולטאַט איז געווען נישט קיין צו־פֿריילעכער. עפּעס איז די ענגלישע איבערפֿירונג אין יענער צייט אַריינגעפֿאַלן אין אַ שעת הכּושר און ס׳איז אַוועק איבער אַלע מדינות, אַז אַן אָרעמער יידישער שניידער שרייבט יידישע לידער.

לעאָ ווינער האָט אַרויסגענומען ראַזענפעלדן פון גאַנצן קאָנטעקסט פון דער יידישער פּאָעזיע און אים אַרויסגעשטעלט ווי דאָס איינציקע בייז אָדער גוט וואונדער. אָט־דער „פּעטען" אַרבעט נאָך ביזן היינטיקן טאָג ווען ס'קומט צו גויים. מען רייסט אַרויס איינעם אַ ייד און מען שטעלט אים אַוועק ווי דעם איינציקן, צו וועמען ס'איז נישטאָ קיין צווייטער. די גויים אין ווינערס צייטן האָבן מיטאַמאָל אַנטדעקט, אַז ס'איז דאָ יידיש אויף דער וועלט און אַז איין אָרעמער ייד שרייבט אויף דער אָרעמער שפּראַך לידער וועגן אָרעמקייט און אַפילו לידער וועגן פרילינג.

מיר דאַכט זיך אַז דאָס אַרויסרייסן ראָזענפעלדן פון זיין סביבה און פון זיין גאַנצער מיליע, האָט דעם שוואַכן פּאָעט — קערפּערלעך און גייסטיק — קיין טובה נישט געטאָן. ער האָט זיין וועלט־באַרימטקייט נישט געגומען מיט דעם ביסעלע זאַלץ פון עניוות און מיט דעם פעפער פון אַ קאַפּיטשקע הומאָר. יאָ, ס'זענען דאָ בפירושע סימנים סיי אין ראָזענפעלדס לידער, סיי אין זיין פּראָזע, אַז ער האָט זיך פון צייט צו צייט געוויצלט איבער זיין באַרימטקייט, אָבער דאָס זענען געווען לייכטע וויצן. די באַרימטקייט זיינע האָט אים פונדעסטוועגן צו טיף פאַרטשעפּעט און פאַרוואונדיקט; ער האָט מיט איר נישט געקאָנט שלום מאַכן און ער האָט מורא געהאַט זיך צו פאַרמעסטן מיט זיין אייגענעם וועלט־נאָמען, וואָס איז געווען קורצדויערנדיק, בפרט ווען זיין פּאַטראָן האָט גיך פאַרלוירן דעם אינטערעס אין זיין געפינס, אָדער אומדירעקט — אין זיין קרבן.

כ'ווייס, אַז ס'איז שווער מיטצופילן מיט אַ פּאָעט וואָס לאָזט זיך אַזוי אַרויפפירן און אַראָפּפירן, אָבער מאָריס ראָזענפעלד איז נישט דער איינציקער. מיר האָבן אַ צאָל אַזעלכע אומגעזונטע ביישפילן, נאָר אין יעדן באַזונדערן ביישפּיל זענען די סיבות באַזונדערע און אַנדערע און אין יעדן באַזונדערן ביישפּיל טאָר מען נישט לאָזן דעם שרייבערס פאַר־קרענקטע פּסיכיק ווערן דער שטרויכל אויפן וועג צו אַן אומגעשטערטער שאַצונג פון זיינע ווערק.

וואָס שייך איבערזעצונגען זענען אַ סך וועלט־פּאָעטן נישט מזלדיק. פּושקין לייענט זיך ווי אַ דריטקלאַסיקער פּאָעט אין ענגלישע איבערזע־צונגען; גראַד אין העברעאיש, אין שלאָנסקיס איבערזעצונג, לייענט ער זיך אַ סך בעסער. אונדזער ביאַליק קומט אַרויס אַ דורכשניטלעכער רעטאָרישער פּאָעט אויף ענגליש, יהואָשס לידער אויף ענגליש האָבן

יהואַש נישט אַנטפּלעקט פאַר נישט־יידישע לייענערס. מ׳קאָן שוין די דאָזיקע ביישפּילן כפלן אויף גאַנצע ענגלישע אַנטאָלאָגיעס פון יידישע לידער.

ווען די סענסאַציע פון ראָזענפעלדס איבערגעזעצטקייט האָט פאַרלוירן איר גלאַנץ, איז מאָריס ראָזענפעלדן געבליבן אַ ביטערער טעם אין מויל פון אַ זיסלעכן פלאָדן, צו וועלכן ער האָט זיך צוגעכאַפּט און מכלה געווען דעם מאָגן. מען האָט זיך דעמאָלט אַרומגעזען, אַז אַ סך שכלדיקע יידן האָבן, אַפילו אין יענער צייט, נישט געזען קיין גרויסע פּעולה אין ווינערס פאַראַפראַזירונגען. מיר דאַכט זיך, אַז איזראַעל זאַנגוויל האָט גאָר געוואָרנט קעגן דעם.

אָבער די אַלע שטרויכלונגען מוזן אָפּגערייניקט ווערן, ווען מען נעמט זיך צום יידישן פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד, דעם ערשטן גרויסן יידישן פּאָעט אויף אַמעריקאַנער ערד. ס׳איז אפשר פאַרשטענדלעך ווען מען פאַלט אַ קרבן פון די אַלע אויסערלעכע אומשטענדן אַרום ראָזענפעלדס שאַפן און פון דער אָוועקטרייבנדיקער בייזקייט און קרענקלעכקייט, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר ראָזענפעלדן אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. אָבער ס׳איז נאָך פאַרשטענדלעכער ווען מען פּרואווט באַזייטיקן די אַלע שטערונגען און מען דערזעט דאָס אמתע געשטאַלט פון פּאָעט. האָט דאָך דער ייוואָ־פאָרשער שייקאָווסקי באַוויזן אויפצובויען, מיט דער ראָזענפעלד־אויסשטעלונג, אַ גאַנצע וועלט, וואָס קיין אַנדער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעט פון ראָזענפעלדס דור וואָלט אים אַזאַ מעגלעכקייט נישט געגעבן. ווען מען נעמט אָט־די רעסטאַווּרירטע וועלט אין טיפן באַטראַכט און מען לעבט זיך איין אין איר, ווערן פאַרענטפערט אַ סך האַרבע קשיות און ס׳ווערן אויסגעגליכט גאָר אַ סך רויקייטן אין דער גייסטיקער פיזיאָנאָמיע פון דעם פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד. מען הויבט אָן פאַרשטיין ווי אַזוי ער איז אַרונטער פון זיין אייגענער מדרגה און ווי ס׳איז מעגלעך געווען, אַז אים זאָל אַזוי פאַרכאַפּן זיין חלום פון אַ וועלט־רעפּוטאַציע און אַז ס׳זאָל אים אַזוי צעטרייסלען.

כ׳וואָלט אפשר נאָך באַדאַרפט זיך אָפּשטעלן אויף אַ פאַרביילויפנדיקער באַמערקונג אין ליפשיצעס דערמאָנטן אַרטיקל וועגן „מאָריס ראָזענפעלד און לעאָ ווינער". ער זאָגט — „לאָמיר געדענקען, אַז צו זיין דוד (ראָזענפעלדס — י. ג.) האָבן אויך געהערט יהואָש און ליעסין". אָבער

כדי צו ענטפערן אויף דעם „לאָמיר געדענקען", וואָלט מען ערשט באַדאַרפט אָנשרייבן אַ נייע גרויסע און אויסשעפּנדיקע אָפּהאַנדלונג, וואָס זאָל אַוועקשטעלן מאָריס ראָזענפעלדן אַנטקעגן די צוויי גרויסע נעמען. דאַרף מען דאָס איבערלאָזן אויף אַן אַנדער געלעגנהייט. בקיצור קאָן אָבער גלייך געזאָגט ווערן, אַז ליעסין איז נישט געווען קיין פּיאָנער פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעזיע. ער איז געקומען מיט אַ פאַרטיקער רעפּוטאַציע פון אַ רעוואָלוציאָנערן דיכטער. אין זיינע בעסטע לידער האָט ער נישט אַרויסגעוויזן די מעלות פון ראָזענפעלדס בעסטע לידער, כאָטש ער האָט קיל און באַטראַכט אויסגעמיטן ראָזענפעלדס חסרונות. דער גרויסצוגיקער פּאָעט יהואָש, וואָס כאָטש ער האָט פאַרעפנטלעכט זיינע ערשטע לידער אין 1891, בלויז אַ פינף יאָר נאָכדעם ווי ראָזענפעלד האָט זיך באַוויזן, האָט ערשט באַוויזן זיין אמת פּאָעטיש געשטאַלט אַ סך שפּעטער, אין 1919, און ער געהערט דערפאַר קינסטלעריש צו אַ שפּעטערדיקן דור.

## יידישער אָרטאָגראַפישער וועגווייזער

דער „יידישער אָרטאָגראַפישער וועגווייזער", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט אָנווייזונגען פאַר אַן איינהייטלעכן אויסלייג, איז זייער אַ נוצלעך און דער עיקר זייער אַ לעבעדיק בוך. כ'בין נישט קיין גרויסער בקי אין דער געשיכטע פון יידישן אויסלייג, אָבער כ'בין איבערצייגט אַז די מחברים, מאַקס ווײַנרייך און מרדכי שעכטער, זענען גוט באַהאַוונט אין דעם אַנטוויקלונג־גאַנג פון יידישן אויסלייג און זיי האָבן באַשלאָסן ערגעצוואו שטעלן אַ פונקט און אונטערציען כללים, וואָס מען וואָלט געמעגט אָפּהיטן, כדי צו פאַראיינהייטלעכן די יידישע אָרטאָגראַפיע. לייענענדיק די כללים, די יסודות פון אַן איינהייטלעכן אויסלייג, ווי מאַקס ווײַנרייך רופט זיין קליינעם אָרטאָגראַפישן „שולחן ערוך", זעט מען אַז ער האָט טיף אַריינגעבליקט אין דער אַנטוויקלונג פון געשריבענעם יידיש און פאַקטיש געלאָזט דאָס פאָלק אַליין באַשטימען די כללים.

מ׳קאָן זאָגן אַז יעדער לשון, אין זיין רוי־שטאַנד, איז אַ פריי פעלד פאַר דער פאַנטאַזיע פון אַמעראַצים. זיי לאָזן זיך וואוילגיין, ביז ס׳ווערן פון זיך אַליין אויסגעשמידט כללים, וואָס מאַכן פון די איגנאָראַנטן גאַנצע געלערנטע און זיי מוזן אליין גיין אין שפּאַן פון זייערע אייגענע דורכגעראַנגלטע פריהייטן. די אויסלייג־כללים זענען אָנגענומען געוואָרן אין 1936, דורך דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — ייוואָ, בשותפות מיט דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע — ציש״אָ אין פּוילן. די דאָזיקע אָנגענומענע תקנות האָבן געדינט ווי דער באַזיס פאַר דעם איצטיקן „וועגווייזער״. די תקנות זענען געווען דער רעזולטאַט פון אַ שטודיע, וואָס האָט געוואָלט שאַפן אַן איינהייטלעכן אויסלייג, נוצנדיק אַלע פאָלקישע „גרייזן״, די פּאָפּולערסטע און געשמאַקסטע פון זיי; איך מיין די וואָס האָבן אָפּטיש זיך צוגעאייגנט אונדזער לשון.

די צרה איז וואָס אין דעם כאַאָס פון אַנטוויקלונג איז אונדזער לשון אַוועק פון זיינע אייגענע חנעוודיקע „גרייזן״, די פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס, פון די בריוו וואָס די דינסט־מיידלעך האָבן געשריבן אַהיים, פון די בריוו וואָס סאָלדאַטן האָבן געשריבן פון פאָני־ען און פּרויעם־יאַסלען, פון דער אויסלייגעכץ אין די פּריסטע טייטש־חומשים און תחינות.

ס׳איז אונדזער געשריבענער און געדרוקטער שפּראַך באַפאַלן אַ ציוויליזירטע צעטומלעניש. יעדער איינער האָט גענומען „איידלען״ דעם יידישן אויסלייג, אויף זיין שטייגער. דער סוף איז אַז היינטיקע צייטן פאַרמאָגן מיר שוין אַ פינף־זעקס באַזונדערע אויסלייגעכצער, וואָס זענען אַוועק פון קוואַל, פון דעם קוואַל וועגן אויסלייג־גרייזן האָבן זיך באַזעצט אין אונדזער לשון און כמעט געוואָרן גע‌זעצן.

„די תקנות פון יידישן אויסלייג״ זענען געווען אַ מין צוריקרוף צו דער איינהייטלעכקייט פון די אמאָליקע איינגרייזונגען. מיר זענען שוין אָפּגעוואוינט געוואָרן פון די ערשטע געוואָרענע כללים. מיר דערקענען זיי שוין נישט, און אונדזער אייגענע אומאָרדענונג און צעטומלעניש זעט אונדז אויס אַ סך היימישער. אָבער יעדער פּרוּוו צו שאַפן איינהייטלעכקייט האָט דאָך געמוזט גיין צום פאָלק און אויסזוכן דאָס וואָס די ערשטע יידישע אויגן האָבן געזען אין דעם צוזאַמענשטעל פון יידישע אותיות. דער חן פון פלאָנטערן און בלאָנדזשען האָט געמוזט גענומען ווערן ווי אַ באַזיס

פאַר אַ מאָדערנעם אויסלייג, מחמת דאָס איז די וויזועלע אַרקעסטראַציע פון יידישער שרייבונג, לויטן אויער וואָס האָט געהערט יידישע רייד.

מ׳קאָן אויסזעצן דאָ און דאָרט קעגן געוויסע תקנות, אָבער אין די אינטערעסן פון איינהייטלעכקייט, דאַכט זיך מיר, אַז ס׳לוינט זיך נישט. שרייבערס זענען נישט די גרעסטע עקספּערטן אויף אויסלייג, אפילו ווען זיי מאַכן דעם אָנשטעל. „יידישער אָרטאָגראַפישער וועגווייזער״ איז אַ צוריקרוף צו דער צייט, ווען יידישע געלערנטע האָבן זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט אָרטאָגראַפיע, און ווען ס׳איז געווען אַ געוויסער דעת הקהל, וואָס האָט עס כמעט געקאָנט אַרויפצווינגען און דורכפירן.

ענגליש און פראַנצויזיש קעמפט נאָך אַלץ מיט זייער אָנגענומענער אָרטאָגראַפיע, וואָס זענען „פאַרפרוירן״ געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, אינמיטן פון זייער אנטוויקלונג, און דערפאַר האָט מען אַזויפיל צרות פון זייער אויסלייג. פאַראַן אַ סך שטומע, נישט געהערטע אותיות, וואָס מוזן געזען ווערן ביים שרייבן. בערנארד שאָו האָט געקעמפט א לעבן לאַנג קעגן דעם „אַרכאַאישן״ אויסלייג און ער האָט אפילו איבערגעלאָזט א היפּשן פאָנד אויף צו פּראָפּאַגאַנדירן אַ מאָדערניזירטן אויסלייג. לעצטנס האָט מען ערשט געשאַפן אַ נייעם סיסטעם, מיט א צוגאָב פון אותיות, וואָס זענען אין ענגליש נישטאָ, כדי קינדער זאָלן דורכן זען בעסער הערן, ווי מען רעדט־אַרויס ענגלישע ווערטער. ס׳מיינט פּשוט אַז מען רעבעלירט נאָך אַלץ קעגן דער פאַרפרירונג פון אויסלייג, וואָס האָט געשאַפן אין דיביידע לשונות באַזונדערע אָרטאָגראַפישע שוועריקייטן.

יידיש איז פאַקטיש א „געהערט־געשריבענע״ שפּראַך, ווי מען הערט, אַזוי שרייבט מען, אַ חוץ אין פאַרשידענע דיאַלעקטן, וואָס וואַרפן אַריין בעתן רעדן גאַנצע אותיות. ס׳איז דערפאַר גרינגער זיך צו לערנען אויס־לייגן, אָבער דווקא די גרינגקייט שאַפט ביי אונדז אַ גרינגשאַציקייט צום גאַנצן ענין פון יידישן אויסלייג. אויך די איינגעהערטע פאָנעטיק פון אונדזער לשון האָט געדינט געלערנטע פילאָלאָגן אַרויסצוקומען מיט געוויסע תקנות, וואָס זענען אין איינקלאַנג מיט דער אַקוסטיק פון דער יידישער גערעדטער שפּראַך. דער אויסלייג איז פאַקטיש אַ נאָטירונג פון דער מוזיק פון רעדן. אַז מען לייענט די כללים פון דעם „יידישן אָרטאָגראַפישן וועגווייזער״, זעט מען אַז ער איז געגאַנגען אויף די שפּורן פון דעם תוהו פון אונדזער אור־אויסלייג, וואָס האָט דערבלאָנדזשעט צו — כללים, וואָס זעען אונדז אויס

איצטער אַביסל אַרכאַאיש, בלויז דערפֿאַר ווייל מיר האָבן אונדזער צעטומ־לעניש אין אויסלייג אַ קאַפּיטשקע ציוויליזירט. אין דער אַרכאַאישקייט און כלומרשט אַנאַרכישקייט פֿון אַמאָליקן אויסלייג איז פֿאַראַן אַ גרעסערער דראַנג צו — געזעץ, ווי אין אונדזער איצטיקן אויסלייג, בעסער געזאָגט — אויסלייגעכצער.

וואָס פֿאַראַ טענות מ׳זאָל נישט ארויסשטעלן קעגן דער דערשײַנונג פֿון דעם „יידישן אָרטאָגראַפֿישן וועגווייזער“, אָבער איינס מוז מען צוגעבן, אז אַזאַ וועגווייזער נעמט־אָן אַז יידיש לעבט און איז באַרעכטיקט צו האָבן אַן איינהייטלעכן אויסלייג. די פֿארפֿרירונג פֿון אונדזער אויסלייג וועט אונדז קיין רעה נישט טאָן, ווייל מיר גיבן דאָך אַלע רעכט אלע אותיות, אַז זיי זאָלן קריגן די פֿולע רעפּרעזענטאַציע, דורכן אויג ווי מיטן אויער. די טענות קעגן אַזאַ וועגווייזער וואַקסן מײַנסטנס אַרויס פֿון סקעפּטיק. מײַן גוטער פֿרײַנט אַלמי איז ארויסגעקומען מיט אַן אַלאַרם — לאָזט געמאַך דאָס יידישע לשון, איז דער לאָזט געמאַך אַ מסור, וואָס מסרט אַז מיר באַציִען זיך צו אונדזער לשון ווי צו אַ חלוש, וואָס פֿאַלט ממש פֿון די פֿיס און יעדע לעבעדיקע רעפֿאָרם קאָן נאָך חס וחלילה אומברענגען אונדזער לשון. דער וועגווייזער איז לכל הפּחות אָפּטימיסטיש, ווייל ער גלויבט אַז ס׳איז נאָך צײַט, אַז ס׳איז נישט פֿאַרשפּעטיקט, אַז ס׳איז נאָך נישט נאָך נעילה און אַז אפֿילו ווען מען וועט גרייזן אין געוויסע פּרטים, וועט אַלץ יידיש קאָנען אויסהאַלטן דעם לעבעדיקן פֿאַרזוך אײַנצופֿירן אָרדענונג; און אז ס׳איז חלילה נישט קיין אַטענטאַט אויף יידיש, נאָר אַ לעבעדיקער סטימול. שוין די דיסקוסיע אַרום דעם „וועגווייזער“ איז א סימן פֿון לעבן און וועלן לעבן.

די גרעסטע שוועריקייט אויפֿן וועג צו אַן איינהייטלעכן אויסלייג, זאָגט מען אונדז, איז די צוגעוואוינטקייט פֿון עלטערן יידישן לייענער. דער יידישער לייענער איז גיכער געוואוינט צו לייענען פֿאַרשידענע אויס־לייגעכצער, איידער איין אָנגענומענע און באַפּעסטיקטע אָרטאָגראַפֿיע. אָבער ס׳לעבט נאָך דער לייענער וואָס מ׳האָט אים אָקאָרשט באַרויבט פֿון דעם שטומען „עין“, אין „ליעבע“, פֿון דער שטומער „ה“ און שטומען „א“ אין הונדערטער ווערטער, און פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך צוגעוואוינט און אָנגענומען פֿאַר ליב דעם דאָזיקן אָנווער. דער שטומער „עין“ איז אַמאָל געווען א גאַנץ נוצלעך באַשעפֿעניש, ער האָט אונדז אַ סך מאָל אײַנגע־

ברענגט אַ דאָזיקער אָדער אָן אָט דער, אָבער אַז מ׳האָט די שטומע „ענגלישע" אותיות משלח געווען פון אונדזער פאָנעטיק, האָט מען אויפגעהערט צו בענקען נאָך זיי.

כ׳האָב דער קאָמיסיע פאַר דער דורכפירונג פון איינהייטלעכן יידישן אויסלייג נאָראַיעט, אַז זי זאָל אָפּדרוקן מוסטער־זייטן, מיט דער פּאָרגעשלאָגענער אָרטאָגראַפיע, פון אַ צייטונגס־שפּאַלט אָדער א זייטל אין א זשורנאַל, און ווייזן אַז ס׳געשעט חלילה נישט קיין שלעכטס און אַז דער פּראָצעס פון צוגעוואוינען זיך וועט נישט זיין קיין שווערער. מיר פּערזענלעך איז שווער זיך צוגעוואוינען צו די דריי וואָוון, וואָס פירן אַמאָל צו פיר וואָוון, אָבער מ׳קאָן אָפּדינגען געוויסע כללים, אין די אינטערעסן פון אָרדענונג און איינהייטלעכקייט. ס׳וואָלט אָבער נישט געשאַדט, ווען מען פירט גלייך איין די אזוי־גערופענע דיאַקריטישע צייכנס, וואָס זענען כמעט ווי נקודות, ווייל זיי ברענגען אַריין מער קלאָרקייט און וואָלטן געווען אַ ברכה פאַר אַ סך לייענערס.

ס׳פעלט די איניציאַטאָרן פון „וועגווייזער" אַביסל פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע. זיי דאַרפן זיך לערנען בעסער פאַרקויפן זייער אייגענעם פאָרגעשלאָגענעם אויסלייג. דווקא דערפאַר ווייל זיי ווענדן זיך צו אַ סקעפּטישן לייענער און שרייבער, וואָס האָבן מורא אַ טרייסל צו טאָן דעם סטאַטוס קוואָ פון אונדזער שרעק פאַרן מאָרגן, וואָלטן זיי באַדאַרפט זיך לערנען קריגן א בעסערן צוגאַנג.

מיר געפעלט זייער שטאַרק דאָס גוט־צוזאמענגעשטעלטע אָרטאָגראַפישע ווערטערבוך פון מרדכי שעכטער. די באַמערקונגען און אויסטייטשונגען און בכלל דער אויסוואַל פון ווערטער זענען זייער לעבעדיק. אָבער די אַריינפירן, די הקדמות זענען נישט שטאַרק געראָטן. דער קאָמיטעט האָט זיך געמעגט שואל עצה זיין מיט געניטערע שרייבערס, כדי גלייך ביי דער טיר פון „וועגווייזער" נישט צו דערשרעקן די סקעפּטיקערס, וואָס זוכן און נישטערן חסרונות.

מיר געפעלט למשל נישט אַזאַ אויסשטעל פון אייראָפּעאיזמען אין איין שורה, ווי — „מיט דער איצטיקער פּובליקאַציע ווערט רעאַליזירט אַ פּראָיעקט". מיר געפעלט אויך נישט ווען א טיפער העברעאיזם ווערט איינגעשפּאַנט מיט אַזאַ וואָרט ווי פאַרפיקסירט „אין זיין לכתחילהדיקן

פּראָיעקט געהאַט פאַרפּיקסירט". אַזעלכע גוטע אויג־אויסלייגן זינדיקן קעגן וואוילקלאַנג פון יידיש.

כ'ווייס נישט, פאַרוואָס ס'איז נישט בעסער צו זאָגן „פאָרזיכטיק" ווי „פאַרזיכדיק". מיר קומט אויס, אַז מען האָט בכלל די גראַמאַטישע אָנווייזונגען געקאָנט ווייכער מאַכן. כ'וויל קלאָר מאַכן אַז איך קעמף חלילה נישט קעגן „ציוויליזאַציע" און גראַמאַטישער טערמינאָלאָגיע, אָבער פּאָרט איז דאָס יידישע לשון דערוויל קעגן אַן איבערפאַל פון טערמינאָלאָגישע „איינסן". דאָ האנדלט זיך נישט אין לאָגיק, די לאָגיק איז אויף דער זייט פון אַזאַ קאָמפּאַקטער אָנווייזונג — „אַ פּרעפיקסירט וואָרט, וואָס מען געפינט עס נישט ווי אַ פאַרזיכדיק זוכוואָרט, דאַרף מען זוכן ביי דער נישט־פּרעפיקסירטער פאָרמע". דאָ איז אַלץ טערמינאָלאָגיש ריכטיק, אָבער מען האָט זיך באַדאַרפט טיפער אריינטראַכטן און אפשר לענגער מאַכן דעם זאַץ, כדי אויסצומיידן אַזאַ נישט־יידישע „קלאָרקייט".

„אָפּשיק" איז א וואָרט וואָס איז עלול אָפּצושרעקן אַ גאַנצע דיוויזיע יידישע לייענערס און זיי פאַרוואַנדלען אין ניסערס, ווי ס'וואָלט געווען אַן אַפּטשיק. אָפּשיק איז אפשר ספּעציפישער ווי אָנווייז, אָבער אָנווייז איז פּאָרט יידישער ווי אָפּשיק, וואָס איז אַן אומגעראָטענער נעאָלאָגיזם.

פאַראַן אַ סך אינטעליגענטע לייענערס וואָס וועלן נישט גיין ווייטער פון דער הקדמה און די אַלע טענות וועגן איינהייטלעכן אויסלייג וועלן זיי אינגאַנצן נישט וועלן הערן, אויב זיי וועלן גלייך אין אַריינפיר לייענען אומפאַרדייטלעכע אינסטרוקציעס.

„גלייכבאַרעכטיקטע שרייבונגען זענען טיילמאָל געגעבן אַפילו ווען צווישן די אָרטאָגראַפישע דובלעטן איז פאַראַן אַ געוויסער סעמאַנטישער אָדער סטיליסטישער אונטערשייד".

ווידעראמאָל, איך זאָג נישט אַז דאָס איז נישט אינטעליגענט לשון, אָבער מען טאָר נאָך נישט אַטאַקירן יידיש מיט אַזעלכע האַרטע און האַרבע רייד. אין א „וועגווייזער" וואָס דאַרף ערשט געווינען איינהייטלעכע אויסלייגערס. האָט מען עס געמעגט מאַכן אַביסל אויסטייטשעוודיקער, אפילו ווען מ'האָט באַדאַפט מקריב זיין טערמינאָלאָגישע פּינקטלעכקייט.

ס'איז אויך גרייזיק צו זאָגן — „אויב דאָס פאַרשטערט נישט דעם אלף בית סדר". שטערט נישט וואָלט געווען גענוג, פאַרשטערט ווערט אַ שמחה.

כ׳האָב גֿעבראַכט די אַלע אויסזעצונגען בלויז לדוגמא, נישט לשם קריטיק, נאָר כדי צו לאָזן וויסן די איניציאַטאָרן פון איינהייטלעכן אויס־לייג, אַז מען דאַרף שטעלן פּאַרזיכטיקע טריט ווען מען האַלט ערשט ביים אָנהויב.

וואָס־זשע הערט זיך מיט דעם פּלאַן גופא, דורכצופירן דעם איינהייט־לעכן יידישן אויסלייג? מיט געוויסע קלענערע אָפּדינגעונישן בין איך פאַר אים — מיטביידע הענט.

## „שאַצקי־בוך"

דאָס „שאַצקי־בוך" איז דערשינען מיט אַן אַנדערטהאַלבן יאָר צוריק, אַרויסגעגעבן דורך דער שותפות פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — ייוואָ, ניו־יאָרק און בוענאָס איירעס, אונטער דער רעדאַקציע פון י. ליפשיץ. אָבער איך האָב ביז איצטער נישט געפונען קיין צוגאַנג צום אויסערגעוויינלעך־אינטערעסאַנטן בוך, ארום דעם פרי־פאַרשטאָרבענעם באַרימטן היסטאָריקער. דאָס בוך איז פול מיט אָפּשאַצונגען וועגן ד״ר יעקב שאַצקי, און מיט זיינע אייגענע זכרונות, בריוו, רעפעראַטן און געקליבענע עסייען. טייל אָפּשאַצונגען זענען פון דעם מין, וואָס איז זעלטן צו געפינען אין אַזעלכע ביכער. ס׳האָבן געשריבן אָפּשאַצונגען ד״ר פ. פרידמאַן, ד״ר יוסף טענענבוים, לייבוש לערער, משה שטאַרקמאַן, ד״ר אַנדרעי ב. באַלאַרד, אידאַ שאַצקי און י. ליפשיץ. די זעלטנקייט פון טייל מעמוארן און אָפּשאַ־צונגען באַשטייט אין דעם, וואָס די אָפּשאַצערס באַמיען זיך צו וועבן אַ לעבעדיק געשטאַלט און זיי האַלטן זיך נישט צוריק פון דערמאָנען די שאָטן־זייטן פון באַליבטן און פּאָפּולערן לעקטאָר און היסטאָריע־שרייבער. דער היסטאָריקער ד״ר פ. פרידמאַן, וואָס איז שוין אויך אויפן עולם האמת, דערמאָנט שאַצקיס „טבע פאַרכאַפּט צו ווערן פון נייע אָריגינעלע טעאָריעס, אפילו ווען זיי זענען געווען געבויט אויף נישט גענוג זיכערע יסודות״. לייבוש לערער שטעלט זיך אָפּ אויף שאַצקיס גלייכגילטיקייט צו שמד ווי אַ טראַגעדיע. „ער האָט לכתחילה געשריבן אַזוי, ווי שמד וואָלט געווען אַ גלייכגילטיקער פאַקט, וואָס האָט נישט די מינדסטע שייכות צום משומדס יידישער עקזיסטענץ״. י. ליפשיץ, דער רעדאַקטאָר פון שאַצקי־בוך, דער־

ציילט אַז שאַצקי „האָט נישט געמאַכט קיין אָנשטעלן פון עניוות און האָט געהאַט גרויס הנאה פון שבחים, באַרעכטיקטע און אפילו איבערגעטריבענע".

אפילו די אלמנה שאַצקי האַלט זיך נישט צוריק צו שרייבן אַז ער איז געווען „אַ גוטער און אַ שלעכטער... ער האָט געקאָנט זיין אויסערגעוויינלעך גוט אָבער טאָמער איז ער געוואָרן אויף עמיצן בייז, איז ער געווען אַזוי בייז, אז ער האָט פאַר יענעם נישט געהאַט קיין גוט וואָרט. איך האָב דאָס נישט געקאָנט פאַרשטיין און נישט טאָלערירן..."

אָט־די זעלטענע שטעלן מאַכן דאָס גאַנצע געדענק־בוך פאַר אַן אינ־טערעסאַנטן און זעלטענעם דאָקומענט, אפשר איינס פון די ערשטע ביכער פון דעם שטייגער, וואו צוזאַמען מיט לויב זענען אויך דורכגעלאָזן געוואָרן אַ סך מענטשלעך־קריטישע באַמערקונגען, וואָס גיבן דער גאַנצער זאַמלונג אַ טאָן פון וויסנשאַפטלעכער און ווירדיקער ערלעכקייט.

דאָס בוך איז געדרוקט געוואָרן אין אַרגענטינע און דאָס איז נישט קיין צופאַל, דער באַליבטער לעקטאָר האָט אין אַרגענטינע איבערגעלאָזט אַ גרויסן נאָמען ביי הונדערטער, אפשר טויזנטער פאַרערערס, וואָס הערן נישט אויף צו דערציילן זיינע גלייכווערטלעך און צו דערמאָנען זיינע באַלערנדיקע לעקציעס.

אויב כ'האָב פריער געזאָגט, אַז איך האָב נישט געקאָנט קריגן קיין צוגאַנג צום בוך, איז פשוט, מחמת מיר איז נישט קלאָר ד"ר שאַצקיס ראָלע ווי א יידישער היסטאָריקער. כ'בין נישט קאָמפעטענט צו קאָנטראָ־לירן די אָריגינעלע אויפטוען זיינע און זיי זען אין פּערספּעקטיוו פון אונדזערע געציילטע גרויסע היסטאָריקערס. ער האָט געהאַט אַ פענאָמענאַלן זכרון און ער האָט פון אים, פון זכרון זיינעם, אַ סך אַרויסגעשריבן, אָבער צי האָט ער באַשאַפן אַ באַזונדערן צוגאַנג, אָדער אַן אייגנאַרטיקן היסטאָרישן בליק אויף אונדזערע תקופות, איז מיר נישט קלאָר. ד"ר פ. פרידמאַן וויל האָבן, אַז „אין תוך גענומען איז שאַצקיס שיטה געווען אַ היסטאָרישער עקלעקטיציזם".

ווען דאָס „שאַצקי־בוך" איז דערשינען, האָט מען דאָ און דאָרט קריטיקירט די בריוו צו זיין פרוי אידאַ און צו קאָלעגן שרייבערס. מ'האָט אָפּגעפרעגט, צי איז נויטיק געווען איינצושליסן די בריוו אין דער ערנסטער זאַמלונג. די 74 בריוו פאַרנעמען אַן ערך 85 זייטן און איך האָב זיי געלייענט מיט גרויס אינטערעס. זיי זענען אפשר דער לעבעדיקסטער מאַטעריאַל אין

דער גאַנצער זאַמלונג. ד״ר שאַצקיס חברים, פריינט און תלמידים האָבן געשריבן וועגן ד״ר שאצקין פון אַ דיסטאַנץ, אָבער אין די בריוו האָט שאַצקי אַליין זיך געשטאַלטיקט אָן שום מחיצות, פון זעלבסט־לויב. פאַרקערט, ער איז אָפט שאַרף צו זיך און דורך די דרייסיק יאָר שפּאַנט אַדורך אַ טראַגיש־צעריסענער מענטש, וואָס אַ געהיימער כוח האָט אים כסדר געטריבן און זייער זעלטן האָט ער זיך אַליין צופרידנגעשטעלט, אפילו ווען דער עולם האָט פון אים געלעקט די פינגער.

אין די בריוו געפינען מיר פאַרוואורפן צו זיך, פאַרוואָס ער איז נישט געוואָרן אַן ענגלישער שרייבער. ער פאַרמאָגט אַ געזונט אויג פאַר דער ארומיקייט און דורכן דערפאָלג זעט ער אויך די אומזיסטיקייט פון אַזאַ געהאַוועטער און פאַרשווענדעטער ענערגיע.

„דער חלום פון אַ יידישער קולטור אין אַמעריקע ווערט צערונען און איך זע בולט ווי מיין לעבן איז אַוועק אויף גאָרנישט. איך האָב גאָרנישט אויפגעטאָן פאַר זיך און גאָר אַ סך פאַר אַנדערע. ווען איך בין אַוועקגעפאָרן פון בוענאָס איירעס אַזייגער פאַרטאָג, האָבן זיבעציק מענטשן מיך באַגלייט און ממש געוויינט. זיי האָבן געוויינט, ווייל איך האָב זיי עפּעס געגעבן מיט וואָס זיי וועלן לאַנג לעבן. איך האָב געוויינט, ווייל זיי האָבן מיר גייסטיק גאָרנישט נישט געקאָנט געבן אין אויסטויש. איך האָב געוואָרפן מיט מטבעות פון קולטור און געוואָרעמט אַנדערע. אליין בין איך געבליבן איינזאַם און דערפרוירן. און טאָמער טראַכסטו נאָך אַלץ אין באַגריפן פון ביליקן טעאַטער־סוקצעס — נאַדיר דאָס אַלץ אַוועק פאַר איין טאָג פון אמתער גייסטיקער דערהויבונג. איך האָב דאָס נישט געהאַט חוץ מאָמענטן פון עמאָציאָנעלער גערירטקייט, ווען איך האָב דערזען ווי וויניק דאַרף אַ יידישער ייד קריגן, כדי זיין גליקלעך אויף אַ מאָמענט, ווייל באַלד נאָך דעם פאַרשלינגען אים בייטאָג די געשעפטן און ביינאכט קאָרטן־שפּיל. און שאצקי מיט זיין קולטור בלייבט הענגען אין דער לופטן. ס׳איז מיר ביטער, טייערע, און חוץ וויינען ווילט זיך מיר גאָרנישט, גאָרנישט״.

אָט דער לענגערער ציטאַט איז פון אַ בריוו, געשריבן אין 1947. ס׳ענדיקט זיך מיט דריימאָל — גאָרנישט. שאַצקי שפּיגלט זיך אין דעם גאַנצן אָנשטעל פון טעאַטראַלישן דערפאָלג. ער איז זיך סותר, ער זאָגט אַז ער האָט די יידן געגעבן עפּעס, „מיט וואָס זיי וועלן לאַנג לעבן״ און

באַלד זאָגט ער, אַז „שאַצקי מיט זיין קולטור בלייבט הענגען אין דער לופטן", נאָך געשעפט און קאָרטן־שפּיל.

דאָס איז איינער פון די גאָר כאַראַקטעריסטישע בריוו. צוזאַמען ווערט דער בריוו־קראַנץ אַן אינטערעסאַנטע אויטאָביאָגראַפיע. דער לעצטער בריוו (צו יוסף אָפּאַטאָשון), געשריבן דעם 30טן אויגוסט 1954, שטעלט פעסט, אַז „מ׳קאָן נישט נאָך אַ טאָג אַרבעט ווי אַ פסיכיאַטרישער ביבליאָ־טעקאַר, זיין ביינאַכט אַ יידישער היסטאָריקער. ביז איצט האָב איך געקאָנט. איך בין שוין נישט קיין צוציק און עס איז מיר פיזיש שווער".

מיט קנאַפּע צוויי יאָר שפּעטער איז ד"ר יעקב שאַצקי אַוועק פון דער וועלט. דער טויט האָט אָפּגעשטעלט דעם רעזערוואואַר פון שפּרודל־דיקער און אומגעצוימטער ענערגיע. דאָס שאַצקי־בוך באַלייכט דעם וועג פון אַ יידישן געלערנטן, וואָס האָט אין די מאָמענטן פון חשבון־הנפש געוויינט, נישט געקוקט דערויף וואָס די רייכע ביבליאָגראַפיע זיינע ווייזט אַז ער האָט איבערגעלאָזט אַ גרויסע צאָל ווערק, אין הונדערטער אַרטיקלען, אין פאַרשידענע זשורנאַלן, אין צייטשריפטן, פון 1913 ביז 1956. די ביבליאָ־גראַפיע איז צוזאַמענגעשטעלט פון א. ר. מלאכי און יעפים ישורין.

1960

## אַ מענטש — אַ בוך

ד"ר יואל זינגער, וואָס האָט געלעבט און איז געשטאָרבן אין בוענאָס איירעס, איז, ווי מיר דאַכט זיך, דער איינציקער יידישער דאָקטאָר פון אונדזער צייט, וואָס האָט זיך דערדינט צום טיטל — פאָלקס־דאָקטאָר. קיין רעגירונג, קיין לאַנד האָט אים נישט געגעבן די דאָזיקע אויסצייכענונג, און ס׳איז זיכער נישט באַקאַנט, ווער ס׳האָט אים דער ערשטער אַזוי אָנגערופן. אָבער דער דאָזיקער מינדלעכער אָרדן האָט אים אויסגעצייכנט געפּאַסט, און ער האָט דעם טיטל געטראָגן מיט גרויס ווערדע, מיט מעשים טובים וואָס האָבן טאָג־טעגלעך באַשטעטיקט, אַז ער איז ווערט אַזוי גערופן צו ווערן.

ד"ר יואל זינגער איז געווען אַ וואַרעמער מענטש און וואַרעמער ייִד און אַ זעלטענער עקזעמפּלאַר אפילו פאַר דעם וואַרעמען יידישן ישוב אין ארגענטינע. ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ יידישער קאָלאָניע

אין אַרגענטינע, פון דעם טיפֿ יידישע קאָלאָניעס, וואָס זענען שוין נישט צו דערקענען. די יידישע קאָלאָניעס זענען געווען מיניאַטורע יידישע אויטאָ־נאָמע געגנטן, אַ סך יידישער און זעלבסט־רעגירנדיקער ווי ביראָ־בידזשאַן איז ווען עס איז געווען. דאָס זענען געווען יידישע שטעטלעך, מיט זייער יידישער וואָך, און מיט זייער אַריבערגעפּלאַנצטער שבת־יום־טובדיקייט.

יואל זינגער האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט דאָס שענסטע און בעסטע וואָס די קאָלאָניעס האָבן אַרויסגעגעבן. ער איז אויפגעוואַקסן אַ ייד מיט אַלע רמ״ח אברים. אויב מ׳רעדט פון וועלטלעך־יידישקייט, איז ער געווען איינער פון די שענסטע עקזעמפּלאַרן, אַ ייד מיט אַלע יידישע דאגות אויף זיין קאָפּ און מיט אַלע פריידן, בפירוש אַלע וואָס אַ ייד פון אונדזער דור איז מחוייב צו טראָגן. אין דער צענטראַלער „חיים נחמן ביאַליק־שולע״, וואָס ער איז געווען איינער פון אירע ערשטע גרינדערס, איז צום יאָרצייט זיינעם דערעפנט געוואָרן אַ העברעאיש־יידישע ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען. ער האָט ליב געהאַט ביידע לשונות און ער האָט געקעמפט פאַר אַזאַ דער־ציאונג, אַז ביידע לשונות זאָלן ווערן דער חינוך־פּאַרמאַט פאַר די יידישע שולעס.

זינגערס האַרציקייט האָט מען געזען אין יעדער אַרטיקל, וואָס ער האָט געשריבן וועגן מעדיצין פאַר די צייטונגען אין אַרגענטינע; קודם כל אין זיין פאָלקס־יידיש פון אַ געבוירענעם אַרגענטינער ייד, וואָס ער האָט געשריבן מיט דער אָפּגעציטערטקייט פון אַ פאַרליבטן. ער איז געווען אַן עטישער מענטש, און טאַקע בפירוש דער זעלטענער טיפּ, וואָס ווערט אַלץ זעלטענער אין אונדזער עפּנטלעכן לעבן (ווי אונדזער שטריגלער האָט עס נישט לאַנג צוריק אויסגעדריקט) — אַ גוטער מענטש. ספּעציעל ווערט די גוטסקייט אויפגעפרעסן צווישן געזעלשאַפטלעכע טוערס, וואָס זענען יוצא מיט כלל־מצוות. זינגער איז געווען פאַרנומען ביז איבערן קאָפּ גאַנצע טעג מיט כלל־אַרבעט, אָבער זיין פּראָפעסיע, וואָס האָט אים געלערנט צו זען דעם יחיד, האָט ער אויך אַריבערגעטראָגן אין זיין טאָג־טעגלעכער פּראַקטיק — פּראַקטיצירנדיק דעם ייד און מענטש. דער כלל איז ביי אים באַשטאַנען פון — יחידים, וואָס נויטיקן זיך אין מענטשלעכער וואַרעמקייט און אין דער מצווה פון גוטסקייט, וואָס האָט באַדאַרפט ווערן די עלפטע פון די עשרת הדברות.

אין זיין מעדיצינישער פּראַקטיק איז ד״ר יואל זינגער געווען דער פאָלקס־מענטש, און אין זיין טאָג־טעגלעכער טעטיקייט איז ער געווען דער פאָלקס־דאָקטאָר, וואָס האָט אויסגעזוכט דעם, וועמען מען דאַרף היילן מיט אַ וואָרט, מיט אַן עצה, מיט אַ גלייכוווערטל.

אָט־די אַלע מידות האָט ער אַריינגעלייגט אין זיינע אַרטיקלען איבער מעדיצין, וואָס ער האָט קורץ פאַר זיין טויט ארויסגעגעבן אין בוך־פאָרם, אונטערן נאָמען — „דער מענטש און זיין געזונט״. פאַר אַ מאָטאָ צום בוך האָט ד״ר זינגער גענומען עטלעכע שורות פון ש. י. עגנונס בוך „אַ פּשוטע מעשה״ (סיפּור פּשוט). „אַז איר לייענט מיין חיבור בין איך זיך מתקשר מיט כמה מנשמות ישראל. וואָס מער איך בין זיך מתקשר מיט יידן איז דאָס אחדות ישראל און דער כוח ישראל זיך מתגבר...״

ס׳איז ביי זינגערן נישט געווען קיין ליטעראַריש חנדל אָדער אָנשטעל, וואָס ער האָט געטראָפן צו אָט־די ווערטער פאַר אַ מאָטאָ צו זיין בוך, נאָר דאָס זענען געווען אַזעלכע ווערטער וואָס האָבן כאַראַק־טעריזירט זיין שרייבן און דינען — יידן.

גלייך אין ערשטן קאַפּיטל פון בוך זאָגט אונדז ד״ר זינגער, אַז „דער דאָקטאָר דאַרף זיין אַ נאָבעלער מענטש... ער מוז באַזיצן אַ ריי מעלות: טריישאַפט, קרבנות־גרייטקייט, געדולד און צאַרטקייט, אַן וועלכע ער קאָן נישט זיין קיין אמתער דאָקטאָר״.

כ׳ווייס נישט פון וועלכן ספר ער האָט אַרויסגעלייענט די דאָזיקע כאַראַקטער־מוזן פאַר דעם דאָקטאָר. ס׳איז זיכער אַז ער האָט זיי אַלע פאַרמאָגט, און ער דערקלערט עס טאָקע ווייטער מיט די זעלביקע פּשוטע ווערטער:

„ער (דער דאָקטאָר) קומט נאָכאַנאַנד אין קאָנטאַקט מיט פרעמדע מענטשן, וואָס דאַרפן שנעל ווערן נאָענט צו זיין האַרצן, ווייל די ערשטע באַגעגעניש פון פּאַציענט מיטן דאָקטאָר דריקט זיך אויס אין אַ דיאַלאָג, ביי וועלכן נישט נאָר דער דאָקטאָר דרינגט אַריין טיף אין דער נשמה פון פּאַציענט, נאָר אויך דער לעצטער דאַרף פילן אַז ער האָט באַקומען אַ שותף און אַ באַשיצער צו זיין גורל״.

אַזאַ דאָקטאָר, פון זיין אייגענעם בוך אַרויס, איז געווען ד״ר יואל זינגער. פאַראַן אַן אַלטער וויץ וועגן צוויי פּסיכאָאַנאַליטיקערס. דער

יונגער פּסיכאָאַנאַליטיקער באַקלאָגט זיך פאַרן עלטערן, אַז אַ גאַנצן טאָג הערט ער זיך אָן מיט אַזויפיל מענטשלעכע פּראָבלעמען און צרות, אַז ער קאָן קיין רו נישט געפינען. דער עלטערער פּראַקטיקאַנט שלאָגט אים איבער פאַרוואונדערט: „ווער הערט?!!!"

ד"ר זינגער האָט בפירוש יאָ געהערט און זיך גענומען צום האַרצן. ער האָט פאַר זיין אייגענער „נאָבלקייט" און „צאַרטקייט" אויסגע־קליבן די ערגסטע פּראָפעסיע וואָס ער האָט פאַר זיך געקאָנט אויסוויילן. ער האָט זיין פּראָפעסיע גענומען ווי אַ טייל פון די מעשים טובים, וואָס ער טוט און איז מחויב צו טאָן אַלע שעה פון טאָג. דערצו איז ער נאָך געווען אַ באָהעם, וואָס האָט אַליין עובר געווען אויף אַלע מעדיצינישע דברות פון זיין אייגענעם ספר־הרפואות. איז געקומען אַ יידישער גאַסט־שרייבער קיין בוענאָס־איירעס, האָט דער פאַרנומענער דאָקטאָר אים געגעבן די עטלעכע צוגעטיילטע רו־שעהן, וואָס ער האָט זייער נויטיק באַדאַרפט פאַר זיך. אַ יידישער שרייבער איז פאַר אים געווען אַ סימבאָל פון דעם ביסל אָפּשפּאָרעכץ וואָס מוז אָפּגעהיט ווערן מיט כבוד.

דאָס בוך „דער מענטש און זיין געזונט" האַלט 318 גרויסע זייטן. די 31 קאַפּיטלען שטעלן מיט זיך פאָר אַן אמתן „הויז־דאָקטאָר", אין אַ פּאָלקסטימלעכן וואַרעמען יידיש. מיר האָבן למשל קאַפּיטלען וואָס הייסן — „אַ הוסט צו אַ הוסט איז נישט גלייך"; „זאַלץ און אַנדערע שאַר ירקות". זאַלץ געהערט נישט צום מין ירקות, אָבער צו „שאַר ירקות"; „הימל און ערד און וויטאַמינען"; „די בהמה, די מילך און דער מענטש". און ווי פּאָלקסטימלעך ס'זענען די נעמען פון די קאַפּיט־לען, אַזוי וואַרעם־פאַרטייטשעריש און עצה־טובהדיק איז דער אינהאַלט.

ד"ר זינגער האָט נישט פאַרזיכטיק גענוג געלייענט און אָפּגעהיט זיינע אייגענע אָנווייזונגען פאַר האַרץ־קראַנקע. אין דעם קאַפּיטל „האַרץ־קראַנקייטן ביי דערוואַקסענע": „מיינע אַמאָליקע רוסיש־יידישע פּאַציענטן פלעגן מיר אין אַזאַ פאַל (פון אַ האַרץ־אַטאַקע) פרעגן: דאָקטאָר, דאַרף מען צוגרייטן דעם יאַשטשיק?" אַזוי דערציילט אונדז ד"ר זינגער, וואָס באַרואיקט דעם האַרץ־קראַנקן, אָבער ער זאָגט אים אָן, אַז — „די באַשעפטיקונג פון האַרץ־קראַנקע דאַרף זיין אַזעלכע, וואָס זאָל נישט פאָדערן קיין פיזישע אָנשטרענגונג און קיין עמאָציעס".

יואל זינגער איז געווען דורך און דורך אַן עמאָציאָנעלער מענטש

און ער האָט שווינענדיק דעם מענטש, זיך אַליין קיינמאָל נישט אָפּגעהיט.
ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 62 יאָר, און פון בוענאָס־איירעסער יידישן ישוב איז צו־פרי אַוועק איינער פון אירע שענסטע תושבים.

1960

## רודאָלף ראָקערס עסייען

רודאָלף ראָקערן איז באַשערט געווען אַ לאַנג לעבן, און נישט געקוקט אויף זיין אידעישער אויסגעהאלטנקייט, האָט ער אין זיין פול לעבן געהאַט עטלעכע וויכטיקע עטאַפּן, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט געקאָנט זיין אַ באַזונדערע ביאָגראַפיע. ביי זיין אריכת ימים זענען זיי געווען בלויז פארשידענע קאַפּיטלעך, וואָס האָבן געהאַט גענוג צייט זיך צוזאמענצוגעמען און ווערן אַ רייך און א־ינפלוס־רייך לעבן.

דאָס לעצטע פערטל־יאָרהונדערט האָט ער אָפּגעלעבט אין די פאַראייניקטע שטאטן, צווישן יידן, וואָס טייל האָבן אים גוט געדענקט, אָבער נישט אַלע האָבן אים געשעצט פאַר זיין אַמאָל קאָלאָסאַלן איינפלוס אויף דער גאַנצער ראַדיקאַלער יידישער באַוועגונג אין לאָנדאָן.

דער דאָזיקער דייטש, אַ זון פון אָרעמע אַרבעטער, וואָס איז יונג געוואָרן אַ קיילעכדיקער יתום, איז פאַקטיש געוואָרן א ייד אויף גאַנצע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן. פון סוף ניינצנטן יאָרהונדערט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ראָקער געווען אַ פּראָדוקטיווער יידישער שרייבער, א יידישער רעדאַקטאָר, יידישער איבערזעצער פון אייראָ־פּעאישער ליטעראַטור, און ממש אַ היפּנאָטישער יידישער לעקטאָר און אויסבילדער פון יידישע מאַסן. ער האָט זיך אויסגעלערנט יידיש און אַריין אין יידישן לשון און אין יידישן ראַדיקאַל־געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי אַן אייגענער, אַ בן בית. ראָקערס יידישער חודש־זשורנאַל, „זשערמינאַל", וואָס איז דערשינען אין לאָנדאָן, איז געווען איינער פון די בעסטע ליטעראַרישע זשורנאַלן פון יענער צייט. צווישן די מעלות פון אנארכיזם האָט זיך גערעכנט וואָס בילדונג און קולטור זענען געווען אַ וויכטיקער טייל פון דער אידעאָלאָגיע. דער ארבעטער האָט געמוזט

שטרעבן צו ווערן אַן אינטעליגענטער אינדיווידואַליסט, כדי ער זאָל ראוי זיין איבערצונעמען די מאַכט איבער זיך.

ראָקער איז געוואָרן אַ פולע פּעדאַגאָגישע ענציקלאָפּעדיע פאַר דעם יידישן באַוואוסטזיניקן עקסטרעמען ראַדיקאַל, און אויך פאַר דער אַלגעמיינער לאַנדאַנער יידישער רויער אינטעליגענץ, וואָס האָט געשעפּט איר וויסן און קולטור פון דעם יונגן און פלאַמיקן רודאָלף ראָקער, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט יידיש, כדי צו קאָנען זיין פאַרקניפּט מיט די יידישע מאַסן און צו האָבן אַ השפעה אויף זיי.

אַן ערך צוואַנציק יאָר איז ראָקער געווען אַזאַ פולער יידישער איינפלוס אויף די יידיש־רעדנדיקע ראַדיקאַלע מאַסן, וואָס זענען לכת־חילה צוגעצויגן געוואָרן צום קרייז פון זיינע ענטוזיאַסטישע באַוואונ־דערערס, אַדאַנק זיינע שטורמישע דעבאַטעס מיט די מאַרקסיסטן. אַפילו קעגנערס זיינע האָבן ליב געהאַט צו הערן זיינע לירישע לעקציעס, וואָס זענען געווען אַ מין פּאָעטיזירנדיקער שמועס איבער די ליטעראַ־רישע שאַפונגען און די פּאָפּולערע ליטעראַרישע העלדן פון זיין דור. ער איז געווען דער ערשטער צו ברענגען „גרוסן" דער יידישער יוגנט אין לאָנדאָן, פון אַ לעבעדיקער וועלט־ליטעראַטור און פון די אידעען וואָס האָבן זיך דורכגעראַנגלט אין איר. געוויינלעך האָט ראָקער געצויגן אייגענע פריההייטלעכע שלוסן פון זיינע ליטעראַרישע העלדן. ער האָט באַגייסטערט זיינע צוהערערס און אָנגעפּילט די קליינע גרופּן אַנאַרכיסטן מיט גלויבן אַז די זיך־געוועלטיקונג פון צוקונפטיקן מענטש איז נאָענט.

ראָקער האָט נישט געלעקט קיין האָניק פון זיין שטורמישן לעבן אין ענגלאַנד. ער איז פיר יאָר אָפּגעזעסן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. ביסלעכווייז איז ער אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון זיין גוט־אויסגעלערנטן יידיש, הגם איך האָב אים נאָך אין ניו־יאָרק געהערט האַלטן אַ לאַנגן, ברייט־אָטעמדיקן רעפעראַט אויף יידיש, אַפילו מיט די העברעאיזמען פון „גוף" און „נעשאמע". ער איז אָבער אַרום 1920 שוין געווען אויס יידישער שרייבער און זיינע אַרטיקלען, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער ניו־יאָרקער „פרייער אַרבעטער־שטימע" זענען שוין איבערגעזעצט געוואָרן פון דייטש, און אויב כ'בין זיך נישט טועה, אויך פון ענגליש.

ראָקער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 86 יאָר, אין 1958, אָבער זיין יידיש „קאַפּיטל״ איז ערשט איצטער דערשינען אין בוענאָס־איירעס, אַרויסגעגעבן פון דער „בוכגעמיינשאַפט ביי דער יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט״. דאָס איז אַ בוך וואָס הייסט „עסייען״ און וואָס באַשטייט פון ראָקערס יידיש־געשריבענע לעקציעס. די אַרויס־געבערס זאָגן אין דעם אַריינפיר־וואָרט, אַז — „מיט די „עסייען״ זענען מיר אויסן צו געבן אַ פאָרשטעלונג פון ראָקערס אומגעוויינט־לעך פּרוכטיק־שאַפערישער טעטיקייט אין יידיש, וואָס האָט אויסגעאיבט אַ געוואַלטיקע השפעה אויף דעם דעמאָלט קאָכיקן יידישן ישוב אין ענגלאַנד און אויף די יידישע אימיגראַנטן־ישובים אין די מערב־לענדער בכלל. ראָקער איז אין משך פון צוואַנציק יאָר געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פּובליציסטן און לעקטאָרן פון דער יידישער שפּראַך, און ער האָט אויפגעשטעלט אַ זייער גרויסע צאָל תלמידים״.

די ארויסגעבערס האָבן בלויז אויסגעבעסערט „דייטשמעריזמען״ פון יענער צייט, אָבער זיי האָבן זיך באַמיט, דערקלערן זיי, איבערצולאָזן דעם אָריגינאַל פון ראָקערס יידישער מייסטערשאַפט. מ׳קאָן נאָך היינט לייענען די עסייען־לעקציעס און באַוואונדערן דעם דייטשישן „גר״, וואָס האָט אַזוי מבדיל געווען צווישן זיין לשון און דער נייער נשמהדיקייט פון דעם אינטעליגענטן יידיש, ווי ער האָט זיך גענומען אויסמייסטערן און אויסקריסטאַליזירן אין סוף פון 19־טן יאָרהונדערט.

מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן ווי דער דאָזיקער יידישער דייטש האָט באַגייסטערט די מאַסן מיט זיין לייבן־קאָפּ און מיט זיין געזונטן האַלדז־גאָרגל. כ׳געדענק ווי אין זיין יידישער ניו־יאָרקער לעקציע, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן, האָט רודאָלף ראָקער באַנוצט זיין האַלדז מיט איין שלוק וואַסער און געהאַט גענוג אָטעם אויף אַ צען מינוטיקן אומאונטערגעבראָכענעם מעכטיקן שאַל און קנאַל פון יידישע ווערטער, וואָס האָבן שוין דעמאָלט געהאַט דעם פאַרגנבעטן עכאָ פון אַ דייטשישן אַקצענט.

ס׳וואָלט געווען אינטערעסאַנט אויסצוגעפינען ווי אַזוי ראָקער האָט זיך אין לעצטן פערטל יאָרהונדערט פון זיין לעבן אזוי גרינטלעך אויסגעטאָן פון יידיש. אפשר איז יידיש בלויז געווען ביי אים א פּראָפּאַ־גאַנדע־לשון און ווען ער האָט שוין מער נישט געהאַט די יידישע מאַסן

און זייער סטימולירנדיקע באַוואונדערונג, איז ער געוואָרן אויס יידישער שרייבער. ווען מען לייענט די עסייען איז זיך שווער פאָרצושטעלן אַז אַ נישט־ייד האָט זיי געשריבן, און מען קאָן פון זיי הנאה האָבן אָן שום ווערדליק, אָן דעם געדענקטן באַוואונדער אַז מען לייענט יידיש געשריבן פון אַ פּולבלוטיקן דייטש. ווען ראָקער האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַציס און איז געקומען קיין ניו־יאָרק דערלעבן זיינע לעצטע 25 יאָר, נאָך זיין אַנאַרכיסטישער טעטיקייט צווישן זיינע אייגענע דייטשע אַרבעטער־מאַסן, האָט אים שוין מער נישט געצויגן צום יידישן לשון. דאָס לעבן האָט פון אים ארויסגעשלאָגן זיין אויסגעלערנטע שפּראַך, וואָס איז ביי אים אַמאָל געווען דער פולער מעת־לעת פון זיין ענערגיע.

ס׳איז אויך מעגלעך אַז רודאָלף ראָקער האָט געהאַט אַ סך עגמת נפש דערפון, וואָס די יידישע קריטיק האָט אים נישט אָנערקענט ווי איינעם פון די שעפערס פון יידישן קינסטלערישן וואָרט. אין דעם רעפעראַט וועגן רודאָלף ראָקער, וואָס איז פאַרעפנטלעכט ווי א הקדמה צום בוך „עסייען" און וואָס איז אונטערגעשריבן פון י. ג. (די איניציאַלן פון דעם גוט־באַקאַנטן קולטור־טוער און פירער פון דער יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט אין בוענאָס איירעס, יונה גאָראָדסקי), ווערט בפירוש געזאָגט, אַז „ראָקער באַקלאָגט זיך אין זיינע זכרונות, אַז די יידישע קריטיק האָט אים פארשוויגן". ס׳איז מעגלעך אַז ווען די יידישע קריטיק וואָלט ראָקערן געווען אריינגעבויט אין דעם בנין פון דער יידישער ליטעראטור, וואָלט ער זיך שוין קיינמאָל נישט אויסגע־שפּאָנט פון זיין דערוואָרבענער איבערגעגעבנקייט צום יידישן לשון, וואָס האָט אים געבראַכט אַזויפיל באַגייסטערטע אויפנעמערס. אַ שרייבער בלייבט אַ שרייבער, אַפילו ווען ער איז פארטאָן אין דעם בוי און דער פּלאַנירונג פון אַ נייער געזעלשאַפט. וואָלט ראָקער אָנגעוואַרעמט געוואָרן נישט נאָר ווי אַ לערער פון די מאַסן, נאָר אויך פון אינעווייניק, ווי אַ מיטגליד פון דער יידישער ליטעראַרישער משפחה, און נישט בלויז ווי אַ זעלטענע געשעעניש, וואָלט ראָקערן אפשר שווערער געווען אַוועק־צוגיין פון יידישן לשון.

אויף דער פראַגע, צי האָט דער יידישער שעפערישער המשך אַ סך פאַרלוירן דורך דער אָפּפרעמדונג פון יידיש, אין ראָקערס לעצטן פערטל־יאָרהונדערט פון זיין לעבן, איז נישט כדאי זיך צו מוטשען, כדי

צו געפינען אַ ספּעקולאַטיוון ענטפער. די „עסייען" וואָס רודאָלף ראָקער האָט אָריגינעל געשריבן אויף יידיש, זענען אינטערעסאַנט פאַר זיך אַליין, אָן שום ספּעקולאַציעס. זיי שטעלן מיט זיך פאָר א וויכטיק קאַפּיטל אין דער יידישער קולטור־געשיכטע, ווען מ'האָט אויף יידיש געקאָנט אויסשרייען — „זאָל לעבן די אַנאַרכיע" און ווען דער טערמין האָט אויפגעשוידערט אי מיט מורא אַז אָט גייט אויפגעריסן ווערן די אַלטע וועלט, אי מיט דער זיסער האָפענונג אין אויפקום פון צוקונפטיקן מענטש.

אין רעפעראַט וועגן ראָקערן ווערן אָנגעצייכנט סיבות, פאַרוואָס די יידישע קריטיק האָט פאַרשוויגן ראָקערס יידיש־ליטעראַרישע אַרבעט. ראָקערס יידיש קאַפּיטל פון זיין ביאָגראַפיע איז געקומען צו איר העכסטן אויסדרוק בעת די יידישע ליטעראַטור איז איינגעשטאַנען אין רוסלאַנד און אין פוילן, און ראָקערס ווערק זענען אַהין אָנגעקומען ווי אריינגעשמוגלטע טרפהנע סחורה, אַזוי אַז די יידישע קריטיק האָט זיך מורא געהאַט דערמיט אָפּצוגעבן. אָבער ס'זענען פאַראַן נאָך אַנדערע גרונטיקע סיבות. די יידישע ליטעראַטור איז דעמאָלט געווען קאָנצענטרירט אין רוסלאַנד און אין פוילן אויף דעם אויפשוואונג פון נייע, אָריגינעלע שעפערישע פּערזענלעכקייטן און פרישע טאַלאַנטן, און ראָקער האָט געפירט דעם יידישן לייענער צו פרעמדע ליטעראַטורן, פרעמדע וועלטן און פרעמדע געדאַנקען.

ראָקער איז אין תוך געווען אַ סאָציאַלער קריטיקער, אָבער זיין מעטאָד פון ליטעראַטור־קריטיק איז געווען אַ נאַאיווער, דער עקזאַלטירטער טאָן פון אַ באַגייסטערטן לייענער, אָן אַריינטייטשער און אַרויסטייטשער. זיין באַגייסטערונג איז געווען אָן עכטע און אָנשטעקנדיקע, און ס'איז נישט קיין וואונדער, ווייל ער איז געווען אַ דראַמאַטיזירער פון אינהאַלט און פון די מעשים פון די ליטעראַרישע העלדן. ער האָט אריינגערעדט אין זיין קריטיק, ליריזירט, אויסגעשריגן, אונטערגעשטראָכן און ארויסגעהויבן טענדענציעז אַלע עלעמענטן, וואָס ער האָט סוביעקטיוו אַרויסגעדרונגען פון זיינע ליטעראַרישע עקסקורסיעס. ער איז געווען אַן עפעקטיווער אָנווייזער פאַר ליטעראַרישער טוריסטיק. זיין סטיל איז געווען אַ פּערזענלעכער, אַ ווייכער, אַ פייערלעכער. ער האָט אָפּגעשאַצט פאָרם און עסטעטיק, אָבער ער האָט איבער אַלץ געשטעלט די ערנסטקייט פון דער אידעע און נאָך העכער — דעם צוקונפט־

אידעאַל. זיינע עסייען האָבן זיך, אָן ספק, אַ סך שענער געהערט, ווי זיי לייענען זיך, אָבער אַפילו איצטער האָבן זיי אַ מוזיי־אינטערעס. די ליטעראַרישע העלדן זיינע זענען „וועגעראַבעלע" געשטאַלטן און זייער קאַמף איז אַן אויסגעקעמפּטער. אַפילו די נעמען פון זיינע אומשטערב־לעכע זענען רעספּעקטאַבעלע ביבליאָטעק־פיגורן, וואָס רוען באַשטויבט מיט וואַלקנס אומשטערבלעכקייט.

די ערשטע עסיי עפנט זיך מיט דאָן קיכאָט. דאָן קיכאָט איז שוין לאַנג געוואָרן אַ טייל פון יעדער ציוויליזירטער שפּראַך, אָבער ביי ראָקערן איז דאָן קיכאָט דער עיקר אינטערעסאַנט ווי אַ „פּריינט און העלפער פון די ליידנדיקע". ראָקער רעדט צו אים ווי צו אַן אייגענעם. ער רופט אים — „גרויסער ריטער פון דער טרויעריקער געשטאַלט". צום סוף אַרבעט זיך ארויף דער ליריזירנדיקער ראָקער אויף אַ שאַרפער לעקציע קעגן דער אָרדענונג, אַלץ אַרויסגעדרונגען פון דעם דאָן קיכאָט געשטאַלט:

„און אַט־די ממזרים זענען איצט די האַרן פון לעבן. זיי האָבן פּראָסטיטואירט אַלע איידעלע און אידעאַלע געפילן פון דער מענטשהייט. דעם וועג צו די שטערן האָבן זיי פארשלאָסן מיט אייזערנע טירן, און דעם וועג צום זומפּ האָבן זיי אויסגעפּלאַסטערט מיט זילבערנע טאָלערס. אַ באָרדעל האָבן זיי געמאַכט פון דער וועלט אַט־די געצנדינער פונעם גאָלדענעם קאַלב, און ווי צו די וואָס ווילן נישט אָנערקענען זייער קרעמערישע גלאָריע".

מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן איינדרוק אַזעלכע רייד האָבן געמאַכט אויף די יידישע אימיגראַנטן אין לאָנדאָן, ווען זיי האָבן מיט זייערע אייגענע אויערן געהערט ווי ראָקער האָט עס אַרויסגעדונערט און מתיר געמאַכט אַזוי צו פאַרדאַמען אונדזער אָרדענונג. די עסיי „דאָן קיכאָט" איז געשריבן געוואָרן אין 1905, ווען רודאָלף ראָקער איז געווען אין פולן בלי פון זיין טעטיקייט, צווישן דער יידישער אימיגראַציע אין לאָנדאָן.

אַ צווייטע עסיי איז אַן איבערגעטריבענע אָדע צו אָסקאַר ווײַלד, ביי וועמען ראָקער געפינט „געניאַלע אינדיווידואַליטעט". די אינדיווידו־אַליטעט ווײַלדס איז געווען איינגאַנצן אין קעגנזאַץ צו אַלץ, וואָס ראָקער האָט געפּרעדיקט, אָבער ס׳איז גענוג געווען פאַר דעם אַנאַרכיסטישן

לעקטאָר און שרייבער, וואָס ווײַלד איז געזעסן אין טורמע, אַפילו פֿאַר האָמאָסעקסואַליזם. ער איז דערפֿאַר שוין דערמיט אַליין געווען אַ קרבן פֿון געזעלשאַפֿטלעכער אונטערדריקונג. „זײַן שרעקלעכער גורל", זאָגט אונדז ראָקער, „האָט אים געמאַכט פֿאַר אַן אמתן מאַרטירער".

נאָך אַ צאַנקענדיקע געשטאַלט קריגט בײַ ראָקערן די העכסטע באַוואונדערונג — עדגאַר עלען פּאָ. ער רופֿט אים „איינע פֿון די גיגאַנטישסטע און אָריגינעלסטע געשטאַלטן אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור". איבער פּאָס „אומנאָרמאַל" לעבן לערנט ראָקער אַ לעקציע קעגן די „פֿיליסטערס" (דאָס וואָרט איז אין יענער צײַט געווען אַ סך פּאָפּולערער ווי איצטער). ראָקער פֿאַרטיידיקט פּאָ קעגן זײַנע פֿיליסטערישע אָנגרייפֿערס.

„קיין ספֿק נישט, פּאָ איז נישט געווען קיין נאָרמאַלער מענטש, אָבער גראָד דערפֿאַר האָבן זײַנע אויגן געזען און זײַנע אויערן געהערט, וואָס אַנדערע קאָנען נישט זען און הערן. אַלע גרויסע באַנייערס פֿונעם לעבן, אַלע פּיאָנערן פֿון דער מענטשלעכער דערקענטעניש, אַלע נביאים פֿון נײַע געדאַנקען זענען נישט געווען קיין נאָרמאַלע"...

און כאָטש רודאָלף ראָקער איז געווען נאָרמאַל פֿיזיש און גײַסטיק, האָט ער גענומען אונטער זײַנע פֿליגל יעדן שרײַבער וואָס האָט זיך געקריגט מיט דער געזעלשאַפֿט, אָדער די אַרויסגעוואָרפֿענע און אַרויסגעשטויסענע, קעגן וועמען די געזעלשאַפֿט האָט געקריגט.

מיר האָבן אין בוך אַן עסיי וועגן מאָריס מעטערלינקן, און דער „בלויער פֿויגל" גיט דעם יידישן דײַטש אוודאי אַ גלעצנדיקע געלעגנהייט צו זינגען און צו עצהן, ממש אָנוואַרפֿן אַ מורא, אַז — „מעטערלינקס שריפֿטן דאַרף מען נישט לייענען בײַטאָג, ווען דער גערויש פֿון דער גאַס דרינגט אַרײַן אין אונדזער צימער נאָר אין דער איינזאַמקייט פֿון דער נאַכט... מיר האָבן נאָר דעם שטילן אָטעם פֿון דער וועלטס נשמה". בײַ דעם אידעאַליסטישן אַנאַרכיסט האָט אַפֿילו די וועלט געהאַט אַ נשמה.

מיר לייענען עסייען וועגן איבסענען, וועגן פּשיבישעווסקין. ראָקער קעמפֿט קעגן דעקאַדענץ, אויסערלעכע פֿאָרמען און „פּרימיטיוון מאַטעריאַליזם, א פּראָדוקט פֿון אונדזער מאָדערנער קרעמער־וועלט". ראָקער שרײַבט אין 1906 א לאַנגע עסיי וועגן אמאָליקן ליטעראַרישן פֿענאָמען,

וואָס געהערט איצטער אין דער גאַלעריע פון פארשוואונדענע ליטעראַ־רישע מענער, וועגן דעם אַלעגאָרישן האָלענדער מולטאַטולי.

אינטערעסאַנט איז, אַז ראָקער אָנערקענט נישט דעם טעראָריסט „ווי די מענטשלעכע אידעאַלע געשטאַלט פון דער צוקונפט״. אָבער ער באַרעכטיקט פאָרט דעם טעראָר, ווייל — „אָן גוואַלטזאַמע אויסברוכן קאָן די גרויסע אומגערעכטיקייט נישט פאַרניכטעט ווערן״.

ביי טאָלסטאָיען געפינט ראָקער „דאָס לאַנד פון אונדזערע האָפע־נונגען, דער גרויסער ציל פון אונדזער בענקשאַפט, און מיר באַגריסן עס מיט דעם באפרייענדיקן — אַנאַרכיע״.

גאָר וויכטיק, פון שטאַנדפונקט פון אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור, זענען די עסייען וועגן פרודאָנען, באַקונינען, די פּאָלעמיק קעגן קאַרל מארקסן, וועמענס „קאָמוניסטישער מאניפעסט איז אין דער אמתן נישט מער ווי אַ גראָבער פּלאַגיאַט״, ווי די עסייען קעגן רעגירונג בכלל, — „קאָנסערוואַטיוו אָדער ראַדיקאַל״, און — „דער איינציקער מיטל איז זעלבסטהילף, די דירעקטע אַקציע״.

די אַלע זאַכן קלינגען מיט פארצייטישער ראָמאַנטיק און מיר לייענען עס ממש מיט אַ ניגון, ווי מען לייענט א טעסטאמענט. — „כדי קיינער זאָל נישט קאָנען באַנוצן אויף א שלעכטן אופן די עפנטלעכקייט, דאַרף מען אינגאַנצן אָפּשאַפן די עפנטלעכע מאַכט, דעם שטאַט. כדי איינער זאָל נישט קאָנען עקספּלואַטירן דעם אַנדערן, דאַרף מען אינגאַנצן אָפּשאַפן די אינסטיטוציע פון פריוואַט־אייגנטום״.

דאָס בוך יידישע „עסייען״ פון רודאָלף ראָקער איז אַ וויכטיקער ביישטייער צו יידישער קולטור־געשיכטע און צו דער געשיכטע פון יידישן פרייען געדאַנק. עס איז אַ בוך וואָס איז אינטערעסאַנט אויף גאָר אַ סך שטאַפּלען, דער עיקר ווען מיר שטעלן זיך פאָר דאָס בילד מיט 55 יאָר צוריק, ווען דער דייטש־ייד ראָקער איז געשטאַנען פאר אַן עולם יידישע אימיגראַנטן, אין לאָנדאָנער ווייטשעפּל און אַזוי פאַרענדיקט זיינס אַן עקזאַלטירטע לעקציע וועגן פּשיבישעווסקין:

„פּשיבישעווסקי איז דער נביא פון אַ וועלט, וועלכע איז ביז איצט נאָך נישט „אנטדעקט״ געוואָרן, נאָר מיר פילן איר עקזיסטענץ, אין די פייערלעכע מאָמענטן פון דער טיפסטער איינזאמקייט, ווען די נשמה הויבט־אָן צו בלוטן, ווען דער גרויסער ווייטיק באהערשט אונדזער

גאַנצן איך. די גרויסע בענקעניש טרייבט אונדז ווייטער, אָבער נאָר די וועלכע האָבן געגעסן די פּרוכט פונעם עץ־הדעת וועלן געפינען אָפענע טירן".

אגב געפינען מיר אין איין קורצן זאַץ גאַנצע דריי העברעאיזמען, וואָס דער דייטש רודאָלף ראָקער האָט זיי פאַראייגנט אין זיין יידישן סטיל.

1961

## אַ בוך וועגן יידן און קאָמוניזם

מלך עפּשטיין איז נישט געווען בלויז אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, נאָר ער האָט שיינע עטלעכע יאָר רעדאַקטירט די „פרייהייט". ער האָט אָפּגעבראָכן מיט דער פּאַרטיי נאָך דעם סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך, אָבער ער איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ „גלויביקער", אַפילו דורך די יאָרן ווען דער שכל האָט שוין מחייב געווען אַז מען דאַרף אַוועק וואָס גיכער פון דעם דאָזיקן געזעמל, כדי צו קאָנען, אָן פאַראורטייל צו זיך אַליין, אַ קוק געבן אויפן אייגענעם פּנים — אין שפּיגל. אָבער מיר גייט דאָ נישט אין „פּסיכאָאַנאַליזירן" עפּשטיינען, ווי עס קומט אַז אַזאַ שכלדיקער ייד ווי ער, זאָל אַזוי לאַנג גיין אין שפּאַן, בפרט ווען ער טוט עס טיילוויז אַליין אין זיין בוך אויף ענגליש — „די דזשו ענד קאָמוניזם", וואָס איז דערשינען מיט דער הילף פון דער „טרייד יוניאָן ספּאָנסאָרינג קאָמיטע". איך זאָג טיילוויז, ווייל איך מוז אויפריכטיק זאָגן, אז ביז היינטיקן טאָג האָב איך נאָך נישט הנאה געהאַט — אויב הנאה איז דאָס ריכטיקע וואָרט — פון אַן ארויסלייגן אויפן טעלער די שולדיקייט פון לאָזן זיך אוועקשלעפּן מיט דעם אַנטי־יחידישן שטראָם.

יעדער איינער וואָס איז געווען א געוויסע צייט פאַרבונדן מיטן קאָמוניזם און ער שרייבט אַ בוך וועגן דעם, באַהאַנדלט זיך מילדער, ווי ער פאַרדינט. כ'האָב עס שוין נישט איינמאָל באַמערקט וועגן קאָמוניסטישע חרטהניקעס, אָבער מ'האָט מיר שוין נישט איינמאָל שאַרף אָפּגעענטפערט, אַז דאָס איז דערפאַר וואָס מיר פעלט בכלל פּאַרטיי־חוש. משמעות, אַז דאָס איז אַ זעקסטער אָדער אַ זיבעטער חוש, וואָס

פעלט מיר טאַקע. ביי דער געלעגנהייט וויל איך זאָגן, אַז יוגנטלעכער קאָמוניזם, און דער עיקר טאַקע קאָמוניזם, ווען די פּאַרטיי אַליין איז נאָך געווען אין אירע האָניק־יאָרן, איז מיר פאַרשטענדלעך, אָבער אַקטיווע מיטגלידערשאַפט פון אַ רייפן מענטשן, אין די רייפערע יאָרן, ווען די פּאַרטיי האָט זיך אויך צעריבּט און צעבלאָטערט, איז פאַר מיר כמעט אומפאַרשטענדלעך. פאַרשטייט זיך, אַז איך רעד דאָ וועגן קאָמוניזם, אויסער די גרענעצן פון סאָוויעט־רוסלאַנד, וואו ס'האָט נישט עקזיסטירט קיין פיזישער צוואַנג.

דאָס איז אייגנטלעך וואָס מלך עפּשטיין טוט אין זיין בוך. ער אונטערזוכט די סיבות וואָס האָבן געטריבן טייל יידישע אינטעליגענץ און טויזנטער פון עמך אין די אָרעמס פון קאָמוניזם. און ווי אַזוי דער קאָמוניזם האָט געטראָפן צו אַ געוויסן שיכט פון דער יידישער אינטעליגענץ און זיי אַריינגענאַרט אין זאַק אַריין. דאָס בוך — „דער ייד און קאָמוניזם" אַנאַליזירט „די ערשטע קאָמוניסטישע זיגן און די שפּעטערדיקע דורכפאַלן אין דער יידישער געמיינדע, אין די פאַראייניקטע שטאַטן".

מלך עפּשטיין דערקלערט אַליין, אַז ער האָט צו־לאַנג געוואַרט. ער האָט געהאַפט מיטצושלעפּן מיט זיך אַ גרופּע אומצופרידענע, אָבער די אומצופרידענע האָבן געקראַגן קאַלטע פיס און האָבן זיך צוריקגעצויגן. די „פרייהייט" האָט געפירט אַ טעראָר־קאַמפּאַניע קעגן די אומצופרידענע, וואָס זענען געווען פּסיכאָלאָגיש גרייט צו פאַרלאָזן די פּאַרטיי. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן די „רענעגאַטן" און „פאַררעטער", און די פּאַרטיי האָט זיך אפילו נישט אָפּגעשטעלט צו דינגען שטאַרקע, וואָס זאָלן אָנוואַרפן אַ מורא אויף די וואַקלדיקע. אַזוי דערציילט מלך עפּשטיין. אָבער דער געזעלשאַפטלעכער אַנאַליז פון אַ געזעלשאַפטלעכן פּסיכאָז פאַרשטעלט אַ היפּש ביסל די אינדיווידועלע שולדיקייט, ווייל די שולד ווערט צעשמאָלצן אין דער אַלגעמיינער אטמאָספערע פון אַ באַוועגונג.

אָבער גענוג מיט פאַרוואורפן צו די אַלע וואָס האָבן געוואַרט ביז 1940, ווייל וואָס זאָל מען נאָך זאָגן וועגן די וואָס האָבן געוואַרט נאָך לענגער און דורכגעוואַרט די ערגסטע סטאַליניסטישע געמיינהייטן און אפילו דעם טאָטאַלן פאַרמעסט אויפן יידישן פאָלק וואָס האָט זיך גענומען אויסדריקן אין דער ליקווידאַציע פון די יידישע קולטור־טוערס און שרייבערס ? מלך עפּשטיין האָט שוין אַוודאי פאַרגעסן דעם קאָשמאַר

פון זיינע קאָמוניסטישע יאָרן און ער האָט זיך מסתמא אַליין געגנוג „באַצאָלט״ פאַר זיינע חטאים.

מיר האָבן איצטער פאַר זיך אַ בוך וואָס גיט די געשיכטע פון אַ גרויס משוגעת. אביגדור המאירי האָט, דאַכט זיך, גערופן זיין ווערק וועגן דער ערשטער וועלט־מלחמה — „דאָס גרויסע משוגעת״, אָבער יענע משוגעת איז געווען נישט מער ווי אַ נערוועזער אָנפאַל אין פאַרגלייך מיט דער משוגעת וואָס האָט פאַרכאַפּט צענדליקער מיליאָנען מענטשן און זיי פאַר־לעניניזירט און סטאַליניזירט, און מיליאָנען אַנדערע פון זיי פאַרהיטלע־ריזירט. דער קלימאַקס פון דער דאָזיקער משוגעת איז דער משוגענער פּחד וואָס פלאַטערט איצטער איבער אונדז אַלעמען, אַז די טעג פון לעבן אויף אונדזער פּלאַנעט זענען געציילטע.

לאָמיר גיין כסדר. מיך האָט אָפּגעשטויסן דער נאָמען פון בוך, און דער צוגאָב פון דעם רויטן איינבאַנד. ביז מען באַקענט זיך מיט דעם אינהאַלט, שרייט שוין דאָס בוך — דער ייד און קאָמוניזם. ס׳קלינגט ווי אַ באַשולדיקונג, דער עיקר דער ייד — אין לשון יחיד, דער סימבאָלישער רויטער ייד, פון דעם רויטן איינבאַנד, וואָס איז זיך משדך מיט קאָמוניזם.

כ׳ווייס נישט צי דער נאָמען פון בוך איז געווען אַ שכלדיקער, דער עיקר צי ער איז געווען אַ טאַקטישער. אָבער אַז מען לייענט דאָס בוך פאַרגעסט מען אין דעם פאַראורטייל צום נאָמען און מען לייענט זיך אַריין אין דער געשיכטע פון קאָמוניסטישן אַריינדרינג, פון 1919 ביז 1941 ווען ס׳האָט זיך פאַרט אָנגעהויבן די אויסניכטערונג. דער סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך האָט געעפנט די אויגן ביי טויזנטער יידן, וואָס זענען געפאַרן די גאַנצע צייט אויפן קאָמוניסטישן אָמניבוס. ווען מאָלאָטאָוו האָט געגעבן ריבענטראָפּן אַ האַנט פון פריינטשאַפט, זענען אַ סך מיטפאָרערס און מיט־שלעפּערס אַרונטערגעשפרונגען און די קאָמוניסטישע פאַרטיי האָט אָנגע־הויבן קייקלען זיך באַרג־אַראָפּ, ביז זי איז דערגאַנגען צו איר איצטיקער מדרגה פון אַ נישטיקן איינפלוס צווישן יידישע מאַסן.

עפּשטיין שרייבט געשיכטע און ער הויבט־אָן פון דער נייער אימי־גראַציע, פון 1904 — 1914. שרייבנדיק די געשיכטע פון יידישן קאָמוניזם און אָנהויבנדיק אזש פון די ערשטע ראַדיקאַלע ווינטן אין אַמעריקע, איז ער געצוואונגען צו שרייבן אויך קולטור־געשיכטע. ער פירט פאַרביי

אַ פּאַראַד פון באקאנטע יידישע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן, יעדער איינער אויף זיין שטייגער, באאיינפלוסט די יידישע מאַסן. מיר האַלטן שוין ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה, טראָצקי איז אַ מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס“. ער צעקריגט זיך גלייך מיט אב. קאַהאַנען. די גוט־באַקאַנטע סאָציאַליסטן פון דער אַלטער שולע, ווי דעבס, הילקוויט, קלעסענס, זענען פריינט פון באָלשעוויזם און פאַרטיידיקן רעוואָלוציאָנערע גוואַלט־מעשים. דער לינקער פליגל הויבט זיך אָן אויסקריסטאַליזירן. אפילו אַזאַ פּראַקטישער ייד ווי צביון, האָט שיר נישט געלאָזט זיך אַריינשלעפּן און איז אָט־אָט „אויסגעלינקט“ געוואָרן, אָבער זיין שכל הישר האָט אים פאָרט באַצייטנס אַרויסגעשלעפּט.

די געשיכטע פון מלך עפּשטיינס „יידישן קאָמוניזם“ דערציילט אייגנטלעך די געשיכטע פון יידישן ראַדיקאַליזם, ווייל עפּשטיין הויבט אָן פון בראשית און ער ווייזט די צוגרייטונג פון באָדן, די שיידוועגן, די גרויסע דיסקוסיעס, דעם ערשטן צוטרוי און גלויבן, און די וואָרענונגען פון די קליגערע און דערפאַרענע, אַז מען זאָל זיך נישט לאָזן פאַרנאַרן.

און האָט מען זיך געלאָזט, איז מען געווען אַ געפאַנגענער. די פּאַרטיי האָט באַוויזן צו שאַפן רוסישן „קלימאַט“ אין אַמעריקע. אין דער פרייער אַמעריקע, אויב מען איז געווען אין דער פּאַרטיי איז מען געוואָרן אַרומגערינגלט מיט אינטריגעס, געזעלשאַפטלעכן דרוק, סטראַשונקעס און מורא, אַז מען האָט פאַרברענט אַלע בריקן און מען וועט בלייבן איינזאַם.

פאַראַן אין בוך אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל וועגן דער אילוזיע — בירא־בידזשאַן, די געשיכטע פון א גרויסער אָפּנאַרעריי. יידן האָבן זיך אַליין באַשווינדלט, יידן האָבן געהאָלפן באַשווינדלען יידן מיט ליגנערישער האָפענונג. דער מחבר דערציילט אונדז איינצלהייטן פון דעם גרויסן ליגן, און ווי ער האָט אָנגעהויבן אפילו אריינברענגען געלט אין דער קאָמוניסטישער קאַסע, בעת די גאַנצע געשיכטע איז געווען א זייפנבלאָז.

מיר קריגן גוטע פּאָרטרעטן פון פאָסטערן און בראַודערן. פאָסטער פאַרגעסט נישט און פאַרגיט נישט, ווי סטאַלין, און בראַודער גייט אויף אַ שטריק. ס׳ווערט דערציילט ווי איבער נאַכט קריגט די יידישע פּאַרטיי־סעקציע אַ סיגנאַל אַז זי זאָל ווערן יידישער. מען לייענט פון קאַמף צו געווינען די יוגנט, וועגן דער פאַרבינדונג פון יוניאָן סקווער אין ניו־יאָרק מיט מאָסקווע. מען פאָרט קיין מאָסקווע און מען קומט צוריק מיט דער

ליניע. אָבער די אמתע פעאיקע פירערס זענען די וואָס טרעפן באַצייטנס וואָס די ליניע דאַרף און וועט זיין — מאָרגן.

עפּשטיין פאַרגעסט אויך נישט דאָס טרויעריקע קאַפּיטל, ווען די „פריי־הייט" האָט גוטגעהייסן דעם חברונער פּאָגראָם, ווען די „ציוניסטן־פאַשיסטן האָבן פּראָוואָצירט דעם אַראַבישן אויפשטאַנד". אָלגין האָט געבושעוועט און געהאַלטן אין איין רעדן פון „ציוניסטישן בלוט", ווען יידיש בלוט, בלוט פון יידישע קינדער, ישיבה־בחורים, איז געוואָרן פאַרגאָסן.

דעמאָלט זענען לייוויק, רייזען, מנחם באָריישא און דוד איגנאַטאָוו אַוועק פון דער „פרייהייט". משה נאַדיר איז געבליבן און געהאַלטן אין איין אָנפאַלן אויף די אַוועקגעגאַנגענע. דער י. ל. פּרץ שרייבער־פאַריין האָט אין יענער צייט אַריינגעשריבן אַ גלענצנדיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע, שטעלנדיק די „פרייהייט" און אירע שרייבערס, וואָס האָבן טעלעגראַפיש באַגריסט די אַראַבישע פּאָגראָמשטשיקעס — מחוץ למחנה.

ס'איז כדאי צו לייענען מלך עפּשטיינס בוך, ווייל אפילו ווען מען געדענקט דאָס אַלץ פרישט מען אָפּ דעם זכרון, ווייל עפּשטיינען געלינגט צו געבן אַ פּאַנאָראַמע פון יענע שטורמישע טעג, דערקלערנדיק פאַרוואָס דווקא די סאַמע שוואַכסטע, ווי אָלגין און מאַרמאָר האָבן זיך אין אַזעלכע פינצטערע טעג געהאַלטן „שטאַרק".

גאָר אינטערעסאַנט זענען די קליינע פּאָרטרעטלעך צום סוף פון בוך: „אָלגין, דער מאַן פון קאָנטראַסטן"; שכנא עפּשטיין, וואָס איז „פון אַ שרייבער געוואָרן אַ סאָוויעטישער שפּיאָן"; קלמן מאַרמאָר, „וועמענס קאָמוניזם איז געווען אַ רעטעניש"! ביטעלמאַן, דער טעאָרעטיקער, און אמטער, דער „הייליקער נאַר", דער גלויביקער קאָמוניסט.

מיר געדענקט זיך אַ מסיבה פון יידישע קאָמוניסטישע קאָרפּן־קעפּ אין מנחמס שטוב. דעמאָלט איז מען זיך נאָך צוזאמענגעקומען אין א יידישן שרייבערס היים. ס'איז געווען אין די אָנהויב צוואָנציקער, ווען קאָמוניזם האָט נאָך נישט געפּאָדערט פון אירע כוהנים, אַז זיי זאָלן אָנווערן די סאַמע עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע געפילן. שכנא עפּשטיין, מלך עפּשטיין, אָלגין, משה כץ זענען געזעסן מיט מיר ביים טיש. ביי אַ צווייטן טיש איז געזעסן קלמן מאַרמאָר. אָלגין האָט זיך צו מיר געווענדעט מיט א שמייכעלע:

„אפשר קאָנט איר פועלן ביי דער „טאָגעבלאַט"־יאַרמעלקע, מען זאָל ביי אונדז צונעמען מאַרמאָרן".

אָבער מאַרמאָר איז געבליבן אין די קאָמוניסטישע רייען און איז געשטאָרבן א קאָמוניסטישער קדוש. מלך עפּשטיין שילדערט ווי מאַרמאָר האָט זיך געבעטן ביי עפּשטיינען, אַז מען זאָל אים געבן דריי טעג צייט זיך צו באַטראַכטן, נאָך סטאַלינס אָנפאַל אויף פינלאַנד, אָבער מאַרמאָר האָט זיך באַטראַכט און נישט רעזיגנירט. ער איז פאַרבליבן אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ביזן טויט.

מלך עפּשטיין האָט אויסגעהאַלטן ביזן סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך. ער האָט ביז דעמאָלט געשריבן „פרייהייט"־עדיטאָריעלס. זיין לעצטער עדי־טאָריעל איז דערשינען ווען דער סטאַלין־היטלער־פּאַקט איז אַרויס אין דער עפנטלעכקייט און אויפגעטרייסלט און שאָקירט די וועלט. די געשיכטע פון יידישן קאָמוניזם, 1919 — 1941 איז דערפאַר אויך, אין א געוויסן זין, אַן אינטערעסאַנט אויטאָביאָגראַפיש ווערק, פון יידישן ראַדיקאַל, וואָס איז דורכגעגאַנגען די שבעה מדורי גיהנום און עס פאַרצייכנט און גוט דאָקומענטירט.

1961

## מאָריס שוואַרץ

מאָריס שווארץ איז נאָר־וואָס געהאַט צוריקגעקומען פון א נישט־זייער דערפאָלגרייכן טור אין ארגענטינע און דער אומדערפאָלג זיינער האָט אָפּגעקלונגען אין דעם ביטערן און אינטימען גרוס וואָס ער האָט איבער־געגעבן, דער עיקר וועגן דער יידישער יוגנט, וואָס גייט בשום אופן נישט אין יידישן טעאטער. זיין איינדרוקספול־אַקטיאָריש פּנים איז געווען צעאַקערט, ווי יעדער טייל פון פּנים וואָלט געהאַנגען באַזונדער — דאָס מויל, די גאָמבע, דער אויסגעטיילטער שטערן, די באַקן, די בערגלעך אונטער די אויגן; און איבער די שטיקער האָבן געברענט מיט א באַזונדערן טרויער — די אויגן.

כ׳ווייס נישט, צי קוקנדיק אויף דעם דאָזיקן גערודער פון מענטשלעכן אַלט־ווערן, איז מיר פּלוצים איינגעפאַלן זיך ארויסצוכאַפּן מיט דעם וואָס איך בין אריינגעפאַלן, אָדער ס׳איז מיר גלאַט איינגעפאַלן אַן אומגליקלעכער געדאַנק. כ׳האָב אים מיט גרויס אָנערקענונג אַנטקעגנגעטראָגן אַזאַ באַמערקונג:

איר ווייסט, חבר שוואַרץ, כ׳האָב אַנומלט זיך געגריבלט אין ביאָ־גראַפיעס, האָב איך געזען, אַז אָט און מען וועט שוין דאַרפן אַרויסקומען מיט אַרטיקלען וועגן אייער זיבעציק־יאָריקן געבוירנטאָג, און איך אַליין קלייב זיך אויך מיטצוזינגען אין כאָר פון אייערע באַגריסערס און אָפּשאַצערס.

מאָריס שוואַרץ איז אויפגעשפּרונגען, אַז ער האָט אַזש נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין רייד. אָבער באַלד האָט ער אויף זיין כאַראַקטעריס־טישן בינע־יידיש, וואָס האָט געקלונגען מיט אַן אָנגענעמער הייזעריקייט, מיר אויסגערעדט, הלמאי איך וויל אויף אים אַרויפוואַרפן די זקנה. ווייס איך דען נישט, אַז ביי אַן אַקטיאָר איז יוגנטלעכקייט אַ טייל פון זיין פאַרמעגן, פון זיין אייגנטום־רעכט; אַז ער, שוואַרץ, האָט שוין לאַנג אויפ־מערקזאַם געמאכט אויף א טעות אין די ביאָגראַפישע פאַרצייכענונגען וועגן אים, אַז ער האָט אין דער אמתן נאָך שיינע עטלעכע יאָר צו זיבעציק און אַז ער קלייבט זיך ערשט צו באַווייזן וואָס ער וועט אויפטאָן.

מאָריס שוואַרץ האָט גערעדט און גערעדט און זיך פּשוט נישט געקאָנט באַרואיקן. כ׳האָב איינגעזען אַז כ׳האָב אים שטאַרק מצער געווען. די איבערגעעלטערטע טיילן פון איינגעפינצטערטן פּנים האָבן מיטגעשפּילט, און די אויגן האָבן זיך ביי מיר משתדל געווען מיט א ברען אַז כ׳זאָל צוריק־ציען מיינע רייד. ער האָט גענומען אומרואיק לאַכן, כע, כע, א שיינע מעשה, ווען ער, שוואַרץ, וואָלט חלילה באַדאַרפט אָנקומען צו זוכן אַ שטעלע אין אַ טעאַטער, וואָלט איך אים דאָך געמאַכט אומגליקלעך. מיר האָט זיך גראָד געדאַכט, אַז אַן אַלטער אַקטיאָר, איז ווי אַלטער וויין, שטאַרק און קרעפּ־טיק און איינגעשטאַנען, אַ סך אַנדערש ווי אַן אַלטע אַקטריסע. כ׳האָב זיך צוריקגעצויגן מיט די בעסטע אנטשולדיקונגען, אָבער שוואַרץ האָט זיך אלץ נישט באַרו׳איקט.

די ענגלישע צייטונגען זענען געווען אי ברייטהאַרציק, אי גוט צו

אים און זיי האָבן אים, אין די גרויסע נעקראָלאָגן, נישט דערגעבן עטלעכע יאָר צו זיבעציק, אָבער די יידישע צייטונגען האָבן אריבערגעשמיצלט די זיבעציק, נישט־פאַריכטנדיק דעם טעות, אין זיינע יידישע אָפיציעלע, לעקסיקאָנישע ביאָגראַפיעס.

שוואַרץ האָט די לעצטע צוואָנציק יאָר זיך געקליגט צו באהאלטן זיין עלטער־ווערן און ער האָט געהאַלטן אין איין טרייבן זיין ענערגיע, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אָפּנאַרן, אַז ס׳קאָכט זיך נאָך, אַז יידיש טעאַטער לעבט ווי אַמאָל און ער איז — יידיש טעאַטער; אַז ער איז נאָך אַלץ דער באַלעבנדיקער כוח ווי ער איז עס געווען מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק. ער איז געווען פול מיט פּלענער, ער האָט געשפּרודלט מיט פאָרשלאָגן און געהאַלטן, אַז די גרויסע יידישע אינסטיטוציעס טוען אים אַן עוולה, וואָס מען ריכט נישט צוריק אויף פאַר אים דעם קונסט־טעאַטער. ער האָט באַוויזן איינצוּרעדן, איבערצייגן, מיטשלעפּן מיט זיין ענערגיע, אָבער אַלץ איז צוריק איינגעפאַלן. האָט ער ווידער גענומען אויף זיך די אַלטע אַקטיאָרישע ראָלע פון בלאָנדזשענדיקן שטערן. די לעצטע עטלעכע יאָר האָט ער געגלויבט, אויפריכטיק געגלויבט, אַז אין תל־אביב וועט ער אויפסניי אויפריכטן זיין אַמאָליקע גלאָריע. ער האָט זיין ענערגיע נישט געשוינט און זי געהאַלטן אין איין טרייבן און אונטערייאָגן.

שוואַרץ איז געווען איינער פון די בעסטע אַקטיאָרן, ווען אַ ראָלע האָט אים צוגעטראָפן, און ווען אַ ראָלע איז אים נישט געווען צוגעפּאַסט, איז ער געווען איינער פון די ערגסטע. ער איז געווען עלעמענטאַל און אַ קנאַפּער מבין אויף זיך. ער האָט געהאַט אויסערגעוויינלעך־גוטע איינגעבוירענע טעאַטער־מעלות; ער איז געווען טעאַטער אין שטורמיקסטן און אין שטילסטן זין פון וואָרט. ער האָט געשעפּט פון זיין אייגענער דערפאַרונג און זיין דערפאַרונג האָט ער געשפּייזט מיט אינטואיציע. ער איז געווען אַ גוטער לערער און אַ שלעכטער תלמיד.

שוואַרץ האָט דערהויבן דאָס יידישע טעאַטער צו א הויכער מדרגה. אין די יאָרן פון קונסט־טעאַטער, האָט זיך געדאַכט אַז יידן פאַרמאָגן טאַקע אַ טעאַטער־טעמפּל. ער איז פאַקטיש געווען אַן אַמעריקאַנער בחור, אָבער ער האָט קיינמאָל נישט פארלוירן די היימישע יידישקייט זיינע, וואָס האָט דורכגעגליט אַלץ וואָס ער האָט גענומען אין די הענט אַריין. שלעכט איז געווען ווען ער האָט געשפּילט נישט־יידישע ראָלן, ווייל אָט־די היימישע

יידישקייט האָט איבערגעפּירט דעם פרעמדן אזוי־גערופענעם אייראָפּעאישן טאָן, וואָס ער האָט געוואָלט אַריינברענגען. ער האָט פאַרמאָגט אַ באַזונדערן קרעכץ אין זיין קול און זיינע יידישע גרימען האָבן אים וואונדערלעך געפּאַסט צום פּנים און צו זיין גאַנצן געשטאַלט. אָבער דער יידישער קרעכץ, פון די סאַמע טיפענישן, האָט אים אַ סך מאָל אָפּגעטאָן אויף יידיש, ווען ער האָט זיך גענומען צו פרעמדע „מאַיעסטעטישע" ראָלן.

שוואַרץ האָט פאַרענדיקט אין מדינת ישראל, כמעט מיט דעם וואָס ער האָט אָנגעהויבן, מיט אשס „קידוש השם". ער האָט געשעפּט ביי זיך פון אַלטן קוואַל. אין אַזאַ דראַמע איז ער תמיד געווען אין דער היים. ער האָט באַהערשט דעם גאַנצן מאַטעריאַל, די דראַמע איז נישט געווען איבער זיין מבינות, דאָס צושרייבן און צורעדן איז געווען פאַר זיינע כוחות. ער האָט ליב געהאַט אז ער זאָל זיין דער אַלץ, אַרום וועמען די דראַמע אָדער די קאָמעדיע דרייט זיך. אים האָט געצויגן צו גרויסע ספּעקטאַקלען, אָבער אין דעם גרויסן מאַסן־ספּעקטאַקל זאָל מען אים שטאַרק און באזונדערס אָנזען און אָנהערן — מיט א סך פּראָזע.

פונדעסטוועגן האָט דער קונסט־טעאַטער געדינט פאַר אַן אויסשולונג פון אויסגעצייכנטע גוטע אַקטיאָרן און אקטריסעס. שוואַרץ האָט ליב געהאַט טעאַטער, און אין געראַנגל צווישן דעם אייגענעם פאַרכאַפּנדיקן בינע־אַפּעטיט און דעם גוטן מיטשפּילנדיקן אַקטיאָר, האָט געווינלעך געזיגט זיין אָנערקענונג פאַר דעם באזונדערן טאַלאַנט.

שוואַרץ און שלום עליכם זענען געווען דער שענסטער יידישער בינע־זיווג, ממש מן השמים. די שלום עליכם־געשטאַלטן האָט שוואַרץ באַשאַנקען מיט אזויפיל טראַדיציאָנעלן חן, אַז דער ייד האָט ביי אים געפינקלט און געלויכטן אויף דער בינע. ער האָט געשאַפן עטלעכע שיינע יידן, און דאָס יידישע טעאַטער וואָס ער האָט געהאָלפן בויען און געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס, האָט דעמאָלט געלויכטן מיטן כוח פון די יידן, אין די אַלע שלום עליכם־קאָמעדיעס, אָדער אין ווערק פון אנדערע מחברים, וואו שוואַרץ האָט נאָר געפונען זיינע „שלום עליכמדיקע" יידן, אפילו ביי הירש־ביינען, אָדער ביי לייוויקן; דער גאַנצער ייד, מיט דעם בטחונדיקן קרעכץ און געלעכטער, מיט דעם איינגעשטעלטן יידישן נוסח, וואָס איז אין אים אָפּגעהיט געוואָרן פון דורות.

דער שוואַרץ קונסט־טעאַטער האָט געהאַט די זעלביקע שייכות צו שלום עליכמען, ווי דער מאָסקווער קונסט־טעאַטער צו טשעכאָוון און אַלץ וואָס איז געווען טשעכאָוויש, אויף דער גוטער רוסישער בינע. שוואַרצס פּעאַי־קייט פון אימיטאַציע, צוזאַמען מיט זיין איינגעבוירענעם אַקטיאָרישן טאַלאַנט, האָט געהאָלפן אַרויסברענגען דעם שיינעם ליכטיקן ייד, אין זיין גאַנצער פּראַכט. ס׳האָט פון שוואַרצן געשלאָגן יידישע קדושה, ווען ער האָט געדאַוונט אַ גוטע „פּעטע״ יידישע ראָלע, וואָס איז נישט געווען איבער זיין אינטעליגענץ.

מ׳קאָן זאָגן, אַז שוואַרצס גרויסע אויפטוען דעקן אַ יאָרצענדליק, העכסטנס אפשר די גאַנצע פופצן יאָר, אָבער די דאָזיקע געציילטע שיינע און היסטאָרישע יאָרן, אָפּגעגעבענע צום בעסערן יידישן טעאַטער, האָט ער געצויגן און אויסגעצויגן, ווען יידיש טאַאַטער איז אים שוין געווען איבער די כוחות, ווען אפילו ער, מיט זיין ענערגיע, האָט שוין נישט געקאָנט אָפּשטעלן דעם קריכנדיקן פּאַראַליז. אין טייל פּרוּוון זיינע, נאָך זיין גלאַנץ־עפּאָכע, איז ער געווען פּאַטעטיש. ער איז געווען פאַרעקשנט־איינגעגלויבט אין זיינע כוחות, און אין די יינגערע יאָרן איז אים די עקשנות גוט צונוץ געקומען אָבער אין די מאָגערע יאָרן איז די עקשנות שטענדיק געקרוינט געוואָרן מיט הילפלאָזיקייט.

שוואַרץ איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון אַ סך קאָנטראַסטן. ער איז געווען פּאָלקסטימלעך און אים האָט געצויגן צו אַ „ליטעראַרישקייט״, וואָס ער האָט צומאָל נישט פאַרשטאַנען; ער איז געווען באַשאָנקען מיט אַ נאַטירלעכן אינטעליגענטן אויפכאַפּ און ער האָט זייער אָפט געוויזן סימנים פון שלעכטן געשמאַק. ער האָט ליב געהאַט אויסצונאָגן אַ שטילע ראָלע, ביז איר סאמע דנאָאיקער, ניואַנסירטער שטילקייט און ס׳האָט אים געצויגן צו ברייטע ריינהאַרדט־ספּעקטאַקלען.

ביי מיר ליגן עטלעכע בריוו זיינע, זענען זיי ווי זיינע אַרטיקלען, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט ביי געלעגנהייטן, אין צייטונגען אָדער זשורנאַלן, געשריבן — אין זיין אייגענער האַנטשריפט. אָט־די נאַטירלעכע שרייב־אינטעליגענץ איז אויך ביי אים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיקל צרה. ער האָט געהאַלטן, אַז ער איז אַ דראַמאַטורג, אַ דראַמע־דאָקטאָר, אַן איבערמאַכער פון נאָוועלן אויף דראַמעס; וועגן רעזשיסעריי איז אָפּגערעדט.

ער איז געווען גרייט צו דיקטירן און צו לערנען יענעם, פאַרגעסנדיק אַז ער האָט געלערנט בלויז ביי זיך אַליין.

אָבער ער איז, מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות, געווען אַ גרויס געשטאַלט אין יידישן טעאַטער און אויף דער יידישער בינע. אויב ס'זענען אים נאָר נישט געשען קיין שטרויכלונגען, וואָס האָבן געוויזן שוואַרצס רייסן־זיך אהין, וואו ער האָט נישט געטאָרט זיין, איז ער געווען גרויסאַרטיק.

זאָל דאָ דערציילט ווערן אַ קליינער עפּיזאָד. שוואַרץ האָט געחלומט צו שפּילן קעניג ליר און ער האָט מיט מיר געהאַלטן אין איין איינטענהן, אַז בלויז איך מוז פאַר אים איבערזעצן „קעניג ליר". ער איז געזעסן קעגן מיר און שוין געשפּילט דעם אומגליקלעכן, פאַראַרעמטן, פאַרטריבענעם קעניג, דעם טראַגישן אָפּגענאַרטן פאָטער, און איך האָב אין זיין „שפּילן" געכאַפּט די פאַרגאַנגענע גלאָריע פון טביהן און פון דעם „אמתן" שאפּיראָ.

זיינע געלט־השגות פאַר יענעם זענען נישט געווען פון די ברייטסטע. ער איז מיר גרייט צו באַצאָלן גאַנצע 300 דאָלאַר פאַר דער איבערזעצונג פון שעקספּירס „קעניג ליר", אויסצוצאָלן דורך זעקס וואָכן שפּילן, צו 50 דאָלאַר אַ וואָך.

איר פאַרשטייט וואָס דאָ וועט זיך טאָן, האָט ער געזוכט מיך אויף אָנצוציענדן טעאַטראַליש. די לעמפּלעך וועלן פינקלען דריי נעמען — מאָריס שוואַרץ, שעקספּיר און גלאַטשטיין (אין דער אָרדנונג!) יאָ, גלאַטשטיין, איר וועט ביי מיר לייכטן אויף דער עלעקטרישער שילד. איר שטעלט זיך פאָר וואָס פאַר אַן איינדרוק אַזאַ טראַיקע וועט מאַכן?!

איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דעם נישט־פאַרדינטן כבוד. כ'האָב אים דערקלערט אַז כ'בין בכלל אַ שוואַכער איבערזעצער און שעקספּיר איז איבער מיינע כוחות. אָבער שוואַרץ האָט נישט אויפגעגעבן און זיך אַ לאַנגע צייט אַרומגעטראָגן מיט דער פאַנטאַזיע צו שפּילן „קעניג ליר", פאַרגעסנדיק אַז ער איז צוויי מאָל דורכגעפאַלן אין שיילאָק, אין דעם אמתן שיילאָק, און אין אַ פארליטעראַרישטער ווערסיע פון אַ העברעאישן שרייבער.

מען האָט אַ סך פאַרגעוואָרפן יידישע שרייבערס און טעאַטער־קריטיקערס, הלמאי זיי רייסן אַרונטער שוואַרצן, בעת ער איז פאַרט — בעסערער יידישער טעאטער. דאָס איז באמת אַ ביטערער און שווערער ענין. שוואַרץ האָט געקאָנט זיין גאַר־גאַר שלעכט און געשמאַקלאָז, ווען ער האָט גענומען אַלץ אויף זיך, אויף אייגענער מבינות, אייגענער איבערשרייבעריי און

אייגענער רעזשיסערסטווע. אוודאי איז ביליקער טעאַטער, אָדער גאָר קיין ייִדיש טעאַטער ערגער, אָבער אויף וויפל ס'איז ערגער פון געשמאַקלאָזן טעאַטער, איז זייער שווער צו באַשטימען. ס'איז אַ גרויסער ספק, צי אַ ייִדישער קריטיקער איז מחויב צו טראָגן אויף די פּלייצעס דעם געשעפט־לעכן בנין פון טעאַטער און צי ער דאַרף זיך צוריקהאַלטן פון אמתער קריטיק? אַ קריטיקער דאַרף, פאַרשטייט זיך, זיך נישט אָנזעצן אויף אַן אַקטיאָר און אים גלאַט דערגיין די יאָרן, אָבער ווי קאָן מען זיך צוריקהאַלטן פון זאָגן דעם אמת?

שוואַרץ האָט זיך זייער אָפט געקריגט מיט דער קריטיק, אָבער מיינסטנס איז די קריטיק געווען גערעכט. אפשר האָט מען עס באַדאַרפט זאָגן אנדערש, מיט מער איינזעעניש פאַר דעם גרויסן און פארדינסטפולן בויער, אָבער דעם אמת קאָן מען נישט אונטערדריקן.

און פאַרן טויט, אין מדינת ישראל, האָט זיך שוואַרץ שטאַרק גענומען צום האַרצן פון אַ שאַרפער קריטיק איבער זיין אויפפירונג „יאָשע קאַלב״. דער העברעאישער קריטיקער האָט געטענהט, אַז „יאָשע קאַלב״ איז שטאַרק פאַרעלטערט; און מען מוז צוגעבן אַז יאָשע קאַלב איז שטאַרק פאַרעלטערט, פונקט ווי דער „דיבוק״ איז אָפּגעבליאַקעוועט; און אַזוי האָט דער „דיבוק״ טאַקע אויסגעזען, ווען די „הבימה״ האָט אים, מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווידער געבראַכט קיין ניו־יאָרק.

שוואַרץ האָט זיך קורץ פאַרן טויט אָראָפּגערעדט פון האַרצן אין אַ בריוו, אַז אויף דער נישט־ייִדישער בינע פאַרשטייט מען בעסער דעם ווערט פון קלאַסישע דראַמעס, אָבער „יאָשע קאַלב״ געפינט זיך נאָך לעת עתה אין דער סטאַדיע, ווען ער איז שוין אַלט־פרענקיש און נאָך־נישט קלאַסיש.

מאָריס שוואַרץ איז זיכער נישט געשטאָרבן פון האַרצוויטיק, איבער אַ שלעכטער קריטיק. ער איז גיכער געשטאָרבן פון זיין אָנגעטריבענער ענערגיע, וואָס האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. זיין האַרץ איז שוין געווען אָפּגעשוואַכט אַ לענגערע צייט און ער האָט געקראָגן שאַרפע וואָרענונגס־סיגנאַלן. אָבער שוואַרץ האָט נישט געקאָנט אנדערש ווי פאַלן אינמיטן גרויסן שפּיל, וואָס איז ביי אים געווען, ווי אומאונטערבראָכן, פון יענע גרויסע יאָרן ווען ער האָט באַרייכערט דאָס ייִדישע טעאַטער אין אַמעריקע מיט די שענסטע קאַפּיטלעך.

1960

# אברהם מאָרעוווסקיס זכרונות

אברהם מאָרעווסקי, דער באַרימטער יידישער אקטיאָר, וואָס לעבט איצט אין פוילן, איז נישט לאַנג צוריק אַלט געוואָרן 75 יאָר. ביז מען דערגרייכט אַזאַ עלטער, קאָן מען אָנלעבן א גאַנץ היפּשע ביאָגראַפיע, בפרט א קינסטלער, וואָס האָט געשאַפן אַ סך ראָלן, אויסגעוווען אַ וועלט, געקענט אַ סך באַרימטע מענטשן און דורכגעלעבט שטאַרקע איבערלע־בענישן. אָבער מאָרעווסקי איז א חוץ אַן אַנגעזעענער און רעספּעקטירטער אַקטיאָר אויך אַ מענטש מיט אַ פען אין דער האַנט. ער האָט אָפט געשריבן וועגן טעאַטער און זיך קונה שם געווען ווי א טעאַטער טעאָרעטיקער און קעמפער פאַר דער בעסערער יידישער בינע.

אַט די אַלע מעלות אָגן די אַלע אויפטוען במשך פון אַ לאַנגער און שטורמישער טעאַטער קאַריערע, האָבן אים געגעבן די מעגלעכקייט אויס־צושלאָגן הוצאות, אַזוי צו זאָגן, ממש בוכשטעבלעך פון אַלץ וואָס איז מיט אים און צו אים געשען. נישט לאַנג צוריק איז אין פאַרלאַג „יידיש בוך" אין וואַרשע דערשינען דער דריטער באַנד פון זיינע זכרונות, וואָס הייסט „אהין און צוריק". דאָס איז אַ בוך פון 525 זייטן. און מאָרעווסקי האָט אין אים, ווי אין די פריערדיקע צוויי בענד, געגנוג אַריינדערציילט — פון זיין לעבן, זיינע באַגעגענישן, שמועסן און דורכלויפנדיקע געדאַנקען. מאָרעווסקי באַצייכנט זיינע מעמואַרן ווי „זכרונות און רעיונות פון א יידן אַן אַקטיאָר". ביי אים ווערט געלייגט דער טראָפּ אויף יעדן וואָרט, אויף די זכרונות ווי אויף די רעיונות, אויף דעם ייד ווי אויף דעם אַקטיאָר. ער איז אַ גאַנץ געניטער שרייבער און ער האָט געוואָלט טאַקע מען זאָל אים זען נישט בלויז ווי א יידישן אַקטיאָר, נאָר ווי א ייד און אקטיאָר.

מאָרעווסקיס זכרונות זענען, מיט דעם גאַנצן גרויסן באַגאַזש זיינעם, אַ קאָלאָסאַלער קינאָמאַטעגראַפישער אויפטו. אויף דעם עקראַן פון דורכ־לויפנדיקע הונדערטער און הונדערטער זייטן, פאַרפאַמעלעכט ער אַזוי די דראַמע פון זיין לעבן, אָפּשטעלנדיק זיך אויף יעדער קלייניקייט, אויף צופעליקע שמועסן און אויף זייטיקע איינדרוקן, אַז ס'געלינגט אים, אין דריי בענד, ערשט צו האַלטן ביי 1919, ווען מאָרעווסקי איז קוים אַלט געווען 33 יאָר. נעמענדיק די דריי בענד פאַר אַ מאָס, קאָן מען דערוואַרטן ווינ־

ציקסטנס אַ צען־צוועלף בענד פון מאָרעווסקיס זכרונות, ביז הונדערט און צוואַנציק.

אברהם מאָרעווסקי ווערט איצטער באַטראַכט פאַר דעם זיידן פון יידישן טעאַטער. זיידע איז אפשר אַ צו־יידישלעכער און אינטימער אויס־דרוק, און מיר האָבן עס סיי־ווי צוגענומען פאַר אונדזער ליטעראַטור, פאַר אונדזער זיידע מענדעלע מוכר ספרים. וואָלט אפשר דערפאַר ריכטיקער געווען אָנצורופן מאָרעווסקין — דעקאַן פון דער יידישער טעאַטער קונסט, ווייל ער געהערט נישט נאָר צו דער בינע, נאָר נאָך ברייטער און אלזייטיקער — צום טעאַטער, ווי דער שאַרפער קריטיקער, רעזשיסאָר, טעאָרעטיקער, איבערזעצער און באַרייכערער פון יידישן דראַמאַטישן רעפּערטואַר. וואָלט ער געווען בלויז אַקטיאָר, וואָלט אפשר אַנטשטאַנען אַ גרויסע פלוגתא, צי איז טאַקע מאָרעווסקי געווען אַזאַ גרויסער בינע־קינסטלער, אַפילו אין די יאָרן פון זיין גרעסטער און שיינענדיקער פּאָפּולאַריטעט. ער האָט אַ שרעקלעך קול, ער איז הייזעריק, און כ׳געדענק גוט, אַז ער האָט ביי אונדז אין ניו־יאָרק נישט צו־שטאַרק אויסגענומען, מ׳קאָן אפילו זאָגן, ער איז שטאַרק דורכגעפאַלן. מיט אַזאַ הייזעריקייט, ווי מאָרעווסקי פאַרמאָגט, האָט בלויז געמאַכט אַ גרויסע בינע־קאַריערע דער איטאַליענישער אקטיאָר גראַסאָ, וואָס האָט געשפּילט מיט דער באַרימטער אַקטריסע מימי אַגוליאַ, אין סיציליאַנישע פּיעסן, און אַפילו אין קלאַסישן רעפּערטואַר. גראַסאָס הייזעריקייט האָט אים צוגעגעבן א באַזונדערן חן, אָבער מאָרעווסקין האָט זיין הייזעריקייט קיין גוטס נישט געטאָן. אברהם מאָרעווסקיס קול, געדענק איך אויך אגב, פון זיינע היציקע שמועסן ביי אונדז אין ניו־יאָרק, ביי די טישלעך פון אַמאָליקן ליטעראַרישן און אַקטיאָרישן קאַפע „ראָיאַל“. מאָרעווסקי איז דעמאָלט, אין זיינע שענסטע מיטעלע יאָרן און מיט א פאָרויסלויפנדיקער גרויסער רעפּוטאַציע, געווען א גאַסט אין ניו־יאָרק, אָבער ער האָט נישט אויסגענומען, נישט אין אקטיאָרישע קרייזן און נישט ביים טעאַטער־עולם. דאָס אַליין איז אַ מאָדנע דערשיינונג. ביי אונדז אין ניו־יאָרק, זענען דורכגעפאַלן אַ סך בינע־רעפּוטאַציעס — אסתר רחל קאַמינסקאַ, גראַנאַך און אַנדערע. עס איז ביי אונדז געווען א באַזונדערער טעאַטער־קלימאַט. מיר דערמאָנט זיך ווי מ. ל. האַלפּערן און איך האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן גראַנאַכס גרילצנדיקע געשרייען און מיר זענען אַרויסגעלאָפן פון טעאַטער אינמיטן אַן אַקט. האַלפּערן איז געווען דעם

דייטשיש־יידישן אַקטיאָרס נאָענטער פריינט, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט אָנטאָן אַ כוח און בלייבן לענגער אין טעאַטער, ווען גראַנאַך האָט געדונערט אויף די העכסטע טענער.

אויב איך דערמאָן גראַנאַכס הייזעריק קול, טו איך עס נישט, חלילה, ווייל איך וויל וואַרפן אַ שאָטן אויף זיין דראַמאַטישן טאַלאַנט. מאָרעווסקי אַליין פאַרלויפט דעם וועג און דערמאָנט זיין אייגענע הייזעריקייט, ביי אים, פאַרשטייט זיך, קומט אַרויס דער טריומף פון טאַלאַנט איבער אַזאַ איינגעבוירענעם חסרון. אָבער מאָרעווסקי האָט נאָך אַ סך שאַרפערע איראָנישע אויסדרוקן אויפן חשבון פון זיינע אייגענע שטימבענדער. ווייל איך דערפאַר באַטאָנען, אַז איך דערמאָן זיין הייזעריקייט נישט לגנאי, נאָר לשם כאַראַקטעריסטיקע.

דער דריטער באַנד, וואָס הייסט — „אַהין און צוריק", נעמט ארום, ווי געזאָגט, בלויז ניין יאָר — פון 1910 ביז 1919. די קונץ צו מאַכן פון אַ וואָרט אַ קוואָרט און אויסלענגערן די ניין יאָר און פון זיי מאַכן 525 זייטן, קאָן מען נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. אָבער אַז מען אַנאַליזירט דעם סטיל פון די זכרונות, זעט מען, אַז אברהם מאָרעווסקי האָט נישט געמאכט דעם מינדסטן פרואוו אַרויסצוהויבן מאָמענטן פון זיין לעבן, נאָר ער האָט בפירוש אויסגעליידיקט די „קעשענעס" פון זיין זכרון, אפילו מיט די קרישקעס.

זאָל דאָ פאַרבייגייענדיק, געזאָגט ווערן, אַז איך שרייב נישט וועגן מאָרעווסקין, דער אָנערקענטער טעאַטער פערזענלעכקייט, אַז איך כאַפּ זיך, חלילה, נישט אַריין אין גבול פון טעאַטער־קריטיקערס, וואָס זענען אַ סך מער פון מיר קאָמפּעטענט, צו שרייבן וועגן מאָרעווסקין, צו זיינע פינף און זיבעציק יאָר. די עטלעכע טעאַטראַלע באמערקונגען האָבן זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט אגב אורחא, משמעות, כדי בעסער פאָרצושטעלן דעם העלד פון דריי בענד זכרונות. פאַר מיר ליגט דאָס בוך, וואָס דער וואַרשעווער פאַרלאַג „יידיש בוך" האָט אַרויסגעגעבן, און די אויסערגעוויינ־לעכע פאַפּיר־פאַרשווענדערישקייט ווייזט אויף וויפל מאָרעווסקי ווערט רעספּעקטירט אין פּוילן, אַז דער פאַרלאַג גיט אים אַ פרייע האַנט זיך אויסצודערציילן, זיך אויסצוליידיקן און בכלל רעדן און רעדן, אריבער־טרעטנדיק די באַרימטע ניין מאָס.

אויטאָביאָגראַפיע איז אַזאַ סחורה וואָס קאָן מאַכן יעדן געוויינלעכן

מענטשן פאַר א שרייבער. וויפל מאָל האָבן מיר שוין געהערט ווי דורכ־שניטלעכע מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל קיין חשק נישט געהאַט צו שרייבן, רופן אויס מיט בענקשאַפט: „איי, ווען איך וואָלט נאָר צייט געהאַט אַוועקצוזעצן זיך און באַשרייבן מיין לעבן!" יעדער איינער האָט אַ לעבן צו באַשרייבן, אָבער נישט יעדער איינער זעצט זיך טאַקע אַוועק באַשרייבן. דער, וואָס זעצט זיך שוין יאָ אַוועק, איז שוין דערמיט אַליין אַ שטיקל שרייבער. זיין אַוועקזעצן זיך און די קאָנצענטרירונג אויפן אייגענעם לעבן, איז דער ערשטער סימן פון שרייבעריי, אָבער נישט דער בעסטער סימן. דער גוטער סימן קומט ערשט ווען דער אַוועקגעזעצטער שרייבער פאַרשטייט, וואָס עס מיינט נישט אָפּצושטעלן זיך צו לאַנג אויף דער מאָנאָ־טאָניע פון אייגענעם לעבן. נישט אַלץ וואָס איז געווען אינטערעסאַנט פאַר דעם דורכלעבער, איז אינטערעסאַנט פאַרן לייענער. מען דאַרף אַמאָל קאָנען פאַרבייגיין די געדענקטע און דערמאָנטע עפּיזאָדן, וואָס רופן ביים שרייבער ארויס אַ טרער, אָבער ביים לייענער קאָן עס גראָד אַרויסרופן אַ שמייכל. די בעסטע אויטאָביאָגראַפיע איז אי א פּערזענלעכע אי אַ קאָלעקטיווע. מען דאַרף קאָנען, שרייבנדיק וועגן זיך, שרייבן וועגן אַלעמען. דערפאַר מוז מען גוט זיפּן, קלייבן און אָפּוואַרפן.

אברהם מאָרעוווסקי איז נישט קיין אָפּוואַרפער. אמת, זיין אויטאָביאָ־גראַפיע באַשטייט אויך פון עפּיזאָדן, וואָס זענען, לאָמיר זאָגן, אַ טייל פון טעאַטער־געשיכטע און זיי האָבן דערפאַר אַ געוויסן ספּעציאַליזירטן אינטע־רעס פאַר טעאַטער־לייט. אָבער ווייל מאָרעוווסקי איז אינגאַנצן אַ געפאַנ־גענער ביי זיין אייגענעם אָנשטראָם פון געפילן און דערמאָנונגען, ווערט אפילו די היסטאָרישקייט צעקראָכן אונטער די הענט.

אברהם מאָרעוווסקי, אַ ווילנער יינגל, האָט זיך זייער יונג אַווענד געטאָן צום רוסישן טעאַטער און געוואָרן אַ פּראָווינצער רוסישער אַקטיאָר. ערשט אין 1918 איז ער צוריקגעוואָרן „אַ ייד אַן אַקטיאָר", און זיין יידישע קאַריערע האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט דעמאָלט, ווען ער איז אַריבער אויף דער יידישער בינע. זיינע ניין יאָר דינען ביים רוסישן טעאַטער זענען נישט אַזוי היסטאָריש אינטערעסאַנט, אַז זיי זאָלן ווערט זיין איבער 500 זייטן. דערפאַר איז צו באַוואונדערן די מיקראָסקאָפּישע קאָנצענטרירט־קייט אויף דעם אייגענעם איך, די צעשריבענע איינרעדעניש, אַז די קלענסטע עפּיזאָדן זענען ווערט גאַנצע צענדליקער בויגנס אין אַ בוך.

מיר זענען דער עיקר געווען אינטערעסאַנט צוויי פּרטים אין אברהם מאָרעווסקיס אויטאָביאָגראַפיע. ערשטנס זיין לשון. כ׳בין זיכער, אַז נאָענט צום פאָלק, ווען ס׳איז געווען א לעבעדיק מויל, וואָס האָט גערעדט יידיש מיט אַלע ביינער, האָט מאָרעווסקי אויך געשריבן — יידיש. דער טראַגיזם פון זיין אויסגעמאָגערט לשון מאכט אַ פּאַטעטישן איינדרוק. הויט־און־ביין יידיש און אַ סך אָנגעשטעלטע אינטעליגענטישע רייד.

„ווילן! אַז מען געפינט אַ ספּעציעלן פאַקטאָר, וועלכער רעגט דיך אויף, קאָן מען איבערווינדן אַלע שטערונגען און — שפּילן. די התחייבות אין דעם געגעבענעם אָוונט צו „שפּילן" איז אַזאַ אויפרעגנדיקער פאַקטאָר, און האָבנדיק צוגעזאָגט צו שפּילן, וועל איך שוין שפּילן. אָבער כסדר דערויף זיך שטיצן, וואָלט קוים געלונגען. איבעריקנס..."

דער „ספּעציעלער פאַקטאָר", וואָס „איבערווינדט", איז אין מאָרעווסקיס פאַרשידענע פּסעוודאָ־וויסנשאַפטלעכע אָפּנויגן אַן אָכטער גאַסט ווי אַ טייל פון די רעיונות. אָט איז דער „פאַקטאָר" אין אַן אַנדער גרים, אקטיאָריש גערעדט:

„מען מוז נעמען אין אַכט, אַז ווילן איז לאו־דווקא — אגרעסיווער אָנגריף נישט דווקא — טאַט, מעשי ידים... ווילן שטעקט אָפּט אויך אין עקשנות־דיקער אויסגעהאַלטנקייט. אויסדויער און אין א סך פאַלן פון „צופעליקייט", וועט זיך ביי אַ טיפערן אַנאַליז אויסלאָזן, אַז הגם דער פאַל איז אַ פּועל יוצא פון צופאַל, וואָלט ער אָבער נישט געקאָנט צושטאַנד קומען אָן אויסדויער".

די צווייטע טראַגעדיע פון אַזאַ יידיש בוך אין איצטיקן פּוילן, וואו ס׳האָט אַמאָל געשפּרודלט מיט מחיהדיק יידיש לשון, איז די טראַגעדיע פון פרייוויליקער, אומגעפאָדערטער צופאַסיקייט. לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז מאָרעווסקי באַשרייבט דאָ זיינע יאָרן פון 1910 ביז 1919, ווען ער איז נאָך געווען 25 יאָר אַלט און איז קוים דערגאנגען ביז 33, און פונדעסטוועגן גרייט ער זיך שוין צו אויטאָביאָגראַפיש אַ ספּעציעלן פּאַספּאָרט, וואָס קיינער האָט עס פון מאָרעווסקין נישט געפאָדערט. מיטאַמאָל גיט זיך ביי אים אַ ריס אַרויס, אַזאַ גוואַלטיקער פּסוק: „קונסט מוז פאַרבייטן די רעליגיע — האָט געפּרעדיקט נישט קיין אַנדערער ווי מיכאיל איוואַנאָוויטש קאַלינין!" פאַרוואָס און צוואָס מוז מאָרעווסקי האָבן דעם אָנשפּאַר אויף קאַלינינען?

„אַט ביסטו אָקטאָבער! האָב איך געמורמלט, קוקנדיק אַרום זיך און געווישט פון מיינע אויגן די טרערן".

מיר כאַפּן אין די זכרונות נאָך ראַזשינקעס, וואָס מאַכן אַ טראַגישן איינדרוק, ווען מען געפינט זיי אין א בוך פון אַן אַלטן ייד און אַן אלטן אַקטיאָר:

„דעמאָלט האָב איך שווער געליטן און נישט געוואוסט. היינט ווייס איך קלאָר: די ערלעכע איבערגעגעבנקייט דער פאָן און דער זאַך פון דער רעוואָלוציע — פון איין זייט, און די אימה פאַר אירע מאַסן — וועלכע זעען נישט די ווערטן פון אַמאָל און טרעטן איבער זיי אָן ריקזיכט — פון דער צווייטער זייט".

אָבער נאָך דעם ישוב הדעת שרייט מאַרעוווסקי אויס טריאומפאַל:

„אָבער אויב „פרייהייט", אויב „מענטש", אויב „בירגער", איז פאַר רוסלאנד קיין אַנדער וועג ווי „אָקטאָבער" נישט געווען. און לענין! און לענין קומט דראַמאַטיש אין אַ באַזונדערע שורה.

מאַרעוווסקי טרעט אפילו אַרויס ווי אַ באַרעכטיקער און אָנקלאָגער. ער ווייסט זייער וואויל, וואָס מען דאַרף באַרעכטיקן און וואָס מען דאַרף אָנקלאָגן:

„ס׳איז געווען שווער צו געפינען די קערנער פון סאָציאַלן יושר צווישן די דערנער פון אומגעלומפּערטקייט, בייזוויליקן ווילקיר און פשוטער פראָוואָקאַציע פון שונאים, וועלכע האָבן מיט אַ כיוון געפעלשט אַלע ערלעכע כוונות פון דער מאכט, געמישט די קאָרטן, אַראָפּגעפירט די פורן פון די ריכטיקע וועגן און געלאַכט אין די הויפנס איבער יעדן אומגעלונגענעם גאַנג פון דער מאכט, וועלכע האָט געוואָלט זייען און שפּרייטן סאָציאַלע גערעכטיקייט, אָבער אָפט בלויז פאַרברייטערט, מישמאַש, פאַרטיפט די סתירות".

מאַרעוווסקי כאַפּט זיך אָבער באַלד צוריק, אַז אַפילו די סתירות פון אָקטאָבער טאָר מען נישט דערמאָנען אָן רעזערוואַציעס, פאַרזיכערט ער אייך, אַז ער האָט זיך גלייך געראַטעוועט מיט דיאַלעקטיק.

דער מעמואַריסט פאַרכליניעט זיך אַזוי מיט דער ציטאַטע פון קאַלינינען וועגן קונסט, אַז ער דערמאָנט עס ווידער־אַמאָל, נאָך מיט מער פייער־לעכקייט:

„און טעאַטער איז קודם כל — אַ וועלט־אַנשויאונג, טעאַטער איז אַ

פילאָזאָפישע שיטה. לאָמיר זיך פאַרגינען אויף דעם אָרט צו ציטירן דעם גרויסן זון פון רוסישן פאָלק, דעם געלייטערטן באָלשעוויק — מיכאיל איוואַנאָוויטש קאַלינין. — קונסט האָט ער געזאָגט, מוז פאַרבייטן די רעליגיע״.

פאַראַן אין בוך „אהין און צוריק״ גאַנץ אינטערעסאַנטע דערמאָנונגען, ווי אַ. ווייטערס אומקום און זיין לויה. אָבער די גוטע עפּיזאָדן ווערן דערטרונקען און זענען ווי עפּעס אָן אומהיימלעכער צוגאָב צו די אויסגע־צויגענע און צעצויגענע ניין יאָר, קאָנצענטרירט אויף אַלץ וואָס האָט מאַרעווסקין געטראָפן, אָן שום אָפּקלייב. אַ קאָמישן איינדרוק מאַכן די פּינקטלעך „דערמאָנטע״ לאַנגע דיאַלאָגן און מאָנאָלאָגן פון עטלעכע פערציק יאָר צוריק.

ס׳איז אַ לאַנגווייליק בוך, וואָס האָט געקאָנט אַביסל געראַטעוועט ווערן, ווען אברהם מאַרעווסקי וואָלט געשווינט פּאַפּיר און וואָלט ביי זיך געפּועלט, אַז זיינע ניין יאָר האָט ער געקאָנט אַרויסלייגן בהרחבהדיק אויף אַ 300 זייטן. סיי די זכרונות און סיי די רעיונות, וואָלטן דערפון גאָר א סך געוואונען. דער פּאָעט ד. ספארד, וואָס האָט רעדאַקטירט דאָס בוך, האָט געמעגט אַביסל מער מקפּיד זיין אויפן פאַרעלטערטן לשון פון שרייבער.

1961

## א פּאָעטישער גרוס פון פוילן

איך בין נישט צו־גוט באַקאַנט מיט דער יידישער פּאָעזיע אין איצטיקן פוילן, אָבער איך ווייס אַז דער נאָמען אליהו רייזמאַן וואַרפט זיך דורך גאַנץ אָפט אין די דאָרטיקע אויסגאַבן און דאָ און דאָרט האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט צו לייענען זיינס אַ ליד. לעצטנס איז רייזמאַנס אַ דין ביכל לידער, פון עטלעכע און זיבעציק זייטן, דערשינען אין פאַרלאַג „יידיש בוך״ און עס האָט דערגרייכט צו אונדז אַהער. איך בין געוועזן דאַנקבאַר וואָס איך האָב באַקומען די זאמלונג, ווייל כ׳האָב שוין לאַנג געוואָלט זיך

שאַפן אַ גאַנצן איינדרוק פון דעם מצב פון דער דאָרטיקער יידישער פּאָעזיע און פון דעם פּאָעט ריזמאַן, וועמענס לידער, ווי געזאָגט, ווערן פאַרעפנטלעכט אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע“, און זענען מסתמא כאַראַקטעריסטיש פאַר די לידער, וואָס די עטלעכע יידישע פּאָעטן שרייבן איצטער דאָרטן, אין יידישן פּוילן.

אינטערעסאַנט איז קודם־כל דער פאַקט וואָס די קליינע לידער־זאַמלונג הייסט — „אַליין מיט זיך“. כ׳בין שטאַרק אין ספק, צי אַ סאָוויעטיש־יידישער פּאָעט וואָלט זיך דערוועגט אַזאַ נאָמען צו געבן זיינע לידער. „אַליין מיט זיך“ מיינט דאָך אָפּזונדערונג, יחידישע פּאָעזיע, אָדער גאָר לידער פון איינזאַמקייט. מעג מען שוין זינגען אַזעלכע „מיט־זיך“־לידער אין יענע לענדער אָדער איז עס בלויז כאַראַקטעריסטיש פאַר פּוילן, וואו די פּוילישע שרייבערס האָבן טראָציק אויסגעקעמפט פאַר זיך אַביסל פרייהייט און די שאַרפע פּאַרטיי־צענזור קאָן זיך מיט זיי קיין עצה נישט געבן? דערנאָך קומט די איבעראַשונג, וואָס דאָס מאָגערע ביכל איז דערשינען אין נישט ווייניקער פון 2500 עקזעמפּלארן און עס קאָסט 8 זלאָטעס. אין פּוילן וואוינען איצטער קוים פערציק טויזנט יידן, אַנדערע זאָגן אַז די צאָל איז אַ סך אַ קלענערע און אַז זי איז נענטער צו דרייסיק טויזנט. מיינט עס טאַקע אַז דער וואַרשעווער פאַרלאַג „יידיש בוך“ האָט אַזויפיל אָפּנעמערס פון א יידיש לידער־בוך, אָדער אַז עס איז נישט מער ווי אַ שיקן ביכער אויפן וואַסער, און כדי צו דערגרייכן די געציילטע לייענערס פון יידישער פּאָעזיע, מוז מען זיין פאַרשווענדעריש ווי די נאַטור און דרוקן אַ סך, כדי צו פאַרקויפן ווייניק? ס׳איז קיין סוד נישט אַז אַן אַמעריקאַנער יידישער פּאָעט באַנוגנט זיך מיט אַ 500 עקזעמפּלארן, וואָס ער האָט אויך גרויסע שוועריקייטן אָפּצוזעצן, און ער זעצט זיי טאַקע זייער זעלטן אָפּ, שוין אריינרעכענענדיק די אומזיסט־צעטיילטע, וואָס העלפן אַביסל דער פאַרשפּרייטונג פון יידישן בוך.

אויב ס׳זאָל זיין אמת, אַז אין יידישן פּוילן איז טאַקע פאַראַן אַזאַ הונגער נאָך יידישער פּאָעזיע, וואָלט מען עס געמעגט באַגריסן ווי אַ דערפרייענדיקע נייעס, הגם דעם גוטן גרוס אַליין וואָלט געווען שווער צו דערקלערן. נאָך אַ גוטע זאַך דאַרף פאַרצייכנט ווערן, אַז די לידער־זאַמלונג איז דורכגעגאַנגען די האַנט פון אַ פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאקטאָר

— הלוואי אויף אַ סך אַנדערע יידישע לידער־ביכער געזאָגט געוואָרן.
היות די לידער זענען „מיט־זיכיקע" שטעל איך זיך פאָר, אַז דער רעדאַקטאָר — דוד ספארד, אַ הויך־אינטעליגענטער יידישער פּובליציסט, קריטיקער און אַליין אויך אַ פּאָעט, האָט דאָ נישט געהאַט וואָס צו טאָן ווי אַ משגיח איבער פּאַרטיי־כשרות, ווי באַלד די לידער האָבן זיך לכתחילה מודה געווען אין פּאָעטישער איינזאַמקייט. מיט אַנדערע ווערטער, מען מעג אָננעמען, אַז די לידער זענען טאַקע פאַרעפנטלעכט געוואָרן אונטער דער ליטעראַרישער השגחה פון איינעם פון די באַקאַנטסטע פאָר־שטייער פון יידישן וואָרט אין פוילן.

אָט־די אַלע פראַגן, גוטע גרוסן און די איבערראַשונג פון דער גרויסער צאָל עקזעמפּלאַרן פאַלן אָבער אינגאַנצן אַוועק, ווען מען עפנט דאָס בוך לידער און מען הויבט־אָן לייענען, ווייל ס׳שווימען־אויף אַנדערע קשיות און אַנדערע איבערראַשונגען, וואָס האָבן שוין צו טאָן מיט דער אָפּגערי־סנקייט פון דאָרטיקן יידישן ליד, נישט נאָר מיט דער פּאָעטישער איינ־זאַמקייט פון דיכטער אַליין, נאָר פון דער פארמשפּטער פאַראיינזאמטקייט פון דאָרטיקן יידישן ליד, וואָס איז איזאָלירט און קלעטערט סאָפּנדיק מיט גרויסע שוועריקייטן באַרג־אַרויף, נישט קאָנענדיק אָנווענדן די אַלע פּאָעטישע קלעטער־פאַרלייכטערונגען, וואָס זענען שוין צושטאַנד געקומען אין אַנדערע לענדער פון דער גרויסער יידיש־אימפּעריע.

די מיינסטע לידער פון אליהו רייזמאַן זענען נאַטור־לידער, אַ צאָל ליבע־לידער און עטלעכע חורבן־לידער. כ׳האָב זיך נאָכגעפרעגט און געוואָלט קריגן אַביסל אינפאָרמאַציע וועגן דעם דיכטער גופא. צום באַדויערן איז דאָס רעדאַקטירטע בוך נישט פאַרזען מיט אַ קליינעם ביאָ־ביבליאָגראַפישן אַריינפיר. לויט דער נישט צו־אויספירלעכער אינפאָר־מאַציע דאַרף דער דיכטער זיין אין די שפּעטע פערציקער און פון פּראָפעסיע — אַ לערער. ס׳הייסט אַ מענטש וועמען דאָס וואָרט דאַרף נישט זיין פרעמד. איז צו באַוואונדערן, ווי ווייניק ווערטער אליהו רייזמאַן דאַרף האָבן פאַר זיינע לידער. נישטאָ אין זיי די מחיהדיקע זאַפטיקייט פון פאָלקס־לשון און ס׳פעלט אין זיי אַוודאי דאָס צעבלעטערטע און צעבליטע יידישע וואָרט. דאָס איז זיכער נישט דעם פּאָעטס שולד, ווייל זיינע לידער זאָגן עדות אויף אַ לאַנגער דערוויטערטקייט פון יידישן ליד און זיין אנטוויקלונג; שלעכט איז וואָס אַ סך לידער ווייזן, אַז דער

פּאָעט איז צו־לאַנג געווען איזאָלירט פון דער יידישער פּאָעזיע, אפשר לענגער ווי ער איז געווען געצוואונגען לויט אומשטענדן, אומגליקלעכע יאָרן און מחמת פּאָליטישער איבערצייגונג.

לידער מוזן נאָך אַלץ געשריבן ווערן מיט אַ מינימום אינספּיראַציע, ביי אונדזער גאַנצער טעכנישער אנטוויקלונג; און כאָטש אינספּיראַציע איז שווער צו דעפינירן, מעג מען זיך איינקן אויף א הנחה אַז אינספּיראַציע איז אַזאַ צושטאנד פון דערהויבונג, וואָס שענקט דעם אמתן פּאָעט אַ רגע־צוויי, ווען ער ווערט מיט אַ קאָפּ (און אפשר מיט אַ האַרץ) העכער און צאַפּלדיקער פון זיך אַליין. אינספּיראַציע מוז ארויסשטעלן דעם פּאָעט צו אייגענער באוואונדערונג, ווייל ער איבעראשט זיך, איידער ער איבעראשט אנדערע.

דאָס איז, דאַכט זיך, דער סימן מובהק פון אַ פּאָעט — אים געלינגט זיך צו איבעראַשן. ביי מרדכי שטריגלערן האָב איך, אין זיין איבעראשנ־דיקער עסייען־זאַמלונג — „שמועסן מיט דער צייט“, געפונען אַ סך וויכטיקע אויספירונגען פון דער דאָזיקער איבעראַשונג, וואָס ביי אים דאַרף זי זיין דער סימן מובהק פון דער „פּאָעזיע“ פון יידישקייט בכלל. אָבער מיר ווילן עס רופן מיטן אַלטן נאָמען — אינספּיראַציע און זאָגן אַזוי פּשוט ווי מעגלעך, אַז לידער מוזן זיין אַביסל מער פון דעם דיכטער, וואָס האָט זיי געשריבן, זיכער נישט אַביסל וויניקער.

אויס איינזעעניש מיטן פּאָעט רייזמאַן ווילן מיר מוזן אָננעמען, אַז ס'איז פאראן אויך אַ פּרימיטיווע אינספּיראַציע, וואָס פאַרקלענערט אַביסל דעם שרייבער און זוכט אים צו פאַרקינדישן. כמעט אַלע זיינע לידער מאַכן דעם איינדרוק פון קינדערישקייט, כאָטש זיי זענען נישט קיין קינדער־לידער, און מען קאָן זיי נישט מעסטן פון שטאנדפּונקט פון קלאַס־צימער.

ס'קאָן זיין אַז אליהו רייזמאַן איז אַריינגעפאַלן אין דער פּאַסטקע פון אַ דורכשניטלעך־אָנגענומענער מיינונג, אַז אינספּירירטע לידער טאָרן בשום אופן נישט קומען פון שכל־קוואַל, נאָר זיי מוזן זיך אַפילו באוואוסטזיניק פאַרקינדישן. כ'האָב נישט לאַנג צוריק געהערט ווי עס האָט אויסגעשריגן איינער, וואָס גילט פאַר אַן אויבער־חכם אויף דער טעלעוויזיע, אַז לידער טאָרן גאָרנישט זאָגן. דאָס איז אַן אַלטער דיקטום, לידער זענען מחויב בלויז צו זיין, זיי זענען געגליכן, הייסט עס, צו זופּ,

מען דאַרף זיי בלויז זען און נישט הערן. דער אויבער־חכם איז אַזוי איבערגעלאָדן מיט חכמה, אַז ווען ער קומט צו אַ ליד, וויל ער אָפּרוען דעם פאַרמאַטערטן טראַכטער און זיך איינוויגן.

אויב כ׳זאָל זאָגן, אַז רייזמאַן האַלט אויך פון דער פרימיטיוויזאַציע פון ליד, וועל איך מוזן גיין אַ טריט ווייטער און דערקלערן, אַז ער איז שוין געגאַנגען אַביסל צו־ווייט, אָדער בעסער געזאָגט צו־נאָענט צו דער פרימיטיוויזאַציע; און דווקא גלויבט זיך מיר קוים, צי דער מידער, היינטצייטיקער יידישער לייענער אין פוילן, מיט אַלץ וואָס איז מיט אים געשען און אַלץ וואָס וועט נאָך מיט אים געשען און אלץ וואָס ער ווינטשט זיך אַז ס׳זאָל מיט אים געשען, כדי ער זאָל ראַטעווען די פאַרבליבענע יאָרן פון זיין לעבן — צי אַזאַ לייענער, איינער פון די 2500 וואָס ווערט געזוכט, דורך דער אָפּטימיסטישער אויפלאַגע, האָט געדולד צו לייענען אַזעלכע איינגערוּאיקטע לידער, וואָס זענען זיכער קלענער און ווייניקער פון פּאָעט וואָס האָט זיי געשריבן.

נישט לאַנג צוריק האָב איך באַקומען אַ פּעקל לידער פון זייער אַ געבילדעטן יידן, אַן אַקאַדעמיקער און אַ וויסנשאַפטסמאַן, וואָס האָבן פאַר מיר אויך אויפגעדעקט דעם אַנגענומענעם איבערגאַנג און צוגאַנג צום ליד. אינספּיראַציע מוז זיין אַ טייל פון יעדער מענטשנס לעבן און זיכער פון אַ מענטשן וואָס איז שעפעריש אין זיין סביבה, אויף זיין שטייגער. ווען עס קומט אָבער צו פּאָעזיע, זוכט אַזאַ מענטש די סימ־לירטע אינספּיראַציע פון קינדישקייט, וואָס דאַרף זיין דער סימן פון אַריינפאַלן אין אַ דיכטערישן טראַנס, אַ לעטאַרגיע וואָס דערלויבט דעם דיכטער צו שאַפן לידעלעך וועגן א טייכעלע, אַ בוים, אַ באַרג, אַ טאָל, אַ גרעזל.

כ׳וואָלט זיכער נישט פאַרלייגט אַזויפיל וועג און פאַרנומען אַזויפיל צייט מיט אליהו רייזמאַנס זאַמלונג לידער, ווען כ׳וואָלט עס נישט באַטראַכט ווי אַ שפּיגל־גרוס פון דער יידישער פּאָעזיע אין פוילן, און ווען כ׳וואָלט נישט געהאַלטן, אַז די פּרימיטיווע הינטערשטעליקייט איז אַ שטראָף, פאַר באַוואוסטזיניקער אָפּזונדערונג פון דער אַלגעמיינער יידישער ליטע־ראַטור. מ׳קאָן דערצו אויך זאָגן, אַז די ספּעציפישע לידער פון אליהו רייזמאַן ווייזן אויך אויף דער דערשראָקנקייט פון דאָרטיקן יידישן פּאָעט, וואָס אַנטלויפט צום „אַליין מיט זיך״, אָבי ער זאָל נישט דאַרפן זאָגן

קיין קלאָר און שאַרף וואָרט. רייזמאַן פאַרזינגט זיין זאַגעוודיקייט, בעת דער פוילישער פּאָעט אין פוילן דערוועגט זיך צו זאָגן אַ קלאָר און שאַרף וואָרט. ווי מיר ווייסן איז דער פוילישער פּאָעט מיט זיינע לידער געווען דער פאָרויסלויפער פון פּראָטעסט און פון פּאַרטיי־רעוויזיאָניזם — אין פוילן. די ערשטע אַנטי־סטאַליניסטישע לידער זענען געשריבן געוואָרן פון פוילישע פּאָעטן אויף פויליש, וואָס זייער אינספּיראַציע, די דערהויבונג איבער זיך אַליין, האָט זיי געגעבן נישט נאָר נייעם דיכטערישן כוח, נאָר אויך מאָראַלישן כוח.

די ציטערדיקע שווייגעוודיקייט פון רייזמאַנס לידער זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מצב־רוח פון דעם ייִדישן ליטעראַט אין פוילן, פאַר זיין שרעקעוודיקייט. נאָך אינטערעסאַנטער איז דאָס, וואָס אין דער אָרעמקייט פון טעכניק און אין דער מאָגערקייט פון וואָרט זענען זיינע לידער — רייזעניסטיש, אָבער רייזען איז געווען איינער פון אונדזערע גרעסטע הומאַניסטישע פּאָעטן, אַ וואַרעמער פאָלקס־ייד, וואָס האָט זיין גאַנצע טועוודיקע ייִדישקייט אַריינגעלייגט אין זיין ליד. ער איז געווען דאָס געוויסן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און ער האָט ריזיקירט, אין די צאַרישע צייטן, מיט צענדליקער אָפענע לידער זיינע, בעת די הייַנטיקע רייזעניסטישע פּאָעטן דערוועגן זיך נישט צו זאָגן קיין הויך וואָרט, און טאָמער זאָגן זיי עפּעס, ווערט דערפון א שעפּטש — צו זיך אַליין אין אַרבל.

דאָס ערשטע ליד אין אליהו רייזמאַנס בוך הייסט „מיין בלומענגאָרטן", און דער פּאָעט דערציילט אונדז, אין די אַכט שורות, אַז ער האָט פאַרפלאַנצט אויף אַ בייט פון זיין גאָרטן אַלערליי בלומען, און די לעצטע צוויי שורות דאַרפן זיין די מאָראַל פון דעם בלומען־פאַבל:

און כאָטש פון באַזונדערע וואָרצלען זיי שטאַמען,
דאָך לעבן זיי אַלע אין פרידן צוזאַמען.

דאָס ליד איז געשריבן אין 1955. אגב, זענען אַלע לידער געשריבן אין די לעצטע פיר־פינף יאָר, כאָטש זיי מאַכן דעם איינדרוק פון פאַרשפּעטיקט — אויף אַ האַלבן יאָרהונדערט.

אביסל וויַיטער קומט אַ ליד וועגן דער „מוזע", און מיר הערן אַזעלכע רייד —

עס מאַכט זיך אַמאָל, ווי פּאַר אַ דיכטער עס פּאַסט,
איך וואַרט אַז די מוזע זאָל קומען צו גאַסט.

„ווי פּאַר אַ דיכטער עס פּאַסט" איז זייער חנעוודיק, אָבער נאָך חנעוודיקער איז דאָס גאַנצע ליד. דער פּאָעט וויל זיך פאַרזוימען אויף פּלאַנעטן, אויף שטערן, „ביז וועגוס פון ליבע וועט אויפהערן טרוימען".

אַביסל שפּעטער קומט אַ ליד פון אַ „זומער־טאָג". און געשען געשעט, אַז

די זון אין מיטן הימל, ווי אַ פּינטל
און דורשטיק זויגט די ערד די ברוסט ביי איר.

מוחל די „זון ווי א פּינטל", ס'איז שוין איינמאָל א פּינטל, אָבער די זויגעניש פון דער ברוסט ווערט דעטאַלירט אין ווייטערדיקע שורות —

פון דער הויך די מילך־שטראַלן שטראָמען —
נאַ דיר, זויג זיך אָן, מיין קינד, צו זאַט.

בכלל זענען די נאַטור־לידער ביי רייזמאַנען מאָדנע זעאונגען. נישט נאָר איז די זון א פּינטל (וואָס גראַמט זיך מיט ווינטל), נאָר ער האָט אַ ליד וועגן דער לבנה און ער רופט די דערגרייכטע לבנה, וואָס אָט־אָט און סאָוויעט־רוסלאַנד וועט דאָרט פאַרפלאַנצן איר פאָן — „הימל־באַלוואַן". באַגין ווערט ביי אים געפּאַרט, נישט דאָ געדאַכט — מיט אַ פליך —

אין ראַנד נעמט זיך בלייכן אַ פליך פון באַגין.

איין ליד האָב איך געפונען אין בוך, וואָס דאַרף שוין יאָ אפשר זיין אַן עכאָ פון אַן אלעגאָריע אויף דער באַפלעקטקייט פון קאָמוניסטישן אידעאַל, אפשר מיינט עס גאָר די ליקווידאַציע פון יידישע שרייבערס אין סאָוויעט־רוסלאַנד, ווער ווייסט? געשריבן איז דאָס ליד אין 1956 און הייסן הייסט דאָס ליד „די רויז" און איזן איז דאָס ליד אַן „אויסערסט" שלעכט ליד —

געשפּראָצט האָט אַ רויז אויפן פעלד,
איך האָב זי מיט ליבע געפלעגט.
באַזוניקט איר ליכט האָט מיין וועלט,
אַרום האָט די לופט זיך צעשמעקט.

**ס׳געשעט אָן אומגליק, אַ האַרבסט פאַרשוועכט די שיינקייט פון דער „איידעלער״ רויז און דער דיכטער שעפּטשעט אַזוי:**

מ׳האָט דיך מיט שווארצקייט באמאָלט,
נאָר דו אין דיין תוך, ביסט נישט שווארץ.
פאַר דיר מיט מיין בלוט כ׳האָב באצאָלט,
איך טראָג דיך — אַ וואונד אין מיין האַרץ.

**אליהו רייזמאנס בוך לידער איז אַן אמתע אנטאָלאָגיע פון ווייזהייטן, וואָס איבעראשן ממש מיט זייער באָבעשקייט —**

ווייס, אז איין מינוט פון העכסטן גליק
קאָן באַדייטן מער אמאָל פון יאָרן.

**אָדער —**

עס דורשט דער מענטש נאָך ליכטיקייט אַ סך,
כדי פון זיך זיין שאָטן צו פארטרייבן.

**און אָט איז אַ גאנצער פערז געשריבן אין 1957 —**

עס איז קיין נייעס נישט, מיין פריינט,
אַזוי איז שוין די וועלט געבויט —
יעדער מאָרגן ווערט אַ היינט,
און נאָכן לעבן קומט דער טויט.

**אויפן טויט פון משה בראָדערזאָן האָט דער דיכטער אליהו רייזמאַן געהאַט א גוטע געלעגנהייט ארויסצולאָזן מער ווי א שעפּטש. אָבער דאָס ליד איז מוראדיק שטום און ס׳דערהויבט זיך צו אַזעלכע נאַדסאָנישע הייכן —**

געפּלאצט האָט אַ סטרונע, פארשטומט איז די פידל געוואָרן,
ווער וועט אַ צווייטע פארציען אויף איר פונדאָסניי?

**פרעגט זיך אַ פראַגע: אויף וואָס האָט אַזאַ בוך באַדאַרפט האָבן אַ רעדאַקטאָר. וואָס האָט שוין דאָ אַ רעדאַקטאָר געקאָנט אויפטאָן? פרעגט זיך נאָך אַ פראַגע: צי דאָס איז טאַקע דער שענסטער און פרישסטער גרוס פון דער איצטיקער יידישער פּאָעזיע אין פּוילן? כ׳האָב געלייענט אַ סך אינטערעסאנטע, שטרענגע און שטראָפּערישע אַרטיקלען וועגן**

ליטעראַטור, אין וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע". זענען די לידער פון בוך — „אַליין מיט זיך", אַ רעזולטאַט פון די ליטעראַרישע רעוויזיעס?

און נאָך א קשיה מוז איך פרעגן: צי קאָן אַן אינטעליגענטער מענטש לייענען זיינס אן אייגן ליד, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין 1958, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט אַזעלכע טיפּזיניקע שורות?

אַ צווייטער מאָרגן אויף דיין אָרט וועט קומען,
אַ ליכטיקער,
נאָר דו, מיין טאָג, מיין היינטיקער,
וועסט מער נישט זיין.

1960

## סאַלאָמאָן קאַהאַנס פאַרצייכענונגען

אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט אין מעקסיקע האָט אַרויסגעגעבן סאַלאָמאָן קאהאנס געזאמלטע אָפּהאַנדלונגען — עסייען, אַרטיקלען און קאָמענטאַרן — אַ בוך פון קרוב 400 זייטן, צו דעם 65־טן געבוירנטאָג פון דעם אָנגעזעענעם פּובליציסט און מוזיקאָלאָג.

סאַלאָמאָן קאַהאַן וואוינט שוין און איז אַקטיוו אין יידישן מעקסיקאַנישן לעבן אַרום פערציק יאָר, אָבער זיין ערשט בוך האָט ער אַרויסגעגעבן אין 1945. ער איז אויך דער מחבר פון אַ ריי ביכער אויף שפּאַניש, פיר פון זיי וועגן מוזיק. מיט זיינע מיינונגען וועגן מוזיק רעכנט מען זיך שטאַרק אין די גאָר הויכע פענצטער. ער איז באַקאַנט ווי איינער פון די איינפלוסרייכסטע מוזיק־קריטיקערס, נישט נאָר אין מעקסיקע, נאָר אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער איז דער דיקטירער פון מוזיקאַלישער מבינות און ווירטואָזן האַלטן אַ באַזאָרגט אויג אויף אים, ווען ער זיצט אין זאַל בעת זיי שפּילן. קאַהאַן איז נישט נאָר אַ שאַצער אין מוזיק, נאָר אַן איבערשאַצער, שטרענג צו גאָר אַ סך נעמען און רעפּוטאַציעס.

איז האָבן מיר דערפאַר פאַר זיך אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג — אַ שטרענגער, שטראָפערישער פּובליציסט, מיט א שטעל און מיט שטאַרקע

פּאַדערונגען. אַ שטרענגער און שאַרפער מוזיק־קריטיקער, וועמען מען נעמט טאַקע ערנסט, ווייל מען הערט אין זיינע מיינונגען די באַציאונג פון אַ מענטשן מיט אַ היסטאָריש־מוזיקאַלישן בליק. אָבער אַז ס׳קומט צו יידישער ליטעראַטור, צו יידישע שרייבערס, צו יידישע ביכער, צו אייגענע חברים, ווערט ער אַן אַנדערער סאלאָמאָן קאַהאַן: אַ גוטער, ווייכער, מידת הרחמימדיקער שעצער און איבערשעצער כמעט פון אַלץ וואָס דערשיינט מיט יידישע אותיות.

ס׳איז אפשר אַ הויכע מדרגה און אַ גוטע מידה, און איך בין אַוודאי נישט גרייט צו משפּטן קאַהאַנען פאַר זיין אומגעווײנלעכער גוטסקייט און צוגעלאָזנקייט צום יידישן וואָרט. אפשר קומט עס ביי אים, דעם גרויסן יידיש־ליבהאָבער פון אַ געפיל אַז מען טאָר אויף אַ יידישן שרייבער נישט אָנשרייען, אַז מען טאָר זיך חלילה נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ הויך און שטרענג וואָרט. ווער ווייסט פון וואָסערע רחמנות־קוואַלן ס׳שטראָמט־אַרויס ביי קאַהאַנען זיין אומגעווײנלעכע פילאַנטראָפּיע צום יידישן בוך. אָבער איין זאַך איז זיכער — ס׳איז אַ גרויסער חילוק צווישן קאַהאַנען דעם כלל־מענטש, דעם פּאָדערער און מאָנער; קאַהאַנען דעם מוזיק־שופט, און קאַהאַנען דעם יידישן ליטעראַטור־קריטיקער.

קאַהאַן איז אַ ביז גאָר באַהאַוונטער מענטש. ער איז אַן „אַריינגייער" אין פרעמדע ליטעראַטורן. ער באַהערשט עטלעכע שפּראַכן, אויף דריי שרייבט ער — שפּאַניש, יידיש און ענגליש. מיר דאַכט זיך אַז ער שרייבט אויך רוסיש. ער קען די ליטעראַטורן פון פאַרשידענע פעלקער און ער ווייסט ווי עס שטייט דער קורס פון פאַרשידענע שרייבערס, ווען דער קורס בייט זיך, ווען די ספּעקולאַציעס שטייגן, ווערן אַרויפגעשרויפט, און ווען זיי ברעכן דעם קאָפּ. נאָר אַז ער קומט צו יידישער ליטעראַטור פאַרוואַרפט ער די אַלע געלערנטע מאָסן און ער קומט בלויז מיט — גוטסקייט.

גוטסקייט איז אַוודאי אַ הויכע מדרגה, און ווען מען לייענט קאהאנס באַזונדערע אַרטיקלען אין דער צייטונג, בענטשט מען אים פאַר דעם אופן, ווי ס׳געלינגט אים צו באַזינגען אַ יידיש בוך, אָדער אַ יידישן שרייבער. ס׳דאַכט זיך, אַז ווען ס׳ווערט אַ יידישן שרייבער ביטער אויפן האַרצן און גוט אָנגעזאָלצן, ווען ער דערשפּירט זיך איינזאַם, דאַרף ער בלויז שיקן זיין בוך סאלאָמאָן קאהאנען און עס וועט גלייך דערהויבן ווערן. קאַהאַן פאַר־מאָגט דעם גרעסטן לויב־לעקסיקאָן פון אַלע יידישע שרייבערס. ס׳איז

ווי ער וואָלט איבערגעקערט אַלע זיינע שטראָף־רייד אויף דער רעכטער זייט און ס׳נעמט שפּרודלען מיט פריינטשאַפט און ווייכהאַרציקייט.

אויב מען וויל דווקא זוכן פאַר קאַהאַנען אַ טאַטן, אַ פאָרגייער פאַר זיין סאָרט קריטיק, מוז מען צוריקגיין צו דעם גרויסן מלמד זכותניק — אברהם רייזען, ביי וועמען יידישע ליטעראַטור איז פאַר זיך אַליין געווען די בעסטע סחורה און אַלע שרייבערס זענען געווען געניאַל. קאַהאַן האָט אַן אויסדרוק „פאַר עקסעלאַנס״, וואָס ער חזרט איבער זייער אַ סך מאָל און ער הענגט עס אָן אויף די פּלייצעס פון גאָר אַ סך שרייבערס. דאָס איז כמעט דאָס זעלביקע ווי געניאַל. אָבער בעת מען האָט רייזענען געקאָנט אַ קאָמפּעטשקע פאַרדעכטיקן, אַז ער האָט געוואָלט אויסמושטרירן אַן אַרמיי פון אויסגעגלייכטע און אויסגעפּלאַטשיקטע גאונים, וואָס איבער זיי האָט געהערשט דער גענעראַליסימאָ אברהם רייזען, איינער אַליין, אָן אַ גלייכן, קאָן מען אָבער קאַהאַנען אין גאָרנישט פאַרדעכטיקן. ער האָט זיכער נישט קיין גענעראַלסקע אַמביציעס אין דער שעפערישער ליטעראַטור. דערפאַר איז זיין אינפלאַציע־גוטסקייט אָן שום פניות. פשוט, ווען סאַלאָמאָן קאַהאַן עפנט אַ יידיש בוך, ווערט ער גלייך דער גוטער דאַנקבאַרער פעטער, וואָס האַלט אַז אַלץ איז גרויס און איז ווערט געגרויסט צו ווערן.

ס׳איז זיכער אַ געוויסער הומאַניזם. אַנדערש קאָן מען נישט פאַר־טייטשן די אַבסאָלוטע פאַרוואַנדלונג, די צוויי נשמות אין איין גוף. אפשר איז עס אַקוראַט אַזוי, אַז בלויז די וואָס לאָדן־אויס זייער גאַנצע שטרענגשאַפט ערגעץ אַנדערש, אויף אַנדערע געביטן, קאָנען זיין דורכאויס גוט און פול מיט רחמנות, ווען זיי קומען צום יידישן שרייבער.

סאַלאָמאָן קאַהאַנס בוך באַשטייט פון אַ צאָל אָפּטיילונגען, וואָס זאָגן־עדות אויף זיין ברייטן אינטערעס אין אַלץ וואָס דאַרף אינטערעסירן אַ יידישן קולטור־מענטש. אין איין אָפּטיילונג איז אומדירעקט פאַראַן דער מוזיק־קריטיקער, וואָס קומט מיטן אויער צום גערעדטן יידישן וואָרט. דאָס איז די אָפּטיילונג — „אויף דער רעדנער־טריבונע״. דאָס זענען אפשר די איינציקע אָפּהאַנדלונגען וועגן רעדנעריי אויף יידיש, מיט אַזאַ ברייטער און ספּעציאַליזירטער אויפמערקזאַמקייט, און זיי זענען לויט מיין מיינונג די אינטערעסאַנטסטע פאַרצייכענונגען אין גאַנצן בוך.

קאַהאַן אַנאַליזירט די רעדנער־קונסט, בעסער געזאָגט, די „נישט־רעדנערישקייט״ פון גאָלדע מאיר. אָט ווי סאַלאָמאָן קאַהאַן רעזומירט

גאָלדעס רעדנערישן איינפלוס: „פריי פון יעדער רעדנערישער קינסט־לעכקייט, באַזיצט גאָלדע מאיר די גאָר זעלטענע קינסטלערישקייט פון אַ רעדנערין פון העכסטן ראַנג, פאַרקערפּערנדיק מיט זיך אַ גלענצנדיקע קאָמבינאַציע פון צוציענדיקער אינטימיטעט, פון עטישן פּאַטאָס, פון שיינעם ליטעראַרישן אויסדרוק, וועלכער גייט האַנט אין האַנט מיט אין דורות וואָרצלענדיקער פאָלקסטימלעכקייט".

דער צווייטער רעדנער־פּאָרטרעט איז פון נחום גאָלדמאַן. קאַהאַן איז אַ מבין אויף די אַלע זיבן זאַכן, די רעדנערישע מעלות פון זשעסט און שטים־רעגיסטער. „ד״ר גאָלדמאַנס רעדן איז מייסטנס אָוואַל, נישטאָ אין אים קיין שום זיגזאַגן, און די איבערגאַנגען זענען לייכט און ראַפינירט־עלעגאַנט".

אַ דריט רעדנער־געשטאַלט איז זרובבל. אין אים געפינט סאָלאָמאָן קאַהאַן „עטישן פּאַטאָס" פון רעדנער־קונסט. אַרום דער רעדנעריי פון דוב ביעגון צערעדט זיך קאַהאַן וועגן מעלות פון שטימע, מאָדולאַציע און זשעסטיקולאַציע. קאַהאַן דער מוזיקער האָט אַ בעסערן און געניטערן צוגאַנג צום רעדנער ווי צום בוך. ער נעמט דעם רעדנער אויף מיט די אויערן און מיט די אויגן, וואָס זעען דעם ווירטואָז אויף דער פּלאַטפאָרמע. ער ווייסט וואָס איז אזוינס „אַריסטאָקראַטישע עקאָנאָמישקייט" און „איינ־דרוקספולע האַנט־באַוועגונגען".

אינטערעסאַנט איז דער רעדנער־פּאָרטרעט פון מינקאָוו, אַ גאָר אַנדער שטייגער רעדנער — אַן „אַקאַדעמישער לעקטאָר". אַ רעדנער איז פאַר קאַהאַנען אַן אויסזינגער פון רייד און דערפאַר קאָן ער אַזוי שרייבן וועגן דעם אָראַטאָר: „ס׳איז געוווג אַן עטוואָס שטאַרקערע וויבריי־רונג פון דער שטימע, אַז אָט־די איינגעפּרעסטע עמאָציע זאָל זיך מאַכן פילבאַר. אין די ראַמען פון „פּיאַנאָ" אָדער העכסטנס „מעצאָ־פאָרטע", קאָן ער אויסדריקן די גאנצע גאַמע פון געפיל־ניואַנסן".

די דאָזיקע שטאַרקע פאַראינטערעסירטקייט מיטן רעדנער און לעקטאָר נעמט זיך, ווי געזאָגט, פון קאַהאנס מוזיקאַלישע קענטענישן און אויך פון דעם פאַקט וואָס ער, סאָלאָמאָן קאַהאַן אַליין, איז בטבע א רעדנער אין זיין שרייבן.

אים פעלן נישט קיין ווערטער און דאָס איז אַמאָל אַ חסרון. דאָס איז אפשר דער הויפּט־חילוק צווישן רעדנעריי און שרייבעריי. אַ רעדנע־

רישן שרייבער קומט־אָן דאָס וואָרט אַ סך גרינגער, ווי דעם שרייבערישן שרייבער. אַ רעדנער טאָר נישט לאַנג בלייבן שטיין, וואַרטן אויפן ריכטיקן וואָרט און שאַפן לאַנגע פּויזעס; ער מוז אָננעמען די רעדנעריי וואָס ווערט אים צוגעשיקט אויפן מאָמענט. אַ נישט־רעדנערישער שרייבער קאָן ביי זיך פּועלן צוריקצואוויינזן אונטערגעשיקטע און אָנגעפלויגענע גרייטע ווערטער. אדרבא, וואָס גרייטער, אַלץ פאַרזיכטיקער ווערט ער מיט דעם אונטער־שיקעניש. ער וויל זיך בעסער דערשטאַמלען, דערגראָבן צום ריכטיקן וואָרט.

צו די בעסערע אָפּהאַנדלונגען אין בוך געהערן אויך די אַרטיקלען וועגן שלום עליכמען — און וועגן ניגערן. אין דעם עסיי „טוביה של מעלה" איז בולט די קאָמבינאַציע פון קאַהאַנען דעם רעדנער און שרייבער. „דיין אויסער־לעכקייט", רעדנערט קאַהאַן צו טביהן, „שאַפט אין מיר אַ הייטערע שטימונג און גאָר אָפּט עסטעטישן גענוס; דיין אינערלעך וועזן, וואָס איך טו שטענדיק באוואונדערן, פילט מיך אין געוויסע מאָמענטן אָן מיט אַנטציקונג, וואָס פאַר־וואנדלט זיך גאָרנישט זעלטן אין ערפורכט".

ווען עס קומט צו באַזונדערע געשטאַלטן אין דער יידישער ליטעראַטור איז קאַהאַן פארשווענדעריש, און ער וואַרפט לויב־געזאַנגען, אַז ס'איז שווער אויסצוטיילן די געציילטע ווען ער האָט שטאַרק ליב און ווען נאָך שטאַר־קער. די יידישע ליטעראַטור קאָן אויסהאַלטן קריטיק און קאַהאַן וואָלט זי געמעגט באַהאַנדלען מיט אַ טייל פון דער שטרענגשאַפט, וואָס איז דער שטאַרקער עלעמענט פון זיין פּובליציסטיק. מען קאָן נישט האָבן אַזויפיל ליטעראַרישע פעטערס, שוואָגערס, ברידער, שוועסטער, שוועסטער־קינדער, אַ קיין עין־הרע רייכע משפּחה און אַלעמען גלייך ליב האָבן.

דאָרט וואו די ליבשאַפט איז אויפן ריכטיקן אָרט, געלינגט סאלאָמאָן קאַהאַנען צו שרייבן אַזוי, אַז זיינע מיינונגען און מבינותן זאָלן זיך איבערגעבן דעם לייענער. אַפילו זיין היפּערבאַלישער סטיל ווערט אביסל געצאַמטער און רעדנעריש־עקאָנאָמישער. זיינע אַרטיקלען וועגן יצחק בערלינערן זענען ביישפּילן פון קאהאנס בעסערער עסייאיסטיק אין בוך.

אינטערעסאַנט זענען זיינע מעקסיקאנישע סילועטן, וועגן אַ באַרימטן מעקסיקאנער הומאניסט, וועגן א מעקסיקאנער פילאָזאָף און וועגן דעם גרויסן ליבעראַל כאָזע וואַסקאָנסעלאָס, וואָס איז אויף דער עלטער געוואָרן אַ פאַשיסט.

ווי אַלע לאַטיין־אַמעריקאַנער האָט סאַלאָמאָן קאַהאַן גרויס אַפּשיי פֿאַר דער דעקלאַמאַטאָרישער קונסט. ער צעזינגט זיך ווען דער ייִדיש־שפּאַנישער דעקלאַמאַטאָרין — בערטאַ זינגערמאַן. „איר וואונדערלעך בויגזאַמע שטימע, וואָס אָט דאַכט זיך אַז ס׳זינגט א וויאָלאָנטשעל, אָט איז זי אַ פֿידל און אָט גאָר די נידעריקע טענער פֿון אַ קאָנטראַבאַס".

דאָס איז אויך אַ מין זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק פֿון דעם שרייבער סאַלאָמאָן קאַהאַן, וואָס האָט אין זיך קולטיווירט אַ „לאַטיינישן" טעמפּע־ראַמענט. ער איז דורך און דורך מוזיק־באַגייסטערט. ער איז רעדנעריש אין זיין שרייבן, דעקלאַמאַטאָריש אין זיינע אויסרופֿן. מוסטערן דערפֿון געפֿינט מען אין צענדליקער „פּאָרצייכענונגען" פֿון זיין בוך.

כמעט אַלע אַרטיקלען גיבן דעם איינדרוק פֿון א קאמערטאָן אָנגע־שפּיצט און גרייט אויף פֿייערלעכקייט, ווי מען וואָלט דעם מחבר פֿון בוך כסדר פֿאַרבעטן אויף ימים טובים און ער וואָלט תמיד געווען אין אַ יום־טוב־קלעם, אויב מ׳קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, ווען מען טאָר זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ שאַרף וואָרט. ס׳פֿעלט קאַהאַנס פּובליציסטיש וואָרט, וואָס זאָל אַמאָל אויפֿרייסן די באַנקעט־שטימונג אַרום דער ייִדישער ליטעראַטור, ווי זיין קול רייסט גאַנץ אָפֿט אויף די געמיטלעכקייט אין ישוב מעקסיקע.

1961

## מנשה האַלפּערינס זקונים־לידער

מנשה האַלפּערן, דער עלטסטער ייִדישער שרייבער, וואָס איז געשטאָרבן אין עלטער פֿון 88 יאָר אין בראַזיל, האָט געהאַט מזל זיך איינצושאַפֿן אַ ביאָגראַפֿיע, וואָס האָט אפשר נישט קיין גלייכן אין דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור. אמת, אין פּרט פֿון אויסטערלישקייט, האָט אים ווייט איבערגעשטיגן דער ייִדישער שרייבער יעקב פֿסנתר, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין רומעניע, און אין זיינע אַכציק יאָר — ער איז געשטאָרבן אין 1900 — האָט ער אַריינגעכאַפּט אַ ביאָגראַפֿיע, וואָס

איז געווען אַזוינס און אַזעלכעס. ער האָט אַ לאַנגע צייט געלעבט צווישן ציגיינער־מוזיקאַנטן און אַפילו כמעט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייד, און ער שרייבט וועגן זיך, אין אַ לאַנג־פאַרגעסענעם טייטשמעריש, אַז ער האָט — „איניגע דרייסיג יאָרע גילעבט צווישן איין נידערטרעכטיג פאָלק, צווישן ציגיינער מוזיקאַנטן, די וואָרן דאַמאַלס אייביגע שקלאַוון ביי די באָיאַרן". פּסנתר איז געווען אַ צימבלער און ער האָט, אַ דאַנק זיין וואַנדער־פּרנסה, אַ סך דורכגעלעבט און עס דערציילט אין אַ געשיכטע פון יידן אין רומעניע.

מנשה האַלפּערן האָט נישט „אויפגעקליבן" אַזאַ עקזאָטישע ביאָגראַפיע, ווי דער צימבלער פּסנתר, אָבער ער האָט געהאַט מזל דורכצושפּאַנען אין משך פון זיין לאַנג לעבן די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, אין פּערזענלעכע קאָנטאַקטן מיט אירע שעפערס. ער האָט זיך פּאַקטיש מיט אַלעמען באַגעגנט, ער איז אומעטום אויסגעוואַקסן, ער האָט זיך גע־טראָפן מיט שמ"רן און מיט זיין אומגערעכטן (ווי ער האָט געהאַלטן) אַרונטעררייסער — שלום־עליכם. ער האָט זיך באַקענט מיט יעקב גאָר־דינען, צונזערן, געשיקט זיינע זאַכן פּרצן, געקענט פּערזענלעך די העב־רעאישע השכלה־שרייבערס — אַברהם בער גאָטלאָבער, לינעצקי, משה לייב לילינבלום, באַפריינדעט זיך מיט נחום סאָקאָלאָוון, סלאָנימסקי, און נאָך אַנדערע באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן פון יענע אויפשפּראָץ־יאָרן אין דער נייער יידישער און לעבעדיקער העברעאישער ליטעראַטור. ער האָט אַפילו געזען דעם לייב פון דער אויפגעלעבטער העברעאישער ליטע־ראַטור — יהודה לייב גאָרדאָן.

טאָמער האָט האַלפּערן נאָך געהאַט ווייניק ביאָגראַפיע, בעסער גע־זאָגט — ביאָגראַפיעס, וואַקסט ער אויס אין מאָסקווע, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, און ער ווערט גאָר אַ חבר פון דאָברושין, האָפּשטיין, קושני־ראָוו, דער נסתר, משה בראָדערזאָן, דניאל טשאַרני, און אין דער יונגער אויפלעבונג פון אַ נייעם צווייג אין דער יידישער ליטעראַטור, איז גראָד מנשה האַלפּערן, דער וואָס האָט געטראָגן אויף זיך די דערמאָנונגען פון שמ"רן און יהודה לייב גאָרדאָן, געוואָרן דער פּאָרזיצער פון יידישן שרייבער־קרייז אין מאָסקווע.

זיין ביאָגראַפיע, אָדער פּערזענלעכע אַנטאָלאָגיע פון ביאָגראַפיעס, האָט זיך „באַרואיקט" אין 1926, ווען ער איז אין עלטער פון 55 יאָר

געקומען קיין בראַזיל, אָבער דורך די אייראָפּעאישע פינף און פופציק יאָר, מיט אַ קליינעם איבעררייס פון אַריינכאַפּן זיך קיין אַמעריקע, האָט ער אָנגעזאַמלט אַ לעבן פול מיט איינדרוקן, באַגעגענישן, געשעענישן און באַקאַנטשאַפטן. דער אַלטער שרייבער, וואָס האָט אין ריאָ דע זשאַ־נעירא אַרויסגעגעבן, אין 1934, אַ בוך דערציילונגען, און איז געווען באַקאַנט ווי אַ גוטער צייטונג־פּאָליטעטאַניסט, האָט פּלוצים אַלעמען איבעראַשט מיט זיין בוך זכרונות — „פּאַרמעטן" וואָס איז דערשינען אין 1952. איך האָב בשעתו געשריבן וועגן דעם בוך, וואָס איז באמת אַ קולטור־געשיכטלעכער אוצר, טיילווייז מחמת מנשה האַלפּערינס קאָלאָסאַלן זכרון, אָבער דער עיקר ווייל זיין זכרון איז געווען אַ שעפערישער. ער האָט געוואוסט וואָס אויפצוהאַלטן און וואָס אָפּצוקלייבן, אין אַ פּאַראַד פון לעבעדיקע געשעענישן, לעבעדיקן שטייגער און מיט לעבעדיק לשון, ס'איז אַ בוך, אַ כל־בו, און אַ צושטייער צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור און יידישן וואָרט.

מיר איז אָבער נישט איינגעפאַלן, אַז מנשה האַלפּערן, דער עושר פון געזעצטע דערפאַרונגען, האָט טאַקע געהאַט אַן אמתע תשוקה צו שרייבן יונגע לידער. אַוודאי האָב איך פאַרדעכטיקט, אַז ער האָט געשריבן גראַמען. אין מאָסקווע איז אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן דערשינען מנשה האַלפּערנס אַ זאַמלונג לידער. אָבער אַז ער האָט ערנסט געהלומט צוריקצוקומען צום ליד, דורך דעם געטומל פון זיינע אַלע ביאָגראַפּיעס, האָב איך נישט געוואוסט.

אָבער אָט איז עס — דער זקן הסופרים האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער אין 1959. דאָס בוך איז דערשינען אין סאַן פּאַולאָ. מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט עס שוין נישט זוכה געווען צו האַלטן אין דער האַנט. כ'זאָג נישט — זען מיט די אייגענע אויגן, ווייל די ראיה האָט אים שוין סייווי נישט געדינט. ווען איך בין פאַראַיאָרן געווען אין סאַן פּאַולאָ האָט ער, פון מושב זקנים, וואו ער האָט די לעצטע עטלעכע יאָרן געלעבט, מיר צוגעשיקט אַ פערזענלעכע באַגריסונג, וואָס ער האָט דיקטירט. אָבער צו זיין בוך לידער האָט ער נאָך באַוויזן, אין 1958, צו שרייבן אַן הקדמה, וואָס ער האָט גערופן „ביאָגראַפּיע פון לידער". אַפילו לידער זענען ביי אים אין תוך געווען — ביאָגראַפּיע. אין זיין הקדמה דערציילט ער, אַז ס'איז אים מיט די לידער כסדר געגאַנגען שלים־שלימזל. ער האָט

נישט זוכה געווען צו זען זיינע לידער געדרוקט, ס׳איז קיינמאָל צושטאַנד נישט געקומען, אַחוץ דאָס איינציקע ביכל לידער פון מאָסקווע, „זילבער־האָר״, וואָס האָט זיך על־פי־נס אָפּגעזוכט גראָד אין בראַזיל.

מנשה האַלפּערן פאַרענדיקט זיין הקדמה, אַז מיטגעבראַכט האָט ער אַביסל לידער פון מאָסקווע, וואָס די יידישע צענזור האָט „געכשרט צום אַרויסלאָזן פון רוסלאַנד״. אָבער ער האָט אויך געשריבן נייע לידער.

„אין די שפּעטערדיקע צייטן האָט מיך צייטנווייז אַ שטויס געטאָן דער דראַנג צום שאַפן, און אַזוי אַרום זענען געקומען צום לעבן נייע לידער, איך האָב זיי באַטראַכט ווי בני זקונים, קינדער, וואָס ווערן געבוירן אין דער עלטער, אַ ווילן וואָס האָט אינעם צוג פון מיין עקזיס־טענץ אַ פּלאַטער געטאָן וועגן־ניט־וועגן קומען צו קיום״.

און מנשה האַלפּערן פאַרענדיקט די „ביאָגראַפיע״ פון זיינע לידער מיט דעם פריידיקן אויסרוף — „מיינע לידער דרוקן זיך״.

כ׳האָב זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף דעם לעצטן קאַפּיטל אין מנשה האַלפּערנס לידער־ביאָגראַפיע, ווייל פאַר מיר איז דער דאָזיקער סוף־פּסוק פון דעם עלטסטן געדענקער פון אונדזערע ליטעראַרישע „אישים״, זיין צוריקקום צו לידער, פּונקט אַזאַ אינטערעסאַנט קאַפּיטל אין לעבן פון מנשה האַלפּערן, ווי אַלץ וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין זיינע זכרונות, די „פּאַרמעטן״, ווי ער האָט גערופן זיין אויטאָביאָגראַפיש ווערק.

אַ חוץ דעם מחברס הקדמה פאַרמאָגט דאָס בוך גאַנצע צוויי אַריינ־פירן, אַ „ליטעראַרישער סילועט״, געשריבן פון דעם קריטיקער מאיר קוטשינסקי און אַ „פּסיכאָלאָגישער פּאַרזוך״ פון ד״ר בערנאַרדאָ האָף.ביידע שרייבערס וואוינען אין בראַזיל. קוטשינסקי שטעלט זיך אָפּ אויף האַלפּערנס לידער און ער באַוואָרנט זיך און אַנדערע, אַז מען דאַרף — „נישט צוגיין צו אָט־דער זאַמלונג מיט דער געוויינלעכער קאָנווענציאָנעל־ליטעראַרישער מאָס. מנשהס לידער זענען שאַגאַליש, די אברים פליען אַוועק פון גראַוויטעט־צענטער״. ד״ר בערנאַרדאָ האָף וואָרנט קעגן אַן אַנדער שטרויכלונג, אין דעם צוגאַנג צו האַלפּערנס לידער: „עס פעלט ביי אַ גרויסער צאָל לידער די דאַטע פון זייער יצירה. עס איז דעריבער מער נישט מעגלעך נאָכצופאָלגן כראָנאָלאָגיש דעם דיכטערס אינערלעכן אַנטוויקלונג־וועג״.

דאָס בוך לידער איז איינגעטיילט אין אַכט סעריעס. פֿאַראַן אין בוך אַ סך אומגעראַטענע לידער־אַנוואורפֿן, אָבער כמעט אין יעדן ליד איז דאָ אַן אויפֿבליץ פֿון אַ שורה, וואָס ווייזט, אַז מנשה האַלפּערן, דער פֿאַרטיידיקער פֿון שמרן, וואָס האָט נאָך אַליין געשעפּט תענוג פֿון שמרס ראָמאַנען, האָט דווקא געזוכט אייגנאַרטיקן אויסדרוק. דאָ און דאָרט געפֿינט מען בטלנותדיקע שורות, אָבער מען ווערט גראָד איבערראַשט וואָס ס'איז פֿאַראַן אַזוי ווייניק שימל אין האַלפּערנס לידער. מ'קאָן אפֿשר אין בוך נישט געפֿינען קיין סך גאַנצע לידער, אָבער אומעטום זעט מען, אַז מנשה האַלפּערן האָט זיך געריסן אַנדערש צו שטעלן דעם טראָט פֿון זיין פֿערז און זיך אַפֿילו איינצושאַפֿן אַן אַנדערע פּאָעטישע לעקסיק.

ס'איז קלאָר, אַז אויף אים האָבן שפּראַכלעך געהאַט אַ השפּעה די מאָסקווער פּאָעטן. אין זיין ערשט ליד אין בוך זאָגט ער אונדז גלייך, אַז —

אַרכיוון פֿאַרלעגענע
פֿון העט וועלכע צייטן,
ניט זיינען מער ניחא,
מצבות נאָך שטרייטן.
פֿאַרוואָרט די נבואה:
טראַקטאָרן פֿון שווערדן
אַקערן ערד,
רייך שפּראָצן זאַנגען,
וואויל צו דיר, שייער.

„פֿאַרוואָרט די נבואה" און די „טראַקטאָרן פֿון שווערדן", דאָס זענען אַלץ נייע ווערטער און נייע באַגריפֿן. האַלפּערנען האָט שטאַרק געצויגן צו דעם. מנשה האַלפּערן זינגט אויך זייער אָפּט פֿון זיינע אייגענע לידער —

ווי שטויב באַרעגנטער
וועט מיין ליד די וואַנדער־שכנים דערגרייכן,
זיי גלויביק פֿאַרתהלימען.
איך בין צופֿרידן.

דאָס גאַנצע ליד איז ניט געראָטן, אָבער דער אימפּולס איז אַ פּאָע־טישער און ווידער זעען מיר, אַז דער אַמאָליקער שמר־לייענער שמידט לשון.

**אין ווין, אין 1925, האָט ער אין איינס פון זיינע צייט־באַצייכנטע לידער געזונגען צום פאָלק ישראל —**

ביי דיר וועל איך אַ גאַסט אויף שמחה זיין,
אין דיין געציר ווערט פלאָג מיר ליב,
און יידיש טראָג איך אים.

**אין 1925 האָט האַלפערן שוין געהאַט אַ חוש פאַר אַזאַ מאָדערניזירט טייטש־חומש־וואָרט, ווי — „געציר". און אין מאָסקווע, אין 1920, האָט ער בחוש הנבואה געזונגען —**

דו, קיינמאָל די קראַפט וועסט פאַרמעגן,
צו טייטן מיין גייסטיק געביין.

**טאַקע בפירוש „טייטן", און ער זאָגט פאַראויס, אַן גייסטיקער מורא —**

און וועסט מיט האַמערס מיך שלאָגן,
וועט שטויב ווערן שטיין.

**האַלפערן האָט פאַרמאָגט אַ סך וואָרט־קראַפט און ער איז געווען זאַגעוודיק אין זיין ליד. ער האָט נישט ליב געהאַט קיין ליריש שמאַלץ. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן זין פאַר צייט.**

מינען טראַסקען, טאַנקען רויען,
לצים הוליען, שדים וואָיען —
אַי, אַי, אַי,
אשמדאי.
זעסטו, גאָט, וואָס דיר איז מענטש?
ניט כדאי געווען דיין בענטש.

**און אָט איז גלאַט אַ קלוגע פאַרצייכענונג —**

טאָג נעמט אַרונטער זיין שילד,
שליסט צו דאָס קרעמל,
און פלאַמט אָן אַ פּאָרל שטערנדלעך.
נאַכט שטעלט זיך קאַכן וועטשערע,
זי, נעבעך, רעדט שוין ניט,
ווייסט דעם טאָגס גענאַר

און טראַכט אין זיך:
אַ קרענק אויף אים, דעם שאַרלאַטאַן.
קומען וועט ער אינדערפרי
מיט אַ זון און אַ נייעם בראַנד.

ס'איז צו זען אַז מנשה האַלפּערן האָט הנאה געהאַט צו קנעטן דאָס ייִדישע לשון. ער האָט געוואוסט, אַז אַ סימן פון ליד איז אויך דעם פּאָעטס ציען זיך צום ליכט פון דער שפּראַך, וואָס מיט איר צינדט ער אָן זיינע שורות. האַלפּערן לויפט אַוועק אין פעלד און ער גופא ווערט — „פעלדיק". ער ווערט גרין און ער בליט און ער טוט אָפּ דער שטאָט „אַ שפּיצל", ער טוט אָן אַ גרין מיצל.

אָבער מנשה האַלפּערן האָט געקאָנט אַריינשפּריצן ליריק דווקא אין זיין קרעפּטיקער סאַטירע. ער האָט אָבער תמיד גערייניקט זיינע לידער פון קלעפּיקער סענטימענטאַליטעט.

איך גיין אייך ניט ווערים
דאָס לייב מיינס,
וואָס מאַמעלע ווענס האָט צעקושט
מיט תהילימדיקע ליפּן.
איך גיין אייך ניט ווערים
מיין מוח, פון אונטערן של ראש,
וואָס ראַטעווען געמיינט האָט
אַ וועלט מיט אחד.

ס'איז צו באַוואונדערן ווי ס'האָט דעם זקן געצויגן אָפּט צום שמועס־ריטם, פון פרייען פערז.

צו מיר זיינען אַכציק האַרבסטן דערגאַנגען
און אַלץ נאָך גאַרט אין מיר אַ פרילינג.
אים לכבוד לאָז איך לויפן
מיינע פינגערשנעקן איבער קלאַווישן פון יאָרן,
שפּילנדיק מיין הימן צום זיין.

נישט שלעכט פאַר אַן אַלטן אכציק־יאָריקן פּאָעט. זיינע „פינגער־שנעקן" האָבן אים נאָך גוט געדינט.

**מנשה האַלפּערן האָט אַ צאָל לידער פון עלטער, פון מאַכן שלום מיט עלטער, אָדער פון וועלן איבערגעוועלטיקן די אַלטע יאָרן.**

ווי גאַרב געדראָשן
שפּיר אין מיר פלאָם,
ווער דערלאָזט ניט צום לעשן.
צומאָל מיט ווײ
איך גײ צום בוים מיט צווײַגן.
איך קלער: ניט שטײַגן.
פּלוצעם עפּעס
געוואַלטיקט אין מיר אַ שפּילעכל,
פון מיר גופא פאַרבאָטנס,
איך טרעט אַליין איבער זיך,
שוואַך דערהער איך מײַן באַגער:
זיך גופא באַפרוכפּערן
געווינען צוריק.

**דאָס בוך לידער ענדיקט זיך מיט די אָריגינעל־טרויעריקע שורות פון ליד — „ערגעץ" —**

שטייט דאָס שענסטע הויז,
וואוינט דער קלוגסטער מאַן,
זי מיט אים, די צאַרטסטע פרוי,
און דו בײַ זײ דאָס קינד,
קינד וואָס האלט אין זויגן...
מאַך די אויגן צו, וועסט דערבליקן
באַלד
דאָס לאַנד פון צוגעמאַכטע אויגן.

**כ'האָב זיך דערלויבט צו שרייבן דאָס קינד, פאַר „אַלס קינד". כ'בין זיכער אַז דער פּאָעט וואָלט מיר מוחל געווען. די עלטער איז אין די שורות צוריקגעקומען צום ערשטן פּינטעלע קוים־געדעכעניש, אין דער ביאָגראַפיע פון האַלפּערנס לידער, וואָס זענען אויך אָריגינעלע קאַפּיטלען פון זײַנע זכרונות. ס'פּאַרדריסט שטאַרק וואָס מ'האָט בײַ זײַן**

לעבן נישט באַקומען די דאָזיקע פּאָעטישע גרוסן. מיט מנשה האַלפּערנס בוך לידער מוז מען פאַרצייכענען אַ קרעפטיקן פּאָעטישן נאָמען. דער זקן הסופרים האָט אויך איבערגעלאָזט אַ פּאָעטישע ירושה.

1960

## א שרייבערס שטרויכלונגען

גוטע ניינציק פּראָצענט פון אַלע ענגלישע לידער, וואָס ווערן געדרוקט אין צייטונגען און אין זשורנאַלן, זענען נאַטור־לידער. ס׳ווייזט אויס אַז די רעדאַקטאָרן דריקן דערמיט אויס זייער שליח־ציבורדיקע מיינונג, אַז פּאָעזיע אין אונדזער צייט איז בכלל אַן איבעריקער ענין, און אַז די באַרעכטיקונג פון אַ ליד באַשטייט נאָך בלויז אין „פאָטאָגראַפירן" אַ טייך, אַ שטראָם, אַ בוים, אַן אָזערע, אַ באַרג, אָדער הימל־קאָלירן, אין אויפגאַנג און אונטערגאַנג. די צייטונגען דרוקן אַפילו גערן נאַטור־לידער פון באַזונדערע געגנטן, וואָס פּאָעטן באַזינגען. אָפטמאָל זענען אַזעלכע פּראָווינץ־לידער מער־ווייניקער קלאָר בלויז פאַר אַזעלכע, וואָס זענען געניט באַקאַנט מיט די בערג, טייכן, וואַסער־פאַלן, אָדער די ספּעציפישע פיש, וואָס לאָזן זיך כאַפּן אין אַ געוויסער אָזערע.

די בעסערע יידישע נאַטור־לידער זענען געוויינלעך געשריבן געוואָרן מיט דער באַוואָרעניש פון אַ מאי קא משמע לן. יידישע פּאָעטן פאַראינ־האַלטלעכן די נאַטור, בעת זיי פאַרבילדלעכן זי. ס׳וואָלט זיך אַמאָל געלוינט אַרויסצוגעבן אַן אַנטאָלאָגיע פון יידישע נאַטור־לידער און מען וואָלט ערשט געזען ווי אַנדערש די יידישע פּאָעזיע האָט אויפגענומען די נאַטור. זי האָט נישט נאָר געמוזט ווייזן און אַנטפּלעקן איר שיינקייט, נאָר זי האָט באַדאַרפט עפּעס אַ זאָג טאָן אויך. אַ קלאַסישערביישפּיל אין דעם פּרט איז געוועזן פרוג, וואָס האָט געשילדערט די שיינקייט פון דער נאַכט, אָבער בעת מעשה איז פאַר אים געלעגן אָפן דאָס „אַלטיטשקע ביכעלע". אַוודאי פאַרמאָגן מיר אויך „ריינע" נאַטור־לידער, אָבער אין ליד גופא וועט מען תמיד געפינען אַ יידישן טעם, אַז ס׳ווערט נישט גלאַט אַזוי געשילדערט דער אילן, אָדער דער ניר. יידן האָבן אויך פון דער נאַטור

פאַרלאַנגט תכלית. וואָס „פּאָעטישער" דאָס יידישע ליד איז געוואָרן, אַלץ וויניקער תּכליתדיק איז עס געוואָרן. ס׳רעדט זיך דאָ נישט פון מענדעלעס ריטועלע פאַרגלייכן, וואָס האָבן אַפילו באַאיינפלוסט אַזאַ ליריקער ווי איינהאָרן, וואָס האָט געפאָדערט אַז דאָס בעריאָזקעלע זאָל מתפלל זיין פאַר אים. דאָ גייט גיכער אין דעם וואָס די גוט־יידישע נאַטור־לידער האָבן תמיד געהאַט אַ מין מאָראַל. דער טייך, אָדער די אָזערע, ווי שוין זיי זענען נישט געשילדערט געוואָרן, זענען זיי אַלץ געווען דער משל צו אַ נמשל, וואָס האָט זיך אַרויסגעשיילט פון ליד. די מאָראַל האָט נישט דווקא געמוזט אויסגעדריקט ווערן ווי אַ קלאָרער נמשל. ערגעצוואו אין ליד איז געלעגן באַהאַלטן דער יידישער קנייטש, וואָס האָט „דערטרעגלעכער" געמאַכט די פּאָעטישע נאַטור־באַטראַכטונגען, די אויסגעטראַכטע פאַרגלייכן, די אייגן־געזעענע בילדער.

כ׳מוז מודה זיין, אַז מיר איז טאַקע גיכער צום האַרצן דאָס יידישע נאַטור־ליד, וואָס דינט נישט געצנדינעריש צו דער נאַטור, וואָס האַלט נישט אין איין אויסטראַכטן איין בילד נאָכן אַנדערן, איין פאַרגלייך נאָכן אַנדערן, נאָר וואָס גיט־אַריין אין דעם דומם פון דער נאַטור, אַ חוץ שיינקייט, אויך אַ שטיקל שכל. דער יידישער פּאָעט איז נישט גלאַט אַ קינדישער באַוואונדערער, וואָס די נאַטור איז פאַר אים אַ שיין פאַרב־שפּילעכל. ער איז בכלל עקאָנאָמיש מיט אויסטראַכטן פאַרגלייכן און בילדער. ער ווייסט אַז וויפל מאָל ער זאָל נישט צוטראַכטן נייע פאַרגלייכן פאַר די קעמלדיקע בערג־רוקנס, אָדער פאַר די שפּיגל־וואַסערן, וועט ער שוין מער נישט מאַכן קיין גרויסן בייטראָג צו די צונעמענישן, וואָס הונדערטער פּאָעטן פאַר אים האָבן אויסגעטראַכט פאַר די פאַרשידענע נאַטור־קנייטשן.

לאָגישער איז נאַטור־שילדערונג אין פּראָזע, וואו די נאַטור ווערט קאָמבינירט מיט האַנדלונג, וואו זי ווערט אַמאָל אויך גענוצט ווי אַן אָטעם־אָפּכאַפּ. אָבער אין דער מאָדערנער פּראָזע הויבט מען אויך אָן קאַרגן נאַטור־שילדערונג. נישט נאָר מיט נאַטור־באַשרייבונג איז דער מאָדערנער בעלעטריסט עקאָנאָמיש, ער היט זיך אויך איבערצולאָדן זיין פּראָזע מיט פאַרגלייכן. אַ זייטל גוטע פּראָזע פאַרטראָגט נישט קיין צופיל פאַרגלייכן, ס׳מאַכט דעם איינדרוק פון דעם וואָס מ׳האָט אַמאָל געוויינלעך גערופן מליצה. ס׳האָט גענומען לאַנג ביז מ׳האָט אָנגעהויבן לאַכן פון אהבת בת השמים, אָבער פון דעמאָלט אָן האָבן זיך שוין אָנגע־

זאַמלט געגוג אַזעלכע הויכגאַרנדיקע אויסדרוקן, וואָס האָבן שוין מער נישט קיין דעקונג.

אַ שאַבלאָן איז נישט דווקא אַ פּיל־גענוצטער אויסדרוק, וואָס איז שוין פֿאַרגאַסיקט געוואָרן, מ׳קאָן אויך אויסטראַכטן אַ שפּאָגל־נייעם שאַבלאָן, וואָס ווערט שאַבלאָניזירט, גלייך ווי ער ווערט געבוירן. מ׳דאַרף האָבן אַ גוט אויער און מען דערהערט דעם שאַבלאָן, נאָך איידער ער דערלעבט פֿאַרגאַסיקט צו ווערן. די „ליבע, די הימלישע טאָכטער״, האָט כאָטש זיך געלאָזט אָפּטראָגן, אָבער אַ סך געמוטשעטע פֿאַרגלייכן זענען גלייך אָפּגעטראָגן, אַפֿילו ווען אַ שרייבער נוצט זיי צום ערשטן מאָל.

*

אַלץ וואָס איז פֿריער געזאָגט געוואָרן איז בשום אופֿן נישט קיין הקדמה צו דעם וואָס וועט ווייטער געזאָגט ווערן, ס׳איז נישט מער ווי אַן אָנשטימונג, בשום אופֿן נישט קיין אַריינפֿיר, נאָר אַן אויפֿשפּיל. עס וועט בפֿירוש זיין אַן אומרעכט, אויב מ׳וועט די ביישפּילן וואָס כ׳וועל ווייטער ברענגען פֿון אַ באַרימטן פּראָזע־שרייבער אָננעמען ווי מיין מיינונג איבער דעם קינסטלערישן ווערט פֿון זיינע דערציילונגען. ס׳וואָלט פֿון מיר געווען אַ קאַלאָסאַלע עוולה אַרויסצוטראָגן פֿולע מיינונגען שוין דערפֿאַר וואָס כ׳האָב נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט געלייענט פֿאַרזיכטיק זיינע גרעסערע ווערק, וואָס האָבן אים פֿאַרשאַפֿט אַ גרויסן נאָמען. כ׳רעד דאָ וועגן מענדל מאַן, וועמענס בוך „ביי די טויערן פֿון מאָסקווע״ איז נישט לאַנג צוריק דערשינען אין אַ פֿראַנצויזישער איבערזעצונג און די באַקאַנטע פֿראַנצויזישע קריטיקערס האָבן עס אָנערקענט, ווי אַ וויכטיקן ביישטייער צו דער וועלט־ליטעראַטור. עס זענען אין שייכות מיט דעם ווערק דערמאָנט געוואָרן נעמען פֿון פּאַסטערנאַק, אַפֿילו טאָלסטאָי און אַנדערע אָטעם־פֿאַרכאַפּנדיקע נעמען. די יידישע ליטעראַטור מעג זיין שטאָלץ אויף אַזאַ וועלט־אָנערקענונג פֿאַר אַ יונגן יידישן שרייבער.

כ׳וועל דאָ בלויז ברענגען ביישפּילן פֿון זיינע דערציילונגען, וואָס זענען אָקאָרשט דערשינען אין תל־אביב, אין פֿאַרלאַג „מנורה״, אונטערן נאָמען — „דאָס הויז צווישן דערנער״. די אכצן דערציילונגען זענען מסתמא פֿריערדיקע שאַפֿונגען פֿון דעם זייער פּראָדוקטיוון יונגן בעלעטריסט,

וואָס האָט שוין ביז איצטער אַרויסגעגעבן אַ צענדליק ביכער און זיינע ווערק זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעאיש, ענגליש, שפּאַניש און, ווי שוין געזאָגט, אויף פראַנצויזיש.

נעם איך זיך נישט אונטער צו משפּטן דעם קינסטלערישן ווערט פון די דערציילונגען. דאָס באַשטראָף איך זיך אַליין, ווייל כ׳האָב נישט געלייענט מענדל מאַנס באַרימטערע ווערק. אויב איך ציטיר יאָ פון די דערציילונגען איז עס דערפאַר, ווייל זיי גיבן מיר אַ געלעגנהייט צו ברענגעןביישפּילן פון אַ בעלעטריסטישער געוואוינהייט, וואָס איך באַטראַכט פאַר פּאַרעלטערט. מענדל מאַן באַארבעט צופיל די נאַטור. ער באַשילדערט זי פון אַלע זייטן און ער איז נישט קאַרג אויף פאַרגלייכן, וואָס ווירקן ווי אַן איבערלאָדונג.

מענדל מאַן האָט אַ נייגונג צו באַזונדערע ווערטער און אויסדרוקן און אים אַרט נישט וויפל מאָל ער חזרט זיי איבער אַפילו אויף איין און דעם זעלביקן בלעטל. ער האָט ליב שאָטנס, אויגן, שעפּטשען, וויעס, און מען טרעפט ביי אים די אויסדרוקן אין זיינע ישראלדיקע דערציילונגען ממש הונדערטער מאָל.

אָט איז אַ קליינע גוזמא וועגן אויגן:

„אירע אויגן האָבן געשרפהט, געצונדן שטיקער, אָט וועט אַ העלישער פייער אַ זעץ טאָן״ (זייט 102). למען האמת, מוז מען זאָגן אַז נישט תמיד זענען די אויגן אַזוי פּאָלקסטימלעך־איבערגעטריבן. אויפן זעלבן בלעטל לייענען מיר: „אַז אירע אויגן־וויעס זענען רויט, די ברעמען פייער־פלעמלעך, דער קאָפּ — איין גרויסער אָנגעצונדענער שייטער, און די אויגן — טליענדיקע האָלאָוועשקעס״. דאָס איז שוין אייגענע באַשרייבונג וואָס מאַכט דעם איינדרוק פון קאַריקאַטור.

ווי געזאָגט, מיר גייט אין איבערלאָדן מיט מליצה א בלעטל פּראָזע. אויף זייט 103 דערציילט אונדז מענדל מאַן אַזאַ גוזמא: „די גרויסע זומער־שפּרענקעלעך פון די שטיקער אויפגעדעקט לייב זענען געפאַלן אויף יאָסן, ווי צוויט פון אַ מאַנדלשטאָק אין ווינט״.

ס׳איז לייכט צו זען, וואָס איך מיין מיט קינסטלערישער איבער־טרייבונג, אַז זומער־שפּרענקעלעך קאָנען אויפטאָן אַזעלכענע זאַכן. דאָ איז דער פאַרגלייך מיט צוויט שוין נישט אַזוי פּאָלקסטימלעך, ווי „אירע אויגן האָבן געשרפהט״, אָבער די פּראָזע ווערט דערפון נישט קינסטלערישער.

אַט האָבן מיר אַן אָריגינעלע אַליין־צוגעטראַכטע שילדערונג — און ווידער פון אויגן:

„עמעץ האָט אַוועקגעשליידערט פון מיינע אויגן דעם פאַרביקן פאַראַוואַן, וואָס איך האָב אויסגעלעבט פון די שטילע געזאַנגען און אַ שאַרף און טרויעריק ליכט האָט אויפגעריסן מיינע אַפּלען — דאָס גראָע ליכט פון לעבן" (זייט 17).

דאָס איז זיכער אייגנס, אָבער ס'מאַכט אַן איינדרוק פון פּאָעטיזאַציע, וואָס שטערט דעם מענלעכן טראָט פון גוטע פּראָזע־שורות.

אויף זייט 18 לייענען מיר אין דער דערציילונג — „אין שאָטן פון וויינשטאָק", אַז — „זי האָט זיך אָנגעלענט אָן די איזערנע קראַטעס און געלאָזט פאַלן אויף איר פּנים דאָס מאַטע, זילבערנע ליכט פון לבֿנה". מאַטע, זילבערנע ליכט פון לבֿנה איז אָפּגעטראָגן, אָבער דאָס בילד פון בידים לאָזן פאַלן אויף איר פּנים דאָס מאַטע, זילבערנע ליכט פון דער לבֿנה, איז אומפאַרשטענדלעך. אויף זייט 19 קריגן מיר שוין ווידער אַ גרוס פון דער העלדינס אויגן: „דאָס נאַכט־ליכט האָט אָנגעגאָסן אירע אויגן־אַפּלען מיט אַ שטראַליקער פייכטקייט".

דאָס איז ווידער פון דער אייגענער בילדער־קוזיניע, אָבער ס'איז שווער צו זען די „שטראַליקע פייכטקייט" וואָס ווערט פּראָדוצירט פון אָנגעגאָסענער נאַכט־ליכט.

אויף זייט 20 האָבן מיר ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל אַ גרוס פון אויגן — „קוניעס אויגן האָבן זיך זינט יענער נאַכט אָנגעגאָסן מיט אַ מאָט פּייערל". אויפן זעלביקן זייטל טרעט אַלץ דער מחבר נישט אָפּ פון דער נאַטור און ער פרעגט אַזעלכע נאַאיווע קשיות:

„קען אַ בוים פאַרנעמען דעם צער פון מענטש, אַזוי ווי דער מענטש באַנעמט דעם צער פון בוים? האָט דער וויינשטאָק נישט געפילט דעם וואַרעמען גלעט פון סלאַוועס ציטערדיק־ווייסע פינגער?".

אויף זייט 24, אין דער זעלביקער דערציילונג, דערמאָנט ווידער מענדל מאַן דער העלדינס און דעם העלדס אויגן און אין איין פּאַראַגראַף קריגן מיר שוין אַביסל צופיל אויגן: „אירע טיף־אַריינגעזעצטע שוואַרצע אויגן... אירע גרויסע אויגן האָבן געטראָגן אין זייערע שוואַרצאַפּלען דעם טרויעריקן אָפּשיין פון איבערגעפּולטע טרערן־בעכערלעך... זיינע וואַרעמע אויגן

רוען אין איר שאָטן און גאַרן נאָך איר בליק... געשאַרט זיך אומבאַמערקט ביי די ווענט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן...״

נאָך אַמאָל אַביסל התנצלות. כ׳בין זיך משער, אַז די דערציילונגען זענען געשריבן געוואָרן, ווען מענדל מאַן איז נאָך נישט געווען דער רייפער קינסטלער ווי ער איז אויסגעוואָקסן אין זיינע פאַרנעמיקע ווערק. אויב מיין השערה איז ריכטיק, אויב ער האָט אין זיינע גרעסערע ווערק אויסגע־מיטן די אַלע אָנגעדראָלענע איבערטרייבונגען און פאַרגלייכן, דאַרף מען אים דאַנקען פאַר דער זאַמלונג דערציילונגען — „דאָס הויז צווישן דערנער״, וואָס ווייזט אונדז דעם וועג פון א פראָזע־קינסטלער, זיינע אָנהויבן, זיינע שטרויכלונגען און שוואַכקייטן. אָבער דער עיקר זענען די דערציילונגען — נישט באַרירנדיק זייער דערציילערישן ווערט — ריינע אויסשטעלונג פון אומנויטיקע שילדערונגען און אויסטראַכטענישן, וואָס פארקינצלעכן געוויינלעך דעם גאַנג פון אַ דערציילונג און וואָס שטעלן אָוועק דעם מחבר אין א פּאָזע פון געמאַכטער נאַאיוויטעט:

„זי איז מיט דער אייגענער נאַקעטקייט און צו דער נאַקעטקייט רעדט זי גוטע רייד, פול מיט באַדויערן און טרייסט: ביסט געפּאַנגען געוואָרן פון שרעק, פון פּחד, פון א ווילסטעניש, דו ווערסט דיין גוף אריינ־שליידערן אין די קאַקטוסן אַריין. דיין נשמה ראַנגלט זיך שוין דאָרט מיט דערנער זע, ווי יונג דו ביסט! זע, ווי שיין דו ביסט!״ (זייט 72).

וואָס טוען־אויף אַזעלכע שילדערונגען? זיי ציען־אָפּ די אויפמערק־זאמקייט פון דעם ערנסטן קינסטלער, וואָס שטייט הינטער דער דערציילונג, זיי גיבן דעם איינדרוק אַז אַ דערציילונג איז אַן איבונג, א שפּיל אין שרייבעריי. די גוזמאדיקע פארגלייכן, די ניי־אויסגעטראַכטע און די אַלט־באַקאַנטע — „די אַראָפּגעלאָזטע גרויסע אויגן־ווייעס״, „דער מירמל פון איר האַלדז״, „דער קליינער מיידל־קערפער וואָס ציטערט־אויף פון דער שטיינקילקייט, ווי אַ גוטער ווינט, אַ באַרגווינט וואָלט זיך אַרומגעטראָגן אין איר״; „די פלאַכע פּאָקן־גריבלעך זענען טונקל געוואָרן, זיי האָבן באַשאָטנט איר פּנים, ווי זי וואָלט ארויפגעצויגן אויף זיך אַ זיידענעם טרויער־שלייער״. דאָס אַלץ גיט אַ געזונטער דערציילונג קיין געזונט נישט צו.

די איבערטרייבונג און די קינסטלעכקייט איז שטאַרק קענטיק אין אַזעלכע בילדער — „אירע אויגן זענען אָנגעלאָפן מיט א פייכטקייט, די

ווייסלען האָבן ארויסגעליכטיקט מיט אַ שאַרף נישט־ערדיש ליכט״; „איר שטים האָט זיך געביטן. אפשר קלינגט אָפּ איר קול אַזוי פרעמד אין האלב־נאַכט, ווען וואָלקנס ליגן נידריק?״; „די שטערן זענען וואָס אַמאָל געוואָרן דורכזעעוודיקער״; „אירע וויעס זענען פול מיט לייכטנדיקע טוי־פּערלעך״.

דער קינסטלער ווייסט, אַז ער איז קלוגער פון אַזעלכע צוקערדיקע פאַר־גלייכן, אָבער ער מאַכט אַן אָנשטעל און ער וויגט זיך אַריין אין אַזעלכע באַשרייבונגען, האַלטנדיק אַז דאָס איז די ריכטיקע וואַטע אויף צו האַלטן וואַרעם אַ קינסטלערישער דערציילונג.

אפשר האָב איך געבראַכט צופיל ציטאַטן, אָבער מענדל מאַן וואָס איז שוין מסתמא לאַנג אַוועק פון אַזאַ סאָרט שרייב־נוסח, וועט מיר מוחל זיין. ער וועט איינזען אַז איך האָב גוט אויסגענוצט די ערשטע פּרוּאוון זיינע, כדי מ׳זאָל עפּעס לערנען דערפון. כ׳האָב אויך געוואָלט ברענגען ביישפּילן פון איבערגעלאָדענע נאַטור־שילדערונגען, וואָס פאַרשטעלן האַנדלונג און מענטשן, אָבער ס׳וואָלט שוין אויסגעזען, ווי כ׳באַריר דעם קינסטלערישן ווערט פון מענדל מאַנס דערצייל־קונסט און דאָס האָב איך בפירוש נישט געוואָלט, איידער כ׳האָב זיך באַקענט מיט זיינע גרעסערע ווערק, וואָס האָבן געמאכט אזא אויפזען אין דער יידישער, ווי אין דער נישט־יידישער וועלט.

1960

## קריטיק און מאָראַל

די אַזוי־גערופענע פּסיכאָלאָגישע קריטיק, וואָס זוכט דורכן ווערק זיך צו דערגריבלען צום מחבר, אָדער פאַרקערט, נוצט־אויס ביאָגראַפישע איינצלהייטן, כדי צו אַנאַליזירן דאָס ווערק — אַ קריטיק וואָס האָט זיך גענומען איינבירגערן אומעטום, איבער דער גאַנצער פּרווידיאַנישער וועלט, האָט געמוזט אַרויסרופן אַ שטאַרקע רעאַקציע, ווייל דער דאָזיקער צוגאַנג האָט זיך היפּש דערעסן. די מכשירים, די אַנאַליטישע און פּסיכישע צוועגנ־

לעך און לאַנצעטלעך זענען געוואָרן צו־גוט באַקאַנט און דער נוסח איז געוואָרן אַן אײַנגעפֿאַרענער.

אָנגעהויבן באַנוצן זיך מיט דעם מעטאָד האָבן יונגע קריטיקערס, וואָס זענען אויך געווען אוניווערסיטעט־לערערס. זיי האָבן געהאַט אַ קאָלאָסאַלע השפּעה אויף דעם יונגן דור, וואָס האָט ליב באַקומען דעם דאָזיקן צוגאַנג צום מחבר און ווערק, ווײַל אין תוך האָט עס זיי באַפֿרײַט פֿון דעם אינטימערן צובונד צום ווערק, וואָס קומט פֿון אַ טיפֿערן אָפּשאַץ, פֿון דעם חוב צו אַנטוויקלען אַן אייגענעם געשמאַק, פֿון אײַנזאַפּן אַ ווערק מיט אַלע חושים. דער פּסיכאָלאָגישער מעטאָד האָט אַנטוויקלט זײַנע פּאַרטיקע מעטאָדן פֿון צעטרייבערן דאָס ווערק מיטן מחבר, אַז ס'איז געוואָרן אַ מין אינטעליגענ־טישער צײַט־פּאַרטרייב פֿאַר זיך אַליין, וואָס האָט פֿאַרשטעלט און פֿאַר־שאָטנט די מעלות אָדער חסרונות פֿון אַ ווערק, צושטעלנדיק דעם באַזונדערן פֿאַרגעניגן פֿון דוכנען אויפֿן קונסט־ווערק.

זאָל מען מיך נישט שלעכט פֿאַרשטיין. די קריטיק פֿון אַלע צײַטן האָט זיך באַנוצט מיט ביאָגראַפֿישע און פּסיכאָלאָגישע מעטאָדן און האָט אויך געזוכט דורכן ווערק אויפֿצושטעלן דאָס גײַסטיקע געשטאַלט פֿון קינסטלער, אָבער דאָס איז געווען אַ צוזעצלעכער טייל פֿון דער קריטיק און נישט דער אויסשליסלעך־באַהערשנדיקער, וואָס האָט פֿאַרשטעלט דעם וועג פֿאַר דער עסטעטישער אָפּשאַצונג. דער אויסשליסלעך־פּסיכאָלאָגישער מעטאָד איז ווי דער קילער אַנאַליז פֿון אַ גוטן ווײַן, וואָס קוילעט אַוועק דעם ווײַן און איז אים מסרס פֿון דעם ספּאָנטאַנעם געלעכטער, וואָס ליגט אין אים פֿאַרבאָרגן און וואַרט אויף דעם עקסטאַז פֿון דעם באַפֿרייענדיקן אַרויספֿלאַץ.

דערפֿאַר הויבט מען אָן לעצטנס צוריקצוקומען צו דער אַלט־באַקאַנטער עסטעטישער קריטיק און מען ווערט זיך קעגן יעדער אינטימער אינפֿאָר־מאַציע, וואָס קאָן וואַרפֿן אַ ליכט אויפֿן מחבר. מען באַטראַכט עס פֿאַר רכילות, וואָס נעמט אַוועק דעם טעם פֿון ווערק, וואָס שטעלט אַוועק אַ מאָראַל־וועגטל און פֿאַרשטעלט דעם אײַנערלעכן, אַבסאָלוטן ווערט פֿון דער שאַפֿונג. מען ווייזט־אָן, למשל, אַז בשעתו, ווען עדגאַר עלען פּאָו האָט געלעבט, האָט מען געוואוסט, אַז ער איז אַ שיכור וואָס וואַלגערט זיך אין רינשטאָק. אַנדערע זענען געגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז בכלל — וואָס אין דער קאָרט. די קריטיק וואָס איז דעמאָלט געווען ווײַט פֿון פּסיכאָלאָגיזירן, האָט דעמאָלט פֿאַרדאַמט

פאָון און נישט געוואָלט הערן פון אים, ווייל ער איז פערזענלעך נישט געווען קיין לייט; און אַ לאַנגע צייט נאָך זיין טויט האָט געהערשט אָט־דער סאַניטאַרישער צוגאַנג צום פּאָעט. ס'איז נישט געווען באַן־טאָן אים צו אָנערקענען און אָננעמען. ערשט ווען פראַנקרייך, וואו קונסט האָט זיך אָפּט גאַנץ גוט אויסגעלעבט אין רינשטאָק, האָט פּאָון אויפגענומען, איז דער פּאָעט געוואָרן אויך אַביסל מאָדישער אין אַמעריקע.

מיר קאָנען אויך אַלע דעם ביישפּיל פון אָסקאַר ווײַלדן. דער שרייבער איז אַרונטער פון דער גדולה, אַזוי גיך ווי ער איז געוואָרן דער העלד פון אַ סענסאַציאָנעלן פּראָצעס. לעצטנס נעמט מען זיך נאָכאמאָל צו אים און מען וויל ראַטעווען דאָס ביסל וואָס ער האָט געשאַפן. די דאָזיקע צוויי ביישפּילן ווערן גאַנץ אָפּט לעצטנס אויסגענוצט ווי געווער אין די הענט פון די אַנטי־ביאָגראַפישע קונסט־אָפּשאצערס. קונסט פאַר קונסט האָט זיך צוריק ארויפגעכאַפּט אויפן פערדל און שרייט: גיט אונדז צוריק די ריינע הנאה פון ריינער קונסט און באפלעקט נישט די הנאה, מיט דעם מאָראַל־פּאָראורטייל צום מחבר, ווען מען נעמט זיין כאַראַקטער אָדער זיינע מעשים בכל יום פאַר אַ וועג־ווייזער צו זיינע ווערק.

אָבער די דאָזיקע רעאַקציע וואָס זוכט די ריינע קונסט־הנאה איז פּונקט אזוי געפערלעך ווי דער פּסיכאָאַנאַליטישער מעטאָד, וואָס האָט די הנאה אינגאנצן אַוועקגעטרייבערט; דער עיקר טאַקע איז די סכנה גרויס אין אונדזער צייט, ווען מיר ווייסן שוין ווי לייכט די מענטשהייט לאָזט זיך קאָרופּטירן, ווי גיך זי פאַלט אַריין אין כף־הקלע. דאַרף אונדז טאַקע נישט אַרן וואָס וואַגנער איז געווען אַ ביטערער אַנטיסעמיט? מעג מען און מוז מען פאַרגעסן, אַז ער האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף היטלערן; אַז אָנערקענענדיק אַבסאָלוטע ריינקייט און גרויסקייט אין זיין מוזיק, מאַכט מען זיך נישט ווויסנדיק פון זיין השפעה, ווי א זאָאָלאָגישער שונא־ישראל? אָנגענומען אַז מיר ווייסן נאָך נישט די מאָסן, וואָס זאָלן אונדז בפירוש פאַרמיאוסן וואגנער־מוזיק, ווייל וואַגנער איז געווען א ווילדער מעגאַלאָמאַן און מיזאַנטראָפּ, איז אפשר כדאי צו זוכן די פּסיכאָלאָגישע שייכותן צווישן זיין מיאוסן כאַראַקטער און זיין מוזיק, כדי מיר זאָלן קאָנען אויף דעם העכסטן שטאַפּל פון קונסט־הנאה, פאַרדאַמען די זומען וואָס ער האָט פאַר־זייעט. ווען מיר קאָנען לייכט אָננעמען און אויפנעמען די קונסט פון שונא־ישראל, מיינט עס נישט אַז מיר פועלן ביי זיך צו מאכן אַ שטיקל קאָמפּראָ־

מיס מיטן אַנטיסעמיטיזם, וואָס וואָלט אונדז געמעגט אַביסל שווערער מאכן אויפן הארצן, פאַרוואָס שנאה קאָן זיך צווילינגען מיט קונסט?

געוויינלעך רעדן זיך איין די ריינע קונסט־געניסערס, אַז זיי טיילן־אָפּ דעם מיאוסן כאַראַקטער פון אַ קינסטלער פון זיין שאַפונג, אָבער איז אַזאַ קילער פאַנאַנדערשייד טאַקע מעגלעך? דאָס זענען אַלץ אַזעלכע קשיות, וואָס אויף זיי וואָלטן מיר באַדאַרפט קריגן אַ קלאָרע תשובה, דווקא אין אונדזער צייט, ווען מיר זעען ווי צעפאָרן און צעוויגט ס׳איז דער גאַנצער מאָראַלישער יסוד פון דער וועלט. דער גאַנצער פונדאמענט זינקט טיפער און טיפער אין אַ בלאָטע, און ס׳איז אַזוי גרינג אויפצובלאָזן שנאה־פייערן, וואָס זענען עלול אונטערצוצינדן א וועלט.

מען וואָלט באַדאַרפט, דאַכט זיך מיר, קומען צו אַזאַ מין אויספיר, וואָס זאָל אפילו באַפרידיקן די ריינע קונסט־געניסערס. ווען א קינסטלער איז נישט אין אָרדענונג פערזענלעך, ווען ער טוט זיך אַליין אַן עוולה, ווען ער שיכורט, אָדער ער שלינגט אָפּיום, אָבער די קונסט וואָס ער פּראָדוצירט איז פון אַ הויכער קוואַליטעט, איז זיין אויפפירונג זיין פּריוואַט־זאַך, וואָס טאָר אונדז נישט פאַרשטעלן דעם וועג צום קינסטלער. ווען אָבער דער קינסטלער קריגט אַ נאָמען און ער טוט אַן עוולה זיינע מיטמענטשן, ווען ער פּרעדיקט ווילדע געדאַנקען און זיין פּרעסטיזש און רעפּוטאַציע ווי אַ קינסטלער פאַרשטאַרקט נאָך דעם שעדלעכן איינפלוס זיינעם, קאָן אַזאַ איינער ממילא נישט פּראָדוצירן, ווייל אַלץ וואָס ער גיט דער וועלט מוז זיין טמא — און אויב עס איז נישט, דאַרף עס ווערן טמא און מוקצה.

אַזאַ אַנאַליז פון אַ מחברס כאַראַקטער־שטריכן מעג פאָרויסלויפן די אָפּשאַצונג פון זיינע ווערק. פּאָוס שיכרות גייט אונדז נישט אָן, ווייל דער שרייבער האָט זיך אַליין אומגעבראַכט, פאַר דער צייט. דאָס מינערט אָבער נישט און פאַרגרעסערט נישט דעם ווערט פון זיינע לידער, אָדער דעטעקטיוו־און שרעק־מעשיות.

מען קאָן אָבער יאָ פאַרשטיין דעם צוגאַנג אפילו פון דעם פּשוטן לייענער, וואָס האָט צוריקגעשליידערט האַמסונס ביכער, ווען דער באַליבטער און באַרימטער מחבר איז געוואָרן א קוויזלינג. זיינע ווערק זענען אין אונדזער צייט פאַראומרייניקט און פאַראומווירדיקט געוואָרן, ווייל דער מחבר האָט געפּעלשט אין די העכערע אידעאַלן פון דער מענטשהייט.

מען דאַרף דערפאַר זיין פאָרזיכטיק מיט דער שאַרפער רעאַקציע צו

דער פּסיכאָלאָגישער אָדער ביאָגראַפישע קריטיק. מיר טאָרן זיך טאַקע נישט אַריינרייסן אין מחברס שלאָפצימער און אים אַרויספירן מיט גוואַלט אינדרויסן, אין די אונטערוועש, מעסטנדיק זיין ווערק. אָבער ווען דער מחבר רייסט זיך אַליין אַרויס אין דער עפנטלעכקייט און ער שרייט אַרויס זיינע געדאַנקען, פּרעדיקנדיק האַס, אויסראָטונג, סעגרעגאַציע, מאַסנמאָרד, ליקווידאַציע, טאָרן מיר נישט הנאה האָבן פון זיינע ווערק און מיר מעגן זיי אים צוריקשליידערן אין פּנים אַריין.

1960

## מוזיק און בטלנות

מאַקס בראָד איז באַקאַנט ווי אַ גרויסער דייטשער שרייבער פון היס־טאָרישע ראָמאַנען. באַרימט זענען זיינע ראָמאַנען „טיכאָ־בראַהעס וועג צו גאָט", „ראובני, דער יידישער פּרינץ" און אַנדערע. מען ווייסט אויך אַז ער איז אַ געניטער טעאַטראַל; אַז ער האָט אַנטדעקט די גרויסקייט פון פראַנץ קאַפקאַ. בראָד וואוינט שוין אַ יאָר צוואַנציק אין ארץ־ישראל, וואו ער האָט זיך אינגאַנצן אַקלימאַטיזירט און מיר דאַכט זיך אַז ער שרייבט שוין אפילו זיינע נייע קינסטלערישע ווערק אין העברעאיש. אָבער זייער־ווייניק מענטשן ווייסן אַז מאַקס בראָד פאַרמאָגט נאָך אַ מעלה — ער איז אַ מוזיקער און אַ קאָמפּאָזיטאָר און זיינע קאָמפּאָזיציעס ווערן אָפט געשפּילט אין מדינת ישראל.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב קיינמאָל נישט געהערט זיינע מוזי־קאַלישע שאַפונגען, אָבער איך בין זיך משער אַז זיי מוזן זיין גאַנץ טשיקאַווע און, לאָמיר זאָגן, נאַאיווע קאָמפּאָזיציעס. פונוואַנען קומט צו מיר די השערה? פון אַ מוזיקאַלישער אָפּשאַצונג זיינער וועגן דעם עסטרייכישן קאָמפּאָזיטאָר גוסטאַוו מאַהלער, וועמענס הונדערטסטער געבוירנטאָג ווערט היינטיקס יאָר פאַרצייכנט אין דער מוזיקאַלישער וועלט.

די אָפּשאַצונג האָב איך געפונען אין דעם פעברואַר־נומער „די רעקאָנסטרוקשאָניסט". דאָס אַרטיקל איז איבערגעזעצט פון דייטש און

דער אינהאַלט און מעטאָד פון דער קריטישער אָפּהאַנדלונג האָט אַ שטיקל שייכות מיט די פריער־געבראַכטע באַמערקונגען וועגן גריבל־קריטיק. אין דער אָפּשאַצונג וועגן גוסטאַוו מאַהלערן, גייט עס מאַקס בראָדן דווקא אין לעבן אָנצוטאָן אַ שטריימל אויף אַ משומד. ער גריבלט זיך אַריין אין מאַהלערס קאַטוילישער נשמה און גריבלט אַרויס פון דאָרט חסידישע ניגונים און טיפע, מיסטישע יידישקייט.

אויב אָריגינאַליטעט מיינט זיין אויסטערליש, איז מאַקס בראָדס אַרטיקל זייער און זייער אָריגינעל. קיינער האָט ביז איצטער נישט פאַררעכנט מאַהלערן פאַר אַ יידישן מוזיקער. אַזאַ געדאַנק איז קיינעם נישט איינגעפאַלן. מען האָט תמיד געוואוסט, אז ער איז גראָד געווען פון די שנויצן־פרעסערישע משומדים, וואָס האָבן געשלונגען קריסטלעכע מיסטיק און געשלוקעכצט מיט קלויסטער־גלעקער. מאַכט אים בראָד דווקא פאַר אַ פרומען חסידישן יידישן מוזיקער.

מען מוז צוגעבן אַז די גאַנצע אָפּשאַצונג מאַכט דעם איינדרוק פון א נישט־איבערצייגנדיקער דרשה און די טעאָריעס קלעפּן זיך נישט צום סוביעקט, וואָס האָט זיך תמיד געשוואוירן ביי זיין טיף־פאַרציילעמטער קריסטלעכקייט.

טאָמער איז דאָס ווייניק, האָט זיין אלמנה אלמא מאַהלער וואָס איז שפּעטער געוואָרן ווערפעלס אלמנה, אין איר אויטאָביאָגראַפיע זיך אַזוי צעשפּרייט וועגן מאהלערס קאַטאָליציזם, אַז ס׳קאָן נישט זיין דער מינדסטער ספק, אז מאהלערס מוזיק איז געווען פאַרקנסט צו דער מיסטיק פון דער קירכע.

מאַהלער איז ביים לעבן אָנערקענט געוואָרן ווי אַ גרויסער דיריגענט, און ווי א קאָמפּאָזיטאָר מיט גרויסע אַמביציעס און ברייטע פארמעסטן. זיינע ניין סימפאָניעס זענען וואַגנעריש אָנגעהויכט און אָנגעשטאָפּט. מען קאָן זאָגן איבערגעשטאָפּט מיט אַ סך געפילעכץ (תרתי משמע), געפילעכץ ווי אין אַ פלאָדן און געפיל־אויסגוסן פון א צעפּאַלמעסטער קריסטלעכער נשמה. די קריטיק האָט אים אין זיין צייט נישט אָנערקענט. ער האָט אָבער געהאַט אַ קרייז פריינט. איינער פון זיינע פריינט איז געווען דער באַרימטער דיריגענט ברונאָ וואַלטער, וואָס האָט פּאָפּולער געמאַכט זיין מוזיק. גוסטאַוו מאַהלער איז דערפאַר תמיד געווען אַרומגערינגלט פון אַ קליינעם קרייז אָנהענגערס, וואָס האָבן אים דווקא געוואָלט אַרויפצווינגען אויף דער

מוזיקאַלישער וועלט. איצטער, אַ האַלבער יאָרהונדערט נאָך זיין טויט, שפּילט מען אים א סך מער, ווי מען האָט אים געשפּילט ביים לעבן, ווייל מען האָט שלום געמאַכט מיט דעם געדאַנק, אַז ער איז געווען אַן עקספּאָנענט פון דער ראָמאַנטישער שולע, מיט אַ שטאַרק־באַגרענעצטן טאַלאַנט. מען זעט אָבער איצטער ווי אַמאָל, אַז זיין גאנצער אָנשטעל פון פארטיפונג, איז געווען מוראדיקע סענטימענטאַליטעט, וואָס איז זייער גיך אַריינגעפאַלן אין פלאַכ־קייט, אין לאַקריץ און אפילו אין לייכטער מאַרש־מוזיק.

מאַהלער האָט זיך געשמדט, ווען ער איז שוין געווען א מוזיקאלישער קאַריעריסט פון אַ יאָר 37. געשטאָרבן איז ער אין עלטער פון 51 יאָר. אָבער זיין גאַנץ יידיש לעבן איז ער געווען ווייט פון יידן און יידישקייט. ער איז געווען אַ פולער און קיילעכדיקער יידישער עם הארץ. ער האָט געפּרעדיקט דייטשישקייט, געזוכט צו אַנטפּלעקן די דייטשע נשמה און צו טרייסלען די זיילן פון קאָסמאָס מיט זיינע סימפאָניעס און מיט זיין „ליד פון דער ערד“. קורץ, ער איז געווען אַ מוזיקאלישער... נודניק.

ווײ, ווײ וואָס דער אלטער מאַקס בראָד צעטאָט נישט מיט דעם משומד גוסטאַוו מאַהלער, כדי אויף אים אַרויפצוּוואַרפן פרומע, חסידישע יידישקייט. ער טייטשט אויס, אַז די דייטשע מוזיק־קריטיק האָט אים נישט אָנגענומען, טאַקע דערפאַר ווייל זיי איז געווען פרעמד זיין יידישער טאָן, וואָס האָט זיך דורכגעריסן דורך זיין גאַנצער קאַטוילישער דייטשישקייט. בראָד מאַטערט זיך צו באַווייזן, אַז מאַהלערס קריסטלעכקייט איז אייגנטלעך געווען פאַר־טיפטע יידישקייט, וואָס ער האָט אַליין נישט געוואוסט דערפון, נאָר ער האָט עס געטראָגן טיף אין זיין געשמדטער יידישער נשמה.

1960

## אַסימילאַציע און עפּעס ערגערס

ביי אונדז פאַרמישט מען אָפט די יוצרות און מען איז נישט שטאַרק געוואָרנט מיט טערמינאָלאָגיע. ספּעציעל איז ביי אונדז הפקר דאָס וואָרט אַסימילאַציע. מיר ווייסן נישט, אַז ווען אַ מינאָריטעט איז „אויף קעסט“

ביי א מאַיאָריטעט, מוז ביי דער מינדערהייט פאַרקומען א פּראָצעס פון אויסערלעכער צופּאַסונג. איך האָב גענוצט דעם אויסדרוק „אויף קעסט", ווייל צום גרויסן אומגליק האָט קיין לאַנד נאָך נישט דערגרייכט די הויכע מדרגה פון זיין טאָלעראַנט און ברייטהאַרציק צום גר. ווי נאָר אַ לאַנד דערזעט דעם פרעמדן, גיט זי אים אַ ברוטאַלן פּאַק ביים קאַרק, וואַרפט אים גלייך אַריין אין באַרימטן שמעלץ־טאָפּ און נעמט אים קאָכן און פּאַרדייען, מיט דער רציחה פון דעם גרויסן און מעכטיקן איינגבוירענעם היגן, צום קליינעם און שוואַכן. קיין לאַנד קאָן נישט פאַרטראָגן דעם פרעמדן. קסענאָפּאָביע איז אַ פאַרשפּרייטע חולאת.

דער איינגעבעטענער פרעמדער מוז זיך דערפאַר ווערן קעגן די פרעמדע און בייזע אויגן און ער נעמט ביסלעכווייז אָן די אויסערלעכע סימנים פון אָן איינגעזעסענעם. שפּעטער, אויב דאָס לאַנד געפעלט אים, אַנטוויקלט ער טאַקע אַן אמתע ליבשאַפט צום לאַנד און ער ווערט אויך אינערלעך אַ בירגער פון לאַנד.

אויף אַזוי פיל איז דער פרעמדער נאָך אַלץ נישט קיין אַסימילאַטאָר. ער איז גיכער אַ פּראָדוקט פון א צופּאַסונג־פּראָצעס און פון איינבירגערן זיך אין נייעם לאַנד. די פראַגע איז נאָר, וויפל פּעק פון זיין פרעמדשאַפט וואַרפט ער אַרונטער פון זיך און וואָס פאַרא אַ פּעק וואַרפט ער אַוועק, אונטערן אויסרייד, אַז ער מוז עס נויטיק טאָן פאַר זיין נייער בירגערשאַפט.

גאָר אַ סך פרעמדע וואַרפן ארונטער פון זיך דעם עול פון פרעמדשאַפט. זיי טוען דאָס, כדי איינצושטעלן די בייזע איינגעבוירענע. זיי אַפּיזן זיי, אַזוי צו זאָגן, און ווערן ווי ניי־געבוירענע קינדער אין נייעם לאַנד. אַנשטאָט פרעמדע ווערן זיי — גאָרנישט. זיי וואַרפן גלייך אַוועק זייער אייגענע שפּראַך, זייערע מנהגים, זייער פאַרבינדונג מיט זייערע אַמאָליקע יאָרן און זייער קרובהשאַפט צו זייערע אייגענע טאַטעס און זיידעס. זיי ווערן אַליין טאַטעס, וואָס הויבן אָן דאָס טאַטעריי פון סאַמע אָנהויב, ווי זיי וואָלטן דערפונדן די דאָזיקע אינדוסטריע.

אַזוינע מענטשן זענען נישט קיין אַסימילאַטאָרן. זיי זענען אַ סך, אַ סך ווייניקער, ווי אַסימילאַטאָרן. ווען מען רופט אַזעלכע מענטשן אַסימי־לאַטאָרן, טוט מען זיי אָן אַ נישט־פאַרדינטע קרוין. זיי זענען גיכער גאָר־נישיסטן, אָדער פרעמדע, וואָס האָבן זיך אַזוי דערשראָקן, ווען זיי האָבן

דערזען די איינגעבוירענע, אַז זיי האָבן פון גרויס פּחד גענומען אַ האַק און דערמאָרדעט זייער גאַנצע פאַרגאַנגענהייט.

זייערע קינדער זענען קינדער פון טאַטעס, אָבער זיי זענען נישט קיין אייניקלעך. זיי זענען צו גאָרנישט צוגעאייניקלט. ווען מען רופט אַזעלכע קינדער — אַסימילאַטאָרן, באַגייען מיר אַן עוולה קעגן דעם דאָזיקן ספּעצי־פישן פּראָדוקט פון אינקובאַטאָר־קינדער. זיי זענען אויסגעבריטע קינדער, וואָס האָבן נישט קיין פאַרגאַנגענהייט. אַז מען זאָל זיי רופן אסימילאַטאָרן, הייסט עס פּשוט טשעפּען זיך צו קינדער פון דערשראָקענע און זעלבסט־געמאַכטע טאַטעס.

פאַראַן אָבער אַנדערע פּרעמדע, וואָס גיבן דעם נייעם לאַנד זייער גאַנצע ליבשאַפט, וואָס נעמען אָן די שענסטע אויסערלעכע סימנים פון פאַרהיימישן זיך אין דער נייער סביבה, אָבער דאָס, וואָס זיי ברענגען־מיט פון דער אלטער היים, קוקן זיי פריער גוט איבער; און אַז זיי קוקן עס איבער מיט האַרץ און מיט געפיל און מיט בענקשאַפט, געפינען זיי שוין גאָר אַ סך טייערע זאַכן, וואָס זיי באַהאַלטן און ווילן זיך דערמיט קיינמאָל נישט שיידן. זיי באַשליסן, אַז דאָס נייע לאַנד האָט קיין רעכט נישט זיי אײנגאַנצן צו באַגנבֿענען און צורויבן ביי זיי זייערע טייערסטע דערמאָנונגען. דאָס נייע לאַנד האָט קיין רעכט נישט ביי זיי צוצונעמען זייער אינדיווידואַליטעט. דאָס נייע לאַנד טאָר זיי גלייך נישט אונטעררוקן די פּילגרים־פאָטערס, אויפן אָרט פון זייערע אייגענע טאַטע־מאַמע. דורך אָננעמען די בירגערשאַפט אין נייעם לאַנד, האָבן זיי זיך נישט אונטערגענומען צו ווערן יומטובדיקע אינדיטשקעס, וואָס דאַרפן זיך כּסדר אָנבלאָזן און האַלטן אין איין דאַנקען דאָס לאַנד מיט אַ גרעסערער אינערלעכער אויסגעהוילטקייט און אויסער־לעכער אָנגעשטאָפּטקייט. איז ווייסן מיר אַקוראַט, אַז די דאַנקבאַרקייט, וואָס מיר זענען שולדיק דעם נייעם לאַנד, האָט אַ גרענעץ. אפילו ווען מיר זענען געקומען אַליין, מעגן מיר אויך מהנה זיין אונדזערע טאַטעס און זיידעס און זיי אויך ברענגען גייסטיק קיין אַמעריקע. אפשר האָב איך אויך באַדאַרפט זאָגן אין אַ גייסטיקער אַמעריקע, אַז מיר קומען אַליין — אָן אַ פונוואַנען, זענען מיר צו־לייכט אויף דער וואָג. מיר זענען עפּעס גנבֿישע אימיגראַנטן, וואָס ס׳איז בעסער אַז מען דערמאָנט אינגאַנצן נישט דעם יחוס. איז דערפאַר בעסער מיטצוברענגען אונדזערע טאַטעס און זיידעס און זאָגן, אַז מיר זענען טאַקע גרייט זיך צוצופּאַסן אויסערלעך צו דער

נייער אומגעבונג, אָבער מיר זענען נישט גרייט צו פאַרלויפן דעם וועג דעם נאַטירלעכן צופּאַסונגס־פּראָצעס. מיר זענען נישט גרייט איבערצולאָזן אונדזער פאַרגאַנגענהייט אויף דעם אינדזל, ווי דאָס וואָלט געווען אַ דעזינ־פעקציע, אָדער אַן אנטלויזונג.

מיר האַלטן, אַז ווען מיר שמוגלען זיך אַליין אַריין אין לאַנד, אַן געפּעק פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט, טוען מיר אַן עוולה אונדזערע קינדער, וואָס ווערן היגע פון ערשטן דור. אַ סקרוך גייט דורך איבערן לייב, ווען מען גיט אַ טראַכט וועגן דעם טרויעריקן גורל פון די ערשטע דורניקעס, וואָס זענען אינגאַנצן אָן טראַדיציע. אַן ערשטער דורניק איז אינגאַנצן אַ צעבראָכענער מענטש, ווייל ער איז מקנא דעם צווייטן דורניק און דער צווייטער דעם דריטן און דער דריטער — ביז דעם מעיפלאוער, אָדער די טעכטער פון דער רעוואָלוציע.

ווען מיר וואַרפן־אַרויף אויף אונדזערע קינדער דעם שווערן עול פון אָנהויבן פון זיך אַליין, מוזן זיי זיך שעמען, מיט אַזוי גערופענע טאַטעס פון דעם פאַר־ערשטן דור, וואָס דרייען זיך נעבעך אַרום אין אַ תוהו־ובוהו, צווישן איין גאָרנישט און דעם אַנדערן. אַלץ וואָס דער ערשטער דורניק קאָן טאָן, איז וואָס גיכער פאַרלייקענען און נאָך מער אָפּצואווישן דעם קינסטלעכן מענטשן, וואָס איז אַ פון־ערגעץ־נישט־געקומענער. און אויב ער אַליין, דער ערשטער דורניק, איז אַן אָנהויבער, מוז ער אַנטוויקלען אַ שולד־קאָמפּלעקס, וואָס אים איז באַשערט אַזאַ אומגליק, צו זיין אַן ערשט־געבוירענער אין אַ לאַנד, וואָס האָט שוין אַזאַ אַלטע געשיכטע. דער ערשט־געבוירענער ווערט כמעט אַזאַ פּחדן, ווי דער ערשט־געקומענער און דערפאַר איז זיין בייטראָג צום לאַנד אָדער אַן אַריבערשרייערישער קאָמערציעלער דערפאָלג, אָדער אַ דערשראָקענער פּיפּס, וואָס איז נידע־ריקער פון גראָז און שטילער פון דעם ערגסטן לא יוצלח.

ניין, אונדזער דאַנקבאַרקייט צום נייעם לאַנד טאָר נישט גיין אַזוי ווייט, אַז מיר זאָלן מקריב זיין די טאַטעס מיט די זיידעס און דערביי מקריב זיין זיך, און דערצו וואַרפן אונדזערע אייגענע קינדער צום אויס־געטראַכטן מולך, וואָס וויל אויפפרעסן אַלע קינדער פון די אַריבער־געקומענע און מאַכן פון זיי פּיפּקע.

אויב ס'איז יאָ ערגעץ דאָ אַזאַ מולך, איז ער אַ מיאוסער אָפּגאָט

און ער סימבאָליזירט נישט דאָס נייע לאַנד. ער איז פּונקט אַזוי געזעצלעך־אַמעריקאַניש ווי דער קו־קלוקס, אָדער דער אמאַליקער מאָרמאָניזם מיט זיין פיל־ווייבעריי.

וואָס־זשע איז פּאָרט אסימילאציע? ווען א באקאנטער יידישער שרייבער האלט אַן ענגלישע רעדע ביי אַ פאַרזאַמלונג פון יידן, וואָס פאַרשטייען יידיש, איז ער אַלץ נישט קיין אַסימילאַטאָר. ער איז בלויז געוואָרן אַביסל עלטער און ער האָט שוין מער נישט קיין כוח און קיין געדולד צו קעמפן. מען קאָן צו אים קיין גרויסע טענות נישט האָבן. קנאַפּע זעכציק יאָר, זאָגן מיר, האָט ער גערעדט יידיש און ס׳האָט קיין סך נישט געהאָלפן. כאַפּט ער זיך צו ענגליש, אפשר וועט דאָס העלפן. איך האַלט נישט, אַז יידיש איז אַזאַ אָפּקומעניש, אַז מען מוז מקדש יידיש זיין אַלע מאָל און תמיד רעדן יידיש. ווען אַ מענטש פּרעדיקט יידיש מיט זיינע שאַפונגען גאַנצע פערציק יאָר און ער וויל אַליין, אויף דער עלטער, פּלוצים ווערן אַ קאָמפּראָמיסלער, לגבי זיך אַליין, איז עס זיין אייגענע זאַך און ער האָט אפשר אַ רעכט דערצו.

פּרעדיקן יידיש אין אַמעריקע איז בכלל אַ פראַגע פון גרויסן אויסדויער און גרויס העלדישקייט, און אַ סך שרייבער פאַלן פון די פיס. ווער פריער, ווער שפּעטער. מיר מעגן באַגריסן די קליינע צאָל העלדן, וואָס קאָנען נאָך אַלץ זיין אויסגעהאַלטן, אָבער מיר האָבן נישט קיין רעכט צו פאַראורטיילן די קנאַפּערע העלדן, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, ווייל אויך זיי זענען יידישע העלדן אין אונדזער יידישער אַמעריקע.

אָבער זאָלן מיר פונדעסטוועגן די קנאפּערע העלדן מוחל זיין, ווען זיי ווילן אונדז איינרעדן, אז מיטן ענגליש גיבן זיי בגניבה איין אַן עס־לעפל יידיש. דאָס איז באָבע־מעשיות. ענגלישער ריצנאַייל, פאַרוואָסערט מיט אַביסל יידיש, ווירקט שלעכט אויף די געדערים. העכסטנס קעמפן די קנאפּערע העלדן אויס פּאָזיציעס פאַר זיך, אָבער די יידישע קולטור געווינט קנאפּ דערפון; כ׳מיין די יידישע קולטור, ווי מיר האָבן זי געקענט און אויסגעחלומט ביז איצט.

ס׳קאָן זיין, אַז ס׳זענען נויטיק אַנדערע מעטאָדן. ס׳קאָן זיין, אַז מיר דאַרפן זיך אַלע רעאָריענטירן, אָבער דאָס, וואָס איינצלנע מענטשן לויפן אַליין אין די אָרעמס פון די אָפּפרעמדערס, מאַכט דעם איינדרוק פון זוכן

גיך־רעטונג פאַר זיך אַליין. די גאַנצע יידישע קולטור איז קראַנק, אָבער דערצו איז נויטיק אַ קאָנסיליום, אַ סנהדרין. ווען יחידים פרעגן זיך ביי קיינעם נישט אָן און שטייען שוין און פארשרייבן רעצעפטן אויף ענגליש, מוז מען מודה זיין, אַז עס מאַכט נישט קיין צו־גוטן איינדרוק.

אָבער דאָס אַלץ האָט גאָרנישט צו טאָן מיט אַסימילאַציע. אַסימי־לאַציע, די באַוואוסטזיניקע אידעאָלאָגיע, וואָס טענהט, אַז מיר זענען נישט קיין פאָלק, נאָר אַ רעליגיע, און פרעדיקט שנאת־ציון, איז באַזירט אויף גראָבע אינטערעסן. אַ הייפעלע רייכע יידן מיינען, אַז זיי וועלן דורך סאַבאָטאַזש פון ציוניזם באַפעסטיקן זייערע פּאָזיציעס אין לאַנד. זיי האָבן רק מורא, אַז זייערע רייכטימער זענען אין געפאַר.

ס'איז אַ פראַגע פון אייגנטום־אינטערעסן. אויף אַזוי פיל וואָלט עס געווען אַ קראַנקהאַפטיקע דערשיינונג פון דער אַמאָליקער אַסימילאַציע, וואָס האָט געהאַט אַ שטיקל יידיש האַרץ, צו קאָנען אויפטרעטן ווי געשוואוירענע און פארברענטע שונאי־ציון, אין דער איצטיקער גורלדיקער צייט, פאַר דער וועלט און פאַרן יידישן פאָלק, ווייזט אַז די מענטשן האָבן קיין יידיש האַרץ נישט, אפשר גאָר אינגאַנצן קיין האַרץ נישט.

1960

## קאַטעגאָריעס — מענטש

אַ פּסיכאָלאָג האָט איינגעטיילט די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט אין זיבן קאַטעגאָריעס. פאַראַן, זאָגט ער, זיבנערליי מענטשן אויף דער וועלט. מענטשן וואָס ווערן געטריבן צו זיין אקטיוו און וואָס קאָנען נישט איינזיצן; מענטשן וואָס האָבן ליב צו זיין געזעלשאַפטלעכע טוערס, און איידער מען קוקט זיך אום פארכאַפּן זיי שוין דעם עמוד און האַלטן אַ רעדע. ווידער זענען פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן שטאַרק ליב צו באַלאַקען. דאָס זענען טיפּן, וואָס אַז מען באַגעגנט זיי אונטערוועגנס, דערציילן זיי אויס זייער גאַנצע ביאָגראַפיע. זיי אַרט אויך נישט, וואָס זיי פאַרגעסן צו לאָזן דעם צווייטן אויסרעדן אַ וואָרט.

דער פּסיכאָלאָג רעכנט אויס נאָך אַזעלכע באַזונדערע מענטשלעכע אייגנשאַפטן, אָבער ער שעפּט ווייט נישט אויס די מענטשלעכע פּערזענ־

לעכקייט. דער מענטש וועט אַלץ פאַרבלייבן אַ טיפע רעטעניש, וואָס לאָזט זיך נישט פאַנגען אין שטייגלעך פון וויסנשאַפטלעכע קלאַסיפיקאַציעס.

אייגנטלעך האָבן דאָס אַלע מאָל געטאָן שרייבער: זיי איז געגאַנגען אין ארויסברענגען דעם מענטשן, אויפקלערן אים, אים אויסטייטשן און אים גייסטיק פאָטאָגראַפירן. דער שרייבער איז בטבע אַן אויסטראַכטער, און אַפילו ווען ער איז כלומרשט אַ רעאַליסט, אָדער אַ נאַטוראַליסט, איז ער אַלץ נישט קיין פשוטער פאָטאָגראַפּטשיק, ווייל ער וועט עפּעס צוגעבן פון זיך און דעם מענטש רעטושירן, לויט דעם שרייבערס אייגענעם געשמאַק.

אַלע פאַרזוכן אויסצובעסערן דעם מענטש דורך ליטעראַטור האָבן זיך ארויסגעוויזן צו זיין אַ קאַלאָסאַלער דורכפאַל, דערהויפּט דערפאַר, ווייל דער שרייבער קען זייער ווייניק זיך אַליין. ער האָט זיך אַליין נישט אויסגעשטודירט ווי געהעריק, ער ווייסט נישט אויף וואָס ער איז אומ־פּעאיק. ער וויל געבן אַ פלי אין די הימלען, ווען ער קאָן קוים קריכן אויף דער ערד. „רופא הייל זיך אַליין", איז חל אויף די אַלע שרייבער, וואָס ווילן היילן די מענטשהייט. זיי האָבן נישט דעם צוגאַנג צו זיך, טאָ ווי זאָלן זיי האָבן דעם צוגאַנג צו פרעמדע מענטשן?

דערפאַר האָבן פּראָפעסיאָנעלע פּסיכאָלאָגן איבערגענומען די מענטש־וויסנשאַפט. זיי האַלטן, קודם כל, אַז אַן אמתער אונטערזוכער פון מענטשן, מוז פריער אַליין דורכגיין אַ גאַנצן קורס פון זיך־אונטערזוכונג. ער לאָזט זיך פּסיכאָאַנאַליזירן, אָדער זיכאַנאַליזירן, און ערשט נאָכדעם ווי זיי באַקענען זיך מיט זיך אַליין, האַלטן זיי, די אונטערזוכערס זענען ראוי צו שטודירן אַנדערע מענטשן.

אָט די הנחה איז אויך אַ פאַלשע. ווייל ערשטנס איז יעדער מענטש אַן עולם קטן, און אַז אַ מענטש זאָל ערנסט זיך ווילן שטודירן, דאַרף ער עס טאָן אַ לעבן לאַנג, ווייל אין יעדן מענטשן לעבט אַן איבעראשער, וואָס קאָן אָפּטאָן אַזעלכע שפּיצלעך, אַז דער מענטש זאָל זיך אַליין נישט דערקענען. צו מאַכן אמתע באַקאַנטשאַפט מיט זיך, דאַרף מען אָפּט ווערן אַ נודניק, וואָס זאָל זיך גריבלען אין די אייגענע מעשים, זיי וועגן און מעסטן און שטודירן.

אָבער דער עיקרשט גייט עס טאָקע אין וועגן און מעסטן. ווייל וואָס קומט מיר אַרויס, אַז דער פּסיכאָאַנאַליטיקער דערקענט זיך שוין אַליין

און ער דערזעט זיך אין שפּיגל, אַז ער איז ווייט פון אַ צאַצקע? דערקענען זיך איז נאָך ווייניק, ער דאַרף דאָך וועלן זיך אויסבעסערן. דאָס אַליין איז אַ לעבנס־אויפגאַבע, צו אַרבעטן כסדר אויף זיך, זיך צו רעפאָרמירן. ווען אַ פּסיכאָאַנאַליטיקער וואָלט טאַקע באמת געוואָלט זיך אויסהיילן און זיך מאַכן פאַר אַ בעסערן מענטשן, וואָלט ער נישט געהאַט קיין צייט פאַר פּאַציענטן. ער וואָלט געווען זיין אייגענער פּאַציענט אַ גאַנץ לעבן, אָבער קיין לעבן דערפון וואָלט ער נישט געקאָנט מאַכן.

דערפאַר קאָנען אויך פּסיכאָאַנאַליטיקער און גלאַט פּסיכאָלאָגן נישט אויסשעפּן די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט, ווייל זיי אַליין קאָנען זיך אַליין נישט קענען, און אויב מ׳קאָן זיך אַליין נישט קענען, איז דאָך אַ פּשיטא, אַז ס׳איז שווער צו שטודירן יענעם. ערגער פון אַלץ איז וואָס יעדער באַזונדערער מענטש איז אַן אַרמיי פון באַזונדערע מענטשן. ער איז אַן אָרקעסטער מיט אַ קאַפּריזנעם דיריגענט. ער קאָן זיין טרויעריק און פריילעך, גוט און שלעכט, פאַרשלאָסן אין זיך און אויפגעקנעפּלט, ציניש און גלויביק, אין צענדליקער קאָנטראַסטן. קיין מענטש איז נישט דאָס וואָס ער איז אַלע מאָל. ער איז נישט קיין מאַשין, ער ווערט באַווירקט פון אַ שמייכל, פון אַ וואָרט, פון זיין געזונט־צושטאַנד. שטימונגען און אומשטענדן קאָנען ענדערן אַ מענטשן. דעם מענטשן איז אַ סך שווערער צו באַמייסטערן זיינע שטימונגען און זיינע אומשטענדן.

דערפאַר פייפט דער מענטש אויף אַלע דעפיניציעס און קלאַסיפי־קאַציעס. ער איז אַזוי שטאַרק קאָמפּליצירט, אַז ס׳איז אים שווער צו פאַר־איינפאַכן. אַפילו דער איינפאַכסטער מענטש איז אַ רעטעניש. מען קאָן נישט מאַכן קיין געזעצן, מען קאָן אים בלויז טעראָריזירן און הערשן איבער אים מיט דעקרעטן. די ערגסטע טיראַנען זענען זיכער מיט דעם מענטשן — אין אַ סטאַדע. זיי ווייסן ווי אַזוי ער וועט אויסזען, ווען מען וועט אים טרייבן צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע מענטשן; ווי אַזוי ער וועט שרייען הוראַ און ווי אַזוי עס וועט זיך אין אים אָנצינדן די יוכע פון דעם סטאַדע־מענטש. אָבער אויך דיקטאַטאָרן קענען נישט דעם באַזונדערן מענטש. אַ דיקטאַטאָר האָט ווייניקער מורא פאַר דעם המון, ווי פאַר דעם באַזונדערן מענטשן, וואָס שטייט נאָענט צו אים און קומט צו אים שמייכלען טאָג־טעגלעך.

1960

# יואל ענטינס געזאַמלטע שריפטן

דער ערשטער באַנד פון יואל ענטינס געזאַמלטע שריפטן איז שוין דערשינען מיט איבער אַ יאָר צוריק. כ׳האָב דאָס בוך נישט איינמאָל געבלעטערט און טועם געווען, ווי מען טוט געוויינלעך מיט אַ בוך איידער מען לייענט עס גוט דורך. און יעדעס מאָל ווען כ׳האָב דאָ און דאָרט געלייענט אַ בלעטל, האָב איך געפרעגט די קשיה, צי מען האָט טאַקע אַזאַ זאַמלונג פון ענטינס אַרטיקלען און רעדעס באַדאַרפט איצטער אַרויסגעבן אין בוך־פאָרם. ערשט ווען כ׳האָב זיך אָנגעטאָן אַ כוח און טאַקע איבער־געלייענט דאָס בוך, האָב איך איינגעזען, אַז נישט נאָר האָט מען באַדאַרפט זאַמלען די צוואָרפענע אַרטיקלען, נאָר דער באַקאַנטער פעדאַגאָג ש. שאַפּיראָ האָט בפירוש געטאָן אַ נוצלעכע אַרבעט און אַז דעם „פּנחס גינגאָלד פאַרלאַג" ביים נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פון די יידישע פאָלקסשולן, קומט אַ דאַנק פאַר אַרויסגעבן אַזאַ בוך, וואָס איז פאַקטיש די גייסטיקע ביאָגראַפיע פון אַ דור, אַן אָפּשפּיגלונג פון זיינע קאַמפן און שטרויכלונגען, איבערגעגעבן און געשילדערט אין די אַרטיקלען פון דעם ערלעכן דערציער יואל ענטין.

די קלענערע און גרעסערע אָפּהאַנדלונגען זענען אייגנטלעך מאָנאָ־לאָגן פון אַ באַוואוסטזיניקן יונגן ייד אין אַמעריקע, וואָס האָט זיך דער־הויבן צו זיין אייגענער שליחות און זיך צוואָרעמט אין זיינע כסדרדיקע דערגראָבונגען צום אמת, אז ס׳האַנדלט זיך אין איבערגעבן אונדזערע קינדער און קינדס קינדער דעם טעם פון דער עקשנות, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אונדזער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ אין אַלע פרעמדן וואָס זענען געוואָרן אונדזערע היימען.

געדערעכט איז ל. רובינשטיין אין זיין הקדמה וואָס זאָגט אונדז, אז מען האָט „באַטראַכט דאָס פּראָבלעם פון יידישער דערציאונג פאַר קינדער, יוגנט און דערוואַקסענע, ווי איינע פון די וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע פּראָב־לעמען". ענטין דער פּובליציסט, דער ליטעראַטור און טעאַטער־קריטיקער, האָט זיך זייער פרי, אין זיין רייכער קאַריערע, אָנגעשלאָגן אויף דעם אמת. אַ, ס׳איז זיין אויפגאַבע אָפּצושפּאַרן טאָג־טעגלעכע שעהן פון זיין וואָרט־פּולער זשורנאַליסטישער אַרבעט און ווערן אַ לערער ביי יידן.

סיוּוּי איז די קאַריערע פון יעדן ערנסטן פּובליציסט אין די אָנהויב יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט געווען א לערערישע. ענטין איז גאָר יונג געוואָרן דער וועגווייזער פאַר יונגע שרייבערס און יונגע בינע־כוחות. די דאָזיקע אַרבעט האָט אים געגעבן אַ סך צופרידנקייט, ווייל צו זיין וואָרט האָט מען זיך צוגעהערט. ער איז געווען דער עסטעטישער מורה־דרך פאַר אַ גרויסן קרייז לייענערס און דערפון איז אַרויסגעוואַקסן זיין השפּעה אויף יונגע שרייבערס, אקטיאָרן און דראַמאַטורגן. אָבער צולייגנדיק אַ האַנט צום גרויסן בנין פון דער יידישער קולטור אין אַמעריקע, האָט יואל ענטין איינגעזען, אז מען טאָר זיך נישט צופרידנשטעלן מיט דעם נחת פון זיך, פון דעם איינציקן דור וואָס האָט מיטגעבראַכט זיינע יידישע בענק־שאַפטן פון דער היים, ווייל אויב דער דור וועט בלויז זיך אין זיגען האָבן, וועט אַלץ אַוועק מיט אים און ס׳וועט דערפון בלייבן גאָרנישט.

אַ יאָר איידער ענטין איז געוואָרן דער לערער און פּרינציפּאַל פון דער „ערשטער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער שולע״, האָט ער זיך שוין געראַנגלט מיט דעם געדאַנק פון יידישער דערציאונג און די געזאַמלטע שריפטן הויבן זיך אָן מיט אַן אַרטיקל, וואָס ענטין האָט פאַרעפנטלעכט אין 1909, אין „די וואַרהייט״, און וואָס וויזט ווי ענטין אַלאַרמירט די יונגע אַמערי־קאַנער טאַטעס און מאַמעס מכוח יידישער דערציאונג. ענטין האָט דעמאָלט געלעבט אין אַ סביבה פון פרייע ראַדיקאַלן, און די באַוואוסטזיניקע פון זיי האָבן זיך אויסגעלעבט אין קולטור־אַרבעט, ווי דאָס וואָלט באַדאַרפט קלעקן און זיין געגוג אויף — ווי לאַנג ס׳וועט זיך לאָזן. קיין גרויסע נאַציאָנאַלע אַמביציעס האָבן זיי נישט פאַרמאָגט און זיי זענען געווען גרייט מוותר צו זיין אפילו אויפן יידישן לשון. דאָס וואָרט וועלטלעך האָט דעמאָלט געמיינט — אָנווערן וואָס מער און מער יידישע אייגנאַר־טיקייט; קומען צו דער וועלט „אָפּגעגאָלט״ פון יידישקייט און מיט לײדיקע פּעקלעך, כדי מיר זאָלן וואָס גיכער ווערן מיט לייטן גלייך, אַז די גרויסע וועלט זאָל נישט האָבן קיין צו־גרויסע שוועריקייטן אונדז איינגאַנצן צו פאַרדייען.

די יידיש־נאַציאָנאַלע כוחות האָבן באַדאַרפט פאַרמאָגן אויסערגעוויינ־לעכן מוט צו קעמפן דווקא פאַר דעם רעכט צו זיין אייגנאַרטיק־אַנדערש; פאַר דעם שטאַרקן ווילן צו קאָנען זאָגן דער וועלט, אַז מען וועט אַזעלכע עקשנותדיקע יידן מוזן אַריינגעמען ווי זיי זענען, און נישט אַנדערש־

גרימירט; אַז אין קאַמף פאַר אַ בעסערער און שענערער וועלט קעמפן זיי פאַר אַן אַנזעעוודיקער און נישט אָפּגעמעקטער שיינער יידישער וועלט.

איינער פון די ערשטע „געשפּאָלטענע" ראַדיקאַלע יידן, וואָס האָט בשום אופן נישט געוואָלט אַוועקוואַרפן, נאָר וואָס האָט כסדר געקעמפט פאַר דער באַרייכערונג פון אַלץ וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים, פונוואַנען ער איז געקומען אַ 17־יאָריקער בחור, איז געווען יואל ענטין.

אינטערעסאַנט ווי דער דירעקטאָר פון נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פון די יידישע פאָלקסשולן, ל. רובינשטיין, ווייזט ריכטיק אָן, אַז ענטין האָט זיך דורך דער אַרבעט פאַר די שולן ערשט דערנענטערט צו דער ציוניס־טישער אַרבעטער־באַוועגונג. בעת ער האָט אַלאַרמירט זיין אייגענעם קרייז פאַר יידישער דערציאונג, איז ער נאָך קיין ציוניסט נישט געווען. שרייבט טאַקע ענטין, אַז אונדזער יידישע דערציאונג אין אַמעריקע וועט מוזן געלייזט ווערן „אָן וועלכן עס איז רעליגיעזן גייסט, זאָגאַר אָן דעם ציוניזמוס". מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז דאָס איז געשריבן געוואָרן מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. ענטין האָט גערעדט צו זיין אייגענעם קרייז, ער האָט שוין אָנגעהויבן זיין שווערן וועג פון פאַרטייטשן די וויכטיקייט פון יידישער דערציאונג, ווי אַזוי מען זאָל פאַרהיטן, אַז „דער יידישער דור זאָל נישט פאַרשניטן ווערן און די קינדער זאָלן שוין נישט געהערן צום יידישן פאָלק".

די ווייטערדיקע אַרטיקלען אין די געזאַמלטע שריפטן זענען דערפאַר אויטאָביאָגראַפישע ראַנגלעניש, ווי ענטין קעמפט זיך אַליין אויס אַ וועג צום „ציוניזמוס" און אַפילו צום „רעליגיעזן גייסט". אוי קעמפט ער פאַר יידישן רעליגיעזן גייסט! ווי אַ פּעדאַגאָג לייגט ער תמיד צו — נאָך אַ שטיקל, נאָך אַ ברעקל יידישקייט, אַפילו ווען ער פאַרשטעלט עס מיט קולטור. דער רעליגיעזער גייסט לאָזט אים נישט רוען, ער קאָן קיינמאָל נישט מושווה ווערן מיט אים, ער דינגט זיך אַביסל, אָבער ער דינגט ביי זיך אָפּ פון דער אייגענער פרייהייט — וואָס מער און מער רעליגיעזע קאָנצעסיעס. ער ווייסט גוט, אַז „די רעליגיעזע אַמעריקאַנער יידן האָבן זייערע חדרים, תלמוד־תורות און ישיבות, אין וועלכע זייערע קינדער לערנען זיך יידישקייט נאָכן אַלטן שניט, די יידישקייט פון תורה און

פרומקייט. די נישט גלויביקע נאַציאָנאַליסטן אין אַמעריקע שטייען פיל אָרעמער אין דעם הינזיכט.״

ענטין האָט דעמאָלט דערהערט די אַלאַרם, אים איז געגאַנגען אין פּאַראייניקן דעם נישט־גלויביקן ייד און אים גענומען שרעקן אַז ער וועט אַוועק און חלילה נישט איבערלאָזן קיין יידישע שפּורן נאָך זיך. ענטין האָט אליין דעמאָלט געציטערט פאַר דעם גייסט פון רעליגיע און „נאַציאָנאַלע אידייען״, אָבער ער האָט נאָך מער געציטערט פאַר דער אויסגעהוילטקייט, פּוסטקייט און ניוועצדיקייט פון נאַציאָנאַלער אומגלויביקייט, וואָס האָט זיך נישט געהאַט אויף וואָס אָנצושפּאַרן און פאַרמאָגט גאָר ווייניק גייסטיקע שפּייז פאַר די יונגע דורות. ער האָט געזוכט א מין פּאַראייניקונג, אויפן באַזיס פון דעם ביסל נעפּלדיקער יידישער בענקשאַפט, פון דער איינגעחלומטער ירושה, וואָס די יידישע ראַדיקאַלן האָבן זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן דערמיט.

ענטינען איז אין זיין ערשטן אַלאַרם געגאַנגען אין פּאַראייניקן „די פרייגעזאָנענע איינגעוואָנדערטע יידישע עלטערן״. זיין פּראָגראַם איז געווען — „אַ גוטע אונטעררריכט אין דער יידישער געשיכטע, אין דער העברעאישער שפּראַך, אירע אור־קוואַלן און אַלטע און נייע קלאַסיקער, און אין אונדזער מאַמע־לשון און איר ליטעראַטור״.

כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דער ערשטער פּאַראייניקטער פּראָגראַם פאַר „פרייגעזאָנענע״, ווייל פון דעם באַזיס איז ענטין קיינמאָל נישט אַוועק. ער איז געווען פון די ערשטע זיך איינצושטעלן פאַר העברעאיש אין די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן, און נישט גלאַט העברעאיש, נאָר „אירע אורקוואַלן, אַלטע און נייע קלאַסיקער״. ער האָט זיך אָנגעלענט אויף דעם, שפּירנדיק, אַז ערגעצוואו וועט זיך עס מוזן קניפּן און בינדן מיט „רעליגיעזן גייסט״. וואָס שייך „מאַמע־לשון און איר ליטעראַטור״, האָט קיינער אין יענער צייט אַזוי הייס און האַרציק נישט ליב געהאַט יידיש ווי יואל ענטין. די שפּעטערישע מענטשן האָבן זיך אַזוי אַריינגעטאָן אין זייער אייגענער אַרבעט, אַז זיי האָבן פאַרגעסן אַקטיוו ליב צו האָבן זייער לשון; אַנדערע האָבן ליב געהאַט יידיש — פילאָזאָפיש, סאָציאָלאָגיש, יידישיסטיש — ענטינען איז יידיש פּשוט געווען ליב און טייער און ער איז אַרויסגעטראָטן אין מלחמה פאַר דעם יידישן לשון און זיינע רייכטימער.

דאָס איז געווען ענטינס פּראָגראַם־מינימום פאַר יידישער דערציאונג;

מיט דער צייט איז פון דעם פּראָגראַם געוואָרן אַ פּראָגראַם־מאַקסימום, און די ווייטערדיקע אַרטיקלען אין יואל ענטינס געזאַמלטע שריפטן ווייזן אונדז דעם אנטוויקלונגס־גאַנג פון א וואַרעמער יידישער פּערזענלעכקייט, וואָס איז געוואָקסן אין זיין אייגענער אַרבעט. ענטינס אַרבעט האָט נישט געבראַכט די פּעולה, וואָס ער האָט געהאָפט, אַז זי וועט ברענגען. דאָס איז נישט נאָר זיין אייגענע טראַגעדיע, נאָר די טראַגעדיע פון א גאַנצן דור, וואָס אָנהייבנדיק מיט ראַדיקאַליזם איז ער צו פאַמעלעך צוריקגעגאַנגען צום „רעליגיעזן גייסט", ביז ער האָט סטראַטעגיש געבראַכט „צו ווייניק און צו שפּעט". יואל ענטינס בוך ווייזט אונדז בולט, דורך אַלע זיינע לעקציעס און אָפּהאַנדלונגען, דעם בלאָנדזשענדיקן ווילן פון אַן אויפ־ריכטיקן דערציער, וואָס האָט געהאַט פאַר זיך אַן אויסגעפּורעמטע און אויסמושטירטע ארמיי פון „פרייגעזאָנענע", און צוזאַמען מיט זיי האָט ער געזוכט, געפונען, פאַרלאָרן, זיך אַראָפּגעשלאָגן פון וועג, ווידער געזוכט און תמיד געהאַט פאַר זיך אַ פּינטעלע ליכט, דורך אַלע בלאָנדזשענישן.

יואל ענטינס אַרטיקלען זענען אויך קולטור־געשיכטלעכע לעקציעס. שוין אין 1910 ווייזט ער אָן אויף דעם דעמאָלטיקן מצב פון יידישן טעאַטער און אויף דעם אומפאַרמיידלעכן קריזיס. ער שרייבט, אַז מיינסטנס ווערן געשפּילט „פּיעסן פון וועלכע דעם יונגן דור וואָס קען ענגליש און האָט אַ באַגריף פון דער ענגלישער ליטעראַטור און דער ענגלישער בינע, מוז אָפּעקלען; אָדער דאָס זענען פּיעסן, וועלכע זענען שטאַרקע נאָכ־מאַכונגען נאָך שטיקער, וועלכע דער יונגער דור קאָן זען אין זיין אָריגינעלער, נישט פאַרדרייטער געשטאַלט".

דאָס זענען וואָרענונג־ווערטער, וואָס לייענען זיך זייער און זייער „לעבעדיק" מיט פופציק יאָר שפּעטער.

ס'וואָלט גלייכער געווען, ווען איך זאָל פון די אַרטיקלען אַרויסנעמען אַ קראַנץ ציטאַטן, וואָס וואָלטן געוויזן דעם שווערן גאַנג פון אַ יידישן דערציער; פון די ציטאַטן וואָלט אָבער געוואָרן א גאַנץ באַזונדערע בראָשורע. ענטין האַלט אין איין האַמערן אויף יידיש, העברעאיש, תנ"ך און אפילו אַ „באַגריף פון תלמודישע און רבנישע ליטעראַטורן". ער הויבט שוין אָן איינרעדן די ראַדיקאַלן אַביסל „געשיכטע פון יידישער רעליגיע, דורך וועלכע די שילער זאָלן זיך באַקענען מיט דער יידישער

רעליגיע", און כדי נישט אָפּצושרעקן די „פרייגעזאָנענע", גיט ער גלייך צו — „נישט אַלס גלויביקע, נאָר כדי זיי צו פאַרשטיין".

און אין 1910, ווער האָט עס דעמאָלט אַזוי הויך פּראָקלאַמירט דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו פון יידישער דערציאונג, ווי ענטין ? ווידער־אַמאָל, מיר האַלטן נאָך אַלץ ביי 1910, און ענטין רופט צו דערציען יידן „מיט אַ שטאַרקן צובונד צו די יידישע טראַדיציעס." און ענטין רופט אויס פייערלעך : „און ווער וועט דאָס דען וואָגן צו זאָגן, אַז אַ גרינטלעכע באַקאַנטשאַפט מיט יידיש איז מעגלעך אָן הבערעאיש !".

אין 1954 אַנטוויקלט ווייטער ענטין דעם געדאַנק אין א לענגערער אָפּהאַנדלונג, אַז אָן העברעאיש איז נישטאָ קיין יידיש. „אָן דעם העברעאישן עלעמענט איז יידיש אַ שפּראַך אָן זאַלץ און אָן שמאַלץ".

**פאראן אין יואל ענטינס שריפטן גאַנצע זייטן מיט פּרעכטיקע קולטור־זכרונות און שילדערונגען פון יענע ווייטע צייטן, ווען אברהם וואַלט (ליעסין)** האָט נאָך דורך פריינט געשיקט זיינע לידער צו אב. קאַהאַנען, און די לידער, **ווי ליעסין האָט זיך** אויסגעדריקט, זענען צעטרוכניעט געוואָרן ביי קאַהאַנען אין קעשענע. צעטרוכניעט איז אַן אויסדרוק, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געהערט. אָבער ס'איז אַזאַ בילדלעך וואָרט, אַז אַ פּאָעט דערשפּירט גלייך דעם ביטערן טעם דערפון. מיר לייענען, למשל, אַ סאַטיריש בילדל, וואָס ענטין נעמט אַרויס פון ז. ליבינס אַ דערציילונג און מיר אַנטדעקן דעם שבט פון „אַ יידיש־שפּרעכנדן סאָציאַליסט". א גענאָסע בעט זיך מען זאָל אָפּלייגן א געפּלאַנטע הוליאַנקע און זי נישט מאַכן אין דער נאכט פון תשעה באב. דער פּאַרזיצער אונטערברעכט אים, אַז דער גענאָסע איז אויסער אָרדנונג.

— מיר זענען נישט קיין יידן !

— וואָס דען זענען מיר ?

— מיר זענען יידיש־שפּרעכנדע סאָציאַליסטן !

דער „געזאָסע" טענהט, אַז „יידיש־שפּרעכנדע סאָציאַליסטן" זענען **דאָך עפּעס שטיקלעך קרובים מיט יידיש־שפּרעכנדע יידן, אָבער דער טשערמאַן ענטפערט :**

— איר ווייסט זעלבסט, דאָס מיר האָבן וויינציק וואָס צו טאָן מיט **רעליגיאָן.**

אַזעלכע טייערע ראַזשינקעס קאָן מען געפֿינען נאָך אַ סך אין יואל ענטינס שריפֿטן. דאָס בוך איז אויך ווערט געלייענט צו ווערן כדי צו זען, אַז ענטין האָט זיך נישט געשראָקן פֿאַר שטאַרקע ווערטער. מיט אַן ערך 53 יאָר צוריק האָט ער אַזוי געשריבן — „נעמט אַוועק פֿון יידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פֿאַרבאַנד זיין טעטיקייט אויפֿן פֿעלד פֿון יידישער דערציאונג און די פּאָר טעטיקייטן זיינע, וואָס זענען ענלעך צו דער דאָזיקער און ער ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ קליינעם, אָרעמען, מגושם־נשמהלאָזן לאָדזש".

און ווען יואל ענטין האָט געשריבן וועגן דעם „נאַציאָנאַליזירנדיקן כוח פֿון יידיש", האָט ער אַזוי התלהבותדיק געזונגען:

„קאָן איך רעדן מיט דער טיפֿסטער איבערצייגונג פֿון דער שיינקייט פֿון דער יידישער שפּראַך, וואָס העכער ווי אַ האַלבן יאָרטויזנט, אַז עס שטעמפּלען זיך אין איר אָפּ — אָט ווי פֿאָסילען אינעם שויס פֿון דער מוטער־ערד — אַלע די נשמה־קנייטשן אין גייסט און כאַראַקטער־שטריכן, וואָס קומען־אויף אין אונדזער פֿאָלקס לעבן, אין דער נייער, נייערער און נייסטער צייט, פֿון קבלה און חסידות, און נאַציאָנאַליזם, און ציוניזם און סאָציאַליזם און איבערוואַנדערונג און איבערבוי און אומקום־שרעק און האָפֿענונג און קאַמף־שטרעבן".

## ב. ריווקינס רעדנעריש־שרייבערישער סטיל

ס'ווערט שוין באַלד פֿופֿצן יאָר זינט דער קריטיקער און פּובליציסט ב. ריווקין איז געשטאָרבן און זיין ליטעראַרישע ירושה איז נאָך נישט אויסגעשעפּט, כאָטש זיין אַלמנה, די דיכטערין מינאַ באָרדאָ־ריווקין, האָט שוין ביז איצטער אַרויסגעגעבן נישט ווייניקער פֿון אַכט גרויסע בענד פֿון זיינע פֿאַרבליבענע כתבים. דאָס אַכטע, דער סאַמע נייסטער באַנד, — „דיכטער אין אַמעריקע", אַ זאַמלונג קריטישע עסייען פֿון איבער 300 זייטן, איז נישט לאַנג צוריק דערשינען אין פֿאַרלאַג „ייד־בוך", אין בוענאָס איירעס. מיר האָבן גאָר אַזויפֿיל נישט געוואוסט, אַז

ריווקין האָט אַזוי קריטיש נאָכגעפּאָלגט די יידישע ליטעראַטור. טאָמער איז דאָס ווייניק, זאָגט אונדז די געטרייע אַלמנה, אַז ס׳קומען נאָך און נאָך, באַזונדערע ביכער וועגן משה לייב האַלפּערן, וועגן ליעסינען, וועגן יהואָשן און וועגן ד״ר חיים זשיטלאָווסקי. אין דעם נייסטן בוך — „דיכטער אין אַמעריקע" געפינען מיר לענגערע אָפּהאַנדלונגען וועגן יהואָשן, ליעסינען און האַלפּערנען, אָבער ס׳איז נישט קלאָר, צי דאָס זענען טאַקע די צוגעזאָגטע ביכער, אָדער זיי זענען בלויז אַדערויפן אויף דער נאָך־וויטערדיקער אומאויסשעפּלעכקייט פון ב. ריווקינס איבערלאָז.

כ׳ווייס נישט צי דער טעמפּעראַמענטפולער קריטיקער האָט געהאַט בדעה צו פאַרעפנטלעכן אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן געלעגנהייטלעך וועגן יידישע פּאָעטן און פּראָזאַאיקער, אָבער מינאַ בראָדאָ־ריווקין איז פול מיט פרומער באַוואונדערונג פאַר ריווקינס יעדער וואָרט, און דער אויסקלייב אירער איז זיכער נישט קיין אָפּקלייב, נאָר אַ געפּלאַנטע פולע זאַמלונג פון ריווקינס געשריבענע רייד — אויף דער הייסער מינוט. אַלץ וואָס ריווקין האָט געשריבן איז געווען הייס, און זיינע קילסטע באַטראַכטונגען און אַנאַליזן זענען אויך געווען אָנגעגליט. זיין קילקייט איז אַמאָל געקומען צום אויסדרוק, ווען ריווקין האָט צו געוויסע מחברים נישט געשפּירט קיין צו־שטאַרקע באַציאונג, נישט דערפאַר ווייל ער האָט עפּעס חלילה צו זיי געהאַט, נאָר ווייל זיי האָבן זיך נישט געלאָזט ער זאָל עפּעס מאַכן מיט זיי, אָדער פון זיי. ער האָט באַטראַכט אַ שריי־בערס אַרבעט ווי אַן אַרענע, וואָס אויף איר האָט ער ערשט באַדאַרפט שאַפן אַ ספּעקטאַקל; אויב די אַרענע איז אים נישט געווען שטאַרק צום האַרצן און זי האָט אים נישט געגעבן די רחבות, וואָס ער האָט באַדאַרפט האָבן פאַר זיינע פייערווערק, האָט ער זיך אויך אָנגעצונדן, אָבער ער איז נישט געווען אַזוי התלהבותדיק, ווי אויף אַנדערע שרייבע־רישע אַרענעס, וואו ער האָט געהאַט „עלענבויגן־רוים". ריווקין איז געווען אַ רעדנער און אויף דער פּלאַטפאָרמע איז ער קיינמאָל רואיק נישט איינגעשטאַנען; ער האָט תמיד אַרומגעשפּרייזט, זיך געמוחט, אימפּראָוויזירט און גערעדט מער צו די פּלאַטפאָרמע־זיצערס, ווי צום עולם. אַזעלכע אַרומשפּרייזן מאַכט ער אויך אין זיינע קריטיקן און וואויל איז צו די שרייבערס, וואָס גיבן אים די געלעגנהייט פאַר דעם ברייטן און מעכטיקן שפּריז.

ריוווקין האָט ווי אַ רעדנער און ווי אַ שמועסער געהאַט אַ פול מויל מיט רייד, די ווערטער האָבן זיך אַרויסגעשאָסן, נאָך פריער, איידער זיי האָבן עפּעס געמיינט. נאָכדעם ווי ריוווקין האָט זיי אַרויסגערעדט, זענען זיינע זאַצן געווען אויף אייגענעם באַראָט. זיי האָבן באַדאַרפט זוכן תכלית, און אַז זיי האָבן עס געפונען האָבן זיי פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקן חן. טאָמער איז פון זיי נישט געוואָרן קיין לייט, איז זיי אויך געווען צו באַוואונדערן, ווייל זיי זענען סיווי געווען וואולקאַניש. זיי האָבן געשוועבלט און זיך נישט דערשוועבלט, אָבער די רייד אַליין האָבן זיך געקאָכט אין אַן אייגענעם טייטשלאָזן קעסל.

אין זיינע קריטיקן און אָפּשאַצונגען איז ריוווקין אַלץ דער רעדנער און רעדער. ער איז וואולקאַניש און ער לאָזט־אָפּ זיינע רייד, מיט אַן אינערלעכן אימפּעט. ער צווינגט זיי אַרויס פון זיך און ס'איז צו באַוואונדערן, ווי גרינג ס'איז אים צו זאָגן און גאָרנישט זאָגן. כ'בין מסופק, צי מיר האָבן שוין אַמאָל געהאַט אַזאַ שרייבער, וואָס קאָן אַזויפיל רעדן און אָנרעדן, און וואָס קאָן אַזוי צוזאַמענפירן זאַצן, וואָס האַלטן זיך מיט אַ באַזונדערן כוח, ווען אַפילו זיי מיינען אבסאָלוט גאָרנישט.

ריוווקין האָט געהאַט עטלעכע אידעען, אַ חוץ זיין משיחיזם, צווישן זיי דעם געדאַנק, אַז יידישע ליטעראַטור דאַרף ווערן רעליגיע, כדי ס'זאָל האָבן אַ טיפע השפּעה אויף די יידישע לייענער און זיי געבן דעם זעלביקן הייליקן ציטער, וואָס אונדזערע טאַטעס האָבן געקראָגן פון ימים־נוראימדיקע תפילות. דיכטערס און פּראָזע־שרייבערס, וואָס האָבן אים געגעבן די געלעגנהייט צו פראַווען די דאָזיקע אָקולטיסטישע סעאַנסן אויף זייערע ווערק, זענען פון אים רעכט באַאַרבעט געוואָרן. אָבער דער דאָזיקער גרונט־געדאַנק זיינער האָט געהאַט אַ סך וואַריאַציעס. ער האָט אים צעלייגט אין פאַרשידענע פראַזן און סענטענצן, און בעת ער אַליין איז געווען זיכער, אַז זיינע רייד האָבן געקלונגען מיט אַן איבערצייגנדיקן פּאַטאָס, זענען זיינע געדאַנקען אָפּט אַרויסגעקומען מטושטש און זיי האָבן, ווי פריער געזאָגט, געמוזט זיך פאַרלאָזן אויף אַן אייגענער מאַגיק פון עפּעס אַזוינס, וואָס איז שווער צו דעפינירן; צום נאָענטסטן איז עס געווען, קאָן מען זאָגן, צו נאַאיוויטעטן וואָס ריוווקין האָט אַרויסגערעדט אָקסיאָמאַטיש, ווי ער וואָלט אַנטפּלעקט בלויז דעם אויבערפלאַך פון טיפעניש, וואָס זענען פאַרהוילן פון דעם געוויינלעכן בן אדם.

מען וואָלט געקאָנט צונויפֿשטעלן אַ גאַנץ פֿיינעם צעטל פֿון אַזעלכע זאַצן, וואָס זענען צום באַוואונדערן — דער עיקר פֿון זיינע אַמביציעזע אַרבעטן איבער זיין באַליבטן פּאָעט לייוויק. ווי מינאַ ריווקין זאָגט אונדז אין איר אַריינפֿיר צו ריווקינס בוך — „ה. לייוויק, זיינע לידער און דראַמאַטישע ווערק". „משיחיזם", זאָגט אונדז מינאַ ריווקין, „האָט ריווקין אָנגעווענדט אויף זיינע אויסדערוויילטע שרייבער (און דער אויסדערוויילטסטער פֿון די אויסדערוויילטע איז ביי ריווקינען געווען דער גרויסער דיכטער ה. לייוויק), ווייל ער האָט געהאָפֿט, אַז זיי וועלן זיין די, וואָס וועלן אויפֿנעמען זיין געדאַנק און אַריינאַרבעטן אים אין זייערע ווערק, אַזוי, אַז זייערע שאַפֿונגען זאָלן זיין אימשטאַנד אָפּצוטאָן אַ הייליקן כישוף דער נישט־יידישער וועלט".

אַזוי זאָגט אונדז די אלמנה ריווקין, און ווען זי רעדט פֿון אַ „הייליקן כישוף", פֿאַלט זי זיכער אַריין אין ריווקינס טאָן, ווייל ער האָט געגלויבט און געוואָלט אַז אַנדערע זאָלן גלויבן אין זיין כוח פֿון אַריינגעבן אַ שרייבער אַ שם המפורש, אָדער אים פֿאַרדיבוקן אַזוי, אַז ס'זאָל פֿון אים אַרויסרעדן אַקוראַט אַזוינס וואָס ער וויל. ריווקין האָט געקוקט אויף זיינע שרייבערס ווי אויף הייליקע גולמים, וואָס ער האָט אין זיי אַריינ־געבלאָזן זיין ווילן. וועגן לייוויקן האָט ער מיר עטלעכע מאָל געזאָגט, אין מאָמענטן פֿון אומצופֿרידנקייט, וואָס לייוויק איז אַוועק נישט אויף די וועגן וואָס ער האָט פֿאַר אים אויסגעפּלאַסטערט: „איך האָב אים געמאַכט, אָבער איך וועל אים צוריקציען". ער האָט באמת געגלויבט, אַז ער האָט געגעבן לייוויקן דעם כוח פֿון משיחישקייט, וואָס כ'ווייס נאָך עד היום נישט, וואָס עס מיינט.

מען מעג באמת באַוואונדערן די דאָזיקע אומגעהייערע געטריישאַפֿט פֿון דער אלמנה ריווקין צו אַ געשטאַלט, וואָס זי באַזינגט אין איר ליד, געשריבן צו ריווקינס זיבעטן יאָרצייט —

> פֿאַר מיר זיין פּנים, לבנה אין מיין הימל, תמיד שיינט,
> אַ בונד פֿון לעבן און פֿון טויט איך האָב מיט דיר באַנייט.

(ציטירט פֿון איר בוך — „לידער און איבערבליקן"). מיר איז אָבער שווער צו באַשטימען, צי מען האָט נישט באַדאַרפֿט אַביסל בעסער דורכזיפּן ריווקינס ירושה, כדי דער דאָזיקער „הייליקער כישוף" זאָל

נישט אַזוי פריי שאַלטן און וואַלטן, אין ריווקינס שרייבערישן קעניגרייך.

מיך אינטערעסירט ספּעציעל דאָס ווערק זיינס וועגן לייוויקן, און אויף וויפל ריווקינס לענגערע אָפּהאַנדלונג קאָן נאָך אָנגעווענדט ווערן, ביים היינטיקן טאָג, אויף דער געבענטשטער שפע וואָס לייוויק האָט געבראַכט דער יידישער ליטעראַטור. אַוודאי האָט ריווקין גלייך געכאַפּט, אַז לייוויק פאַרמאָגט אַ טיפע אינעווייניקסטע וועלט פונוואַנען ער שעפּט, און אַז ער אוניווערסאַליזירט די קלענסטע אייגן־געזעענע קלייניקייטן. דער אופן אָבער, ווי ריווקין אַליין האָט עס צוזאַמעגעפּלאָנטערט, האָט גיכער געשאַפן אַן אייגענע ריווקין־וועלט פון אַ „הייליקן כישוף", מיט אַ באַזונדערן כישוף־לעקסיקאָן, מיט פראַזן וואָס האָבן געמוזט לעבן אויף אייגענע קעסט, ווייל ריווקין האָט זיי פּראָדוצירט, אָן שום קאָנטראָל; ער האָט געגעבן זיינע רייד אַ באַזונדערע אויטאָנאָמיע פון פרייען אויסדרוק.

וועגן לייוויקס „לידער, 1932", זאָגט ריווקין, אַז לייוויקס „אייגענע געשטאַלט" זעט לייוויק ווי — „די פאַרקלערטע, פאַרטראַכטע און פאַרחלומטע אָפּשפּיגלונג אירע, אין דעם שוואַרצאַפּל פון זיין אינעווייניקסטן אויג". מען זעט גלייך אַז ריווקין אַליין איז לייוויקיש אָנגעשטימט, אָבער מיט דעם „שוואַרצאַפּל פון אינעווייניקסטן אויג" וויל ער אויך לייוויקן עפּעס סוגעסטירן און פאַרשרייבן אַ דיכטערישן דרך.

ריווקין פאַרזיכערט אונדז ווייטער, אַז דורך „אַלע פיר טיילן פון לייוויקס בוך, זעט מען ווי לייוויק טוט זיך אַלץ מער אויס און טוט זיך אַלץ מער אַריין אין דעם דרויסן פון זיך".

שפּעטער ווערט ריווקין נאָך רעדנערישער און ער נעמט אויפשלאָגן ווערטער־שוימען:

„האָט ער זיך צוריק פאַרטיפט אין זיין זעלבסט־זעאונג, און אַלץ מער זי פאַרגרעסערט, פאַרמעסטנדיק זיך מיט איר אויף דער ריזן־געשטאַלט, וואָס האָט איינגעזויגן אין זיך די דערלייזונג־בענקשאַפט פון אַלע צייטן און פון דער איצטיקער אויפגעשטורעמטער און האַרצרייסנדיקער צייט — און ער האָט מיט זיין זעלבסט־זעאונג זיך איינגעפּאַסט אין איר".

אָט־דער זאַץ איז נאָך נישט דער „הייליקער כישוף", ווייל מען קאָן נאָך פון אים אויסרעטושירן אַ געדאַנק; אָבער וואָס מער ריווקין צעזינגט

זיך, אַלץ מער ווערן ווערטער באַפרייט פון לאָגישע לאַסטן און זיי ווערן אַליין באַלעבאַטים איבער זיך.

„און איצט, ביי זיין צווייטן פאַרזוך פון אויסטאָן זיך און אַריינטאָן זיך, גייט ער אָנמעסטן זיין פּאַרטיפּטע, פאַרגרעסערטע און אָנגעטרונ־קענערע זעלבסט־זעאונג אויף דער ווירקלעכקייט, וואָס האָט זיך פאַר אים איצט אויסגעשפּרייט איבער אַלע לענדער".

ריווקין זאָגט אונדז אַז ער זוכט „אַ לייוויק־ווערק וואָס זאָל פאַר־לייוויקן די וועלט". מיט דעם דאָזיקן הייסן גאַנג אַרבעט זיך ריווקין אַרויף אויף אַן עקסטאַז, אַז דער סוד פון קרייץ איז ביי לייוויקן „בילכער ווי די קרייצונג מיט דער דערלייזונג". און אַז ריווקין כאַפּט שוין אָן דעם דאָזיקן „יידישלעכן" קרייץ־מאָטיוו ביים לאַץ, באַאַרבעט ער אים אויף דעם גרויסן שטייגער. אַ באַזינגער פון קרייץ אָן קרייציקונג, פון קריי־ציקונג אָן געקרייציקטן, פון געקרייציקטן אָן יעדער דערלייזערישער מיסיע א. אַז וו.; און ריווקין פירט אויס, אַז „לייוויקס אומקום־לידער זענען געווען זיין ערשטער ריס פון דער זעלבסט־זעאונג אַרויס, זיין ערשטער עטאַפּ צו קאָנקרעטיזאַציע".

אויב מיר מיינען, אַז ריווקין איז צופרידן וואָס לייוויק פאַרנעמט זיך אויפן וועג פון „קאָנקרעטיזאַציע", איז מען זיך שטאַרק טועה, ווייל אויב ריווקינס קריטיק איז אַ מעטאָד, איז עס דער מעטאָד פון מיסטי־ציזם, וואָס ווערט אָפּט דערפירט צו מיסטיפיקאַציע.

„שפּורן פון לייוויק־גוף, אַריבערגעטראָגן אין דמיון פאַר דעם ריינ־קונג־, לייטערונג־ און היילִיקונג־פּראָצעס, געפינט מען אין לייוויקס יעדן ליד". און וויבאַלד ריווקין ווערט רעדנעריש־באַרעדעוודיק און ער נעמט שפּרייזן איבער דער אַרענע, וואָס דער דיכטער האָט, ווי אים דאַכט זיך, אים צוגעשטעלט, נעמט ער שוין שפּרייזן מיט רחבות און ער אָפּערירט מיט אָנגענומענער באַנאַליזירטער מיסטיק. ער זעט שוין אָט־אָט ביי לייוויקן דעם „לייוויקישן חלום", אָבער — „דער גאַנצער קרייצוועג פעלט". אויף וואָס ריווקין האָט דווקא באַדאַרפט האָבן אַ גאַנצן קרייצוועג — אַ האַלבער איז פאַר אים ווייניק געווען, ווייס איך נישט. ס'האָט זיך ביי אים בלויז אַרויסגעכאַפּט אַזאַ פּראָזע פון קריסטלעכן געבעט־ביכל אַרויס.

ווען ריווקין „אַנטדעקט" אין לייוויקס לידער „זי"-עלעמענטן, ווערט ער גאָר-גאָר האָפּערדיק און באַרעדעווודיק, און ער שפּרייזט הין און קריק, איבער דעם פּאָעט און ער וואַרפט אָן אַזעלכע רייד —

„דער עיקר — דער זי-סימבאָל — האָט מיט לייוויקן אַליין אַ פּעולה געטאָן. דער עיקר פון אַלע עיקרים איז, וואָס „זי" האָט געגעבן אַ קאָנ-קרעטן, זאַכלעכן און לעבעדיקן אינהאַלט אין לייוויקס זעאונג און זעלבסט-זעאונג און זעלבסט-געשטאַלטונג. זי איז די פּאַרקערפּערטע זעאונג זיינע. איז די פּעולה דערביי, וואָס ווען פריער האָט די זעאונג געשפּאַרט איבער אַלע ברעגן אין עולם-הבאדיקער אויסער-זאַכלעכקייט אַריין — איז איצט איינגעשפּאַרט אין די גענויע ראַמען פון עולם-הזהדיקער זאַכלעכקייט. די פרוי האָט צוגעגעבן צו דער קאָנקרעטיזירונג פון זיין זעערישקייט איצט אַ פעסטן אַנהאַלט. זעערישקייט לויפט נישט אַריבער און לויפט נישט אויס — זי לויפט אין די זאַכן אַריין. כאַפּט זיין בליק און פאַרקלאַמערט די זאַכן ווי זיי זענען, און גלייכצייטיק ווערט נישט אָן זיין גרונט-שאַפונג-מיטל, די געשטאַלט-זעערישקייט, זיין וויזיאָנעריש-קייט... לייוויק איז „פאַרפרויט" געוואָרן. און דאָס מאַכט די גרינטלעכסטע איבערקערעניש אין אים".

אַזוי האָט ריווקין געשריבן ווי ער האָט גערעדט, ווען ער איז געווען עקזאַלטירט.

„אַנדערש איז עס בלויז דערמיט, וואָס דאָרט ביי דער קרייציקונג פון גוף פון משיחס וועגן, איז די פרוי איבערהויפּט נישט געווען; זי איז נישט געווען בנמצא; איז עס געווען קרייציקונג אין אַן אַבסטראַקט".

אַ ניי אומגליק אויף יידן! אָבער וואָס ווייטער ווערט עס שוין „אמתע קרייציקונג" —

„די אַלגעמיינע בענקשאַפט פון גוף נאָך פרוי האָט געדאַרפט איינ-געקלעמט ווערן, כדי איבערגעשמאָלצן צו ווערן אין לעכצונג נאָך דער-לייזונג; דאָ, וואו די פרוי איז געגעבן קאָנקרעט, איז די קרייציקונג אָפענער, דירעקטער, פּערזענלעכער. איז עס נאָך אַ געווינס דערביי אין זאַפטיקייט, לעבעדיקייט און אוממיטלבאַרער ווירקונג אויף די מענטשן און זאַכן פון אַרום".

און אָט דערגייט עס אפילו צו קרייציקונג „על פי דין":

„אין דעם לייוויק-פּאַל, וואו פרוי און משיח-סימבאָל ווערן איינס

און די תאווה אין מענטשן־קרייציקונגען ווערן איינס — איז די נפקא־מינה נאָר אין דעם, וואָס נישט זי, זיין געקרוינטער אויסדערוויילטער מענטש ווערט געקרייציקט — ווי עס פֿאָדערט זיך לויטן דין, נאָר ער קרייציקט פֿון אירטוועגן — ער ברענגט זיין האַרץ פֿאַר אַ קרבן — און שענקט איר די ברכה אָוועק".

איך פֿאַרשטיי נישט קיין איין וואָרט, כאָטש מ׳קאָן זיך אָנשטויסן אויף די רמזים פֿון זאַפּטן און די געשלעכטלעכע „קרייציקונגען". אָבער דער קאַסקאַדישער צוזאַמענשפּריץ פֿון אַזעלכע זאַצן איז צו באַוואונדערן. מען האָט אָבער געמעגט זיין שפּאָרעוודיק מיט זיי און עס נישט אַרויסגעבן אין איין בוך, נאָר אין קלענערע דינערע ביכלעך, ווייל זיי זענען צופֿיל, ווייט־צופֿיל פֿאַר איין גרויס בוך.

אפֿילו ווען מען האָט שטאַרק הנאה פֿון אַזעלכע אויסברוכן, מוז מען זיך פֿרעגן, ווי לייוויק האָט אויפֿגענומען די דאָזיקע אָנגעמאָסטענע כישוף־היטלען אויף זיין עכטן דיכטערישן קאָפּ.

1960

## יוסף ראָלניקס בוך

אין 1942 האָט קלמן מאַרמאָר פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל, צום דערשיינען פֿון יוסף ראָלניקס בוך לידער — „אַ פֿענצטער צו דרום", האָט ער זיין אָפּשאַצונג גערופֿן — „יוסף ראָלניקס פּערציק יאָר פּאָעזיע". ראָלניק האָט ביים לעבן באַוויזן אַרויסצוגעבן נאָך צוויי ביכער, אַ בוך „געקליבענע לידער" און אַ בוך „זכרונות", ווייל אים זענען באַשערט געווען נאָך דרייצן יאָר לעבן און אויסלעבן זיך אין לידער.

מאַרמאָר האָט אין זיין קליינער קריטישער אָפּהאַנדלונג זיך נישט באַדאַרפֿט צופֿיל אָנשטרענגען, כדי צו געפֿינען אַ צוגאַנג צו ראָלניקן. ס׳האָט זיך שוין דעמאָלט געהאַט גוט איינגעאַרבעט אַן אָנגענומענער נוסח, אַז ראָלניק איז נישט געגאַנגען מיטן „ברייטן וועג", ווי ער אליין האָט געזאָגט אויף זיך, מיט אַלע „מלחמה־לייט". ס׳איז אָבער מאַרמאָרן

געלונגען אויסצוגראָבן אַ ליד וואָס ראָלניק אַליין האָט געשריבן, מיט אַ צען יאָר פריער, אַז אים אַליין ווילט זיך שרייבן „ליכטיקע לידער" ווי „ליכטיקע הייליקע ברידער, וואָס גייען דערלייזן די פינצטערע וועלט", אָבער מאַלע וואָס עס ווילט זיך.

ראָלניק איז, נישט געקוקט אויף זיין „שמאָלן וועג", געוואָרן אַ „פערסאָנאַ גראַטאַ" ביי די לינקע. דער אַפּאָליטישער ראָלניק איז די לינקע וואויל געפעלן, ווייל זיי האָבן אין זיין נישט מישן זיך אין פּאָליטיק דערשמעקט אַ מין נייטראַליטעט, מיט אַן איבערוועג פאַר זייער לאַגער. אויף ווי ווייט אמת דאָס איז געווען, נעם איך זיך נישט אונטער צו זאָגן, אָבער די לינקע האָבן זיך דעמאָלט נאָך גענויטיקט אין גרויסע נעמען, וואָס זאָלן וועלן זיין שווייגערס און זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ שאַרף קעגנעריש וואָרט.

איז מאַרמאָרן געבליבן צו ווינטשן דעם „איינזאַמען" ראָלניקן, אַז ער זאָל פּאָרט זיך דערזינגען צו לידער וואָס זאָלן זיין געהייליקט דעם קאַמף. ער האָט אים אַביסל געמוסרט, אָבער זייער טאָלעראַנט און זייער עלעגאַנט. דער אמת איז געווען אַז ראָלניק האָט אין שמועסן מיט חברים געהאַט זייער שאַרפע, זייער ביטערע און אפילו זייער פאַרביטערטע מיינונגען וועגן ליטעראַטור, מענטשן און אפילו וועגן פּאָליטיק, נאָר ער האָט זיך נישט דערוועגט אין ליד אַרויסצוגיין פון זיין גדר. ער האָט זיך פאַרשפּאַרט אין אַ פּאָעטיש בוידעם־שטיבל און נישט געוואָלט ריזיקירן אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ, איבער זיינע אייגענע שורות, וואָס ער האָט פרי געפונען, ווי אָנגעמאָסטן פאַר זיינע כוחות.

אָבער ווער זענען געווען די „מלחמה־לייט" פון זיין אייגענעם דור? יעדער אויף זיין שטייגער, איז, מיטן אויסנאַם פון מ. ל. האַלפּערן, אויך געווען אַריינגעצאַמט אין אייגענע צוגעפּאַסטע שורות. די מלחמהדיקייט איז באַשטאַנען אין קעמפן קעגן יענע עלטערע פּאָעטן, וואָס האָבן זיך דערוועגט צו ריזיקירן מיט זייערע לידער און אויספּרואוון, אויף וויפל מ'קאָן פון די לידער אַרויסקריגן אַ גאָלדענעם קלאַנג, אפילו ווען מען „נעמט אין זיי שטעלונג". אָט־די מלחמה איז ראָלניקן נישט געווען צום געמיט. ער האָט זיך דווקא ליב געהאַט צו קריגן אין שמועס, אָבער זיך נישט צופיל איינקריגן מיט מענטשן. זיין וועג פון איינזאַמקייט איז געווען זיין וועג פון אייגענער שעפערישקייט. נאָר ס'האָט בפירוש גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט עניוות, אָדער חלילה מיט פרומקייט. ס'איז גיכער געווען אַ פריער, קלוגער אָנפּאַס

פון ליד אויף זיך. ער האָט אויסגעפונען וויפל ליד־אָטעם ער איז בכוח אויסצוהאַלטן, כדי נישט איבערפירן אַ געוויסע גאַנצקייט וואָס ראַלניק האָט געוואָלט דערגרייכן אין ליד.

אָבער מ׳קאָן מיט קליינע לידער און אפילו מיט לידער אָן אַ זייט פון „ברייטן וועג" אויך ווערן אַ גרויסער פּאָעט. אין ראַלניקס אָנגענומענער פּאָעטישער ראָלע איז געווען אַ סך באַהאַלטענע איראָניע, אויפן חשבון פון די וואָס „קריגן" זיך יאָ אין ליד, אָדער מיט זייער ליד. ער האָט זיך חלילה נישט באַטראַכט פאַר קיין קלענערן פּאָעט פון זיינע חברים. ער האָט געמאַכט אַ קאָקעטישן אָנשטעל פון אַ כלומרשטן שמח בחלקו, אָבער אין שמועס האָט ער אייזן־שטאַרק פאַרטיידיקט זיין ליד און דעם אופן ווי ער האָט געשריבן לידער.

ס׳איז אוודאי פאַראַן אַ סך געלעגנהייט פאַר אַ ביאָגראַפישער שטודיע פון ראַלניקן, וויאַזוי ער איז דערגאַנגען צו זיין באַשיצנדיקער איינזאַמקייט. מיר האָט זיך תמיד געדאַכט, אַז ער איז געווען ווייט פון אַן עניו. פאַראַן אַן עניוות, וואָס מען טוט זי אָן ווי אַ פּאַנצער, כדי זיך צו באַשיצן קעגן קריגן ווייניקער ווי מען פאַרלאַנגט, ווי מען האַלט, אַז מען דאַרף קריגן פון דער וועלט. מען וויל גאָר אַ סך און מען שפּירט זיך אַ סך באַקוועמער אין אַ מן הצד, ווייל מען ווערט אין איינזאַמקייט נישט באַליידיקט פון דער צו־קליינער אויפמערקזאַמקייט וואָס מען קריגט. מען מאַכט ביי זיך אָפּ, אַז גאָרנישט איז א סך בעסער און ערנהאַפטיקער, ווי דאָס ביסל צוגעשפּאַרטע אָנערקענונג און אָפּשאַץ.

אַזאַ גדלותדיקע עניוות קאָן גוט אַריין אין די ביינער און ווערן אַן אופן פון לעבן — קעגן מענטשן, אָדער אפילו אָן מענטשן. אָבער וואָס מער אָנערקענונג און מענטשלעכע וואַרעמקייט ראַלניק האָט געקראָגן, אַלץ מער איז צעגאַנגען דאָס אייז פון איינזאַמקייט, פון דעם באַזונדערן ווינקל, וואו ראַלניק זאָל האָבן אויסגעקעלטערט דעם וויין פון זיין ליד. אָבער אוי איז ער געווען אַ שרייבער, מיט אַלע רמ״ח אברים, און ער האָט געפירט אַ שרייבערישן חשבון — געוואָלט זיין, געוואָלט געהערט ווערן, געליבט ווערן, טאַקע ממש געליבט ווערן, א סך מער ווי פאַרקערט. אַלץ אין אים איז געווען אָנגעשפּיצט צום דרויסן, צו חברים, צום וואָרט וועגן אים. ער האָט עס קיינמאָל נישט געהאַלטן פאַר אונטער זיין כבוד צו וואַרטן אויף דער רעצענזיע און אַפילו צו פּאָלעמיזירן מיט די קלענסטע

אויסזעצונגען. דאָס איז אַלץ ווי ס׳דאַרף זיין, און אַזוי איז געווען יוסף ראָלניק אין זיין ווינקלדיקייט, וואָס איז, ווי פריער געזאָגט, געווען פורעם און פאָרעם.

פונדעסטוועגן האָט זיין אַזוי־גערופענע עניוות געדינט אַ סך קריטיקערס, דורך דעם האַלבן יאָרהונדערט פון ראָלניקס פּאָעטישער קאַריערע, ווי אַ לאָמטערנע, וואָס האָט זיי גלייך באַלויכטן דעם וועג צו זיין איינזאַמער סטעזשקע, אָן אַ זייט פון ברייטן וועג. אין דעם יעפים ישורין יובל־בוך, וואָס איז דערשינען היינטיקס יאָר, געפינען מיר, אַז ראָלניק האָט זיך אָנגעזאַמלט ביי אים — גאַנצע 481 פּאָזיציעס. ווערליק פאַר אַן איינזאַמען פּאָעט איז עס אַ גאַנץ פיינער אָפּקלאַנג איבער דער יידישער וועלט.

איך שרייב דאָס אַלץ ווי ראַנד־באַמערקונגען, צום נאָר־וואָס דער־שינענעם „יוסף ראָלניק בוך״, וואָס די אלמנה פון פּאָעט, פייגל ראָלניק, האָט אַרויסגעגעבן. דאָס בוך וואָס האלט איבער 400 זייטן איז דערשינען אין אַרגענטינער פאַרלאַג „יידבוך״. דער פולער נאָמען פון בוך איז — „יוסף ראָלניק, דער דיכטער און זיין ליד (אָפּהאַנדלונגען וועגן זיין שאַפן)״. דאָס בוך פאַרענדיקט זיך מיט יעפים ישורינס אויספירלעכער ביבליאָגראַפיע און דאָ געפינען מיר שוין 530 פּאָזיציעס, מיט אַ פופציק מער ווי אין יעפים ישורינס אייגענעם יובל־בוך, וואָס איז אַרויס בלויז מיט עטלעכע חדשים פריער. דער איינזאַמער דיכטער האָט אָנגעשלאָגן אין דער וועלט. מיר געפינען, אַז מ׳האָט וועגן אים געשריבן לידער, אַרטיקלען און גרעסערע אָפּהאַנדלונגען אין ביכער, אין צייטונגען, אין זשורנאַלן. מען האָט געשריבן מוזיק צו זיינע לידער. מען האָט אים ברייט באַהאַנדלט אין אַנטאָלאָגיעס, אַלמאַנאַכן, כרעסטאָמאַטיעס און זאַמלביכער. זיין נאָמען איז פאַראייביקט געוואָרן אין לעקסיקאָנען און ענציקלאָפּעדיעס, יידישע און פרעמדשפּראַכיקע. מ׳האָט וועגן אים געשריבן אין העברעאיש, ענגליש און שפּאַניש, בכלל, גאַנץ נישקשה פאַר אַ זייטיקן דיכטער. די מן הצדיקע דיכטערישע קאַריערע האָט אַריינגעבראַכט פיינע פּאָעטישע דיווידענדן.

ווען פייגל ראָלניק וואָלט מיך געפרעגט אַן עצה, צי מען זאָל אַרויסגעבן אַזאַ בוך, וואָלט איך איר שטאַרק אָפּגערעדט, אָבער ס׳איז גוט וואָס זי האָט מיך נישט געפרעגט, ווייל דאָס „יוסף ראָלניק בוך״ איז אַ וויכטיקער צושטייער צו אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע. ס׳דרייט זיך טאַקע אַרום ראָלניקן, אָבער ס׳איז אַ שפּיגל פון א האלבן יאָרהונדערט ליטעראַטור,

ליטעראַרישע מאַנערן, ליטעראַרישע פּערזענלעכקייטן, ליטעראַטור־קריטיק, אפילו ליטעראַטור־רכילות. מען קאָן אין בוך געפינען גרויסע זאַכן און קלייניקייטן, און פון אומעטום גיט אַ שיין־דורך די צייט, וואָס רעדט מיט אַ באַזונדער קול, דורך באַזונדערע יאָרצענדליקער. כ׳האָב זיך נישט געריכט אַז ס׳זאָל אַרויס אַזאַ לעבעדיק בוך, וואָס מ׳וואָלט ערשט וועגן דעם געקאָנט אָנשרייבן נייע ביכער מיט גאַנצע שטודיעס. ס׳איז צו פאַרדאַנקען דער אלמנה פון פּאָעט, וואָס האָט זאָרגעוודיק געזאַמלט און פאָרזיכטיק צוזאַמענגעשטעלט, אָן שום פאָראורטיילן צו וועמען נישט איז, אָדער אפילו צו אַ נעגאַטיוון אויסדרוק. אפשר האָט זי אביסל צופיל געגעבן פון ש. ניגער, אויפן חשבון פון אַנדערע קריטיקער, אָבער כ׳בין זיך משער אַז אַזוי וואָלט געוואָלט ראָלניק אַליין און פייגל ראָלניק האָט דערמיט זיך ארייגעלעבט אין איר מאַנס נישט געשריבענער צוואה. פייגל ראָלניק דערקלערט אין איר אַריינפיר, „אַז ס׳האָט מיר געהאָלפן אין דער אַרבעט צוזאַמענשטעלן דאָס בוך — די דיכטערין מינאַ באָרדאָ־ריווקין“, קומט איר אויך אַ טייל פון דער אָנערקענונג פאַר העלפן אַרויסגעבן אַ גאָר אינטערעסאַנט בוך.

וואָס מיר קומט אַנטקעגן אין די מייגסטע פון עטלעכע דרייסיק גרעסערע און קלענערע אָפּהאַנדלונגען וועגן ראָלניקן, איז דאָס אויסמאָלן דעם פּאָעט ווי א פארפרומטן, אין זיין אָפּגעזונדערטקייט. ווייניק קריטיקערס און חברים שטעלן זיך אָפּ אויף זיין טראַציקייט, אויף זיין אפיקורסות, אויף זיין שטילן כעס, וואָס ראָלניק האָט פאַרשלייערט מיט איראָניע. אין די קליינע נאָטיצן וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן, ערב ראָלניקס טויט, אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע“, וואו דער פּאָעט האָט געוואָלט מאַכן אַ פאַרזוך איבערצוגעבן זיין אני מאמין, איז פאַראַן אַ פאַרצייכענונג, אַז ער האָט געהערט דעם פּאָעט ר. דערציילן, אַז ער לייענט פאַרן שלאָף אַ קאַפּיטל תנ״ך. ראָלניק שרייבט, אַז ער האָט אים געוואָלט זאָגן — „און איך צייל איבער יעדן פאַרן שלאָף דעם האַלב צענדליק צעפּאָרענע בריקלעך פאַר מיין מיל. עס איז פונקט אַזוי וויכטיק און זיי זענען פונקט אַזוי הייליק ווי אַ קאַפּיטל תהילים. עס ווענדט זיך ווי מען ציילט זיי און ווי מ׳דערמאָנט זיי“.

אָט אין דעם כמעט אַפאָריזמישן זאָג איז פאַראַן — ראָלניק. ראָלניק דער ווילזאָגער, וואָס באַשליסט אַז ס׳איז גלייכער נישט צו זאָגן, אָבער דער „כ׳האָב אים געוואָלט זאָגן“, בעסער געזאָגט — אַריינזאָגן, איז פאַראַן

אין זיין ליד. ס׳איז אויך דאָ ראַלניק דער שאַרפער אפיקורס, דער וואָס וויל דווקא שאָקירן דעם רעליגיעזן און אים ווייזן אַז ציילן צעפּאָרענע בריקלעך איז אַזוי הייליק ווי אַ קאַפּיטל תהילים. דאָס איז אויך פאַראַן אין ראַלניקס ליד, דער קאַמף קעגן דער אַנזעעוודיקער, קנאַפּ־טראַדיציאַ־נעלער ירושה, וואָס ער האָט אריינגעזאַפּט, און וואָס פעלט אין זיין ליד. ס׳רעדט אויך די זיכערקייט פון פּאָעט, אַז ער ווייסט אַקוראַט דעם וועג צו פּאָעזיע, אַז אים איז געלונגען צו ציילן און דערמאָנען זיינע בריקלעך אויף אַזאַ אופן, אַז ער קאָן זיך אויסגלייכן מיט דעם טראַדיציאָנעל־יידישן, וואָס איז פאַראַן אין לידער פון אַנדערע פּאָעטן.

דאָס איז ווייט פון עניוות און פרומקייט, אָבער דאָס האָבן פאַרזען די מיינסטע קריטיקערס. זיי האָבן זיך אַריינגעוויגט אין אַ ריטם, וואָס ראַלניקס ליד האָט אויף זיי אויבנאויפיק אָנגעיאָגט און אַרויפגעצוואונגען. נחום ברוך מינקאָוו האָט אָנגעוויזן, אַז אין ראַלניקס ערשטע לידער, איידער ער האָט זיך אַליין גענומען אַ פּאָעטישע מאָס, האָט ער אפילו געשריבן הייסע סאָציאַלע לידער. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט אויך ראַלניק אין זיין ליד געבענקט נאָך דעם סינטעז, צווישן דאַרפישקייט און שטאָטישקייט, און דאָס מיינט צווישן שטילע רייד און אַ הויך וואָרט. ער האָט אָבער באַשלאָסן, אז ס׳איז גלייכער פאַר זיינע פּאָעטישע כוחות זיך צו האַלטן אין די ראַמען פון זיין פרײ־געפונענער יכולת.

אין ראַלניקן איז דווקא יאָ געווען אַ בענקשאַפט נאָך א ביבלישן טאָן, און כ׳ווייס נישט ווי אָפט ער האָט יאָ אַריינגעקוקט אין תנ״כל. ער האָט דאָך געזונגען, אַז גאָט פירט זיינע שיפן אויף שטילע וועגן. גאָט פירט אָבער דעם מענטש אויף דעם וועג, וואָס ער קלייבט זיך אַליין אויס. ס׳איז דאָך נאָך אַלעמען פאַראַן בחירה חפשית. דאָס ליד וועגן די שטילע ימען, די ווייטגייענדיקע שיפן, איז דאָך אויך נישט נאָר אַ גלויביק ליד, נאָר אַ פאַרגלויבט ליד. דער פּאַראַלעל פון שטילע ימען און „מיינע שיפן גייען ווייט״ רעדט גענוג הויך, שרייט אַריבער די אויבנאויפיקע עניוות. דאָס ליד ענדיקט זיך — „וואָס זשע האָב איך זיך צו זאָרגן, ס׳וועט שוין אַלץ זיין גוט״.

אַפילו ווען אַלץ איז נישט געווען גוט, האָט ראַלניק נישט געהאָט די כוחות צו רעאַגירן פּאָעטיש אויף דעם. זיין ליד איז שוין געווען צו פער־פעקט אַרומגעצירקלט, פאַר דער אייגענער פּאָעטישער פילאָזאָפיע, פון אַן

אײַגענעם וועג, פון אַ שמאָלן וועג, דורך וועלכן מען קומט אויך צו גרויסקייט, פון בריקלעך וואָס ווערן היילעקער פון תהילים, אַז ער זאָל קאָנען אויסשרייען, אַז ס׳איז נישט אינגאַנצן גוט, ס׳איז אים גרינגער געווען צו רעזיגנירן פון עקספּלאָזיווע געשעענישן, ווי צו רעאַגירן.

נישט נאָר ראָלניק, נאָר אַלע זיינע „יונגע" חברים האָבן זיך געוואָרט קעגן טראַדיציע און זיך פאַרט געמאַטערט אַריינצוקוועטשן דאָס ליד אין טראַדיציע. שרייבט אייזלאַנד: „ביי אונדז רעדט מען די צייטן אַזויפיל וועגן טראַדיציע און וועגן יידישקייט. מען וואַרפט אונדז אַלעמען פאָר, אַז מיר זענען נישט יידיש, נישט טראַדיציאָנעל, אָבער ווי לעכערלעך. די מענטשן פאַרשטייען נישט אַז יידישקייט איז נישט דווקא דאָס שרייען־דיקע, דאָס היסטערישע, דאָס וואָס שמעקט מיט יוצרות און טשאָלנט". אייזלאַנד גיט דערפאַר די „אמתע" סימנים פון יידישקייט — „אַ ריין ליריש געמיט, רעזיגנאַציע און בטחון". ער שטעלט אויף אַ יידישקייט פון טשאָלנט און ער שיסט אין דעם מיט אַ „ליריש געמיט", וואָס זאָל דווקא זיין אַ סימן מובהק פון יידישקייט.

אין אַן ענטפער צום פּאָעט און קריטיקער אַ. טאַבאַטשניק, פאַר זיין רעקאָרדירטער אַנטאָלאָגיע, זאָגט ראָלניק אַז כאָטש ער האָט געלערנט אין חדר און געקענט גוט תנ"ך, האָבן אים „די היילעקע ספרים נישט באַווירקט" אין די עלטערע יאָרן. זיי זענען, זאָגט ער, געבליבן פרעמד צו אים. אים האָבן גיכער צוגעצויגן „די רוסישע און דייטשע פּאָעטן און איבערזעצונגען פון אייראָפּעאישע שפּראַכן נאָך פון יינגלווייז אָן".

דאָס איז שוין אַ קלאָרערער אָרויסטריט קעגן טראַדיציע, נישט נאָר „טשאָלנט־יידישקייט", נאָר אפילו „היילעקע ספרים".

אין דעם „יוסף ראָלניק בוך" קומען צום אויסדרוק, אַרום ראָלניקס לידער, אַ סך געדאַנקען, וואָס האָבן זיך געריפּט אין דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט. כ׳זאָג געריפּט, און איך מיין עס טאַקע, אין צושטאַנד פון ווערן רייף. מיר זענען, פון פאַרשידענע שטאַנדפּונקטן, געווען אינטערעסאַנט אַלע אַרטיקלען אין בוך. פאַראַן אין טייל אָפּהאַנדלונגען מעלאָדראַמע, זיפּץ־קריטיק, שמאָלץ־קריטיק, אָנגעסטראָיעטער ערנסט און קאָמיזם.

ס׳איז אַ געראָטענע אַנטאָלאָגיע. דער מאָלער אברהם וואָלקאָוויץ איז אַמאָל „געזעסן" פאַר הונדערט פּאָרטרעטן, וואָס אַנדערע קינסטלערס האָבן פון אים געמאָלן. דאָס יוסף־ראָלניק־בוך איז אויך אַזאַ מין אַנטאָלאָגיע

פון פּאָרטרעטן, געמאָלן פון איין פּאָעטיש פּנים, און ווי תּמיד, פּאָרטרעטלען די פּאָרטרעטירערס — זיך אַליין. ס׳קומט דערפאַר אַ דאַנק פייגל ראַלניק, וואָס זי האָט געמאַכט אַ פיינע אויסשטעלונג פון די אַלע פּאָרטרעטן, אין איין גאַלעריע, און אונדז געגעבן נישט נאָר דעם סינטעטישן פּאָרטרעט פון יוסף ראָלניק, נאָר אויך די פּאָרטרעטן פון עטלעכע און דרייסיק שרייבער׳ס פון אונדזער דור.

1961

## ש. ניגערס קריטיק איבער קריטיקערס

אין בוך „קריטיק און קריטיקער פון ש. ניגער — אַרויסגעגעבן דורך דעם אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין בוענאָס איירעס — קומט צום אויסדרוק דאָס לעבעדיקע קול פון דעם באַרימטן קריטיקער פיל מער ווי אין זיינע אַנדערע ביכער. ס׳איז זיין אַמביציעזסטע בוך, ווייל אינעם ווערק שרייבט ער פּאַקטיש, מער פון זיך ווי פון אַנדערע. ער קריגט זיך, פּאָלעמיזירט, שלאָגט אָפּ טענות; און הגם די אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען, וואָס פון זיי איז דאָס בוך צוזאַמענגעשטעלט, זענען פון פריער געדרוקטע, הערט מען ערשט אין זייער צוזאַמענברענג דאָס שטאָלצע וואָרט פון אַ שעפערישן מענטשן, וואָס שטעלט דעם טראָפּ אויף זיך, נאָכדעם ווי ער האָט אַ גאַנץ לעבן באַדינט אַנדערע שרייבערס. ס׳איז ביז גאָר אינטערעסאַנט, וואָס דער טאָן פון אייגענער שאַצונג איז קוים־קוים געהערט געוואָרן אין די באַזונדערע אַרטיקלען.

אויב ער האָט דאָ־און־דאָרט אַ מורמל געטאָן, אַז ווי אַ קריטיקער איז ער „קיינעמס משרת נישט“, ווי מען דריקט זיך אויס פּאָלקסטימלעך, נאָר ער איז אַ פרייער שרייבער פאַר זיך; אַז קריטיק איז ביי אים אַן אויסדרוק־מיטל, ווי ביי יעדן שעפערישן קינסטלער, איז עס נישט שאַרף גענוג דערגאַנגען צום לייענער. זאָל שוין דאָ אויך געזאָגט ווערן, אַז דאָס בוך „קריטיק און קריטיקער“ איז דאָס גאַנצסטע ווערק, וואָס ניגער האָט צוזאַמענגעשטעלט. אין זיין קליינער הקדמה זאָגט דער מחבר, אָדער „פּאַר־

פאַסער", ווי ש. ניגער רופט זיך, אַז „די אַלע אָפּהאַנדלונגען זענען אַ היפּש ביסל געענדערט, רעדאקטירט און דער עיקר סיסטעמאטיזירט געוואָרן. פון די אַלע חומר ולבנים האָב איך געפּרואווט אויפשטעלן א בנין". ס׳איז אים בפירוש געלונגען אויפצושטעלן אַ גוטן בנין, אפשר דאָס אייגנסטע און נאָענטסטע פון אַלע זיינע ליטעראַרישע בנינים. כ׳זאָג אייגן אין דעם זין, וואָס אין דעם ווערק פון קנאַפּע פיר הונדערט זייטן, הערט מען אויף יעדער זייט ווי ניגער בויט סיסטעמאַטיש אויף דעם בנין, וואו ער וויל וואוינען מיט זיינע אייגענע קינסטלערישע אַמביציעס און דערגרייכונגען.

ש. ניגער איז געווען דער באַרימטסטער יידישער קריטיקער. יידישע שרייבערס האָבן געזוכט זיין חתימה אויף אומשטערבלעכקייט. ער איז נישט געווען פון די לייכטסטע אונטערשרייבערס, ער איז געווען אָפּגעהיט מיט דער פען. די דאָזיקע רעפּוטאַציע האָט ער זיך דערוואָרבן שוין גלייך אין די ערשטע פיר־פינף יאָר, וואָס ער האָט זיך באַוויזן אין דער אויפגייענדיקער יידישער ליטעראַטור. ווען ער איז געקומען צו אונדז אין אַמעריקע, האָט ער קוים געהאַט הינטער זיך צען יאָר ליטעראַרישע טעטיקייט, אָבער דאָס זענען געווען פעטע יאָרן, ווען די ליטעראַטור פון די גרויסע שטערן האָט אים אויסגעהאָפּט. בעל מחשבות האָט געקאָנט לאָגיש מסביר זיין און אפילו זיך צעזינגען, אָבער ניגער האָט געבראַכט אַ ברייטן אָטעם און א פאַרנעם, וואָס האָט די חשיבות פון די ערשטע יידישע שרייבערס אַ הויב געטאָן צו זייער איבערראשונג, איבער זייערע אייגענע קעפּ.

ווען די יידישע ליטעראַטור איז זיך צעוואָקסן און איז געוואָרן אַ גרויסער רעגיסטער פון נעמען און נייע רעפּוטאַציעס, האָט זיך ש. ניגער גענומען ספּעציאַליזירן אויף די, וואָס ער האָט גוט געקענט און וואָס האָבן זיך אים לייכטער געגעבן צו דערקענען. הונדערטער יידישע שרייבערס זענען געשטאַנען אין ריי, צו קריגן ניגערס הסכמות, אָבער ווי דער גרויסער מעדיצינישער ספּעציאַליסט, וואָס ווערט אָנגערעגט ווען ער דערטאַפּט אַן אינטערעסאַנטע חולאת, אַזוי איז ניגער בלויז צוגעזאָטן געוואָרן צו די שרייבערס, וואָס האָבן אים שטאַרק פאַראינטערעסירט און אָנגערעגט זיינע קריטיק־דיאַגנאָסטישע פעאיקייטן.

דאָס בוך „קריטיק און קריטיקער" איז אַ מין חשבון הנפש פון אַ שרייבער, וואָס זוכט צו גרונטפעסטיקן זיין וואָרט אין דער ליטעראַטור. אַ חוץ וואָס אין דעם בוך איז פאַראַן אַ שלל מיט וויסן און ס׳איז איינציק

אין דער ייִדישער ליטעראַטור, ווי אַ סיסטעמאַטיש און אויסשעפּלעך בוך וועגן די אויפֿגאַבן פֿון דער קריטיק, איז מיר דאָס ווערק אינטערעסאַנט, ווייל דורך דעם רעדט אַ שרייבער, וואָס לייגט פּלוצים אַוועק אַלע עניוותן אַן אַ זייט, ער קומט אויפֿן ליטעראַרישן יאַריד און ער זאָגט אָפֿן: רעדט זיך נישט איין, אַז אַ קריטיקער האָט נישט קיין קינסטלערישע אַמביציעס. גיט זיך, זייט מוחל, אַ רוק אַוועק, איר אַלע, וואָס מיינט, אַז כ׳האָב בלויז געלעבט כדי אייך צו באַדינען, מאַכט אַ וואַרע, און דווקא סאַמע אויבנאָן!

ש. ניגער זאָגט עס נישט אַזוי קלאָר, ווי איך האָב עס דאָ פֿאָראַפֿראַזירט, אָבער ער זאָגט עס מיט שכלדיקער אויפֿקלערונג, און ס׳איז אַ מחיה צו הערן דעם דאָזיקן גוט־באַקאַנטן שרייבערישן טאָן, גראָד דערפֿאַר, ווייל עס קומט פֿון אַ געזעצטן שרייבער, וואָס מיר האָבן אים טאַקע אַלע געהאַלטן טייער, אָבער זיין אויבנאָן, וואָס מיר האָבן אים אָפּגעגעבן איז געווען אַ באַזונדערער, אַ פֿאַראיינזאַמטער. אין דעם בוך איז ניגער מוחל אָט די גרינגשעצנדיקע דערהויבונג. ער זעצט זיך אַוועק צווישן די אָריגינעלע וויכטיקע שעפֿערס פֿון דער ליטעראַטור. און דאָס גאַנצע בוך איז פּאַקטיש געווידמעט צו ברענגען באַווייזן, אַז ער איז אַ קינסטלער צווישן קינסטלערס און נישט עפּעס אַ באַזונדערער נאָכגייער.

אַ שאָד וואָס דאָס בוך איז נישט פֿאַרזען מיט אַ זוך־צעטל פֿון נעמען, וואָס ווערן דערמאָנט אין ווערק. הונדערטער נעמען פֿון ייִדישע און נישט־ייִדישע און וויכטיקע ציטאַטן ווערן געבראַכט אין בוך, און אַלץ כדי אויפֿצובויען דעם קינסטלער־קריטיקער. ניגער דערמאָנט כמעט אַלע ייִדישע קריטיקערס און אפֿילו שרייבערס, וואָס האָבן פֿון צייט־צו־צייט געשריבן קריטיק, און מיט יעדן איינעם קריגט ער זיך אויף אַן עלעגאַנטן אופֿן. ער ווייזט, אַז ערגעץ־וואו האָבן זיי געגרייזט, און זייערע אידייען וועגן קריטיק זענען געווען צו־ענג און איינזייטיק. איינער איז געווען צו־ענג נאַציאָנאַל, אַן אַנדערער צו סוביעקטיוו, אַ דריטער שוין צו קיל־אָביעקטיוו, אַ פֿערטער צו־עטיש, אַ פֿינפֿטער — צו־עסטעטיש, אַ זעקסטער — צו־בייז, אַ זיבעטער — צו־גוט.

דער עיקר הויבט ער אָן מיט אַ קריג קעגן פּאָעטן־קריטיקערס. דאָס איז אייגנטלעך נישט אַזוי אַ קריג, ווי אַן אָפּענסיוו־דעפֿענסיווע. מ׳הערט צו אָפֿט, ווי פּאָעטן אָדער בעלעטריסטן טרעטן אַרויס קעגן דעם קריטיקער און דערקלערן, אַז ער איז אַן איבעריקער מענטש, גלאַט אַ מבינות־זאָגער,

וואָס אַליין קאָן ער גאָרנישט שאַפן, נאָר ער ווייסט בלויז ווי צו דרייען מיט דער נאָז. אָט די קריטיק אויף קריטיק איז אַזוי אַלט, ווי אַלט ס׳איז וועלט־ליטעראַטור, אָבער לעצטנס הערט מען די אַלע טענות אַ סך אָפּטער, און ניגער איז, ווייזט אויס, געווען זייער סענסיטיוו צו די דאָזיקע אַלע ווידער־שפּעניקע רייד. שוין אויף זייט פּערציק הויבט ניגער אָן צו באַטראַכטן די אַלע טענות, צי איז טאַקע אמת, אַז די שאַפערס און נאָר זיי אַליין זענען די, וואָס זענען ראוי און מסוגל צו זיין די ריכטיקע עדות, עקספּערטן אָדער ריכטערס, ווען עס קומט צו קינסטלערישע שאַפונגען.

און כאָטש דאָס ווערק באַהאַנדלט בלויז זייטיקע קריטיק און קריטי־קערס, ווייזט ניגער זייער סוביעקטיוו די שעפערישקייט פון קריטיק און אַז אין עצם איז דער קריטיקער קודם כל דער שעפערישער לייענער, וואָס נוצט יענעמס ווערק, ווי שעפערישע שטאָפן, וואָס פּאָעטן און בעלעטריסטן נוצן פאַר זייערע ווערק.

דער לעצטער טייל „קריטיק און קריטיקער" איז אָפּגעגעבן צו אָפּשאַ־צונגען פון די יידישע פּיאָנערן־קריטיקערס, דובנאָוו, ראַבניצקי, דוד פרישמאַן און בעל מחשבות. אויך אין די דאָזיקע אינטערעסאַנטע און דורכ־דרינגלעכע פּאָרטרעטן־אָפּשאַצונגען דריקט ניגער אויס זיינע מיינונגען, וואָס ער באַטראַכט פאַר שלימותדיקער קריטיק. אין די ערשטע פיר טיילן אָבער נעמט ניגער אויפן צימבל אַלע אַנדערע קריטישע צוגאַנגען אין דער ליטעראַטור און ער באַווייזט, אַז זיי אַלע האָבן אַ ספּעציעלן צוגאַנג, וואָס פאַרזעט די ברייטערע אויפגאַבן פון ליטעראַטור.

פאַראַן אין בוך אַ סך קלייניקייטן און קליינלעכקייטן, וואָס אויף זיי שטעלט זיך ניגער אָפּ.

אפילו אויף עטלעכע פּערזענלעכע אָנפאַלן. אָבער גראָד דערפאַר, וואָס ניגער פאַרזעט נישט אין דעם בוך אָט די קלייניקייטן, גיט עס דער צונויפ־שטעלונג פון די אַלע צעוואָרפענע אַרטיקלען אַ לירישן טאָן. ער רעדט אַבסטראַקט, אָבער ער רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן און ער קעמפט פאַר א חשובערע פּאָזיציע אין דער ליטעראַטור גופא, און נישט אַרום איר, אָדער פון דרויסן, ביים טויער.

„ווען איינער זאָגט עפּעס אין גראמען, אָדער אָן גראַמען, נאָר אין בלאַנקע אָדער פרייע פערזן, וואָס אַנדערע האָבן פריער, שוין הונדערט מאָל געזאָגט אין אַלע שפּראַכן און דיאַלעקטן פון דער וועלט, איז עס פּראָדוקטיוו־

שעפעריש, קינסטלעריש א. א. וו. אָבער דער, וואָס צינדט אָן אין דער טונקלקייט פון א ווערק זיין אייגן ליכט; דער, וואָס זאַמלט אויף איינציקע שטריכן און מאכט פון זיי אַ בילד; דער, וואָס שפּינט געדאַנקען־פעדים, פאַרוועבט זיי און פאַרוואַרפט זיי, ווי נעצן אין די טיפענישן פון אַ גרויסן גייסט און ציט פון דאָרט אַרויס אַ לעבן, אַ פּערזענלעכקייט, אַ וועלט אַ גאַנצע — דער ווערט מיטאַמאָל אַ פּאַראַזיט, אַ גאָרנישט. ווען איינער „מאָלט אויס" פאַר אונדז זיינע פּוסטע חלומות, אָדער ער „באַזינגט" די לאַנגוויילְ און די נודנעקייט פון זיין עלנדער נשמה, איז ער אַ „שעפּפער". אָבער ווען איינער דערציילט אונדז וואָס ער האָט געטראַכט און געפילט, ווען ער איז געקומען אין באַרירונג מיט אַ רייכן קרעאַטיוון לעבן, ווען ער איז באַלויכטן און אויפגעציטערט געוואָרן פון א גרויס ווערק — דער איז אויף גאָטס וועלטל אָן איבעריק באַשעפעניש".

און ש. ניגער גיט צו אַ נאָכגעטראַכטע באַמערקונג:

„ניין, ער איז נישט איבעריק. מען דאַרף אים האָבן פאַר... אַ שעיר לעזאזל" (זייטן 79־80).

כ'האָב געבראַכט דעם לענגערן ציטאַט, מיט אַלע איראָנישע געגדזונ־פּיסלעך, אפילו מיט ניגערס דייטשמערישן אויסלאָך פון „שעפּפער", ווייל עס איז דער עסענץ פון גאַנצן בוך. ש. ניגער שלאָגט זיך מיט דער קריטיק אויף קריטיק און ער טוט עס אָפן, וויסנדיק, אַז ער רעדט וועגן זיך און ער שאַצט אָפּ זיין אייגענע אַרבעט. ער זאָגט אונדז שטאָלץ, אַז דער קרי־טיקער „וואָס מער ער נעמט, אַלץ מער גיט ער".

ש. ניגער באַאַרבעט כסדר דעם דאָזיקן געדאַנק, אַז דער קריטיקער איז אַ קינסטלער:

„אָבער וואָס איז, ווען מען פרעגן מיט די, וואָס שרייבן נישט קיין ראָמאַנען און קיין לידער, נאָר קריטיק אַליין? קאָן געמאָלט זיין, אַז אויך זייער שרייבן זאָלן מיר, פריער פון אַלץ, געניסן ווי ליטעראַטור? איז עס מעגלעך, אַז אויך זיי זאָלן אונדז פאַרכאַפּן אזוי מיט דער שיינקייט פון זייער ווערק, אַז מיר זאָלן זיי דערפאַר גופא שוין דאַנקען און ליבן? נישט נאָר, ענטפער איך, איז עס מעגלעך. עס איז אבסאָלוט נויטיק". (זייט 122).

נישט אַלץ וואָס ווערט געזאָגט אין בוך וועגן קריטיק איז אָריגינעל, אָבער אָריגינעל איז דער דועט — דער אָביעקטיווער טאָן פון אַ מעטאָדיש

ווערק וועגן קריטיק, און גלייכצייטיק דער סוביעקטיווער אונטערשטראָם פון דעם באַרימטן יידישן קריטיקער, וואָס שיצט זיך קעגן די פיילן, אַז דער מאָר האָט זיינס אָפּגעטאָן דורך זיין ראָלע ווי דער גרויסער באדינער, פּאַרטייטשער און פּאָפּולאַריזאַטאָר פון דער ליטעראַטור.

ער דערמאָנט אונדז, אַז דער אמתער קריטיקער דאַרף האָבן אויפנעם־פעאיקייט און אויפטו־פעאיקייט. ער דאַרף זיך לאָזן „באַאיינפלוסן" און ווערן אַליין אַ „געבער און באאיינפלוסער".

ווען איך וואָלט געוואָלט ריזיקירן און איבערגעבן דעם תמצית פון ניגערס דעפיניציע פון קריטיק, וואָס ער באַמיט זיך צו געבן אין זיין פאַר־נעמיק ווערק, וואָלט איך געזאָגט, אַז לויט זיין מיינונג איז עס שעפערישע פיקחות. כ׳וועל זיך דערלויבן צו געבן נאָך איין ציטאַט, וואָס איז אַ מין אויטאָ־כאַראַקטעריסטיק פון ניגערן איבער זיך אַליין.

„יידן האָבן שאַרפע קעפּ — און קריטיק איז די אינטעלעקטואַליס־טישסטע און חריפותדיקסטע פון אַלע קונסטן: אויב ס׳איז דאָ אַזאַ זאַך ווי יידישע קונסט, איז עס די קונסט פון קריטיק פריער פון אַלץ. מיט אָט דער קונסט — מיט דער קונסט צו טייטלען, אויסצוטייטשן און אריינצוטייטשן, מיט דער קונסט צו קאָמענטירן, אַנאַליזירן, סומירן, פאַרגלייכן; וויכוחן זיך, — האָבן מיר מער, ווי מיט אַלץ, זיך באַשעפטיקט אין אונדזערע ישיבות, אין אונדזערע שאלות ותשובות, אין אונדזער גאַנצער נאָך־ביבלישער ליטעראַטור. נעמט אַראָפּ דאָס ביסל שירים אין די תפילות וועט איר זען, אַז אונדזער גאַנצע הלכה, מוסר און השכלה־ליטעראַטור איז קריטיק". (זייט 318).

דאָ האַלטן מיר שוין מיט ש. ניגערן ביי קריטיק, וואָס איז איבער דעם „ביסל שירים אין די תפילות". דאָס ווערק עפנט דערפאַר אַ טירל צום באַרימטן קריטיקער־שרייבער, וואָס האָט זיינע אַרטיקלען וועגן קריטיק און קריטיקער צוזאמענגעשטעלט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, און געמאַכט פון זיי אַ ווערק, וואָס איז אַן אייגענער שטאָלצער פּירוש אויף זיינע קנאַפּע פופציק יאָר אין דער יידישער ליטעראַטור. ניגער וויל געמאָסטן ווערן ווי אַ קינסטלער־קריטיקער, אַ שאַרפער חריפותדיקער יידישער שעפער, וואָס איז אפשר כאַראַקטעריסטישער ווי ער האַלט, פאַר יידישער קונסט, ווי פאַר דער קונסט פון אַנדערע פעלקער. דאָס איז אַ שטיקל סתירה צו ניגערס אַנטי־פאָלקישע געדאַנקען, וואָס ווערן אויסגעדריקט ערגעץ

אנדערש אין דעם בוך, אָבער איך באַטראַכט דעם אויבנגעבראַכטן קאָמענ־טאַר ווי דעם סאַמע „לירישסטן" אויסדרוק פון זיך־אָנערקענונג.

„קריטיק און קריטיקער" איז דערפאַר אַ וויכטיק ווערק אויף גאָר אַ סך גאָרנס פון דעם געביי, וואָס ש. ניגער האָט אויפגעשטעלט. נאָך מער פון אַלץ איז עס דעם קריטיקערס איינגעשוויגענע און אונטערדריקטע לעבעדיקע מיינונג פון זיך, בעת די הונדערטער שרייבערס האָבן אים אָפּגעקלאַפּט די טירן און געפּאָדערט ער זאָל אומאויפהערלעך רעדן וועגן זיי.

1960

## אַרום אַשס אַ דערציילונג

ש. ניגערס בוך — „שלום אַש, זיין לעבן, זיינע ווערק", וואָס דער אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק האָט אַרויס־געגעבן, איז ווייט נישט אַזאַ גאַנץ בוך, ווי דאָס נישט לאַנג צוריק דערשינענע ווערק פון ש. ניגער — „קריטיק און קריטיקער".ביידע ביכער זענען צונויפגעשטעלונגען פון באַזונדערע אַרטיקלען. אָבער „קרי־טיק און קריטיקער" איז ווי אויסגעגאָסן פון איין שטיק און עס האָט נאָך דערצו די מעלה, וואָס ניגערן איז געגאַנגען אין אַוועקשטעלן קריטיק אויפן פיעדעסטאַל פון קונסט. זיינע טענות זענען כמעט „לירישע" טענות, אָבער פון אַ שאַרפן פּאָלעמיקער, וואָס איז געקומען נישט נאָר געווינען אַ דעבאַטע, נאָר אויסקעמפן זיין פּאָזיציע.

דאָס בוך וועגן שלום אַשן, וואָס איז פּאַכמעניש צונויפגעשטעלט געוואָרן פון מלך ראַוויטשן, איז, אין אַ געוויסן זין, אַ בייטראָג צו ניגערס ביאָגראַפיע, ווייל ס'רעדט זיך דאָרט פון אַ געשוואוירענער און באַגלייטנדיקער ליבע, וואָס מיט איר האָט ניגער כסדר באַוואַכט שלום אַשן און תמיד געציטערט איבער אים, ווי איבער דעם מלך אין דער יידישער ליטעראַטור. מיר וועט אויסקומען צו שרייבן וועגן דעם בוך ביי אַן אַנדער געלעגנהייט. ס'וועט זיין אינטערעסאַנט אַרויסצוברענגען, ווי ניגער האָט ממש אַריבערגעצויגן דאָס מידת־הרחמים־שטריקל, זינדי־

קנדיק אַפילו קעגן זיין אייגענעם גוטן געשמאַק, ווען ער האָט זיך אָנגעגורט צו פאַרטיידיקן שלום אַש.

כ׳וויל זיך איצטער בלויז אָפּשטעלן אויף איין ווינקעלע אין בוך — אויף ניגערס אָפּשאַצונג איבער אַשס דערציילונג „יתגדל ויתקדש״. די דערציילונג איז בשעתו פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „אידישן קעמפער״. איך האָב וועגן „יתגדל ויתקדש״ געשריבן, און ניגער האָט מיר אין אַ בריוו געלאָזט וויסן, אַז ער איז נישט מסכים מיט מיר און אַז ער וועט מיט מיר פאַרפירן „אַ פּאָלעמיק״. די פּאָלעמיק איז אָבער אויסגערונען און זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לויב־געזאַנג צו אַשן, וואָס ניגער האָט געפונען פאַר נייטיק אַריינצונעמען אין זיין זאַמלונג אַרטיקלען.

כ׳נעם זיך דערפאַר דאָס רעכט איבערצודרוקן מיין אַרטיקל, וואָס כ׳האָב אין יענער צייט געשריבן וועגן „יתגדל ויתקדש״, ווייל כ׳בין געווען דער איינציקער, וואָס האָט אָנגעוויזן אויף דער שעדלעכקייט פון אַזאַ דערציילונג, וואָס איז אַרויס פון אַשס מעלאָדראַמאַטישן פּוטער־פּאַס. כ׳וואָלט נישט געוואָלט, אַז ס׳זאָל בלייבן דער איינדרוק, אַז קיינער האָט נישט געזען „יתגדל ויתקדש״ אַנדערש ווי ש. ניגער. ס׳וואָלט פּשוט געווען אַן אומרעכט קעגן אונדזערע קדושים און קעגן דעם שפּעטערדיקן ליכטיקן קאַפּיטל פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

דער אַריינפיר צו מיין אַרטיקל וועגן אַשס דערציילונג איז געווען וועגן „לידיצע״, אָבער אויך דאָס מעג איצטער נאָך אַמאָל פאַרעפנטלעכט ווערן, ווייל ביז דעם אייכמאַן־אַרעסט האָט די קריסטלעכע וועלט קוים געזען די יידישע קאַטאַסטראָפע דורך דעם קליינעם פענצטערל פון אַנאַ פראַנקס באַהעלטעניש.

*

מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָב איך זיך צוגעהערט צו אַ ראַדיאָ־פּראָגראַם, וואָס איז אינגאַנצן געווען געהייליקט צום לידיצע־אומגליק. די טשעכישע שטאָט, וואָס די נאַציס האָבן אָפּגעווישט צוזאַמען מיט אַלע זכרים, איז צוריק אויפגעשטאַנען תחית המתים און געמאַנט ביי דער וועלט אַ מצבה פון געדענקען. די באַרימטע אַמעריקאַנער פּאָעטעסע, עדנאַ סעינט ווינסענט מילעי, האָט געשריבן דעם טעקסט און פּאָול מוני איז געווען דער זאָגער.

עס איז געווען שווער צו שאַצן און מעסטן די ראַדיאָ־דראַמע לויט קינסטלערישע כללים, ווייל די דראַמאַטישע פאָעמע האָט פאַרגליווערט אַ שטיק טראַגישע איצטיקייט, וואָס האָט יעדעס וואָרט אָנגעלאָדן מיט גרויל און יעדעס אויסגעשריי מיט דינאַמיט. דער אינהאַלט איז געווען אַזאַ בריענדיקער, אַז ער האָט נישט דערלאָזט קיין קאַלטע קריטיק. די באַנאַלסטע ווערטער האָבן געקלונגען אויטענטיש, און די שוואַכסטע גראַמען האָבן געקראָגן קראַפט און נביאישע וויזיע, ווייל הינטער די קלאָג־רייד האָט געגרוילט דער טויט, וואָס שפּאַנט אַ געקרוינטער איבער דער אומגליקלעכער וועלט.

און כ׳קאָן קוים דערציילן, וואָס פאַר אַ געדאַנקען עס האָבן זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג דורך דער צייט, וואָס דער קלאָג־צערעמאָניאַל האָט צוריק אויפגעלעבט די טויטע, וואָס זענען געקומען מאָנען ביי די לעבעדיקע, אַז מען זאָל נישט פאַרגעסן און נישט פאַרגעבן דאָס אומשולדיק־פאַרגאָסענע בלוט.

עדנאַ סעינט ווינסענט מילעי האָט געגעבן די נקמה־קרבנות פון היטלעריזם — לשון. זי האָט זיי געגעבן רייד פון פּראָטעסט און זי האָט די פּראָסטע און איידעלע מענטשן פון דעם טשעכישן שטעטל געגעבן דאָס געשריי, וואָס איז געוואָרן סימבאָליש פאַר אַ גאַנץ לאַנד, וואָס איז צעטראַמפּלט געוואָרן מיט אַזוי פיל היטלעריסטישער אַכזריות. איך האָב געוואָלט אַריינוויינען, אַריינקלאָגן אין לידיצע, דעם צער פון ווילנע, וואַרשע, לובלין, לאָדזש, לעמבערג, מינסק, אָדעס, קישינעוו, יאַסי און הונדערטער קלענערע יידישע ישובים, וואָס זענען אָפּגעווישט געוואָרן צוזאַמען מיט צענדליקער טויזנטער מענער, פרויען און קינדער, וועמענס רוף צו דער וועלט איז געשאָכטן געוואָרן מיט דעם לעצטן אָטעם. לידיצע, די שטאָט פון די טשעכישע מאַרטירער, איז, ווי איראָניש עס זאָל נישט קלינגען, אַ גליקלעכער עפּיזאָד אין דעם גרויסן אומגליק, ווייל די וועלט האָט זיך געלאָזט באַווירקן פון דער דראַמע. אָבער אונדזערע פאַרלאָשענע שטעטלעך און דערפער, אונדזערע נישט־דראַמאַטיזירטע טויזנטער טויטע, אונדזערע דערשטיקטע געשרייען און קרעכצן — ווען וועלן זיי דערהערט ווערן?

דער ייד קליפטאָן פאַדימאַן האָט געעפנט דאָס טראַגישע ראַדיאָ־

שפּיל און דער ייד פּאָול מוני־וויזענפרייד האָט פאַרקלאָגט די נאַצי־רוצחים פאַר דעם לידיצע־אומגליק. אָבער דער ייד, וואָס זאָל אויפ־טרייסלען די גאַנצע וועלט פאַר דער סיסטעמאַטישער, קאַלטער, מעטאָ־דישער און צינישער אויסראָטונג פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקע־רונג — וואו איז דער ייד, וואָס זאָל אויפהייבן זיין שטים אין נאָמען פון די טויטע, וואָס קאָנען אפילו נישט געשפּילט ווערן און נישט געזונגען ווערן און נישט דערציילט ווערן, ווייל זיי זענען געשטאָרבן אָן אַ קול און זענען פאַרפייניקט געוואָרן אין די געדיכטענישן פון וועלדער, וואו עס שטומען די ברידער־קברים, פאַרשאָטנט מיט שטילקייט?

די נאַציס אַליין האָבן דערציילט פאַר דער וועלט וואָס זיי האָבן געטאָן צו לידיצע. און דאָס וואָס איז געטאָן געוואָרן מיט דער אומגליק־לעכער שטאָט און איר איינוואוינערשאַפט איז שוידערלעך־גלויבלעך. די ווילדע חיות האָבן גענומען נקמה פאַר דעם אַטענטאַט אויף דעם בלוט־הונט היידריך, דורך דערשיסן די גאַנצע מענערישע באַפעלקערונג, אַוועקשיקן די פרויען פאַר שקלאַפן־אַרבעט, די קינדער אין געפאַנגענ־שאַפט און אַוועקלאָזן די גאַנצע שטאָט מיטן רויך. עס איז טייוולשע נקמה, אָבער די נאַציס אַליין האָבן „דערצויגן" די וועלט צו גלויבן, אַז זיי זענען פעאיק אויף אַזאַ בלוטיקער אַרבעט. נאָר דאָס וואָס זיי טוען צו אונדז, איז אַזוי אומגלויבלעך, אַז מען קאָן עס גאָרנישט ברענגען אויף מענטשלעכע ליפּן. לויט אַלע כללים פון די ערגסטע אוממענטשן (אויב עס זענען פאַראַן אַזעלכע כללים) קאָנען זיי אַזעלכע רציחות נישט באַגיין. פונדעסטוועגן באַגייען זיי, און נאָך מער און נאָך ערגערע, און נאָך שוידערלעכערע און נאָך בלוט־פאַרגליווערנדיקערע און נאָך אומגלויבלעכערע רציחות.

און דערפאַר איז שווער צו שרייען צו דער וועלט וועגן אונדזערע לידיצעס, ווייל די נאַציס אַליין האָבן נאָך נישט באַשאַפן אַזאַ מאָס פאַר מאַסן־מאָרד. זיי זענען ווייט פאַראויסגעלאָפן דער ווילדסטער מענטשלעכער פאַנטאַזיע. אַלץ וואָס זיי טוען צום יידישן פאָלק קלינגט נישט איבער־צייגנדיק, ווייל אפילו דער גרעסטער אוממענטש קאָן נישט זיין אַזוי גיהנומדיק און אַזעלכע מעשים קאָנען נישט פאַרסמען דאָס מענטשלעכע לשון. מיר פאַרמאָגן גאָר קיין ווערטער נישט דערפאַר און די נאַציס ווייסן דאָס און זיי טוען זייער אַרבעט פון אויסראָטונג נאָר דערפאַר,

ווייל זיי ווייסן, אַז נאָר וועלן נישט קאָנען אויפשטורעמען די וועלט מיט אַזעלכע „ליגנס״.

און דערפאַר זענען יידישע קינסטלער הילפלאָז, ווען זיי ווילן געבן קינסטלערישע איבערציייגונג צו אונדזערע לידיצעס. מיר ווייסן קודם כל, אַז די וועלט וועט אונדז אויפנעמען מיט טויבע אויערן און מיט סקעפּטישע ליפּן. וויאַזוי קאָנען מיר דעם שידערלעכן ליגן מאַכן פאַר דעם שוידערלעכן אמת? ווייל גערעכט איז דאָך פאַרט די וועלט. די נאַצישע מעשים אין לובלין, וואַרשע, לאָדזש זענען דאָך אַ ליגן, וואָס זענען צום אומגליק אמת. קינסטלער האָבן סייווי די שווערע אויפגאַבע צו באַלייכטן דעם אמת, וויאַזוי קאָנען זיי אַרבעטן מיט דעם וואָס די נאַציס האָבן אַזוי בלוטיק אויסגעטראַכט? וויאַזוי קאָנען זיי באַלייכטן און דורכלייכטן דעם ליגן און ווייזן דער וועלט, אַז הינטער דעם ליגן שטייט אַן אמתע נאַצישע חיה.

עס איז אוממעגלעך, ווייל אונדזער אומגליק איז נישט אַזוי עפּיזאָדיש ווי לידיצע. אונדזער אומגליק איז טאָטאַל, און ווי קאָנען קינסטלער אַרבעטן מיט אַזאַ אָקעאַנישן מאַטעריאַל, אין וועלכן עס ווערט דערטרונקען אין בלוט אַ גאַנץ פאָלק?

*

עס איז דערפאַר נישט קיין וואונדער, וואָס שלום אַש איז נישט געלונגען זיין דערציילונג „יתגדל ויתקדש״ (געדרוקט אין „אידישן קעמפער״). שלום אַש האָט געוואָלט כאַפּן איין מענטשן, ווי קינסטלער טוען געוויינלעך. ער האָט געוואָלט אין אַן עולם קטן געבן די גרויסע טראַגעדיע, אָבער עס איז אַרויס אַ שטיק הילפלאָזיקייט.

שלום אַש נעמט אַן אַלטן רב, וואָס פאַלט אַריין אין די הענט פון די געסטאַפּאָ־מערדער. דער רב איז שוין פון פאַראויס אַ רעזיגנירטער. אָט־דער אַלטער פירער פון אַן עדה יידן ווערט געפייניקט און באַליידיקט, אָבער ער חזרט איבער די גזלנישע ווערטער, וואָס די מערדער האָבן מיט אים איינגעלערנט, אַז ער איז אַ „יודע שווין, האַבע קיינע עהרע״.

צום סוף לאָזט זיך דער רעזיגנירטער רב נישט שלעפּן צו צוואַנגס־אַרבעט אום שבת, און מען הענגט אים אויף פאַר אַ „דיסציפּלין־ברוך״.

שלום אַש איז געווען גענוג אָריענטירט צו וויסן, אַז עס

איז שווער צו באַהערשן דאָס מאַטעריאַל פון אונדזער גרויסן אומגליק. איז ער דערפאַר אַוועק צום צווייטן עקסטרעם און געשריבן זיין דער־ציילונג אין אַן איין דימענסיאָנעלער פאָרם, אָן שום טיף. ער האָט אויף דעם שטומסטן אופן איבערגעגעבן דעם גוף פון רב אין די אומריינע הענט פון די רשעים, אָבער ער האָט אויך אָן שום קינסטלערישער רעכט פאַרשטומט דעם רבס געדאַנקען.

אַן אַלטער רב, אויף זיין שטייגער אַ מנהיג הדור, דערלעבט דעם אונטערגאַנג פון זיין וועלט. ווי קאָנען די נאַציס פאַרשרייען זיין ליכ־טיקן קאָפּ, אַפילו ווען זיי זאָלן בייטשן זיין גוף? אַש גיט אונדז אַ שטומען, גאָרנישט טראַכטנדיקן רב, אַ פאַרגליווערטן, וואָס ווערט אַביסל „לעבעדיק", ווען ער באַגייט אַ נישט־יידישע זאַך און לאָזט זיך אויפהענגען פאַר שבת, און ווערט דערמיט אַ שוידערלעכער זעלבסט־מערדערישער ביישפּיל פאַר זיין גאַנצער עדה.

היטלער קוילעט־אויס יידן און באַרויבט זיי פון זייער לעצטן געשריי צו דער וועלט, מוז כאָטש דער יידישער קינסטלער דעם לעצטן געשריי דערהערן. מיר טאָרן נישט פאַרשוועכן אונדזערע קדושים און זיי איבער־געבן פאַרגליווערטע, פאַרשטאַרטע און פאַרגולמטע אין די הענט פון תליון.

שלום אַש האָט זיך אויך פאַרלאָרן אין דעם אופן פון אָנשרייבן זיין דערציילונג. ער האָט געשריבן אַ זאַמדיקן, קאָלירלאָזן יידיש, אַ זשורנאַליסטישן, ווי עס וואָלט שוין געווען איבערגעזעצט פון אַ פרעמ־דער שפּראַך. דער רב „רעאַגירט" און דער „העלד", אויף וועמענס אָרעמע פּלייצעס ער וואַרפט אַרויף דעם קידוש השם, קריגט ביי אים „אידיאָטישע אויגן". און ווי לייכט די גאַנצע זאַך איז געשריבן — אין דער ליניע פון אַשס פעטע, מעלאָדראַמאַטיש־אויסגעטראָטענע פאַרעלטערטע מאָטיוון. דער ייד זאָגט יתגדל ויתקדש און שטאַרבט פאַר שבת, אָבער טראַכטן טראַכט ער גאָרנישט. זאָגן זאָגט ער גאָרנישט און אַלץ דערפאַר וואָס ער האָט זיך ביי אַשן אַריינגעפּאַסט אין זיין שריפטשטעלערישן שופלאָד.

וועגן אַשס דערציילונג „יתגדל ויתקדש" קאָן מען זייער אַ סך שרייבן. מען קאָן אָנווייזן אויף אַשס שווערן קינסטלערישן וועג, וואָס איז פאַר אים געוואָרן דער סאַמע לייכטסטער, ווייל ער איז אַוועק פון

מענטש און איז דערגאַנגען צו חלבנער הייליקייט. אַלע מענטשן זענען הייליק ווען זיי ווערן געפירט צו דער תליה; אַלע מענטשן האָבן געדאַנקען ווען זיי ווערן געפירט צו זייער לעצטער רגע. עס איז אָבער שווערער צו דערהערן די לעצטע ווערטער פון אַזעלכע קדושים. האָט אַש אַ פּאַרטל. ער באַצירט און באַקראַנצט און צאַצקעט־אויס אַזאַ מענטש פון הייליקייט־וואַקס. אָבער גראָד אַזאַ הייליקייט ווערט מעלאָדראַמאַטיש אין אַזעלכע מאָמענטן. דער נאַצי הרגעט נישט מיין ברודער, ווייל דער ייד וויל נישט פאַרשוועכן דעם שבת. ער הרגעט אים פאַר גאָרנישט; ער הרגעט אים ווייל ער וויל אים אָפּראַמען פון וועג. אָבער אַש צינדט־אָן די אַלטע קידוש השם־לייכטער, ווייל די לייכטער... מאַכן טאָקע אַ סך לייכטער.

נאָר דאָס איז אגב־אורחא וועגן אַשס בלאָנדזשענישן אין די טיפן פון לייכטזיניקער גלויבעריי און מעלאָדראַמאַטישער הייליקייט. אָבער דאָ, אין דעם פאַל פון זיין איין־דימענסיאָנעלער דערציילונג האָט ער אונדז געטאָן אַ טובה דורך אָנווייזן גלייך וואָס יידישע קינסטלער מוזן אויס־מיידן. מיר טאָרן נישט קינסטלעריש אַוועקלאָזן פון דער וועלט אונדזערע פאַרפייניקטע ברידער, אָן אַ לעבעדיק וואָרט. ווי שווער עס זאָל נישט זיין, מוזן מיר אויפכאַפּן זייערע לעצטע געדאַנקען און זיי איינקריצן לדור דורות. מיר טאָרן נישט לאָזן הענגען קיין קדושים מיט דעם שטומען נאָכזאָג פון „שמוציקער יודע, האַבע קיינע עהרע". אונדזערע העלדן פון אונדזערע הונדערטער לידיצעס דאַרפן נישט קיין מעלאָדראַמאַטישע שבתדיקע קאַפּאָטעס. זיי זענען נישט קיין מוזיי־העלדן פון אַשס רעלי־גיעזער לאַבאָראַטאָריע. זיי זענען אונדזערע ברידער און שוועסטער, טאַטעס און מאַמעס, וואָס זענען דורך היטלערס מערדער באַרויבט געוואָרן פון זייערע געשרייען. דערפאַר מוזן מיר, יידישע קינסטלער, דער־הערן זייערע העלדישע פאָרוואורפן צו דער גרויזאַמער וועלט.

היטלער האָט אונדזערע קרבנות געוואָלט פאַרשעמען, אָבער די העלדן פון אונדזערע לידיצעס מוזן ווערן אונדזער טרייסט פאַר דעם מאָרגן און נישט אונדזער „שמוציקער יודע, האַבע קיינע עהרע" — אַ גלגול פון אַשס מה יפית־יידן. מען דאַרף אונדזערע העלדן נישט אויס־טראַכטן. מען דאַרף זיי בלויז פאַרטיפן און דערהערן.

עס איז טאָקע שווער צו געשטאַלטן קינסטלעריש אונדזער אומגליק, אָבער מען דאַרף נישט אָפּקומען מיט אַ באַהאַלטענעם „יתגדל ויתקדש".

זיי, די קריסטלעכע מאַרטירערס, וועלן קומען צום נאָכמלחמה־טיש ווי ווירדיקע מענטשן, און מיר ווי „האָבע קיינע עהרעניקעס". טיפער ווי דער ים איז אונדזער פּיין. לאָמיר עס נישט אָפּשוימען פון אויבן, מיט דעם אַלטן גוטן לעפל פון אַשס דרויסנדיקער און ווייַרעכדיקער הייליקייט.

*

אַגב האָט זיך ש. ניגער טועה געווען אין זיין בוך, אַז אַשס „יתגדל ויתקדש" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1944. מיין קריטיק איבער דער דערציילונג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „מאָרגען־זשורנאַל", דעם עלפטן נאָוועמבער 1942, אין דעם יאָר ווען לידיצע איז אָפּגעווישט גע־וואָרן.

1961

## ש. ניגערס עסייען וועגן שלום אַשן

דאָס בוך — „שלום אַש, זיין לעבן, זיינע ווערק", וואָס איז צוזאַמענ־געשטעלט געוואָרן פון מלך ראַוויטשן און וואָס דער „ש. ניגער בוך־קאָמיטעט ביים אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס" האָט אַרויסגע־געבן, איז דערשינען אין 1960, פינף יאָר נאָך ניגערס טויט. דאָס בוך איז נישט אַזוי אינטערעסאַנט ווי אַ באַגלייט־שטודיע פון אַשס ווערק, נאָר גיכער ווי אַנווייזערס אויף ביאָגראַפישע שטריכן פון ש. ניגערן אַליין, ווי דער באַרימטער קריטיקער האָט געלעבט מיט די ווערק פון זיין באַליבטן שרייבער און זיי דורכגעלעבט.

דאָס בוך איז אייגנטלעך כמעט אַ בוך, וואָס ניגער אַליין האָט נאָך צוזאַמענגעשטעלט ביים לעבן. ער האָט געוואָלט שאַפן פון זיינע אומצאָליקע אַרטיקלען וועגן שלום אַשן אַ גאַנץ ווערק, אויפן שטייגער פון זיינע ביכער וועגן י. ל. פּרצן און ה. לייוויקן, אָבער די אַרבעט פון שאַפן אַ בוך איז ניגערן נישט שטאַרק געלונגען. גראָד איז אַזוי געשען אַז דער סאַמע באַליבטסטער שרייבער זיינער, אַש, זאָל זיך נישט לאָזן פאַרגאַנצן אין

אַ בוך, אָבער דאָס איז לחלוטין נישט דער חסרון פון דער זאַמלונג עסייען און אָפּהאַנדלונגען, ווייל אַמאָל איז אַ גרויס בוך וועגן איין שרייבער אַן אָנשטרענג און נישט מער ווי אַ באַוויזענער דורכפיר פון אַן אונטערנעמונג.

אין די געזאַמלטע עסייען וועגן אַשן פעלט נישט די גאַנצקייט, ווייל זי איז סיוּוּי דאָ, היות ס׳גייט אין אַזאַ צונויפשטעלונג אין דעם אָפּשפּיגל פון צוויי לעבנס, די קינסטלערישע קאַריערע פון אַ זייל פון דער יידישער ליטעראַטור און ניגערס כסדרדיקע דערציערישע וואַכזאַמקייט, איבער דער קאַריערע פון דעם באַרימטן שרייבער. ס׳זענען געווען צייטן ווען אַש האָט זיך שטאַרק גענייטיקט אין ניגערס אונטערפירערשאַפט. ס׳איז זיכער געווען אַ צייט ווען איבער דעם לעצטן פינטעלע פון אַשס ווערק האָט גלייך געפלאַטערט אַ פרעג־צייכן — וואָס וועט ש. ניגער זאָגן? ש. ניגער האָט געוויינלעך געזאָגט און שיין און וואַרעם געזאָגט, און ס׳איז אַרויסגעקומען ווי דאָס גענויטיקטע נאָכוואָרט צום פאַרענדיקטן ווערק.

שפּעטער האָט שוין שלום אַש זיך נישט צו־שטאַרק גענויטיקט אין ניגערס קריטיק. ס׳איז שוין געוואָרן ביי אים מער געוואוינהייט ווי אמתער פלאַטערדיקער נייגיר. אַשס גאַנג אין דער יידישער ליטעראַטור איז שוין געווען אָנגעצייכנט און קיין קריטיקער האָט אים מער נישט געקאָנט העלפן אָדער קאַליע מאַכן. דער אָפּהילך פון אַשס ווערק איבער דער וועלט האָט אַשן פאַרגיטיקט פאַר אַלערליי מיינונגען, וואָס אים איז אויסגעקומען צו לייענען וועגן זיך אין דער יידישער וועלט. ניגער איז תמיד פאַרבליבן אַן אויסנאַם, אָבער אַש האָט שוין מער אַזוי הייס נישט געוואַרט אויף ניגערס חתימה ווי אַמאָל.

דאָס איז נאַטירלעך און ס׳האָט נישט געקאָנט זיין אַנדערש. אַפילו לייענערס האָבן אַמאָל געוואַרט אויף ניגערס וואָרט וועגן אַשס ווערק, כדי צו דערגאַנצן און באַשטעטיקן די פולע הנאה, וואָס זיי אַליין האָבן געהאַט פון אַשן.

ביי ניגערן האָט זיך גיך אַנטוויקלט די רייפערע פאַרשטענדעניש, אַז ער שרייבט נישט, בעסער געזאָגט, ער פאַרשרייבט נישט אַשן קיין קריטישע רעצעפּטן, אַז אַש האָט גיך גראַדויִרט פון ניגערס פּאַציענטן־לאַבאָראַטאָריע. בכלל איז אַש געווען דער פאַרטיקער שרייבער, מיט אַלע זיינע נאָך נישט צעבליטע מעלות און חסרונות, ווי נאָר ער איז געקומען, און

קיין טאַטער און קיין רופא האָט אים נישט געקאָנט העלפן. ניגער האָט עס אפילו פאַרשטאַנען אין זיין ערשטן טראָט וואָס ער האָט געמאַכט ווי אַ קריטיקער. זיין לענגערע אַרבעט איבער אַש איז געווען מער געזאַנג ווי קריטיק. אַשס הסרונות זענען געווען אַרומגעזונגען מיט אַזויפיל אויסטייטשערישער לויב, אַז ס׳האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין פון נעמען דעם יונגנמאַן און אים מדריך זיין. ניגער אַליין איז דעמאָלט געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 24 און אַש איז געווען בלויז מיט פיר יאָר עלטער.

מיט דער ערשטער לענגערער אַרבעט, וואָס ניגער האָט געשריבן הויבט זיך אָן דאָס בוך און ס׳איז פון דער אָפּהאַנדלונג נתפּעל צו ווערן. אַ יונגער קריטיקער איז געבוירן געוואָרן. ממש פון יעדן פּאַראַגראַף אָטעמט מיט איבערצייגונג, אַז ס׳איז געקומען אַ גרויסער אָפּשאַצער און אַז וועדליק דער מאָס וואָס ער האָט געגומען דער יידישער ליטעראַטור, מיט זיין אַש־עסיי, קאָן מען פון אים אַליין דערוואַרטן גאָר גרויסע זאַכן. די דעמאָלטיקע באַרימטע יונגע און עלטערע יידישע שרייבערס האָבן זיך פּשוט מחיה געווען מיט דעם אָנקום פון יונגן קריטיקער.

ס׳איז אינטערעסאַנט אַז ניגער איז אין זיין ערשטער פאַרנעמיקער קריטישער אַרבעט אַפילו אַריינגעפאַלן אין טאָן פון שלום אַשן. ער האָט ווי ער — געזונגען. אַש האָט אידיליזירט דאָס שטעטל און ניגער האָט אויך געזאָגט זמירות מיט התפּעלות. ס׳איז אַן אַרבעט וואָס מען קאָן נאָך היינט לייענען מיט מער פאַרגעניגן, ווי אַ סך אַנדערע קריטישע עסייען פון ניגערן. נאָך מער, ניגערס ערשטע גרויסע אַרבעט פון אַשן לייענט זיך נאָך איצטער, 55 יאָר שפּעטער מיט מער הנאה, ווי אַשס „שטעטל" אָדער אַנדערע זיינע אָנהויבערישע ווערק.

ראַוויטש זאָגט אונדז אין זיין אַריינפיר־וואָרט, אַז דריי שרייבערס האָבן געשטאַלטיקט ניגערס „ייד־ און קונסט־באַנעמונג — יצחק לייבוש פּרץ, שלום אַש און ה. לייוויק". כ׳ווייס נישט אויף וויפל ראַוויטש איז גערעכט און צי זענען אַלע דריי טאַקע געוואָרן זיינע געשטאַלטיקערס. מיר דאַכט זיך, אַז ניגער האָט געשעפּט פון גאָר אַ סך קוואַלן און זיין קונסט־באַנעמונג איז זיכער נישט געווען באַזירט בלויז אויף דעם, וואָס די ז״יי שרייבערס האָבן אים געשאָנקען. ניגער איז פּ״ט געווען פאַרליבט אין די דריי שרייבערס און ס׳איז געווען פאַר אים נויטיק „פּאָליגאַמיע". אַש איז געווען דער פיזישער קינסטלערישער זיווג, פּרץ דער גייסטיקער;

און מיט לייוויקן האָט ניגער געפירט אַ פּלאַטאָנישע ליבע; מיט אים האָט ער זיך געקאָנט דרכשמועסן וועגן העכערע מיסטישע ענינים. פאַר דעם ראַציאָנאַליסטישן ליטוואַק איז עס אויך אַבסאָלוט נויטיק געווען.

אָבער אויב מ׳זאָל רעדן פון געשוואוירענער געטריישאַפט, איז זיכעו־ניגער געווען קריטיש פאַרהייראַט צו אַשן. דאָס איז געווען זיין אמתער זיווג. ניגער האָט אין תוך געהאַלטן, אַז אַ שרייבער דאַרף זיין קודם כל פיזיש און אויף אַזויפיל גייסטיק, אַז ס׳זאָל נישט איבערפירן דאָס פיזישע געשטאַלט פון קינסטלער. מיר דאַכט זיך, אַז אין 90 פּראָצענט חתונות שפּילט אַזאַ צוגאַנג די ערשטע פידל און עס פירט צו אייביקער „גליק־זעליקייט״. אַז מען איז באַזאָרגט מיט אַזאַ גוטן און צוגעפּאַסטן שידוך, קאָן מען זיך ערשט באַנוגענען מיט אַ גייסטיקער געליבטער און מיט אַ ביסל פּלאַטאָנישער רוחניות.

אויב ס׳איז אמת, אַז ש. ניגערס פולע באַנעם־וועלט איז טאַקע באַשטאַנען, ווי ראַוויטש וויל האָבן, פון די דריי גרויסע — פּרץ, אַש און לייוויק, וואָלט איך געזאָגט, אַז אַש איז געווען ניגערס אַבסאָלוטער זיווג און די אַנדערע צוויי זענען געווען די סאַטעליטן אַרום זיין גרויסער ליבע, די נויטיקע אָפּנויגן אין לעבן פון אַן אינטעליגענטן אומרואיקן געניסער, וואָס זוכט אייביק עפּעס אַנדערש אָבער קומט געוויינלעך צוריק צום מקור, אויב ס׳איז אים באַשערט אַזאַ פולער און צופרידנשטעלנדיקער מקור, פון יענע מקורים וואָס מיט זיי און פון זיי גט מען זיך קיינמאָל נישט.

ניגער האָט זיך קיינמאָל נישט געגט מיט אַשן. ער האָט זיך מיט די אַנדערע צוויי גרויסע שרייבערס אויך נישט געגט, אָבער בלויז דערפאַר, ווייל מיט זיי האָט ער קיינמאָל נישט געזעצלעך חתונה געהאַט. ווען ניגער רעדט פון אַשן, רעדט ער מיטן מויל פון אַ פאַרליבטן; ווען ער רעדט פון פּרצן, רעדט ער פון אים ווי אַ חסיד פון אַ רבין; ווען ער רעדט פון לייוויקן, רעדט ער ווי אַ באַוואונדערער פון אַ קאָמעט, וועמען ער באַגלייט מיט אַ פאָרשערישן טעלעסקאָפּ.

כ׳בין אַריינגעקראָכן אין אַ פאַרגלייך וואָס איז שווער פון אים פּטור צו ווערן, אָבער שולדיק אין דער סוגעסטירונג פון אַזאַ „דריי־איניקייט״ אין לעבן פון ש. ניגער, איז מלך ראַוויטש. ער האָט עס מיך פאַרפירט אויפן וועג פון זיווג און ליבע. מוז איך שוין אַ ביסל ווייטער שפּינען דעם

פאַרגלייך, כדי פון אים פטור צו ווערן. גראָד דערפאַר, ווייל פאַר ניגערן איז אַש געווען זיין איינציקע גרויסע און אמת פאַרליבטע געטריישאַפט, האָט אָפּט געמאַכט אַ אומאָנגענעמען איינדרוק, ווען ער האָט דעמאָנ־סטרירט זיין געשוואוירענע פאַרליבטקייט אויף די עלטערע יאָרן, אין דעם זיווג פון זיין יוגנט. אמת, ניגער האָט אַמאָל פאַרלוירן דאָס געדולד און זיך געקריגט פובליציסטיש מיט אַשן, אָבער די קריגעריי איז געווען אַן אָפּרו אין דעם גליקלעכן צוזאַמענלעבן. ליטעראַריש און קריטיש איז ער געבליבן אַשס געטרייסטער באַוואונדערער, ווען די וועלט האָט שוין אַ ביסל אָפּגעקערט דעם קאָפּ פון דעם אַלטן פּאָרל, וואָס האָט זיך שוין געגרייט אָט־אָט צו פּראַווען אַ גילדענע חתונה.

עד כאן דער פאַרגלייך וואָס האָט זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין שרייבן די נאָטיצן וועגן ניגערס געזאַמלטע עסייען איבער שלם אַשן. די אַלע עסייען וועגן אַשן זענען אינטערעסאַנטע שטודיע־פּונקטן אין ש. ניגערס ביאָגראַפיע. שלום אַש האָט ניגערן אַזוי פאַרכאַפּט, אַז ער האָט דעם קריטיקער זייער אָפּט אַראָפּגעפירט פון וועג. די קריטישע קריטעריעס וואָס ניגער האָט פאַרמאָגט האָבן אים גאַנץ אָפּט פאַרלאָזן, ווען ער איז צוגעגאַנגען צו אַשס אַ ווערק. מען דאַרף די עסייען לייענען ווי ניגערס שאַפונגען און וועגן און מעסטן זייער אייגענע ווערטפולקייט, אָבער אַז ס׳קומט צו גרינטלעכער אָפּשאַצונג פון אַשס ווערק, קאָן מען זיך אויף זיי נישט תמיד סומך זיין.

ניגער האָט זיך איינגעהאַלטן צו שרייבן וועגן שרייבערס וואָס ער האָט פיינט געהאַט, אָבער אַז ער האָט יאָ געשריבן וועגן זיי, האָט ער זיין שנאה נישט געקאָנט באַהאַלטן. אַמאָל האָט זיך די שנאה אַנטפּלעקט אין איבערטרייבונג — צום גוטן אָדער צום שלעכטן. הלוואי וואָלט ניגער אויך זיינע ליבשאַפטן צוריקגעהאַלטן און זיי באַהערשט.

אין זיינע אָפּשאַצונגען פון אַשן ליגט אַ מין רעבעלישער גיין קעגן שטראָם. דווקא ווייל — וועל איך אייך וויזן, און ער האָט זשאָנגלירט און געוויזן. ער האָט אָבער שוין מער נישט פאַרמאָגט דעם אינערלעכן פייער פון זיין יוגנטלעכער התלהבות און די עסייען וועגן אַשס שפּעטער־דיקע ווערק לייענען זיך דערפאַר אַן איבערצייגונג און קאַלט, ווי ער וואָלט זיך אַליין געוואָלט איינרעדן און אָנוואַרעמען ביי אַ פאַלש פייער.

כ׳האָב דאָ לחלוטין נישט דערמאָנט קיין באַזונדערע ווערק, און

ס׳גייט מיר אַוודאי נישט אין לעבן אַריינצוקריכן אין די אמתע רעכטע געדעכטענישן פון די להכעיס־ווערק, וואָס אַש האָט געשריבן אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. כ׳וויל בלויז דערמאָנען איין שטעלע אין דריטן טייל פון בוך, וואו ש. ניגער שרייבט אַזוי וועגן אַשס „אַפּאָסטאָל״. וועגן דעם ווערק דינגט שוין ניגער אַ ביסל אַראָפּ. ער זאָגט, אַז — „די האַנדלונג פון אַפּאָסטאָל איז צום גרעסטן טייל שייך ניט צו דעם יידן יעזוס אָדער ר׳ ישו, ווי אַש רופט אים אָן, נאָר צו פּאַולס שמדן זיך און צו זיין פּלייסן זיך צו פאַרשפּרייטן זיין נייע אַמונה צווישן יידן און נישט־יידן. דאָס איז אַ בוך וואָס איז באמת מער קריסטלעך ווי יידיש (אינעם רעליגיעזן זין פון וואָרט) און דער דורכשניטלעכער יידישער לייענער איז פּסיכאָלאָגיש און מאָראַליש נישט בכוח אויפצונעמען אַזאַ מין ווערק״.

אָט די קריטיק אויפן חשבון פון אַ בוך, וואָס איז „מער קריסטלעך ווי יידיש״ מילדערט אויך ניגער מיט דער באַמערקונג, אַז דער דורכשניטלעכער יידישער לייענער איז נישט בכוח אויפצונעמען אַזאַ מין ווערק. משמעות, אַז דער „העכערער״ יידישער אינטעליגענטער לייענער דאַרף אַזאַ בוך יאָ קאָנען אויפנעמען „פּסיכאָלאָגיש און מאָראַליש״.

ס׳איז נישט שייך צו זוכן חסרונות אויף די דאָזיקע עסייען איבער אַשס קינסטלערישן גאַנג, ווייל ווי געזאָגט, זיי זענען צום אינטערע־סאַנטסטן, ווען מען נעמט זיי ווי עטאַפּן אין ניגערס ביאָגראַפיע, זיינע אייגענע דערגרייכונגען און שטרויכלונגען, זיינע פּסיכאָלאָגישע קעמער־לעך, וואָס די געזאַמלטע עסייען אַנטפּלעקן. לויט ניגערן איז כמעט ביי אַשן נישטאָ קיין שלעכטער „בראָנפן״. אַפילו ווען ס׳איז נישט אַזוי גוט, איז פאָרט גוט. ניגער האָט זיך אָפּט געטאָן אַן עוולה מיט זיין גוואַלדיקער פאַרליבטקייט אין זיין גרויסן ליטעראַרישן העלד. אויב מ׳זאָל ניגערס מבינות נעמען ערנסט וועגן אַזעלכע ווערק, ווי אַשס „די מוטער״, „גראָס־מאַן און זון״, אָדער „משה״, וואָלט מען זיך געמוזט אָפּשטעלן אויף אַ באַשטימטער ווייל און דורכפירן אַ רעוויזיע איבער דעם גרויסן יידישן קריטיקער. ווען מען לייענט אָט־די התפעלות־קריטיק וועגן אַזאַ שטיק אויסגעמוטשעטן שאַבלאָן ווי „משה״, מוז מען בלויז שאָקלען מיטן קאָפּ און זאָגן דאָס באַרימטע באַנאַלע ווערטל — ליבע איז בלינד, אָבער קיין רוח דערפון קומט ניגערן נישט צו.

דער קריטיקער ש. ניגער אַנטפּלעקט זיך אין יענע עסייען וועגן אַשן

ווי אַ מענטש וואָס איז געבליבן געטריי זיין ערשטער יוגנטלעכער טעמע, וואָס האָט אים עטאַבלירט ווי אַ קריטיקער. ער האָט קיינמאָל אַשן נישט פאַרגעסן די טובה, אַז שלום אַש האָט אים געהאָלפן אַרויסקומען און ווערן.

1962

## „אידיש געלט"

די אָרעמע מלוכה פון יידישן לעבן האָט אין די שטעט און שטעטלעך געוואוסט ווי אַזוי אַרויסצושלאָגן אַפילו פון אַזאַ ביטער־נויטיקער האַרט־קייט ווי געלט, אַזויפיל גייסטיקייט, אַז ס'איז ממש צו שטוינען, ווי אַזוי אונדזער לעבן אין גלות האָט דערהויבן אַלץ, וואָס איז אונדז רשעותדיק צוגעשפּאַרט געוואָרן. די יידישע רייכטימער, מ'שטיינס געזאָגט, אין לאַנגן, פינצטערן גלות זענען געווען לעגענדעס, וואָס רשעים האָבן אויסגע־טראַכט און כסדר געלויערט אויף דעם, אויפבלאָזנדיק די אייגענע גייציקע אויסטראַכטענישן אין יידישע גאָלד־ און זילבער־שלעסער. אַוודאי האָבן מיר אויך געהאַט גבירים, וואָס זייערע פּעאיקייטן האָבן דורכגעבראָכן די חושכדיקע ווענט, אָבער מיינסטנס איז יידיש געלט געווען נישט מער ווי קוים־קוים חיונה און נאָך נידעריקער — שטאָפּלען פון דלות, וואָס יידן האָבן אַרומגעפּוצט און אויסגעפּוצט לכבוד שבת. אָבער אַפילו דאָס נגי־דישע געלט איז פריער גוט דורכגע'מעשר'ט געוואָרן מיט מאָנונגען, וואָס די יידישע קהילה האָט צוגעשטעלט און בפירוש אויפגעמאָנט, אַפילו ווען דער גביר איז געווען דער גרעסטער קמצן. נישט געווען קיין יידיש גלאַט־געלט, נאָר יידיש געלט האָט געמוזט עפּעס זאָגן אַ גוט וואָרט, אַ נוצלעך וואָרט, אַ האַרציק וואָרט. געלט מאי קא משמע לן? ווי האָט זיך אַ ייד געקאָנט פאַרגינען צו האָבן גלאַט געלט און ס'זאָל נישט געמאַכט ווערן אויף דעם עפּעס אַ שטיקל ברכה, וואָס זאָל באַשיינען די געלטשאַפט, ווי באַשיינט ס'איז געווען די יידישע אָרעמשאַפט!

דאָס אַלץ ווערן מיר געוואויר פון דעם בוך „יידיש געלט", וואָס

דער באַרימטער יידישער פילאָלאָג און פאָרשער יצחק ריבקינד האָט צוגעטראָגן צו דער וואונדער־שאַנק פון יידישע ספרים־ביכער. דערמיט ווערט נישט געמיינט אַן אומזיסטיקע פאַרטאָפלונג, נאָר יצחק ריבקינד האָט אונדז געשאָנקען אַ בוך וואָס איז אַ ספר, אפשר גאָר אַ פנקס, וואָס עפנט די אויגן און איז מגלה שטיקער יידישע געשיכטע.

יצחק ריבקינד האָט אייגנטלעך געשאַפן אַ קאָמפּאָזיציע, וואָס נעמט איין מעלאָדיע — געלט — און באַווייזט אויסצושפּילן הונדערטער וואַריאַציעס. אויב איר ווילט, איז עס אַ דראַמאַטיש ווערטערבוך. גלאַט געלט וועט איר אין דעם ווערטערבוך נישט געפונען, נאָר צום געלט ווערט תמיד צוגעטשעפּעט אַ יידיש דראַמעלע, אָדער אַ יידיש קאָמעדיעלע, צי אַ יידישע מאָראַל־זאָגונג.

דאָס ווערק „יידיש געלט" איז אַ גרויסע פאַרטראַכטונג, אויף אַ ברייטער קאַנווע, אויפן הינטערגרונט פון יידישער מאָראַל־ און זיטן־געשיכטע. ס׳איז אויפגעבויט אַרכיטעקטאָניש, שוין די אַלף־בית־אָרדע־נונג שאַפט אַן אויטענטיש בילד פון יידיש לעבן, וואָס דורך דער פּריזמע פון געלט, שלאָגט עס זיך אַדורך מיט ערלעכער איבערצייגונג. אָט דאָס האָבן מיר געמאַכט פון געלט און דאָס האָט געלט געמאַכט פון אונדז — בטחון־יידן, צדקה־יידן, קדושה־יידן! אַוודאי ווערן אין ריבקינס „יידיש געלט" אויך נישט באַהאַלטן די פּרישטשיקלעך, אָבער גראָד דערפאַר ווערט דאָס בילד נאָך פולער און דאָס יידישע געמיינדע־לעבן פון הונדער־טער יאָרן צוריק, ביזן גרויסן חורבן, ווערט קלאָרער און ליכטיקער.

יצחק ריבקינד זאָגט אונדז, אַז זיין ווערק שפּיגלט אָפּ דאָס געלט־וועקסל — „אין לעבנס־שטייגער, קולטור־געשיכטע און פאָלקלאָר". ווי ער דריקט זיך אויס טרעפלעך, אַז אויב דער מחבר „ציילט יידיש געלט, איז עס דערפאַר, ווייל ס׳איז געלט וואָס דערציילט". אָבער דער אופן ווי דער מחבר קריגט אַרויס פון געלט, די האַרציקע דערציילענישן פון אונדזער עבר, איז דער סוד און דער באַשייד פון יאָרן שעפעריש־פאָרשע־רישער אַרבעט, ווייל בלויז מיט שעפערישער פאַנטאַזיע האָט מען געקאָנט אַרויסשלאָגן אַזויפיל חיונה פון אָרעמע יידישע געלטער.

ס׳איז אַ בוך צום לייענען, אָבער נישט אויסצולייענען, ווייל די איבער דריי הונדערט און פופציק זייטן, מיט דעם גרינטלעך־וויסנשאַפט־לעכן אַריינפיר און די טאָפּל־עמודים פון לעקסיקאָן, שעפּן זיך נישט אויס.

מען קאָן נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל צוריקקומען צו אַ וואָרט און שעפּן נחת פון אַ טייטש, פון אַ אויסגעפונענעם מקור, פון אַ היסטאָרישער באַלייכטונג, פון אַ שפּרודלדיקער המצאה, פון ראיות געבראַכט פון אונדזער אַלטער און נייער ליטעראַטור.

מיך אַרט נישט — און ווען מען וועט שטודירן גוט און גרינטלעך דאָס געלט־ווערטערבוך, וועט עס אויך קיינעם נישט אַרן, וואָס דער מחבר איז צוגעגאַנגען צו זיין ספר מיט אַ לכתחילהדיקער טענדענץ, ווי ער זאָגט עס קלאָר אין זיין אַריינפיר, אַז „געלט איז געשאַפן געוואָרן פאַר יידישקייט, דעת, יושר, למדנות, נדבנות, צדקה, קדושה, רחמנות, שכל, תורה". מיך אַרט עס נישט דערפאַר, ווייל די טענדענץ שטראַלט אַרויס פון יידישער געשיכטע און אַן אַזאַ וואַרעם־יידישער טענדענץ, איז שווער צו פאַרשטיין יידישע געשיכטע. ס'איז אַ טענדענץ, וואָס שאַפט די נויטיקע לופט פאַר פאַרשטענדעניש פון יידישן לעבן; אָן דעם ווערט מען פאַרפאַלן און מען פאַלט אַריין אין נעץ פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־שנאה. דער שאַרפ־סטער קעגן־גיפט צו דער אָנגעפּלאָדיעטער זעלבסט־שנאה, איז די „טענ־דענץ" פון אמתער, האַרציקער ייד־ליבשאַפט, וואָס איז נישט גלאַט אַ פאַרעקשנטער: מיין פאָלק איז שיין און גערעכט, נאָר אַ באַוויזענע ליב־שאַפט, וואָס דאָס יידישע לעבן אַליין רייסט זיך תמיד צו דערציילן. ס'איז גוט וואָס יצחק ריבקינד פאַרמאָגט אַ פאַר זעלטענע אויערן און ער האָט זיך גוט איינגעהערט אין דער געשיכטע פון דער פאַריידישטער עקאָנאָמיק. שוין גלייך אין אַריינפיר ברענגט אונדז ריבקינד אַ יידיש פאָלקס־ליד, וואָס זינגט זיך לויטן אַלף־בית. און די ערשטע צוויי סטראָפעס גיבן אונדז דעם שליסל צו „יידיש געלט":

ניט קיין יידישקייט, ניט קיין געלט,
וואָס־זשע לעבט מען אויף דער וועלט?

ווייטער קומט — „ניט קיין דעת, ניט קיין געלט, ניט קיין יושר, ניט קיין געלט, אפילו ניט קיין למדנות, ניט קיין געלט". ניטאָ געלט, ווי אַ יידישער נוץ פאַר זיך אַליין. דער לעצטער פערז ענדיקט זיך מיט תיו:

ניט קיין תורה, ניט קיין געלט,
וואָס־זשע טויג גאָר די וועלט?

און דאָס ווערק „יידיש געלט" פון יצחק ריבקינד באַווייזט אלף־ביתדיק די צוטשעפּעניש, וואָס יידיש געלט האָט דערפונדן, אַבי ס'זאָל נישט עקזיסטירן פאַר זיך אַליין. יידן האָבן שוין, מיט גאָר זעלטענע עפּיזאָדישע אויסנאַמען, קיין אייגענע מטבעות נישט געהאַט אין גלות, אַחוץ די געלע לאָטע־געלטער, וואָס היטלער האָט געהייסן שאַפן אין די געטאָס. אַלע געלטער זענען געווען גויישע געלטער. ווייזט אונדז ריבקינד וואָס יידן האָבן אַלץ צעטאָן מיט די גויישע געלטער, ווי זיי האָבן זיי אויסגעלייזט און מתקן געווען.

איידער כ'ברענג טייטש־מוסטערן וויל איך נאָך ברענגען אַ ציטאט פון דעם אַריינפיר, ווייל דער מחבר גיט אונדז אַ גוטן שליסל צו זיין ווערק, מיט עטלעכע געציילטע ווערטער:

„די שטודיע איז דאָס וואָס דער נאָמען איז — יידיש געלט, אָבער נישט געלט אין יידיש. די שטודיע באַצוועקט מער ווי אַלץ צו פאָרשן דורך דעם מעדיום געלט דעם יידישן שטייגער־לעבן, קולטור־טראַדיציעס, מנהגים, פאָלקלאָר. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אויך כולל געשיכטע און סאָציאָלאָגיע, ווירטשאַפט און עקאָנאָמיע, גזירות און שטייערן. דאָס מיינט אַלע אַספּעקטן פון יידישן לעבן, ווי עס שפּיגלט זיך אָפּ אין און דורך געלט־ווערטן".

דער מחבר איז נישט מגזם, ווייל אָט די אַלע „אַספּעקטן" האָט ער בפירוש אַרויסגעלערנט פון דעם יידישן געלט־טויש. ער האָט עס נישט אויסגעטראַכט, ער גיט אונדז די מקורים, געשעפּן האָט דער מחבר דעם זייד־פּאָדעם, וואָס האַלט צוזאַמען דעם בקיאותדיקן געוועב.

מיר געפינען אַזעלכע פּערל פון יידישן לעבנסשטייגער, ווי אַמגעלט (שכר פאַר אַ זייגעריון), אָנזאָג־געלט (פאַר אָנזאָגן אַ גוטע בשורה), אָפּשער־געלט (אַ מתנה דעם יונגן ווייבל פאַר אָפּשערן די אייגענע האָר), אָפּשפּיל־געלט (אַן עקסטרע הטבה די כלי־זמרים פאַר אָפּשפּילן אַ וויוואַט די מחותנים, קרובים און חשובע געסט). דאָס איז אַלץ זיטן־געשיכטע, אָבער שוין אין אות אלף באַקענען מיר זיך מיט אָרעמעלייט (שווער פאַרהאָרע־ווער געלט פון אָרעמעלייט) מיט אַלע באַשיצונגען פאַר דער אויפמאָנונג און הייליקייט פון אַזעלכע געלטער. ארץ־ישראל־געלט — אַ פּאָזיציע אין ווערק, וואָס איז אַ מין קליינע שטודיע פאַר זיך, וואָס ווערט פאַרטייטשט

„תמיכה פאַרן הייליקן לאַנד״, דער מתנת־יד „פאַר די אָרעמע יידן אין ירושלים״. אַ זאָרג פאַר ארץ־ישראל, וואָס איז אַלט ווי דער יידישער גלות.

יצחק ריבקינד באַלייכט אונדז אַזעלכע „געלטער״, ווי הקדש־געלט, ליכט־געלט, מצוות־געלט, קבורה־געלט, אויסלייז־געלט און וואָכער־געלט. מיר ווערן באַלוינט מיט אַזאַ אַלטן דערמאָן פון בישקיוועקע־געלט, וואָס בעלפערס האָבן געקראָגן ווי אַ זייטיקן גראָשן אויף אַריינצואַכל׳ען, ביי שמחות. פון אַן אַלט מעשה־ביכל געפינט פאַר אונדז יצחק ריבקינד אויס, אַז בישקיוועקניק איז געווען דאָס זעלביקע, ווי פרעסער און זויפער. געווען אפילו אַזאַ געלט ווי „בשר־געלט״, וואָס האָט געמיינט אַ פלייש־אָפּצאָל אויף פסח פאַר נצרכים.

געוויסע געלט־באַגריפן פאַרנעמען צו שיינע עטלעכע זייטן, ווייל דער מחבר גראָבט זיך טיף אין די מקורים און ער שטעלט אויף צוריק שטייגער־בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט. אַזעלכע ברייטע לייוונטן ווערן אָפּגעגעבן, ווי געזאָגט, פאַר ארץ־ישראל־געלט, אויך וואָכנגעלט, הקדש־געלט, חודש־געלט, חזקה־געלט, חלה־געלט. חנוכה־געלט ווערט אויפגע־שפּילט אויפן גרויסן שטייגער, אויך פורים־געלט, מעשר־געלט און מצוות־געלט. די רייכע אינפאָרמאַציע וואָס יצחק ריבקינד ברענגט צוזאַמען, די סברות און פילאָלאָגישע חריפות, וואָס קומען צום אויסדרוק אין דעם אויסטייטש פון דער געזאַמלטער פאָרש־אַרבעט, באַווייזן וויפל מי און איינגעשפּאַנטע איבערגעגעבנקייט דער מחבר האָט געמוזט רופן צו־הילף, ווען ער האָט געבויט זיין ווערק: וויפל ספרים, אַלטע משעה־ביכלעך און נייע יידישע ווערק ער האָט גוט דורכגעאַקערט, כדי אויפצואווייזן, וואָס די פאַרשריגענע „געלט־יידן״ האָבן געטאָן מיט זייערע געלטער. אָט איז אַן אַלט פורים־לידל:

מיר ווינטשן אייך אַ גוטן פורים,
אַן צער, אָן זאָרג, אָן יסורים.
מיר קלייבן פאַר אַ פאַמיליע אַ שיינע,
נאָר זייער אַ געמיינע,
חדשים זיצט מען אין הונגער, אין קעלט,
גיט ר׳ גדליה־געצל אַביסל פורים־געלט.

פורים־געלט איז נישט נאָר געווען פאַר פורים־שפּילערס, נאָר צדקה פאַר געמיינע משפּחות, און געמיין האָט דעמאָלט געמיינט אָרעם, אָדער פאַראָרעמט, אַרונטער פון דער מדרגה.

ווען ס׳האָט זיך ביים קינד געכומען שניידן אַ ציינדל, האָט מען דער אַם געגעבן צאָנגעלט. ווען קהל קויפט אַ צאַפּ לטובת הכלל פאַר די יאַלעווע ציגן, מאָנט מען איין צאַפּגעלט. ווען דער קונה קויפט סחורה פאַרגעסט ער נישט צו געבן דעם משרת — צעטל־געלט. און אַזוי פון ברית־מילה־געלט ביז קבורה־געלט און קדיש־געלט, וואָס מען גיט אַ געדונגענעם קדיש־זאָגער, וויקלט פאַר אונדז אויף דאָס געלט־ווערטערבוך אַ פּאַנאָ־ראַמע פון יידישן לעבן, ווען מען האָט געצאָלט קוימענגעלט, געגעבן קוילן־געלט פאַר אָרעמלייט, קומגעלט די קליינע קינדער, ווען מען איז צוריק־געקומען פון אַ נסיעה; געזאַמלט ר׳ מאיר בעל נס־געלט, געגעבן שאַצ־געלט פאַר די לערנערס, וואָס האָבן געהאָלפן משמח זיין ביי אַ חתונה. דער מחבר ברענגט אונדז טאַקע גלייך אויפן אָרט אַ בר־סמכאדיקע באַשטעטיקונג פון אַ פערז פון אונדזער פּאָעטער פון יידישן ליד, ד״ר שלמה עטינגער:

אַ גרויס גערודער, אַ גרויס געזום,
בחורים זעצט מען ביים טיש אַרום,
דער חתן זיצט אין יום־טוב־קליידער,
לעבן אים די חברים פון חדר.
— — — — — — — — —
און באַהעלפער שטייען אַרום און האַרן,
ביי זיי דאָס שאַצגעלט אויסצונאַרן.

האַרן מיינט אויף פּוילישן יידיש — וואַרטן, און עטינגער, וואָס איז געווען אַ פּוילישער ייד, האָט האַרן גוט פאַרגראַמט מיט אויסצונאַרן.

געווען אַפילו אַזאַ יידישע אַקציע ווי תיקון ספרים־געלט, אויף צו פאַרריכטן אַלטע ספרים, אָדער צו קויפן נייע. מיט „תלמוד תורה־געלט״ פאַרענדיקט זיך דער תיו פון דעם געלט־ווערטערבוך, און אויך דאָ קריגן מיר אַ ראָזשינקע פון אַן אַלטער „קאָנסטיטושאָן״ פון דער „מחזיקי תלמוד תורה סקול״, מיט העכער זעכציק יאָר צוריק. „ער זאָל ניכט מער אַלס

500 דאָלאַר פאַן תלמוד תורה געלטער אין זיין באַזיץ האָבן. וואָס אָבער דיזע סומע זאָל אין אין באַנק דעפּאָנירט ווערן".

מען האָט דעם פאַרטרויענסוועטיקן געלט־האַלטער פון אַזעלכע הייליקע געלטער נישט געלאָזט האַלטן מער פון 500 דאָלאַר אין זיין פּריוואַטן באַזיץ. 500 דאָלאַר איז שוין געווען אַ סכנה און אַ נסיון.

בלייבט נאָך איבער צו ציען אויפמערקזאַמקייט אויף אַן אינטערע־סאַנטן פּרעצעדענט. דאָס ווערק איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער „אַמעריקאַנער אַקאַדעמיע פאַר יידישער פאָרשונג", אָדער ווי זי רופט זיך אויף ענגליש — „אַמעריקען אַקאַדעמי פאַר דזשואיש ריסוירטש". דאָס איז אַ חידוש, וואָס מעג פאַרצייכנט ווערן, ווייל ס'איז אַ פרעמדע פעסטונג וואָס האָט זיך געלאָזט איינגעמען, כדי צו העלפן אַרויסצוגעבן אַזאַ וויכטיק ווערק אויף — יידיש. ס'איז אַ כבוד פאַר דער אַקאַדעמיע און אַ כבוד פאַר דעם מאָנומענטאַלן פּנקס — „אידיש גועלט" פון דעם אומדערמיד־לעכן פאָרשער, יצחק ריבקינד.

1960

## אפרים אויערבאַך

דער פּאָעט אפרים אויערבאַך האָט זיך דערוואָרבן אַזאַ פּאָעטישע קענטשאַפט, אַז פול געזאַנג פון דער שורה איז תמיד געווען דער סימן פון זיין ליד, אָבער אין זיין נייסטן בוך לידער — „גילדענע שקיעה", וואָס איז דערשינען אין בוענאָס איירעס, אין פאַרלאַג „קיום", דערגרייכט די קענט־שאַפט זיינע די העכסטע מדרגה, ווייל דער פּאָעט באַמייסטערט זיין געזאַנג און ער גיסט אין דעם אַריין זאַגעוודיקע ווערטער. נישט אַלעמאָל געלינגט אַ פּאָעט צו געבן פולן אויסדרוק זיין זאָגעוודיקייט, די רייד ווערן פאַר־לוירן אין פּראָצעס פון זינגען. ס'איז ווי אַ זינגער מיט אַ גוט קול, וואָס פאַרדעקט מיט זיין קול די ווערטער פון ליד. גאָר גוטע זינגערס פאַרמאָגן אויך אַ פּרעכטיקע דיקציע, אַז די ווערטער ווערן נישט דערוואָרגן. יעדער פּאָעט וויל קודם כל עפּעס זאָגן, בעת ער נעמט זינגען, — און מוזיק, (אין

ברייטסטן זין פון וואָרט) איז אַלץ דער תנאי פאַר אַ ליד — אָבער בעת ער נעמט זינגען, ווערט ער אַריינגעזונגען אין אַ געווירבל, וואו וואָרט און קלאַנג ראַנגלען זיך. דער פּאָעט דאַרף זען, אַז גובר זיין זאָל ניט דאָס וואָרט און ניט די מוזיק, נאָר אַרויס דער זיגער זאָל דער מייסטער אַליין, וואָס הערשט איבער דער שורה.

דאָס איז איינס פון די שווערסטע פּראָבלעמען. דער גוטער פּאָעט מוז אויך בייקומען דאָס געפיל פון אויסשטעלן זיין בריהשאַפט, ער טאָר זיך נישט ציקלען און חנדלען. ער מוז זיין זייער געשיקט — אויף אַ באַ־שיידענעם אופן. זיין שורה טאָר נישט שרייען, נישט קלינגלען און נישט זינגלען, נאָר פאַר אַלץ דאַרף קומען דער פּאָעט אַליין מיט זיין עניוות, מיט זיין פרומען ציטער, נישט מיט אַרבעט, נאָר מיט עבודה.

דאָס מיינט פּאָעטישע רייפקייט, און אפרים אויערבאַך איז געגאַנגען פון מדרגה צו מדרגה. ער האָט געוויזן, אַז ער גייט אויף דעם דרך, דורך אַלע זיינע לידער־ביכער. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער מוז גובר זיין אין זיך זיין אייגענע אומגעהייערע קענטשאַפט, וואָס ער האָט תמיד פאַרמאָגט. ער האָט געוואוסט, אַז ווי לייכט דער פערז קומט אָן, טאָר ער אים נישט נעמען לייכט, ער מוז אים באַשווערן דעם גאַנג. און אַז מען לייענט אפרים אויערבאַכן, פון זיינע „קאַראַוואַנען", וואָס איז דערשינען מיט 41 יאָר צוריק, און מען זעט ווי זיין וואָרט וואַקסט אין חשיבות, — אין „לויטער איז דער אַלטער קוואַל", זיין בוך וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1940, און שפּעטער אין „יעקבס געצעלטן", און אין זיין גרויסער נאַציאָ־נאַלער פּאָעמע „ווייסע שטאָט", וואָס איז דערשינען מיט פינף יאָר צוריק, זעט מען, אַז דער פּאָעט האָט כסדר געזוכט זיך שווערער צו מאַכן דעם וועג, זיך צו געבן אויפגאָבן אַזעלכע, וואָס זאָלן זיין איבער די כוחות פון בלויז קענטשאַפט. ער איז דורך גרזאַנג געקומען אַלץ מער און מער צום וואָרט, צו זיין וואָרט, צו דער זאָגעוודיקייט וואָס אָן דעם איז דער פּאָעט נישט מער ווי אַ משורר.

ס'וואָלט אַמאָל כדאי געווען צו מאַכן אַ גרינטלעכע שטודיע פון אויערבאַכס גאַנג אין דער יידישער פּאָעזיע, וויאַזוי ער האָט זיך אַליין באַצוואונגען און געוואונען דעם העכערן פּאָעטישן טאַקט, וואָס איז אַזוי בולט אין זיין בוך — „גילדענע שקיעה". בקיצור, אין די ראַמען פון אָט־דער אָפּשאַצונג דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אויערבאַך איז געוואָרן אַ פּאָע־

טישער פאַרשער פון יידישן וואָרט. דאָס איז עפּעס אַנדערש פון פילאָלאָגיע, ס׳איז אַ שטודיע וואָס איז לכתחילה פאַרבונדן מיט די מעגלעכקייטן פון פּאָעטישן אויסדרוק, מיט די אַנטפּלעקטע כוחות און סודות פון יידישן וואָרט און מיט דער צופּאַסונג פון די געפונענע אוצרות צו די אייגענע אויסדרוק־מעגלעכקייטן. ס׳איז אי אַ נאַציאָנאַלע שטודיע, אי אַ שטודיע אין באַלאַנס. אפרים אויערבאַך איז ביים היינטיקן טאָג איינער פון אונדזערע בעסטע קענערס פון יידישער וואָרט־מוזיק. ער איז אַזוי אַריינגעטאָן אין וואָרט, אַז גוטע 75 פּראָצענט פון זיינע בעסטע לידער אין בוך „גילדענע שקיעה" זענען אומאיבערזעצלעך, שוין אַ חוץ דעם וואָס פּאָעזיע איז כמעט אוממעגלעך צו איבערזעצן.

קיין פּאָעט שרייבט נישט פאַר איבערזעצונג, אויב מען וויל קאָן מען זאָגן, אַז ער גייט גלייך אַרויס אין מלחמה קעגן איבערזעצער. ער שליסט טיר און טויער פאַר אים און דער איבערזעצער מוז זיך אַריינברעכן מיט געוואַלט און פון דעם דאָזיקן אָנפאַל מוז ליידן דאָס ליד. אָבער אין אויערבאַכס לידער זענען פאַראַן אַזעלכע נאַציאָנאַלע באַוואָרעניש, ספּע־ציעלע שלעסער און טאָפּל־שלעסער, אַז דאָס ליד מוז בלייבן איינגעאייגנט אין גאָרטן פון יידיש האָב־און־גוטס.

כ׳רעד דאָ נישט פון אויערבאַכס ריין־בעסאַראַבישע לידער און בעסאַ־ראַבישע ווערטער, וואָס מען קאָן נאָכאַלעמען פאַרטייטשן מיט אַ גלאָסאַר, נאָר פון דער פאַרטיפטער יידישער וואָרט־טייטשערישקייט וואָס די לידער זיינע פאַרמאָגן. אויערבאַך איז געוועזן פון די ערשטע צו גראַמען יידיש מיט העברעאיש, צו דערנענטערן ביידע לשונות אין דער באַשערטער נאַטירלעכער נאָנטשאַפט וואָס מיט איר איז יידיש תמיד צוגעפּאַלן צו העברעאיש. ער איז אָבער געגאַנגען ווייטער, ער האָט געגראַמט ריטועלע העברעאישע ווערטער און זיי צוזאַמענגעדאַוונט מיט יידיש. ער האָט עס געטאָן אין אַלע זיינע פריערדיקע לידער־ביכער און אין זיין נייסטן בוך זענען די אַלע גראַמען צעזייט און צעשפּרייט אין צענדליקער לידער.

אַ וואָכעדיקע מנחה קום און דאַוון,
מיט גרוי־פאַרהאָרעוועטן ניגון,
די שמונה עשרה זיי מכוון
די עלטער דיינע צו פאַרוויגן
— — — — — — — —

דער נוסח שלאָבעריק־צעצויגן,
מיט טראָפּעלעך אַזעלכע קליינע,
מאַך־צו די מידע דיינע אויגן
זיך אָפּצורוען אויף עלינו.

אינטערעסאַנט, אַז די „מידע דיינע אויגן" איז אַן אינווערסיע, וואָס דער דיכטער אויערבאַך באַגייט זעלטן, אָבער אים גייט שוין מער נישט אַזוי שטאַרק אין דער אָנגענומענער מייסטערשאַפּט, וואָס ער דאַרף דער־פאַר מער נישט קיין דיפּלאָמע. ער האָט אַנדערע און שווערערע אויפגאַבן. אים גייט אין אַקוראַטן וואָרט און אין בילד, וואָס טייטשט זיך אַריין אין גאַנצן ליד. „גרוי־פאַרהאָרעוועטער ניגון" איז אַזאַ פול און יידיש בילד, עס גיט גלייך דעם זיפץ פון פּרנסה וואָס איז כקריעת ים סוף, אַ זיפץ, וואָס קריגט זיין תיקון אין דער וואָכעדיקער מנחה.

„גילדענע שקיעה" איז אַ טרויעריק בוך, ס'איז אַ בוך וואָס אין די הענט פון אַ דורכשניטלעכן פּאָעט וואָלט עס געקאָנט ווערן אַ פּריוואַט בוך, פול מיט נאָסטאַלגישע לידער, מיט בענקשאַפטן נאָך יוגנט און זיפצן אויפן אייגענעם אַלט־ווערן און אונטערגאַנג. אַזעלכע לידער איז שווער צו שרייבן, ווייל איידער מען קוקט זיך אום ווערן זיי לייכט. און גוטע פּאָעטן מיידן זיי געוויינלעך אויס, ווייל זיי ווילן נישט סענטימענטאַלי־זירן, זיי ווילן נישט דעם לייענער פאַרבעטן אויף אַ פּאָעטישער קלאָג־שמחה.

אָבער אפרים אויערבאַך האָט אַ כוח און ער זאָגט עס אונדז גלייך מיטן נאָמען פון בוך, אַז עס איז — גילדענע שקיעה. אָבער אַפילו די פּאָדעם־גילדיקייט פון נאָמען האָט ער נישט אַריינגעוועבט אין זיינע שקיעה־לידער, נאָר ער האָט זיי דערהויבן, ווייל ער האָט זיי געגעבן דעם פולן אינהאַלט וואָס אַ רייפער פּאָעט מוז פאַרמאָגן אין אַ ליד, וואָס איז דער רעזולטאַט פון יאָרן־לאַנגער פאַרטראַכטונג.

שוין אין ערשטן ליד זעען מיר, אַז דער פּאָעט באַשיצט זיין פּערזענלעכן טרויער קעגן דער אַלט־באַקאַנטער לירישקייט, ער גייט אַרויס פון דער הנחה, אַז אפילו דאָס זייניקסטע — זיין טרויער, איז אַ קאָלעקטיווער.

מיר, די וואונדער־וואונדערע פאַרגייער
די פאַרנאַכטיקע, באַגילדט די גרויע האָר,

ס׳איז באַשערט אונדז אינעם טרויער זיין דערפרייער,
זיך דערזינגען און דערזינגען אונדזער דור.

דער „זיך״ איז אונטערגעשטראָכן פון פּאָעט, ווייל פאַר אים איז עס דאָס קול פון גאַנצן בוך — דער זיך אין דער פרייד פון אַ דערזונגענעם דור.

איז עס טרויעריק, אָבער אין כאָר פון אַ דערזונגענעם דור ווערט דאָס איכישע אויפגעריכט און דער טרויער ווערט דערהויבן צו טראַגיזם. דאָס ליד ענדיקט זיך מיט די צוויי זעטיקע שורות —

ט׳איז אַ זכיה אין דער וואונדערלעכער שקיעה
זיך דערזינגען און דערזינגען אונדזער דור.

דאָס איז דער פילאָזאָפישער הינטערגרונט פון גאַנצן בוך לידער, צו האָבן די זכיה צו זיין אַ דערזינגער פון דור. אַ גאַנצער דור פאַרגייט און מען מוז איבערלאָזן נישט נאָר דעם אייגענעם חותם, נאָר דעם חותם פון דור. מען מוז אין דער שקיעה דעפינירן דעם דור און אים געבן חשיבות, אים אַריינשרייבן אין ספר פון די פאַרגאַנגענע יידישע דורות.

אויערבאַכס וואוילע קענטשאַפט פון יידישן וואָרט איז אים אין דעם בוך לידער שטאַרק צונוץ געקומען, ווייל ער האָט באַדאַרפט רעזומירן מיט זיך אַ דור יידן און ווייזן, אַז די שקיעה איז אַ ווירדיקע. דאָס פולע וואָרט דינט אים כסדר. דער פּאָעט מוז אי דערציילן אי איבערלאָזן ירושה, און ער דאַרף זען, אַז די שקיעה זעלבערט זאָל זיך נאָך לאַנג האַלטן.

די שטילקייט גייט אויף אונדז מיט זיידן־אַלטע טריט,
אין דינע שטעקשיך, אָפּגעטראָגענע, צעשאַרכטע,
פאַר דעם טאָג האָבן מיר דאָס לעבן אויפגעהיט
און איצטער איז די שטילקייט פול פאַר אונדז מיט פאַרכטן.

צעשאַרכטע איז אַקוראַט די שטעקשיך־שטילקייט, וואָס דער פּאָעט האָט אונדז געוואָלט איבערגעבן און ער האָט גוט געטאָן וואָס ער האָט דאָס קלוגע וואָרט נישט פול געדעקט מיט אַ קלינגענדיקן גראַם, נאָר מיט אַזאַ האַלב־קלינג ווי — פאַרכטן. דער פּאָעט שטרייכט אונטער — „דעם טאָג״, ווי ער שטרייכט אונטער אין אַ פריערדיק ליד — „זיך דער־

זינגען״. ער שטרייכט אונטער, ער באַטאָנט, ער רעדט צו אונדז, ער זאָגט מיט געזאַנג און מען הערט זיינע רייד.

אויערבאַך איז איינער פון אונדזערע שענסטע באַזינגער פון דער נאַטור. ער פאַרמאָגט די חושים דערפאַר און ער האָט אויך דעם געמעל־זכרון פאַר די בילדער וואָס ער האָט איינגעזאַפּט ווען ער איז געווען אַ קינד. ער קאָן נעמען אַ וואָרט־לייוונט און עס באַמאָלן מיט דעם וואָס ער געדענקט. ער דאַרף נישט מאָלן פון אַ מאָדעל און איבערזעצן די נאַטור אויף ווערטער און פאַרגלייכן, נאָר ביי אים ציטערן דירעקט די שורות מיט מאָלערישער געדענקשאַפט. דערפאַר געלינגט אים צו שאַפן, כ׳וואָלט געזאָגט, אומפאַבלדיקע משלים, מיט טייל לידער זיינע. אין אַ פאַבל ליגט אַלץ אויפן טעלער — די פאַבל באַזונדער און די מאָראַל באַזונדער. אָבער מיט אַזאַ ליד ווי „גאָטס קיעלע״ האָט אויערבאַך געוויזן, אַז מען קאָן שרייבן אַ ליריש ליד, וואָס זאָל די מאָראַל שעפּן פון די שורות גופא.

שפּעט זומער, אויף פעלדער די זאַנגען געבינטלט,
ס׳איז שטילער דער טרויער פון גאַנג וואָס דו גייסט,
אין אָפּשניט ערשט שפּירסטו פאַרנאַכטיקע טרייסט,
ווי ברודערדיק זאַנגען דאָ שטייען צעווינטלט.

די לעצטע שורה פון דעם פערז ווייזט, וואָס עס מיינט צו באַמייסטערן יעדעס וואָרט, אָבער דער פּאָעט ווייסט אויך, אַז דער העכסטער און גרעסטער דערגרייכט נישט —

גאָטס קיעלע האָרעוועט, קריכט אויף אַ גאַרב,
צום אויבן צעשויבערטן זיך צו דערשלעפּן,
וואו זון אויף די זאנגען איז גאָלדיק צעקאַרבט,
וואו שיין זיך אַליין וועט ביז שאָטן דערשעפּן.
די שיין איז דערשעפּט — אַ פאַרוועלקטער בטחון,
גאָטס קיעלע איז ביז אַרויף נישט דערקראָכן.

כ׳האָב פריער גענוצט דאָס וואָרט זעטיק, וואָס איז חל אויפן גאַנצן בוך „גילדענע שקיעה״. ס׳איז אַ זעטיק בוך, אין אַלע זיינע זיבן אָפּטיילן, און אומעטום זעט מען דעם פּאָעט אויף דער העכסטער מדרגה פון זיין דערשטאַפּלונג. דאָ, אין דעם בוך איז דאָ דער גאַנצער אויערבאַך, דער

ביבלישער, דער נאַציאָנאַלער, דער נאַטור־דיכטער, דער וואָרט־קענער, דער פּערז־קינסטלער, און דאָך איז פאַראַן אין די לידער דער עניוותדיקער באַוואוסטזיין, אַז דער זיך דערזינגען איז אַנטקעגן דעם טראַגישן דערזינגג פון אונדזער דור, קליין און נידעריק.

מ׳שטיינס געזאָגט דאָס ביסל טרויער,
וואָס אויסגעמאָסטן האָב איך אינעם ליד,
איין קוק אַ יידנס לענגער האָט געדויערט,
איין וואָרט צום טויט — אויף אייביק אויפגעהיט.
די קלאַנגען מעסטן און די ווערטער ציילן,
דעם טרויער וועגן אויף אַפּטייקערס וואָג,
פון פלאָנטער זיך אַליין אַרויסצושיילן
און וויסן אַז ס׳איז נישטיק וואָס איך זאָג.

אָט איז אַ דיכטערישער הבל־הבלים. אָפּגעמאָסטן אַלע ווערטער, געציילט די קלאַנגען, אָבער דער אייגענער טרויער, אַנטקעגן דעם טרויער פון אונדזער שקיעהדיקן דור, איז געוואויגן אויף אַן אַפּטייקערישער וואָג. דערפאַר איז דאָס בוך לידער „גילדענע שקיעה״ אַ יידיש באַלאַנסירט בוך. דער אייגענער טרויער זינגט נישט אַריבער דעם געזאַנג פון אַ דור. מיר האָבן דאָ אין בוך נאַציאָנאַלע געזאַנגען —

אַ געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען
פון צוריקקער אין אייגענעם לאַנד,
איבער שטעכיקע וועגן געגאַנגען,
איבער גלותן אַלע געשפּאַנט.

דער פּאָעט רעדט צום אָנגעקומענעם דור און וואָרנט לייכט די „עדה יונגשאַפט״, וואָס „וויל די צייט איבערשפּאַנען״ און ווערן אַליין — „דער איבערגייער און אַליין די בריק״. פאַראַן אין אַ סך לידער נאַציאָנאַלער חשבון הנפש און וואונדערלעכע סך־הכלדיקע שורות, ווי —

די ערד איז אַלט מיט דערנער,
דו — מיט גאָט ביסט יונג.

כ׳וויז נישט אָן פונוואַנען די ציטאַטן שטאַמען און וואו די שורות שטייען אין, ווייל ס׳איז אַ בוך וואָס מען דאַרף לייענען אין זיין גאַנצקייט. ס׳איז אַ בוך וואָס דער פּאַראַד פון לידער אונטער דער גילדענער שקיעה,

**שטעלט־צו דעם סך־הכל פון אַ גרויסן און טרויעריקן יידישן דור, אָבער פֿאַרענדיקן וויל איך דווקא מיט אַ פּערזענלעך ליד, וואָס אין אים איז אָפּגעהיט נישט נאָר דעם פּאָעטס געוואונענע קענטשאַפט פון וואָרט און קלאַנג, נאָר זיין איינגעבאָרענער ציטער פון צווישן־שורהדיקער מוזיק, וואָס האַלט צוזאַמען שורה מיט שורה און גיט זיי דעם געוויג, וואָס בלויז געבוי־רענע פּאָעטן פֿאַרמאָגן עס.**

## אויף יענער זייט בריק

מיר גייען, צווי קינדער פֿאַרמידטע,
אַריבער אויף יענער זייט בריק,
וואו צווישן די ביימער צעבליטע
שטייט גרייט אונדזער אייביקע וויג.
אַריבערן וואַסער מיר קוקן,
צו זען אונדזער וועג אויף צוריק,
ווי ער איז צעשטאָכן און טרוקן,
און דאָ בליט די אייביקע וויג

דאָ שטייט ביי די ביימער אַ בינדער,
בינדט צווייגן און פלעכט פון זיי שטריק,
אַז אונדז, די פֿאַרנאַכטיקע קינדער,
זאָל ווייך זיין די אייביקע וויג.
צוויי פייגל, מיט פלי איינגעמידטן,
נאָך אונדז פליען נאָך מיט טשיריק,
צו פליגלען אויף אונדז און צו היטן
דעם שלאָף אין דער אייביקער וויג.
אויף לאַנקעס די שאָף און די רינדער
פֿאַרוואונדעטע קוקן צום גליק,
ווי ס׳גייען דערוואַקסענע קינדער
אַליין צו דער אייביקער וויג.

**דאָ, אין דעם ליד איז פֿאַראַן נישט נאָר מוזיק פון שורות, נאָר מוזיק פון געמיט, די זעלטענע מתנה פון עכטן און געבוירענעם פּאָעט. אין דעם בוך „גילדענע שקיעה" קומען מיר פנים אל פנים מיט טעג און יאָרן און יחידותדיקע שעהן פון פּאָעט אפרים אויערבאַך.**

## יוסף רובינשטיינס „מגילת רוסלאַנד"

ווען דער פּאָעט יוסף רובינשטיין האָט נאָך מיט דריי יאָר צוריק אָנגעהויבן צו פֿאַרעפֿנטלעכן פֿראַגמענטן פֿון זיין עפּישער פּאָעמע וועגן זיינע זיבן נע־ונד־יאָרן אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד, פֿון דעם מאָמענט, ווען היטלערס אַרמייען האָבן געגומען פֿאַרוויסטן און פֿאַרטיליקן אונדזער יידיש לעבן, האָבן מיר אַלע מיט גרויס נייגיר נאָכגעפֿאָלגט דעם פֿאַר־מעסטנדיקן וואוקס פֿון אַ גרויסן בנין. מיר האָבן געשפּירט דעם כוח פֿון פּאָעט, — אַ כוח, וואָס האָט אים געטריבן אין אַ גרויסער שליחות, אויס־צוקלאָגן און אויסיאָמערן דעם געוויין פֿון די זיבן פֿינצטערע יאָרן אין דער געשיכטע פֿון דער וועלט. מיר האָבן אָבער זיך נישט געקאָנט פֿאָר־שטעלן, ווי אַרכיטעקטאָניש דער פּאָעט בויט־אַרויס פֿון זיין זכרון און בויט־אויף זיין פֿיל־גאָרנדיקן און פֿיל־חדרדיקן געמאָך, וואָס שטייט איצטער פֿאַר אונדז קלאַסיש־פֿאַרענדיקט אין דעם גרויסן ווערק — „מגילת רוסלאַנד".

יוסף רובינשטיין איז ווייט נישט קיין פּנים חדשות אין דער יידישער פּאָעזיע. ער האָט זיך נאָך פֿאַר דער מלחמה געציילט צווישן דער אויסדער־ווילטער און צוגעקומענער יונגער גוואַרדיע פֿון יידישן ליד אין פּוילן, געווען אין זיין ליד געזאַנג, פֿאַרב און טעמפּעראַמענט, וואָס האָבן געזאָגט עדות אויף דעם וואוקס און באַרג־אַרויף פֿון געזאַנגישן יידישן וואָרט איבער דער גאָרער וועלט. אָבער אין דער גרויסער פּאָעמע האָט יוסף רובינשטיין מאָביליזירט אַלע זיינע כוחות און ווי איינגעשפּאַנט אין אַן אחריותדיקער אַרבעט — אָנצושרייבן די טראַגעדיע פֿון דעם גרויסן צוזאָג, וואָס איז געוואָרן דער גרעסטער ליגן און די ווילדסטע אָפּנאַררײַ.

מען דאַרף נישט פֿאַרגעסן, אַז רובינשטיין האָט אין זיין פּאָעמע אַריינגעבויט הונדערטער פּערזן אויף אַ פּלאַנירטן אופֿן; אַז ער האָט געמוזט קינסטלעריש דיסציפּלינירן זיינע לאַמענטאַציעס. ער האָט זיך אַליין מייסטעריש געבונדן די הענט, אַז זיי זאָלן אין דער געצאַמטקייט געפֿינען זייער תיקון. ער האָט געמוזט אַרבעטן אין אַ סך זשאַנערן. ער איז געוואָרן דער דערציילער־פּסיכאָלאָג, דער עפּישער שילדערער, דער כאַראַקטער־אויפֿקלערער, דער ראַיעלער כראָניקער, דער היסטאָרישער

איבערשאַצער, און ביי דעם אַלעמען — דער אויסוויינער פון דעם יידישן בראַך, וואָס האָט פאַראַבלט און פאַריתומט אַ גאַנץ פאָלק — אויף אייביק.

אַלץ איז אין דער פּאָעמע אַריינגעבויט. ס׳לויפן טויזנטער יידן זיך ראַטעווען אין דעם פרייען גן־עדן, וואָס האָט געקראָגן די פאַרשטאַרקטע מאַלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־וואַך. צווישן זיי לויפט אַ פּאָעט מיט אַן אומגע־הויערן זכרון, — אַ זכרון, וואָס זינגט אַריין אין די ביינער אַלע פּרטים פון דעם וואַנדער־אומגליק. ס׳בליצן פאַרביי געשעענישן, פּנימער און גאַנצע געשטאַלטן. דער בנין פאַרגייסטיקט זיך אין לויף פון ביאַליסטאָק קיין מאָסקווע; צוריק קיין ביאַליסטאָק; פּאַניק, וואָגל און הונגער; חדשים דורך אַזיאַטישער רוסלאַנד; צוריק אין מאָסקווע, וואו יידישע שרייבערס שפּירן שוין באַצייטנס, אַז דער גאַנצער פאַרזיי און פאַרפלאַנץ איז געווען אויפדערוויל און אומזיסט, און אַז אַלץ איז הפקרדיק צעטראָטן.

אַוודאי קאָן מען געפינען, אויב מען איז דווקא אַזוי געשטימט, אין אַזאַ גרויס ווערק — פּגימות אין אַ שורה דאָ און דאָרט. אָבער די דאָזיקע אויסזוכערס פון פּגימות וועלן, אויב זיי וועלן נאָר זיין ערנסט, פאַרוואַנדלט ווערן אין נאָך גרעסערע באַוואונדערערס און אָפּשאַצערס פון דעם וויכ־טיקן ווערק, ווייל זוכנדיק וועלן זיי ערשט געפינען, ווי ס׳האָט דער פּאָעט גובר געווען גרויסע שוועריקייטן; ווי ס׳איז אים אין אַזאַ דערציילערישער פּאָעמע געלונגען אָנצוהאַלטן און איינצוהאַלטן דאָס געזאַנג און צו טריומ־פירן אין הונדערטער פערזן, וואָס פאַרמאָגן אַ ליכטיקייט אַפילו אין דער טראַגעדיע.

ווי יעדע גרויסע פּאָעמע, איז אויך רובינשטיינס ווערק גרויס נישט נאָר אין דער צאָל שורות, נאָר אין דער גרויסצוגיקייט פון דעם מייסטער. ס׳איז נישט קיין פּראָווינציעל ווערק פון אַ זינגער, וואָס זינגט און גרימפּלט ערגעץ ביי די וועגן, נאָר דאָ האָט א דורכדרינגלעך אויג לויטער געזען געשעענישן און מענטשן און אָפּגעשאַצט אַן עפּאָכע.

מען דאַרף בלויז לייענען די אריינגעקנאָטענע געזאַנגען אין דער דריי־טער אָפּטיילונג וועגן מאָסקווע, און די דיכטערישע אימפּראָוויזאַציע, באַטראַכטנדיק די בילדער אין דער טרעטיאַקאָווסקאַיאַ גאַלעריאַ, וואָס ווערט אַ מין מוסאָרגסקי־קאָמפּאָזיציע איבער די „בילדער אויף אַן אויס־שטעלונג״. דאָס אַלטע רוסלאַנד רעדט אַרונטער פון די ווענט. איוואַן גראָזני

הרגעט זיין זון — און נישט־ווילנדיק ווערן די בילדער פאַרביקע סימבאָלן. איוואַן גראָזני הרגעט אַלץ זיינע מיליאָנען זין, און די געבוירענע רוסישע, באַרוועסע קנעכט, מיט די לאַנגע, פינצטערע פּנימער און פינצטערע בערד, גייען אייביק אין שפּאַן, זיי זענען נאָך אַלץ נישט באַפרייט פון פאַנטשטשיזנע.

דער נסיון איז גרויס צו ציטירן, אָבער ס׳איז כמעט אוממעגלעך, מען וואָלט זיך נישט געוואוסט וואו אָפּצושטעלן. דער פּאָעט, אין זיין גרויסער שליחות פון אַ געדענקער און פאַרצייכענער, פאַרגעסט אויף קיין רגע נישט, אַז ער קאָן נישט לויפן איבער זאַמדיקע און פאַרבלאָזע שורות. ער מוז זיי באַמייסטערן און זיי געבן אַ לעבעדיקן אָטעם. ס׳פינקלען פאַרביי נייע, אומגעריכטע גראַמען, אָריגינעלע בילדער; ס׳שניידן זיך איין אין זכרון בליציקע באַמערקונגען וועגן דעם אַלטן רוסלאַנד, וואָס רייסט זיך דורך אַלע באַנייאונגען און כלומרשטע באַפרייאונגען — און דאָס נייע רוס־לאַנד שווייגט; אויפן מויל פון נייעם רוסלאַנד הענגט אַ גרויסער, מורא־דיקער שלאָס.

ס׳בלייבט אין זכרון דער פּאָרטרעט פון דוד בערגעלסאָן; זיין שטוב, זיינע צאַפּלדיקע טעג און נעכט, זיין פּחד צו זאָגן אַן אמת וואָרט, וואָס ווערט תמיד באַנאַליזירט מיט גרייטע רייד, וואָס זענען הויל און וואָס קלינגען ווי פאַלשע מטבעות. בערגעלסאָן גיט אַ ליכטיק־אויף אין זיינע שאַפונג־מאָמענטן, אָבער די אינערלעכע פּוסטקייט פון אַן אָפּגעגנאַרטן יאָמערט אַרויס פון אים. „אין בערגעלסאָנס שטוב״ איז פאַר זיך אַליין אַ פאַרכאַפּנדיקע פּאָעמע פון אַ פערציק זייטן, וואָס איז אַ מייסטערווערק פון קינסטלערישן אַנאַליז. יוסף רובינשטיין באַהאַנדלט בערגעלסאָנען מיט רחמנות. דאָס איינגעבויטע ווערק איז פול מיט פּאַטאָס און סימבאָליש פאַר דעם גאַנצן שווינדל פון קולטור־פרייהייט, וואָס מ׳האָט כלומרשט געגעבן דעם יידישן וואָרט־קינסטלער און עס ביי אים גראָב און מערדע־ריש צוגענומען.

„מגילת רוסלאַנד״ פאַרמאָגט אַ טראַגיזם, וואָס איז נישט לייכט אויף דער וואָג, וואָס לאָזט זיך נישט צו לייכט אָפּשפּרעכן. דער נאַראַטיוו, ווי דער אָטעם פון דערציילן, פליסט אומגעשטערט; און דאָרטן, וואו דער דיכטער דאַרף זיך אָפּשטעלן און מאַכן זיינע שניידיקע באַמערקונגען, ווייסט ער ווי און ווען דאָס דאַרף געטאָן ווערן.

„איז גייסטו אויך אַרום פאַרשטעלט און מאַכסט זיך אויך משוגע:
איז סטאַלין קלוג, ס׳איז סטאַלין גרויס! זיין בליק באַשיינט, באַשיינט!
נאָר הינטער ווענט מיט זיך אַליין, מיט אויגן נאַריש־קלוגע,
דאָרט זיצט דער דיקטאַטער אין דער נאַכט און לאַכט פון זיך און וויינט!"

די נאַרישע קלוגשאַפט איז געווען דער פּאַנצער פון יעדן איינעם, וואָס האָט געמוזט צושטעלן ווערטער אויפן ווערטער־מאַרק, כדי נישט אַרויסצורופן קיין חשדים, אַז ער וויל בעסער שווייגן.

„די איינזאַמקייט פון מענטש דאָרט, וואו אַלץ קומט פאַר בציבור,
זיין לעבן און זיין גורל אונטערוואַרפן צו דעם כלל.
מיר האָט געדאַכט זיך: דורך די ווענט מען קוקט אַריין אין שטיבער,
צו זען וואָס טוט זיך, ווי מען קוקט אַריין צום פערד אין שטאַל."

פאַר די, וואָס ווילן פרעגן, הלמאי מען האָט געמוזט שרייבן אַזאַ ווערק אין פערזן און נישט אין פּראָזע, זאָלן זיי זען וויפל צמצום ס׳ליגט אין די דאָזיקע שורות; וויפל דאָ איז אַריינגעפרעסט און וויפל נאָכדענק־שאַפט ס׳איז פאַראַן אין אַזאַ באַזונדערער שורה, ווי „די איינזאַמקייט פון מענטשן דאָרט, וואו אַלץ קומט פאַר בציבור". אַזאַ שורה סך־הכלט גאַנצע טראַקטאַטן און אַנאַליטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

דער טויטן־שפּיל צווישן היטלערס פאַרטיליקונג און דעם אויסזיכט־לאָזן נע־ווּנד אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, ווערט פּרעכטיק כאַראַקטעריזירט אין אַזעלכע פיר שורות:

„זיי זענען איבער אונדז געהאָנגען שוואַרץ־צעפּאַכט, ווי שפּאַרבערס —
איז וועמען ס׳האָט אַ קויל דערגרייכט און ווער אַרויס איז גאַנץ.
איצט שמעקט די יוני־נאַכט מיט בלוט, מיט וועלק־געוווּד פון שטאַרבן,
און פון דער ווייט די שרפה־שיין גייט אויף מיט רויטן גלאַנץ."

דער שלל פון נייע גראַמען און פון נייע בילדער, זענען צעוואָרפן איבערן גאַנצן ווערק מיט א כיוון. די אויסרעכענונג פון מייסטער־דיכטער, איז געווען, אַז וואָס שלימותדיקער, וואָס קינסטלערישער דאָס ווערק וועט זיין, אַלץ דויערנדיקער וועלן בלייבן די שורות, אַלץ איבערצייגנדיקער וועלן זיי זיין אין זייער טראַגישער שיינקייט. באַזונדערע עפּיזאָדן און אפילו גאַנצע דערציילונגען, ווי „מאַרגאַריטקעס", „פּליטים" און אַנדערע,

**ווערן קלוג אַריינגעבויט אין ווערק אויפן ריכטיקן אָרט. דער יידישער פּאָעט אָנט זיין בראָך. ער ווייסט, אז צוזאַמען מיט דער מאַמען זיינער האָט ער איבערגעלאָזט אַ גאַנץ פאָלק; אָבער ער פאַרגעסט אויך נישט, אַז אין דער שקיעה פאַרגייט אַ גאַנצע וועלט.**

„ס׳דאַכט זיך אויס מיר: ס׳ברענט אין מערב נישט קיין שקיעה נאָר אַ שרפה —

ס׳ברענט אייראָפּע און דער הימל אין דעם פלאַקער־פייער שרייט.

ס׳ווערט דער סטעפּ אַלץ רויטער, רויטער און די רעדער לויפן, לויפן,

ווילן פון דעם פלאַם אַנטלויפן אין דער נעפּלדיקער ווייט.״

**נישט נאָר ווייסט יוסף רובינשטיין, ווי צו דערציילן אין זיין פּערז, נאָר ווען ער שילדערט, ווערט ער אויך דער ליר־ישער מאָלער. אַלמאַ אַטאַ איז נישט מער ווי אַ הונגער־ און אומגליק־סטאַציע, אָבער דער דיכטער בלייבט שטיין אינמיטן שטאָט אַ פאַרוואונדערטער:**

„מיר דאַכט זיך אויס: דער שניי פון בערג, ווי אין אַ טייך זיך שפּיגלט

אין ווייסן בלענד פון אירע ווענט, אין שוועבנדיקן פלי

פון עפּל־סעדער לופטיקע — די שטאָט איז ווייס־צעפליגלט —

אָט הויבט זי אויף זיך, פליט אַוועק אין בלויען אינדערפרי!״

**און אין דער זעלביקער פּאָעטישער וויזיע פון דער אַזיאַטישער שטאָט דערזעט דער פּאָעט הומשדיקע בילדער:**

„די שטאָט צעגליט, זי וויל איר קאָפּ אין קאַלטן שניי באַהאַלטן;

ס׳איז דושנע, הייס — די זון זי בראָט. מיט לאַנגע, גרויע בערד,

די וואָלקנדלעך זיי גליווערן — צעחומשטע געשטאַלטן,

וואָס קוקן־צו זיך פון דער הויך, וואָס ס׳טוט זיך אויף דער ערד.״

**ער, דער נע־ונדניק, דערזעט זיך אין דעם ווייס פון עפּלדיקן בלי און ער ווערט איינס מיט דער וויזיע פון שיינקייט, אין בויך פון הונגער. ווען מען ענדיקט די לעצטע שורות פון דעם טראַגישן געזאַנג:**

„פון הינטער מיר לויפט רוסלאַנד אויף צוריק מיט פעלדער, וועגן.

אנטקעגן מיר לויפט פּוילן איצט אין טונקל פון דער נאַכט.

אַזוי פיל בלוט פון **הינטער מיר**, אַזוי פיל בלוט **אַנטקעגן**,

און נאָר אין טונקל איבער מיר מיין אומרו־גורל וואַכט!״

דערשפירט מען, אַז מען האָט פאַרענדיקט לייענען אַ גרויס ווערק.
און דער פּאָעט האָט דורכגעפירט זיין אייגענע שליחות, און די שליחות פון אַן אָפּגעגאַרטן דור, וואָס האָט אים אָנגעזאָגט:

„זאָלסט שרייען, הערסט, זאָלסט שרייען הויך, פון אונדזער פּיין און טרויער."

יוסף רובינשטיין האָט געשריגן און פון דעם געשריי געשאַפן אַ קלאַסיש ווערק אין דער יידישער ליטעראַטור.

1960

## „בלעטערפאַל" פון מאיר זימל טקאַטש

פון אַלע ניין ביכער לידער, וואָס מאיר זימל טקאַטש האָט אַרויס־געגעבן אין משך פון עטלעכע און דרייסיק יאָר, איז דאָס רייפסטע און בעסטע בוך זיינס — דאָס נייסטע. דאָס בוך האַלט אינגאַנצן 96 זייטן, אָבער ס'איז אָנגעפּיקעוועט מיט לידער. אַזוי דאַרף זיין, כאָטש ס'איז נישט אָפט אַזוי. אַ פּאָעט מאַכט זייער אָפט גרויסע צוריקטריטן אין זיין אייגענער אַנטוויקלונג; נישט אַזוי קיין צוריקטריט ווי לייכטערע איבערחזרונגען פון לידער, וואָס זענען אים אַמאָל אָנגעקומען שווער.

טקאַטשס ניי בוך הייסט „בלעטערפאַל" און ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דיכטער, וואָס האָט אַ שטאַרקן אינטערעס אין ביימער; און אין בוך געפינען מיר מער ווי אַ טוצן לידער און געזאַנגען צו פאַרשידענערליי ביימער. טקאַטש האָט געשריבן פאַבלען און אין זיין נייעם בוך דאָמינירט אויך די פאַבל־מאָראַל, אָבער די מאָראַל קומט נישט, ווי דער קלימאַקס צום משל, נאָר איז דורכגעוועבט מיט דער גאַנצקייט פון ליד.

דאָס ערשטע בוך וואָס טקאַטש האָט אַרויסגעגעבן מיט 35 יאָר צוריק האָט געהייסן „אויף גאָטס באַראָט", און דאָס ערשטע ליד אין נייעם בוך ענדיקט זיך מיט די צוויי שורות —

אוּן ווייל כ'בין קליין, איז גאָט אַליין מיין היטער —
אַ קינד אין שויס פון טאַטן, וואָס איז גרויס.

דער פּאָעט קאָן נישט אַנטלױפֿן פֿון זיך אַלײן, פֿון זײַנע אײגענע מאָטיװן, װאָרום איז אים אױב ער קאָן זײ אַנטװיקלען און פֿאַרטיפֿן, און אין „בלעטערפֿאַל" זעען מיר אַז טקאַטש איז געלונגען זיך פֿולער צו שפּיגלען אין זײַנע לידער. טקאַטש איז אַ ליריקער, אָבער אַ געדאַנקלעכער ליריקער. ער דערלױבט זיך אפֿילו צו מישן זײַנע לירישע לידער מיט — װיסנשאַפֿט. די געדאַנקען־גאַמע איז נישט קײן ברײטע, אָבער זי געװינט דערפֿון װאָס די סאַמע הױפּט־טעמע פֿון בוך איז אמונה, טאַקע בפֿירוש אמונה אין אַ טאַטע־פֿאָטער, און דערפֿאַר לענען זיך אָן אַלע געדאַנקען אין דעם מקור, אַז —

מײַן טאַטע האָט געבאָטן מיר געגעבן
כ׳זאָל הײליק לעבן — הײליק איז דאָס לעבן.

דער טאַטע איז דער רבונו של עולם, אין סאַמע פֿרומסטן זין פֿון װאָרט. בלױז אײנמאָל קריגט זיך דער פֿרומער טקאַטש מיט דעם פֿרומען פֿאָטער יעקב אונדזערן און ער איז מוסיף, אַז הײליק זענען אַלע ערטער, װאו דער מענטשלעכער גוף געפֿינט אַן אָנשפּאַר —

זאָג איך דעם ירא־שמים:
יעדער אָרט איז פּאַרכטיק־הײליק.

דאָס בוך באַשטײט פֿון דרײַ אָפּטײלונגען און עס פֿאַרמאָגט גאַנצע צװײ סאָנעט־קראַנצן, אױך טריאָלעטן און באַזונדערע סאָנעטן. טקאַטש איז אַ פֿאָרמאַליסט און ער האָט ליב דעם דאָזיקן אױפֿפּאַדער צו באַװײַזן, װיאַזױ ער קאָן זיך אַן עצה געבן מיט שטרענגע פֿאָרמען. די ערשטע צװײ ציטאַטן װאָס איך האָב געבראַכט זענען פֿון זײַן זײער געלונגענעם סאָנעטן־קראַנץ, װאָס עפֿנט דאָס בוך. דער סאָנעטן־קראַנץ הײסט „װאָרום איז מיר אין קלײנקײט", און ער באַזינגט נישט אַזױ אײגענע עניװות, װײַל דאָס קאָן מען טאָן זײער גדלותדיק. אין דעם זײער געראָטענעם געפֿלעכט פֿון פֿופֿצן סאָנעטן װערן טאַקע פֿרום, עניװותדיק און אָן שום פּרעטענזיעס באַזונגען אײגענע אָנגענומענע און אַרײַנגעלעבטע קלײנקײטן. אינטערע־סאַנט איז אַז דער קרױן־סאָנעט איז אין אַלע סאָנעטן־קראַנצן אָדער קרענץ, דער בעסטער און פּערפֿעקטסטער, װײַל פֿון אים שטאַמען די ערשטע שורות פֿון די אַנדערע פֿערצן צוזאַמענגעבונדענע פֿערצן־שורה־

דיקע לידער. אין דעם קראַנץ איז דער פּופּצנטער סאָנעט דער שוואַכסטער, וואָס דאָס אַליין איז אַ נייס אין דער קונסט פון פלעכטן סאָנעטן־קראַנצן. די באַזונדערע סאָנעטן זענען פאַרטיפטער און איינגעזונגענער, ווי דער „שטאַמפּאָטער", נוצנדיק טקאַטשס אַ וואָרט פון זיין סאָנעטן־קראַנץ.

טקאַטש איז זייער אָפּגעהיט אין לשון, כאָטש דער גראַם וואָס איז זיין פירער און פאַרפירער, שטרויכלט אים אַמאָל, אָבער מיך אינטערע־סירט דער עיקר ווי טקאַטש באַגייט זיך מיט האַרטע ווערטער. ער דער־מאָנט מיר אין דער אַמעריקאַנער דיכטערין, עמילי דיקנסאָן, וואָס האָט אויך ליב געהאַט שווערע, כמעט טערמינישע ווערטער, אָבער ביי איר איז עס געקומען ווי אַ סורפּריז, ווי אַן אַרויסכאַפּ, אין קאָנטראַסט צו דער צעגייענדיקער שנייאיקייט פון איר ליד.

ביי טקאַטשן געפינען מיר אַ דירעקטע נייגונג צו שאַפן ווייכקייט פון האַרטע, אַמאָל האַרבע רייד, און ווען ס'גיט זיך אים איין שאַפט ער זייער אינטערעסאַנטע שורות, וואָס מאַכן דעם איינדרוק פון אַ צעזונגענער הייגט־צייטיקייט, ווי די פּובליציסטיק פון אונדזער דור וואָלט זיך דערשלאָגן צו אַן אייגענער פּאָעטישער באַלעבאַטישקייט. ווען ס'געלונגט אים נישט, ווערט דערפון לייכטער פּערז, וואָס האָט נישט קיין אייגענע פאַרשפּיגלונג, נאָר די שורה ליגט נאַקעט און זי מיינט און טייטשט זיך אַקוראַט וואָס זי מיינט.

> כ'האָב שוין אַנטגרויסט זיך און מיין איך פאַרניינט.
> אין אחדות מיט דעם רבים זיך פאַראיינט
> און אויסגעמישט זיך מיט דער אַלגעמיינקייט.

דאָס זענען האַרטע ווערטער אין האַרטע שורות אין זיין ערשטן סאָנעטן־קראַנץ, און זיי געהערן גיכער צו דער צווייטער קאַטעגאָריע וואָס כ'האָב אויבן אָנגעוויזן, אָבער זיי האָבן כאָטש די מעלה, וואָס אינהאַלט־לעך זענען זיי נישט אַריינגעצוואונגען אין דער טעמע פון סאָנעט. אַנדערע נישט געראָטענע האַרטקייטן זענען אי געצוואונגען, אי אַן אַרומשאָטענונג.

אין אַ געוויסן פרט איז טקאַטשס בוך דאָס אומדערוואַרטסטע אין דער יידישער פּאָעזיע, לאָמיר געבן אַ כאַפּ, פאַרן לעצטן פערטל יאָר־הונדערט. די לידער פון גלויביקייט, אין אונדזער אפּיקורסישער צייט,

זענען אַן איבעראַשונג. בכלל וויכט טקאָטש פון צייט (כאָטש דער טאָן זיינער איז אַ הייגצייטיקער) ; אַ חוץ אַזעלכע שורות, ווי —

נאָר אָט די פאַרשולדיקטע וועלט איז באַנקראָט,
אַ פולע פאַס פולווער איז אַלץ וואָס זי האָט.

האָב איך אין בוך געפונען ווייניק צייט. די לידער געהערן צום מין וואָס ווערט געוויינלעך גערופן אייביקע לידער, וואָס דאָס איז פונדעסטוועגן נישט קיין גאַראַנטיע אויף דויערהאַפטיקייט, נאָר איז גיכער דער אינ־האַלטלעכער טאָן פון ליד.

מיר געפעלט דער ערשטער סאָנעטן־קראַנץ גיכער פאַר זיין געפלעכט פון שורות, ווי פאַר דעם אינהאַלט. פאַר יענעמס אמונה, לערנען אונדז וואויל־געכאָוועטע מענטשן, דאַרף מען האָבן דרך־ארץ, האָב איך טאַקע דעם פולסטן דרך־ארץ פאַר דער פרומקייט פון אַזעלכע שורות —

איך פאָלג מיין טאַטן, האָרך מיין גאָט דעם גרויסן,
וואָס לערנט מיך און איז מיין טובה אויסן,
אפילו ווען ער שמייסט מיך אויף זיין שויס.

מיר געפעלט אָבער גיכער אַן אמונה וואָס איז אַביסל טיפער פון דער דאָזיקער חדר־רבישער שמייס־רעזיגנאַציע. די גלויביקייט וואָס איז אַ פערזענלעך־דערגאַנגענע, רופט אין מיר אַרויס אַ געפיל פון א מין „קריסטשען סייענס", אַן איינגעמורמלטער גלויבן, אַן איינגעשפּרוכטער, פאַר דער הייליקייט פון דער אייגענער נשמה און דער היילנדיקייט פון אייגענעם גוף. מיין באַנעם פון רעליגיע איז אַז זי דאַרף קוועלן פון אַ גרויסן, קאָלעקטיוון חשבון. אמונה דאַרף געבן א רמז כאָטש אויף אונדזער צייט, און דער רעליגיעזער ציטער מוז מיך אויך דורכנעמען, און נישט בלויז דעם פון אומגלויבן אויסגעהיילטן דיכטער.

אָבער כ׳שפּיר אַז איך פאַרגין זיך אַריבערצושפּרייזן די גרענעץ פון דעם וואָס ווערט געוויינלעך אָנגערופן — רעספּעקט פאַר יענעמס רעליגיעזע געפילן. דערפאַר וועל איך אַוועק פון אינהאַלט און זיך גיכער טיילן מיט דער הנאה, וואָס איך האָב געהאַט פון טקאָטשס פּאָעטישער קענטשאַפט. אַזאַ קענטשאַפט ווייזט דער דיכטער אַרויס אין זיין ערשטן סאָנעטן־קראַנץ, אַ חוץ אין געציילטע שורות, ווי —

וואָס ער זאָל ווערן איז ביי דיר די דעה:
אַ זונהס לאָקן צי אַ חסידס פּאה.
כ'וויס גאָרניט, גיי איך גלויבנדיק פּאָרויס.

**זונהס לאָקן, אַ חסידס פּאה, זענען געקינצלטע און גראָטעסקע קאָנ־טראַסטן. דער העברעאישער גראַם פון „דעה" מיט „פּאה" איז מיר אויך נישט צום האַרצן.**

**נישט געקוקט אויף דעם שמאָלן איינטאָניקן רעליגיעזן אינהאַלט, זענען אַזעלכע שורות פון זיין ליד — „לערנען זיך פון ביימער" זייער גוט צום גומען —**

ווי ביימער ציען זיך צו גאָט דעם פלאַנצער,
אַזוי וועל איך צו מיין באַשעפער שטייגן
און כ'וועל זיך לערנען זיין אין בראָך אַ גאַנצער —
פון ווינטער־ביימער מיט די וויסטע צווייגן.

**טקאַטש האָט ליב די מאָראַל, אָדער דעם אויסטייטש פון אַ ליד אין די לעצטע שורות. אין דעם פּרט איז ער זייער ענלעך צו אברהם ר״יזענען, די פשטות פון זיינע לידער שאפט אָפט דעם איינדרוק פון ניי־רייזעניסטישע מאָטיוון, ניי אין לשון און רירעוודיקער אין דער שורה, אָבער רייזעניסטיש אין טאָן.**

חן ביי גאָט האָט משה,
האָבן אין זיין זכות די יידן
די פאַרדינטע שטראָף פון הימל
פאַר עגל אויסגעמידן.

**אָדער דער שפּיצלדיקער סוף פון אַזאַ ליד, ווי „די קשיא איז דער שליסל". אין ליד זינגט דער דיכטער פון זיין נאָענטקייט צו וואסער, צו ליים, צו בוים, צו הונט, און ער דערזינגט זיך צום סוף צו דער באטראַכטונג —**

אַ מענטש בין איך מיט וואָס?
די קשיה איז אַליין
דער שליסל צו דעם שלאָס.

**אָט דער אָריגינעלער און שאַרפער אויסגעדריקטער רייזען קומט**

צום אויסדרוק אין אַ צאָל לידער, אפילו אויך אין אַזאַ תוך מאָדערן ליד — „כינעזיש“, וואָס דער פינאַל איז אַז —

סיי ווי איז דער געלערנטער כינעזער
אין שאַרפער שיין פון גאָט אַ בלינדע סאָווע.

מיינסטע לידער זענען אָן ספק לירישע, אָבער די איבעראַשונג איז וואָס אַ חוץ פון זיין אומבאגרענעצטן גלויבן און פאַרליבטקייט אין בוים, חיה און קינד, דערציילט אונדז דער דיכטער זייער ווייניק פון זיך. מיר ווערן בלויז געוואָר עטלעכע ביאָגראַפישע פּרטים, ווי, למשל, אַז ער איז שווער קראַנק געווען און „צוריקגעקומען“ און אַ וואונק אויף אַ טיפער איבערלעבונג אין זיין ליד „הייליקע ברעטער“. אַ שאָד וואָס דאָס ליד ענדיקט זיך מיט די נישט־פאַרשאָטנטע האַרטע ווערטער:

און ווער עס לעבט זיין ראָלע איבער טיפער,
ער איז אין פלוג אַ גרעסערער פאַרדעטער,
ווייל ליבע איז אַ שפיל, וואָס הייסט „אויף אייביק“
און גאָסטראָלירט אויף צייטווייליקע ברעטער.

דער צווייטער סאָנעטן־קראַנץ אין בוך — „בלעטערפאַל“, וואָס איז די טעמע פון בוך, איז אַ שוואַכער קראַנץ. די סאָנעטן באַוועגן זיך שווער און דערגרייכן נישט קיין גרויסן פּאַרויסגיי. זיי פלאָנטערן זיך אַרום די אייגענע שורות. די טעמע איז ווידער — לערן זיך פון די ביימער, נאָך בעסער פון די בלעטער די קונץ פון שטאַרבן און די מאָראַל איז —

ווער ס׳לעבט אין הסכם מיט דעם סדר עולם,
דער שטאַרבט אין פרידן מיט אַ קוש פון גאָט...

אין אָט דעם סאָנעטן־קראַנץ איז דער קרוין־סאָנעט, דער פופצנטער, דער שענסטער און נישט־געצוואונגענסטער.

די פופצן טריאָלעטן זענען עקספּערימענטן אין — טריאָלעטן, און ווי לידער זענען זיי גאַנץ שוואַכע. בכלל בין איך נישט קיין גרויסער חסיד פון טריאָלעטן. לאָ די וואָס אַ טריאָלעט האָלט אַכט שורות, זענען גאַנצע דריי שורות איבערגעחזרטע און די אַנדערע פינף זענען טעכנישע געדרייעכצער, וואָס זיי דאַרפן זיין זייער גוט, כדי דער טריאָלעט זאָל אַרויסקומען אַ נישקשהדיק ליד.

**אין בוך געפינען מיר גאָר אַ סך גוטע און רייפע לידער, און ווען מיר לעבן זיך אַריין אין דעם שמאָל־גלויביקן געצעלט פון דיכטער, קאָנען מיר אַוודאי הנאה האָבן פון אַ סך פּאָעטישע דערגרייכונגען אין דעם צוזאַמענזינג מיט אינהאַלט. דער גראַם וואָס איז טקאַטשס בעסטער אָנשפּאַר, ווערט אַמאָל טקאַטשס גרעסטער שטרויכלשטיין. ער צעגראַמט זיך אַזוי שטאַרק, אַז ער עסט אַזש אויף דאָס ליד. דאָס גאַנצע בוך אָבער איז, ווי פריער געזאָגט, אָריגינעל מיט דער אני־מאַמינדיקייט פון יידישן פּאָעט, וואָס דערגרייכט מיט אַ צאָל לידער דיכטערישע און פּערזענלעכע שלימות. ס'איז כדאי צו ברענגען אַ גאַנץ ליד, וואָס גיט איבער דעם פּאָעטס פּלאַטער אין זיינע דורכגעזונגענע לידער.**

### צפת

אין צפת די שטערן זענען גרעסער.
ס'איז שויבן־שיין פון בלויע שלעסער,
וואו ס'וואַכט און בענקט די כלה שבת.
און צפת פון אַלע שטעט איז העכער —
אַ באַרג מיט דעכער איבער דעכער,
ווי שטיגן צו דער כלה שבת,
ניטאָ אין צפת' קיין אינדערוואַכן.
פאַראַן אַ פלאַטערן, אַ פאָכען,
זעקס טעג אין צפת איז ערב שבת.
מיט נאָך אַ מאָרגן, נאָך אַן אָוונט
און די באַגעגעניש איז נאָענט —
אַנטקעגן גייי דער מלכה שבת.
די בענטשליכט ברענען ווי די שטערן
און פייערלעך די צפתער ווערן,
ווען ס'קומט צו־גאַסט די כלה שבת.
איר שטעט פון גאָר דער וועלט פאַריאָכטער
היט אָפּ ווי צפת דעם הימלס טאָכטער
און ס'בלייבט אויף דר'ערד די כלה שבת.

1960

# יעקב סטאָדאָלסקי

אין עלטער פון 78 יאָר איז מיט אַ צייט צוריק אַוועק פון דער וועלט דער פּאָעט יעקב סטאָדאָלסקי. אויף אים קאָן מען נישט זאָגן, אַז ער איז געווען זאַט אין יאָרן, ווייל ער האָט ממש ביז די לעצטע עטלעכע טעג געהונגערט נאָך לעבן און ער האָט תמיד געוואָלט אויסזען יוגנטלעך און געטאָן אַלץ, אַז ער זאָל מאַכן אַן איינדרוק פון אַ מענטשן, אויף וועמען די עלטער האָט קיין שליטה נישט. ער האָט עטלעכע חדשים פאַרן טויט באַנייט זיין זשורנאַל „נייע האָריזאָנטן", אַן אומפּעריאָדישע שריפט, וואָס איז דערשינען עטלעכע מאָל נאָך פאַרשידענע הפסקות, ווען סטאָדאָלסקי האָט אָנגעזאַמלט עטלעכע הונדערט דאָלאַר און דער זשורנאַל האָט זיי פאַר אים זייער גרינג געפּטרט.

דער זשורנאַל זיינער איז אויך געווען ענלעך אויף אים, פול מיט אָנגעשטרענגטער יוגנטלעכקייט, עקספּערימענטאַלע לידער און אַ סך שטאַרקע באָמבאַסטישע שורות, וואָס מיט זיי האָט סטאָדאָלסקי געוואָלט, מעשה יונגערמאַנטשיק, שאָקירן און אויפטרייסלען. פאַרוואָס סטאָדאָלסקי האָט זיך נישט געוואָלט עלטערן, איז מיר קיינמאָל נישט געווען קלאָר, ווייל מיר דאַכט זיך, אַז אמתע קינסטלערישע שעפערישקייט נעמט אָן דעם פּסק־דין פון עלטער ווערן און זוכט אויסדרוק דערפאַר, אין פאַרשידענע ביאָגראַפישע עטאַפּן, וואָס העלפן דעם קינסטלער קלעטערן אַלץ העכער און העכער, אַפילו דעמאָלט, ווען ס'ווערט אים שווערער פיזיש צו הויבן די פיס.

יעקב סטאָדאָלסקי איז געווען דער עלטסטער פון דער גרופּע „אינזיך" וואָס איז געגרינדעט געוואָרן סוף 1919. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1912 און ער האָט שוין הינטער זיך געהאַט אַ געדיכטע ביאָגראַפיע און עטלעכע שוואַכע באַרעדעוודיקע לידער, וואָס האָבן פון זיך געלאָזט אַרויס־שיילן קורצע זאָגעוודיקע שורות. ער האָט זיך געקאָנט דעררעדן צו גוטע שורות און דאָס האָט אונדז מיטגלידער פון דער גרופּע, אימפּאָנירט. סטאָדאָלסקי האָט נישט געקראָגן קיין פאָרמעלע בילדונג און זיין יידיש וויסן איז אויך געווען שטאַרק באַגרענעצט, ווייל ער איז יונג אַוועק פון טאַטנס הויז. אָבער ער האָט געהאַט אַן אינטואיציע פאַר בילדונג. ער האָט

געלייענט און שטענדיק אַרויסגעקומען פון אַ שווער בוך מיט דעם תמצית־דיקן, וואָס איז אים צוניץ געקומען אין זיין בליציק רעדן, וואָס איז געווען אַפּאָריזמיש און דורכגעשפּרענקלט מיט זאָגעכצער, וואָס ער האָט אגב באַזונדער געזאַמלט.

מיר האָבן גלייך דערשמעקט אי זיינע מעלות, אי זיינע חסרונות, אָבער מיר, פון דער אינזיכיסטישער גרופּע, האָבן אים באַטראַכט פאַר אַ קאָלירפולן מיטגליד, וואָס איז געווען פול מיט קאַמף קעגן דער קוים איינגעבירגערטער טראַדיציע פון די „יונגע״. וואָס איז אינגאַנצן אַלט געווען אַ צען יאָר. מיר האָבן זיך געוויטיקט נישט נאָר אין געשריבענע קאַמף־רייד. אויף דעם געביט איז ער דווקא נישט געווען קיין גרויסער מאַדים, נאָר אין אַ קעמפער ביי די קאַפע־טישלעך אין דער ליטעראַרישער קיבעצאַרניע. סטאָדאָלסקי איז געווען אַ גוטער מויל־קעמפער. ער האָט געקאָנט אָנוואַרפן נעמען מיט ציטאַטן, און דער עיקר פון פראַנצויזישע שרייבערס, וואָס גיי קאָנטראָליר ביים טישל, צי די אָריגינעלע ציטאַטן זענען טאַקע געווען אַקוראַט ווי זיי זענען אויסגעשאָסן געוואָרן אין פּאָע־טישן קאַמף אין קאַפע.

סטאָדאָלסקי האָט שוין געהאַט געוואוינט עלטעכע יאָר אין פּאַריז. ער האָט געכאַפּט אַ ביסל פראַנצויזיש, גענוג אויף צו האָבן אַ שטיקל צוטריט צו אַ פראַנצויזיש ליד — פון מאַלאַרמעי, ווערלען אָדער באָדלער און אַרויסגעדענקען עטלעכע שורות, וואָס האָבן זיך געלאָזט אויסנוצן, אין אַ שמועס וועגן ליטעראַטור. סטאָדאָלסקי האָט איינגעזאַפּט אַ סך פּאַריזער־ריש געמיט. ער האָט גוואַלדיק ליב געהאַט די פראַנצויזישע קולטור, געהאַט אַ פאַרשטענדעניש פאַר מאָלעריי און ער האָט געקאָנט זייער אינ־טערעסאַנט אויפנעמען אַ קינסטלעריש בילד און עס אַפילו צענעמען און אַנאַליזירן אויף אַן אופן, וואָס האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ קענער און מבין.

פאַר אַ יידישן יונגנמאַן, וואָס האָט געשטאַמט פון אָנגעפּראָפּטער אָרעמקייט און וואָס איז פרי אַוועק פון דער היים, איז סטאָדאָלסקי געווען אַ דערשיינונג. אויב כ׳בין זיך נישט טועה, איז זיין טאַטע געווען אַ מלמד אין פּאָריסאָוו, שעדלעצער גובערניע. זיינע הייסע קריגערייען מיטן פרו־מען חסידישן טאַטן האָבן אים טאַקע יונג אַרויסגעשטויסן פון טאַטנס הויז און ער איז אַוועק קיין וואַרשע. ער האָט זיך אַ גאַנץ לעבן געפילט

ווי אַ בעל־חוב צום טאָטן און ער האָט אים אָפּגעצאָלט מיט אַ סך פּרומע טאַטע־לידער. אין וואַרשע איז סטאָדאָלסקי אַריינגעפאַלן אין די שמוציקסטע און אָרעמסטע פאַבריקן, וואו דעם אַרבעטערס לעבן און געזונט איז טאַקע בוכשטעבלעך אויסגעזויגן געוואָרן. די קליינע עקספּלואַטאַציע פון אָרעמאַנסקע באַלעבאַטים איז אפשר געווען נאָך גרויזאַמער, ווי אין די גרעסטע פאַבריקן. סטאָדאָלסקי איז פרי געוואָרן קלאַסן־באַוואוסטזיניק און אַן אָרגאַניזירער פון שטרייקן, און טאָמער האָט מען באַדאַרפט דערלאַנגען אַ קלאַפּ, איז סטאָדאָלסקי אויך געווען דערביי. ער איז יונג באַקאַנט געוואָרן ווי אַן אַקטיווער און ערלעכער אַרבעטער־אָרגאַניזאַטאָר. ווען ער איז געשטאַנען צום פּריזיוו און איז געוואָרן אַ סאָלדאַט, האָבן זיך שוין געפונען געטרייע חברים אין דער באַוועגונג, וואָס האָבן אים אַרויסגעריסן פון פאַניעס הענט און אים, אַ פאַרקליידעטן אין ציווילע מלבושים, אַריינגעשמוגלט קיין לעמבערג, וואו אַ קליינע אַנאַרכיסטישע גרופּע איז געשאַפן געוואָרן אויף סטאָדאָלסקיס נאָמען. אים האָט מען מיט ליבשאַפט גערופן — קניאַז סטאָדאָלסקי. דער „קניאַז״ איז מסתמא געווען אַן אַנדייט אויף דעם גרויסן און ממש לעגענדאַרישן אַנאַרכיסטישן טעאָרעטיקער — פּירשט קראָפּאָטקין. אין וועמענס שאָטן די אַנאַרכיסטישע גרופּע האָט געלעבט. פון גאַליציע איז סטאָדאָלסקי געקומען קיין פּאַריז און פון פּאַריז קיין ניו־יאָרק. כ׳דערצייל די דאָזיקע קאַלירפולע ביאָגראַפישע איינצלהייטן, ווי יעקב סטאָדאָלסקי האָט עס מיר איבערגעגעבן. זיין איינציקער טאָכטער האָט ער געגעבן אַן אַנאַרכיסטישן נאָמען — לואיז מישעל, און ער אַליין איז נאָך געקומען קיין ניו־יאָרק מיט אַנאַרכיסטישע אידעען, אָבער דאָ איז ער גיך, אונטער ד״ר זשיטלאָווסקיס השפעה, דערנענטערט געוואָרן צום יידישן קינסטלערישן וואָרט, כאָטש ער האָט נאָך אָנגעהויבן שרייבן יידישע לידער אין פּאַריז.

יעקב סטאָדאָלסקי האָט אָבער קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיין רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט. ווען יודזשין דעבס איז אַריינגעפאַלן אין טורמע פאַר זיין מיליטאַנטישן פּאַציפיזם, האָט סטאָדאָלסקי דער ערשטער געשריבן אַ יידיש ליד צו אים:

אַ דערשלאָגענער שטיי איך פאַר די טורמע־ווענט,
מיינע הענט צו אים געצויגן.

ער האָט געשריבן אַ לענגערע פּאָעמע צו ד״ר חיים זשיטלאָווסקין און אויסגעדריקט זיין פאַרערונג צום פאָטער פון נאַציאָנאַל־יידישיסטישן געדאַנק. ער האָט אַפילו אַ שטיקל צייט געזוכט אַ פאַרבינדונג מיט די קאָמוניסטישע קרייזן.

סטאָדאָלסקי איז אָבער בטבע געווען אַ לידיקער און ער האָט ליב געהאַט די ליכטיקע און אינטימע שורה. ווען ער וואָלט געהאַט סיסטע־מאַטישע בילדונג, וואָס ער האָט אַ גאַנץ לעבן אַרומגעזוכט און אויסגע־נישטערט דאָ און דאָרט פונקען, וואָלט ער געוואָרן אַ קונסט־טעאָרעטיקער מיט אַן אייגענער עסטעטישער ליניע. זיין באַגרענעצטע וויסן האָט אים געהאַלטן געפּענטעט. אין פאַרשידענע אַפאָריזמישע סענטענצן, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט פאַרעפנטלעכט, באַמערקט זיך אַן אָריגינעלער טאָן. אָבער אויך די אומגעדולדיקע צופרידנשטעלונג מיט אַביסל וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר טייל אויטאָדידאַקטן — די צופרידנקייט מיט אויפגעכאַפּטער אויבנאויפיקייט.

אָט דער אַרויסשטעל פון בליציקער אָריגינאַליטעט, וואָס זוכט צו פאַרדעקן סענטימענטאַליטעט און באַנאַלע שורות, איז אויך פאַראַן אין זיינע לידער. סטאָדאָלסקיס לײַדנשאַפט צו זיין יוגנטלעך, האָט אים גע־טריבן צו אַן אַנגעדראָלענער ליידיקייט, צו פּראָזעאָלאָגיע, צו באַווייזן ממש קאָסמישע געלערנטקייט. ער האָט זיך געניטיקט אין אַ מדריך. ער איז, אייגנטלעך, געווען אַ חסיד, וואָס האָט תמיד באַדאַרפט האָבן אַ ליטעראַרישן רבין. אָבער ער איז נישט געווען קיין „לאָיאַלער״ חסיד, ער האָט זייער אָפט געטוישט די רביס זיינע, און טוישנדיק האָט ער דעם פריערדיקן רבין געמאַכט אויסצודרייען. פון געניאַל ביז אַ גאָרנישט, איז ביי סטאָדאָלסקין געווען אַ קאַצנשפּרונג. ווען ער איז געווען מיט דער גרופּע אינזיך און ער האָט געהאַט מדריכים, וואָס זאָלן אים אָנווייזן, פירן און אויספליקן דאָס ווילדגראָז, האָט ער געשאַפן אַ צאָל אויסגעצייכנטע לירישע לידער. ווען ער האָט רעבעלירט און איז אַוועק אויף אייגענע קעסט, האָט אים געפעלט דער אָנווייז, וואָס זאָל ביי אים אויסטיילן דאָס קערנדיקע, וואָס ער האָט אָן ספק פאַרמאָגט, פון דער ש ע ט ש ק ע.

ער האָט אַרויסגעגעבן צוויי ביכער לידער: „אירליכט״ און „ליכט פאַר די לאָדנס״. אירליכט איז איין וואָרט און עס באַדייט בלאָנדזשענדיק ליכט, אָבער דווקא אין דעם בוך, וואָס איז דערשינען מיט אַ דרייסיק

יאָר צוריק — סטאַדאָלסקי האָט שפּעט אַרויסגעגעבן זיין ערשט בוך לידער, ווען ער איז שוין געווען נאָענט צו פופציק, — איז פאַראַן אַ צאָל רייפע און שיינע לידער, וואָס זענען פריי פון דעם פּוסטן אָנהויף פון אינטעליגענטישע ווערטער און געגלעקלטע און אויסגעמישטע גראַמען.

ער האָט, ווי פריער געזאָגט, געשריבן אַ סך לידער צום טאַטן, וואָס האָט אַפילו אויפן טויטן־בעט נישט שלום געמאַכט מיטן זון.

האָסט געוואָלט איבעררייסן
אַלע אָדערדיקע בענדלעך,
וואָס האַלטן מיך צוגעקניפּט צו דיר ?

אָבער סטאַדאָלסקי זאָגט אין דעם ליד „פאָטער־זון סינטעז״, אַז ס׳איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי טראַדיציע, וואָס האָט דעם זון צוריקגעבלאָנדזשעט.

דו קומסט פון קאָצק,
פון גער, פון מאָקאָוו,
איך חתמע מיין נאָמען — יעקב.

סטאַדאָלסקי האָט געהאַט אַ זין פאַר דער פאַרכאַפּנדיקער גרויס־שטאָטישקייט פון ניו־יאָרק. ער האָט געשריבן אַ סך שטאָט־ און אַפילו גאַס־לידער. אָבער שענער און געראָטענ׳ר זענען אַלץ זיינע לירישע לידער. אין די לידער האָט ער שטענדיק זיך דערזונגען צו ציטירלעכע שורות. זיין ליד „צום טייך״ ענדיקט זיך מיט דעם געבעט —

פאַרוואַנדל מיך
אין איינעם פון די בעטנדיקע שאָטנס
אַרום דיר.

סטאַדאָלסקי האָט אויך געשריבן אין זיינע ערשטע יאָרן זעלטן־דורכגעגליטע ליבע־לידער. ער האָט געקאָנט דערהויבן דאָס פיזישע צו שטילע רייד, צו אַ וואונק —

פון דיינע ליפּן וועט זיך טראָגן
דאָס געלעכטער פון מיינע פריידיקע טעג.

אין זיינע שפּעטערדיקע פאַריונגונג־יאָרן האָט ער אויך געשריבן אַ סך ליבע־לידער. אָבער זיי זענען שוין גיכער געווען קאָסמעטישע און נישט קיין נאַטירלעכע גטזאַנגען.

ער איז דעמאָלט, אין זיין ערשטן בוך, צוריקגעקומען צו זיין רעוואָ־לוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט און גערעדט וועגן די פּרינצן פון עלנט, די אַטלעטן פון לעבן, וואָס דורך זיי „ווערט מיין לעבן צום לעבן געשטאַרקט". אין יענע פריע פּאָעטישע יאָרן האָט סטאַדאָלסקי געקאָנט אַריינקלאַמערן זיין עפּיגראַמאַטישקייט אין אַ ליד פון זיבן שורות —

קינדער פון גרויסן אומגליק —
ציען מיר, ווי שמעטערלינגען
אין טונקעלע וועגן,
צום פייער פון אונדזער גליק;
וויפל פון אונדז קערן זיך אום צוריק?
ווי די פאַרברענטע שמעטערלינגען
ליגן מיר ביי די טויערן פון אונדזער גליק.

אַ שליסל צו סטאַדאָלסקיס אייגן־נאַרעריי מיט אייביקער יוגנטלעכ־קייט, געזונט, גבורה, געפינען מיר אפשר אויך אין זיין ערשטן בוך וואו די לידער פון טויט זענען די שענסטע און רירנדיקסטע. זאָל עס זיין, אַז ער האָט זיך אַזוי געשראָקן פאַרן טויט, אַז ער האָט זיך פאַרפּאַנצערט קעגן אים מיט אַלערליי מיטלען, מיט זיינע שפּעטערע אָנשטעל־לידער פון יונגע עקספּערימענטן?

אָבער צום קאָנטיקסטן איז אין זיינע בעסערע לידער דער כוח פון זאָגער, וואָס פאַרמאָגט דעם צמצום פון רייד, וואָס זינגען זיך אַריין אין זכרון. אין זיין ליד „גרויסטאָג" איז „די קוזניע פון טאָג שוין אָפן".

פון זיין קאָוואַדלעס פייערבעט
קומען מיר אַלע, ווי מיר זענען, אַפיר.
ווער גאַנץ פאַרמירט, ווער האַלב פאַרמירט,
ווער ווי די לעצטע ברוכשטיקער
אין אַן אַטעליע פון אַ שיקזאַליקן סקולפּטאָר,
ווער ס'לויכט אויף ווי אַ פלוצימדיקער מעטעאָר
און פאַלט ווי אַ רוימיקער שטיין צו דער ערד,

ווער, ווען מענטש טואונגען און ווערט
קריצט איין ווי מיט אַ פייערשווערד,
אייביקע אָרנאַמענטן אויף שטערן פון דורות.

**דער פּאָעט יעקב סטאָדאָלסקי האָט זיך צום בעסטן כאַראַקטעריזירט אין אַ ליד, וואָס שליסט זיין ערשט בוך „אירליכט".**

איך האָב ווייניק געלערנט אַ סך צו וויסן
אָבער איבער דעם ניט גרויסן שטח
פון מיין פאַרשטאַנד
האָב איך די זון פון מיין זכות׳ אבות אויפגעהאַנגען,
איך האָב טיפע און ברייטע קאַנאַלן
אויף די וועגן וואָס פירן צו מיין איך
אויסגעגראָבן,
כדי די חכמות פון דער וועלט
זאָלן אַהין אַריינשטראָמען,
און אַזוי אַרום
רייכער מאַכן מיין פאַרמעגן.

**איבער סטאָדאָלסקיס בעסערע לידער שיינט די זון פון זכות אָבות. דאָס איז געווען דער צוריקגאַנג צום צעקריגטן ייד פון קאָצק, פון גער, פון מאָקאָוו, וואָס זיין זון איז דורך אַלע בלאָנדזשענדיקע ליכטער געוואָרן דער פּאָעט יעקב סטאָדאָלסקי, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ באַשיידענע ירושה פון גוטע לירישע לידער.**

## אַ טייערע ירושה

**דער גרויסער דיכטער י. י. סיגאַל, וואָס איז אַזוי וויטיקדיק־אומגעריכט אַוועק פון דער וועלט מיט זיבן יאָר צוריק, אין עלטער פון 57 יאָר, איז געווען אַ שעפערישער קוואַל, וואָס האָט אין פּרט פון פּאָעזיע אפשר קיין גלייכן נישט צו זיך אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. זיין שעפערישקייט איז געווען אַ וואונדער דערמיט, וואָס דער שפּרודל איז תמיד**

געווען אַ ריינער, אַ קרישטאָלענער. ער האָט געשריבן טויזנטער גוטע לידער און אַרויסגעגעבן דיקע לידער־ביכער. סיגאַל האָט זיך נישט איבערגעחזרט, ער האָט בלויז געשריבן צענדליקער וואַריאַציעס אויף דער טעמע, — ייד, און אומעטום איז דער ייד ביי אים אַרויסגעקומען שיין און פרום און ליכטיק־דערהויבן, אין זיין קליינקייט און עניוותדיקער גאָטפאַרכטיקייט.

י. י. סיגאַלס שעפערישקייט האָט דערמאָנט אונדזערע גרויסע קלאַסיקערס. ער איז געשטאָרבן אין זעלביקן עלטער ווי שלום־עליכם און ווי ער, האָט ער זיך געיאָגט איבערצולאָזן אַ גרויסע ירושה. י. י. סיגאַל איז געווען אַ קאַנאַדער תושב, אָבער אַ צען יאָר פאַר זיין טויט האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז ער איז אַ תושב אין דער יידישער פּאָעזיע, איינער פון אירע אויבנאָן־פּאָעטן, מיט אַן אייביק און אייגן וואָרט און אַן אייגענער מוזיק, וואָס זינגט זיך אַריין אין יידישן לשון מיט אַ קינסטלערישער פשטות און מאַכט פון יעדן יידישן וואָרט אַ דימענט.

גאַנצע ניין דיקע לידער־בענד זענען דערשינען ביי י. י. סיגאַלס לעבן און די שעפערישקייט זיינע האָט געבלענדט. נאָך זיין פּלוצימדיקן טויט האָט אַ קאָמיטעט געהאָלפן אַרויסגעבן אַ באַנד „לעצטע לידער״, וואָס זענען אויסגעקליבן געוואָרן פון הונדערטער, אפשר טויזנטער, נישט פאַרעפנטלעכטע לידער, ווייל י. י. סיגאַל האָט זיכער געדאַוונט לידער דריי מאָל אַ טאָג, ביי אים איז עס געווען אַ טייל פון זיין שטייגער לעבן. קיין זאַך האָט אים אַזוי נישט געשטאַרקט, דורך יאָרן פון דחקות און אַפילו נויט, ווי זיינע לידער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין אַרויסזינגען פון זיך, מיט אַן אייגנאַרטיקן כישוף, וואָס איז אים באַשערט געווען.

י. י. סיגאַל איז אַ צייט לאַנג געווען אַ יידישער לערער, בלויז אין די לעצטע יאָרן האָט ער זיך מפרנס געווען פון אַביסל צייטונג־אַרבעט אין „קענעדער אָדלער״, אָבער גאָר אַ סך יאָרן האָט ער אָוועקגעגעבן די קינדער־שולעס. לאָזט זיך אויס, אַז חוץ זיינע לידער פאַר זיך, האָט ער נאָך געשריבן טויזנטער, יאָ, לייענט טויזנטער, קינדער־לידער. שרייב איך טאַקע די שורות דערפאַר, ווייל פאַר מיר ליגט איצטער י. י. סיגאַלס אַ בוך „לידער פאַר יידישע קינדער״. דער י. י. סיגאַל־קאָמיטעט, וואָס האָט קורץ נאָך זיין טויט אַרויסגעגעבן זיינע „לעצטע לידער״, האָט איצטער דערמעגלעכט, אַז ס׳זאָל דערשיינען דאָס בוך פאַר יידישע קינדער.

דער נחת פון בוך באַשטייט אין דעם, וואָס י. י. סיגאַלס טאָכטער חנה סיגאַל־זאַקוטאַ האָט דאָס בוך אילוסטרירט מיט צוגעפּאַסטע פּאַרקינ־דישטע צייכענונגען, וואָס גיבן איבער גראַפיש די שפּילעוודיקייט פון די לידער.

דערציילט אונדז דער י. י. סיגאַל־קאָמיטעט אין מאָנטרעאָל, אַז די לידער פאַר יידישע קינדער זענען אויסגעקליבן געוואָרן פון טויזנטער קינדער־לידער, וואָס זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט אין קינדער־זשורנאַלן און אין צענדליקער יאָרגענג פון „קענעדער אָדלער", וואָס דער קאָמיטעט האָט פלייסיק דורכגעלייענט און אַרויסבאַקומען פון זיי אַ לידער־בוך פון איבער הונדערט זייטן. די פאַרשפּרייטונג פון דעם בוך האָט אויף זיך גענומען דער בילדונג־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק, און זיין דירעקטאָר זלמן יעפּרויקין.

דער י. י. סיגאַל־קאָמיטעט פאַרזיכערט אין דעם קורצן אַריינפיר, אַז לערער, עלטערן און יידישע קינדער וועלן אַ סך קינסטלערישן נחת שעפּן פון די דאָזיקע לידער, וואָס פּונקט ווי סיגאַלס פּאָעזיע בכלל אין דער יידישער ליטעראַטור, האָבן זיי זייער אייגן אָרט אין דער יידישער קינדער־דיכטונג. אָט די מיינונג איז אַ גערעכטע און נישט אומזיסט האָט די אַלמנה פון פּאָעט, עלקע סיגאַל, געמאָנט, אַז אַזאַ בוך קינדער־לידער זאָל דערשיינען.

י. י. סיגאַל איז אין לעבן געווען לייכט און שפּילעוודיק. ער האָט געשאָטן מיט גלייכווערטלעך און מיט וואָרטשפּיל. דאָס איז ביי אים געווען אַן אָפּרו אַזאַ, אַן אַנטשפּאַנונג פון דער טאָג־טעגלעכער אַריינגעטוענקייט אין דער פאַרטיפונג פון זיין ליד, וואָס האָט כסדר געזוכט אַן ענטפער אויף דער פראַגע פון ייד אין דער וועלט, נישט נאָר אַן ענטפער, נאָר ממש אַן אָרט פאַר דעם ייד אין דער וועלט. זיינע קינדער־לידער זענען געווען אַ טייל פון זיין טעגלעכער פּרנסה און חיונה. אָבער די לידער פאַר די קינדער האָט ער נישט אויסגעהאַרעוועט, נאָר אויסגעשפּילט.

י. י. סיגאַל האָט ליב געהאַט קינדער. ער פלעגט דערציילן פריילעכע מעשיות וועגן קינדער, נישט נאָר פון זיין שולע, נאָר אַפילו פון הויז וואו ער האָט געוואוינט און פון ראָג־גאַס, וואו די קינדער האָבן זיך געשפּילט. זיינע לידער פאַר קינדער זענען דערפאַר אַ טייל פון י. י. סיגאַלס שפּי־לעוודיקייט, אָבער זיי זענען מער ווי דאָס, זיי זענען טאַקע בפירוש, לויט

דעם באַרעכטיקטן נאָמען פון בוך — לידער פאַר יידישע קינדער. אַ גע־שאַנק, אַ מתנה די יידישע קינדער, אָפּגעשפּאָרט פון די פאַרנומענע שעהן ווען ער האָט געשריבן לידער פאַר זיך און פאַר דעם דערוואַקסענעם ייד.

ס'איז פאַראַן אַ גייסטיקע ענלעכקייט צווישן סיגאַלס לידער און זיינע בייטראַגן פאַר קינדער. אין זיין פּאָעזיע האָט ער געזוכט דעם ייד צו מאַכן פרימער, בטחונדיקער, אָבער קלענער, אַז ער זאָל זיך קאָנען אַן אומבאַמערקטער פון שונאים, לעבן זיין יידיש לעבן, אַרומגערינגלט פון שלעכטע און שפּיזלדיקע אויגן.

די קינדער־לידער זיינע זענען לידער פאַר קליינע יידעלעך, ווי סיגאַל האָט זיי תמיד געזען, דעמאָלט ווען ער האָט אין זיי איבערגעוואָלט אַריינ־געקנעלט יידיש לשון און יידישע געדאַנקען.

די לידער פאַר קינדער זענען איינגעטיילט אין זיבן בינטלעך. אין ערשטן בינטל זוכן די גראַמען אַ לייטישע היים

זענען געגאַנגען
צוויי לייטישע גראַמען,
אַזוי ווי די הענער
מיט גאָלדענע קאַמען.
זיי זענען געגאַנגען
טריט ביי טריט
זוכן אַ וואוינונג
פאַר זיך אין אַ ליד.

די אַרויסגעבערס זענען אויך זייער גערעכט, ווען זיי ווייזן אָן אויף אַן אונטערשייד צווישן קינדער־לידער, לידער וועגן קינדער און לידער פאַר קינדער, אָבער מען מעג צוגעבן, אַז י. י. סיגאַל האָט ביי דער גאַנצער שפּילעוודיקייט, נישט באַצויגן זיך מיט גרינגשעצונג צו זיינע קינדער־לידער. דאָס היטל ביים פעטער יוסע האָט — „ווי אַ פויגל זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטייגל, זיך געשטעלט אויף יוסעס אויער און ער צוויטשעט פרייד און טרויער". דאָס אויסגעמאָלטע קעלבעלע אויפן טעלער איז מחיהדיק גראַציעז, „בייגט דאָס קעלבעלע איין דעם קאָפּ און טשיפּעט דאָס גראָז דאָס זיסע אָפּ".

איך און קעלבעלע
עסן מיר באַנאַנד,
פונעם ווייסן טעלערל
ווי פון דער מאַמעס האַנט.

און אָט איז אַ ליד פון אָרעמקייט. צוויי טרויעריקע קינדער־שיכעלעך זענען געבליבן נישט אָפּגענומען. די אָרעמע שכנה האָט נישט אויסגע־לייזט די טרויעריקע שיכעלעך ביים שוסטער. פאַרגעסט נישט י. י. סיגאַל דעם גרויסן פּאָעט פון יידישער אָרעמקייט, אברהם רייזען, און ער גראַמט אים אַריין אין זיין ליד —

האָט געקלאַפּט דאָס העמערל
טשוועקעלעך פון אייזן,
אַזוי ווי אינעם לידעלע
פון אברהם רייזן.

סיגאַלס לידער פאַר קינדער זינגען זיך פריילעך און זיי שאַפן גאַנצע פּערסאָנאַזשן.

מיר האָבן אַ פעטער, אַ גרויסן
רופט מען אים שמחה הגדול
קומט ער צו משפּחה זיך פרייען
עסן דאָרט לעקעך און שטרודל.

טוט ער זיך נאָר דערוויסן
אַז מ׳האָט אַ לעקעך געבאַקן,
קומט ער צו לויפן פאַרסאַפּעט,
קייט ער אויף ביידענע באַקן.

און אָט איז אַ פערז וועגן יידישע יתומים. דער פּאָעט י. י. סיגאַל ווערט ערנסט און ער האַלט, אַז מ׳דאַרף יידישע קינדער עפּעס לערנען.

אַלע יידישע קינדער — אייגן,
קיין פרעמדס איז גאָר נישטאָ,
קוק אַריין אין זייערע אויגן —
ס׳איז דאָס גאַנצע פאָלק דאָרט דאָ.

דיין ברודער און דיין שוועסטער,
דיין זיידע און — דיין פריינד.
דורך די קליינע אויגן־פענצטער,
קוקט אַרויס אַ פאָלק פאַרווייַנט.

**י. י. סיגאַל איז געוואָרן גאָר־גאָר יום־טובדיק אין זיינע יום־טוב־לידער.**

וואָס איז אין דער הגדה דאָ?
נו, גיי, נו, צא ולמד,
פאַראַנען פון כל טוב אין איר.
כמעט אויף איטלעך בלאַט.

נישט נאָר צו לערנען אַ סך,
צו זינגען אָן אַ שיעור,
צו עסן און צו טרינקען און —
אַלצדינג איז דאָ ביי איר.

**און דאָס פסחדיקע ליד פאַרענדיקט זיך מיט דעם ציגעלע, וואָס וואַרט, „אַז יאַנקעלע זאָל איינדרימלען ביים סדר אָנגעשפּאַרט".**

**י. י. סיגאַל האָט באַשאָנקען אַלע יידישע ימים־טובים מיט שיינע לידער און מיט שיינע יידישע רייד. אינמיטן אַ ליד וועגן דער סוכה צעזינגט ער זיך פלוצים —**

שטייט דאָס פלעשל ווין לקידוש,
אַלע הערן פּרוס זיך איין;
האָט דען אויך נישט אונדזער יידיש
דעם געשמאַקן טעם פון וויין,
איבער וועלכן דורות, דורות
מאַכן קידוש פאַר די ליכט?
לייכטער — איביקע מנורות —
זאָל געבענטשט און אויפגעריכט
אונדזער מזל אַזוי ווערן,
און מיר זאָלן אומעטום,

גאָט, דיין גרויסן קידוש הערן
אויף דער גאַנצער ערד אַרום
וואָס איז אויך אַזאַ מין סוכה,
ציטערט און זי האַלט זיך פעסט.
אומרואיק די אויגן קוקן
דורן די שפּאַרעס אויף די געסט.
פריער דער נביא אליהו —
און דערנאָך? משיח אַליין —
גאָלדענע פונקען, גרינע בלויע,
פלאַנטערן זיך אין סכך אַריין.

איר וועט אפשר זאָגן, אַז ס׳איז נישט קיין קינדעריש ליד, נישט קיין קינדיש ליד, און איר וועט זיין גערעכט, ס׳איז אָבער בפירוש אַ ליד פון די לידער פאַר יידישע קינדער, וואָס י. י. סיגאַל האָט איבערגעלאָזט — לקידוש, אַז יידישע קינדער זאָלן כאַפּן דעם טעם פון יידישע רייד מיט אַ העברעאישן אַנשפּאַר. קלוגע יידישע קינדער וועלן אַוודאי, אין אונדזער היינטיקער עפּאָכע, פאַרשטיין דעם פאַרגלייך פון אונדזער וועלט „וואָס איז אויך אַזאַ מין סוכה, ציטערט און האַלט זיך פעסט".

1961

## ישראל עמיאָטס לידער

ישראל עמיאָט, אַ פיל געפּרואווטער דיכטער, האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער און זיך מיט זיי פאַרגעשטעלט פאַר אַמעריקאַנער חברים, וואָס טייל פון זיי האָבן בלויז געהערט פון אים און אַנדערע קענען אים און געדענקען אים פון אַמאָל און ווייסן וויאַזוי אים צו פאַרבינדן מיט זיינע ערשטע פרומע לידער, ווען ער איז דערשינען מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק, מיט זיין פרומען הולך פריש פון דער ישיבה.

כ׳האָב בכיוון געזאָגט אַ פיל געפּרואווטער דיכטער, ווייל אויך דער דיכטער איז דורכגעגאַנגען פאַרשידענע נסיונות און עקזעקוציעס; אויך

דער דיכטער און נישט נאָר דער מענטש איז געווען אַ קרבן, וואָס האָט געמוזט גוט וואַכן איבער זיינע אייגענע געשריבענע שורות. ס׳איז אַן אמתע אינקוויזיציע, אַפילו ווען מען פועלט שוין ביי זיך נאָכצוגעבן, ווייל מען מוז דאָך אין דעם אונטערגעבן זיך אַריינגעבן מוזיק, מיין און אָרדענונג און סימולירן דעם אמת, כדי די פאַלשע שטעך זאָלן נישט אינגאַנצן פאַר־ליגנערן דעם טאַלאַנט.

מיר זענען נישט באַקאַנט די לידער וואָס ישראל עמיאָט האָט פאַר־עפנטלעכט אין סאָוויעט־רוסלאַנד, אָדער אין בירא־בידזשאַן, און ווי ער האָט פאַר זיך דערוואָרבן זיין ביסל דערשראָקענע זיכערקייט; אויף וועל־מענס חשבון ער האָט געמאַכט קאָמפּראָמיסן — אויפן חשבון פון דעם אינערלעכן פּאָעטישן אמת, אָדער אויפן חשבון פון זיין אייגענעם איינ־געבראָכענעם טאַלאַנט. מיר דאַכט זיך, אַז עמיאָט האָט אין סאָוויעט־רוסלאַנד נישט פאַרנומען קיין צו־שטאַרקע פּאָעטישע פּאָזיציע און אַז זיין נאָמען איז נישט געשטאַנען אונטער קיין שווערער אויפזיכט. ער האָט דערפאַר נישט געמוזט זיין דער צושטעלער, וואָס האָט באַדאַרפט, פון די ערשטע, היטן די זיגזאַגישע ליניע. ס׳וואָלט דערפאַר אפשר אינטערע־סאַנט געווען צו לייענען, וויאַזוי ער האָט באַוויזן אָפּצוהיטן דאָס פּאָעטישע נפש, ביי די ביטערע אומשטענדן, נאָכאַלעמען איז די גאַנצע סאָוויעטישע ליטעראַטור אַ וויכטיקער עטאַפּ אין דער געשיכטע פון יידישן וואָרט. ליכטיקער טאַלאַנט האָט זיך געמוזט דורכקליגן און געפינען אַן אויסוועג, ווי אָפּצוהיטן דאָס בלייבעוודיקע וואָס זאָל זיך איינקויפן אין אייביקייט און ס׳זאָל געפינען אַ זכות פאַר זיך איבער אַלערליי קאָמפּראָמיסן.

איך געדענק בלויז געציילטע לידער, וואָס עמיאָט האָט פאַרעפנטלעכט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. כ׳האָב אויך געלייענט און געשריבן וועגן זיינע ביטערע תפיסה־יאָרן, ווי ער האָט זיי פאַרצייכנט אין זיין בוך וועגן בירא־בידזשאַן, וואָס האָט אונדז געגעבן קנאַפּ בירא־בידזשאַן, אָבער אַ סך אומעמאַציאָנעלע, און אפשר דערפאַר טאַקע שטאַרקע ווירקעוודיקע איינדרוקן פון יענע יאָרן, ווען דאָס יידישע וואָרט איז מערדעריש פאַר־שטומט געוואָרן. דאָס בוך לידער וואָס דער ראַטשעסטער קולטור־ראַט האָט, מיט דער הילף פון יחידים, אַרויסגעגעבן, הייסט — „אין ניגון איינגעהערט" און איז גלייך אַ באַוואָרעניש, אַז מען זאָל נישט דערוואַרטן

קיין שטאַרק רעדעוודיקע, אָדער זאָגערישע לידער, נאָר בלויז די מעלאָדיע פון דערפאַרונגען — בלויז דעם ניגון.

אַזוי לאָזט זיך דער נאָמען פון בוך טייטשן. דווקא ווייל מען ווייסט ווער ס׳איז דער דיכטער און מען דערוואַרט צו עפענען דאָס בוך און הערן געזאָגטע לידער, הערן שטאַרקע ווערטער פון אַ צעוויטיקט לעבן, פון אַ גרויסן געראַנגל און אָנווער, איבערברוך און אַנגעיאָגטער אינקוויזיטאָר־רישער אויפמאָן, פאַרלויפט אונדז דער דיכטער דעם וועג מיטן נאָמען פון בוך און ער וויל, אַז מיר זאָלן זיך איינהערן אין ניגון פון אַלץ, וואָס איז פאַרלאָפן. אפשר דערפאַר, ווייל דער פּאָעט האָט נאָך נישט געפונען די פּאָעטישע גבורה זיך צו פאַרמעסטן מיט זיינע איבערלעבענישן, אָדער זאָל עס זיין, אַז דאָס איז דער וועג, וואָס עמיאָט האָט פאַר זיך אויסדער־ווילט — צו געבן בלויז דעם ניגון, דעם פלאַטער פון רייד, דעם אימ־פּרעסיאָניסטישן אויפזינג.

פון ישראל עמיאָטס בוך, נאָכדעם ווי מען הערט זיך גוט איין אין דעם ניגון פון זיינע רייד, גייט מען אַוועק מיטן איינדרוק, אַז עמיאָט איז אַ סך אַ גרעסערער פּאָעט אין פּאָטענץ, ווי ער באַווייזט זיך אין זיין ערשטן בוך לידער, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן ביי אונדז אין אַמעריקע. ס׳זענען אין דעם בוך גופא פאַראַן געננוג לידער, וואָס פאַרשטאַרקן דעם איינדרוק, אַז דער פּאָעט האָט אונדז נישט געגעבן זיינע בעסטע און טיפסטע לידער, אַז ער האָט זיך צופיל פאַרלאָזט אויף דעם ניגון. ווידעראַמאָל קומט מיר אויס צו זאָגן, וואָס כ׳האָב שוין עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז ס׳איז אַ צו לייכטער צוגאַנג און גאַנץ אָפט אַפילו אַ פאַלשער צוגאַנג צו אַ פּאָעטס לידער, דורכן טירל פון דעם נאָמען פון בוך, וואָס איז דעם פּאָעט אפשר גאַנץ צופעליק איינגעפאַלן. אָבער אין דעם פּרט, ווען מען לייענט אַדורך עמיאָטס לידער אין די פיר אָפּטיילן, מוז מען קומען צום אויספיר, אַז דער פּאָעט האָט נאָך פאַר אונדז נישט געעפנט דאָס בוך פון זיינע לידער. דערווייל האָט ער זיך באַנוגנט מיט דעם איינגעהערטן ניגון, וואָס ער האָט אַרויסגעהערט, אין דעם דורכפלאַטער פון אַ לעבן, וואָס מיר האָבן דווקא געוואָלט בעסער און נענטער באַנעמען.

ווען נישט דער ערשטער אָפּטייל, וואָס הייסט „סיביר" און וואָס פאַרנעמט וויניקער פון אַ פינפטל פון בוך, וואָלט מען אפשר נישט געפרעגט קיין קשיות און מען וואָלט גלייך מושווה געוואָרן מיטן געדאַנק,

אַז מיר האָבן פּאַר זיך אַ מיטלמעסיקן פּאָעט, ביי וועמען ס׳איז נישט שייך צו מאָנען און פאָדערן. אָבער די סעריע „סיביר״ לויכט מיט אַזויפיל צוזאָג, אַז די ווייטערדיקע לייכטע „ראָמאַנצערן״ אַנטוישן און ס׳ווילט זיך שטאַרק באַשטיין אויף דעם פּאָעטס אייגענעם געהויבענעם סטאַנדאַרט פון די ערשטע לידער אין בוך.

אין דער ערשטער סעריע איז דעם פּאָעט געלונגען צו שאַפן אַ מוזי־קאַלישן שידוך מיט רייד, וואָס קריצן זיך איין אין זכרון און וואָס זענען אויף דער הויך פון דעם פּאָעטס אייגענע ביאָגראַפישע יסורים. ס׳איז נישט נאָר דער נאָמען פון דער סעריע „סיביר״, נאָר שורה נאָך שורה איז דעם פּאָעט געראָטן פאַר אונדז צו עפענען די פאַרגאַנגענהייט, בלע־טערנדיק די טאָג־טעגלעכקייט אין סיביר. אַלץ איז טיף־אמת, די פרומע יאָרן זענען מגין אויף די פאַרפרוירענע טעג און די פרומע געשטאַלטן מיען זיך און קומען אָנוואָרעמען לעטאַרגישן שלאָף.

שוין גלייך דער סימפּאָנישער אָנהויב פון די פערצן־שורהדיקע סאָנעט־מעסיקע לידער — „מיין חלום גראָבט אַלץ טיף די שיכטן פון מיין קינדהייט״, עפנט פאַר דעם לייענער אַ קליין טירל צו אַ צעטראָטן לעבן, וואָס ווערט אונדזערס און מיר דערוואַרטן דעם גרויסן חשבון הנפש און חשבון הגוף, וואָס די ווייטערדיקע לידער פון דער סעריע גיבן אונדז טיילווייז. ס׳איז אַ טרויעריקער חשבון, וואָס עמיאָט דריקט אויס מיט צוויי געדענקלעכע שורות —

אַזויפיל וועגן פון מיר צו מיר,
ווי פון פוילן קיין סיביר.

„פון מיר צו מיר״ — דער פּאָעט נעמט זיך אויפן צימבל און ער וואַרפט אַ בליק אויף דעם אָפּלויף פון אַ וועג, אויף דעם מרחק פון פוילן קיין סיביר. די לופט הויבט אָן שמעקן אויף צוריק מיט חול המועד. ס׳שיינט־אויף אַ ליכט „ווי מעד געבראָקט מיט ניס״; מוזיק, בילד, געזאָגטע רייד, ניגון, אַלץ איז צוזאַמענגעזונגען אין אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן פון אַ דיכטער, וואָס זוכט זיך אין נשמה־פאַרפרוירנקייט.

דאָ, אין דער סעריע, הערן מיר אַזעלכע רייד, אַז „געווען אַ מענטש און איז געוואָרן וואָרעם״. עמיאָט האָט נישט קיין מורא צו זאָגן אַזעלכע נאַקעטע רייד; ער שרעקט זיך נישט, אַז ער וועט איבעפּירן דעם ניגון.

**פאַרקערט, דער פּאָעט גייט מיט זיכערע טריט און ער שפּאַנט דורך אַ טיפן פאַרשנייטן חלום צו „אַזאַ מין שבתל בייטאָג".**

ביים ים פון שניי, ווי ביי תשליך פון די טאַשן,
איך וואַרף די זינד און קען זיך נישט דערוואַשן:
נאַ דיר אַלץ, נאַר גיב מיין שבת אָפּ.

**דער פּאָעט זינגט מיט אַ קלאָר קול און ער רופט אָן זאַכן ביים נאָמען, „נאָר דער גזלן האָט אַלץ באַרויבט מיך קודם". דער גזלן איז אפשר נישט קיין ניגונדיק וואָרט, אָבער דאָס ליד ווערט נישט אָן זיין מוזיקאַלישקייט אַפילו ווען דער גזלן איז נישט קיין לעגענדאַרישער, נאָר אַ היינטצייטיקער.**

**פאַרן פּאָעט דערשיינען אין זיין סיבירער חלום דער אָסטראָווצער רבי, אַ סך יידן „וואָס זענען שטיקער הימל אויף דער ערד", ספרים מיט רש"י־כתב. אין גיהנום דרייט זיך אויך אַרום גאָט. מען קומט אָפּ פאַר די (ביאָגראַפישע!) זינד און דער פּאָעט ווייסט, אַז —**

דער בלאָט איז שוין אָפּגעפליקט פון בוים,
ליגט אין רינשטאָק און באַוועגט זיך קוים.

**ישראל עמיאָט האָט אַפילו נישט קיין מורא פאַר אמתע רעאַליסטישע נעמען —**

משה בראָדערזאָן וויקלט ווי באַנדאַזשן אויף די וואונדן זיינע וויצן.

**דער ליובאַוויטשער חסיד, ר' אברהם חיים, וואָס איז געזעסן אין סיבירער לאַגער, איז אויך אַן אמתער ייד און אַלע בילדער מיטן גאַנצן קפיצת החלום ווערן פאַראמתט.**

פון מעזשביזש ביז לענאַ מי יודע ווי ס'איז זוייט,
ר' אברהם חיים דערנענטערט דעם שטח און די צייט.
כאָטש גרויזאַם פאַרכטיק לאָזט אַראָפּ זיך סיבירער דעמער,
הערסטו אַ מעשה: דער בעל־שם פלעגט פאָרן אויף יאַרידים
מתקן זיין נשמות און דו ביסט אַ חסיד פון די חסידים,
און דער ווינט ווערט אַ זמר.

**אָט־די לידער פון „סיביר" באַשטעטיקן אונדזער רעכט צו מאָנען פון פּאָעט נישט נאָר לידער איינגעהערט אין ניגון, נאָר איינגעהערט אין ווערטער, ווען מ'קאָן מאַכן שלום מיטן אייגענעם צווייטיקן אמת, ווען מ'קאָן אויסשרייען צו גאָט —**

האָסט מיך געשאָלטן מיט אַזוי פיל פּרואוו,
שטאַרק מיר דאָס געוויסן.

**ישראל עמיאָט איז נישט בלויז מעטריש־מוזיקאַליש, נאָר ער איז אויך אַ טיף מוזיקאַלישער מענטש און גוטער געדענקער און אָפּשאַצער פון מוזיק. אַפילו ווען ער גיט־אויף די קאָנוועציע פון אַן ענג־געצאַמט ליד, ווייסט ער ווי עס אויסצוזינגען. אַזאַ ליד איז זיין — „אַ תפילה פון אַ מענטש אין שניי", וואָס איז פול מיט שניי און מאַכט דאָך אַ טיפן מאַלערישן איינדרוק —**

ס'איז היינט קיין בלוט־פלעק נישטאָ אין שניי,
מ'האָט קיינעם נישט געשאָסן, איז שניי און שניי.
אַרום דיר — שניי.
אין דיר — שניי,
ווייס צו ווייס.

**דאָס ליד דערזינגט זיך צו אַ שנייאיקן מאָנאָטאָן —**

דאָס טאָגל ציילט ווי אַ קינד
ביז צוויי:
איינס — שניי,
צוויי — שניי,
שניי,
שניי.

**די סעריע צייכנט זיך אויס, ווי פריער געזאָגט, מיט ביאָגראַפישער קלאָרקייט און מיט קאָנען פאַרמשפּטן זאַכן מיט אַרויסגעזאָגטע רייד, נישט שטערנדיק די האַרמאָניע פון די לידער.**

טאָ העלף אים, דעם שוואַכן, העלף אים, גאָט,
ער זאָל צו אַ מענטש זיין געגליכן.
מ'האָט אים באַשפּיגן די וועלט, טאָ זאָל ער צו דיר
אויף אַלע פיר כאָטש דערקריכן.

**אָדער אַזעלכע שורות „פון לעבן אַנטנומען", נישט געקוקט אויף אַ פּוילישן גראַם —**

דערעסן דאָס אייביקע אין ריי גיין, אין ריי גיין,
און ס'איז גאָר אַ ברכה: מיט די פיס צום טיר,

אַז כ'האָב שוין פאַרגעסן צי דאַרף איך אויף צווי גיין
צי גאָר ווי אַ בהמה, קריכן אויף פיר.

די לידער אין די ווייטערדיקע דריי סעריעס — „פון פריער און שפּעטער", „צוריקוועגס", „אַלט לובלין און אַנדערע לידער" זענען געטריי צום נאָמען פון בוך. זיי זענען בלויז ניגונדיקע: אַ סך שיינע און אָריגינעלע שורות, וועגן האַרבסט, גאָט, מאַמע, פרוי, היים. זיי זענען אָבער צו לייכט אויף דער וואָג. דער דיכטער פאַלט אָפּט אַריין אין געקינצלטקייט, ווי — „מיר וועלן שטיין און ציען די היט פון אונדזערע געמיטער", אָדער אין אַזאַ דערעסלעכער מוזיקאַלישקייט ווי —

אַ פאַרליבטן,
אַ באַטריבטן,
באַרוישטן,
אַן אַנטוישטן,
אַליין אַליינענדיק,
וויינענדיק.

די לידער פון אַלט לובלין פאַרמאָגן אַוודאי אויך שיינע שורות, אָבער זיי זענען צו־אויבנאויפיק, נישט פאַרטיפט גענוג. לובלין איז נישט נאָר געווען — „געסלעך, שמוץ, געשטאַנק און קלעפּיקייט", נאָר האָט אַפילו אין 1938 פאַרמאָגט גענוג ליכט און איז געווען אַ סך שענער — ווי „איבער־געקערטער אינגעווייד, ראַפּיק שוין אין בראַנד".

אונטערן איינדרוק פון די לידער אין דער סעריע „סיביר" מוז מען מאָנען ביים דיכטער זיין פולע אויסגעזונגענע און אַרויסגעזאָגטע אָריגי־נאַליטעט. דאָ, ביי אונדז אין אַמעריקע, זענען מער נישטאָ די צאָמען וואָס זאָלן שאַפן פאַר אים די אינקוויזיציע פון וואָרט — ער מוז דערפאַר אַרויסבאַפרייען פון זיך זיין פול ליד. אַז דער פּאָעט ישראל עמיאָט קומט אונדז וויזן זיין פּנים, אין מוזיק, בילד און וואָרט, זעען מיר אויך אין אַ ליד, וואָס ער האָט נישט לאַנג צוריק פאַרעפנטלעכט אין „קעמפער", שוין ווי אַ מין פאָסטסקריפּט צום נאָר־וואָס דערשינענעם בוך לידער.

ס'טרעפט, אַז אויך אין אַב פאַלט אַזוי צו די נאַכט —
ווי אַ ליילעך אויף אַ גוסס פּנים;
ס'האָט פרי ווער האַרבסט געמאַכט, פון זייערע קברים

שרייען בלומען אַרויס: מיר לעבן דאָך נאָך!
און די וועלט איז פול געוויין ווי אויף אַ שווערן בראָך,
ווי קוילן פאַלן פייגל פון אַלע צווייגן אַראָפּ.
אין אַזאַ נאַכט צילט די וועלט זיך אין איר אייגענעם קאָפּ,
שוואַרצע טייכן רינען פון אירע שלייפן.

אָט־דער געפּרעסטער אויסדרוק איז אין ניגון, אָבער אויך טיף אין וואָרט איינגעהערט.

1961

## „די עגונה" פון חיים גראַדע

ר׳ לוי הורוויץ, דער מחמיר, וואָס טרעט אַרויס מיטן האַרבן דין און מיט זיין גאַנצן כוח קעגן דעם רב דעם מקיל, ר׳ דוד זעלווער, דעם פאַלאַצקער דיין, וואָס האָט יאָ אויפגעבונדן אַן עגונה, דערגייט אין חיים גראַדעס נייסטן פּראָזע־ווערק — „די עגונה" — צו משוגעת דורך זיין פאַרעקשנטער רשעות. דער רב, דער מקיל, רופט ר׳ לוי הורוויצן נישט אַנדערש ווי — רוצח; און ווי דער מחבר זאָל נישט וועלן באַהאַלטן זיינע אייגענע אָפּגעמאַכטע מיינונגען, זעט מען קלאָר, אַז ער שטעלט זיך אויפן צד פון דעם מקיל, דעם פאַרגרינגערער, וואָס וויל וויזן, אַז די יידישע אמונה איז פריי פון אכזריות. ביים מחבר רייסן זיך אַרויס אויסדרוקן, אין דעם קאַמף צווישן די רבנים, וואָס זאָגן אונדז קלאָר, אַז גערעכט איז ר׳ דוד זעלווער. ער טריאומפירט צום סוף פון בוך. גראַדע באַלוינט אים אויך דערמיט, וואָס אים האָט עס דער מחבר אויסגעקליבן ווי דעם ריינעם נשמה־געליבטן פון דער עגונה, שוין אפילו נאָכדעם ווי זי האָט חתונה.

ברענג איך דאָס אַלץ ווי אַ באַווייז, אַז אויך חיים גראַדע איז נישט פריי פון פאָראורטייל, כאָטש אין זיין הקדמה קריטיקירט ער די „משכיליש־נאַאיווע" און „קינסטלעריש־פּרימיטיווע" שילדערונגען פון „גוטע" און „שלעכטע" רבנים. ביי גראַדען איז פאָרט אַרויסגעקומען אַ גוטער רב אַ

מקיל, אַנטקעגן דעם מחמיר, וואָס רופט אויס גאַנץ קלאָר — „פאַר מיר וועט ער מוזן האָבן דרך־ארץ, איך וועל אים רודפן עד חרמה". דער לייענער מוז גלייך פאַרלירן זיין דרך־ארץ פאַרן רב וואָס רודפט. דער מקיל ווערט אומאויפהערלעך געשילדערט ווי אַן איידעלער מענטש און זיין מענטשלעכער רחמנות איז אַ סך טיפער און וואַרעמער, ווי דער פּוסקים־באַוואָפנטער ר' לוי הורוויץ, וואָס דער מחבר זאָגט אונדז אונ־טער, אַז אַלץ וואָס ער טוט ווערט אונטערגעטריבן דורך זיין ביטער לעבן, פון צוויי משוגעים אין זיין הויזגעזינט, דאָס ווייב און די טאָכטער. זיין האַרבקייט קומט, הייסט עס, נישט פון אַ ריינעם קוואַל.

חיים גראַדעס בוך „די עגונה" ווערט אויפן שער־בלאַט אָנגערופן ראָמאַן, אָבער ס'איז ווייט פון אַ ראָמאַן, ווייל די גאַנצע לופט פון ווערק איז נישט קיין קינסטלערישע. חיים גראַדע, דער פּאָעט, וואָס האָט אַריינ־געאָטעמט זיין שטאַרקן פּאָעטישן כוח אין זיינע פריערדיקע פּראָזע־ווערק, איז אין דעם בוך פּאָעטיש נישטאָ. עס איז דאָס שוואַכסטע ווערק זיינס, און ווי אַ באַוואונדערער זיינער, איז מיר באמת שווער צו שרייבן וועגן דעם, דער עיקר מיט דער אָפנהאַרציקייט, וואָס אַ בוך פון אַזאַ רייפן קינסטלער פאַרדינט.

ווען חיים גראַדע וואָלט אונדז נישט געווען געגעבן „דער מאַמעס שבתים", אָדער די לענגערע דערציילונגען פון „שול־הויף", וואָלט מען אויפן סמך פון „די עגונה" געקומען צו זייער טרויעריקע אויספירן וועגן גראַדעס בעלעטריסטישע כוחות. „די עגונה" איז זייער אַ פּרימיטיוו ווערק, געשריבן אין אַן אָרעמען סטיל, וואָס דערמאָנט די ערשטע טריט פון אונדזער העברעאישער און יידישער השכלה־ליטעראַטור. דער אויס־דרוק „משכיליש־נאַאיוו" איז פּונקט אַזוי צוגעפּאַסט צו דער עגונה, ווי צו „עיט צבוע", צו אַ „הנדחת", אָדער צו אייזיק מאיר דיקס אַ לענגערער ווילנער דערציילונג. דיקס אַ דערציילונג פאַרמאָגט כאָטש דעם חן פון אָנהויבערישקייט, אָבער גראַדעס „די עגונה" איז נישט מער ווי אַ טרוקע־נער לומדישער טראַקטאַט (אויפן שפּיץ־מעסער), אַרומגעוויקלט מיט אַ זיפּץ־מעשה. דער טראַקטאַט איז אָבער אויך אַן אויבנאויפיקער. דער מקיל, וואָס גיט אַרויס אַ היתר דער עגונה פאַרלירט די קורצע דין־תורה, ער איז זיך סומך בלויז אויף איין שטאַרקער פּלייצע פון אַ פּוסק, אָבער

די רבנים באַוואָרפֿן אים מיט אַנדערע פּוסקים און זיי געלינגט זייער גרינג צו ווייזן, אַז דער דין איז אויף זייער זייט און זיין פּסק הינקט אונטער.

די גאַנצע אָנגעאַרבעטע טראַגעדיע איז קיין טראַגעדיע נישט. די עגונה, מערל די נייטאָרין, האָט זיך שוין געהאַט צוגעוואוינט צו איר עגונהשאַפֿט. ס׳איז אויף איר קיין רחמנות נישט. זי האָט אַפֿילו חתונה קעגן איר ווילן, מיט אַ שלימזל אַ מאַן, דער ערגסטער זיווג, וואָס דער מחבר האָט פֿאַר איר געקאָנט אויסטראַכטן. ווען דער מקיל דער רב האָט זי באַפֿרייט, האָט ער זי ערשט שלימזלדיק געבונדן הענט און פֿיס.

ווען מען טרעט אַריין אין דער געדיכטעניש פֿון ווערק, רייבט מען זיך די אויגן און מען פֿרעגט זיך, צי די פֿינצטערע און קלעפּיקע בלעטער פּראָזע, האָט טאַקע געשריבן חיים גראַדע, צי האָט ער אונדז געגעבן די רויע קאַפּיטלעך, וואָס מאַכן דעם איינדרוק, ווי מען וואָלט זיי אַרויסגע־גומען פֿון אַ פֿאַרצייטיקן יידישן ראָמאַן, אָבער אָן חן פֿון סטיליזאַציע. ס׳קלינגט בפּירוש ווי אַ פּאַראָדיע, נאָר ס׳פֿעלט דער הומאָר פֿון פּאַראָדיסט. אגב, איז אין דעם ווערק נישטאָ קיין ברעקל הומאָר, אַ חוץ בייזקייט און רשעות. ס׳רעדט זיך אַזוי רשעות. גראַדע שטעלט אויף אַן אמתן סדום. ווען מען זעצט חלילה איבער אַזאַ ווערק אויף אַ פֿרעמד לשון, וואָלט עס יידן געגעבן אַ שיין פּנים. די גאַנצע מחלוקת איבער דער עגונה, וואָס האָט דעם היתר געדאַרפֿט ווי אַ לאָך אין קאָפּ, ווערט אייגנטלעך אויפֿגע־בלאָזן מיט דער הילף פֿון אינטריגאַנטישע נעצן, וואָס מען דאַרף זיין אַ בריה זיי אויסצוטראַכטן; און ערשט ווען מען טראַכט עס אויס, קלינגט עס אומנאַטירלעך און קינדיש־הילפֿלאָז, און מען פֿרעגט זיך פֿון וועלכן אַרסענאַל האָט עס דער מחבר אויסגעגראָבן.

וואו האָט עס גראַדע דערטאַפּט אַזעלכע „פּערפֿעקטע" רשעים? און אויב ער האָט זיי יאָ אַמאָל געטראָפֿן אין לעבן, פֿאַרוואָס האָט ער זיי נישט אַביסל קינסטלעריש צוגעפּוצט, אַז זיי זאָלן נישט זיין אַזוי „שורקיש", ווי אין די ריכטיקע ווייס־און־שוואַרץ ראָמאַנען. פֿאַראַן גאַנצע קאַפּיטלעך, וואָס זינקען ממש ביז שונד. דאָס קאַפּיטל „אין דערוואַרטונג" הויבט זיך אָן מיט אַזאַ טרוקענער „האַמלעטישער" פֿראַגע, וואָס די עגונה שטעלט זיך — „אָפּגעבן זיך מאָריצן?". מאָריץ איז דער כלב וואָס האָט דער עגונה נעבעך פֿאַרצאַפּט דאָס בלוט. ער איז אַן אונטערוועלטניק, אָבער מערל פּוצט זיך אויס פֿאַר אים, טוט זיך אויס ביסלעכווייז, דערפֿירט אים ביז

צום בעט און — פלעט אים דעם מוח מיט אַ פלאַש משקה, פון וועלכער די ערלעכע מערל און אומגעניטע טרינקערין האָט נאָר־וואָס געזשליאָקעט.

מיט טיפן באַדויערן מוז איך זאָגן, אַז כ׳האָב אין בוך נישט געפונען די מינדסטע באַרעכטיקונג, פאַרוואָס אַזאַ וועלט־באַרימטער יידישער פּאָעט זאָל אַרויסלאָזן אויף דער ליכטיקער שיין אַזאַ טויט־געבוירן אָבער דורכאויס אויפרעגנדיק ווערק. איך שרייב שאַרף, ווייל כ׳וואָלט נישט געוואָלט, אז חיים גראַדע זאָל זיך לאָזן פאַרדרייען דעם קאָפּ, אַז די „עגונה" איז אַ קינסטלערישע דערגרייכונג.

אַלע יידן גראַדעס אין „די עגונה" זענען אָפּשטויסנדיק, גייסטיק און פיזיש, מיטן אויסנאַם פון דעם רב דעם מקיל, וואָס דאַרף כאַראַקטעריזירן אַלדאָס גוטס און דעם איינציקן בעל־רחמים אין סדום ועמורה.

גראַדע ווייסט נאָך נישט אין דעם רויען ווערק, וויאַזוי פּראָפעסיאָנעל צו שילדערן זיינע העלדן, ריזיקירט ער נישט און ער טוט עס גלייך ווי ער שטעלט פאָר זיינע ווילדע מענטשן, זיינע יידישע באַרבאַרן. ער וואַרט נישט קיין איין רגע, נאָר ווי נאָר ער גיט עמעצן אַ צי ביים שטריקל, גיט ער אים גלייך אַ שילדער־אָפּ פיזיש. דער מורא־הוראה פון גלעזער־גאַס, ר׳ שמואל מוניע, „איז אַ דאַר, שמאָל יידעלע מיט זייער אַ לאַנגער, צעכוואַליעטער ווייסער באָרד"; פישל איז „אַ יונגערמאַן מיט פליישיקע, דיקע לעפצן"; יאָסעלע „מיט אַ לענגלעכער בלאַסער נאָז, מיט געקרויזטע שוואַרצע האָר און מיט אַ רבניש בייכל"; ר׳ כתריאל כהנא איז „אַ הויכער ייד מיט אַ רויטער באָרד; די שוועסטער צירעלע, „אַ ברייטע, אַ שווער־לייביקע"; די אַלטע רביצין „אַ ברייטע, דיקע יידענע, אַ שלאַבערדיקע, מיט אַ פאַרקרימט פּנים פון פאָדאַגרע", און אַזוי אין איין קאַפּיטל, וואַרפט ער אָן אויף יעדן איינעם זיין פיזישן אויסזען, געוויינלעך מיטן טראָפּ אויף אָפּשטויסנדיקייט, ווי דער מחבר וואָלט אָפּן אָפּגעלאַכט פון זיינע גע־שטאַלטן.

און ווען גראַדע רייצט אָן יידן, איינע אויף די אַנדערע, ווערט אַן אמתע בלוטיקע סומאַטאָכע. ס׳דרייען זיך אַרום אינטריגאַנטן, אַ משה צירולניק, דער מוהל לפּידות, דער גבאי צאַליע „מיט איינגעבויגענע פלייצעס און לאַנגע, אויסגעקרימטע פיס" און רק זיי טראַכטן ווי צו שאַפן אַ בלוטיקן קנויל אַרום דער אויפגעבונדענער עגונה און דעם רב, וואָס האָט זי באַפרייט פון עגונהשאַפט. גראַדע צעבונטעוועט אַ גאַנצן צעך,

פּשוטע יידישע שטוב־מאַליאַרעס, וואָס פּאַר אַ טרונק בראַנפן זענען זיי גרייט צו הרגענען אַ מענטשן, אָדער דערפירן אים ביז משוגעת. ס׳ווערט אַ געדיכטע מיטלאַלטערלעכע פינצטערניש, מיט ווילדע, בלוט־דורשטיקע, אויפגערייצטע יידן, וואָס ווערן מיר־נישט־דיר־נישט אַ צעיושעטער המון, וואָס איז תמיד גרייט עמעצן דורס צו זיין. דער מחבר פלעכט איין קראַנץ פון רשעות נאָכן אַנדערן, אַז ס׳ווערט קאַלעמוטנע אויפן האַרצן.

און די גאַנצע מעשה האָט בפירוש נישט פאַרדינט די אויפמערקזאַמקייט פון אַ הייַנטצייטיקן יידישן קינסטלער. בקיצור דערציילט זיך, אז די עגונה מערל, אַן אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערקע, אַן עגונה גאַנצע זעכצן יאָר, לאָזט זיך איינרעדן אַז זי דאַרף חתונה האָבן. ר׳ דוד זעלוווער איז איר מתיר. ער נעמט אָן, אַז איר מאַן, וואָס איז גאַנצע זעכצן יאָר נישט צוריקגעקומען פון דער מלחמה, איז טויט. דער הויפּט־אינטריגאַנט, מוישקע צירולניק, וואָס איז „געשטאָרבן נאָך מערלס טריט" איבער צוואַנציק יאָר, העצט אויף די גאַנצע שטאָט קעגן איר און קעגן דעם רב, וואָס ווערט פּאַקטיש אַ מוחרם, אָן פּרנסה. דער סוף איז, אַז מערל, פאַרבעט איר צעהיצטן „ליובאָווניק", דעם אונטערוועלטניק, צו זיך און ווען זי וויל זיך אים שוין איבערגעבן און ער פילט זיך שוין ווי אין אַ הייזל, איז ער גראָד דעמאָלט אומפאַרזיכטיק גענוג זיך אַרויסצוכאַפּן, אַז ער האָט געסטראַשעט „איר" רב, אין ווען זי איז פאַרליבט, מיט קלעפּ, און אין סאַמע היץ פון דער אויסגעצויגענער אויסטועניש און איבערגעבעניש, דערלאַנגט זי אים אין קאָפּ מיט דער פלאַש משקה, מיט וועלכער זיי האָבן זיך אָקאָרשט מחיה געווען. זי אַנטלויפט אין וועלדל און הענגט זיך אויף. איר לויה ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלקס־לויה און אַלע רוצחים, וואָס זענען געווען קעגן איר, ווערן איבערגעקערטע מענטשן, ממש צדיקים, און דער גאַנצער רחמנות גיסט זיך אויס אויפן פאַלאַצקער דיינס קאָפּ. דער רב, דער מקיל, ווערט צוריק רב, דער מחמיר ווערט משוגע און ציט זיך צוריק פון רבנות.

טאָמער איז נישט גענוג „העפּי ענדיג", ווערט דער יונגער רב דער מקיל גאָר צוגעלאָזן צו זיין קראַנק און פאַרביטערט ווייב און ס׳ווערט צווישן זיי אַ גוט לעבן.

דאָס איז דער סקעלעט פון דעם צעפּאַטלט ווערק, וואָס גראַדע האָט געצויגן אין המשכים אין אַמאָליקן „מאָרגען זשורנאַל" און אָנגעצויגן די

משכילישע און למדנישע לייענערס מיט אַ „ראָמאַן“, פאַרבראָקט מיט אביסל תורה, וועגן יאָ־עגונה, נישט־עגונה. גראַדע האָט אין „די עגונה“ נאָך נישט געוואוסט, ווי צו שטעלן רעכט אַ פּראָזאַאישן פּוס, אָדער ווי צו שרייבן אַ שייטל פּראָזע. אין בוך מאַכן אַלע חסרונות אַ גערודער, אָבער ערגער איז וואָס דער גאַנצער טומל איז אָנגעטשאַדעט מיט דעם מחברס אייגענעם משכילישן צוגאַנג צו יידן. מען מוז מאָנען פאַראנטוואָרטלעכקייט פון אַ פּאָעט פון אַזאַ מדרגה ווי גראַדע, וואָס דווקא איצט ווען אַלץ איז אונדז חרוב געוואָרן, האָט ער אונדז מזכה געווען מיט אַזאַ אויסטראַכ־טעניש. מעגן טאַקע ווילנער יידן ווערן אַזאַ פינצטער המונישער טייג אין די הענט פון אַ מחבר? און אויב ס׳פאַרוואַלגערט זיך יאָ אַ לאָקש פון וואָרהאַפטיקייט אין גאנצן געקעכץ, איז עס טאַקע נויטיק געווען צו שאַפן אַ ווילנער סדום, וואו יידן זאָלן כסדר אַרומלויפן, אָנגעהעצטע, צו טאָן רישעות? וואָלט כאָטש די קינסטלערישקייט פון ווערק מכפר געווען אויף דעם אַנטי־נאַציאָנאַלן אינהאַלט! די אומגליקלעכע העלדין איז אַ צעבראָ־כענע מערל, און דער מחבר ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט איר. די רשעים זענען אַזעלכע ווילדע, אַז זיי פרעגלען זיך אין זייער סמאָלעדיקער רישעות. דער רב, דער מקיל, איז א גוטינקער, אַז דער „העלדין“ מערל זעט ער אויס ווי אַ פּרינץ, וועמענס פיס זי איז גרייט צו וואשן און טרינקען דאָס ברודיקע וואַסער.

ס׳איז דערדריקנדיק צו לייענען די אַלע צעצויגענע און אָנגעצויגענע קאַפּיטלעך, וואָס אָן קינסטלעריש ליכט זענען זיי נישט מער, ווי... בלבולים אויף יידן. ביז אַ גוטער העלפט פון ווערק, איז אין „די עגונה“ נישטאָ קיין אַטמאָספערע, נישט קיין נאַכט, נישט קיין טאָג, נישט קיין זומער, נישט קיין ווינטער, נישט קיין קאַלטס, נישט קיין וואַרעמס. ערשט אויף זייט 229 דערזעט מערל אַ גאַנצן וואַלד און ביימער דורך איר פענצטער, שפּעטער קומט שוין אפילו אריין דער קאַלטער ווינטער, צו געבן אַ הויך פון דרויסן צום ווערק, וואָס באַמיט זיך אויסצוטראַכטן רק שלעכטס און נאָך מער שלעכטס.

דאָס פרימיטיווע ווערק לײדט דער עיקר פון רויער אומדערפאַרנקייט. דעם רב ר׳ לוויס טאָכטער איז משוגע, זי איז שוין אַ מיידל פון אַ יאָר צוואַנציק, ווען זי פאַרשעמט דעם טאַטן. זי לויפט אַריין אַ נאַקעטע בעת אַן אסיפה פון רבנים. אָבער תוך כדי דיבור, גיט זי דעם טאַטן אַ גאַנץ

איבערפּירלעכע און „פּרווידיאַנישע״ אויפקלערונג, וויאַזוי זי איז משוגע געוואָרן. זי דערציילט אים אַלץ, ווי זי וואָלט עס ארויסגעלייגט פאַר אַ פּסיכאָאַנאַליטיקער.

דער שילדערונגס־מעטאָד, ווי געזאָגט, איז אַן אַלטפּרענקישער, פון אַלטע ראָמאַנען:

„זיינע געלע האָר זענען געוואָרן נאָך שיטערער, אָפּגעקראָכענער, ס׳איז קענטיק געווען אַז ער שטייט אָפּ אַ שעה ביים שפּיגל, ביז ער קלעפּט קונציק פאַנאַדער די האָר אויפן קאָפּ, זיין ליסינע זאָל זיך נישט אַרויסזען און גלאַנצן. די שמאַלציקע אייגעלעך און זיין אויסגעראַזירט צעקנייטשט פּנים האָבן געבליצט נאָך בייזער ווי אַמאָל״.

די קאַפּיטלדיקע פאַרזעצונגען האָבן גורם געווען, אַז גראַדע זאָל פּעט אָנשמירן סענטימענטאַליטעט און אפילו — סעקס, משטיינס געזאָגט. די קאַלטע מערל ווערט פּלוצים הייס און „זי האָט פון זיך ארונטערגע־שלעפּט דאָס נאכט־העמד און איז אונטער דער קאָלדרע געלעגן אַ נאַקעטע. זי האָט געטאַפּט אירע קליינע פולע בריסטן, די סאַמעט־גלאַטע הויט אויפן בויך, די שטייפע היפטן, די שענקלען, ביז צו די פינגער פון די פיס״.

מחמת דער צייטונגס־פאַרגאַנגענהייט פון „די עגונה״ זענען אין ווערק פאַראַן אַ סך אומנויטיקע איבערחזרונגען. ר׳ לוי האַלט אין איין פאַר־וואַרפן, אַז מען האָט אים אומישנע „אַריינגעדרייט״ אַ משוגענע ווייב. גאַנצע מאָנאָלאָגן ווערן פאַראַפראַזירט אין אומנויטיק־צעציגענע קאַפּיטלען. יידן זענען אָדער צעקראָכענע נאַראָנים, אָדער תקיפים, וואָס זענען גרייט צו הרגענען מענטשן. מען הערט אַ „סלוך״ און אַ ווילדער המון איז שוין גרייט עמעצן לינטשן. קלמן דער בית־עולם חזן, דער אומגעלומפּערטער זיווג פאַר דער אויפגעבונדענער מערל, אַ זיווג פאַר וועלכן ס׳איז נישטאָ קיין קינסטלערישע באַרעכטיקונג, ווערט געשילדערט ווי אַ „צעקראָכן יידל״, מיט אַ קיילעכדיק־תמעוואַטן פּנים. פאַרוואָס האָט די פריילעכע און ווילדע מערל מיט אים חתונה געהאַט, ווען זי איז געוואָרן אַ פרייער פויגל?

ווען מען וויל זיין „אייסערסט״ וואויל געניגט צום פּאָעט חיים גראַדע — און מען מעג זיך פאַרגינען צו זיין גוט גענויגט צו אים, ווייל ער האָט עס פאַרדינט — קאָן מען אפשר זאָגן, אַז גראַדע איז אַריינגעפאַלן אין טאָן פון אַן אַלט מעשה־ביכל מיט אַלטע, אָפּגענוצטע פאַרשווינען און אים איז נישט געלונגען זיי צו מאַכן לעבעדיקער און קינסטלערישער. פון די

צוויי רבנים איז איינער אַ נאַר — אַן אַכזר, דער צווייטער א נאַר — אַן עקשן. מיט יעדער קאַפּיטל ווייטערדיקער פּאָרזעצונג זוכט גראַדע אויס נייע פרישע דערקלערונגען פאַר זייערע צוגעשניטענע האַנדלונגען, אָבער די אויסטייטשונגען זענען צוויי־דימענסיאָנעלע.

מען מוז אַזאַ ווערק צוריקווייזן, ווייל אין 1961 טאָר אַ פּאָעט ווי גראַדע נישט אַרויסגעבן אַזאַ פאַרפעצט ווערק, ווייל מיט זיין נאָמען, קאָן עס נאָך פאַרשריגן ווערן פאַר הויכער קונסט און דערמיט העלפן צוריק־רוקן דעם זייגער פון יידישער שעפערישקייט. יידיש־טעמאַטיש איז עס אוודאי געפערלעך. מען מאַטערט זיך צו פאַרשטיין ווי אַזוי דער וועלט־פאַשיזם האָט אַזוי גיך אַנטוויקלט זיין אויספאָלגנדיקן המון. ס׳איז זיכער נישט געווען גראדעס כוונה צו ווייזן ווי גרינג מען האָט אין אַזאַ שטאָט ווי ווילנע געקאָנט אויפבלאָזן אַ יידישן פאַשיזם אָן א ברעקל רחמנות, אָנהענגענדיק דעם גאַנצן מיטלייד אויף דער קאַפּאָטע פון אַ מקיל. גראַדע האָט עס זיכער נישט געוואָלט טאָן, אָבער ווייל ער האָט געשריבן אַזעלכע אומבאַהאָלפענע , אָבער אָנגעצויגענע צייטונגס־פאָרזעצונגען, מיט אזעלכע שוואַרצע און ווילדע יידן, קומט אויס ווי מיר האָבן גאָרנישט „צו געבן פאָר” דער קריסטלעכער וועלט.

1961

# נ. י. גאָטליבס ניי בוך לידער

מען דערציילט אַז דער פּאָעט רילקע, ווען מ׳האָט געעצהט אַז ער נויטיקט זיך אין פסיכאָאַנאַליז האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון אַזאַ באַהאַנדלונג, אויס מורא אַז ס׳וועט אים מאַכן פאַר אויס פּאָעט. ווייזט אויס רילקע האָט געגלויבט, אַז פּאָעזיע איז דעם פּאָעטס קראַנקהייט און אויב מ׳וועט אים געזונט מאַכן וועט ער פאַרלירן דעם שטאָף, וואָס פון אים קוועטשן פּאָעטן אויס דעם האָניק פון זייער פּאָעזיע.

מיר דאַכט זיך אָבער, אַז אַ צאָל יידישע פּאָעטן וואָלטן גראָד אַ סך געוואונען, אויב נישט פון פסיכאָאַנאַליז, איז לכל הפּחות ווען מ׳וואָלט זיי

זייער פרי געלאָזט וויסן, אַז פּאָעזיע איז אַ יחידותדיקער ענין און אַז ס׳טרעפט זייער זעלטן, אז לידער ווערן פּאָפּולער און זיי געווינען די אויפמערקזאמקייט פון די גרויסע מאַסן. כדי אַ ליד זאָל צוטרעפן און אַרויס פון דעם פּאָעטס איינזאַמקייט צום רשות הרבים, מוז עפּעס געשען מיטן ליד, אָדער מיט די מאַסן; פאַרשטייט זיך — אַן אויסנאַם זענען אַזעלכע לידער וואָס ווערן לכתחילה געשריבן פאַר די מאַסן, אין קאַמף פאַר פרייהייט אָדער ברויט. מען מעג שוין איצטער אויסזאָגן אז יעווטושענקאָס „באַבי יאַר״ איז ווייט פון גוטער פּאָעזיע, אָבער ס׳איז אַן אויפטרייסלענדיקער רוף צום געוויסן פון א פאָלק. אַ היסטאָרישער רוף, כאָטש ווי אַ ליד פאַרמאָגט עס זייער ווייניק פּאָעטישע מעלות.

אין פינפטן נומער פון פערטליאָר שריפט — „סביבה״, וואָס דער־שיינט אונטער קאָדיע מאָלאָדאָווסקיס רעדאַקציע, ווערט געבראַכט א ליד פון מאָריס ראָזענפעלד אונטערן נאָמען — „יידישער פנקס״. דאָס ליד איז זיכער געווען בשעתו זייער פּאָפּולער און גראָד דערפאַר ווייל ס׳איז קיין ליד נישט געווען, בלויז אַ באַגראַמונג פון יידישע צרות, וואָס יעדער גראַמען־מייסטער, מיט אַ שטיקל זין פאר עלעמענטאַרן ריטם, האָט געקאָנט אָנשרייבן. ס׳זענען מסתמא דעמאָלט געשריבן געוואָרן אַ סך אַזעלכע לידער, אָבער בלויז אַ מאָריס ראָזענפעלד האָט געהאַט די געוואַגט־קייט צו קומען צום יידישן עולם, מיט דעם עולמס געפילן און רייד.

איך לייען און לייען דעם ברענענדיקן שמערץ  
אין דיינע פאַרבלוטיקטע שרעקלעכע שורות,  
רבונו של עולם, פיל מוט און פיל גבורה,  
פיל בלוט און פיל טרערן,  
אָט וואו איך זאָל קערן  
און וואו איך זאָל מישן די הייליקע בלעטער.

אפילו פאַר יענער צייט זענען דאָס געווען אויסגעמאָגערטע שורות, אָן שום רמז אויף פּאָעזיע, און פונדעסטוועגן האָט דער עולם דעמאָלט אָנגעהויבן דערקענען אין מאָריס ראָזענפעלדן זיין שליח־ציבורדיקן דיכ־טער, וואָס דריקט אויס, ווי מען זאָגט, דעם פאָלקס „ליידן און פריידן״.

ערשט שפּעטער האָט דער גרויסער עולם פאַרלוירן דעם אינטערעס אין ראָזענפעלדן און מ׳קאָן זאָגן אויף זיכער אַז אַזעלכע לידער ווי „מײַן

רויז איז אַליין״, „ביים ברעג וואסער״ אָדער אַזאַ געזאַנג ווי „נאַכט״ זענען געוועזן וויניקער פּאָפּולער ווי ראָזענפעלדס שטאַרקע נאַציאָנאַלע אויס־געשרייען. אָט זענען די ערשטע פיר שורות פון ליד „נאַכט״:

גראָע וואָלקנן־טראַנטעס, שטיקער שימל
הענגען אין דער מוטנער לופט אַראָפּ.
ווי אַן אַלטער בעטלער שלאָפט דער הימל:
צוגעדעקט מיט שמאַטעס איבערן קאָפּ.

די שאַטנס אין ליד ווערן „וואַגאַבונדן־שאַטנס״. די פערזן זענען אָריגינעל, די נאַטור איז נישט תמיד שיין, די בילדער זענען נאָענט צו ערדישער אָרעמקייט. מיט זיינע גוטע לידער האָט ראָזענפעלד אָנגעהויבן געפעלן פיינשמעקער און זיין גרויסע פּאָפּולאַריטעט, וואָס איז אים געווען צו־שווער צו טראָגן אויף זיינע פאַרקרענקטע פּלייצעס, האָט זיך צעבליט און אים גענומען דערגיין די יאָרן, איינפלאַנצנדיק אין אים אַ געפיל, אַז אַ פּאָעט איז עפּעס אַזאַ אָפּגעציטערט באַשעפעניש, וואָס מוז כסדר געטראָגן ווערן אויף דעם פאָלקס פּלייצעס, מיט אַן אויסגעשריגענער וואָרע־מאכעריי, אַז אַזאַ כבוד דאַרף געטאָן ווערן צום אויסדערוויילטן פּאָעט.

שעקספּירס פּאָפּולאַריטעט, די סאַמע גרעסטע אין דער וועלט, האָט נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט אָנגעיאָגט זיינע וואונדערלעכע לידער. די פּאָעטן שעלי און בייראָן האָבן געמוזט ווערן די „סטאַרס״ פון יענע צייטן, צוציענדיק ברייטערע אויפמערקזאַמקייט דורך זייערע אומקאָנפאָרמיסטישע ביאָגראַפיעס — צו זייערע לידער.

שרייב איך די דאָזיקע שורות אין שייכות מיט דעם נייעם בוך לידער, וואָס נ. י. גאָטליב האָט נאָר וואָס אַרויסגעגעבן. איך מוז צוגעבן אז כ׳האָב אַ געוויסע שוואַכקייט צו גאָטליבס לידער, מיר דאַכט זיך אַז איך האָב געשריבן וועגן די מיינסטע ביכער זיינע — און ביזן היינטיקן טאָג האָט ער שוין ארויסגעגעבן, נישט איינס, נישט צוויי, נאָר אַ גאַנצן טוצן ביכער, צווישן זיי נישט וויניקער פון צען לידער־ביכער. ווען מ׳גיט א טראַכט אז ס׳קומט אָן זייער שווער אַרויסצוגעבן אַ יידיש בוך, מוז מען צוגעבן אז ווען אַ פּאָעט קאָן שוין ציילן זיינע ביכער אויף טוצן איז עס אַ גרויסער אויפטו און דאָס אַליין מעג פאַרשריבן ווערן ווי אַ גליקלעכע דערגרייכונג.

קום איך דאָ צום גאַנצן קאָמפּלעקס פון נ. י. גאָטליבס פּאָעזיע, וואָס

איז אַן אומאויפהערלעכער געווייַן אויפֿן אייגענעם מזל, מחמת ער איז נעבעך געבוירן געוואָרן אַ פּאָעט ביי יידן — און וואָס איך האַלט דווקא פאַר איינע פון די שענסטע ברכות, מיט וואָס דער רבונו של עולם האָט געקאָנט לייטזעליקן אַ יידישן יונגנמאַן. נ. י. גאָטליבס ערשט בוך לידער איז דערשינען אין קאָוונע אין 1927, מיט 35 יאָר צוריק, ווען ער איז נאָך אַלט געווען 25 יאָר און פון דעמאָלט אָן האַלט ער אין איין שרייבן און אַנטוויקלען זיין טאַלאַנט, אין פּראָזע, אין דער עסיי און אין ליד און אַרויסגעבן ביכער וואָס ווערן פּונקט אַזוי געלייענט אָדער נישט געלייענט, ווי אַנדערע גוטע יידישע ביכער.

דערפאַר האָב איך אָנגעהויבן מיט אַ שטיקל הקדמה וועגן פּסיכאָאַנאַליז. ווען מ׳וואָלט יידישע פּאָעטן מגלה געווען דעם סוד, גלייך ביי די ערשטע פּאָעטישע טריט, אַז אַ יידישער פּאָעט איז געגליכן צו אַ נישט־יידישן פּאָעט, מיט ווען דאָס פאָלק צאַצקעט זיך אויך נישט און אַז דער נישט־יידישער פּאָעט מוז אַרבעטן אין אינסטיטוציעס, אָדער ווי אַ לערער אין אוניווערסיטעטן, כדי אויסצוהאַלטן און שפּייזן דעם פּאָעט אין זיך, וואָלטן אַ סך יידישע פּאָעטן געשריבן פולערע און זעטיקערע לידער, אָן זיך־באַוויינערײַ.

ווי אַ מאָטאָ צו איינס פון זיינע לידער ברענגט נ. י. גאָטליב מאַני לייבס אַ שורה — „און דאָ בין איך, אַ ניט־געדאַרפטער, אַ פּאָעט ביי יידן". דער גויעשקער מאַני לייב, ווי זיין נאָמען זאָל נישט זיין, איז זיכער נישט געווען מער „באַדאַרפט" ביי זיין פאָלק ווי אונדזער מאַני לייב, וועמענס לידער מ׳האָט געזונגען, דעקלאַמירט, געלערנט אין די שולעס, געדרוקט אין אַ טעגלעכער צייטונג מיט גרויס כבוד, ווי אַ טייל פון בעסערן כיבוד. פונדעסטוועגן האָט מאַני לייב אַלץ געקלאָגט אויף זיין אומגליק, וואָס ער איז געוואָרן אַ יידישער פּאָעט. און דאָס איז לחלוטין נישט אָריגינעל און ניי, ווייל פרוג, פּרץ און אַנדערע ראשונים,, האָבן אויך פאַרגאָסן באָכן טרערן אויף זייער דאָליע, וואָס דאָס מזל האָט זיי אונטערגעשטעלט אַ פיסל און זיי זענען געוואָרן פּאָעטן ביי יידן.

לאָמיר טאַקע נאָכאַמאָל נעמען דעם טאַלאַנטירטן פּאָעט נ. י. גאָטליב, וואָס האַלט אין איין באַוויינען זיין גורל אין אַלע זיינע לידער־ביכער, און וועמענס באַקלאָגעניש דערגרייכט אַ קרעשטשענדאָ אין זיין נייעסטן בוך, וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן מיט דעם טרויעריקן נאָמען — „איידער

עס ווערט נאַכט". נ. י. גאָטליב ווייסט ווי אויסצוהאַמערן אַ שורה, אויס־צושמידן אַ פערז, אָבער זיין באַקלאָגן דעם יידישן פּאָעט בצלמו ודמותו, פאַרוואַנדלט זיינע לידער אין אַן איינגעחזרטער איינטאָניקייט.

דער יוגאָסלאַווישער פּאָעט אַנדריטש, דער געווינער פון דער היי־יאָריקער נאָבעל־פּרעמיע, ווערט פאַרצייכנט אין קאַסעלס ענציקלאָפּעדיע פון דער וועלט־ליטעראַטור מיט — 18 שורות, לעאָניד אַנדרעיעוו מיט דרייסיק שורות. קאַסעלס ענציקלאָפּעדיע איז אַן ענגלישע און זי איז דערשינען אין לאָנדאָן, קריגט דער באַרימטער ענגלישער פּאָעט אָדען — פופצן שורות. לאָרד באַלפור, אונדזער באַרימטער באַלפור, איז געווען אַן אויסגעצייכנטער ענגלישער שרייבער פון פילאָזאָפישע עסייען, שענקט מען אים — ניין שורות. דער אויך נישקשה־באַרימטער ווינסטאָן טשויר־טשיל, וואָס איז אויך געווען אַ זשורנאַליסט, היסטאָריקער, נאָוועליסט און מעמואַריסט, קריגט אין דער וועלט־ענציקלאָפּעדיע — פערצן שורות. דער באַרימטער אַמעריקאַנער פּאָעט קאַרל סאַנדבורג ווערט פאַרגעשטעלט מיט עלף שורות.

איצטער לאָמיר אָפּזוכן אונדזער אייגענע אָנערקענונג און נאַציאָנאַלע אומשטערבלעכקייט פאַרן פּאָעט נ. י. גאָטליב, וואָס איז כלומרשט אַ פּראָ־ווינצער פּאָעט — ער וואוינט אין מאָנטרעאָל זייט ער איז געקומען פון קאָוונע. אין דעם לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, באַנד צוויי, קריגט גאָטליב נח־יצחק נישט ווייניקער פון 48 שורות און אַ צוגאָב באַזונדערע עלף שורות ביבליאָגראַפיע. אָבער אין זיין ליד אונטער מאָני לייבס באַקלאָגרישן מאָטאָ, זינגט נ. י. גאָטליב אַזוי:

שטיל ווי אַ וואָלקן אין רוימען,
איינזאַם — אין פעלד ווי אַ שטיין,
זיץ איך און שרייב מיינע טרוימען
ביזקל דער טאָג טוט פאַרגיין.

איז ערשטנס דאַרף טאַקע נישט אַ פּאָעט זיצן אַ גאַנצן גייענדיקן טאָג און שרייבן לידער. אָבער אויב ער איז שוין אַזאַ אויסזיצער קאָן ער זיך חלילה נישט באַטראַכטן פאַר אַזאַ אומגליקלעך־איינזאַמען, אויב מען שאַצט אים אָפּ אַזוי רחבותדיק אין אונדזער ליטעראַרישער שאַץ־קאַמער.

צום סוף פון גאָטליבס נייעם צוועלפטן בוך, ווערט געבראַכט אַ גאַנץ

היבשע ביבליאָגראַפיע, וואָס האַלט ארום דרייצן זייטן. פאַרשטייט זיך אַז די ביבליאָגראַפיע האָט צוגעשטעלט יעפים ישורין, ביי וועמען דער „איינזאַמער" פּאָעט איז געווען גאַנץ פּראָמינענט פאַראוצרט אין זיין קאַר־טאָטעקע. אין גאָטליבס ליד שווימט־אויף ווי בוימל אויפן וואסער דער לאַמענט, אַז מען קויפט נישט גאָטליבס ביכער. נישט לאַנג צוריק האָבן אַמעריקאַנער פּאָעטן אָנגעהויבן אַ קאָנצענטרירטע קאַמפּאַניע, צו פאַרקויפן זייערע ביכער צו ביבליאָטעקן, ווייל יחידים קויפן נישט קיין לידער־ביכער. ס׳קומט אָן מיט שווערער מי און שתדלנות, אַז אַן ענגליש לידער־בוך זאָל דערשיינען, און פונדעסטוועגן האָב איך נאָך נישט געלייענט קיין איין ענגליש ליד, אַז דער פּאָעט זאָל באַקלאָגן זיין מערכה, אָדער זאָל באַוויינען זיינע נישט געקויפטע ביכער.

זאָג איך נישט אַז דאָס קאָן נישט דינען ווי אַ טעמע פאַר אַ גוט ליד — אַלץ איז מאַטעריאַל פאַר פּאָעזיע — אָבער אַ פּאָעט נעמט אָן געוויינלעך זיין פּאָעטישע משא און ער טראָגט זיין אומפּראָפּיטלעכע פּראָפעסיע מיט ווערדע.

דער פּאָעט ב. י. גאָטליב פאַרמאָגט אַ סך שיינע און מוזיקאַלישע שורות אין זיין לאַנגער פּאָעמע — „וואָס מאַכסטו וואַלד". ער קאָן זיך אַ צעזינגג טאָן, נאָר ווען ער צעזינגט זיך בראַקירט ער נישט אויס קיין אומגעראָטענע שורות. אָבער זיינע געראָטענע לידער לייענען זיך און פליסן, דער עיקר ווען ער זינגט נאַטור־לידער, וואָס זענען אגב ביי אים דאָ אין אַ גרויסער צאָל אין זיין נייעם בוך, אין פאַרשידענע וואַריאַציעס, וואָס דערציילן אַלץ דאָס זעלביקע, אַז אַ שטאָט־מידער מענטש איז אַנט־לאָפן צו דער נאַטור.

ב. י. גאָטליב איז פיזיש אַ קראַנקער מענטש, און אין זיינע פריערדיקע ביכער קינדיקט ער אָן זיין אייגענעם סוף; ער מאַכט רעפּעטיציע, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט צוגעוואוינען צו אים. דער גוף זיינער איז אָבער אַ סך געזונטער פון זיין שרעק און ער וועט נאָך מאריך ימים זיין, ווי ער האָט ביז איצטער געמאַכט צו־נאַר אַלע זיינע סוף־לידער. ווידער איז אין דעם נייעם בוך פאַראַן צופיל פון דעם שרעק־אַניאַג אויף זיך, וואָס איז ביים פּאָעט ב. י. גאָטליב אַן אַלטע איינגעפּראַװעטע טעמע.

ס׳איז גוט צו לייענען זיינע זינגענדיקע שורות, זיין גוטן יידיש, זיין ענערגישן ריטם, וואָס באַצווינגען די אייגענע חולאתן זיינע, מיט אומגע־

**וויינלעכער מי און פלייסיקייט. אָבער זיינע טעמעס זענען איינגעחזרטע און דער אָפטער עלעגישער טאָן הערט אויף צו מאכן אַ פּאָעטישן איינדרוק, ווייל גאָטליב האָט זיך אַריינגעוויגט אין אַן ענגער טעמאַטיק, אָפטמאָל כמעט מיט די זעלביקע ווערטער.**

**ליד נאָך ליד אַנטלויפט דער פּאָעט פון שטאָטישן געטומל („צוליבן טומל קאָן איך דאָרט נישט שרייבן"). ס'גייען אַוועק אַ פופציק זייטן און גאָרנישט געשעט, אַחוץ וואָס דער פּאָעט אַנטרינט אַלץ פון שטאָט, „פון גאַסיקן געהילך". אויף זייט 45 הויבט זיך שוין אָן א נייע סעריע, און גלייך קומען צוויי שורות — „פון ענגער שטאָט, אין שטיין און אייזן איינגעקנאָטן, איך האָב צו אייך געראָמע פעלדער זיך געריסן". אויף זייט 51 קומט דער פּאָעט „פון גאַסן פון ענגע" צו „בלויקייט אין רוימען". אויף זייט 54 „רוישן אין האַוועניש די גאַסן אָ דאָרט, אין שטייג פון שטיינערדיקער שטאָט, נאָר דאָ, אין פעלד, מיט מאָרגן־זון באַוואָשן" א. א. וו. אויף זייט 66 זינגט נאָך אַלץ דער פּאָעט — „עס האָט מיך אַ צי־געטאָן צו שטילע פעלדער".**

**און נאָך דער טעמע הויבט זיך אָן דאָס באַוויינען די דאָליע פון אַ יידישן פּאָעט —**

און אַז עס זינגט אַ יידיש־דיכטער אין אַ נאַכט אַ ווייסער,
ביים גלען שיין פון דער לבנה, אינעם גאָלד פון שטערן,
איז אָרט עס וועמען...
און אַז עס וויינט אַ יידיש־דיכטער אין אַ נאַכט אַ קאַלטער
— — — — — — — — — — — — — — —
איז קימערט ווער זיך? זאָל ער וויינען אין דער נאַכט דער קאַלטער.

**און די טעמע: איך דער פּאָעט — איר דער המון — ווערט אויסגע־שעפּט ממש ביזן דנאָ.**

וואָס טויג דיר ליד? וואָס האָסטו פון סאָנעט?
וואָס גיבן דיר די שטערן, די לבנה?
אוי בטלן־איך! אוי, יאָלדישער פּאָעט!
טאַים איז מאַני, טאַים איז מאַני, מאַני.

**אין איינס פון די בעסערע לידער אין בוך זענען פאַרוויקלט אַלע**

**דריי מאָטיוון — נאַטור, פּערזענלעכער אונטערגאַנג, גרינגשאַצונג פון פּאָעט. כ׳ברענג דאָ אַפילו דאָס ליד צו ווייזן אַז גאָטליב איז פּאָעט מיט אַ סך איינגעבוירענע מעלות:**

ביז קומען וועט אַן אויסלאָז צו מיין לעבן,
ביז קומען וועט אַן ענדע צו מיין זיין —
אַרומגיין וועל איך איינאַליין אויף וועגן
אַ שיכורער פון לידערישן ווין.

אַרומגיין אַלץ און העפטן מיינע בליקן
צו זון צו העלער אינעם בלויען רוים,
און תהילימען און לויבגעזאַנגען שיקן
צו יעדן בלעטל אויף אַ יעדן בוים.

אַרומגיין אַלץ און תפילה־טאָן אין גראַמען
צו יעדן גרעזל אויף דער גרינער ערד,
און הערן וועלן: היגלען, טאָלן, לאַנען,
און הערן וועלן: סטעדער, פעלדער, בערג.

איך ווייס: די צייטן זענען איצטער קאָכיק
און הילכן האַרט מיט אייזן און מיט שטאָל,
נאָר גוט איז מיר מיט וואַלדיש ווייכע מאָכן,
נאָר וואויל איז מיר מיט אָסיענדיקן גאָלד.

איך ווייס: די מענטשן זענען איצטער ציניש
און מאַכן חוזק פונעם דיכטערס וואָרט,
נאָך גוט איז מיר מיט ווערטער־טענער דינע —
נאָר וואויל איז מיר מיט חלומדיקער וואָר.

ביז ווייזן זיך עס וועט פאַר מיר דער מלאך
מיט שאַרפער קאָסע אין דער דאַרער האַנט —
וועט שטרעקן זיך מיין דיכטערשער מהלך
מיט פערזן צייכנס אויף זיין יעדן שפאַן.

און טאַקע מחמת גאָטליבס מעלות האָב איך געשריבן וועגן זיין נייסטן בוך, אין שייכות מיט זיין איינטאָניקער טעמאַטיק. אויב ער קאָן איבערקרעפּטיקן זיין פיזישע שוואַכקייט מיט אַזויפיל דיכטערישן אימפּעט, מעג ער זיך אָפּקערן פון דער קאָלעקטיווער טעמע — רחמנות אויף זיך, און שרייבן נייע לידער, מיט די געזונטע פּאָעטישע כוחות וואָס ער פאַר־מאָגט. איך שרייב דאָס בפירוש מיט די בעסטע ברכות צום פּאָעט, אַז אים זאָלן נאָך באַשערט זיין אַ סך יאָרן פאַר געזונטע און דערפרישנדיקע לידער.

1962

## גבריאל פּרייל

כ׳קליב זיך נישט שרייבן איבער גבריאל פּריילס ניי בוך לידער „מפּת ערב״, וואָס איז נישט לאַנג צוריק דערשינען אין פאַרלאַג „דביר״, מדינת ישראל. ס׳איז מיר גענוג, איבערגענוג, איין פּראָנט — יידיש, און כ׳וועל חלילה נישט עפענען אַ צווייטן פּראָנט, וואָס לויערט מיט גרעסערע סכנות, ווי די וואָס צו זיי בין איך שוין מער־ווייניקער צוגעוואוינט.

אָבער פאַרבייגיין גבריאל פּריילס אַ בוך לידער, אינגאַנצן אָן עטלעכע זייטיקע באַמערקונגען, וואָלט געווען נישט גלייך פון מיין זייט, בפרט ווען אַ באַמערקונג וועגן פּריילס אַ בוך איז איצטער גאָרנישט אַזוי זייטיק, נאָר ס׳האָט אַ גאַנץ דירעקטע שייכות צו דעם איינציקן פראָנט, וואו איך האָב זיך שוין לאַנג איינגעקויפט אַ שטיקל איינגייערשאַפט.

ס׳איז פּשוט אַזוי: גבריאל פּרייל, איינער פון די אָנגענומענסטע העברעאישע פּאָעטן פון יינגערן דור, וואָס איז אויפגעקומען ביי אונדז אין אמעריקע און וועמענס נאָמען ציילט זיך אויך מיט באַטייט אין מדינת ישראל, איז לעצטנס געוואָרן אויך אַ יידישער פּאָעט. מיר האָבן זיי נישט צופיל — פּאָעטן אויף אונדזערע ביידע לשונות, אַז מיר זאָלן נישט פאַר־צייכענען אַ צוגעקומענעם נאָמען, אין אַ קליינער חברותא, וואָס מען קאָן אירע מיטגלידער איבערציילן אויף די פינגער פון איין האַנט און נאָך בלייבן מיט א נישט געציילטן פינגער אָדער צוויי.

פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר זענען דערשינען גבריאל פּרײלס ייִדישע לידער אין חודש־זשורנאַל „צוקונפט" און אין פּערטליאָרשריפט „סביבה". מיר דאַכט זיך, אַז פּרײל האָט שוין פאַרעפנטלעכט עטלעכע צענדליק ייִדישע לידער און מען מעג אים באַטראַכטן ווי אַ צוויי־שפּראַכיקן פּאָעט, וואָס איז אַ זעלטנהייט אין דער וועלט־פּאָעזיע. אונדזערע אייגענע שעפערישע צוויי־שפּראַכיקייט געהערט טאַקע אויך צום געביט פון זעלטנהייטן, אָבער ס'איז גאָר אַ בשורה פון אָנקום און דערנענטערונג און עס לאָזט זיך פאַנטאַזירן וועגן אַ יונגן עברית־פּאָעט אין מדינת ישראל, וואָס וועט אונדז מזכה זײַן מיט ייִדישע לידער.

מילא, פאַנטאַזיעס האָבן קיין שיעור נישט, אָבער דאָ האָבן מיר פאַר זיך אַ באַקאַנטן, אַן אײַנגעזעסענעם העברעאישן פּאָעט, וואָס האָט זיך גענומען איבערזינגען זײַנע לידער אויך אויף ייִדיש. כ'זאָג איבערזינגען דערפאַר, ווײַל פּרײל אַליין פאָרעמט איבער זײַנע העברעאישע לידער אויף ייִדיש און ער דערלויבט זיך אַפילו פרײַהייטן, אַזוי אַז מען מעג אַזעלכע אָריגינעלע איבערזעצונגען באַטראַכטן פאַר אַן איבערזינג. גבריאל פּרײלס דרײַ לידער, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט אין נײַעם אָקטאָבער־נומער „סביבה", האָב איך אָפּגעזוכט אין זײַן העברעאישן בוך, אַפילו נישט הינטער באַהאַלטענע נעמען, נאָר אַקוראַט ווי זיי ווערן אָנגערופן אין העברעאישן אָריגינאַל.

„מפּת ערב" ווערט אויף דער לינקער זײַט פון שער־בלאַט איבער־געזעצט אויף ענגליש ווי „מעפּ אָוו איווינינג", וואָס מײנט פּשוט — „אָוונטיקע מאַפּע", אָבער איך וואָלט עס, מיט פּרײלס דערלויבעניש, איבערגעזעצט — „אָוונטיקער אויסשפּרייט". נאָר פּרײל האָט זיכער אַ רעכט אויף זײַן אייגענער איבערזעצונג פון דעם נאָמען פון זײַן בוך העברעאישע לידער.

איז מיר אײַנגעטלעך בלויז געגאַנגען אין פאַרצייכענען אַ צוגעקומענעם העברעאיש־ייִדישן פּאָעט און רעזערווירן זײַנע אייגנאַרטיקע אַמעריקאַ־נישט־באַטעמטע לידער פאַר צוקונפטיקער אויפמערקזאַמקייט. איך בין זיכער, אַז פּרײלס העברעאישע לידער, וואָס זענען שוין געוואָרן תושבים אין דער העברעאישער פּאָעזיע, געניסן אויך, אין עברית, פון אַ באַזונ־דערער אויפמערקזאַמקייט. זיי זענען אָנגעלייגטער אימפּאָרט, אָבער ס'איז אויף זיי זיכער פאַראַן דאָס צעטל מיט דעם נאָמען פון לאַנד פונוואַנען

מען האָט זיי באַצויגן, מיט דעם זאַלציקן ים־טעם, וואָס וועפּט זיך נישט אויס פון די שורות. אויך אין יידיש האָבן פּריילס לידער אַן אייגנאַרטיקן טעם און מען קאָן בלויז מיט הנאה דערוויל אַ טראַכט טאָן, ווי שיין און גאַנץ וואָלט געווען פּריילס אַ בוך לידער, מיט העברעאיש און יידיש — זייט ביי זייט.

וואָס שייך פּריילס באַזונדערע יידישע לידער, אויף ווי ווייט זיי שטייען פאַר זיך, אַוועקגעבלאָנדזשעט פון אָריגינאַל, וועט כדאי זיין אַמאָל אַ רעד צו טאָן און, דער עיקר, געפינען פאַר זיי אַן אָרט אין דער יידישער פּאָעזיע, מיט זייער פרעמדלעך־אָריגינעלער בילדלעכער געדאַנקלעכקייט.

ס׳וועט למשל כדאי זיין צו וועגן און מעסטן וואו מען קאָן אַוועק־שטעלן אַזעלכע שורות ווי —

די שפּורן אויף זיי פון אַן אַלמעכטיקן גאָט,
אַ שפּאַנענדיקן אויף זיינע שטערן,

אָדער —

אַ יינגל שאָקלענדיק שטערן פון דיינע הימלען.

צי —

אויטאָמאָבילן ליגן ווי אָפּגעפּליקטע עופות
אין אַן אָרט וואָס מערדערט זיין באַטרעטער.

כ׳וואָלט זייער שטאַרק געוואָלט איבערלייענען אויפסניי עטלעכע צענדליק יידישע לידער פון גבריאל פּרייל, כדי זיך צו דערמאָנען אין יענע טעג, דאַכט זיך, מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, ווען מען האָט מיר צוגעשיקט פּריילס יידישע לידער, אויף מיין מבינות. יאָ, פּרייל האָט אָנגעהויבן ווי אַ פּאָעט מיט יידיש און איך האָב זיי גלייך אויפגענומען מיט פריינטשאַפט. שוין דעמאָלט האָבן די לידער זיינע פאַרמאָגט אין זיך אַ ספּעציעלן טעם פון אַ קרעפטיקן זויערלעכן וויין, און די יידישע שורות האָבן זיך געלייענט מיט אַן אַמעריקאַנער אַקצענט, וואָס האָט מיר אויס־געזען צו זיין אַ צוגעקומען חנדל אויף יידיש.

„דאָס (דער?) רינג איז נאָך נישט פאַררונדיקט״, זינגט גבריאל פּרייל אין זיין יידיש ליד — „זבולון קומט צו זיין ברעג״. הגם פּרייל איז צוריקגעקומען צו זיין אָנהויב, צום יידישן ליד, איז עס נאָך נישט פאַררונדיקט און דער צוריקקום איז ערשט אין גאַנג. מען מעג אים

אָבער שוין באַגריסן ווי אַ העברעאיש־יידישן פּאָעט און לכבוד דעם ציטירן כאָטש זיבן שורות פון זיין ליד — „פאַרלוירן אויף ברעגן", איינס פון די דריי לידער, אין דעם נייעם נומער „סביבה".

פאַרנאַכט־צו זענען וואַגאָנען באַלאַדן
מיט אַ וואַלד פאַרשניטענע האָפענונגען.
ווי איך זענען די רעלסן ביים וואַסער
ביי ברעגן פאַרלוירן;
הינטער זיי לאָקערט נישט קיין גאָרטן, קיין מדבר —
בלויז אַ פראַגעצייכן שפּאַרט דורך ווי אַ דאָרן.
דער רויך פון אַ צופּעליק (צופעליקער)
שיף זוכט זיך נישט קיין אויסוועג.

און אָט איז דער אָריגינאַל פון די שורות —

לעת ערב טעונים קרונות יער־תקוות שכוסח.
פסי מסילת ברזל שעל יד מים
כמוני אובדים על גדות;
אין אחרים לא פרדס, לא שמם,
מזדקר כערער רק סימן שאלה.
עשן ספינה עראית אינו תר לו שביל.

פון זעקס שורות זענען אויף יידיש געוואָרן זיבן. מיר זעען, אַז דער „איבערזעצער" האָט זיך דערלויבט עטלעכע פרייהייטן. ער האָט, למשל, צוגעשטעלט אַ — לאָקערט, געפונען פאַר שביל אַן — אויסוועג און בכלל געקירעוועט מיט ווערטער און זיי איבערגעשטעלט. ס'איז דערפאַר פאַר פריילן אַ נייער אויסוועג, אָדער בלויז אַ שביל, און זאָל ער מצליח זיין, וואָס עס זאָל פאַר אים נישט ווערן.

1961

## ע. פערשלייסערס קריטישע עסייען

די צוויי און דרייסיק „קריטישע עסייען" וואָס שטעלן צוזאַמען ע. פערשלייסערס בוך, וואוינען אונטער איין דאַך־נאָמען — „אויף שרייבע־

רישע שליאַכן״. פּערשלייסער, אַליין אַ בעלעטריסט, זאָגט אונדז אין זיין אַריינפיר, אַז זיין „כוונה איז נישט געווען צו געבן לומדישע, פּאַרשערישע דיסערטאַציעס אָדער קולטור אָדער ליטעראַטור־היסטאָרישע שטודיעס, נאָר נאָכגיין, ווי איך דייט אָן אין נאָמען פון בוך — אין די שליאַכן פון שרייבער, אַריינדרינגען אין דעם שרייבערס מהות (דער מענטש און שרייבער ווי אַ גאַנצקייט) און בולט מאַכן דעם שרייבערס קינסטלערישן אויפטו און באַדייט אין דער ליטעראַטור — ווי איך זע עס״.

כ׳ווייס נישט, צי „לומדישע אָדער פּאַרשערישע דיסערטאַציעס״ ווילן נישט טאָן דאָס זעלביקע, ס׳הייסט „אַריינדרינגען אין דעם שריי־בערס מהות, דעם מענטש און שרייבער ווי אַ גאַנצקייט״, סיידן מען זאָל וועלן דרינגען, אַז פּערשלייסער האָט געוואָלט, מיט דעם אויסטייטש פון נאָמען פון זיין בוך, אָנווייזן, אַז מיט זיינע עסייען איז ער אויסן געווען עניוותדיק נאָכצוגיין דעם שרייבער און זיך נישט שטעלן העכער פון אים, ווי טייל פּראָפעסיאָנעלע קריטיקערס טוען עס געוויינלעך, וואָס דרשנדיק און פּאַרשנדיק, האַלטן זיי שבת אופן קריטיקירטן שרייבער און דעקן אים צו, מיטן מאַנטל פון זייער אייגענער גרויסקייט, אַז דעם שרייבערס דערגרייכונגען ווערן פּאַקטיש בטל, אַנטקעגן דעם אָנגעצויגענעם צוגאַנג פון קריטיקער.

נאָכגיין „אויף די שליאַכן״ דערמאָנט אַביסל אין דעם זאָג, אַז מען זאָל זיך שטויבן אין דעם שטויב פון חכמים, און פּערשלייסער האָט מיט זיינע אַריינפיר־ווערטער אונדז מסתמא געוואָלט זאָגן, אַז אַ סך קריטיקערס, נאָכגייענדיק דעם שרייבער, הויבן אַליין אויף אַזאַ שטויב, אַז עס פּאַר־שטויבט דעם שרייבערס ווערק און מען זעט עס צומאָל אינגאַנצן נישט אַרויס. מיינט עס פּשוט, אַז פּערשלייסער האָט זיך אין זיינע קריטישע עסייען געשטעלט באַשיידענע אויפגאַבן צו וויזן דעם שרייבער, ווי ער אַליין האָט אים געזען, נאָכדעם ווי ער איז אים שטיל און אומגאַוּוהדיק נאָכגעגאַנגען. אָבער דעם קריטיקערס געצייג איז נאָכאַלעמען — מבינות. די פֿראַגע איז, צי האָט דער שרייבער, וואָס שרייבט וועגן אַנדערע שרייבער — קינסטלערישע אַריענטאַציע און צי פּאַרמאָגט ער גענוג געשמאַק, אַז מען זאָל אים מעגן געטרויען אַרויסצוזאָגן עפּנטלעך מיינונ־גען וועגן יענעמס ווערק. דאָ האַנדלט זיך נישט אין דער פרייהייט צו זאָגן מיינונגען, וואָס איז אַבסאָלוט און אומבאַגרענעצט, נאָר ס׳גייט אין דער

ערלעכער מבינות און אין דער וועגווייזערישער פעאיקייט פון דעם קריטיקער. די פּראָבע איז, צי מעג מען דעם קריטיקער לייענען צוויי מאָל — איידער מען לייענט דעם קריטיקירטן שרייבערס ווערק און נאָכדעם ווי מען לייענט דעם שרייבער. מען מעג נאָך צוגעבן, צי קאָן מען דעם קריטיקער לייענען אַ דריט מאָל, כדי הנאה צו האָבן פון אים אַליין, פון זיינע אייגענע ראַנד־באַמערקונגען.

פּערשלייסער פאַרמאָגט געשמאַק און דער לייענער מעג זיך אויף אים פאַרלאָזן, אַז ער איז נישט אויסן געווען קיין אַנדערע זאַך ווי אַרויסצוברענגען די מעלות פון שרייבער און זייערע ווערק. מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז דאָס וואָרט געשמאַק איז אַ שפּיצלדיק וואָרט, ווייל אין פלוג דאַכט זיך אַז מען קאָן געשמאַק נישט דעפינירן, אַז ס׳איז גיכער אַן אינדיווידועלער אויפנעם און באַנעם פון ווערטן. אָבער ווי אינדיווידועל עס זאָל נישט זיין, זענען פאָרט דאָ אַבסאָלוטע מאָסן. ס׳איז נישט מיין עובדה דאָ צו שרייבן, ווי זאָגט פּערשלייסער, אַ „לומדישע און פאָרשערישע דיסערטאַציע" וועגן געשמאַק. דער באַגריף פון קינסטלערישן געשמאַק איז זיכער עפּעס אַנדערש ווי די פּראַזע אַ „געשמאַק־זאַך", וואָס גיט גלייך אַ היתר צו האָבן אַן אייגענעם נישט־אָפּגעפרעגטן געשמאַק, אַז מען טאָר זיך מיט דעם נישט קריגן. די פרייהייט פון אייגענער מבינות, ווי מיר ווייסן עס פון אַלע גוטע און וואוילע שפּריכווערטער אין פאַרשידענע לשונות — „דעל גוסטיבוס" — קאָן נישט אָנגעווענדט ווערן אויף קריטיק. אין קריטיק גייט עס אין אַ — קולטיווירטן געשמאַק, פון אַ מענטשן וואָס האָט געווייקט אין ביכער, מוזיק, מאָלעריי, אָדער טאַקע אין אַלע צוזאַמען און געשאַרפט זיינע חושים. אַזעלכן מעג מען גיכער געטרויען, ווי גלאַט אַ פרייען בירגער, וועמענס אייגענער געשמאַק איז נישט מער ווי אַ געשמאַק־זאַך.

פּערשלייסער פאַרמאָגט אַ קולטיווירטן געשמאַק און אַפילו מען זאָל מיט אים נישט תמיד מסכים זיין, נעמט מען אויף זיין מבינות ווי אַן ערנסטן פאַרזוך אַרויסצוזאָגן נישט גלאַט אַ מיינונג פון אַ באַזונדערן מענטשן, נאָר אַ מיינונג, וואָס זוכט די באַרעכטיקונג צו גילטן און מוציא זיין אַ קאָלעקטיוו. ווען עטלעכע טויזנט מענטשן הערן אַ קאָנצערט, וועט יעדער איינער הנאה האָבן אָדער נישט הנאה האָבן אויף זיין שטייגער, אָבער ס׳זענען פאָרט פאַראַן אויך אַבסאָלוטע ווערטן, וואָס מוזן זיין

גילטיק פאַרן גאַנצן עולם. דער דיריגענט אָדער ווירטואָז זוכט נישט צופרידנשטעלן יעדן באַזונדערן בילעט־קויפער, נאָר אים גייט אין שאַפן אַ קינסטלערישע אַטמאָספערע פאַר דעם גאַנצן עולם צוהערערס.

דאָס איז אייגנטלעך דער אויפגאַב פון קריטיקער, וואָס טאָר נישט זיין קיין מבין פאַר זיך, נאָר ער מוז אויך מוציא זיין אַ קאָלעקטיווע מבינות. די פראַגע איז, צי הערט מען אַרויס פון זיינע רייד די באַרעכטיקונג פאַר דעם צוטרוי, אַז ער רעדט טאַקע אין נאָמען פון אַן אַלגעמיינעם אַבסאָלוטן געשמאַק.

לייענענדיק פערשלייסערן האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער האָט אַ רעכט צו זאָגן מבינות וועגן ווערק און שרייבערס, אַז ער פראַוועט נישט קיין אינדיווידועלע כירורגישע עקספערימענטן אויף פרעמדע ווערק, נאָר ער זוכט אַרויסצוברענגען דאָס פּאָזיטיווע. אין זיינע קריטישע עסייען איז דער דאָמינירנדיקער טאָן — אַ חברישער, אַ וואַרעמער און אַפילו אַ דרך ארצדיקער. אָבער עס פירט נישט איבער ביי פערשלייסערן דעם ווערט פון זיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען. דאָס וואָס ער וויל זאָגט ער זייער גוט, אין די ראַמען פון דער וואַרעמקייט, וואָס מיט איר גייט ער צו צו עלטערע אָדער יינגערע שרייבערס. ער ווייסט אפילו וויאַזוי אָנצוואווייזן חסרונות, אַלץ אין די גרענעצן פון זיין אייגענעם וואַרעמען טאָן. ער שרייט נישט אָן און שרייט נישט אַריבער דעם שרייבער, וועגן וועמען ער שרייבט.

כ׳שרייב דאָ נישט קיין קריטיק אויף פערשלייסערס קריטיק; כ׳מיין דערמיט צו זאָגן, אַז כ׳נעם אים דאָ נישט קיין מאָס און כ׳אַנאַליזיר נישט זיינע באַזונדערע ליטעראַרישע מיינונגען. כ׳אַנאַליזיר אַפילו נישט זיין אייגענעם אופן פון אַרויסברענגען מיינונגען. בקיצור קאָן געזאָגט ווערן, אַז דאָס וואָס פערשלייסערן פעלט אין ברילייאַנץ, אין פינקלדיקייט, דערגיט ער אין דער התמדה, מיט וועלכער ער האָט געלייענט די שריי־בערס. ער איז אפשר אַליין נישט שטאַרק אָפּגעהיט מיט אַ וואָרט — ביי אים טרעפן מיר אַ סך גענעראַליזאַציעס און אינטעליגענטישע טערמינען, צעשויבערטע ציטונג־אויסדרוקן, אָבער זיי מינערן נישט דעם פולן ווערט פון זיינע עסייען און דעם איינדרוק, אַז אַ מענטש זוכט ערלעך אַרויסצו־ברענגען די ווערק פון אַנדערע שרייבערס. און דאָס איז נישט קיין קלייניקייט, ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז פערשלייסער איז אַ נאָווע־

ליסט, מיט אייגענע דערפאַלגן און דורכפאַלן, און מיט אייגענע באַזונ־דערע פּרעטענזיעס צו זיך און צו אַנדערע שרייבערס, וואָס האָבן אים אפשר נישט אַזוי ברייטהאַרציק אויפגענומען ווי ער נעמט אויף אַנדערע.

פון די דריי אָפּטיילונגען אין פערשלייסערס בוך עסייען איז מיר צום נאָענטסטן זיין לעצטע אָפּטיילונג — „דער יינגערער דור". דאָס וואָרט יינגערער דור דאַרף גענומען ווערן מיט אַ שטויבעלע זאַלץ, אָבער ביי די אומות העולם איז אויך אַזוי, אין אַ ליטעראַטור וואו ס׳לעבט אַ ראָבערט פראָסט, וואָס איז שוין ווייט פאַרפאָרן אין די אַכציקער, איז טי־עס עליאָט, וואָס איז ערשט געוואָרן זיבעציק יאָר אַלט, פון יינגערן דור. אין פּרט פון אַן עליאָט קאָן מען אויך געפינען, אין זיין „יונגשאַפט" פון יאָרן, אַ רמז אויף זיין יונגשאַפט פון שרייבן, פון זיין רעבעלישקייט, אַנטקעגן ראָבערט פראָסטס קיילעכדיקע עפּיגראַמאַטישע לידער. אַ העמינגוועי, וואָס איז שוין אַ זעכציקער איז אויך אַ יונגער לגבי טעאָדאָר דרייזערן, וואָס האָט זיך ערשט־דאָ אַרומגעדרייט אין דער ליטעראַטור, הגם העמינגוועי אַליין איז שוין אַלט 61 יאָר. אויך אין פאַל פון העמינגוועי מוז מען צוגעבן, אַז אין זיין שרייבן גופא איז געווען אַ יונגשאַפט, לגבי אַזאַ איינגעפונדעוועט געשטאַלט ווי אַ דרייזער.

מיר גלוסט זיך נישט ציען דעם פּאַראַלעל ווייטער און אים אויס־ציען אַזוי, אַז ס׳זאָל פּלאַצן, אין פאַרגלייך מיט אונדזער אייגענעם יונגן דור, זוכן מעטריקעס אָדער שעפערישע אַנדערשקייט און קינסטלערישע יונגשאַפט. וועל איך זיך באַנוגענען מיט פערשלייסערס אייגענער באַציי־כענונג, אַז מיטן יינגערן דור מיינט ער אַזעלכע שרייבערס. „וואָס זענען געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה; געשטעלט דאָ זייערע ערשטע טריט, דאָ געוואַקסן און באַקומען זייער שרייבעריש פּנים".

פון זיינע עסייען וועגן די יינגערע שרייבערס קאָן מען עפּעס לערנען, שוין דערפאַר, ווייל פערשלייסער האָט דאָ געטאָן אַ סך פּיאָנערישע אַרבעט. ער האָט נישט געהאַט אָדער געהאַט פאַר זיך ווייניק צוגעגרייטע, אָדער גרייטע מיינונגען. ער אַליין האָט געמוזט אויפּאַקערן דעם באָדן. ס׳איז תמיד אַ געוואַגטקייט צו זאָגן מיינונגען וועגן שרייבערס, וואָס וועגן זיי איז ווייניק אַרויסגעזאָגט געוואָרן. אין דער דאָזיקער „יונגער" אָפּטיילונג

ווייזט פּערשלייסער אַרויס זיין גאַנצע חברישקייט און ער בלאָנדזשעט אויך נישט אין פּרט פון אייגענער אויפריכטיקייט.

וועגן דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם שטאָלצענבערגן שרייבט פּערשלייסער מיט ליבשאַפט און אפילו מיט פּאַטאָס, אָבער צום סוף באַמערקט ער, אַז „זיין איינציק בוך לידער איז אַ בוך פון אַ פּריצייטיק פאַרשטאָרבענעם דיכטער, וועמען דער טויט האָט נישט דערלאָזט שרייבעריש רייף ווערן". ער לויבט שטאַרק שטיקערן און ער חזרט איבער, אַז „מען דאַרף שטיקערן לויבן און רימען", אָבער ער מאָנט אויך ביי אים „דעם דיכטער הינטער זיין ליד".

כ׳ברענג דאָס נישט ווי אַ באַשטעטיקונג אויף אָנערקענטע מיינונגען, נאָר צו ווייזן אַז פּערשלייסערס וואַרעמע עסייען וועגן יינגערע חברים זענען נישט גלאַט קיין חברישע טובהלעך.

ער לויבט — און מיט רעכט — טאַבאַטשניקס קריטישע אַרבעטן. ער ווייזט אָן, אַז אין זיינע שפּעטערדיקע אָפּהאַנדלונגען איז פאַראַן טאַבאַטשניקס איינגעבוירענער ענטוזיאַזם, אָבער „ווי ביי אַ רייפן מענטש, פאַרבייהאַלטן, איינגעהאַלטן, אַריינגעוועבט אין דעם מאַטעריאַל פון דער אַרבעט".

בעריש וויינשטיין, זאָגט אונדז פּערשלייסער, איז אַ „פּאָעט מיט אַ גרויסן קינסטלערישן אימפּעט... ער זוכט אַ וועג צו אַמעריקע... וויינשטיינען איז נישט באַשערט אַ לייכטער וועג".

פּערשלייסער לויבט איזבאַנס ליבע צו עקזאָטיק, אָבער ער ווייזט אָן, אַז זי צעשפּילט זיך אַזוי, „אַז ער האָט פאַרגעסן אין די שטריק וואָס מוזן תמיד דעם שרייבער בינדן צום נאָפּל פון דערווירקלעכקייט".

די אַלעביישפּילן וואָס זענען דאָ געבראַכט געוואָרן זענען אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס „אויף די שליאַכן" פון אייגענע חברים און פון זייערע ווערק האָט אים די ליבשאַפט און חברשאַפט נישט געשטערט צו האַלטן וואָג און מאָס. ס׳מעג זיין אַ מיינונג, וואָס טוט אפשר דעם חבר וויי, אָבער דער ווייטיק ווערט געזאַלבט מיט דעם קריטיקערס ווילן צו זיין ערלעך צו זיך און צום חברס ווערק. אַ סך מיינונגען אין זיינע עסייען דאַרפן שוין רעוווידירט ווערן, ווייל די שרייבערס, וואָס וועגן זיי האָט פּערשלייסער געשריבן, זענען נישט געשטאַנען אויף אָן אָרט, נאָר זיי זענען געגאַנגען פאָראויס. אָבער געגאַנגען פאָראויס זענען זיי אין די

„שליאַכן‟, וואָס פערשלייסער איז זיי נאָכגעגאַנגען. ער האָט קודם כל זיך דערגרונטעוועט צו זייערע תוכיקע מעלות און שפּעטער גערעדט וועגן די פעלערן וואָס ביי אמתע שרייבערס ווערן זיי אייגנטלעך אויך מעלות, אָדער זיי מוזן אָנגענומען ווערן ווי די נאַטירלעכע איינגעבוירענע באַגרע־נעצונגען, ווייל איינגעוואוינטע שטרויכלונגען ביי שרייבערס ווערן די חן־גריבעלעך פון זייערע דערקענטע פיזיאָנאָמיעס.

אַ סך לויב פאַרדינט פערשלייסער פאַר זיין עסיי — „לייענענדיק מיכל ליכטן‟, וואָס איז אַריין אין דער ערשטער אָפּטיילונג פון בוך. מיר איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט געלונגען צו קריגן אַ גלייכמאָסיקן צוגאַנג צו מיכל ליכטן, מיט וועמען מיר איז אויסגעקומען צו גיין חבריש צוזאַמען שיינע עטלעכע יאָר. ליכטן איז שווער איינצובייסן; ס׳איז אים זייער לייכט אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט און אינגאַנצן אויסלאַכן, אָבער ביים אויסלאַכער וועט תמיד מוזן בלייבן אַ פּריקרע געפיל, אַז ער האָט נישט נאָר מיכל ליכטן געטאָן אַ גרויסע עוולה, נאָר זיך אַליין האָט ער געטאָן אַ גרעסערע עוולה. פאַר מיר זענען מיכל ליכטס עקספּערימענטן דער פּראָדוקט פון טראַגישער עקשנות, מיטן אַקצענט אויףביידן, אָבער דער עיקר טאַקע אויף דער טראַגישקייט. די טראַגעדיע זיינע איז באַשטאַ־נען אין דעם פאַקט, וואָס ער האָט געשאַפן, אין אַ זעלבסט־פאַרשטיקטקייט, מיט פאַרמאַכטע פענצטער, אָן לופט פונדרויסן. איך האָב אים גוט געקענט, געקענט זיין ביטערע גאווה, זיין פאַרביטערטע אייגנליבע, זיין געראַנגל מיט אייגענע חסרונות און זיין באַציאונג צום מענטש, ווי ער וואָלט געווען נישט מער ווי אַ לאָגל פאַר ליטעראַטור. דערפאַר אפשר איז מיר ביזן היינטיקן טאָג נישט געלונגען צו קריגן דעם ערלעכן צוגאַנג צו זיינע ווערק, וואָס זענען בפירוש אַ טייל פון אונדזער באַרג־אַרויף־קלעטער אין דער ליטעראַטור.

פערשלייסער האָט אים נישט געקענט און דערפאַר איז אים יאָ געלונגען צו אַנאַליזירן מיכל ליכטס פאַרבליבענע ירושה.

„זיין עקסטרעמקייט, זיין נישט וועלן אָדער נישט קאָנען נעמען אויף זיך דעם עול פון אַ יידישן שרייבער, האָט אים געמוזט מאַכן פאַר אַ פּרוש אין דער יידישער ליטעראַטור און צוגענומען די כוחות צום וואַקסן‟.

ס׳איז ערלעך געזאָגט. פערשלייסער איז נישט קיין אויסלאַכער און אָפּלאַכער, פאַרקערט, ער דערקענט אין ליכטס דרך „אייגענע בלאָנדזשע־

נישן און זוכענישן". דערפאַר איז אים געלונגען אָנצושרייבן, לויט מיין מיינונג, די בעסטע אָפּהאַנדלונג וועגן מיכל ליכטס לידער און פּראָזע. פערשלייסער ברענגט ריכטיק אַרויס דעם „ויתרוצצו, צווישן דעם איידעלן פּאָעטישן געמיט... מיט דעם שפּעטערדיקן ביכערישן אינטעלעקטואַליזם פון ליכטן, דעם מאָדערניסט".

אַ סך אַזעלכע טרעפלעך־אַרויסגעזאָגטע, קערנדיקע מיינונגען קאָן מען געפינען אין פערשלייסערס ווערטפול בוך — „אויף שרייבערישע שליאַכן".

1959

## מרדכי שטריגלער

### א.

מיר געפעלט זייער שטאַרק מרדכי שטריגלערס אייגענע באַצייכענונג פאַר די עסייען, אין זיין בוך — „שמועסן מיט דער צייט", וואָס דער פאַרלאַג „קיום" אין בוענאָס איירעס האָט אַרויסגעגעבן. די שמועסן זענען צו־לאַנג פאַר עסייען, און אויך אין פאָרם וואַרפן זיי זיך נישט אָן אויף דעם לייענער, מיט דער ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט צו אַן אויסער־לעכער עלעגאַנץ. זיי רעדן גיכער צו דער אינערלעכער אַקוסטיק פון לייענער, וואָס נעמט זיי אויף, באַנעמט זיי און הערט זיי גלייכצייטיק מיטן חוש פון פאַרשטיין און ווערט דורכגעדרונגען מיט דער ערלעכער זוכערי־שער אומרו פון דעם יונגן פילזייטיקן קינסטלער. דער מחבר רופט זיינע שמועסן — „אינטימע קאַפּיטלען פון אַ יידישן חשבון" און ער איז גערעכט, ווייל זיי זענען אַן אינטימער, חצותדיקער דורכשמועס מיט זיך אַליין, אָבער אויך מיט אַן אָפענער טיר און אַ ליכטל צום דרויסן.

דאָס בוך „שמועסן מיט דער צייט" שטעלט מיט זיך נישט פאַר קיין הפסקה אין שטריגלערס רייכער שעפערישקייט. ווי אים דאַכט זיך און ווי ער זאָגט אונדז אין זיין הקדמה, אַז כל זמן ער קומט נישט אַרויס מיט זיין „אני־מאמין", איז אים „נישט מעגלעך אַרויסצוגעבן להבא קיין ווייטער־

דיקע ביכער פֿון ריין־ליטעראַרישן תּוכן״. דאָס בוך איז אָבער יאָ אַן אַרויספֿאָדער צו זיך אַליין, אַ מין קינסטלערישער זיך־אַנאַליז, אַ נענטערע באַקאַנטשאַפֿט מיט זיך, דעם ייִד און מענטש — אין אונדזער דור. פֿונדאַנען נעמט זיך די אינטימקייט פֿון די קאַפּיטלען, אָבער אויך די אינטענסיווקייט פֿון ווערלן אַנלאָדן דאָס קינסטלערישע וואָרט מיט דערגרייכונג און מעשׂים. פֿאַראַן אין בוך אַ סך פֿאַרטיפֿטע עניוות, אָבער אויך אַן אַ שיעור ווילן און עקשנותדיקער אָנזאָג, אַז שטריגלער מיינט בפּירוש אַ סך מער, ווי זיך צו באַגרענעצן מיט דער דימענסיע פֿון — ליטעראַטור. אין איינעם פֿון זיינע עסייען — „וויכּוח אין דער פֿינצטער״, זאָגט ער צו זיין עלטערן וויכּוח־חבֿר, אַז — „עס וואָלט נישט געווען קיין עוולה, ווען איך טראַכט־צו מיינע אייגענע מאָטיוון צו די אַלטע מנהגים און געזעצן״. דאָס איז אַן אַמביציעזער זאָג; און פֿון די אינטימע שמועסן מיט זיך אַליין זעען מיר זייער אָפֿט, אַז דער קינסטלער פֿאַרנעמט זיך און פֿאַרמעסט זיך צו געבן אַלטע מנהגים און אפֿילו געזעצן נייע טייטשן אין דעם ברייטסטן רעליגיעז־רעוויזיאָניסטישן זין. די נייַע שמועסן זענען ערשטע, פֿאָרזיכטיקע דערוועגונגען, אַן אַרויסשיק פֿון וואָרט, און אַן אָפּוואַרטן צו זען וויאַזוי דער עכאָ וועט אָפּענטפֿערן.

אַז שטריגלער איז שטאַרק פֿאַראינטערעסירט אין דעם עכאָ, דערוויסן מיר זיך, שוין פֿון זיין הקדמה. ער איז זיכער, זאָגט ער אונדז, אַז עס זענען דאָ „אַ צאָל יידן מיט די זעלביקע טראַכטענישן״. אָן דער דאָזיקער האָפֿענונג וואָלט אפֿשר כּדאַי געווען צו פֿאַרברענען די דאָזיקע כּתבֿים — „איידער זיי זאָלן אומזיסט און אומנישט זען די ליכטיקע שיין״. אַ קינסטלער וואָס באַנוגנט זיך בלויז מיט „מחשבֿה־שפּיל״, און נישט מיט דעם ווילן „אַרויסצורופֿן ביי אַ צאָל יידן דעם דראַנג צו געוויסע מעשׂים״, ווי דער מחבר דערקלערט, זאָרגט נישט וועגן דעם אומזיסט־אומנישט פֿון זיין וואָרט, אויב ס׳האָט נאָר פֿאַר זיך אַליין אַ קינסטלערישן האַפֿט און באַרעכטיקונג. אָבער מרדכי שטריגלער האָט דערשפּירט, אַז אויב אונדזער צייט קאָן נישט גורם זיין אַ גרויסן ממשותדיקן איבערברוך, וואָס זאָל דעם גאַנג פֿון געשיכטע באַלייכטן מיט אַ מאָראַליש ליכט, קאָן, חלילה, אונדזער גרויסע אויפֿריכטונג אַריינפֿאַלן אין אַפּאַטיע און הינערפֿלעט.

די נייַן קאַפּיטלען, אָדער שמועסן, זענען דורגעדרונגען מיט הויכער עטיק, אויפֿריכטיקער מענטשנליבע און מיט לוי יצחקשער זכות־זוכעניש

און זכות־געפינעניש פאַר אַלע צעקריגטע און קריגערישע סתירות אין אונדזער יידיש לעבן. דאָס גיט דעם ערשטן און לענגסטן שמועס אין בוך — „דאָס היסטאָרישע יידנטום ערב אַ נייעם נוסח", דעם פונדאַמענט און די באַרעכטיקונג פאַר אַ נייעם צוגאַנג צו אַל־יידישקייט, וואָס זאָל נישט אַרויסלאָזן קיין איין שעפערישן ניואַנס, קיין איין קווינט צוטראָג, קיין איין אידעאָלאָגישן קנייטש פון אונדזער גרויסן דורותדיקן אַנזאַמבל. שטריגלער פרישט־אויף די שוין באַנאַליזירטע ווערטער — קיום און המשך, וואָס האָבן זיך שוין געקרישלט אין מויל פון אַלט־געבאַקנקייט.

שטריגלערן געלינגט בכלל צו געבן בטחונדיקע טייטשן אויף אַ סך פאַרצווייפלונגען פון אונדזער צייט. אין זיין לעצטן עסיי „אני מאמין... במדינת ישראל", גיט ער אַ לייכט־אויף מיט אַזאַ העכערן פירוש, רעדנדיק וועגן דער פיינטשאַפט מצד די אַראַבער:

„עס קאָן זיין, אַז דאָס נישט דערגרייכן דעם שלום שוין איצט, איז היסטאָריש גאָר פאַר אונדזער טובה וועגן. עס איז מעגלעך, אַז ביים איצטיקן צושטאַנד — פון זיין מוראדיקן געמיש פון צענדליקער שבטים און עדות — וואָלט אַ נאָרמאַלער קאָנטאַקט מיט אונדזערע צאָלרייכע שכנים אונדז מער שאַדן געברענגט ווי געהאָלפן".

דער פּראָצעס פון קיבוץ גלויות, פון אייגענער, אינערלעכער אויס־שמעלצונג, וואָלט גאָר אפשר שטאַרק געשטערט געוואָרן דורך אַן אויסער־לעכער, פרעמדער פריינטשאַפט־פאַרפלייצונג. נישט נאָר לייגט זיך עס אויפן שכל, נאָר ס'איז אַן אויפבליץ אין דער פינצטערניש. אַ סך אַזעלכע ליכטיקע זאַצן און זייטלעך זענען פאַראַן אין אַלע שמועסן, וואָס ווייזן, אַז נישט נאָר איז די שרייבערישע האַנט געווען אינספּירירט, נאָר אויך די לאָגיק, וואָס האָט געפירט די שרייבערישע האַנט, דער העכערער שכל, וואָס איז דער סימן מובהק פון עכטער קונסט.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם ליכט, וואָס באַשיינט די שמועסן, און אויף דעם דראַנג צו וועגווייזערישקייט און איבערשאַץ פון יידישע און מענטשלעכע ווערטן, איז פאַר מיר דאָס בוך „שמועסן מיט דער צייט" אַ טיף טראַגיש בוך, דווקא דערפאַר, ווייל דער קינסטלער — און די שמועסן זענען קינסטלערישע דערגרייכונגען — שטעלט אַזויפיל אויף דער ממשותדיקערווירקלעכקייט פון די אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען, וואָס זענען ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק אַרומגעצאַמט מיט פאָרם און זיי

פאַרמאָגן דווקא דעם העכערן שפּיל, וואָס פאַרוואַנדלט די שמועסן פריער פון אַלץ אין אַ ריין־קינסטלערישן צוטראָג צו אונדזער ליטעראַרישן אוצר.

דאָ, אין שטריגלערס בוך, דווקא דערפאַר, ווייל די צייט האָט אַרויס־געריסן אַזעלכע לאַנג־אָטעמדיקע און גרויסצוגיקע יידישע שמועסן מיט זיך, אַזעלכע פרעגענישן און אָפּפרעגענישן, און אַזעלכע פאַרזוכן אויף לייזונגען, קומט בולט צום אויסדרוק די טראַגעדיע פון קינסטלער, וואָס וויל בייטשן דאָס וואָרט און עס אַרויסלאָזן אין גאַס אַריין מיט אַ קול־קורא. קיינער איז אַזוי נישט באַרעכטיקט צו גלויבן, אַז דאָס וואָרט מוז, אין אונדזער דור, אַרויסגעראַטעוועט ווערן פון מאָראַלישן באַנקראָט — און דערמיט איז אפשר אויך געמיינט די וואָרט־אַפּאַטיע און וואָרט־היס־טעריע פון פאַרגאַנגענעם דור — ווי דער אָפּגעראַטעוועטער מרדכי שטריגלער, וואָס מעג דאָך וועלן, אַז אויך מיר, די פּאַסיוו־אָפּגעראַטעוועטע, זאָלן יסורימדיק עפּעס אָפּשפּאָרן פון קאַלך־אויוון פון ביטערע געשעע־נישן. אָבער וואָס מער שעפער, וואָס מער קינסטלער, אַלץ מער ווערט דאָס וואָרט געשלאָגן אי מיט אַן אייגענעם כישוף, אי מיט אַן אייגענער באַגרענעצטקייט. ס'איז פּאָלג מיך אַ גאַנג, אַריבערצושרייען די פלינק־צונגיקע פירערשאַפט, וואָס שעפּט ווערטער פון אַן אַנדער קוואַל און ווייסט תמיד וויאַזוי אַרומצורינגלען דעם קינסטלער מיט פאַרטויבנדיקער לויב, אַז מען זאָל דאָס אמתע וואָרט נישט הערן. דער קינסטלער איז נאָך אַלץ צוגעשמידט צו זיך און צו קינסטלערישע כללים בעת דער פון זיך געזאַלבטער פירער פליט הין און צוריק און ווערט דער פלינקער שליח פון די לייכטסטע און גרינגסטע גערעדטע זאַצן, וואָס זענען אויסגערעכנט אויף דעם עפעקט פון מאָמענט.

אַוודאי זוכט פאַר אונדז מרדכי שטריגלער דעם חשבון פאַר דעם היסטאָרישן ייד, וואָס דאַרף זען די וועלט מיט היסטאָרישע אויגן. ער זוכט, ווי ער זאָגט, אַ צוזאַמענשטעל פון אַ „ספר הווערטן”, אָבער ער זוכט עס אַלץ מיט — שרייבעריש־קינסטלערישע מאָסן, בעת די פּראַקטישע זייט פון דער זוכעניש קאָן לייכט פּלאַגיאַאירט ווערן און פאַרוואַסערט ווערן, דורך פאַרשידענע הין־און־קריק פליענדיקע שליחים, פאַר וועמען מעשים מיינען — פּאַפּירענע פּראָיעקטן.

איז דערפאַר פאַר מיר שטריגלערס בוך קודם כל אַ קינסטלערישער דאָקומענט פון אונדזער צייט, איין אָריגינעלן שרייבערס ערנסטער

שמועס מיט זיך, אויפן באַזיס פון אַ גרויסער צענטראַלער אידעע, וואָס שטריגלער האָט אויסגעדריקט אין זיין עסיי „אַ דערשראָקענער נביא אַנטלויפט פאַר גאָט". דאָס איז קודם כל אַ טיף דראַמאַטיש ווערק, געבויט לויט אַלע כללים פון דראַמע. אַלע העלדן זענען געוועקט: דער אַנטלויפנ־דיקער נביא יונה, גאָט, וואָס גיט דעם נביא די שטראָף־מיסיע, די פאַר־זאָניפיצירטע זינד־שטאָט נינוה, די געצנדינערס, וואָס האָבן רחמנות אויף דעם נביא. שטריגלער שאַפט־איבער און אָטעמט אַריין זיין קינסטלערישן אויסטייטש אין דער גוואַלדיקער דראַמע, וואָס איז נאָך אפשר טיפער און דראַמאַטישער פון ספר איוב. יונה ווערט נישט געשלאָגן מיט יסורים פון לייב, נאָר מיט גייסטיקע יסורים — פאַרוואָס ווערט ער אויסדער־ווײלט צו זיין דער אָנזאָגער פון שטראָף און חורבן און פאַרוואָס דאַרף ער בלייבן דער שטראָפער און גאָט דער בעל רחמים? פאַר שטריגלערן איז יונה געוואָרן דער סימבאָל פון אונדזער היינטצייטיקן צו־זיך־אַנטלויפנדיקן קינסטלער, וואָס באַהאַלט זיך אויס פון אַ גרויסער שליחות, וואָס דרימלט אויף אַן אונטערגייענדיקער שיף.

„שמועסן מיט דער צייט" איז אַ דורכאויס קינסטלעריש בוך. אין עטלעכע שמועסן נעמט שטריגלער דירעקט אויף זיינע חשבונות מיטן וואָרט. אין זיין שמועס „שומרים פאַר ווערטער" זוכט ער די לעבעדיקע וואָרצלען פאַר ווערטער, די דעקונג. מען דאַוונט נישט קיין קונסט, נאָר עכטקייט, זאָגט אונדז שטריגלער, אָבער די פראַגע איז וויאַזוי דערגרייכט מען די דאָזיקע שותפות, די יהודה הלוידיקע העכערע פשטות, וואָס זאָל טראָגן דער פונדאַמענטאַלער קינסטלערישקייט זיך דאָך אַריינדאַווענען אין יידישן געמיט; צי איז אונדזער צייט בכלל מסוגל פאַר דאַוונערישער קונסט?

מיט זיין „וויכוח אין דער פינצטער" זוכט שטריגלער אויך דעם קינסטלערישן צוגאַנג צו דער יידישער אמונה. ווי עכטע קונסט זעט אויך שטריגלער עכטע יידישקייט ווי — „אַן אייביק נייע אימפּראָוויזאַציע אויף אַלטע טעמעס". וואָס טוט דען דער קינסטלער, ער שטעלט איבער און שטעלט צוזאַמען און איבערראַשט תמיד אי זיך אַליין, אי אַנדערע.

דער זעלביקער געדאַנק ווערט אויסגעדריקט נאָך קלאָרער אין דעם שמועס־אַנאַליז — „אַן וויזיע". דער ייד איז דער וועלט־קינסטלער, וואָס זוכט די איבערראַשנדיקע אינספּיראַציע. דער אויפגאַב פון היינטצייטיקן

קינסטלער איז אויפצוריכטן און רעהאַביליטירן די פאַרלאָשענע וויזיע. בכלל זענען איבערן גאַנצן בוך צעוואָרפן אָנווייזונגען פאַר זיך אַליין, שרייבערישע וועג־ריכטונגען, וואָס זאָלן כסדר און תמיד זיין אין קאַמף מיט וואָרט־אויסגעהוילטקייט. די מיסיע און די חשיבות פון אמתן שרייבער געפינט שטריגלער אין דעם טיף־פסיכאָלאָגישן עסיי „ביימער אין דער מדבר״. דער פאַרביטערטער עולם־הזהדיקער דערגרייכונג שטעלט ער אַנטקעגן דעם זעטיקן הונגער פון אמתן קינסטלער פון וואָרט, וואָס געפינט גלויבן אין זיינע אָרעמע דלת אמות, וואו דער שעפער האָט כוח צו ווערן זיין אייגענער בוים און „זיך זעצן אונטער דעם אייגענעם שאָטן״.

די שמועסן זענען געשריבן אין פאַרשידענע צייטן, אין משך פון אַ יאָרצענדליק, אָבער זיי שמועסן זיך דורך איינער מיטן אַנדערן, זיי מאַכן גאַנץ דאָס בוך. די ניין שמועסן אָדער קאַפּיטלען שטעלן צונויף אַ בנין. אָבער אחוץ דער גאַנצקייט קומט צום אויסדרוק שטריגלערס קענטשאַפט צו נוצן אַלערליי קינסטלערישע פאָרמען, אויפן ריכטיקן אָרט. נאָר דער עיקר פאַרמאָגט ער אַליין די גרויסע מעלה, וואָס ער פאָדערט — און מיט רעכט — פון אַנדערע: דעם קינסטלערישן סורפּריז, די אַנדערשקייט וואָס טראָגט דעם חותם פון ערשט־געבוירן און די נישט־געפעלשטע חתימה פון שרייבער, וואָס האָט עס דורכגעזונגען דורכן אייגענעם געמיט.

פאַראַן שמועסן וואָס זענען פּאָעמעס, ווי דער שוין דערמאָנטער — „אַ דערשראָקענער נביא אַנטלויפט פון גאָט״. פאַראַן אַ מיניאַטור פאַנטאַס־טיש־היסטאָרישער ראָמאַן, ווי „דוד הראובני אין מאָסקווע״; גאָלדע מאיר, דיעגאָ פּירעס, שלמה מולכו, גיבן זיך די הענט דורך אַ בריק פון יידישער איבערצייטלעכקייט, יעקב מאַנטינאָ רעדט אין נאָמען פון אַלע צייטלעכע „דזשוּדאַאיסטן״, אָבער ער רעדט מיט מער חשיבות ווי היינטיקע בוגדים, ווייל דער מחבר פאַרלירט קיינמאָל נישט דעם פאָדעם פון אינערלעכער דראַמאַטישער באַרעכטיקונג פאַר אַלערליי מעשים. אגב, פוןביידע דער־מאַנטע שמועסן קאָן מען, אין אויסגעשטעלטע שורות, קריגן פּאָעטישע פראַגמענטן, וואָס זאָלן ווייזן אויף דער אָנגעגליטער אינספּיראַציע בעתן שרייבן. „ביימער אין דער מדבר״ איז אַ פּרעכטיקע, מאָדערנע דערציילונג. דער כמעט־שרייבער קריגט זיין חלק עולם הבא אויף דער וועלט, אָבער ער איז נישט צופרידן. „יידישע תשובה״ איז פאַרטיפטע נאַציאָנאַלע פילאָ־

זאָפיע, ליריש געשריבן. יעדער יצור מוז טאָן תשובה פאַר זיך. דער באַקוועמער קאָלעקטיוו, הינטער וועמענס קאַפּאָטע ס׳באַהאַלט זיך דער היינטצייטיקער באַוועגונג־מענטש און דער ראַבּי, באַפרייט נישט דעם יחיד פון פּערזענלעכן איבערברוך און תשובה. אפילו דער רבונו של עולם איז נישט פּטור פון אָפּגעבן דין וחשבון פאַר געטלעכע טעותים. „שומרים פאַר ווערטער״ איז אַ סאַטירישע אוטאָפּיע, אַ סופער־וויגילאַנטישע מאַכט, וואָס רעווידירט און היט דאָס וואָרט, אונטערזוכט זיין דעקונג און צווינגט אַרויף זעלבסט־דיסציפּלין און זעלבסט־צענזור, אַ דיסטילאַציע פון ווער־טער וואָס זענען פאַרטויבשטומט געוואָרן, אין זייער אייגענעם איבער־געשריי.

כ׳האָב דערמאָנט אַלע ניין שמועסן, אָבער כ׳האַלט, אַז ס׳איז נישט איבעריק צו געבן קלענערע געדאַנקלעכע בליציקע מוסטערן פון באַזונ־דערע קאַפּיטלען.

„מהאי טעמא האָב איך געקאָנט מאַכן אַ ברכה איבערן געוועזר פון וואַרשעווער געטאָ — און דאָך באַגייסטערט ווערן פאַר יענע דורות, וואָס האָבן געזען דעם יידישן תיקון אין אַ וועלט אָן געוועזר״ („דאָס היסטאָרישע יידנטום ערב אַ נייעם נוסח״, ז׳ 21).

„ווייל דער ישראל־בירגער לעבט שוין אין דער ציל־פאַרווירקלעכט־קייט, פילט ער שאַרפער דעם מאַנגל אין אידעע ווי דער ייד, וואָס קאָן זיך נאָך מאַכן אילוזיעס, אַז דער ציל אַליין וועט אויסהיילן אַלע אינערלעכע ווייטיקן. דער סך־הכל מוז בלייבן דער זעלבער: צונויפשליסן די יידישע ווערטן, סיי פאַר דער ציל־דערגרייכטער און סיי פאַר די ציל פאַרבענקטע״. (דער זעלביקער שמועס, ז׳ 52).

„אויב דו ווילסט איז יידישקייט בכלל אַן אייביק־נייע אימפּראָוויזאַציע אויף אַלטע מאָטיוון („וויכוח אין דער פינצטער״, ז׳ 82).

„...אַז זיין איינגעהילטקייט אינעם טלית איז אַן אַקט פון צווישן־וועלטיקער גרויסקייט — און גרויסקייט קאָן גאָר אַנדערש נישט מיינען ווי אַליין אַרומנעמענדיקע געוועכטיקייט״ („יידישע תשובה״, ז׳ 112).

„דיין פּחד איז אַן אייביקער, רייכער אַריסטאָקראַט פון וועגעדיק! דו מוזט אַלעמאָל שטיין קעגן מיר און נישט מיט מיר״ („דוד הראובני אין מאָסקווע״, ז׳ 155).

„אַפילו די העכסטע און אמתע נביאים קענען אויף בלויזער חורבן־

לוסט קיין ליכטיקע וועלט נישט באַשאַפן" („אַ דערשראָקענער נביא אַנט־לויפט פאַר גאָט", ז' 188).

„אָט זיץ איך גאַנצע שעהן איבער אַ בלעטל פון די פריערדיקע, ביז איך בין תופס דעם רעיון... ביז איך גלויב זיך אַריין. מיר דאַכט זיך, אַז אַפילו אין אַ מיליאָן דורות וועט מען זיך נישט דערשלאָגן ביזן דנאָ פון די אַלטע ווערטער" („שומרים פאַר ווערטער", ז' 191).

„דו האָסט דער ערשטער אַריינגעבלאָזן אין מיר דעם טרויער מיט דיין לידל, וואָס האָסט ערגעץ געגומען אויף באַרג. אַ סך יאָרן שפּעטער איז עס מיר קאַפּויער געקומען מיט צער און יסורים, אָבער ס'האָט גע־לוינט. ווי איז אונדז אָן יענעם טרויער" („ביימער אין דער מדבר, ז' 223).

„דאָס יידישע זיין איז בכן געוואָרן אַן אייביקע דראַמע; אַן אייביקער געראַנגל צווישן די געציילטע מינוטן פון איבערראַשטן זען און לאַנגע יאָרן פון פאַרבאָרגענעם פנים" („אָן וויזיע", ז' 229).

„איך אַליין געהער צו די וואָס מאַכן כסדר פאָרוואורפן דער יידישער וועלט, פאַרוואָס זי האָט אַזוי שנעל פאַרגעסן אינעם חורבן. נאָר טיילמאָל דוכט זיך מיר אויס, אַז אויך דאָס איז אַ טייל פונעם יידישן נס; ווער ווייסט, אויב מיר וואָלטן נאָך געקאָנט אָנגיין מיטן ווייטערדיקן לעבן און לגמרי נישט דעמאָראַליזירט ווערן גייסטיק, ווען אָט דער כוח השכחה זאָל אונדז נישט געווען באַוועלטיקן" („אני מאמין... במדינת ישראל", ז' 243).

דאָס זענען פליענדיקע ציטאַטן אַרויסגעריסן פון טעקסט. כ'האָב געקאָנט, און אפשר געדאַרפט, ציטירן אַ סך מער, כדי איבערצוגעבן די פּאַנאָראַמע פון שעפערישן טראַכטן און דעם ספּעציפישן ריטם פון באַפּלי־גלטער מחשבה, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר מרדכי שטריגלערן, פון ערשטן מאָמענט ווען ער האָט זיך באַוויזן אין דער יידישער ליטעראַטור. מיר איז געגאַנגען אין אָנווייזן, אַז דאָס בוך — „שמועסן מיט דער צייט" איז לחלוטין נישט קיין הפסקה אין שטריגלערס ביכער־שפע פון „ריין־ליטעראַרישן תוכן", ווייל די עסייען זענען בפירוש אַ געזעצלעכער טייל פון שטריגלערס געבענטשטער שעפערישקייט, אויף אַלע געביטן; און אַז אים געלינגט אַפילו אַריינצובלאָזן אַ נייעם באַלעבנדיקן אָטעם אין דער פּובליציסטיק פון אונדזער צייט. דער אָטעם איז דורכאויס אַ בעלעטריס־טישער, פול מיט בילדלעכקייט, צוזאַמענזינג פון שורות און אַ שלאָגנדיקן פולס פון אַן אייגנאַרטיקער בליציקער איבערראַשנדיקייט.

כ׳האָב אויך געוואָלט אַוועקנעמען די סכנה פון מחברס שטעלן די גאַנצע וואָג און דעם גאַנצן טראָפּ אויף ווירקעוודיקער מעשׂימדיקייט. אמת, אין די שמועסן איז פאַראַן אַ שלל מיט געדאַנקען, וואָס הלוואי נע־מען זיי זיך אָן, ווירקן און באַווירקן, און הלוואי גייען זיי אַרויס אויך פון גדר פון ליטעראַטור און בוך און ווערן נאַציאָנאַלער כלי־זיין. אָבער דער טראַגישער דראַנג צו פאַרוואַנדלען קינסטלערישע ווערטער אין ממשות־דיקע ווערטן איז כאַראַקטעריסטיש פאַר הויכער ליטעראַטור פון אַלע צייטן. אוודאי האָט זיך עפּעס דערפון ביסלעכווייז אָנגענומען, אָבער געבליבן זענען מייסטנס ספרים און וויכטיקע ביכער.

געבענטשט זאָל דערפאַר זיין דער ווילן אַרויסצורופן „ביי אַ צאָל יידן דעם דראַנג צו געוויסע מעשׂים״, אָבער אויב אַפילו דאָס וועט נישט גע־שען, איז מרדכי שטריגלערס „שמועסן מיט דער צייט״ סיווי אַ בוך, וואָס איז אַ צושטייער צו דער קלענערער און אָפּגעשפּאַרטער צאָל ביכער, וואָס, ווי שטריגלער דריקט זיך אויס, קומען פונעם „באַהאַלטענעם חלום״, און מאָנען אָן אָרט אין דער יידישער אייביקייט.

1959

## ב.

איצטער, אַז מיר האָבן פאַר זיך מרדכי שטריגלערס צווייטן באַנד געזאַמלטע עסייען, דערשינען אין פאַרלאַג „קיום״, וואָס דער מחבר רופט „אינטימע קאַפּיטלען פון אַ יידישן חשבון״, קריגן מיר אַ ברייטערן אַריינ־בליק אין דער געדאַנקען־וועלט פון דעם יונגן יידישן דענקער, וועמענס שאַפונג־אימפּעט, אין דער ברייט און אין דער טיף, ווייזט וויפל וואַריאַציעס מען קאָן אַרויסשלאָגן פון דער טעמע — ייד, וויפל פרישקייט ס׳ליגט נאָך אין דער איינציקער טעמע, וויפל באַנייאונג ס׳וואַרט אויף יעדן איינעם, וואָס וויל און קאָן מיטשפּאַנען מיט דעם מחבר, דורך זיינע אינטימע קאַפּיטלען.

דער יידישער חשבון, וואָס מרדכי שטריגלער פירט דורך פאַרמאָגט

אין זיך אַ סך איבערראַשונג דערפֿאַר, ווייל ס׳רעדט דער יונגער ייד פֿון אונדזער דור. מען הערט אַ באַזונדער און אייגנאַרטיק קול, וואָס מען האָט שוין לאַנג נישט געהערט אין דער מחשבה־ליטעראַטור אונדזערער. דאָס יידישע פֿאָלק איז אַ פּראָדוקט נישט נאָר פֿון געשיכטע, נאָר פֿון געשיכטע־מאַכערס און גרויסע אידעאָלאָגן. מאָדערנער ציוניזם איז אַ רעזולטאַט פֿון אַ בראָשורע. דער פּשוטער ייד האָט אפֿשר נישט געמעגט וויסן, אָבער אויף זיינע פּלייצעס איז געלעגן דער עול פֿון אויסגעפֿורעמטע דרייצן עיקרים. דער ייד פֿון אונדזער צייט איז אַ פּועל יוצא פֿון קאָנקרעטיזירטע מחשבות, פֿון ספֿרים און ביכער און פֿון גרויסע אויסטייטשערס פֿון געשעענישן; טרייסטערס און שטראָפֿערס, וועקערס און טראַכטערס.

עס איז אַזוי מיט אַלע פֿעלקער, אָבער אַלע פֿעלקער פֿאַרלאָזן זיך געוויינלעך מער אויף זייערע רעגירונגען, אַז זיי זאָלן פֿאַר זיי אויסקעמפֿן זייער פּלאַץ אונטער דער זון, אָבער יידן זענען תמיד רעגירט געוואָרן דורך געדאַנקען. די גרויסע עפּאָכע אין דער יידישער געשיכטע זענען אָדער געדאַנקען־קריזיסן, אָדער געדאַנקען־טריומפֿן.

אָבער אין אונדזער צייט איז זיך דאָס יידישע לעבן צוזאַמענגעפֿאַלן מיט דעם גרעסטן געדאַנקען־קריזיס אין דער וועלט. דער גרויסער אָפּנאַרער — דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט — האָט פּשוט אַ תל געמאַכט פֿון אַ סך אויפֿגעבויטע אידעען־שלעסער. דווקא אין דער צייט איז דעם יידישן לעבן באַשערט געווען דער טריומף פֿון ווידעראויפֿריכטונג און אַנטשטייאונג און אַפֿילו צו הערן די טריט פֿון דערלייזונג.

ס׳איז דערפֿאַר אַן איבערגאַנג־עפּאָכע, נאָך אַ גרויסן און שווידערלעכן אונטערגאַנג. ס׳איז אַ צייט ווען דער געדאַנק לאָזט זיך גרינג איינשלעפֿערן און אָננעמען אימפּולסיווע געשעענישן, ווי נאַציאָנאַלע אונטערהאַלטונג, וואָס דאַרף ווערן איר אייגענע באַפֿרידיקונג. ס׳איז אַן עפּאָכע נישט פֿון צייט, נאָר פֿון צייטווייליקייט, ווען די שפּאַנונג איז שטאַרק, אָבער דער געדאַנק איז פֿאַרדרימלט.

מרדכי שטריגלערס — „שמועסן מיט דער צייט״ איז בוכשטעבלעך אַ דיאַלאָג מיט דער יידישער צייט, וואָס איז אונדז געוואָרן ממש אונטער די הענט און וואָס מען מוז זיך אויף איר גוט אומקוקן, אויב מיר ווילן נישט, אַז די צייט זאָל אונדז אַלעמען פֿאַרבייגיין און אונדז נישט שענקען קיין באַמערקלעכן בליק. מיר וואָלטן שוין געווען — געוועזענע און נישט

קיין לעבעדיקער אַריינבוי־מאַטעריאַל, אין דער צוקונפט פון אונדזער פאָלק. מרדכי שטריגלער האָט דעם כוח צו שטעלן פראַגעס מיט זעלטענעם מוט און ער האָט נאָך מער מוט צו געבן אויף זיי ענטפערס, וואָס זענען ממש אַריינגעבויט אין די קשיות פון אונדזער צייט. שטריגלער פאַרמאָגט אַן אַנאַליטישן מוח און ווילן צו גיין מיט די געשטעלטע פראַגעס דעם גאַנצן וועג, ווי ווייט די פראַגע לאָזט און צווינגט צו פירן. ער גיט זיך נישט אונטער, ער שטייט נישט אָפּ פון די געשטעלטע פראַגעס אויפן מיטן וועג, ווי שווער און געשטרויכלט דער וועג זאָל נישט זיין.

דאָס אַליין איז אַ זעלטנהייט אין דער מאָדערנער יידישער עסייאיסטיק וואָס לאָזט זיך אַריינכישופן אין קליינע אומוועגן און באַנוגנט זיך מיט פאָרם. שטריגלער האָט נישט קיין מורא פאַר דעם עול פון דורכטראַכטן אַ געדאַנק ביז צו די סאַמע אָפּגרונטן, שעפּנדיק פון אים פיל חיונה וויפל דער געדאַנק איז בכוח צו געבן. שטריגלער איז נישט קיין פאַר־טראַכטער טראַכטער, נאָר אַ קאָנסטרוקטיווער און זעעוודיקער, וואָס זוכט אַ וועג אַרויס, נאָכדעם ווי ער בלאָנדזשעט גוט אַריין אין געדאַנק, אין אַלע דימענסיעס. ערשט ווען ער איז אין דער פולער געדיכטעניש פון זיין אויס־שעפּלעכן אַנאַליז, דערזעט מען, אַז ס׳איז נישט געווען קיין ספּאָרט, קיין יאַגד אויף אַ געדאַנק, נאָר אַן אמתע עקספּעדיציע, וואָס זוכט עפּעס ממשותדיקס אין אונדזער באַנייטן יידישן לעבן.

און דער וואָס וויל נישט צוגעבן, אַז אונדזער לעבן איז היסטאָריש באַנייט געוואָרן און אַז דערפאַר טאַקע זענען מיר מחויב זיך אַרנייצו־טראַכטן אין דער באַנייאונג, כדי זי זאָל אונדז נישט צעמורשטשן טיפע געירשנטע ווערטן, דער זעט נישט די גרויסע וויזיע פון אַ באַשערטער עפּאָכע, ווען דער דור המדבר לעבט מיטן דור פון דער צוקונפט; און דאָס איז דאָס גרעסטע גליק, וואָס אונדזער דור המדבר איז נישט קיין פאַר־בענקטער נאָך פליישׂ־טעפּ, נאָר איז נאָך אַ געדענקער פון ווערטן, וואָס אויב דער נייער דור וועט זיי נישט איבערנעמען, וועט אין דער יידישער געשיכטע פאָרקומען אַ טיפער און טראַגישער שניט.

אין די זיבן עסייען פון „אינטימע קאַפּיטלען פון אַ יידישן חשבון" פאַרנעמט זיך מ. שטריגלער דער עיקר מיט דעם פּראָבלעם פון דעם ייד, וואָס איז מחויב אַריינצוּוואַקסן אין דער נייער צייט, ווי אַ טראַכטנדיקער ייד און נישט בלויז ווי אַ פּאַסיווער אויפנעמער אָדער הנאהניק פון לויפנדיקע

געשעענישן. יעדע עסיי פאַרמאָגט אַ צענטראַלע טעמע און זי רינגלט זיך אַריין אין דער אַלגעמיינער טעמע פון ייִד אין אונדזער צייט. אָבער די צענטראַלקייט פון אַ טעמע איז שטריגלערן נישט מחייב אַרויפצולייגן אַ צוואַנג אויף זיינע מחשבות. ער שפּאַנט זיי נישט איין אין אַ צוים, פאַרקערט, ער אַנטפּלעקט זיינע געדאַנקען און ער לאָזט זיי פריי זיך באַוועגן איבער דער טעמע. ער איז זיכער, אַז נאָכדעם ווי זיי וועלן זיך דורכשפּאַצירן אין דער לענג און אין דער ברייט, כאַפּן אַ גוטן בליק אין דער טיף און אַרויף צו דער הויך, וועלן זיי צוריקקומען צו דער צענטראַלקייט פון דער טעמע און עפּעס ברענגען פון וועג.

די ערשטע עסיי הייסט „טראַגעדיעס און זכותים פון דער יידישער ליטעראַטור". מרדכי שטריגלער פּטרט נישט אָפּ די טעמע מיט עטלעכע זייטלעך, גראָד דערפאַר ווייל ער שפּירט אַזוי טיף אי די טראַגעדיע, אי די זכותים, האָט ער געהאַט געגוג אָטעם פאַר אַ תוכיקן צעשמועס אויף וואָסערע זיבעציק זייטן. ס'איז אַ לענג, וואָס גיט אָפּ כבוד דער טעמע, ווי שטריגלער פּאַסט זי אויף.

די דאָזיקע עסיי איז אַ וואונדער־געביי פון גאָר אַ סך שטאַנדפּונקטן. זי איז געדאַנקען־רייך, עמאָציע־רייך און פול מיט בליציקע און געדענקלעכע זאַצן. אָבער די גרעסטע מעלה פון דער עסיי איז וואָס דער קינסטלער־עסייאיסט האָט זי דווקא געוואָלט בויען סכנהדיק. ער שאַפט כלומרשט אַ ברוגז, אַ קידער־ווידער צווישן דער טראַגעדיע און די זכותים. ס'דאַכט זיך, אַז אָט־אָט נייגט זיך דער שרייבער צו דער טראַגעדיע און זיינע שטראָף־רייד אויפן חשבון פון אונדזער ליטעראַטור ווערן האַרבער. מיט־אַמאָל ווערט ער דער מליץ יושר פאַר דער יידישער ליטעראַטור און ער באַזינגט אירע מעלות, ווי זייער ווייניק יידיש־ליבהאָבערס האָבן עס באַוויזן צו טאָן. צום סוף בעט דער שרייבער איבער די ביידע העלפטן פון זיין טעמע און ס'ווערט דערפון אַ גאַנצקייט. ער דערגייט צו „רעאַקטואַליזאַציע" פון דער יידישער ליטעראַטור, נאָך אַ גרויסער און וואַרעמער קריגעריי מיט איר.

אין דער עסיי וועגן דער יידישער ליטעראַטור איז שוין דאָ אַן אַדערויף אויף דער צווייטער עסיי וועגן כנעניזם. אַלע זיינע עסייען זענען פאַקטיש געקייטלט. אומעטום זענען דאָ רמזים אויף ווייטערדיקע

שמועסן. דער דיאַלאָג מיט דער צייט ווערט פאָרגעזעצט אין דער אינטע־רעסאַנטער עסיי „רחמיאל דער ערשטער". שטריגלער האָט געפונען דעם כנעניזם אין אברהם מאַפּוס משכּיליש ווערק „עיט צבוע". ווידער איז דער עסיי געשליפן אויף אַלע פּאַצעטן. ס'איז געזעלשאַפטלעכע קריטיק, שאַרפער מוסר אויפן חשבון פון דער נייער יוגנט און אַ חוץ אַלעמען אַ פּרעכטיקער אַנאַליז פון אַ ווילד משכּיליש ווערק, וואָס ווערט איבערצייגנדיק אַראָפּגעשליידערט פון אויבנאָן אין דער נייער העברעאישער פּראָזע.

אין אַנדערע הענט וואָלט די דריטע עסיי וועגן פאַלשן משיחיזים, ווי שטריגלער רופט „די מאַסע און דער פאַלשער משיח", געקאָנט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ דורכבלעטער פון היסטאָרישן מאַטעריאַל. אָבער ביי שטריגלערן ווערט עס אויך אַ דורכשמועס מיט דער צייט און אַ געוואַגטער דורכשמועס. עס ווייזט, אַז אויך מיר האָבן צוגעשטעלט און אויסגעקנאָטן דיקטאַטאָרן און ליידנשאַפטלעך געשטיצט פּערזאָנען־קולט. די שבתי צבי באַוועגונג און די שפּעטערדיקע ביליקערע פּאַ־ראָדיע — די פראַנקיסטישע, זענען אייגנטלעך געווען, וואָס מיר רופן היינט — פּערזאָנען־קולט, וואָס די יידישע מאַסע האָט אַרויסגעפאָדערט און אויסגעגאָסן ווי אַ גאָלדענעם עגל. פאַראַן אין דער עסיי, די לענגסטע אין בוך, וואָס האַלט כמעט הונדערט זייטן, גענוג אַקטועלע וואָרנונגען. שטריגלער ווייזט אָן צוריקוועגס אויף אונדזער געשיכטע, אַז דער דיקטאַטאָרישער מאַסן־שגעון האָט אויך אונדזער שוועל נישט אויס־געמיטן.

אין דער פערטער עסיי — „צווישן נעכטן און מאָרגן" ווערט טיף אַנאַליטיש אַרויסגעבראַכט דער שיידוועג צווישן דעם ייד און די תפוצות און דעם ייד אין דער מדינה. שטריגלער כאַפּט אָן דעם שיידוועג ביי דער לאַץ און ער וויל אים גיבן צו פאַרשטיין, נישט נאָר דעם תענוג פון דער יידישער מדינה, נאָר די גרויסע עולן, וואָס זענען אָפטמאָל שווער צו טראָגן און אַפילו צו פאַרטראָגן. דער שיידוועג ייד קאָן זיך פאַרגינען דאָס בשותפותדיקע געדענקען. נישט נאָר קאָן ער זיך פאַר־גינען, נאָר דער נאַציאָנאַלער זכרון האָט עס געפאָדערט. אין דער מדינה מוז מען אַמאָל זיך אָנטאָן אַ כוח און דווקא פאַרגעסן. שטריגלער קומט אָבער צום אויספיר, אַז דווקא דערפאַר איז נויטיק ביי יידן דער

באַלאַנסירטער צווייטער פליגל, אַ מין אויבערקאָנטראָל, וואָס זאָל נישט לאָזן פאַרגעסן דעם גרויסן געדענק־אוצר.

דערפון איז בלויז אַ קאָצנשפּרונג צו דער פינפטער עסיי — „אַ פּאָלק מיט אַ פראַגע־צייכן". שטריגלער הויבט אָן מיט אָפּפרעגן די גאַנצע דעבאַטע — ווער איז אַ ייד. אָבער ער דערהויבט זיך צו אַן עפּאָס פאַר דעם נייעם ייד, דעם חיוב פון מעשים־טובים; אַ ייד טאָר נישט פאַרכאַפּט ווערן פון פיזישן כוח, ער מוז האָבן בטחון אָבער נישט קיין פוסטן בטחון, וואָס איז צו גאָרנישט מחיב. אין דער עסיי הערט מען שאַרפע שטראָף־רייד, אַריינגעגלעט אין שכלדיקע זאַצן.

די זיבעטע עסיי — איך היפּער איבער לעת עתה מיט אַ כיוון די זעקסטע, וואָס צו איר וועל איך זיך גלייך צוריקקערן — איז אַן אָריגי־נעלע אַפילו אין אונדזער מיט וואונדער פאַרשווידערטער חורבן־ליטע־ראַטור. די עסיי הייסט — „ווער זענען זיי געווען". דאָס איז אַ פּאָעמע פון טרייסט פאַר דעם יונגן קרבן פון דייטשער ברוטאַליטעט. שטריגלער שילדערט עטלעכע מייסטער־סאַדיסטן, וואָס האָבן אים געפּייניקט מיט די ערגסטע עינויים, אָבער גראָד די, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דער ווילדסטער דערפינדערישקייט פון בעסטיאַליטעט, האָבן אים געראַטעוועט און געהאָלפן, ווען עס איז שוין געווען כלו כל הקיצין. שטריגלער פרעגט — ווער זענען זיי געווען און ער שטעלט די פראַגע נאָך שילדערונגען, וואָס פאַרגליווערן דאָס בלוט, ווייל זיי קומען פון יאָמערטאָל — און ער דערלאָזט דעם געדאַנק, אַז דאָס זענען געווען דייטשן, אָפּשטאַמיקע פון יידן, וואָס האָבן מיט זייער סאַדיזם געוואָלט פאַרשרייען דעם ייד — און זענען דאָך באַזיגט געוואָרן פון דעם ייד אין זיך. דאָס איז אַ געוואַגטע טעאָריע, וואָס עפנט אַ וועג צו סכנהדיקע אויספירן, אָבער זי קומט, ווי געזאָגט, פון יענע בלוטיקע טיפענישן, אַז מיר מוזן זי אויסהערן מיט פורכט אין האַרצן.

כ'האָב די זעקסטע עסיי איבערגעלאָזט אויפן סוף. די עסיי — „ר' ישראל סאַלאַנטער שרייבט אַ בריוו", שילדערט אַ מאָמענט אין לעבן פון גרויסן מסורניק, ווען ער קומט זיך משתדל זיין אין פּעטער־בורג, ביי אַ גענעראַל, אַ משומד, זיינער אַן אַמאָליקער תלמיד, וועמען ר' ישראל האָט כמעט ווי אונטערגעפירט צום שמד, שטעלנדיק צופיל אויף זיך.

אָט די עסיי אַנטהאַלט דעם סוד פון מרדכי שטריגלערס אָריגי־נעלער עסייאיסטיק. די עסיי האַלט אַ פּופּציק זייטן און כאָטש שטריגלער אליין רופט עס באַשיידן — בעלעטריזירטע עסיי, איז עס אין דער אמתן אַ קינסטלערישע נאָוועלע, אַ מייסטער־ווערק פון כאַראַקטער־שילדערונג, קינסטלערישער פּאַרטיפונג און דערהויבונג. ר׳ ישראל סאַלאַנטער ווערט דערפירט צו גרויס עצבות, אָבער מיטאַמאָל גיט ער זיך אַ דערהויב צו אַזאַ הויך, אַז די געשטאַלט פון ישראל ליפּקין ווערט דער סימבאָל פון טראַגישן ייד פון אַלע דורות.

אָט מיט דעם אָטעם פון שעפערישער קינסטלערישקייט שרייבט מרדכי שטריגלער זיינע עסייען. דערפאַר שניידן זיי זיך איין אין זכרון, ווייל שטריגלערס מחשבות זענען שעפערישע און דער עסענץ פון תרי״ג׳יק יידישקייט. „ר׳ ישראל סאַלאַנטער שרייבט אַ בריוו״ איז אַן אייגנאַרטיק ווערק אין דער יידישער בעלעטריסטיק און איז דער שליסל צו שטריגלערס אייגענעם דרך אין אונדזער ליטעראַטור.

1962

# אינהאַלט

## א


| | זייט |
|---|---|
| דריי לירישע דערמאָנונגען צום בר־מצווה פון מדינת־ישראל | 9 |
| פון בעש״ט ביז ד״ר הערצלען און — וויטער | 16 |
| משיחס בריק | 25 |
| מרדכי יפהס ירושה („ארץ ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור״) | 32 |
| יעקב פאַטס „שמועסן מיט שרייבער אין ישראל״ | 39 |
| רחל — צו איר דרייסיקסטן יאָרצייט | 46 |
| יוסף פאַפּיערניקאָווס לידער | 53 |
| אברהם לעווס חלוצים־לידער | 62 |
| אַ יידישע דיכטערין אין מדינת ישראל | 69 |
| יעקב פרידמאַנס לידער | 76 |
| „די פונקען פון תיקון״ | 82 |
| דערציילונגען פון א. מ. פוקס | 90 |
| ש. וואַרזאַגערס ראָמאַן „ברויט״ | 99 |
| וואַרשעווער ישראל־לידער | 105 |
| לעווין קיפּניס „אונטערן טייטלבוים״ | 112 |
| אַ קריגער איז אויפגעשטאַנען | 119 |
| שלמה שנהודס יידישע לידער | 126 |
| רחל פישמאַן | 133 |


## ב


| | |
|---|---|
| דאָס איז געווען נוסח אַשכנז | 141 |
| „געקליבענע לידער״ פון יעקב גלאַטשטיין | 148 |
| קלאָג־לידער פון טערעזין־לאַגער | 155 |
| „טאָגבוך פון ווילנער געטאָ״ | 165 |
| „נאָך דער באַפרייאונג״ | 172 |
| דער שליח־ציבור פון אומגעבראַכטע יידישע קינדער | 178 |
| דער פאָעטישער דענקמאָל | 184 |

משה בראָדערזאָנס שריפטן . . . . . . . . . . 190
דער „קייסער" אין געטאָ . . . . . . . . . . 193
די געמיינע קשיה . . . . . . . . . . 200


## ג

יידיש לשון — יידישע חכמה — יידישער תיקון . . . . . . 207
אַ קליין קאַפּיטל . . . . . . . . . . 212
דעם 90־טן יובל פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע געווידמעט 218
שיילאָק — פּאַר אַ נאָווינע . . . . . . . . . 224
עקזיסטענציאַליזם און — דער ייד . . . . . . . . 229
שרייבערישע בריוו . . . . . . . . . . 236
פּרוכט־נאָסטאַלגיע . . . . . . . . . . 243


## ד

די ערשטע שורה . . . . . . . . . . 249
לייענער און פּאָעט . . . . . . . . . . 253
מיטן מנין יידישע פּאָעטן . . . . . . . . . 256
וועגן פּאָעזיע אין אַ נאָווינע . . . . . . . . 262
מבינות . . . . . . . . . . 266
העברעאישער סטיל ? . . . . . . . . . 271
אַ געפונענער פּיוט . . . . . . . . . . 273
אַ לאַטייניש ליד וועגן אייכמאַנען . . . . . . . 277
סאָוועטיש היימלאַנד . . . . . . . . . 283
לאָמיר אַלע אינאיינעם . . . . . . . . . 293
אומשטערבלעכקייט און פּאָווילאַנען . . . . . . . 301
ערנעסט העמינגוועי . . . . . . . . . . 308
הענרי מילער . . . . . . . . . . 312
שוין ווידער טוינבי . . . . . . . . . . 315
משה שולשטיינס לידער . . . . . . . . . 318
מאָריס ראָזענפעלד . . . . . . . . . 329
עטאַפּן אין צוגאַנג צו מאָריס ראָזענפעלד . . . . . . 360


## ה

יידישער אָרטאָגראַפישער וועגווייזער . . . . . . . 366
„שאַצקי־בוך" . . . . . . . . . . 372
אַ מענטש — אַ בוך . . . . . . . . . . 375

רודאָלף ראָקערס עסייען . . . . . . . . . . . . . 379
אַ בוך וועגן יידן און קאָמוניזם . . . . . . . . . . 387
מאָריס שוואַרץ . . . . . . . . . . . . . . 392
אברהם מאָרעוווסקיס זכרונות . . . . . . . . . . . 399
אַ פּאָעטישער גרוס פון פוילן . . . . . . . . . . . 405
סאַלאָמאָן קאַהאַנס פאַרצייכענונגען . . . . . . . . . 413
מנשה האַלפּערינס זקונים־לידער . . . . . . . . . . 418
אַ שרייבערס שטרויכלונגען . . . . . . . . . . . 426
קריטיק און מאָראַל . . . . . . . . . . . . . 432
מוזיק און בטלנות . . . . . . . . . . . . . . 436
אַסימילאַציע און עפּעס ערגערס . . . . . . . . . . 438
קאַטעגאָריעס — מענטש . . . . . . . . . . . . 443
יואל ענטינס געזאַמלטע שריפטן . . . . . . . . . . 446
ב. ריווקינס רעדנעריש־שרייבערישער סטיל . . . . . . . 452
יוסף ראָלניקס בוך . . . . . . . . . . . . . 459
ש. ניגערס קריטיק איבער קריטיקערס . . . . . . . . . 466
אַרום אַשס אַ דערציילונג . . . . . . . . . . . 472
ש. ניגערס עסייען וועגן שלום אַשן . . . . . . . . . 479
„אידיש געלט" . . . . . . . . . . . . . . 485
אפרים אויערבאַך . . . . . . . . . . . . . 491
יוסף רובינשטיינס „מגילת רוסלאַנד" . . . . . . . . 499
„בלעטערפאַל" פון מאיר זימל טקאַטש . . . . . . . . 504
יעקב סטאָדאָלסקי . . . . . . . . . . . . . 511
אַ טייערע ירושה . . . . . . . . . . . . . . 517
ישראל עמיאָטס לידער . . . . . . . . . . . . 523
„די עגונה" פון חיים גראַדע . . . . . . . . . . 530
נ. י. גאָטליבס ניי בוך לידער . . . . . . . . . . 537
גבריאל פרייל . . . . . . . . . . . . . . 545
ע. פערשלייסערס קריטישע עסייען . . . . . . . . . 548
מרדכי שטריגלער . . . . . . . . . . . . . 555

## אין פאַרלאַג י. ל. פרץ זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיקע ביכער:

### אין יידיש

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (2 בענד) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קבוץ־לעבן) |
| מלך נוי (ניישטאַדט) | דאָס ערשטע און דאָס צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| יצחק לעוו | אין געראַנגל — געקליבענע שריפטן |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פּאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פּרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף פּאַקאַרנע (2 בענד) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דראָזדאָוו | אחד העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם |
| י. צ. שאַרגעל | פון ווייַ און גלויבן |
| ד. זאַקאַליק | געראַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מרדכי אורן | דער פּראַגער אַרעסטאַנט דערציילט (2 בענד) |
| א. שטיינבאַרג | משלים |
| יחיאל האָפער | ר' זלמן |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |

| | |
|---|---|
| ב. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואַרזאַגער | ברויט (ראָמאַן) |
| ב. ווײנשטײן | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |
| אברהם ליס | היים און דויער |
| ד״ר חיים שאָשקעס | מיט יידן צווישן אינדיאַנער, נעגער און אַראַבער |
| מ. ווײסמאַן | אַ האַלבער יאָרהונדערט אין אַמעריקע |
| פ. גאָרעליק | פון די מלינער וועלטן |
| י. בראָנשטײן | אינאײנעם און באַזונדער |
| פּ. בערמאַן | אָפענע פענצטער |
| א. וואָלף יאַסני | די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג |
| א. שמרי | די פונקען פון תיקון |
| א. סוצקעווער | אָאַזיס |
| אירגון יוצאי באָרשטשיוו | ספר באָרשטשיוו |
| א. מנור | 40 יאָר הסתדרות |
| א. לעוו | ביימער אין ווינט |
| יעקב כהן | דער גורל פונעם ייד |
| ל. אָליצקי | מיין האַרץ־רייזע |
| ג. דרוזדוב | די יידן אין איטאַליע |
| ספר זרבבל | צו זיין 75־סטן געבוירנטאָג |
| ק. צעטניק | דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ |
| דבורה דיין | אין גליק און אין טרויער |
| ד״ר מ. דוואָרזשעצקי | אייראָפּע אָן קינדער |
| מלכה לי | אין ליכט פון דורות (לידער) |
| מ. יפה | ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | די זון הינטער מיר |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע (2 בענד) |
| י. גאַר | ווידערקלאַנגען |
| ב. עפּשטײן | זאַנגען אויפן ווינט |
| ש. פּאָלאַקעוויטש | אין אַ פרעמדער הויט |
| יעקב כהן | אונטער סאָוויעטישע הימלען |
| יוסף ראָטנבערג | (צו זיין ערשטער יאָרצייט) |
| מרים ריינעס־מלצר | צום קוואַל |
| ד״ר חיים שאָשקעס | פון מאָסקווע ביז עבר־הירדן |

| | |
|---|---|
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 1) |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 2) |
| ע. פּערשלייסער | געקליבענע דערציילונגען |
| ה. אַקערמאַן | כ׳בין קיינמאָל נישט אַוועק פון דער היים |
| י. שטיינבערג | אַפאָריזמען און גלייכווערטער |
| אירגון נכי המלחמה בנאצים | אַנטקעגן דעם נאַציזם שונא |
| אירגון יוצאי סטרי | ספר סטרי (יידיש, העברעיש, ענגליש) |
| אסתר לוריא | פּרוּוען אין קונסטשאַפט (אַלבאַם) |
| ב. שלעווין | חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן |
| איציק מאַנגער | ליד, באַלאַדע, דערציילונג (יידיש־העברעיש) |
| רחל קאָרן | פון יענער זייט ליד |
| רחל פישמאַן | זון איבער אַלץ |
| מ. ז. טקאַטש | מיין האָב און גאָב (לידער) |
| ש. זאַראַמב | אויסדערוויילטע שריפטן |
| נוסיאַ־איניאַ שיפּמאַן | „דאָס לעבן נאָך פאַר מיר״... |
| מ. י. שעלובסקי | אין יאָרן אַרום |
| ל. חיין־שמעוני | גאַנג |
| ק. מאָלאָדאָווסקי | לידער פון חורבן — ת״ש־תש״ה, אַנטאָלאָגיע |
| ל. פּאַפּיערניקאָוו | די משפּחה יעלניק |
| י. שטיינבערג | חכמה פון יידישן קוואַל |
| יהושע אַלקאָן | דראַמאַטישע ווערק |
| ל. קוסמאַן | דער לאַמפּ ברענט (לידער) |
| ה. יונג | העכער די וואָלקנס |
| ב. מייזיל | צוויקבליקן און פּערספּעקטיוון |
| ק. שבתאי | ווי שאָף צו דער שחיטה? |
| ל. כאַנוקאָוו | קריזיס (ראָמאַן) |
| נחמן ראַפּפּ | אַ קרוג מיט ווין (לידער) |

## בעברית

| | |
|---|---|
| **יוסף ראָזען** | כתבים נבחרים |
| **אפרים שרייער** | אמנות ותיאטרון |
| **י. לעשצינסקי** | הדמות הלאומית של יהדות הגולה |
| **יעקב פאַט** | שיחות עם סופרים יהודיים |
| **מ. בערלאַנד** | 300 שעות בגיטו הדועך |
| **יהושע גלבוע** | על חרבות התרבות היהודית בברית המועצות |
| **י. זרבבל** | עלי חיים |
| **נ. חנין** | ברלה |
| **א. אלמי** | בין סיני לאולימפוס |
| **אפרים אויערבאַך** | קריה לבנה — ווייסע שטאָט (עברית־יידיש) |
| **מ. בורשטין** | פת ומלח |
| **ר. קוויאַטקאָווסקי־פנחסיק** | נשים מאחורי הגדר |
| **נחמיה לוינסקי** | בצל הגועים |
| **ד. פלקסר** | האידיאה והאמת |
| **מול האויב הנאצי** | זכרונות ועדויות (יידיש־עברית) |
| **פ. בילצקי** | השיר והמשורר (א. סוצקבר) |
| **איציק מנגר** | שיר, בלדה, סיפור |
| **א. ירושלמי** | מיערות הצפון עד חורשות הכרמל |
| **דב סדן** | אבני מפתן |
| **י. פריליך** | מצדה ורומי |
| **י. שטינברג** | ממעין החכמה של עם ישראל |
| **א. מנור** | פרופ׳ אריה טרטקובר |